אינסטיטוט פאַר פאָרשן די יידישע
אַרבעטער־באַוועגונג אויפן נאָמען
**ד״ר עמנואל רינגעלבלום**
תל־אביב — פועלי־ציון־זאַמלביכער

אונטער דער רעדאַקציע פון
ז. אַבראַמאָוויטש
ז רבבל
י. פעטערזייל
י. ראָזען

פועלי-ציון-זאַמלביכער

# פון בריטישן מאַנדאַט
## ביז דער
# "ידישער מדינה"

באַנד איינס

רעדאַקציע, איבערזעצונגען און איבערזיכטן:

יעקב פעטערזייל און יוסף ראָזען

פאָרוואָרט: חיים פינקעלשטיין

טעכנישע רעדאַקציע: שמחה סנה




בוענאָס איירעס 1954

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון דער פאַרטיי

„לאחדות-העבודה — פועלי-ציון" — אין די פ. שטאַטן און קאַנאַדע

Copyright by
"UNDZER VORT"
CORRIENTES 4136
BUENOS AIRES
—::—
INSTITUTO RINGUELBLUM
Rejov Brener 14, Tel-Aviv
ISRAEL

# FUN BRITISHN MANDAT BIZ DER IDISHER MEDINE

## (DESDE EL MANDATO BRITANICO HASTA EL ESTADO JUDIO)

Redacción y traducciones:

**Iacov Peterseil** y **Yosef Rosen**

Prólogo: **Jaime Finkelstein**

Redacción técnica: **Simje Sneh**

**BUENOS AIRES — 1954**

די חברים:

יעקב אורבאַך
יצחק בענעק
ישעיה גראָדזשיצקי
יונה האַמבורג
חיים טשאַלקאָף
משה סאָלמעצקי

**חיים פאָגאָדע**

אברהם פייפערמאַן
יצחק ציוואַן
יודל קאָרנבליט

האָבן דערמעגלעכט
דאָס דערשיינען
פון דעם דאָזיקן באַנד.

# צום ליכטיקן אָנדענק
## פון יוסף ראָזען און יצחק לעוו

ווען מיר האָבן געהאַלטן בײם שליסן דאָס דאָזיקע בוך, זענען אָנגעקומען, אײנע נאָך די אַנדערע, די איוב־בשורות פון ישראל, וועגן טויט פון אונדזערע טײערע, אומפאַרגעסלעכע חברים, יוסף ראָזען און יצחק לעוו. היות בײדנס אַרבעטן געפינען זיך אין אָט דעם בוך, היות דאָס דאָזיקע בוך איז אויך אַ שטיק פון זײער גלאָרײכן לעבן און אומדערמידלעכן קאַמף, היות יוסף ראָזען איז געווען אײנער פון די רעדאַקטאָרן פון אָט דעם בוך, האָבן מיר געפונען פאַר נײטיק אײנצושליסן די צווײ טרויער־רעדעס, בכדי אַזוי אַרום צו באַערן זײער הײליקן אָנדענק.

די רעדאַקציע.

מ. ערעם

# יוסף ראָזען

יוסף! ווי קען איך דיך מספיד זיין, אַז דו שטייסט אַ לעבעדיקער פאַר מיינע אויגן? ווי קען איך גלויבן אַז אָט די אויגן, וואָס האָבן געשטראַלט מיט אַזויפיל חכמה, ליידנשאַפט און חברישקייט האָבן זיך געשלאָסן אויף אייביק? ווי קען מען צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אָט דאָס פלאַמיקע האַרץ, וואָס האָט כסדר זשעדנע איינגעזאַפּט אין זיך יעדן ווייַ און שמערץ און האָט רעאַגירט אַזוי פילבאַר אויף יעדער עוולה, פעלער און פאַלשקייט איז פאַרשטומט געוואָרן? און איך האָב דאָך אַזוי גוט געקענט דיין האַרץ, ווי דאָס האָט פּולסירט און אָפּגערופן זיך מיט אַזאַ שפּאַנונג אויף יעדער דערשיינונג אין אונדזער לעבן! און ווער קען שלום מאַכן מיט דעם אומגלויבלעכן אומגליק, אַז אָט דער קלאָרער און שאַרפזיניקער מוח פונקציאָנירט נישט מער? וויפל גלאַנץ האָט עס פאַרמאָגט דיין געדאַנק! ווער פון אונדז האָט ער נישט געגאָסן, געשעפּט און געשפּייזט זיך פון אַ שמועס מיט דיר, פון דיסקוטירן מיט דיר, פון דיין ווונדערלעכער פעיִקייט פאַנאַנדערצוּוויקלען יעדן געדאַנק און אַרויסברענגען אים ביז צו דורכזיכטיקער קלאָרקייט? עס איז נישט דורך אַ וואָך, יוסף, אַז מיר זאָלן זיך נישט טרעפן און ווען איך פלעג קומען פון כנסת, פון אַ זיצונג, פון אַ פאַרזאַמלונג, האָב איך געוווסט, אַז עס דערוואַרט מיך אַן אָפּפרישונג, אַ גייסטיקער געַנוס: אַ צונויפטרעף מיט דיר. ווי קען איך ביי זיך פועלן, אַז אָט דער קוואַל, וואָס האָט אַזוי געשטראַלט, איז פאַרחתמעט געוואָרן? איך רעד וועגן דיר, הגם איך וויל גאָר רעדן צו דיר. איך ווייס, ווי דו האָסט פיינט געהאַט תכלית שנאה כבוד־זוכעריי, אָבער דאָס האָט דיר נישט געהאָלפן, וואָס מער דו ביסט אַנטלאָפן פון כבוד, אַלץ מער האָט ער דיך נאָכגעיאָגט און דעריאָגט, ווייל ווער עס איז נאָר געקומען אין באַרירונג מיט דיר האָט גלייך זיך דורכגענומען מיט טיפסטער אַכטונג צו דיין פערזענלעכקייט. אָן אונטערשייד: פריינט, חבר צי קעגנער. דו האָסט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין רעקלאַמע, אָבער, ווידער, דער פרסום האָט זיך נאָך דיר געיאָגט. ווייל יעדער אויפטריט דיינער, שריפטלעך, צי מינדלעך, האָט באַקומען אַ שם און דיין באַשיידנקייט האָט דיך נישט געקענט אַרויסראַטעווען פון דעם ברייטסטן

אָפּקלאַנג. דו האָסט קיינמאָל זיך נישט באַדאַרפֿט געבן די קלענסטע מי צו־
ציִען צו זיך. דיין צויבער איז געווען פּונקט אַזוי נאַטירלעך ווי דיין פּשטות,
ווי די שלמות פֿון דיין האַרץ און מח.

אַ פֿאַרביסענער קעגנער פֿון דאָגמאַטישקייט און דאָקטרינגערישקייט, פֿון
פֿאַרגליווערטער פֿרומקייט, ביסטו אָבער געווען, בנוגע צו זיך, אַזוי גראָד־
ליניק, קפּדנותדיק שטרענג, ווו נאָר עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מאָראַל און
אמת. דיין ריינקייט האָט נישט פֿאַרטראָגן קיין מינדסטן מאָראַלישן פֿלעק און
יעדער אויסקרום, אָפּגאַנג פֿון אמת האָט דיך אויפֿגעציטערט און געטריבן צו
פּעסימיסטישע אויספֿירן. פֿלעגסט זיך ראַנגלען מיט מיר, דעם „אָפּטימיסט",
הגם גראָד די אומפּשרותדיקער אידעִישער געראַנגל איז געווען די גרעסטע
טרייבקראַפֿט פֿאַר דעם אָפּטימיסטישן גלויבן, אַז דאָס ליכט וועט פֿאַרטרייבן
די שאָטנס. יעדע דיסקוסיע מיט דיר — און מיר האָבן אַ סך דיסקוטירט —
האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט די איבערצייגונג און בטחון אין דעם כּוח פֿון
אמת — פֿון אונדזער אמת, פֿאַר וועלכן דו האָסט געקעמפֿט מיט אַזאַ אימפּעט
און ברען, ביז דו האָסט זיך פֿאַרברענט. און אָט ביסטו נישטאָ און פֿאַר מיר
איז געקומען אַ שוואַרצער טאָג אין מיין לעבן. איך ווייס, ווי דאָס קען קלינ־
גען, בשעת מען דערמאָנט זיך, וואָס מיר אַלע האָבן דורכגעלעבט פֿאַר דער
צייט: הינטער אונדז — אומצאָליקע קברים פֿון אונדזער געפּייניקט פֿאָלק,
אַרום אונדז אין לאַנד, זענען פֿאַרזייט די מצבֿות פֿון אונדזערע בעסטע, טייער־
סטע און טרייסטע זין און טעכטער, געפֿאַלן אין באַפֿרייונגס־קאַמף. נייִן,
איך בין נישט פֿוגע זייער אָנדענק, וואָס איז אויסגעהאַקט טיף אין האַרצן.
אָבער מיר האָבן צוזאַמען געאָטעמט און איצטער ווען דו האָסט זיך אָפּגעריסן
פֿאַרפֿעלט מיר אָטעם.

און מיט וואָס זאָל איך טרייסטן פֿעליאַן און דודן, אַז איך קען זיך נישט
טרייסטן? די צייט וועט אפֿשר פֿאַרציִען די אָפֿענע ווונד, אָבער דו וועסט
שטענדיק בלייבן אין האַרצן ביי אונדז אַלעמען. מיר וועלן שטענדיק טיילן
מיט דיר די פֿרייד פֿאַר יעדער שאַפֿונג, אויפֿקום און אויפֿשטייג, אַזוי ווי דו
פֿלעגסט זיך אָנצינדן און צעשטראַלן פֿון יעדער דערגרייכונג, — דו, דער
מכלומרשטער „פּעסימיסט", וועלכער האָט אַזוי טיף געליבט דאָס פֿאָלק און
דאָס לאַנד און אַזוי טיף געגלויבט אין זייער לעבנס־קראַפֿט. יוסף, אָט שטייען
מיר דאָ אַלע און באַגלייטן דיך צו דיין לעצטער רו — חברים, פֿריינט און
תּלמידים. יעדער פֿון אונדז וועט זיין גאַנץ לעבן טראָגן ביי זיך די פֿונקען פֿון
דיין צעגליטן האַרץ.

„ניַיוועלט", תּל־אבֿיבֿ, 14טער מאַי, 1954.

חיים פינקעלשטיין

# יצחק לעוו שוין אויך נישטאָ

ווי איוב־בשורות זענען אָנגעקומען איין ידיעה נאָך דער צווייטער. אָט מעלדעט מען פון תל־אביב, אַז פּלוצים, אומדערוואַרט איז געשטאָרבן יוסף ראָזען. און פּונקט צו די אַכט טעג, אין דער זעלבער שעה כמעט, קומט אָן אַ צווייטע טעלעגראַמע, וואָס מעלדעט, אַז יצחק לעוו איז שוין אויך נישטאָ.

און ווי אומגלייבלעך, פּיינלעך און דערשיטערנדיק עס איז געווען די ערשטע ידיעה, אַזוי איז אויך די צווייטע ידיעה געפאַלן ווי אַ דונער. קיינער האָט זיך גאָרנישט געריכט, קיינער האָט זיך אַפילו פאָרשטעלן נישט געקענט, אַז דער דינאַמישער, לעבנסלוסטיקער, ענערגישער יצחק לעוו וועט אַזוי פרי אַרויסגעריסן ווערן פון דעם לעבן. און נאָך מער: צוויי זיילן מיטאַמאָל, איינער נאָכן צווייטן זאָלן פאַלן, דערויף האָט זיך דאָך אַוודאי קיינער ריכטן נישט געקענט. דעריבער האָט די פּינצטערע ידיעה אַלעמען אַזוי טיף צעווייטיקט. דערפאַר האָט זי פאַר די אייגענע, פאַר די נאָענטע, וואָס האָבן יוספן און יצחקן געפילט אַזוי אייגן, ווי ברידער, אָפּגעקלונגען אין מוח און אין דער נשמה מיטן ווידערקול פון דער אַלטער איוב־דראַמע: איין קלאַפּ נאָכן צווייטן, איין נסיון נאָכן אַנדערן.

כדי צו באַנעמען די גרויס פון אומגליק, דאַרף מען קענען די געזעלשאַפטלעכע און פּערזענלעכע באַציונגען פון דער גוואַרדיע פּועלי ציון־וועטעראַנען אין ישראל. מען האָט געדאַרפט זען פון דער נאָענט די משפּחהדיקע חברישע פאַרבינדונג צווישן די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן במשך פערציק יאָר צוזאַמען געלעבט און געאַרבעט צוזאַמען, געחלומט און געקעמפט צוזאַמען. די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך פאַרבונדן דורך אַן אידייע און פאַר אַן אידייע און האָבן צוזאַמען מיט איר, מיט דער אידייע — קען מען זאָגן — איין גורל געשמידט. זיי האָבן זיך אַזוי פולשטענדיק אידענטיפיצירט מיטן אידעאַל און מיט דער באַוועגונג, אַז זיי זענען אויך אַליין, ריין מענטשלעך, פּערזענלעך, אינעם געדאַנק און אין דער טאַט, געוואָרן אידענטיפיצירט און פאַרוועבט איינער מיטן צווייטן. מען דאַרף דאָס אַלץ זען און פאַרשטיין, כדי צו באַנעמען און דערפילן אין דער גאַנצער טיף, ווי גרויס עס איז דער ווייי־

טיק און ווי גרויס די אבידה, וואָס הילט איך אין טרויער אַלע חברים און פריינט, אַלע פּאַרטייען פון פּועלי־ציון אין דער וועלט, די גאַנצע ייִדישע אַרבעטערשאַפט און אַלע די וואָס האָבן אין יצחק לעוון און אין יוסף ראָזען געזען די מוטיקע און ווירדיקע פאָנענטרעגער פון די שענסטע אידעאַלן פון דעם ייִדישן אַרבעטס־מענטש.

**
*

יצחק לעוו איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, דעם 20סטן יולי 1891. זיין ערשטע דערציִונג האָט ער באַקומען אין חדר. דערנאָך האָט ער פאַר־ענדיקט אַ האַנדלס־שול. צו 21 יאָר איז לעוו אַריינגעטראָטן אין דער פּועלי ציון־פּאַרטיי. זייער גיך איז ער געוואָרן אַן אָנגעזעענער טוער און איז כסדר מיטגעוואַקסן צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי. פון סאַמע אָנהייב אָן האָט ער פאַר־נומען אַ צענטראַלן אָרט און איז טאַקע שנעל געוואָרן איינער פון אירע וויכ־טיקסטע און אָנגעזעענסטע פירער.

יצחק לעוו האָט צוזאַמען מיט דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי דורכגעמאַכט די שטורמישע יאָרן פון צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה. אין די דאָזיקע יאָרן פון פּאָליטישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן אויפשוווּנג פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן, איז יצחק לעוו געשטאַנען אין צענ־טער פון פּאָליטישן קאַמף. נישט געווען קיין איין געביט פון ייִדישן אַרבעטער־לעבן אין וועלכן יצחק לעוו זאָל זיך נישט באַטייליקן. אומעטום וווּ ייִדישע אַרבעטער זענען פאַראַן איז אויך לעוו דאָ. אין דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבע־טער־באַוועגונג, אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, אינעם ייִדישן שול־וועזן. יצחק לעוו האָט אַריינגעשריבן אַ באַזונדער פּרעכטיק בלאַט אין דעם קאַמף פאַר ייִדישע רעכט אין דעם אומאָפּהענגיקן פוילן. ווי אַ ראַטמאַן פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט האָט ער אויפן סאַמע ווירדיקסטן אופן פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דער ייִדישער אַרבעטער־שאַפט און פון די אָרעמע שיכטן צווישן די פּוילישע ייִדן בכלל. ער איז געווען דער מוטיקער קעמפער פאַר דער ייִדישער שפּראַך און פאַר דער ייִדישער דערציִונג און האָט מיט זיינע אַרויסטריטן אין דעם וואַרשעווער שטאָטראָט דערהויבן די חשיבות פון ייִדן אין פוילן, און גאָר באַזונדערס די חשיבות פון דעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס, וואָס האָט מער ווי אַלע אַנדערע סאָציאַלע שיכטן אויסגעטראָגן דעם קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אינטע־רעסן פון פּוילישן ייִדנטום.

יצחק לעוו האָט געהאַט די זכיה צו שטיין ביים וויגעלע פון דער „אַר־בעטער־צייטונג“ — דער אָרגאַן פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין פוילן, וועל־כע האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין נאָוועמבער 1918. זינט דאַן איז לעוו כסדר געווען איינער פון אירע רעדאַקטאָרן און וויכטיקסטע מיטאַרבעטער. ער האָט געשריבן איבער ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען, איבער סאָציאַל־עקאָ־נאָמישע פראַגעס, איבער פּאָליטישע ענינים. און גאָר באַזונדערס אָנזעעוודיק איז געווען זיין מוטיקער קאַמף קעגן די שונאים פון ציוניסטישן געדאַנק. ער האָט דעם ציוניזם באַנומען נישט בלויז אינטעלעקטועל, אידעיִש, נאָר ער

האָט אים ממש געפּילט. ער איז געווען דער פּאַרליבטער אין דעם אויפבוי־ווערק פון ישראל, און איז דעריבער געווען איינער פון די מענטשן וואָס האָבן געפּירט די פּאַרטיי אויף דעם וועג פון פּאַלעסטינע־צענטריזם. ער האָט זיך אַליין באַטייליקט אין דער עליה־אַרבעט און האָט מיט זיין וואָרט, מיט זיין פּעדער און מיט זיין טאָט געמוטיקט און באַווירקט הונדערטער און טויזנטער יוגנטלעכע און דערוואַקסענע עולה צו זיין און זיך איינצוגלידערן אין דעם נייעם שאַפונגס־פּראָצעס פון דעם אויפגייענדיקן ישראל.

זיין אַרבעט און ווירקונג אין דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי איז אַרויס ווייט פון די גרענעצן פון מדינת־פּוילן, און נאָך גאַנץ יונג איז ער געוואָרן אַ וויכטיקע פיגור אין דער וועלט־באַוועגונג. לעוו האָט געהאַט די זכיה צו אַרבעטן צוזאַמען מיטן געניאַלן בער באָראָכאָוו אין דעם וועלט־פּאַרבאַנד, און איז זינט אַ סך יאָרן געווען אַ מיטגליד אינעם פּאַרבאַנד־ביוראָ פון דער פּועלי ציון וועלט־באַוועגונג. ער האָט זיך באַטייליקט אין פּאָרשטייערשאַפט פון דער פּאַרטיי אין פאַרשיידענע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן און אויך אין אַלוועלטלעכע יידישע קאָנגרעסן, ווי דער קאָנגרעס אין בערלין פאַרן אַר־בעטנדיקן ישראל און אין די לעצטע ציוניסטישע קאָנגרעסן, ווו ער איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט.

בעת דעם נאַצישן איבערפאַל אויף פּוילן איז לעוו, לויט דער פאַראָרדע־נונג פון די אָנפיר־אינסטאַנצן פון דער פּאַרטיי, אַריבער קיין ישראל. אין ישראל האָט יצחק לעוו פאָרגעזעצט זיין אַרבעט מיטן זעלבן אימפּעט און ברען ווי פריִער. אויך אין ישראל איז ער פון די ערשטע טעג אָן געווען איינער פון די צענטראַלסטע פירער פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי און שפּעטער פון דער פּאַריייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי מפ״ם. און פּונקט ווי פריִער, פון פּוילן, אַזוי האָט ער איצט, פון ישראל, געווירקט אויף דער אַרבעט פון די פּאַר־טייען אין חוץ־לארץ און באַווירקט, אין אַ גאָר גרויסער מאָס, דעם אינהאַלט און כאַראַקטער פון דער באַוועגונג. אין שליחות פון דער הסתדרות, ווו ער איז געווען אַ מיטגליד אין ועד־הפּועל, און פון קרן־היסוד, האָט ער די לעצטע יאָרן באַזוכט צפון־אַמעריקע, און איז מיט צוויי יאָר צוריק געווען אויך דער גאַסט פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין אַרגענטינע און בראַזיל. זיין באַזוך אין דרום־אַמעריקע און גאָר באַזונדערס אין אַרגענטינע, איז סיי פאַר אים און סיי פאַר דער פּאַרטיי געווען פון אויסערגעוויינלעכער באַדייטונג.

טעג פון פרייד און דערהויבונג האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט. די וווּנ־דערבאַרע דערינערונגען פון די שטורמישע יאָרן האָבן אויפגעטויכט אין זכרון פון די הונדערטער און טויזנטער חברים און פריינט. יצחק לעוו האָט סימבאָליזירט די פּוילישע פּאַרטיי. ער האָט מיט זיך דערמאָנט איר וווּנדער־באַרע פאַרגאַנגענהייט, דעם העראָישן קאַמף אירן אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן. ער האָט דעריבער מיט זיין געשטאַרקט ביי חברים דעם ווילן און באַגער צו ווייטערדיקע גרויסע מעשים פאַר די אידעאַלן פון דער פּאַרטיי.

לעווס לעצטע אַרבעט אין ישראל איז געווען פאַרבונדן מיטן אויפבויען דאָס באָראָכאָוו־הויז אין משמר־הנגב. לעוו האָט אין דעם באָראָכאָוו־הויז געזען

אַ גרויסן טרוים; ער האָט אין דעם גאַנצן פּאַרקערפּערט און מאַטעריאַליזירט אַ גרויסע אידייע. אַן אידייע וואָס וועט פון דעם פּונקט אויס, פון דער נייער באַראַכאָוו־פעסטונג, העלפן באַלייכטן מיט דער באָראָכאָוויסטישער קלאָרקייט דאָס לעבן פון ייִדישן פאָלק אין דער וועלט און גאָר באַזונדערס דעם קאַמף פון ייִדישן אַרבעטס־מענטש אין ישראל, פאַר זיין גאַנצער און פולער באַ־פרייונג. לעוו האָט זיך פאַר דער אַרבעט געווידמעט טאַקע בלב ונפש. ער איז געווען דער נערוו פון דער אַרבעט, דער אָרגאַניזירער און אויספירער, דער וועקער און רופער. ער האָט ווידער אויפגעגלאַנצט מיט זיין מעכטיקער יוגנטלעכער אָרגאַניזאַטאָרישער קראַפט, מיט זיין אימפּעט, מיט זיין אומרו און באַגייסטערונג, וואָס איז שטענדיק געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אים.

**
*

ווער זאָל אָבער וויסן, אַז דאָס איז זיין לעצטער גלאַנץ? ווער זאָל איינ־פאַלן, אַז יצחק לעוו וועט נישט דערלעבן צו זען דאָס באָראָכאָוו־הויז אויפגעשטעלט?

פּונקט צו דער וואָך, אין אַ פינצטערן פרייטיק, דעם 7טן מאי אין דער פרי, איז ער געשטאָרבן מיטן זעלבן טויט וואָס יוסף ראָזען. און אויך אין אַ זונטיק, ווי יוספן, האָט מען אים געבראַכט צו זיין אייביקער רו אויפן זעלבן בית־עולם און אים מקבר געווען זייט ביי זייט מיט יוסף ראָזענען.

יוסף ראָזען און יצחק לעוו זענען געווען צוויי אַנדערע כאַראַקטערן. יע־דער איינער פון זיי האָט געהאַט זיין אייגענעם גאַנג, זיין אייגענעם נוסח. דאָך האָבן זיי זיך ביידע זייער ליב געהאַט. זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען און אין זייער פאַרשיידנאַרטיקייט האָבן זיי זיך קעגנזייטיק זייער פיל דערגאַנצט. ליידער האָט זיי אויך דער טויט צו שנעל פאַרייניקט. ביים לעבן האָבן זיי ביידע געדינט דער באַוועגונג; ביידע זענען יאָרנלאַנג געשטאַנען ווי פעסטע זיילן, אויף וועלכע עס האָט זיך אָנגעשפּאַרט דער אידעיִשער און אָרגאַני־זאַציאָנעלער בנין פון דער פאַרטיי. ביידע האָבן איר צוגעגעבן גלאַנץ און חשיבות. דערפאַר איז זייער ביידנס פלוצלינגער טויט אַזאַ טיפער, נישט פאַרגייענדיקער ווייטיק פאַר אַלע, וועלכע האָבן זיי ביידן פערזענלעך געקענט פון דער נאָענט, און פאַר אַלע וואָס זענען מיט זיי געווען פאַרבונדן אין דער געמיינזאַמער טאַט פאַר דעם געמיינזאַמען גרויסן, ליכטיקן אידעאַל.

„אונדזער וואָרט״, בוענאָס־איירעס, 31טער מאַי 1954.

# אינהאַלט:

## .XIV ענגלאַנד אַנולירט דעם חלוקה־פּלאַן



## .XV די לאָנדאָנער קאָנפערענץ און דער נייער „ווייסבוך"



## .XVI פועלי־ציון אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס

# אידייע, קאַמף און גלויבן

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז מיטן אויפקום פון דער מדינה הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער ייִדישער געשיכטע. פונקט אַזוי איז אויך פאַרשטענדלעך, אַז די פּרשה מדינה־אַנטשטייונג איז נאָך נישט קיין אָפּגעשלאָסענע, נישט קיין פאַרענדיקטע. אין דער געשיכטע זענען בכלל נישט פאַראַן קיין אָפּגעשלאָסענע קאַפּיטלען און קיין שאַרפע גרענעצן צווישן איין תקופה און דער צווייטער.

יעדע נייע תקופה איז אַ המשך פון דער פריִערדיקער. זי טראָגט דעריבער אין זיך די ווערטן און די דערפאַרונגען, די דורכפאַלן און די דערגרייכונגען פון די פאַרגייענדיקע תקופות.

אָט דער זעלבער כלל, וואָס איז גילטיק פאַר אַלע פעלקער, איז חל אויך פאַר דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. און נאַטירלעך, איז ער גילטיק אויך פאַר דער קורצער לעבנס־געשיכטע פון דער נייער, יונגער ייִדישער מדינה.

אַז מען קוקט אַריין אין די אויגן פון דער מדינה, זעט מען, אויף איר און אין איר, אַלע סימנים פון איר שווערן געבורט. אויף דער ערד פון ישראל זענען נאָך פאַראַן אַלע שפּורן פון דעם גרויסן געראַנגל, וואָס האָט באַגלייט דעם אויפקום פון דער ייִדישער מדינה. דאָס זעלבע זעט מען אויפן פּנים פון ישראלדיקן ייִד. אין די פאַלדן פון די קנייטשן אויף זיין פּנים, אין זיין פּרי גרוי־געוואָרענעם קאָפּ און אין דעם גליִענדיקן פייער אין זיינע אויגן, ליגט באַהאַלטן דער האַרטער, העראָישער נעכטן זיינער. יעדער ייִד אין ישראל טראָגט אין זיין נשמה דעם שטעמפּל פון דעם שווערן געראַנגל, וואָס די דורות רעאַליזירער זענען אויסגעשטאַנען אין די יאָרן פון שווערן אויפבוי און ביטערן קאַמף, און וואָס זיי שטייען אויס נאָך היינט, יעדן טאָג און יעדע שעה. מחמת די ייִדישע זעלבסטשטענדיקייט, וואָס איז אָפּהענגיק פון דער עצם עקזיסטענץ פון דער מדינה, פאָדערט פון דעם ייִדן אין ישראל אָן אַ שיעור טריישאַפט און כסדרדיקע גרייטקייט אויף קרבנות, וואָס דערגייט אָפט צו אמתער מסירת־נפשדיקער אָפּפערוויליקייט.

און כאָטש אַלץ אין ישראל איז נאָך אַזוי יונג און אַזוי פריש; אָט נאָר וואָס געשען, און עס געשעט נאָך; מחמת דער פּראָצעס פון יצירה און אויפקום איז נאָך נישט פאַרענדיקט, דאָך הייבט מען שוין אָן צו ביסלעך צו פאַרגעסן, אָדער מען מאַכט זיך פאַרגעסן, וואָס אָקאָרשט נעכטן איז געשען.

און מען טראַכט נישט, לײדער, אַז אויב מען װעט נישט געדענקען אָן דעם נעכטן, און מען װעט נישט האַלטן װאַכזאַם פאַר די אויגן די אײגענע געשיכטע און די אײגענע דערפאַרונגען, װי אַזוי ישראל איז געבויט געװאָרן און װי אַזוי זי איז אויסגעקעמפט געװאָרן, װעט מען נישט האָבן קײן קלאָר בילד פון דעם הײנט און אוודאי װעט נאָך װינציקער זײן קלאָר דער װעג צו דעם אײגענעם מאָרגן.

קומט דעריבער דאָס דאָזיקע בוך, „פון בריטישן מאַנדאַט ביז דער ייִדישער מדינה", כדי צו דערמאָנען. דערמאָנען נישט אַזוי צוליבן נעכטן, װי צוליבן הײנט, און נאָך מער, אפשר, צוליב דער צוקונפט פון דער מדינה און פון די גרויסע באַפרײַונגס־אידעאַלן װאָס די מדינה טראָגט אין זיך.

דאָס דאָזיקע בוך איז נישט קײן געשיכטע־בוך. עס איז נישט געשריבן געװאָרן װי געשיכטע װערט געשריבן. עס איז נישט קײן קאַלטע, אָביעקטיװע אָפּשאַצונג לאחר המעשה, פון עפּעס װאָס איז געשען פריִער און װאָס װערט דערנאָך געמאָסטן און געװויגן אויפן װאַרשטאַט פון געשיכטע־שרײַבער, אין ליכט פון דער אָביעקטיװער אַנטװיקלונג װאָס די צײַט ברענגט מיט זיך.

דאָס אַלץ װאָס אין בוך איז פאַראַן, איז געשריבן געװאָרן אויפן מאָמענט. דאָס איז געשריבן געװאָרן פון מענטשן װאָס זענען נישט נאָכגעגאַנגען הינטער די געשעענישן, כדי זײ צו באַשרײַבן, נאָר פון מענטשן װאָס זענען אַלײן געגאַנגען פאָרויס — פאָרויס די געשעענישן און פאָרויס די קעמפנדיקע מחנות. דאָס זענען די מענטשן פון אַװאַנגאַרד פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַװעגונג, װאָס האָבן געטראָגן די פאָן פון קאַמף און אַלײן געפירט דעם קאַמף. דאָס זענען די אַלטע, אויסגעפּרוּװטע פירער און װאָרט־זאָגער פון דער פּועלי־ציון־באַװעגונג, װאָס האָט זיך אויסגעצײכנט דערמיט, װאָס זי איז קײנמאָל נישט געזעסן אויף די הינטערשטע רעדער פון אונדזער געשיכטלעכער באַן, נאָר להיפּוך: די װאָס האָט במשך פופציק יאָר נאָכאַנאַנד געטריבן דעם לאָקאָמאָטיװ פון דער אידעיִשער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַנטװיקלונג פון אַרבעטער־ציוניזם, אין במילא, װי אַזעלכע, אָריענטירט און אַמערסטן מיטגעװירקט צו דער פאַרװירקלעכונג פון דעם נאַציאָנאַלן באַפרײַונגס־אידעאַל.

װי געזאָגט, זענען די צענדליקער אַרטיקלען אין דעם בוך נישט געשריבן געװאָרן װי געשיכטע. אָבער היסטאָרישע דאָקומענטן זענען זײ אַלע. זײ זענען דאָקומענטן פון אַ שטורמישער צײַט, װאָס האָט געהאַלטן אויפגערודערט אונדזער ייִדיש לעבן; פון אַ צײַט װאָס האָט געפאָדערט אַ קלאָרע אָריענטאַציע פאַרן ייִדישן מענטש. ער האָט געדאַרפט װיסן, דער ייִד, װוּהין ער גײט און װי אַזוי ער גײט, כדי ער זאָל קומען צום ציל.

אין בוך, װי עס װערט געזאָגט אין דעם אַרײַנפיר פון דער רעדאַקציע, װערן נישט באַהאַנדלט אַלע פּראָבלעמען פון ייִדישן לעבן און אויך נישט די פּראָבלעמען פון דער אַלגעמײנער װעלט, צו װעלכער אויך מיר, װילנדיק צי נישט װילנדיק, האָבן אַ שײַכות. אין בוך װערט באַהאַנדלט בלויז אײן פּראָבלעם, דאָס פּראָבלעם פון דער אויפריכטונג פון טעריטאָריאַלן ייִדישן אַר־בעטער־צענטער אין ישראל; דאָס פּראָבלעם פון דער הײם פאַרן ייִדישן פאָלק — דאָס פּראָבלעם פון דער ייִדישער מדינה. אָבער דאָס אײנע פּראָבלעם איז שוין

זייט צענדליקער יאָרן דאָס צענטראַלסטע, דאָס וויכטיקסטע פּראָבלעם פאַרן גאַנצן ייִדישן פאָלק, פאַר אַלע זיינע קלאַסן און שיכטן. דעריבער איז מיט דעם פאַרבונדן אַלץ וואָס האָט מיטן פאָלק אַ שייכות: דער קאַמף פאַרן ייִדישן זיין; דער קאַמף פאַר סאָציאַליזם אין ייִדישן לעבן; דער קאַמף אויף דער אינ־טערנאַציאָנאַלער אַרענע און דער גרעאַנגל אינערהאַלב דעם אייגענעם פאָלק, אַרום די וועגן פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויפריכטונג.

ווי אַ ברען־גלאָז, וואָס קאָנצענטרירט אין זיך אַלע שטראַלן פון דער זון, אַזוי האָט די ישראל־פּראַגע במשך אַ האַלבן יאָרהונדערט, און גאָר באַזונ־דערס אין די לעצטע צענדליקער יאָרן, קאָנצענטרירט אַרום זיך אַלע שטרייטן און גרעאַנגלען, אַלע אידעיִשע געפעכטן און זוכענישן פון אַלע פּאַרטייען, אי־דעאָלאָגיעס און באַוועגונגען אין ייִדישן פאָלק. און ווי דורך אַ מעכטיקן פאַרגרעסערונגס־גלאָז קען מען היינט זען די פאַרשיידענע ריכטונגען, אידעאָ־לאָגיעס און פּאַרטייען, וואָס האָבן געקעמפט אַרום דער פראַגע פון ישראל, טאַקע דורך דער פּריזמע פון ישראל גופא. די מדינה ישראל איז דער בעס־טער ענטפער אויף אַלע שטרייטן און וויכוחים, וואָס זענען במשך אַ האַלבן יאָרהונדערט געפירט געוואָרן אין ייִדישן לעבן. ישראל איז דער קלאָרסטער באַווייז, ווער עס האָט אויסגעהאַלטן און ווער נישט, ווער עס איז געווען גערעכט און ווער אומגערעכט.

אָבער נישט צו באַלויכטן די גערעכטע און משפטן די אומגערעכטע באַ־צוועקט דאָס דאָזיקע בוך. הגם דערציילן דעם נייעם דור וואָס ערשט נעכטן איז געשען, איז נישט קיין קרומע זאַך. דער דור, דער נייער, און אפילו דער אַלטער דור; דער דור וואָס האָט זיך אַליין באַטייליקט אין דעם קאַמף און גרעאַנגל, און דער דור, וואָס וועט נאָך זיכער אַ סך דאַרפן קעמפן, דאַרף גוט וויסן ווער עס האָט געפירט דעם אמתן, ריכטיקן און גערעכטן קאַמף פאַרן אויפקום פון דער מדינה, און ווער נישט. און ריכטיק און באַרעכטיקט איז נאָר דער קאַמף וואָס וואַקסט אַרויס פון די סאַמע באַדערפענישן פון פאָלק און פאַרן פאָלק. דאָס פאָלק — אויב מען גלויבט באמת אינעם פאָלק — דאַרף וויסן ווער עס זענען געווען די אמתע נביאים און ווער די פאַלשע. ווער עס האָט געקעמפט און געבלוטיקט צוליבן פאָלק און פאַרן פאָלק, און ווער עס האָט פרעמדע אינטערעסן געדינט...

אָבער דאָס איז נישט דער עיקר. דער עיקר באַשטייט, ווי געזאָגט, נישט אין דעם וויסן וואָס נעכטן איז געשען, צוליבן נעכטן, נאָר צוליבן היינט. און היינט שטייט ווידער די מדינה, און מיט איר — דאָס פאָלק, פאַר אַ נייעם און שווערן גרעאַנגל; אין אַ נייעם קאַמף פאַרן ייִדישן זיין, אָדער נישט זיין.

אונדזער לאַגע האָט זיך אין די לעצטע יאָרן, אַ דאַנק דער מדינה, און אַ דאַנק די געשעענישן אין דער וועלט, אין אַ גרויסער מאָס געענדערט. עס האָט זיך בכלל געענדערט דאָס פּנים פון אונדזער פאָלק, זינט היטלער האָט אָפּגעווישט אַ דריט־חלק פון אַלע ייִדן איבער דער וועלט און האָט פאַרטי־ליקט דעם סאַמע שפּרודלדיקסטן און שעפערישסטן טייל פון וועלט־ייִדנטום. אָבער אונדזער היסטאָרישער גאַנג האָט זיך נישט געענדערט.

די זעלבע שונאים וואָס האָבן פריִער געשטערט די עליה פון ייִדן קיין

ישראל, די זעלבע וואָס האָבן נישט געלאָזט פאַרקויפן קיין באָדן צו ייִדן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אויפן ייִדישן ישוב, וואָס האָבן געטון אַלץ אין דער וועלט נישט צו דערלאָזן, אַז די פרייע ייִדישע מדינה זאָל אויפקומען, די זעלבע שונאים פאָכען וויִדער מיט זייער שווערד איבער ישראל. דאָס איז די זעלבע רעאַקציע און דער זעלבער אימפּעריאַליזם. אַפילו ווען ער האָט געביטן דעם אַדרעס און איז אַריבער פון לאָנדאָן קיין וואַשינגטאָן, בלייבט ער דער זעלבער. און כדי נישט צו פאַרלירן דעם קאָמפּאַס און נישט צו פאַרבלאָנדזשען אין די נעצן וואָס דער אימפּעריאַליזם שפּרייט אויס קעגן דער ייִדישער מדינה, און נישט געשטרויכלט צו ווערן, ווי עס טרעפט מיט מאַנכע, וואָס נעמען אָן די ביטערע פּיל פאַר ליב, באשר זי קומט איינגעוויקלט, די פּיל, אין זיסע פּאַפּירלעך... מוז מען געדענקען וואָס נעכטן איז געשען. מוז מען וויסן, קלאָר און דייטלעך, ווער עס איז געווען דער פריינד און ווער דער שונא, מחמת מיר מוזן וויסן גאַנץ גענוי, אויף וועמען מיר מעגן זיך אָנשפּאַרן און פאַר וועמען מיר דאַרפן זיך היטן.

דער עיקר, מוז מען וויסן, אויף וועלכע כוחות אין פאָלק גופא מען קען זיך געטרויען און אויף וועלכע נישט. וועלכע כוחות זענען באמת קאָנסטרוקטיוו און שעפעריש; וועלכע בויען די צוקונפט פון פאָלק, אַן אויסגעלייזטס פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער שקלאַפעריי, און וועלכע כוחות האַמעווען דעם פּראָגרעס און אַנטוויקלונג פון ייִדישן פאָלק.

דאָס איז אַ גורל־פראַגע פאַרן פאָלק, ווייל פון די כוחות וואָס וועלן אָנפירן מיט דער מדינה און מיטן ייִדישן לעבן אומעטום איז אָפּהענגיק נישט בלויז דער כאַראַקטער פון דער מדינה און דער כאַראַקטער פון ייִדישן לעבן איבער דער וועלט, נאָר דערפון איז אָפּהענגיק דער גורל און די עצם עקזיסטענץ סיי פון לאַנד און סיי פון פאָלק.

לייענט איר דאָס בוך „פון בריטישן מאַנדאַט ביז דער ייִדישער מדינה" און איר זעט פאַר זיך ווער עס האָט געדרייט צוריק די רעדער פון דער ייִדישער געשיכטע, ווער עס האָט זיך אָנגעלייגט אויפן וואָגן און אים ממש נישט געלאָזט רירן פון אָרט, און ווער עס האָט געצויגן פאָרויס, געטריבן די לאַנגע דורותדיקע ייִדישע באַן, פון אַלע סטאַנציעס, פון אַלע עקן וועלט, צו דער איינציקער לעצטער און צענטראַלער סטאַנציע פאַרן ייִדישן פאָלק.

די אַרטיקלען אין דעם בוך זענען געשריבן געוואָרן פון צענדליקער מענטשן אין פאַרשיידענע צייטן, אין פאַרשיידענע לענדער און שטעט, און דאָך איז עס נישט קיין זאַמלבוך פון פאַרשיידענע אַרטיקלען סתם, נאָר איין גאַנץ בוך. אַ בוך מיט איין אינהאַלט, געשריבן כמעט מיט איינעם און דעם זעלבן אָטעם און — דער עיקר — מיט איין צענטראַלער אידעיִשער אַקס. עס איז אַ קאָמפּילאַציע פון אַ סך אַרבעטן, פון מענטשן וואָס האָבן צו פאַרשיידענע דערשיינונגען און געשעענישן אָנגעווענדעט איינעם און דעם זעלבן מעטאָד — דעם מעטאָד פון מאַרקסיסטישן אַנאַליז — דעם באַראָכאָוויזם, און דערפאַר זענען זיי אַלע געקומען צו די זעלבע מסקנות.

אין דעם, אייגנטלעך, באַשטייט די גרויסקייט פון בוך: פון איין זייט — די אויסגעהאַלטנקייט פון דעם וויסנשאַפטלעכן מעטאָד, וועלכן די שרייבער

האָבן אָנגעווענדט ביים אַנאַליזירן די געשעענישן, און פון דער צווייטער זייט — וואָס די אַרטיקלען דערגאַנצן זיך איינער דעם צווייטן, און בילדן דעריבער צוזאַמען אַ גאַנץ ווערק. אַ ווערק, וואָס שפּרודלט מיט טיפע געדאַנקען, מיט אַנאַליטישע אָפּשאַצונגען און גלייכצייטיק מיט אַ הויכן קאַמפּס־גייסט, וואָס איבערצייגט און מוטיקט אין אַלע שווערקייטן און אין אַלע געפאַרן.

די מחברים פון דאָזיקן בוך, געטרייע תלמידים און אָנהענגער פון באָ־ראָכאָווס לערע, האָבן געזען דאָס לעבן נישט בלויז אַזוי ווי עס איז, נאָר ווי עס קען זיין, ווי עס דאַרף זיין. אויך ישראל האָבן זיי געגומען נישט בלויז ווי עס איז געווען און ווי עס איז היינט, נאָר ווי עס קען זיין. דאָס, וואָס עס קען זיין, איז די וויזיע, דער ציל צו וועלכן מען גייט. און אַזאַ וויזיע קענען האָבן נאָר מענטשן וואָס זעען דאָס לעבן נישט סטאַטיש, ווי אַ שטייענדיק וואַסער, נאָר דינאַמיש, ווי אַ כוואַליענדיקן ים, וואָס באַוועגט זיך כסדר און טראָגט דעריבער אין זיך דעם פּראָצעס פון ווייטערדיקן לעבן.

זעלטן ווען פאַרייניקט אין זיך אַ בוך אַזויפיל אידייע און טאַט צוזאַמען. דאָס איז דערפאַר, ווייל די באַטייליקטע אינעם בוך האָבן נישט בלויז גע־פּרעדיקט שיינע אידעאַלן, נאָר זיי האָבן אַליין אויך פאַרווירקלעכט שטיקער פון די דאָזיקע אידעאַלן מיט זייערע אייגענע הענט. זיי זענען אַליין געשטאַ־נען אין קאַמף פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין דער גאָרער וועלט. אויף אַלע פראָנטן זענען זיי געווען: אין רוסלאַנד און אין פּוילן, אין אַמע־ריקע און אין מערב־אייראָפּע. גאָר אַ סך, טאַקע די מערסטע, האָבן אויך געהאַט די זכיה צו זיין אויפן ישראלדיקן פראָנט; אַליין, מיט די אייגענע הענט צו בויען דאָס לאַנד, צו פלאַסטערן וועגן און שאָסייען, צו אַרבעטן אין פּרדס און אויפן פעלד; צו שמידן די קולטור און דעם גייסט פון ישראל; און צו שטיין אַליין אויך מיט דער ביקס, ביים פאַרטיידיקן דעם ישוב קעגן פאַר־שיידענע פאָגראָמען און איבערפאַלן און ביים אויסקעמפן די פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט פון דער מדינה.

דערפאַר איז יעדער אַרטיקל פון יעדן איינעם פון זיי געשריבן מיט אַזוי פיל ברען, מיט אַזויפיל האַרץ און נשמה. אַזוי קענען נישט שרייבן קיין מענטשן וואָס שטייען פון דרויסן. אַזוי צו שרייבן מוז מען זיין אינעווייניק, אינערהאַלב דעם ווערק וואָס מען שאַפט; מוז מען דאָס ווערק פילן ווי מ׳ינס, אַן אייגנס, און מען מוז זיין גרייט צו קעמפן פאַר דעם, ווי מען קעמפט פאַרן אייגענעם איך, פאַרן אייגענעם לעבן.

דאָס בוך צייכנט זיך דעריבער אויס נישט בלויז מיט זיין אינהאַלט און מיט דער געדאַנקען־רייכקייט; מיט גרינטלעכן וויסן און קענטעניש פון די פּראָבלעמען, וואָס די שרייבער ווייזן אַרויס, נאָר אויך מיט גלויבן. איר זעט ממש פאַר די אויגן דעם גלויבן פון די שרייבער אין זייער אידעאַל. און דער גלויבן זייערער איז אַזוי שטאַרק, אַזוי איבערצייגנדיק, אַז אויך איר מוזט זיי גלייבן. דאָס איז דער גלויבן אין סאָציאַליסטישן ציוניזם, וואָס האָט במשך אַ האַלבן יאָרהונדערט באַלויכטן דעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס זיין שווערן, דערנערפולן וועג צו זיין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער עמאַנציפּאַציע. נעמט איר די פאַרשיידענע קאַפּיטלען אין דעם בוך, די פאַרשיידענע אַרטיקלען און מע־

מאָראַנדומס, זענען זיי ווי בינטלעך שטראַלן פון אַ גרויסן ליכטיקן אידעאַל, וואָס קענען אויך איצט דינען ווי פּראָזשעקטאָרן צו באַלייכטן אונדזער היינטיקע ווירקלעכקייט, סיי אין ישראל און סיי אין דער וועלט.

דערפאַר איז עס אַ גרויס און וויכטיק ווערק. אַ באַלערנדיק האַנטבוך פון פּועלי־ציוניסטישן געדאַנק פאַרן ציוניזם און פאַרן יידישן סאָציאַליזם, וואָס זענען אומצעטיילבאַר. דערפאַר איז עס באַלערנדיק פאַר יעדן איינעם וואָס וויל קענען און גרינטלעך פאַרשטיין אונדזער היינט און וויל מיט אָפענע אויגן קוקן צו אונדזער מאָרגן. ווייל פונקט ווי אין אונדזער היינטיקייט איז פאַרבאָרגן דער נעכטן אונדזערער, אַזוי וועט אויך דער היינט אַריינגיסן זיך אין אונדזער מאָרגן. עס ווענדט זיך, דעריבער, זייער פיל פון אונדזער היינטיקן לעבן, ווי אונדזער מאָרגן זאָל אויסזען. און דאָס טאַקע איז דער זין פון דאָזיקן בוך:

פאַרשטיין אונדזער היינט מיט דער הילף פונעם נעכטן, און פון ביידן צוזאַמען לערנען, ווי אַזוי דער מאָרגן אונדזערער זאָל זיין אי בעסער אי שענער.

**חיים פינקעלשטיין**

בוענאָס איירעס, אַפּריל 1954.

# אַרײַנפֿיר

כדי צו פֿאַרצײכענען דעם 40־יעריקן יובל פֿון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג (1906—1946), האָט דער אַלוועלטלעכער יידישער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד „פּועלי־ציון" געגרינדעט בשעתו דעם אינסטיטוט צו פֿאָרשן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. דער אינסטיטוט טראָגט דעם נאָמען פֿונעם קעמפֿער און מאַרטירער, היסטאָריקער און קולטור־טוער, ד"ר עמנואל רינגעלבלום, וועלכער האָט באַלאַנגט צו דער פֿירערשאַפֿט פֿון פּועלי־ציון אין פּוילן און איז געווען איינער פֿון די צענטראַלע געשטאַלטן אין וואַרשעווער געטאָ בשעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, און אויך דער גרינדער און לייטער פֿון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו.

דער רינגעלבלום־אינסטיטוט האָט געשאַפֿן אין תּל־אָביב אַ ביבליאָטעק און אַן אַרכיוו, וועלכע פֿאַרמאָגן אַ רייכע זאַמלונג פֿון מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, בפֿרט פֿון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג. דער אינ־סטיטוט האָט אָנגעהויבן זיין פֿאַרלעגערישע אַרבעט מיט אַרויסגעבן די סעריע פֿון „פּועלי־ציון־זאַמלביכער". ביז איצט זענען דערשינען אין העברעיִש אין דער סעריע „ילקוטי פּועלי־ציון" צוויי זאַמלביכער: „די ערשטע און צווייטע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד" און „פֿון באַלפֿור ביז בעווין (ענגלאַנד און ציוניזם)".

דער ציל פֿון די „פּועלי־ציון־זאַמלביכער" איז געבן דעם לייענער אַן אויסוואַל פֿון דער פּועלי־ציוניסטישער פּובליציסטיק, קאָנצענטרירט לויט טעמעס אין כראָנאָ־לאָגישער אָרדענונג. דער פּועלי־ציוניסטישער געדאַנק אין זיין אַנטוויקלונג האָט אַרומגענומען דאָס לעבן פֿון יידישן פֿאָלק און די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, די פּראָבלעמען פֿון סאָציאַליזם אין דער וועלט און פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבע־טער־באַוועגונג. כדי אָבער קלאָר מאַכן, צוליב שטודיום־צוועקן, די באַזונדערע עטאַפּן אין דער אַנטוויקלונג פֿונעם פּועלי־ציוניסטישן געדאַנק בנוגע די פֿאַרשיידענע גע־ביטן פֿון יידישן און אינטערנאַציאָנאַלן לעבן, איז נויטיק פֿונאַנדערצוטיילן און קאָנ־צענטרירן דעם מאַטעריאַל לויט טעמעס. נישט געקוקט אָבער אויף דער דאָזיקער, אין אַ געוויסער מאָס קינסטלעכער, סיסטעמאַטיזירונג פֿונעם אָפּגעקליבענעם מאַטע־ריאַל, וועט דער לייענער פֿון יעדן זאַמלבוך גלייך איינזען דעם אַלץ־אַרומנעמענדיקן כאַראַקטער פֿון דער פּועלי־ציוניסטישער וועלט־אָנשויונג, וואָס האָט סינטעטיש און האַרמאָניש פֿאַריייניקט דעם קאַמף פֿאַר די רעכט פֿון יידישן פֿאָלק אין אַלע לענדער פֿון זיין צעשפּרייטונג און די שטרעבונג פֿון די יידישע מאַסן צו פֿולער נאַציאָנאַלער דערלייזונג און סאָציאַלער באַפֿרייונג, דעם פּראָלעטאַרישן ציוניזם און דעם אינטער־נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

איצט גיבן מיר אַרויס דאָס ערשטע „פּועלי־ציון־זאַמלבוך" אין יידיש: „פֿון בריטישן מאַנדאַט ביז דער יידישער מדינה". דאָס בוך איז געווידמעט דעם פּאָלי־

טישן קאַמף פאַר דער אַנטשטייונג און פאַרווירקלעכונג פון דעם טעריטאָריאַלן יידישן אַרבעטער־צענטער אין ארץ־ישראל.

זינט איר אַנטשטייונג האָט די פועלי־ציון־באַוועגונג אָנגעוויזן דעם באַזונדערן פּראָלעטאַרישן וועג צו דער רעאַליזירונג פון ציוניזם. נאָך אין די צייטן פון דער טערקישער הערשאַפט איבער ארץ־ישראל האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן דער קעגנזאַץ צווישן דער פּראָלעטאַריש־ציוניסטישער פּאָליטיק פון פועלי־ציון און צווישן דער אָפיציעלער ציוניסטיש־בורזשואַזער דיפּלאָמאַטיע. ווען אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט געזיגט די בריטישע אָריענטאַציע, וועלכע האָט פאַרבונדן דעם ציוניזם אויף צענדליקער יאָרן מיט דער בריטישער הערשאַפט, זענען די חילוקי־דעות צווישן דעם פּראָלעטאַרישן און בורזשואַזן ציוניזם געוואָרן נאָך טיפער און שאַרפער. במשך דריי צענדליק יאָר האָבן די לינקע פועלי־ציון געקעמפט פאַר זייער פּאָליטישער קאָנצעפּציע: די פאַרבינדונג צווישן דעם נאַציאָנאַלן באַפרייונגס־קאַמף פון יידישן פאָלק מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן באַפרייונגס־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט קעגן דעם אימפּעריאַליזם. צי איז אונדזער ווערק אין ארץ־ישראל אויפגעקומען אַ דאַנק דעם בריטישן אימפּעריאַליזם, אָדער טראָץ אים? צי קען דער אימפּעריאַליזם — דער בריטישער אָדער וועלכער ס'איז אַנדערער — זיין אַ פאַרבינדעטער און אַ זי־כערע שטיצע פון ציוניזם אַלס באַפרייונגס־באַוועגונג פון יידישן פאָלק, אָדער ער מוז אונדז פאַראַטן, און אונדזערע פאַרבינדעטע דאַרפן מיר זוכן צווישן די כוחות, וואָס קעמפן קעגן רעאַקציע און קעגן פאַרשקלאַפונג פון פעלקער, — דאָס איז דער תוך פון דעם וויכוח. די אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה אין רעזולטאַט פון דעם העראָישן געראַנגל קעגן בריטישן אימפּעריאַליזם און פון דער העלדישער באַפרייונגס־מלחמה קעגן זיינע האַלב־פעאָדאַלע אַראַבישע וואַסאַלן, איז אַ פאַסיקע געלעגנהייט, כדי אונטערצופירן אַ סך־הכל פון דעם דאָזיקן העכער פערציקיעריקן וויכוח, וואָס בלייבט אין תוך אַקטועל אויך אין די געענדערטע באַדינגונגען פון דער אומאָפּהענגי־קער מדינת־ישראל.

דער איצטיקער באַנד, וואָס מיר ברענגען דעם יידיש־לייענער, אונטערשיידט זיך זייער שטאַרק פון דעם זאַמלבוך אין העברעיש: „פון באַלפור ביז בעווין". דאָס איז נישט קיין איבערזעצונג פון דעם פריער דערשינענעם בוך אין העברעיש. בלויז אַ קנאַפּע צאָל אַרטיקלען און דאָקומענטן האָבן מיר געבראַכט איןביידע אויסגאַבעס גלייכצייטיק, די גרויסע מערהייט מאַטעריאַלן, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן אין דעם בוך אין יידיש, זענען אין דער העברעישער אויסגאַבע נישט פאַראַן. אַ חוץ דעם איז די העברעישע אויסגאַבע אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין יאָר 1947, און אין דער איצטיקער יידישער אויסגאַבע ברענגען מיר אַ שפע אַרטיקלען געווידמעט דעם דראַמאַטישן גורל־יאָר אין דער יידישער געשיכטע: מאַי 1947 — מאַי 1948. ביידע זאַמלביכער — אין העברעיש און יידיש — דערגאַנצן זיך קעגנזייטיק און גיבן ערשט צוזאַמען אַ פולן בילד פון דער פועלי־ציון־קאָנצעפּציע וועגן דעם פּאָליטישן קאַמף פאַר דער רעאַליזירונג פון ציוניזם.

זאָל נאָך באַמערקט ווערן: דער איצטיקער זאַמלבוך באַהאַנדלט די באַציונגען צווישן ציוניזם און גרויס־בריטאַניע; אַלע אַנדערע פּראָגעס, ווי דער וווּקס פון יידישן ישוב און דער יידישער קאָלאָניזאַציע; די באַציונגען אין יידישן ישוב גופא; דער קלאַסן־קאַמף צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט מיט דער יידישער בורזשואַזיע; דער אַלגעמיינער אידעישער געראַנגל אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג; — דאָס ווערט נאָר באַרירט אויף אַזוי פיל, אויף וויפל דאָס האָט אַ שייכות צו דער הויפּט־טעמע פונעם זאַמלבוך; בדייטער דאַרפן די דאָזיקע פּראָגעס באַהאַנדלט ווערן אין די זאַמלביכער, וואָס וועלן זיין געווידמעט ספּעציעל די דאָזיקע טעמעס. צוליב

דעם זעלבן טעם ווערן אויך פון דאָקומענטן, ווי רעזאָלוציעס, אויפרופן, מעמאָראַנ־דומס און דאָסגלייכן, געבראַכט דער עיקר נאָר די טיילן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער טעמאַטיק פון דעם זאַמלבוך.

עס דאַרף אויך פאַרצייכנט ווערן: אין אַפּריל 1946 איז אין ארץ־ישראל פאָר־געקומען די פאַראייניקונג פון פועלי־ציון מיט דער „תנועה לאחדות העבודה", וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון מפא"י, און אין יאַנואַר 1948 איז אַנטשטאַנען די פאַריי־ניקטע אַרבעטער־פּאַרטיי (מפלגת פועלים מאוחדת — מפ"ם), וואָס האָט אַרומגע־נומען די פריער פאַראייניקטע פּאַרטיי „לאחדות העבודה — פועלי־ציון" און די פּאַרטיי פון „השומר הצעיר". זינט דער דאָזיקער פאַראייניקונג דערשיינען, נאַטירלעך, נישט מער קיין באַזונדערע דערקלערונגען, אויפרופן, אד"גל פון פועלי־ציון אין ארץ־ישראל. אָבער אַזוי ווי אַ חוץ די זעלבסטשטענדיקע פועלי־ציון־פּאַרטייען אין חוץ־לארץ האָט נאָך אַ לאַנגע צייט ווייטער עקזיסטירט אין ארץ־ישראל דער פאַרבאַנדס־ביוראָ פונעם וועלט־פאַרבאַנד פועלי־ציון, און די „ניוועלט" איז געווען זיין אָרגאַן, — דערשיינען דאָ דעריבער אויך ווייטער דערקלערונגען פון פאַרבאַנדס־ביוראָ און אַרטיקלען פון „ניוועלט", וואָס האָבן אויסגעדריקט זיין שטעלונג.

די אַרגענטינער פריינט פון דעם רינגעלבלום־אינסטיטוט, און בפרט דער פאַר־לאַג „אונדזער וואָרט", האָבן גענומען אויף זיך די מי אַרויסצוגעבן דאָס ערשטע „פועלי־ציון־זאַמלבוך" אין יידיש. מיר דריקן זיי דערפאַר אויס אונדזער חברישן דאַנק און אָנערקענונג.

## די רעדאַקציע

תל־אביב, יולי 1952.

# די יידישע מדינה - אַן עטאַפּ אויפן וועג צום סאָציאַליזם

מיר עפענען דעם זאַמלבוך מיט די ווערטער פון בער באָראָכאָווס „אונדזער פּלאַטפאָרם״ — דאָס קלאַסישע ווערק פון פּועלי־ציוניזם.

באָראָכאָוו האָט דאָס געשריבן מיט זעקס און פערציק יאָר צוריק. די ערשטע העלפט פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז רייך מיט געשעענישן, וועלכע האָבן דערשיטערט און טיילווייז איבערגעאַנדערשט די וועלט, און אויך דאָס לעבן פונעם יידישן פאָלק. אַ סך סאָציאַליסטישע, אויך יידיש־סאָציאַליסטישע, פּראָגראַמען און קאָנצעפּציעס האָבן נישט אויסגעהאַלטן די פייער־פּראָבע פון דער געשיכטע. די גרונט־עיקרים פון באָראָכאָווס לערע זענען אָבער אַרויס זיגרייך פון דעם 50־יעריקן פּרווו.

מיט דער הילף פון מאַרקסיסטישן מעטאָד קען מען פאָרויסזען דעם גאַנג פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. מ׳קען אָבער אָנצייכענען בלויז אירע אַלגעמיינע ליניעס, נישט די פּרטים און נישט דעם טעמפּאָ פון דער צוקונפטיקער אַנטוויקלונג. אַזוי האָבן, למשל, די טאַטעס פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, מאַרקס און ענגעלס, אַ טעות געהאַט, ווען זיי האָבן אין יאָר 1847 געמיינט, אַז אַט קלאַפּט שוין די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין טיר, און עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז זיי הערן אירע טריט אין דער אָנקומענדיקער בירגערלעכער רעוואָלוציע פון יאָר 1848. אַזוי איז לעניִן געווען זיכער אין 1917, אַז אין דייטשלאַנד קומט אָן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, און ער האָט נישט פאָרויסגעזען, און קיינער האָט דעמאָלט נישט פאָרויסגעזען, אַז גראָד דייטשלאַנד וועט נאָך אַריינשרייבן אין דער מענטשלעכער געשיכטע דעם סאַמע שוואַרצן קאַפּיטל פון נאַצישער הערשאַפט. דאָס ענדערט אָבער נישט די ריכטיקייט פונעם פּראָגנאָז וועגן געשיכטלעכן גאַנג פון דער געזעלשאַפט — פון אונטערגייענדיקן קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם.

דאָס וואָס באָראָכאָוו האָט געשריבן אין יאָר 1906 וועגן פונאַנדערפאַל פון טערקיי און דעם אָפּטיילן זיך פון ארץ־ישראל, איז מקוים געוואָרן מיט עלף יאָר שפּעטער. ארץ־ישראל איז אָבער, אָפּפאַלנדיק פון טערקיי, נאָך נישט געוואָרן באַפרייט. עס האָט נאָך דעמאָלט געפעלט דער טרעגער פון דער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע אין ארץ־ישראל. די אַראַבישע האַלב־מיליאָניקע באַפעלקערונג פון לאַנד האָט עקאָנאָמיש, קולטורעל און פּאָליטיש נאָך געשטעקט אין דער שפּעט־פעאָדאַלער תקופה. דער יידישער ישוב איז אין די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג געפאַלן אין צאָל פון

90 טויזנט נפשות ביז קרוב 60 טויזנט. די יידישע אַרבעטערשאַפט איז געווען קליין אין צאָל.

שוין דעמאָלט, ביים סוף פון ערשטן וועלט־קריג, האָט זיך אַרויסגעוויזן די גרויסע ווירקונג פונעם פאַקטאָר, וועלכן עס וויזט אָן בער באָראָכאָוו — די טאָפּלטע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרינטערעסירטקייט אין ארץ־ישראל: אין דער רעגולירונג פון די פאַרהעלטענישן אין לאַנד און אין דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע. דעמאָלט איז אָבער די פאַרינטערעסירטקייט אין לייזן די אַלוועלטלעכע יידן־פראַגע אויסגע־נוצט געוואָרן אַלס פייגנבלעטל פאַר די בריטישע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן. מיטן אויסרייד צו שאַפן אין ארץ־ישראל אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים, האָט דעם אָרט פון דער טערקישער דעספּאָטיע פאַרנומען אין לאַנד די בריטישע קאָלאָניאַלע הער־שאַפט. לייענען מיר איצט באָראָכאָווס פאָרויסזעונג פון קרוב 50 יאָר צוריק: „די גראָדליניקע טערקישע ביוראָקראַטיע, אַרויסטרעטנדיק אין קאַמף קעגן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועט זיך ווענדן מיט דער צייט אויך קעגן דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. וואָס ברייטער עס וועט ווערן די יידישע איינוואַנדערונג קיין פּאַ־לעסטינע... אַלץ אַ וויכטיקערע באַדייטונג וועט קריגן דער קאַמף פון יידישן פּראָ־לעטאַריאַט אין בונד מיט אַנדערע אונטערדריקטע עלעמענטן פון לאַנד קעגן דער טערקישער רעגירונג", — דאַרף מען בלויז פאַרבייטן דאָס וואָרט „טערקישע" אויף „ענגלישע" און מיר האָבן פאַר זיך דאָס בילד פון דעם 30־יעריקן געראַנגל פון יידישן ישוב, מיט דער אַרבעטערשאַפט בראש, קעגן דער ענגלישער קאָלאָניאַלער מאַכט. און ווי ריכטיק האָט ער שוין דעמאָלט אָנגעמערקט די ראָל פון דער יידישער בורזשואַזיע אין לאַנד, וואָס האָט געוואָלט זיין לאָיאַל צו דער הערשנדיקער מאַכט, און איז אָבער אין גאַנג פון דער אַנטוויקלונג בעל־כרחה אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם געראַנגל. און ווי גלענצנד האָט זיך עס באַשטעטיקט, אַז „אין אַוואַנגאַרד פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג וועט זיך געפינען דער פּראָלעטאַריאַט".

און ווידער האָט זיך אַרויסגעוויזן, דאַסמאָל ביים סוף פון צווייטן וועלט־קריג, די גרויסע וואָגיקייט פון דער טאָפּלטער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרינטערעסירטקייט. דער קאָנפליקט אין ארץ־ישראל איז שוין געוואָרן אַזוי צוגעשפּיצט, אַז ס'האָט געמוזט קומען די אינטערנאַציאָנאַלע אַריינמישונג צו רעגולירן די לאַגע אין לאַנד. יעדער פון די דעצידירנדיקע אינטערנאַציאָנאַלע פאַקטאָרן האָט דערביי, נאַטירלעך, געהאַט זיינע אויסרעכענונגען, אָבער צוזאַמען האָבן זיי געמוזט זיך אַריינמישן אויף צו ענדערן די לאַגע אין לאַנד. און די יידן־פראַגע, אַלס אַן אַלוועלטלעכע פראַגע, אַן אומגעהויער פאַרשאַרפטע דורך דער שוידערלעכער תקופה פון דער נאַצישער הער־שאַפט — איז אַרויסגעטרעטן אין איר גאַנצן גרויל און געמאָנט אַן ענטפער, געפאָ־דערט אַ ראַדיקאַלע לייזונג. דאַסמאָל האָט שוין אָבער אין ארץ־ישראל געקעמפט, אונטער דער אָנפירונג פון אַרבעטער־קלאַס, אַ יידישער ישוב פון 650 טויזנט נפשות. און ס'האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק די פאָרויסזעונג, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל וועט אין זיין קאַמף „נישט בלייבן איינזאַם און וועט נישט איבערגעלאָזט ווערן בלויז אויף זיינע אייגענע כוחות; אים צוהילף וועט קומען די יידישע באַפעלקערונג אין גלות". אויך די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָגרעסיווע כוחות, מיטן ראַטנפאַרבאַנד בראש, האָבן געגעבן די גרעסטע אונטערשטיצונג. איז טאַקע דער רעזולטאַט געווען — די רעאַליזירונג פון דער „טעריטאָריאַלער פּאָליטי־שער אויטאָנאָמיע פאַרן יידישן פאָלק" — אין דער פאָרעם פון מדינת־ישראל!

די דאָזיקע גרויסע רעוואָלוציע אינעם לעבן פון יידישן פאָלק איז נאָך נישט פאַרענדיקט. פונעם יידישן פאָלק זענען קאָנצענטרירט אין מדינת־ישראל דערווייל בלויז אָנדערטהאַלבן מיליאָן. מיר שטייען ערשט אינמיטן דעם גראַנדיעזן פּראָצעס

פון קיבוץ־גלויות. און ווי אַקטועל עס קלינגען פאַר אונדז די ווערטער פון באָראָ־כאָוון: „שוין ביים סאַמע אָנהייב פון דער סטיכישער יידישער איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע וועט זיך דאָרט צעפלאַקערן אַן עקשנותדיקער קאַמף צווישן יידישער אַרבעט און יידישן קאַפּיטאַל, וואָס וועט אָנגיין מיטאַמאָל אויף אַלע אָפּשניטן — אויפן עקאָנאָמישן, קולטורעלן און פּאָליטישן"... אָט דער קאַמף גייט אָן אין מדינת־ישראל פאַר דער געשטאַלטונג פון דעם היינט און פונעם מאָרגן פון דער יידישער מדינה.

און אַז מיר האָבן מיט אַזוי פיל מי און קרבנות פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט אין ארץ־ישראל, מיטן בלוט פון די בעסטע פון אונדזער יוגנט, און מיט דער הילף און שטיצע פון די ברייטסטע יידישע מאַסן און פון אַלע פּראָגרעסיווע כוחות אין דער וועלט דערגרייכט די רעאַליזירונג פון מדינת־ישראל — לאָמיר אויך געדענ־קען די ווערטער פון באָראָכאָוון פון קרוב אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק וועגן אונדזער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט:

„פאַרן בורזשואַזן ציוניזם איז דאָס דער ענד־אידעאַל, פאַרן פּראָלעטאַרישן ציוניזם איז עס אַן איבערגאַנגס־עטאַפּ אויפן וועג צום סאָציאַליזם".

דאָס איז אַן אַקטועלער געבאָט!

בער באָראָכאָוו

# דער וועג צו דער טעריטאָריאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע פונעם יידישן פאָלק

די פּאָליטישע טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע פאַר די ייִדן אין פּאַלעסטינע — דאָס איז דער ציל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. פאַרן בורזשואַזן ציוניזם איז דאָס דער ענד־אידעאַל, פאַרן פּראָלעטאַרישן ציוניזם איז עס אַן איבערגאַנג־עטאַפּ אויפן וועג צום סאָציאַליזם.

ווי אַזוי וועט דערגרייכט ווערן דער דאָזיקער פּאָליטישער ציל? — דורך דעם פּאָליטישן קאַמף.

די גאַנצקייט פון דער טערקישער אימפּעריע ווערט אין וואָרצל אונטערגעגראָבן דורך נאַציאָנאַלע סכסוכים. דאָרט, ווו דער נאַציאָנאַלער קאַמף צעפלאַקערט זיך נאָכדעם, ווי די אורשפּרינגלעכע קאַפּיטאַליסטישע אַקומולאַציע האָט שוין באַוויזן צו מאַכן געוויסע שריט, און דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט איז געלונגען פעסט זיך איינפונדעווען אין לאַנד — דאָרט איז די נאַציאָנאַלע פראַגע, הגם זי טאָרמאָזירט די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־כוחות און פאַרהאַלט דעם נאָרמאַלן גאַנג פון געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן, דאָך נישט בכוח אינגאַנצן אָפּצוהאַלטן די עוואָלוציע פון קאַפּיטאַל און די דעמאָקראַטיזירונג פון דער געזעלשאַפט. נישט זעלטן ווערט אין אַזעלכע פאַלן די נאַציאָנאַלע פראַגע געלייזט אָן דער צעפאַלונג פון דער מדינה. אין בעלגיע, למשל, האָט די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, גובר זייענדיק די מחיצות, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַלער פראַגע, געבראַכט צום פרידלעכן צוזאַמענלעבן פון די פריִער פיינטלעכע פעלקער אויף יסודות פון קעגנזייטיקער אַכטונג און גלייכבאַרעכטיקונג. מען קען רעכענען, אַז אין עסטרייך, רוסלאַנד און דייטשלאַנד וועט די נאַציאָנאַלע פראַגע, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָך דער פאַרפעסטיקונג פון קאַפּיטאַליזם, אויך געלייזט ווערן איינהאַלטנדיק די אייניקייט פון דער מדינה. אָבער, אויב די נאַציאָנאַלע פראַגע האָט זיך אַנטוויקלט אין וועלכן עס איז לאַנד, איידער עס האָט זיך דאָרט איינגעפונדעוועט די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט, ברענגט די אַנט־

וויקלונג פון די פּראָדוציר־כוחות אומפּאַרמיידלעך צום פונאַנדערפאַל פון דער מדינה אויף נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס. ווי נאָר ס'הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליזם אין וועלכן ס'איז טייל פון אַזאַ מדינה, ווייזט אַרויס דער דאָזיקער טייל אַן אומפּאַרמיידלעכע טענדענץ צום אָפּ־רייסן זיך.

אַזוי אַרום זענען פון דער אַמאָליקער שפּאַנישער גרויסמאַכט אָפּגעפאַלן איינע נאָך די אַנדערע די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, וועלכע האָבן געבילדעט באַזונדערע נאַציאָנאַלע מדינות. פּונקט אַזוי דויערט שוין באַלד אַ גאַנץ יאָר־הונדערט דער פונאַנדערפאַל פון טערקיי. ווי נאָר ס'האָט זיך באַוויזן דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליזם אין גריכנלאַנד, סערביע, רומעניע, עגיפּטן, בול־גאַריע, באָסניע, מזרח־רומעניע — זענען זיי אָפּגעפאַלן איינע נאָך דער צוויי־טער. צוליב די זעלבע סיבות האָבן די אינדזלען סאַמאָס און קרעטאַ באַקו־מען כמעט אומבאַגרענעצטע טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע. און דער דאָזיקער פּראָצעס — פון אָפּפאַלן פון טערקיי פון יענע געביטן, ווו צווישן דעם איבער־וועגנדיקן פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, — איז שטענדיק פאָרגעקומען אויף דעם זעלבן אופן. דער טערקישער רעזשים איז אַן אויסערלעכע באַדינגונג, וועלכע טאָרמאָזירט און אונטערדריקט דאָס פּראָדוציר־לעבן פון די באַזונדערע טיילן פון טערקיי. ווען אונטערן איינפלוס פון דעם וואַקסנדיקן וועלט־קאַפּיטאַליזם קומט אויף אין די דאָזיקע געביטן די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־כוחות, דאַן אַנטשטייט דער נאַציאָנאַלער קאָנפליקט — צווישן דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־כוחות און צווישן די אויסערלעכע פּראָדוקציע־באַדינגונגען. אין לאַנד הייבט זיך אָן אַ נאַציאָ־נאַלע רעוואָלוציע אונטער דער העגעמאָניע פון דער יונגער בורזשואַזיע, דער פאָרשטייערין פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם. די טערקישע רעגירונג טרעט אַריין אין קאַמף קעגן די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, נישט אָפּשטעלנדיק זיך, נאַטירלעך, פאַר קיין שום מיטלען. די וואַקסנדיקע פאַר־שאַרפונג פון די דאָזיקע קאָנפליקטן רופט זיך אָפּ שעדלעך אויף די עקאָנאָמי־שע און פּאָליטישע אינטערעסן פון די אייראָפּעיִשע גרויסמאַכטן, רופט אַרויס זייער אַריינמישונג אין די אינערלעכע ענינים פון טערקיי, וואָס ווערט גע־ווינלעך געריכטעט לטובת די רעוואָלטירנדיקע נאַציעס. אין רעזולטאַט פון נאַציאָנאַלן קאַמף און אינטערנאַציאָנאַלער אַריינמישונג באַקומען די באַזונ־דערע טיילן פון אַמאָליקן טערקיי טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע אויף מער־ווייניקער דעמאָקראַטישע יסודות.

...כל זמן דער נאַציאָנאַלער צוזאַמענשטעל פון טערקיי בלייבט ווי ביז איצט, קען זי זיך נישט אַנטוויקלען קאַפּיטאַליסטיש און דעמאָקראַטיש. ווייל די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אַנטשטאַנען אין טערקיי איידער עס האָט זיך דאָרטן איינגעפונדעוועט דער קאַפּיטאַליזם, מוז זי אויך געלייזט ווערן איידער טערקיי וועט פולשטענדיק אַרויפגיין אויפן וועג פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. דאָס באַדייט, אַז דער פונאַנדערפאַל פון טערקיי איז אומפּאַרמיידלעך. נאָר ווען עס וועלן פון איר אָפּפאַלן מאַקעדאָניע, אַרמעניע, פּאַלעסטינע — אפשר סיריע, מעסאָפּאָטאַמיע און קורדיסטאַן, — וועט מען קענען ערנסט רעדן וועגן

דער קאַפּיטאַליזירונג און דעמאָקראַטיזירונג פון טערקיי. מעגלעך אויך, אַז ביידע פּראָצעסן וועלן זיך אַנטוויקלען פּאַראַלעל: פון איין זייט די קאַפּיטאַליזירונג און דעמאָקראַטיזירונג פון די עיקרדיקע טערקישע געביטן, פון דער צווייטער — דער אָפּפאַל פון די ראַנד־געביטן. ווי עס זאָל נישט זיין, וועט פּאַלעסטינע אָפּפאַלן פון טערקיי און בילדן אַ פּאָליטיש־אויטאָנאָמע טעריטאָריע. דער פּראָצעס פון באַקומען דורך די יידן טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע וועט אין אַלגעמיינע שטריכן צונויפפאַלן מיט די היסטאָרישע דערשיינונגען, וועלכע מיר האָבן אויבן באַשריבן.

דערביי וועלן אָבער זיין אויך וועזנטלעכע אונטערשיידן. ביז איצט איז די אָפּפאַלונג פון די טערקישע ראַנד־געביטן פאָרגעקומען דורך דעם רייך־נאַציאָנאַלן קאַמף, בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען די בורזשואַזיע. די רעאַליזירונג פון דער טעריטאָריאַלער פּאָליטישער אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע וועט פאָרקומען, הויפּטזעכלעך, דורכן קלאַסן־קאַמף, און אין אַוואַנגאַרד פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג וועט זיך געפינען דער פּראָלעטאַריאַט.

די יידישע איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע טראָגט אין זיך אַלע באַדינגונגען פאַרן סאַמע שאַרפן קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל אין לאַנד...

שוין ביים סאַמע אָנהייב פון דער סטיכישער יידישער איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע, וועט זיך דאָרט צעפלאַקערן אַן עקשנותדיקער קאַמף צווישן יידישער אַרבעט און יידישן קאַפּיטאַל, וואָס וועט אָנגיין מיטאַמאָל אויף אַלע אָפּשניטן — איינן עקאָנאָמישן, קולטורעלן און פּאָליטישן...

פּונקט אַזוי ווי עס איז אומפאַרמיידלעך דער קלאַסן־קאַמף צווישן דער יידישער אַרבעט און דעם יידישן קאַפּיטאַל, וועלכע וואַנדערן איין סטיכיש קיין פּאַלעסטינע, פּונקט אַזוי איז אויך אומפאַרמיידלעך די אַריינמישונג פון דער טערקישער אַדמיניסטראַציע אין דעם דאָזיקן קאַמף; און פּונקט אַזוי איז אומפאַרמיידלעך די רעוואָלוציאָנערע ווענדונג פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט קעגן דער טערקישער רעגירונג. הגם די טערקישע ביוראָקראַטיע וועט אין אָנהייב זיך שטעלן אויף דער זייט פון די באַלעבאַטים קעגן די אַרבעטער, וועט די דאָזיקע אַפּוטרופּסות גיך ווערן אומדערטרעגלעך און פאַרהאַסט אויך ביי די באַלעבאַטים אַליין. די יידישע בורזשואַזיע אין פּאַלעסטינע וועט זיך געפינען אין דער זעלבער צווייזייטיקער, קיצלדיקער און אומאַנטשיידענער סיטואַציע, אין וועלכער זי געפינט זיך אין גלות. אָבער די גראָדלניקע טערקישע ביוראָקראַטיע, אַרויסטרעטנדיק אין קאַמף קעגן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועט זיך ווענדן מיט דער צייט אויך קעגן דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. וואָס ברייטער עס וועט ווערן די יידישע איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע, וואָס ברייטערע קרייזן פון דער פעלאַכישער באַפעלקערונג עס וועלן אַריין אין דער איינפלוס־ספערע פון דער יידישער ווירטשאַפט און קולטור, אַלץ אַ וויכטיקערע באַדייטונג וועט קריגן דער קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין בונד מיט אַנדערע אונטערדריקטע עלעמענטן פון לאַנד קעגן דער טערקישער רעגירונג.

אין דעם דאָזיקן קאַמף וועט דער פּראָלעטאַריאַט פון פּאַלעסטינע נישט בלייבן איינזאַם און וועט נישט איבערגעלאָזט ווערן בלויז אויף זיינע אייגענע

כוחות. אים צו הילף וועט קומען די יידישע באַפעלקערונג פון גלות, וועלכע וועט זיין, צוליב איר אייגענער עמיגראַציע־נויט, בלוטיק פאַרינטערעסירט, אַז דאָס לעבן אין פאַלעסטינע זאָל זיין ווי ווייט מעגלעך פרידלעכער און פרייער. די גרעסטע און די אַקטיווסטע הילף דעם קעמפנדיקן פאַלעסטינער פראָלעטאַריאַט וועלן לייסטן די יידישע אַרבעטער פון גלות... אויך דער אינטערנאַציאָנאַלער פראָלעטאַריאַט וועט געבן מאָראַלישע שטיצע... וואָס דעמאָקראַטישער עס וועלן זיין די לעבנס־פאָרמען אין גלות, וואָס פולער עס וועלן דאָרט זיין די רעכט פון דער יידישער נאַציע, אַלץ מער ממשותדיקע אונטערשטיצונג וועט באַקומען דער קעמפנדיקער פאַלעסטינער אַרבעטער־קלאַס פון זיינע קלאַסן־ברידער און פאָלקס־ברידער אין גלות.

אָבער דער גרעסטער כוח, אויף וועלכן עס וועט זיך שטיצן דער פאַלעסטינער פראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמף קעגן דער טערקישער רעגירונג, דאָס איז די טאָפּלטע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרינטערעסירטקייט: ערשטנס אין דער ראַדיקאַלער ליזונג פון דער יידן־פראַגע בכלל, און צווייטנס אין דער אויסרעגולירונג פונעם פאָליטישן לעבן אין פאַלעסטינע. וועגן דער ערשטער פאַרינטערעסירטקייט ווייסן מיר שוין גענוג. אָבער די גרויסמאַכטן, וועלכע אָפּערירן אויפן וועלט־מאַרק, זענען נאָך שטאַרקער פאַרינטערעסירט אין אויפשטעלן רו און אָרדענונג אויפן נאָענטן מזרח, בפרט אין פאַלעסטינע; אפשר אַפילו אין פאַלעסטינע מער ווי ערגעץ אַנדערש. נאָך דער אַריינמישונג פון דער טערקישער אַדמיניסטראַציע אין קאַמף צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט אין פאַלעסטינע, נאָך די רעפּרעסיעס מצד דער טערקישער רעגירונג קעגן דעם יידישן פראָלעטאַריאַט און דעם גאַנצן יידישן ישוב, וועט אומפאַרמיידלעך קומען אויך די אינטערנאַציאָנאַלע אַריינמישונג מיטן ציל צו רעגולירן דעם מצב אין פאַלעסטינע. די אינטערנאַציאָנאַלע אַריינמישונג וועט ווערן אַלץ ענערגישער און אַנטשיידענער אין דער מאָס, ווי עס וועט, פון איין זייט, רייף ווערן די פאַרינטערעסירטקייט פון די קולטורעלע פעלקער אין דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע בכלל, און פון דער צווייטער זייט — אין דער מאָס ווי ס'וועט זיך פאַרשאַרפן די רעוואָלוציע אין פאַלעסטינע.

אַגב, רוסלאַנד איז אַמיינסטן פאַרינטערעסירט אין דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע. רוסלאַנד וועט אויך שפּילן אַן אויסערגעוויינלעך אָנגעזעענע ראָל אין פאָדער־אַזיע. בכלל טאָר מען נישט פאַרגעסן, אַז רוסלאַנד וועט זיין איינע פון די אַמייִנסטן איינפלוסרייכע כוחות ביי דער געשטאַלטונג פון דער יידישער צוקונפט. דאָס לאָזן אַרויס שטענדיק פון אַכט יענע, וועלכע האַלטן, אַז די „רעטונג“ אין דער פאָרם פון אַ „טשאַרטער“ וועט קומען פון ענגלאַנד, פון דער גרויסמאַכט, וואָס איז פאַרינטערעסירט ווייניקער פון אַנדערע.

אין דער ערשטער צייט וועט די אַריינמישונג פון די גרויסמאַכטן אין די אינערלעכע ענינים פון פאַלעסטינע זיין אומגינסטיק פאַרן יידישן פראָלעטאַריאַט: די רעוואָלוציע אין פאַלעסטינע וועט מאַרשירן אונטער דער פאָן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און בראש פון די גרויסמאַכטן, וועלכע וועלן זיך באַטייליקן אין דער דאָזיקער אינטערווענץ, וועלן זיך געפינען בורזשואַזע רעגירונגען.

אָבער די אומאויפהערלעכע רייבונגען און צוזאַמענשטויסן אין פּאַלעס־טינע וועלן במשך פון דער צייט צווינגען די בורזשואַזע אייראָפּעיִשע רעגירונ־גען אַרויפגייך אויפן וועג פון דעמאָקראַטישע רעפאָרמעס אין פּאַלעסטינע. דער קלאַסן־קאַמף פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, צוערשט געריכטעט קעגן ייִדישן קאַפּיטאַל, שפּעטער קעגן דער טערקישער רעגירונג, וועט צום סוף זיך ווענדן אומדירעקט קעגן דער אַלוועלטלעכער בורזשואַזיע; און אין רעזולטאַט דערפון, וועט די וועלט־בורזשואַזיע, כדי צו גאַראַנטירן רו אין פּאַלעסטינע, נאָכגעבן די פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

די ייִדישע בורזשואַזיע, וועלכע איז אויך פאַרינטערעסירט אינעם ענד־גילטיקן נצחון פון די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט — אין דער באַפרייונג פון פּאַלעסטינע פונעם טערקישן יאָך — וועט אויך נעמען אַן אַנטשפּרעכנדיקן אָנטייל אין די דאָזיקע אַלע פּראָצעסן. זי וועט דאָס אָבער שטענדיקן טון מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַר איר אומאַנטשלאָסנ־קייט, מורא האָבנדיק שטענדיק פאַר געפערלעכע שריט, איבערלאָזנדיק דעם פּראָלעטאַריאַט איינזאַם אין קריטישע מאָמענטן, שטרעבנדיק שטענדיק אויס־צונוצן לטובת זיך אַלע פּרוכטן פונעם קאַמף און פון די קרבנות פונעם אַרבע־טער־קלאַס.

אין רעזולטאַט פון דעם אַלעמען, אַ דאַנק דעם קלאַסן־קאַמף פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט און דורך דער אינטערנאַציאָנאַלער אינטערווענץ, צו וועלכער עס וועט גורם זיין דער דאָזיקער קאַמף, וועט פּאַלעסטינע באַקומען די פּאָליטישע אויטאָנאָמיע.

די היסטאָרישע נויטווענדיקייט פירט אומאָפּנויגלעך צו דער רעאַליזירונג פון דער טעריטאָריאַלער פּאָליטישער אויטאָנאָמיע פאַרן ייִדישן פאָלק דורכן קלאַסן־קאַמף פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

**פון „אונדזער פּלאַטפאָרם", געדרוקט אין דער „יידי־שער אַרבעטער־כראָניק" (רוסיש), אָרגאַן, פון פּועלי־ציון, פּאָלטאַווע, 23טער יוני 1906.**

# פועלי־ציון פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן פאָרום

דער צווייטער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל, געגרינדעט אין יאָר 1889, האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון ערשטן וועלט־קריג. ער איז זיך צעפאַלן מיטן אויסברוך פון קריג. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען, אַ חוץ דער רוסישער, סערבישער און איטאַליענישער, האָבן געשטיצט דעם פעלקער־מאָרד. זייערע דעפּו־טאַטן אין די פּאַרלאַמענטן האָבן געשטימט פאַר די קריגס־בודזשעטן, און אַ ריי לענ־דער זענען זיי אַריין אין קאָאַליציע־רעגירונגען מיט די בירגערלעכע פאַרטייען.

די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ אין צימערוואַלד (שווייץ) אין יאָר 1915 — דאָס אַזי דער ערשטע פּרווו צוריק אויפצובויען די חורבות פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט פאַרטייען אָדער טיילן פון פאַרטייען, וועלכע זענען געבליבן געטריי די פּרינציפּן פון קלאַסן־קאַמף און פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. דער מאַניפעסט פון דער צימערוואַלדער קאָנפערענץ האָט געזאָגט: „אייראָפּע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקן שעכט־הויז פון דער מענטשהייט... די הערשנדיקע כוחות אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט טראָגן די פולע אַחריות פאַר דעם דאָזיקן קריג... די סאָציאַליסטישע פאַרטייען און די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין די פאַרשיידענע לענדער האָבן אין אָנהייב פון קריג געבראָכן זייערע פאַרפליכטונגען... אַזוי אַרום האָבן זיי געגומען אויף זיך די אַחריות פאַר דעם דאָזיקן קריג... מיר זענען זיך צונויפגעקומען, כדי באַנייען די איבערגעריסענע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען... כדי אָנצוהייבן דעם קאַמף פאַרן שלום... דאָס איז דער קאַמף פאַר דער פרייהייט, פאַר דער פעלקער־פאַרברי־דערונג, פאַרן סאָציאַליזם... מען דאַרף אָנהייבן דעם געראַנגל פאַרן פרידן אָן אַנעק־סיעס און אָן קאָנטריבוציעס. די זעלבסטבאַשטימונג פון די נאַציעס דאַרף דינען אַלס אומדערשיטערלעכער יסוד פון די אינטערנאַציאָנאַלע באַציונגען".

דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־פאַרבאַנד „פועלי־ציון" האָט אין נאָוועמבער 1915 פאַרעפנטלעכט אין האַג, דער הויפּטשטאָט פון נייטראַלן האָלאַנד, אַ בוך „יידן אין קריג", וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מעמאָ־ראַנדום (באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער רויטבוך") צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָ־ציאַליסטישער וועלט, וועגן דער יידן־פראַגע און וועגן איר ציוניסטיש־סאָציאַליסטי־שער לייזונג.

דער מחבר פון דעם מעמאָראַנדום איז געווען חבר שלמה קאַפּלאַנסקי.

אין יאָר 1916 איז זיך צונויפגעקומען אין קינטאַל (שווייץ) די צווייטע סאָציאַ־ליסטישע קאָנפערענץ, גערופן דורך די קעגנער פון סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם. די קאָנ־

פערענץ האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער פּאַרטיידיקונג פון בורזשואַזן פאָטערלאַנד; זי האָט פּראָקלאַמירט, אַז דער קאַמף פאַרן פרידן איז פאַרבונדן מיט קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם. די מערהייט פון דער קאָנפערענץ האָט אָפּגע־וואָרפן דעם געדאַנק, אַז בלויז דער בירגער־קריג וועט ברענגען דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער מאַכט און וועט .אַזוי אַרום מאַכן אַ סוף צום אימפּעריאַליסטישן קריג. די מינדערהייט האָט אָנגעוויזן, אַז עס איז נייטיק באַצייטנס צוצוטרעטן צו דער גרינדונג פון אַ נייעם רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַל.

דער האָלענדיש־סקאַנדינאַווישער סאָציאַליסטישער קאָמיטעט, אַלס פאָרשטייער פון די אַרבעטער־פּאַרטייען פון די נייטראַלע לענדער, האָט פאָרגעלייגט צו רופן אין שטאָקהאָלם אין יאָר 1917 אַ קאָנפערענץ, ווו עס זאָלן זיך טרעפן די פאָרשטייער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די קעמפנדיקע לענדער, כדי צו זוכן אַ וועג צום פרידן.

אין יולי 1917 איז דערשינען פאַרן האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט אַ דע־לעגאַציע פון אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון" אין באַשטאַנד פון די חברים: ב. באָראָכאָוו, ל. כאַזאַנאָוויטש, זרבבל. די דעלעגאַציע האָט רעפערירט די שטעלונג פון דער באַוועגונג צו די פּראָבלעמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג און האָט געגעבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די נאַציאָנאַלע פאָדערונ־גען פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס. אין אויגוסט 1917 האָט די דעלעגאַציע דער־לאַנגט אַ מעמאָראַנדום, אונטערגעשריבן אויך דורך די חברים ש. קאַפּלאַנסקי און ב. לאָקער.

און אָקטאָבער 1917 האָט דער האָלענדיש־סקאַנדינאַווישער קאָמיטעט אַרויסגע־לאָזט אַ מאַניפעסט וועגן די וויכטיקסטע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. צום ערשטן מאָל איז דאָ אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן דאָקומענט אָנערקענט געוואָרן דאָס רעכט פון יידישן פאָלק אויף נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין די לענדער פון זיין צעשפּרייטונג און דאָס רעכט אויף איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל.

די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ אין שטאָקהאָלם איז נישט צושטאַנדגעקומען, ווייל די באָלשעוויקעס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו טרעפן מיט די סאָציאַל־פּאַטריאָטן.

# מעמאָראַנדום

## פון יידישן סאָציאַליסטישן אַרבעטער פאַרבאַנד „פּועלי־ציון“, צום האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן סאָציאַליסטישן קאָמיטעט

אין נאָמען פון די אַלע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע געהערן צום ייִדישן סאָציאַליסטישן אַרבעטער־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון“, באַגריסן מיר אויפן האַר־ציקסטן אופן די געמיינזאַמע שלום־אַקציע פונעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס און פונעם האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט. באַזונדערס באַגריסן מיר מיט פרייד יעדן שריט, וועלכער איז מסוגל צו דערנענטערן די וועלט צום הייס־באַגערטן שלום, וואָרום דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער איז אין קיין איינציקער מינוט פון די פאַרגאַנגענע קריגס־יאָרן, נישט קוקנ־דיק אויף אַלע אַנטוישונגען, נישט שוואַך געוואָרן אין זיין אינטערנאַציאָנאַ־לער געזינונג און זיין גלויבן אין דער מענטשהייט, און די אידייע פון פעלקער־פאַרברידערונג איז אַן אוראַלטער אידעאַל פון אונדזער פאָלק. דאָס ייִדישע פאָלק, וועלכעס האָט ערובניקעס אין אַלע לענדער צוגלייך, קלערט נישט וועגן פאַרווירקלעכן זיינע נאַציאָנאַלע טענות דורכן כוח פון געווער. עס האָט דאָס באַוווסטזיין, אַז בלויז אין אַן אַטמאָספער פון קעגנזייטיקער גוטפריינט־שאַפט און פון אַ פרידלעכער צוזאַמענאַרבעט פון די פעלקער וועט עס זיך קענען אַנטוויקלען און שטרעבן צו זיינע נאַציאָנאַלע צילן.

די הויפּט־אויפגאַבע פון די פאָרשטייענדיקע באַראַטונגען זעען מיר דע־ריך, אַז קעגן די קריגס־צילן פון די רעגירונגען זאָל מען אַרויסשטעלן דעם שלום־ווילן און די שלום־באַדינגונגען פון דעם ווידער־פאַרייניקטן וועלט־פּראָלעטאַריאַט און אָרגאַניזירן דעם קאַמף פאַרן שלום. די אימפּעריאַליסטי־שע רעגירונגען, וואָס האָבן אויף זייער באַוווסטזיין דעם מוראדיקן פעלקער־מאָרד, זענען נישט אימשטאַנד איינצוהאַלטן די עלעמענטן פון פאַרניכטונג, וועלכע זיי האָבן צעלאָזט: נישט זיי האָבן די קראַפט צו שאַפן פאַר זייערע קריגס־צילן דעם זיג, נישט זיי האָבן דעם מוט זיך אָפּצוזאָגן פון זיי. די בלוטנ־דיקע מענטשהייט וואַרט אויף איר דערלייזער. דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָ־לעטאַריאַט מוז באַקומען דעם באַוווסטזיין וועגן זיין היסטאָרישער מיסיע, אַריינצונעמען אין זיינע הענט דעם גורל פון די פעלקער און שאַפן מיט פאַריי־

ניקטע קרעפטן אַ שלום, וועלכער זאָל אויסשליסן די געפאַר פון צוקונפטיקע מלחמות און גלייכמאַכן דעם וועג פאַר דער סאָציאַלער עמאַנציפּאַציע פון דער מענטשהייט. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט דערוואַרט, אַז אין די ראַמען פון די נאַציאָנאַלע פּראַגעס, וואָס דאַרפן באַהאַנדלט ווערן, וועט אָפּגעגעבן ווערן פאַר דער יידן־פראַגע דאָס אָרט וואָס איר קומט.

קודם־כל זאָל אונדז זיין דערלויבט אָנצוווייזן אויף צוויי פאַקטן, וואָס לויט אונדזער מיינונג זענען זיי שטאַרק שולדיק דערין, וואָס ביים אויסברוך פון קריג האָט זיך אָנגעהויבן דער קריזיס אינעם אינטערנאַציאָנאַל.

פון איין זייט איז אַ פאַקט, אַז אויטאָריטעטע גרופּעס פון אינטערנאַציאָנאַל האָבן געהאַט אַ קנאַפּע השגה וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע און האָבן זי סיסטעמאַטיש איגנאָרירט. דעריבער איז געשען, אַז טיילן פון אַרבעטער־קלאַס האָבן אין אַנטשיידנדיקן מאָמענט, ווען די קריגס־העצער האָבן צעהיצט די פּאַטריאָטישע ליידנשאַפטן, נישט געקענט אונטערשיידן צווישן דעם נאַ־ציאָנאַליסטישן שאָוויניזם און דעם געזונטן קערן פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק, און האָבן זיך געלאָזט באַהערשן פון נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיעס. כדי דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל קענען דערפילן זיין הויכע מיסיע פון דער פעלקער־פאַרברידערונג, מוז ער זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון וועגן די לעבנס־אינטערעסן פון די נאַציעס און ווערן דער פאַרטיידיקער פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער. מיר טיילן די מיינונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין באָסניע און הערצעגאָווינע, אַז נישט די מלוכות, נאָר די פעלקער זאָל מען באַטראַכטן אַלס יסוד פון די אונטערהאַדלונגען איבער דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, און אין דעם באַשטאַנד גופא פון דעם אינטערנאַציאָנאַל זאָל דער מלוכה־פּרינציפּ, וואָס האָט דאָמינירט ביז אַהער, דערגענצט ווערן דורך דעם נאַציאָ־נאַלן פּרינציפּ, כדי עס זאָל אין אים אויסגעדריקט ווערן אין אָרגאַניזאַטאָרי־שער הינזיכט די גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע פעלקער, נישט קוקנדיק אויף די מלוכה־גרענעצן.

פון דער אַנדערער זייט איז דער אינטערנאַציאָנאַל ביז אַהער קיינמאָל נישט געווען מער, ווי אַ לויזע פאַרבינדונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די פאַרשיידענע מלוכות. ער האָט לחלוטין נישט געהאַט אין זיין רשות די פאַרייניקטע מאַכט־מיטלען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַ־וועגונג. אָבער דער אינטערנאַציאָנאַל וועט בלויז דעמאָלט קענען מיט דער־פאָלג אַרויסשטעלן די פעלקער־פאַרברידערנדיקע פּאָליטיק, ווען ער וועט ווערן דער העכסטער געזעצגעבנדיקער און עקזעקוטיווער אָרגאַן פונעם אָרגאַ־ניזירטן וועלט־פּראָלעטאַריאַט.

מיר באַגריסן דעם פאַקט, וואָס די אָנטיילנעמער פון דער פאַרשטייענ־דיקער שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ האַלטן פאַר אַ תנאי קודם למעשה די פאַרפליכטונג, פעסט דורכצופירן זייערע באַשלוסן.

## אַלגעמיינע יסודות פון שלום

מיר שטייען צו פולשטענדיק צו די פאָדערונגען פון אַלגעמיינער אַנט־וואָפענונג, דעמאָקראַטיזירונג פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק, נייטראַליזי־

רונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָמוניקאַציע־וועגן אויפן ים און אויף דער יבשה, פרייען האַנדל און קאָמוניקאַציע, פרייהייט פון אײַנוואַנדערן, באַזעצן זיך און זיך קאַלאָניזירן און אומבאַגרענעצטע זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פאַר אַלע פעלקער. צו דער פאַרווירקלעכונג פון די דאָזיקע פאָרשלאַגן, וואָס האָבן דעם צוועק צו שאַפן אַ נייעם פעלקער־רעכט, מוזן געשאַפן ווערן איבערמלוכהשע אָרגאַנען, וועלכע זאָלן פאַרמאָגן די פולע נייטיקע מאַכט, כדי צו שטיין אויף דער וואַך, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן זאָלן געוויסנהאַפט אָפּגעהיט ווערן. אָבער דער שלום־בונד פון די פעלקער, וועלכער איז געוואָרן אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט, וואָלט נישט האָבן קיין שום אויסזיכט אויף עקזיסטענץ, ווען ער זאָל פאַרייניקן אין זיך די אַלע ווידערשפּרוכן און אַנטאַגאָניזמען, וועלכע האָבן צעשפּרייט די וועלט־שרפה. אַז די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן שפּילן אַ ממשותדיקע ראָלע אין דער איצטיקער וועלט־קאַטאַסטראָפע, איז אַ פאַקט וואָס לאָזט זיך נישט פאַרלייקענען.

דער קריג האָט דערוויזן מיט דער גרעסטער דייטלעכקייט, ווי שטאַרק יעדע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג קען פירן צו דער שטערונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע באַציִונגען און צו אַ געפאַר פאַר דער גאַנצער קולטור־מענטשהייט. דער שלום־בונד פון די פעלקער קען זיין נאָר אַ בונד פון פרייע פעלקער. דער לאָזונג „שלום אָן אַנעקסיעס” באַקומט זיין אמתן זין ערשט דורך דעם, גלייכצייטיק מיט אים פּראָקלאַמירטן, פּרינציפּ וועגן זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פון די פעלקער. ווייל מען אָבער, אַז דער דאָזיקער פּרינציפּ זאָל ווערן אַ ווירקלעכקייט, טאָר די פראַגע וועגן פעסטשטעלן די רעכט פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין נאַציאָנאַליטעטן־שטאַטן נישט איבערגעלאָזט ווערן אויף דער אַנטשיידונג פון די דאָזיקע מלוכות, נאָר זיי מוזן אינטערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט ווערן אינעם שלום־אָפּמאַך. דערביי דאַרף מען צונויפנעמען אין שלום־טראַקטאַט דעם אינהאַלט פון די פאַרשיידענע פאָרמען פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

דורך דער גרינדונג פון נייע אומאָפּהענגיקע מלוכות, אויך דורך דער איינפירונג פון דער טעריטאָריאַלער נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיע, ווערט געלייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע פאַר די נאַציאָנאַל־איינהייטלעכע געגנטן. אָבער אין נאַציאָנאַל־געמישטע געגנטן ווערט די דאָזיקע פראַגע אין אַ נייער געשטאַלט ווידער אויפגעוואָרפן אָדער פאַרשאַרפט, אין פאַל, ווען עס איז נישט באַוואָרנט די שוץ פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אַזוי ווי בכלל די רעכט פון די נאַציעס, מוזן אויך די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אינטערנאַציאָנאַל פעסטגעשטעלט און גאַראַנטירט ווערן אויפן יסוד פון דער פערסאָנאַלער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. מיר שטייען צו צו דער פאָדערונג פון דער אוקראַיִנישער און פון דער טשעכישער דעלעגאַציע, אַז „ביי דעם אינטערנאַציאָנאַלן שידס־געריכט, וועלכעס זאָל געגרינדעט ווערן, זאָל געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט אויף אָפּצוהיטן די רעכט פון די פעלקער, און אַז יעדעס פאָלק, וואָס פילט זיך באַעוולט אין זיינע רעכט דורך אַן אַנדער פאָלק, אָדער דורך דער מלוכה, צו וועלכער עס געהערט, זאָל האָבן דאָס רעכט

פּאַרצוליייגן זיינע טענות דעם דאָזיקן קאָמיטעט און פּאַרלאַנגען אַן אינטער־נאַציאָנאַלע אינטערווענץ״.

## די יידן־פּראַגע

מיר פאָדערן, אַז אין דעם שלום־טראַקטאַט זאָלן די רעכט פון יידישן פאָלק אינטערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט זיין. נישט קוקנדיק אויף דעם פאַרלוסט פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט און אויף דער אָפּגעריסנקייט פון דער אייגענער ערד, נישט קוקנדיק אויף דער צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט און די כסדרדיקע וואַנדערונגען, זענען די יידישע מאַסן געבליבן אַ פאָלק, וואָס איז געאייניקט דורך געשיכטע, שפּראַך, קולטור, זיטן און עקאָנאָמישער אייגנאַרטיקייט; אַ פאָלק, וואָס ברענגט די שווערסטע קרבנות פאַר דער דער־האַלטונג פון זיין נאַציאָנאַלן אייגנאַרטיקן לעבן.

דאָס, וואָס די גרויסע יידישע מאַסן אין רוסלאַנד און אין רומעניע זענען צענדליקער יאָרן באַעוולט געוועזן אין זייערע מענטשלעכע רעכט — האָט פאַרטונקלט דעם פאַקט, אַז די די יידן־פּראַגע איז, אין איר תוך גענומען, אַ נאַציאָנאַלע פּראַגע. די רוסישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט פאַר די יידן אין דער דאָזיקער מלוכה די בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע, און מען דאַרף דערוואַרטן, אַז די אַנדערע לענדער, ווו יידן פעלן די בירגער־רעכט, וועלן מוזן נאָכטון דעם דאָזיקן ביישפּיל. אָבער אין קעגנזאַץ צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט די רוסישע רעוואָלוציע, אין וועלכער דער יידישער פּראָ־לעטאַריאַט האָט גענומען אַזאַ גרויסן אָנטייל, נישט צונויפגעבונדן די פּראָק־לאַמירונג פון דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג מיט דער באַדינגונג, אַז די יידן זאָלן פאַרלירן זייער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, און עס האָט אַ יסוד די זיכערע דערוואַרטונג, אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט דורכברעכן אַ נייעם וועג אויך בנוגע דער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן. אַזוי אַרום טרעט אַרויס אויף דעם ערשטן פּלאַן די פּראַגע פון דער נאַציאָנאַלער עמאַנ־ציפּאַציע פון די יידן אין אַלע לענדער, ווו זיי וווינען אין די מאַסן.

בפרט איז גערעכטיק די פאָדערונג פון אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר דער רעכט־גלייכהייט פון יידישן פאָלק, ווייל די יידישע פּראַגע האָט אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דאָס צוזאַמענלעבן פון גרויסע יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע, אַמעריקע און פאָדער־אַזיע, דער איינפלוס פון זייער לאַגע אין דעם איינעם לאַנד אויף דער לאַגע אין אַנדערע לענדער, זייער נאַציאָנאַלע רעכטלאָזיקייט אין דאָס רוב מלוכות, דער פאַקט, וואָס די יידישע מינדערהייטן אין פיל לענדער ווערן, קעגן זייער ווילן, דערנידעריקט צו דער מדרגה פון אַ ווערקצייג פאַר נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, דער כסדרדיקער שטראָם פון הונדערטער טויזנטער יידישע עמיגראַנטן פון איין לאַנד אין דעם אַנדערן, דער קאַטאַסטראָפאַלער כאַראַקטער, וואָס די יידישע עמיגראַציע נעמט אָן אין מאָמענטן פון אַ פאַרשטאַרקטן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן דרוק — דאָס אַלץ מאַכט די יידישע פּראַגע פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָבלעם.

אַזוי אַרום איז די יידן־פּראַגע איינע פון יענע נאַציאָנאַלע פּראַגעס, וועלכע מוזן דורכויס רעגולירט ווערן אין דעם שלום־טראַקטאַט. זייענדיק אין

אַלע לענדער אַ מינדערהייט, איז אונדזער פאָלק אָן די דאָזיקע גאַראַנטיעס באַדראָט דורך די געפאַרן פון אַ צוואַנגס־אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלער צע־שפליטערונג, וועלכע זענען מסוגל צו ברענגען דערצו, אַז אויך די בירגער־לעכע גלייכבאַרעכטיקונג זאָל זיין בלויז אַ לפנימדיקע זאַך. פון דער אַנדערער זייט, נייטיקט זיך דאָס יידישע פאָלק אין אָרגאַנען פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, כדי צו אַנטשיידן די אייגנאַרטיקע פּראָבלעמען פון זיין עקזיס־טענץ. אין הסכם מיט דעם גאַנצן אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט פאָדערן מיר די פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר אונדזערע פאָלקס־ברידער אין אַלע לענדער, ווו זיי וווינען מאַסנווייז. די דאָזיקע פאָדערונג האָט דערהויפּט אַ שייַ־כות צו נאַציאָנאַליטעטן־שטאַטן, ווי רוסלאַנד און עסטרייך, ווי אויך צו די נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־געגנטן אין מלוכות, וועלכע זאָלן ערשט געשאַפן ווערן (אוקראַינע, פּוילן, ליטע א״אַ).

פּוילן. מיר זענען פאַר דער גרינדונג פון אַן אומאָפּהענגיק פּוילן, נאָר צוגלייך מוזן מיר פאָדערן פאַרזיכערונגען און אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר די רעכט פון די יידישע איינוווינער אין דעם דאָזיקן לאַנד אַלס בירגער און אַלס נאַציאָנאַליטעט. אַז אָן אַזעלכע גאַראַנטיעס קען דאָס נייע פּוילן ווערן אַ נאַציאָנאַלער קבר פאַר אַ גרויסן טייל פון אונדזער פאָלק, וועגן דעם לאָזט שוין נישט איבער קיין שום צווייפל די פּוילישע געזעלשאַפט, וועלכע פאַר־לאַנגט פון די יידן, זיי זאָלן זיך פולשטענדיק אָפּזאָגן פון זייער נאַציאָנאַלי־טעט. מיר באַדויערן אויפן סאַמע לעבהאַפטסטן אופן, וואָס אויך די מערהייט פון די פּוילישע סאָציאַליסטן נעמען אָן דעם הערשערישן שטאַנדפּונקט פון דער פּוילישער בורזשואַזיע און שליאַכטע בנוגע יידן, און מיר פאַרלאַנגען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל אַרויסגעבן זיין אורטייל אין דער דאָזיקער לעבנס־פראַגע פון דריי מיליאָן יידן.

רומעניע איז אַ קלאָרער ביישפּיל, ווי ווערטלאָז עס זענען אינטערנאַ־ציאָנאַלע אָפּמאַכן פאַר שוץ פון שוואַכע מינדערהייטן, ווען עס איז נישטאָ קיין אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַן, וואָס אין נייטיקן פאַל זאָל מען זיך קענען ווענדן צו אים, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן. אין דעם דאָזיקן לאַנד זענען יידן נאָך מער רעכטלאָז, ווי זיי זענען געווען אין רוסלאַנד פאַר די צייטן פון אַלטן רעזשים. די פאַרשיידענע רומענישע רעגירונגען און דער באַיאַרן־פּאַרלאַמענט האָבן אָן חרפּה און בושה געטרעטן מיט די פיס די רעכט פון די יידן, וועלכע זענען פייערלעך פּראָקלאַמירט געוואָרן אין בערלינער טראַק־טאַט. מיר מאַכן נישט פאַראַנטוואָרטלעך דאָס רומענישע פאָלק פאַר דעם דאָזיקן צושטאַנד, נאָר די הערשנדיקע קלאַסן, וועלכע טרעטן מיט די פיס אויך זייער אייגן פאָלק. מיר דרינגען אָבער פון דעם דאָזיקן ביישפּיל, אַז ביי אַן אָפּמאַך מיט דער זעלבסט־רעגירונג פון אַ לאַנד, מוזן אירע דעמאָקראַטישע יסודות פעסטגעשטעלט ווערן פונקט אַזוי ווי די שוץ פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. דער שלום־קאָנגרעס מוז אָננעמען ווירקזאַמע מיטלען, כדי צו גאַראַנטירן אינעם ווידער־אויפגעריכטן רומעניע די בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן.

# פּאַלעסטינע

די הויפּט־קוועלע פון אַלע ליידן פונעם יידישן פאָלק איז דער פאַרלוסט פון זיין היסטאָרישער היים און זיין צעשפּרייטקייט אין פיל לענדער. די לאַנדלאָזיקייט האָט צוגענומען ביים יידישן פאָלק די מעגלעכקייט זעלבסט־שטענדיק צו פאַרמירן זיין לעבן, האָט געשטעלט זיין גורל אין אַן אומדער־טרעגלעכער אָפּהענגיקייט פונעם גליק אָדער אומגליק פון די פעלקער, וואָס אין די ערטער פון זייער שליטה וווינען די יידן; די לאַנדלאָזיקייט איז די אורזאַך פון זיין אומנאָרמאַלער עקזיסטענץ און פון זיין אויסנאַמלעכער לאַגע צווישן די נאַציעס פון דער ערד; זי איז קודם־כל די אורזאַך פון דער אומגעזונטער דיפערענצירונג פון יידן לויט זייערע פּרנסות און פון דער אומגעזונטער סאָציאַלער שיכטונג ביי יידן, פון דער קליינער פּאָליטישער און סאָציאַלער ווידערשטאַנדספעיקייט, די שטערונגען אין קולטורעלן לעבן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, זייערע שטענדיקע וואַנדערונגען און זייער רולאָזיקייט. און מען דאַרף גאָרנישט אָנווייזן באַזונדערס דערויף, ווי שטאַרק די דאָזיקע אומשטענדן ווירקן אויך אויף דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס.

דער באַגריף וועגן דער דאָזיקער לאַגע, אויך די קיינמאָל נישט איבער־געריסענע גייסטיקע פאַרבינדונג פון דעם יידישן פאָלק מיט דער אַלטער היימאַטס־ערד, האָבן אַרויסגערופן אין לעבן די יידישע פאָלקס־באַוועגונג, וועלכע שטרעבט צו אַ טעריטאָריאַלער פאַרענטפערונג פון דער יידן־פראַגע דורך דער שאַפונג פון אַ קאָמפּאַקטער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. אַ דרינגענדיק מיטל געזונט צו מאַכן דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן, אַ מיטל, וועלכעס מען קען נישט אויסמיידן, — זעען מיר אין דער טיפער עקאָנאָמישער „איבערשיכטונג“, וואָס זאָל זיין געשטעלט אויף דער צוריקפירונג פון אַ מעג־לעכסט גרויסן טייל יידן צו דער לאַנדווירטשאַפט. די קאָלאָניזירונג פון די וואַנדערנדיקע יידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע־ווייזט שוין, נישט קוקנדיק אויף די שטערונגען, אויף אַזעלכע התחלות, וואָס גיבן גרויסע האָפענונגען. זי איז דער אָנהייב פון אַ יידישן קיבוץ פון אַרבעט און קולטור, וועלכן עס איז באַשערט צו ווערן דורך זיין פאַרגרעסערונג אַ צוציונגס־פונקט פאַר דער יידישער עמיגראַציע און אַן אָרט פון פרייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פון אַ פאָלק, וואָס איז געזיכערט אין זיין עקזיסטענץ.

די גרויסע לעבנס־קראַפט, וואָס עס פאַרמאָגט אין זיך דער דאָזיקער שטויסקראַפט פון אַ שטאַרק פאַרצווייגטער נאַציאָנאַלער אויפלעבונגס־באַוועג־טינג־אַרבעט, סיי אינעם פאַקט, וואָס דער דאָזיקער אידעאַל האָט צוריקגע־פּאָלקס־אידעאַל, האָט זיך אַרויסגעוויזן סיי אין דער אויסערגעוויינלעכער גרייטקייט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן צו דינען די צוועקן פון דער פּאַלעס־טינער פּאַלעסטינע־פאָדערונגען זענען היינט נישט בלויז דער נאָענטער ציל גונג, אין וועלכער עס זענען באַטייליקט אַלע קלאַסן פון אונדזער פאָלק. אונ־געבן דעם יידישן פאָלק דעם גלויבן אין זיך אַליין און איז געוואָרן אַ מעכטיקע פון דער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס איז אָרגאַניזירט אין ציוניזם. זיי זענען די פאָדערונגען פון דער גרויסער מערהייט פון דער יידישער דעמאָקראַטיע.

די רעוואָלוציאָנערע איבערבויונג פון די יסודות פון דער יידישער פאָלקס־עקזיסטענץ דורך דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין פּאַלעס־טינע, קען געשען בלויז דורך זעלבסטהילף פונעם יידישן פאָלק. אָבער פון די אַנדערע פעלקער, און נעמלעך פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, זע־נען מיר באַרעכטיקט צו פאַרלאַנגען די באַזייטיקונג פון יענע קינסטלעכע מניעות, וועלכע וועלן מאַכן שווער דעם שאַפונגס־פּראָצעס פונעם יידישן פאָלקס־לעבן אין פּאַלעסטינע, און וועלכע דראָען אים צו פּאַראַליזירן. די שטערונג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט איז אין ווידערשפּרוך צו די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן פון פרייער באַוועגונג פאַר אַרבעטס־זוכנ־דיקע מאַסן און פון דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַשטימונג־רעכט. די שטרעבונג פון יידישן פאָלק צו אַ נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע אין פּאַלעסטינע שטייט אין אַ פולשטענדיקער האַרמאָניע מיט די קאָלאָניזאַטאָרישע אויפגאַבעס פון דער מענטשהייט. אויב דאָס יידישע פאָלק, וואָס הונגערט נאָך לאַנד, וועט האָבן פאַר זיך פריי דאָס שיטער־באַפעלקערטע לאַנד, וואָס ליגט גרעסטנטיילס אומבאַאַרבעט און וועלכעס איז פעיִק, ביי דער אָנווענדונג פון מאָדערנע פּראָ־דוקציע־מעטאָדן, אויפצונעמען מיליאָנען נייע קאָלאָניסטן, — וועט דאָס באַ־דייטן נישט בלויז אַ לעבנס־איבערקערעניש פאַרן פאָלק גופא, נאָר אויך אַ גרויס געווינס פאַר דער באַפעלקערונג פון לאַנד און פאַרן וועלט־פּראָגרעס.

עס איז קלאָר, אַז די דאָזיקע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט האָט נישט די מינד־סטע שייכות מיט קאָלאָניאַלער דעראָבערונגס־, עקספּאַנסיע־ און עקספּלאָ־טאַציע־פּאָליטיק. דאָס יידישע פאָלק, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין שום מלוכה־שע מאַכט־מיטלען, זוכט נישט קיין שום אָפּזאַץ־מערק און רוישטאָף־מאָנאָפּאָלן פאַר דער סחורות־פּראָדוקציע פון אַ „מעטראָפּאָליע״, קען נישט קלערן וועגן טרייבן אין פּאַלעסטינע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק און דריקן די אָרטיקע באַפעלקע־רונג. דאָס יידישע פאָלק שטרעבט צו דער שאַפונג פון אַ געזיכערטן אַרבעטס־פּלאַץ פאַר זיינע וואַנדערנדיקע, פון וואָרצל־אָפּגעריסענע מאַסן; עס וויל הייבן די פּראָדוציר־קרעפטן פון אַ לאַנד אין אַ פרידלעכער צוזאַמענאַרבעט מיט דער אַראַבישער באַפעלקערונג. די יידישע קאָלאָניזאַציע איז דאָך שוין גע־וואָרן אַ באַדייטונגספולער פאַקטאָר פון דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע. די יידישע איינוואַנדערונג ברענגט מיט זיך די פּראָגרעסי־ווע אַרבעטס־מעטאָדן, דעם העכערן לעבנס־ניוואָ און די העכערע לוין־פאָדע־רונגען. זי קען דערום בלויז העלפן דער אַראַבישער באַפעלקערונג, זיך אַרויפ־צוכאַפּן העכער פון איר פּרימיטיווער קולטור־ און ווירטשאַפטס־מדרגה.

אַזוי אַרום שטייט די נייע קאָלאָניזירונג פון פּאַלעסטינע דורך יידן אין צוזאַמענהאַנג מיט די גרויסע קאָלאָניזאַטאָרישע אינטערעסן פון דער מענטש־הייט, וועלכע האָט אַ גרויסן אינטערעס אין איינוואָרצלען דאָס איינציקע היימלאָזע פאָלק אויף דער ערד, אין זיין לאַנד, דערפאַר, ווייל די וועלט קען נישט דערגרייכן קיין רו, ווי לאַנג עס איז פאַראַן אַפילו איין פאָלק, וואָס וואַרט אומזיסט אויף זיין דערלייזונג, ווי לאַנג דעם יידישן פאָלק, וועלכעס איז אַזוי ענג פאַרקניפּט מיט דעם גורל פון אַלע פעלקער, פעלן די נאָרמאַלע באַ־דינגונגען צו דער אַנטוויקלונג פון זיין נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט.

דאָס ייִדישע פאָלק, וואָס זיינע זין גייען אָפּ מיט בלוט אין טראַגישן קאַמף — איינע קעגן די אַנדערע — אויף אַלע פראָנטן, און וואָס הינטער די פראָנטן האָט עס מוראדיק געליטן פון אומפאַרמיידלעכע קריגס־שרעקלעכ־קייטן — האָט דאָס רעכט צו פאָדערן, אַז דער קומענדיקער שלום זאָל ברענ־גען אויך אים די זיכערקייט פון זיין עקזיסטענץ און פון זיין פרייער אַנט־וויקלונג.

## רעזומירונג פון די פאָרשלאַגן

די אינטערעסן פון אַ האַרמאָניש צוזאַמענלעבן פון די פעלקער און פון אַ דויערהאַפטן שלום פאָדערן די רעגולירונג פון די פעלקער־באַציִונגען אויף די פאָלגנדיקע יסודות:

I. פ ע ל ק ע ר ־ ב ו נ ד.

גרינדונג פון אַן איבער־מלוכהשער אָרגאַניזאַציע, אַ שלום־בונד פון די פעלקער מיט פאָלגנדיקע אויפגאַבעס:

1) קאָדיפיצירן דאָס פעלקער־רעכט בנוגע דער פרייהייט פון די ימים.

2) אָבליגאַטאָרישע שידס־געריכטן אויף צו דערליידיקן די מלוכהשע און נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן.

3) פעסטשטעלן גלייכע באַשטימונגען אין אַלע מלוכות פאַר דעם דע־מאָקראַטישן קאָנטראָל פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק און פאַר דער שלי־סונג פון אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן.

4) אַנטוואָפענונג פון אַלע מלוכות און קאָנטראָל פון דער געווער־אינ־דוסטריע, וואָס דאַרף איבערגיין אין רשות פון דער מלוכה. אויסהאַלטונג פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער מיליציע, וואָס זאָל זיין גענוג שטאַרק צו פאַר־מיידן יעדע שטערונג פונעם פעלקער־רעכט און פון די אינטערנאַציאָנאַלע טראַקטאַטן.

5) פאַרוואַלטן מיט די וועגן פון דער וועלט־קאָמוניקאַציע, וועלכע דאַרפן אינטערנאַציאָנאַליזירט ווערן.

6) קאָנטראָל איבער דער אָפּהיטונג און אַנטוויקלונג פון די אינטער־מלוכהשע, סאָציאַל־פּאָליטישע אָפּמאַכן, וואָס דאַרפן אַריינגענומען ווערן אין דעם שלום־טראַקטאַט, בנוגע דער פרייהייט פון איבערוואַנדערונג, סאָציאַלער פאַרזיכערונג, אַרבעטס־צייט, קוואַליציע־רעכט, היים־אַרבעט, אַרבעטער־, אַרבעטערינס־ און קינדער־שוץ.

7) רעגולירונג פון דער וועלט־פּראָדוקציע. צו דעם דאַרפן פרט געהערן:

א) שטערן די עקאָנאָמישע מלחמות און מקרב זיין צווישן זיך די מלוכות אין עקאָנאָמיש־פּאָליטישער הינזיכט דורך אָפּשאַפן די צאָל־ און קאָ־מוניקאַציע־באַגרענעצונגען ביי דער גלייכצייטיקער שוץ פונעם פּראָדוקציע־פּראָגרעס אין איינצלנע געגנטן, און נישט באַגרענעצנדיק די עקאָנאָמישע פרייהייט פון די איינצלנע לענדער.

ב) אָפּהיטן די פרייהייט פון דער איינוואַנדערונג אין אַלע לענדער און רעגולירן די קאָלאָניזאַציע אין גאַנץ אומבאַפעלקערטע אָדער שיטער־באַפעל־

קערטע געגנטן אין הסכם מיט די לענדער, פון וועלכע מען וואַנדערט אויס, און אין וועלכע מען וואַנדערט איין.

ג) קאָנטראָל איבער דער קאָלאָניאַלער פּאַרוואַלטונג פון די איינצלנע מלוכות אין אינטערעס פון דערהייבן די איינגעבוירענע באַפעלקערונג צו דער מדרגה פון זעלבסט־פּאַרוואַלטונג און פון אַנטוויקלען די פּראָדוקציע.

ד) ווירקזאַם דורכפירן די פּרינציפּן וועגן אָפענע טירן און פרייען האַנדל אין די קאָלאָניעס, וועלכע דאַרפן גאַראַנטירט ווערן אין דעם שלום־טראַקטאַט, און אין נייטיקן פאַל איינאָרדענען דעם צופיר פון די נייטיקסטע רוישטאָפן, לויט די באַדערפענישן און לויט דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, וואָס פאַרברויכן זיי.

II. זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פון די נאַציעס.

דער דאָזיקער פּרינציפּ באַדייט:

1) די פאַרווירקלעכונג פונעם רעכט פון יעדער נאַציע, עווענטועל יעדן פאָלקס־שטאַט, אויף איינהייט און דעמאָקראַטישע זעלבסט־רעגירונג. דערצו געהערט, צווישן אַנדערעס:

א) אויפריכטן צוריק בעלגיע, סערביע און טשערנאָגאָריע, רומעניע.

ב) פאַרייניקן און אומאָפּהענגיק מאַכן פּוילן, און נעמלעך זאָל דאָס נייע פּוילן, אין הסכם מיט די דעקלערונגען פון דער אוקראַיִנישער און טשעכישער דעלעגאַציעס אַרומנעמען די געגנטן, ווו די פּאָליאַקן זענען די מערהייט פון דער באַפעלקערונג.

ג) בנוגע די אַרמענער, אוקראַיִנער און טשעכן, שטייען מיר צו צו די פאָדערונגען פון דער אַרמענישער רעספּ׳ אוקראַיִנישער און טשעכאָסלאָוואַקי־שער דעלעגאַציעס.

ד) פאַרוואַנדלען רוסלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן, טערקיי אין „נאַציאָ־נאַליטעטן־בונד־מלוכות״, ד״ה אין פעדעראַציעס פון עטנאָגראַפיש־אָפּגעגרע־נעצטע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־געגנטן.

2) גאַראַנטירן דאָס רעכט פון יעדער נאַציאָנאַלער מינדערהייט אויף דערהאַלטן און אַנטוויקלען איר נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט, און אויף זעלבסט־פאַרוואַלטונג אין נאַציאָנאַלע ענינים.

3) אַנטשיידן די פראַגע, צו וועלכער מלוכה דאַרפן געהערן אַזעלכע געגנטן, וועגן וועלכע ס׳איז פאַראַן אַ מחלוקת, אויפן גרונט פון אַן אָפּשטי־מונג פון דער באַפעלקערונג אונטער אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנטראָל (צ״ב עלזאַס־לאָטרינגען).

4) פעדעראַטיווע פאַרבינדונג פון די מלוכות, כדי צו פאַרווירקלעכן די שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער אייניקייט פון די נאַציאָנאַלע טיילן, וואָס לעבן אין די דאָזיקע מלוכות, אויך פאַרזיכערונג אָדער פאַרשטענדיקונג מיטן צוועק צו פאַרטיידיקן די ווירטשאַפטלעכע לעבנס־אינטערעסן פון די באַטייליקטע פעלקער (ווי דער פרייער צוגאַנג צום ים און צו די אינטערנאַציאָנאַלע קאָ־מוניקאַציע־וועגן און מערק), צום ביישפּיל — דער באַלקאַן־בונד.

## III. אונדזערע יידישע פאָדערונגען.

אָנווענדנדיק די אויבן־אויסגערעכנטע פּרינציפּן בנוגע צום יידישן פאָלק, פאָדערן מיר:

1) פולע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידן פון אַלע לענדער, גלייכע באַהאַנדלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די געגנטן, וואָס האָבן געליטן פון קריג, בעת די געגנטן וועלן צוריק אויפגעבויט ווערן.

2) פרייהייט פון אײנוואַנדערן און באַזעצן זיך פאַר יידן אין אַלע לענדער.

3) נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונג (אויפן גרונט פון פּערסאָנאַלן פּרינציפּ) און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג אין דער מלוכה, פּראָווינץ און געמיינדע פאַר די יידן אין אַלע לענדער, ווו יידן וווינען אין די מאַסן.

4) באַוואָרענען די אומגעשטערטע קאָלאָניזאַטאָרישע טעטיקייט פון די יידן מיטן ציל צו שאַפן אַ יידישע היים אין פּאַלעסטינע.

דערצו איז נייטיק:

א) באַזייטיקן אַלץ, וואָס באַגרענעצט די פרייהייט פון דער אײנוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע פון יידן, ברייט פאַרלייכטערן די נאַטוראַליזירונג, און פרייע טעטיקייט פון די אינסטיטוציעס פאַר די צוועקן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע.

ב) שאַפן אַ מאָדערנעם דעמאָקראַטישן רעכט־צושטאַנד, סאָציאַל־פּאָליטישע שריט פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־קרעפטן אין לאַנד, ווירטשאַפטלעכע פאַרלייכטערונגען און גאַראַנטיעס פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניזאַציע. קודם־כל פאַרווענדן די מלוכה־ערד און סתם שטיקער ערד, וואָס האָבן נישט קיין באַלעבאַטים, אויך די לאַטיפונדיעס, סיי פאַר דער קאָלאָניזירונג פון אײנוואַנדערער, סיי פאַר דער ערדלאָזער אָדער ערד־אָרעמער באַפעלקערונג, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט ערד־אַרבעט.

ג) פאַרוואַנדלען פּאַלעסטינע אין אַ ספּעציעלער זעלבסטפאַרוואַלטונגס־געגנט און פאַראייניהייטלעכן דאָס לאַנד אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט.

ד) נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע.

די דורכפירונג פון די אַלע אויבן־געזאָגטע פאָדערונגען זאָל אינטערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט ווערן.

אונטערגעשריבן:
ב. באָראָכאָוו, זרבבל, ל. כאַזאַנאָוויטש, ב. לאָקער
ש. קאַפּלאַנסקי.

שטאָקהאָלם, דעם 6טן אויגוסט 1917.

# ווי אזוי איז געבוירן געוואָרן די באַלפור־דעקלאַראַציע

מיטן אויסברוך פונעם ערשטן וועלט־קריג, דעם 1טן אויגוסט 1914 — האָט זיך אין די רייען פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן דער קאַמף צווישן צוויי אָריענטאַציעס: אויף דער ענגליש־פראַנצויזיש־איטאַליענישער קאָאַליציע און אויף דעם דייטש־עסטרייכיש־טערקישן בונד.

די אָפיציעלע לייטונג פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט גע־שטרעבט איינצוהיטן די נייטראַליטעט פון דער באַוועגונג. דער ענגער אַקציאָנס־קאָמיטעט — דעם נאָמען האָט געטראָגן דער אויספיר־ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — האָט אַריבערגעטראָגן זיין זיץ־אָרט פון בערלין קיין קאָפּענהאַגן, די הויפּטשטאָט פונעם נייטראַלן דענעמאַרק, כדי פון דאָרט אונטערצוהאַלטן די פאַר־בינדונג מיט די פאַרשיידענע טיילן פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

אין יוני 1915 איז פאָרגעקומען אין קאָפּענהאַגן אַ געהיימע זיצונג פונעם גרויסן ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, דעם העכסטן געזעצגעבערישן אָרגאַן פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע. די זיצונג האָט נישט געהאַלטן, אַז עס איז געקומען די צייט זיך צו אַנטשיידן לטובת איינעם פון די קריג־פירנדיקע צדדים. דער אַקציאָנס־קאָמי־טעט האָט פאַרורטיילט די אַגיטאַציע פון וו. זשאַבאָטינסקי פאַר דער גרינדונג פון אַ יידישן לעגיאָן, וואָס זאָל קעמפן אין די רייען פון דער ענגליש־פראַנצויזישער קאָאַליציע קעגן טערקיי. די זיצונג האָט באַשלאָסן, אַז קיין שום ציוניסט טאָר נישט אונטערשטיצן די דאָזיקע אַקציע.

אָבער די ענגלישע ציוניסטן, בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען פּראָפ׳ חיים ווייצמאַן, האָבן נאָך אין האַרבסט 1914 אָנגעהויבן אַ פּאָליטישע טעטיקייט מיטן ציל צו שטעלן ארץ־ישראל אונטערן ענגלישן פּראָטעקטאָראַט, רעכענענדיק אַזוי אַרום שאַפן די פּאָליטישע מעגלעכקייט פאַר דער אויפשטעלונג פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער היים. פּראָפ׳ ווייצמאַן האָט אָנגעקניפּט באַציונגען מיט די פירנדיקע ענגלישע מלוכה־מענער: לאָיד־דזשאָרדזש, באַלפור און אַנדערע.

אין אָקטאָבער 1916 האָבן ווייצמאַן און נחום סאָקאָלאָוו, מיט דער צושטימונג פון אַנדערע ציוניסטישע פירער אין ענגלאַנד, דערלאַנגט זייער ערשטן מעמאָראַנדום דער ענגלישער רעגירונג. די גרונט־הנחות פון דעם דאָזיקן דאָקומענט זענען געווען: א) ארץ־ישראל וועט אין רעזולטאַט פון וועלט־קריג אַריבער אונטער דער הערשאַפט אָדער פּראָטעקטאָראַט פון גרויס־בריטאַניע אָדער פראַנקרייך, אָדער פוןביידן צוזאַ־מען; ב) די הערשנדיקע גרויסמאַכט וועט איינהאַלטן אין אירע הענט די לייטונג

פון די מיליטערישע און דיפּלאָמאַטישע ענינים פון ארץ־ישראל; ג) די יידישע באַ־פעלקערונג וועט זיין ווי געהעריק פאַרטרעטן אין דער נאָמינירטער אָדער געוויילטער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג פון ארץ־ישראל; ד) די יידן וועלן געניסן פון פולער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין זייערע אינערלעכע ענינים (רעליגיע, בילדונג, קולטור, סאָ־ציאַלע הילף, געריכטוועזן צווישן יידן, מוניציפּאַליטעטן, קאָלאָניזאַציע); ה) דאָס רעכט פון די יידישע מאַסן אויפצושטעלן זייער נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל; ו) די רע־פּרעזענטאַנץ פונעם יידישן פאָלק וועט באַקומען דאָס רעכט צו ווירקן לטובת דעם יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל.

נאָך אין יאָר 1915 איז די קאָאַליציע אין געהיים דורכגעקומען צווישן זיך וועגן דער צעטיילונג פון טערקיי. דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט פאַרלאַנגט פאַר זיך קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל און די דאַרדאַנעלן. פראַנקרייך און ענגלאַנד זענען געווען גרייט צו נעמען אונטער זייער פּראָטעקטאָראַט אַ פאַרייניקט אַראַביש קעניגרייך, אָדער אַ בונד פון אַראַבישע מדינות. ארץ־ישראל האָט געזאָלט באַקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלע פאַר־וואַלטונג, וואָס איר פאָרעם וועט פעסטגעשטעלט ווערן אין הסכם מיט רוסלאַנד און מיטן שעריף פון מעקאַ.

אין מאַי 1916 האָבן ענגלאַנד און פראַנקרייך געשלאָסן צווישן זיך אַ געהיימען אָפּמאַך וועגן דער צוקונפטיקער איינאָרדענונג פון נאָענטן מזרח. דער אָפּמאַך איז באַקאַנט אונטערן נאָמען: „אָפּמאַך פון סייקס־פּיקאָ — לויטן נאָמען פון סייקס (דער פאַרשטייער פון ענגלאַנד) און פּיקאָ (פאַרשטייער פון פראַנקרייך), וואָס האָבן געפירט דעם משא־ומתן. לויט דעם דאָזיקן אָפּמאַך זענען די אַראַבישע לענדער פאַרטיילט געוואָרן אין צוויי איינפלוס־ספערעס פון די באַזונדערע גרויסמאַכטן. דער דאָזיקער אָפּמאַך האָט אויך אַנגעצייכנט די צוקונפט פון ארץ־ישראל. דער מיטעלער טייל פון לאַנד, אַריינגערעכנט ירושלים, האָט געזאָלט באַקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרוואַלטונג אין פאַרשטענדיקונג מיט רוסלאַנד; די האַפנס אין חיפה און עכו האָבן געזאָלט איבערגיין צו ענגלאַנד; פראַנקרייך האָט געזאָלט באַקומען דעם צפון־טייל פון לאַנד. ביידע צדדים האָבן געהאַלטן דעם געשלאָסענעם אָפּמאַך שטרענג בסוד און האָבן אויסבאַהאַלטן זיין אינהאַלט פון די ציוניסטישע פירער, וועלכע האָבן אין יאָר 1917 אָנגעהויבן פירן אינטענסיווע אונטערהאַנדלונגען סיי מיט די בריטישע, סיי מיט די פראַנצויזישע מלוכה־מענער.

פּראָפעסאָר חיים וויצמאַן און זיינע מקורבים האָבן דעמאָלט אַנטשיידן אָפּגע־וואָרפן דעם געדאַנק פון אינטערנאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג איבער ארץ־ישראל אָדער פון אַ פראַנצויזיש־ענגלישן קאָנדאָמיניום. אין זיין געשפּרעך מיט לאָרד הערבערט סעסיל (אַפּריל 1917) האָט ד״ר וויצמאַן דערקלערט, אַז פון יידישן שטאַנדפּונקט איז אַמיינסטן געוואונטשן דער ענגלישער פּראָטעקטאָראַט איבער ארץ־ישראל, צוליב פאָלגנדיקע מאָטיוון: א) די יידן פון גאָר דער וועלט באַציען זיך מיט צוטרוי צו ענגלאַנד, וועמען זיי האַלטן פאַרן באַפרייער פון ארץ־ישראל; ב) ענגלאַנד וועט אָפּהיטן געזעץ און אָרדענונג אין ארץ־ישראל, אַזוי אַרום וועט זיך פריי אַנטוויקלען די יידישע קאָלאָניזאַציע; ג) ווען די צאָל יידן וועט אויסוואַקסן וועט ענגלאַנד זיי געבן זעלבסטפאַרוואַלטונג אין דער מאָס, ווי זיי וועלן זיין ראוי דערצו; ד) ענגלאַנד האָט ביז איצט דערוויזן, אַז זי קען פירן מיט שכל איר קאָלאָניאַלע פּאָליטיק; ה) די ענגלענדער, וואָס האַלטן שטאַרק פון תנ״ך, זענען אויך גייסטיק נאָענט צו יידן. אויך לאָרד סעסיל האָט נישט אויסגעזאָגט וויצמאַנען, אַז מיט עטלעכע טעג פריער פאַר זייער געשפּרעך האָט אויך איטאַליע זיך אָנגעשלאָסן צו דעם געהיימען ענגליש־פראַנצויזישן אָפּמאַך פון יאָר 1916 וועגן דער צעטיילונג פון דער אַזיאַטישער טערקיי בכלל און פון ארץ־ישראל בפרט.

זומער 1917 האָבן זיך אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַן אָפיציעלער דעקלאַראַציע פון דער בריטישער רעגירונג לטובת דעם ציוניזם. דער ציוניסטישער פּראָיעקט, וועלכן מען האָט פאַרגעלייגט דער רעגירונג האָט געלויטעט: „די רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט... נעמט אָן דעם פּרינציפּ פון אָנערקענען ארץ־ישראל אַלס די נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק, ווי אויך דאָס רעכט פון יידישן פאָלק אויפצו־בויען זיין נאַציאָנאַל לעבן אין ארץ־ישראל אונטער אַ פּראָטעקטאָראַט, וואָס וועט ווערן פעסטגעשטעלט נאָכדעם, ווי דער קריג וועט פאַרענדיקט ווערן מיט אַ נצחון...״ די יידישע אַסימילאַטאָרישע קרייזן אין ענגלאַנד, צוליב זייער פּרינציפּיעלער קעגנער־שאַפט צו דער אויפריכטונג פון אַ יידישער מדינה, האָבן מאָביליזירט זייער גאַנצן איינפלוס קעגן דעם ציוניסטישן פּראָיעקט. דאָס איז געווען אַ באַקוועמער פּרעטעקסט פאַר דער בריטישער רעגירונג, כדי נישט צו בינדן זיך די הענט מיט פּילצוזאָגנדיקע הבטחות. אָנשטאָט דער פאָרמולירונג „ארץ־ישראל אַלס די נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק״, איז געקומען דער נוסח „אַ נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל״.

זומער און האַרבסט 1917 איז די מיליטערישע סיטואַציע פון דער קאָאַליציע געוואָרן זייער אומגינסטיק. די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעשלאָסן אין דער קאָאַליציע. דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד איז אַרויס פון אימ־פּעריאַליסטישן קריג. די בריטישע רעגירונג האָט געוואָלט געווינען די סימפּאַטיע פונעם אַמעריקאַנער יידנטום, רעכענענדיק אַזוי אַרום דורך אים באַאיינפלוסן אויך די אַמעריקאַנער רעגירונג לטובת דער קאָאַליציע. די דאָזיקע אומשטענדן האָבן צוגע־איילט די פאַרעפנטלעכונג פון דער פּראָ־ציוניסטישער דעקלאַראַציע.

דעם 2טן נאָוועמבער 1917 האָט דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער אַרטור דזשעמס באַלפור אַריינגעשיקט אויפן נאָמען פון לאָרד ראָטשילד פאָלגנדיקן בריוו, וואָס איז פון דעמאָלט אָן באַקאַנט אונטערן נאָמען „באַלפור־דעקלאַראַציע״:

„די רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט זעט גערן די גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל און זי וועט זיך באַמיען מיט אירע בעסטע כוחות צו פאַרגרינגערן די דערגרייכונג פון דעם דאָזיקן ציל, אָבער ביי אַ קלאָרן און אויסדריקלעכן תנאי, אַז עס וועט נישט געטון ווערן קיין שום זאַך, וואָס קען שאָדן ברענגען די בירגערלעכע און רעליגיעזע רעכט פון די נישט־יידישע עדות אין ארץ־ישראל אָדער די רעכט און די פּאָליטישע שטעלונג פון די יידן אין וועלכן עס איז אַנדערן לאַנד.

איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין, אויב איר וועט אַזוי גוט זיין און איבערגעבן די דאָזיקע דערקלערונג דער ציוניסטישער פעדעראַציע״.

דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז אין דער צייט ווען די ענגלישע מלוכה־מענער האָבן געפירט מיט די ציוניסטישע פירער אונטערהאַנדלונגען, וואָס האָבן שפּעטער געבראַכט צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע, האָבן אַנדערע פאָרשטייער פון ענגלאַנד געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט הבטחות די אַראַבישע פירער, כדי זיי צו געווינען פאַרן אָנטייל אין דער מלחמה קעגן טערקיי. אַזוי האָט דער בריטישער הויך־קאָמיסאַר אין מצרים, מאַק־מאַהאָן, געפירט אַ בריוו־אויסטויש מיטן הערשער פון העדזשאַס, דעם שעריף פון מעקאַ, חוסיין, און אים צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט מאַכן אַן אויפ־שטאַנד קעגן טערקיי, וועט ענגלאַנד העלפן באַפרייען די אַראַבישע לענדער און זיכערן זייער אומאָפּהענגיקייט. אמת, אין די דאָזיקע בריוו זענען געווען נישט גאַנץ קלאָרע באַוואָרענישן בנוגע די געביטן, פאַר וועלכע עס זענען גילטיק די בריטישע הבטחות, אָבער דאָס האָט געגעבן שפּעטער די אַראַבישע פירער אַ גע־לעגנהייט צו טענהן, אַז ס'איז פאַראַן אַ סתירה צווישן די הבטחות פון מאַק־מאַהאָן

און צווישן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. ענגלאַנד אַליין האָט שפּעטער אין איר צוויי־פּנימדיקן שפּיל מיט די יידן און אַראַבער נישט ווייניק אויסגענוצט די סתירות און נישט־קלאָרקייטן פון די טאָפּלטע צוזאָגן.

ווייצמאַן און סאָקאָלאָוו האָבן אין זייער מאַניפעסט צום יידישן פאָלק, כאַראַק־טעריזירט אויפן פאָלגנדיקן אופן די באַלפור־דעקלאַראַציע: „די בריטישע דעקלאַראַציע גיט דעם יידישן פאָלק דעם שליסל צו אַ נייער פרייהייט, צו אַ נייעם גליק... די דעקלאַראַציע איז די שוועל, איבער וועלכער אייער פוס קען טרעטן אויף דער הייליקער ערד. נאָך טויזנט אַכט הונדערט יאָר פון צער האָט איר באַקומען אַנט־שעדיקונג... איצט קענט איר צוקומען צום זיכערן ברעג פון פאָטערלאַנד... איצט זענט איר פאַרפליכטעט אַנצוהייבן דאָס ווערק מיט נייער קראַפט, מיט נייע מיטלען... עס זענען אונדז נייטיק נייע באַגריפן, נייע ווערטער, נייע מעשים...״

פּאַראַלעל צו דער פּאָליטישער טעטיקייט פון די אַנהענגער פון דער פּראָ־בריטישער אָריענטאַציע האָבן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, עסט־רייך און טערקיי געוווירקט במשך די קריגס־יאָרן די חסידים פון דער קעגנגעזעצטער פּראָ־טערקישער אָריענטאַציע. אין יאָר 1915 האָבן זיי געשריבן אין אַ מעמאָראַנדום, וואָס מען האָט דערלאַנגט דעם דייטשן געזאַנדטן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל: „די אונטער־שטיצונג פון דייטשלאַנד פאַרן ציוניזם וועט דעראָבערן די סימפּאַטיע פון די יידישע מאַסן אין גאָר דער וועלט. אין אַ ריי הינזיכטן איז אין אונדזער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט פאַראַן נוצן פאַר דייטשלאַנד״. צוליב דער מורא פאַרן גורל פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, וועלכער איז געוואָרן הפקר אונטער דער אכזריותדיקער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע פון טערקיי, האָט ד״ר שמריהו לעווין אין נאָמען פון ענגן ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט פאַרעפנטלעכט אין אַמעריקע אַ דערקלערונג, אַז דער ציל פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק איז בלויז אָפּהיטן דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, וואָס האָט פאַרבונדן זיין גורל מיט טערקיי און האָט צוטרוי צו דער אָטאָמאַנישער רעגירונג, וועלכע באַציט זיך מיט סימפּאַטיע צו די יידן...

די אַנהענגער פון דער פּראָ־דייטשיש־טערקישער אָריענטאַציע האָבן געפּרוווט אויסנוצן די באַלפור־דעקלאַראַציע, כדי צו ווירקן אויף טערקיי, זי זאָל ענדערן איר באַציונג צום ציוניזם. אין דעצעמבער 1917 האָט דער טערקישער פּרעמיער טאַלאַט־פּאַשאַ אָפּגעגעבן די פאָלגנדיקע דערקלערונג: „טערקיי איז געווען דאָס איינציקע לאַנד וואָס האָט קיינמאָל נישט געקענט קיין אַנטיסעמיטישע באַוועגונג. די טערקישע רעגי־רינג באַציט זיך מיט סימפּאַטיע צו דער יידישער קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג, אָבער, לויט איר מיינונג, טאָר מען נישט געבן די יידן קיין אויסנאַם־רעכט. די יידישע איינוואַנדערונג איז מעגלעך נאָר אין די גרענעצן פון דער אויפנאַם־פעיקייט פון לאַנד. וואָס איז ביי זיין היינטיקן צושטאַנד נישט אימשטאַנד אויפנעמען הונדערטער טויזנטער יידן. טערקיי שאַצט פיין אָפּ פון ווירטשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט די יידישע ווערק אין ארץ־ישראל. זי גיט זיי פרייהייט אויפן גייסטיק־קולטורעלן געביט... אין דער פראַגע פון זעלבסטפאַרוואַלטונג קען די רעגירונג געבן די יידן בלויז גלייכע רעכט מיט די איבעריקע בירגער״. די דייטשע רעגירונג האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער טערקישער דעקלאַראַציע.

דער קליינער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט האָט נאָך אין אָנהייב 1918 גערעכנט, אַז ארץ־ישראל וועט נאָכן וועלט־קריג דאָך בלייבן אין די ראַמען פון דער טערקישער מדינה. אין מערץ 1918 האָט ער באַשלאָסן: „כל־זמן מיר אונטערהאַנדלען בלויז מיט טערקיי און זיינע פאַרבינדעטע, דאַרפן מיר אַרויסשטעלן פאָלגנדיקע פאָדע־רונגען: א) קאָנצעסיע פאַר אַ יידישער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, ב) קולטורעלע זעלבסטפאַרוואַלטונג (שולן, העברעיש, בוררים־געריכטן)... אויב די ארץ־ישראל־פראַגע

ווען שטיין אויף דער שלום־קאָנפערענץ און דאָס לאַנד וועט בלייבן אין רשות פון טערקיי, דאַרף מען צוגעבן צום אויבנגעבראַכטן פּראָגראַם נאָך איין פאָדערונג, — אַז די גרויסמאַכטן זאָלן גאַראַנטירן די רעאַליזירונג פונעם פּראָגראַם, אַז ארץ־ישראל זאָל ווערן אָנערקענט פאָרמעל און אינטערנאַציאָנאַל אַלס לאַנד פון יידישער איינ־וואַנדערונג, עס זאָל ווערן באַשטימט אונטער אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע אַן איבערגאַנגס־תקופה, וואָס נאָך איר וועט ווערן אויפגעריכט אַ יידישע זעלבסטפאַר־וואַלטונג.

דער גאַנג פון די מיליטערישע אָפּעראַציעס האָט באַשטימט דעם גורל פון ארץ־ישראל. סוף סעפּטעמבער 1918 האָט ענגלאַנד אָקופּירט דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס האָט אויפגעהערט צו זיין אַ טערקישע פּראָווינץ. דער דאָזיקער פאַקט האָט אויך ענדגילטיק אַנטשיידן דעם אָריענטאַציע־שטרייט אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. די חסידים פון דער פּראָ־בריטישער אָריענטאַציע האָבן געפייערט זייער כלומרשטן נצחון.

נ י ר

# די ענגלישע דעקלאַראַציע וועגן ארץ־ישראל

די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג דריקט אויס „איר סימ־פּאַטיע־באַציִונג צו דער שאַפונג פון דער נאַציאָנאַלער היים פאַרן ייִדישן פאָלק" און זאָגט צו „אָנווענדן אַלע באַמיִונגען צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן ציל". דאָס איז, אָן שום ספק, אַ היסטאָרישע געשעעניש אין לעבן פון ייִדישן פאָלק.

די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג איז פאָרמולירט אין אַזאַ אַלגעמיינעם און פאָרזיכטיקן נוסח, אַז ענגלאַנד נעמט נישט אויף זיך קיין שום ממשותדיקע פאַרפליכטונגען אין באַציִונג צום ייִדישן פאָלק. די סיבות דערפון זענען: א) די מיליטערישע אָקופּאַציע פון יפו גיט נאָך נישט ענגלאַנד קיין שום רעכט אויף ארץ־ישראל; ב) די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פון ענגלאַנד קען נישט גיין ווייטער, ווי „באַמיִען זיך צו פאַרווירקלעכן" דעם ציוניסטישן אידעאַל.

אויב די דאָזיקע דעקלאַראַציע עפנט ברייטע פּערספּעקטיוון פאַר איינ־שטעלן אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר דער פרייער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל, אַנטשפּרעכט זי אָבער נישט, בכל אופן, די ברייטע פאָדערונגען בנוגע ארץ־ישראל, וועלכע עס האָט אַרויס־געשטעלט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און וועלכע זי האָט פאַרטיידיקט בעת דעם דיפּלאָמאַטישן משא־ומתן. די דעקלאַראַציע אָנערקענט נישט „דעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל אַלס אַ נאַציע אין מלוכהש־יורידישן זין", זי גיט נישט „קיין טשאַרטער־רעכט אַ ספּעציעלער ייִדישער חברה, וועלכע גע־ניסט פון פאָרצוג־רעכט אויף צו באַקומען קאָנצעסיעס".

אונדז דאַכט זיך, אַז דער ציוניסטישער טריִומף אַנטשפּרעכט כלל נישט דער פּאַקטישער זאַכלאַגע, סיידן מיר וועלן אָננעמען, אַז די ציוניסטישע דיפּ־לאָמאַטן האָבן געפאָדערט מער, אַבי צו קריגן כאָטש ווינציקער. אונדז שיינט נאָך מער אויסטערליש „די דאַנקבאַרקייט אָן אַ גרענעץ", וועלכע די דעלע־גאַציע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די רוסישע ציוניסטן האָט זיך צוגעאיילט אויסצודריקן דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר. אין איר דערקלערונג האָט די דעלע־גאַציע זיך אַרויסגערעדט מיט אַ זאַץ, וועלכער שטרייכט אונטער אין אַ גע־נוגנדיקער מאָס די באַדייטונג און דעם ווערט פון די ציוניסטישע דיפּלאָמאַ־טישע באַמיִונגען און די גאַנצע „אומפאַרינטערעסירטקייט" פון דער ענגליי

שער פּאָליטיק: „מיר זענען אָן אַ שיעור גליקלעך, וואָס אין דעם היסטאָרישן מאָמענט פאַלן פולשטענדיק צונויף די אינטערעסן פון דעם ייִדישן פאָלק מיט די אינטערעסן פון גרויס־בריטאַניע". דערמיט אַליין אָנערקענען די ציוניסטן, אַז ווען די ענגלישע רעגירונג וואָלט נישט געווען פאַרינטערעסירט אין באַפעלקערן דעם צוקונפטיקן קנופּ פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניקאַציע מיט אַ פעיִקן און קולטורעלן עלעמענט, וואָס באַציט זיך גוט צו ענגלאַנד, וואָלטן נישט געהאָלפן קיין שום דיפּלאָמאַטישע דריידלעך. אין דעם פאַל ווערט נאָך אַמאָל באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון די געדאַנקען, וועלכע בער באָראָכאָוו האָט אַרויסגעזאָגט נאָך אין יאָר 1906 אין „אונדזער פּלאַטפאָרם", וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרינטערעסירונג, סיי אין דער ראַדיקאַלער לייזונג פון דער ייִדנפראַגע און סיי אין דער רעגולירונג און איינאָרדענונג פון נאָרמאַלע לעבנס־פאַרהעלטענישן אין ארץ־ישראל.

דער אינהאַלט פון דער ענגלישער דעקלאַראַציע אַנטשפּרעכט אין אַ געוויסער מאָס די פאָדערונגען מכוח ארץ־ישראל, וועלכע עס האָט אַרויסגעשטעלט אונדזער וועלט־פאַרבאַנד. דאָס פאַרבאַנד־ביוראָ, ווי אויך אונדזער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, שטייען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז יעדע געזעלשאַפט דאַרף זיך בויען פון אונטן און נישט פון אויבן; עס איז אומעגלעך אויף אַ קינסטלעכן אופן באַפעלקערן אַ לאַנד, קריגנדיק פון פאָרויס די אָדער יענע קאָנצעסיעס אויף אים אין דער פאָרם פון אַ טשאַרטער אָדער אין אַן אַנדער יורידישער פאָרם. וואָלט ארץ־ישראל נישט געווען דאָס לאַנד, וווּ עס קאָנצענטרירט זיך סטיכיש די ייִדישע עמיגראַציע, וואָלטן קיין שום דעקלאַראַציעס פון קיין שום רעגירונגען נישט געקענט שאַפן „די נאַציאָנאַלע היים". אַ פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי קען, לויט אונדזער מיינונג, אַרויסשטעלן אָן איין און איינציקע פאָדערונג: באַזייטיקן אַלע שטערונגען פאַר דער ייִדישער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל און פאַר דער קאָלאָניזאַציע פון לאַנד. אָבער די דאָזיקע פרייהייט האָבן מיר פאַרשטאַנען נישט בלויז נעגאַטיוו (באַזייטיקן די שטערונגען), נאָר אויך פּאָזיטיוו: שאַפן די באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, וועלכע עקזיסטירן שוין אין לאַנד, ד"ה שאַפן אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס און „מאָדערנע דעמאָקראַטישע רעכטלעכע פאַרהעלטענישן אין ארץ־ישראל".

די ענגלישע רעגירונג האָט ווייט נישט אין דער פולער מאָס באַפרידיקט די פאָדערונגען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; די פאָרשטייער אָבער פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, דער האָלענדיש־סקאַנדינאַווישער קאָמיטעט, האָבן פולשטענדיק אָנערקענט אונדזערע פּראָלעטאַרישע פאָדערונגען און האָבן עס פאָרמולירט קורץ: „הילף דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל".

מיר זענען נוטה צו טראַכטן, אַז די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג דריקט אויס אונדזער שטאַנדפּונקט. די ענגלישע רעגירונג „באַציט זיך מיט סימפּאַטיע צו דער שאַפונג פון דער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל" און זאָגט צו „אָנווענדן אַלע באַמיִונגען צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן ציל". לויט אונדזער מיינונג קען מען עס פאַרשטיין בלויז אין דעם זין,

אַז די ענגלישע רעגירונג וועט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער שלום־קאָנ־פערענץ פאַרטיידיקן די פאָדערונג צו באַזייטיקן די שטערונגען פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל, פאַר דער קאָלאָניזאַציע פון לאַנד און פאַר דער שאַפונג דאָרטן פון אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע רעכטלעכע פאַר־העלטענישן.

אויב דאָס, וואָס מיר האָבן געהאָפט צו דערגרייכן אַ דאַנק דעם דרוק פונעם אינטערנאַציאָנאַל אויף אַלע אייראָפּעיִשע רעגירונגען, ווערט דערגרייכט לגבי ענגלאַנד אָן דעם דירעקטן דרוק מצד דעם אינטערנאַציאָנאַל, פאַרקלע־נערט עס נישט פאַר אונדז די באַדייטונג פון דער ענגלישער דעקלאַראַציע. די אויפגאַבע פונעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף איז נישט סתם פירן דעם קאַמף, נאָר דערגרייכן אַ דאַנק אים באַשטימטע גינסטיקע רעזולטאַטן. אויב די פּראָלעטאַרישע פאָדערונג לגבי ארץ־ישראל ווערט אָנגענומען דורך דער ענגלישער רעגירונג איז גאַנץ גוט: דעם אינטערנאַציאָנאַל וועט אויסקומען צו פאַרנוצן וויניקער ענערגיע אויף צו פאַרטיידיקן אונדזערע פאָדערונגען אויפן שלום־קאָנגרעס; לאַמיר האָפן, אַז צוליב דעם וועלן אַ סך לייכטער אַלע קריגפירנדיקע און נייטראַלע לענדער אונטערן דרוק פון אינטערנאַציאָנאַל אָנערקענען אונדזערע פאָדערונגען.

איין אומשטאַנד טאָרן מיר אָבער נישט אַרויסלאָזן פון אויג. די ענגלישע דעקלאַראַציע איז אַן איינזייטיקער אַקט. אונדז איז נישט אַזוי וויכטיק די „סימפּאַטישע באַציִונג" פון ענגלאַנד „צו דער שאַפונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל", ווי די דאָזיקע באַציִונג פון אַלע דעמאָ־קראַטיעס פון אַלע לענדער, בתוכם און דער עיקר פון דער טערקישער דעמאָ־קראַטיע. מיר זאָגן זיך אַרויס קלאָר און אַנטשיידן קעגן וועלכע עס איז אַנעק־סיעס, אַפילו ווען זיי נעמען אָן מילדע פאָרמען. דאָס פרידלעכע צוזאַמענלעבן פון אַלע פעלקער, בתוכם אויך פונעם יידישן, וועלכע באַוווינען טערקיי, קען דערגרייכט ווערן איינציק און אַליין דורך דער באַפעלקערונג גופא פון דער טערקישער אימפּעריע, און נישט דורך אָנוואַרפן טערקיי דעם ווילן פון אַ פרעמדער מדינה. בלויז דער איבערבוי פון דער טערקישער אימפּעריע אויפן יסוד פון פעדעראַטיוון פּרינציפּ וועט געבן די מעגלעכקייט אויסצומיידן נאַ־ציאָנאַלע רייבונגען אין טערקיי. די אָרטיקע באַפעלקערונג פון טערקיי בכלל און פון ארץ־ישראל בפרט, דאַרף באַקומען אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר אירע, נישט נאָר רעליגיעזע און בירגערלעכע, נאָר אויך נאַציאָנאַלע רעכט. דאָס וועט מען דערגרייכן אַ דאַנק דעם דרוק פון אינטערנאַציאָנאַל און פון די דעמאָקראַטיעס פון אַלע לענדער אויף זייערע רעגירונגען. מיר שטעלן זיך פאַר ארץ־ישראל נישט אַלס צוקונפטיקע ענגלישע קאָלאָניע, וואָס מיר וועלן מיט אונדזער מי און ענערגיע פאַרוואַנדלען אין אַ גינסטיקן אויסער־לעכן מאַרק פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם, נאָר ווי אַ באַשטאַנדטייל פון דער פרייער פעדעראַטיווער טערקיי.

גערדרוקט אין דער „ידישער אַרבעטער־כראָניק" (רוסיש) אָר־גאַן פון דער ייד. ס. ד. אַרבעטער־פּאַרטיי „פועלי־ציון" אין רוסלאַנד, פעטראָגראַד, 25סטער נאָוועמבער 1917.

# די אימפּעריאַליסטישע צילן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע

רעזאָלוציע פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָ־
קראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד, אָנגענומען אויף
דער פּלענאַרער זיצונג אין קיִעוו, 3—10 דעצעמבער 1917.

1. די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג וועגן ארץ־ישראל האָט פּאָלגנדיקע צילן: אונטער דער פאָן פון „באַפרייונג פון קליינע פעלקער" פאַרשקלאַפן ארץ־ישראל צום ענגלישן קאַפּיטאַל, אַרויסרופן אַ צושטראָם פון ייִדישע יונגעלייט אין דער ענגלישער אַרמיי, און זיכערן די הילף פון גאַנצן ייִדישן פאָלק צו פירן די מלחמה „ביזן סוף".

2. די דאָזיקע דעקלאַראַציע איז, ענלעך ווי די דעקלאַראַציע פון דער דייטשער רעגירונג וועגן דער „אומאָפּהענגיקייט" פון פּוילן, איינער פון די פאַרזוכן פון דעם וועלט־אימפּעריאַליזם אויסצונוצן צוליב זיינע אינטערעסן די נאַציאָנאַל־באַפרייערישע באַוועגונג.

3. די פאַרווירקלעכונג פונעם ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער אין ארץ־ישראל איז מעגלעך בלויז אויפן באָדן פון דער וואַקסנדיקער ייִדישער קאָלאָ־ניזאַציע. כדי די ייִדישע קאָלאָניזאַציע זאָל זיך אַנטוויקלען מיט דער גרעסטער שנעלקייט און דערפאָלג, זענען נייטיק באַדינגונגען, וואָס זאָלן זיכערן דעם פרידלעכן, עקאָנאָמישן און פּאָליטישן פּראָגרעס פון לאַנד: די אינטערנאַציאָ־נאַל גאַראַנטירטע פרייהייט פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג, קאָלאָניזאַציע און נאַטוראַליזאַציע (איינבירגערונג) אין ארץ־ישראל אָן שום שטערונגען; פרייע טעטיקייט פון די ייִדישע דעמאָקראַטישע קאָלאָניזאַציע־אינסטיטוטן.

4. אין קאַמף פאַר די דאָזיקע באַדינגונגען געניסט די ייִדישע דעמאָ־קראַטיע פון דער אונטערשטיצונג מצד דער וועלט־דעמאָקראַטיע. דאָס באַ־ווייזן די רעזאָלוציעס פון די טשעכישע, ענגלישע און אַנדערע סאָציאַליסטן און דער מאַניפעסט פון שטאָקהאָלמער קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל.

5. די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג איז אַ באַוויז, אַז אונדזערע ארץ־ישראל־פאָדערונגען זענען שוין געוואָרן אַ פאַקטאָר, מיט וועלכן עס קומט אויס זיך צו רעכענען אין דער וועלט־פּאָליטיק, און וואָס וועט גרינגער מאַכן אַוועקשטעלן אויפן סדר־היום, בעתן שליסן דעם שלום, די פראַגע וועגן אונטערשטיצונג פאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל.

6. מיר רופן אַלע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס נאָך ברייטער צו פאַרשפּרייטן אונדזער אויפפאַסונג פון דעם ארץ־ישראל פּראָבלעם, נאָך שטאַרקער צו אַגיטירן פאַר דער אָנערקענונג פון אונדזערע ארץ־ישראל־פאָדערונגען דורך דער ייִדישער און נישט־ייִדישער דעמאָקראַטיע. לאָמיר נישט דערלאָזן אַראָפּ־צונעמען פון טאָג־אָרדענונג פון דער וועלט־פּאָליטיק דאָס איינמאָל שוין אַוועקגעשטעלטע פּראָבלעם פון ארץ־ישראל. גלייכצייטיק דאַרפן מיר אויך אַנטפּלעקן די אימפּעריאַליסטישע צילן פון דער ענגלישער דעקלאַראַציע און קעמפן מיט אַלע כוחות קעגן אַריינציִען די ייִדישע דעמאָקראַטיע אין די קעמ־פער־רייען פאַרן אימפּעריאַליזם. מיר וועלן פאָרזעצן דעם קאַמף פאַר שליסן וואָס גיכער דעם שלום און פאַר זיכערן פרייהייט און מיטהילף פאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל.

געדרוקט אין דער „ייִדישער אַרבעטער־כראָניק“
(רוסיש), אָרגאַן פון דער י.ס.ד.א.פּ. „פּועלי־ציון“
אין רוסלאַנד, פּעטראָגראַד, 27טער יאַנואַר 1918.

זרבבל

# אונדזער רעכט אויף ארץ־ישראל

פון דער דעקלאַראַציע, געלייענט פון ח׳ זרובבל אויף דער צייט־ווייליקער ייִדישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין קיִעוו, 1918.

צווישן די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אויפגערודערט דאָס מענטשלעכע געוויסן אין דער איצטיקער גרויסער צייט, פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט דאָס פּראָבלעם פונעם ייִדישן פאָלק. צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשיידענע לענ־דער, צווישן פאַרשיידענע פעלקער, זינט טויזנטער יאָר אָפּגעריסן פונעם אַמאָליקן טעריטאָריאַלן צענטער, שטעלט מיט זיך פאָר די ייִדישע נאַציע אַן איינהייטלעכע קערפּערשאַפט. יאָרהונדערטער פון רדיפות און יסורים, פּאָגראָמען און גירושים, צענדליקער איבערקערענישן און שינויים אין דער אַרומיקער סביבה זענען נישט געווען בכוח צו פאַרניכטן די דאָזיקע איינִיקייט און געשלאָסנקייט, נאָר האָבן זי נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרפעסטיקט. אָבער לאַנג האָט געדויערט ביז דער תוך פונעם ייִדישן פּראָבלעם איז קלאָר אויפגעפּאַסט געוואָרן פון דער געזעלשאַפט און פונעם ייִדישן פאָלק גופא.

בשעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז דאָס ייִדישע פאָלק דערשינען צום ערשטן מאָל אין זיין גלות־געשיכטע אויף דער פּאָליטישער אַרענע פון אייראָפּע. עס קומט זיך צונויף דער ייִדישער סנהדרין אין פראַנקרייך. אין נאָמען פון ייִדישן פאָלק רעדט אָבער די פינאַנץ־בורזשואַזיע, און אין נאָמען פון פאָלק זאָגט זי זיך אָפּ פון זיינע נאַציאָנאַלע רעכט, און פונעם קאַמף פאַר זיין אייגענעם קיום, און ס׳ציט זיך ווייטער די פאַרזשאַווערטע קייט פון הכנעה, שפלות און פּאַסיווקייט.

איצט, ווען די וועלט איז אַריינגעצויגן אין דער תקופה פון די גרויסע רעוואָלוציעס, קומען מיר זיך ווידער צונויף, אָבער נישט אין קיין רעליגיעזן סנהדרין, נאָר אין אַ נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג: אין נאָמען פון פאָלק רעדט דאָס פאָלק גופא, און זיין ערשט וואָרט איז:

די ייִדישע נאַציע איז אַ נאַציע און פאָדערט אירע פולע נאַציאָנאַלע רעכט.

די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קעמפט פאַר דער אָנערקענונג פון די ייִדישע נאַציאָנאַלע רעכט, ווייל פון דעם הענגט אָפּ די מעגלעכקייט פון אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס און דאָס וועט ווירקן אויף די רעזולטאַטן פון זיין קלאַסן־קאַמף. ס׳איז אים נייטיק, ווי לופט, צו שאַפן יענע נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמע רעכטלעכע אָרגאַנען, ווו ער זאָל זיך צונויפ־טרעפן פּנים אל פּנים מיט דער ייִדישער בורזשואַזיע, קעמפן שריט ביי שריט

קעגן איר השפעה אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן און סוף כל סוף איבערנעמען אין זיינע הענט די פירונג און אָרגאַניזירונג פון דער יידישער אַרבעטס־געזעלשאַפט. אין דער אייגענער נאַציאָנאַלער סביבה קעמפט די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַר די אַלגעמיינע אידעאַלן פון סאָציאַליזם פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, און אין איין שורה מיט די אַלגעמיינע לאָזונגען, שטעלן זיך פאַר דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַזונדערע אויפגאַבעס, דיקטירטע דורך די אייגנאַרטיקע לעבן־ און קאַמפּס־באַדינגונגען פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, דורכן באַזונדערן היסטאָרישן גורל פון דער יידישער נאַציע...

די עקסטעריטאָריאַלקייט פון יידישן פאָלק, דער פאַקט, וואָס מיר דערשיינען אומעטום אַלס מיעוט, באַשרענקט די מעגלעכקייט און פאָרנעם פון אונדזער קאַמף, מאַכט אונדז אָפּהענגיק דורכויס פון דער אַרומיקער סביבה, הן אין דעם כאַראַקטער פון אונדזער אַרבעט און הן אין דעם אומפאַנג פון אונדזער השפעה. די עמיגראַציע האָט פּראָדוקטיוויזירט דאָס יידישע לעבן, געשאַפן נייע יידישע ישובים און צענטערס פון קאָלאָניזאַציע, דערמיט אויסגעברייטערט דעם שטח פון יידישן פּראָבלעם, אָבער אויך אָנגעוויזן די ריכטונג, אין וועלכער ס׳וועט גיין ווייטער די אַנטוויקלונג פונעם יידישן לעבן. וואָס ווייטער רוקט זי אַרויס פאַרן גאַנצן פאָלק אַלץ רעאַלער די וויכטיקייט פון אַן אויטאָנאָם־טעריטאָריאַלן צענטער, ווו די אויטאָנאָמע ווירטשאַפט־סביבה פון דער יידישער נאַציע וועט באַפרייען די שאַפונגס־כוחות פון זיין פּראָדוקטיוון קלאַס, דעם פּראָלעטאַריאַט. די אויטאָנאָמע אייגנאַרטיקע דערשיינונגען פון יידישן לעבן שטעלן אַוועק אויפן סדר־היום פון די אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע אַנשטאַלטן אַזעלכע פּראָגעס, וועלכע פּאַסן זיך נישט אַריין אין די ראַמען פון דער רוחניותדיקער נאַציאָנאַלער אָדער פּראָלעטאַרישער „קולטור״, נאָר באַרירן די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער נאַציע.

די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע („פּועלי־ציון״), וועלכע האָט געהאַט די גרויסע זכיה אויפצוצייכענען אויף דער רויטער פאָן פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס די איינהייטלעכע און סינטעטישע לאָזונג פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן קאַמף, דערקלערט פייערלעך, אַז איצט איז געקומען די גרויסע צייט, ווען ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט דער היסטאָרישער אמת און תכלית פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווען די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן און פאַרוויקלט אין איין קנויל, ווען די בלוטיקע נויטן פונעם טאָג, וואָס לויפט אַוועק, און די פּורפּור־שטראַלן פונעם טאָג, וואָס קומט אָן, וועבן אויס איין קאַמפּס־לאָזונג:

דאָס יידישע פאָלק אַלס גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער פעלקער־משפּחה, דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אַלס גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל!

פון דאַנען די פאָדערונגען פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע:

נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין די לענדער פון דער יידישער קאָמפּאַקטער קאָנצענטרירונג און דער טעריטאָריאַלער צענטער אין פּאַלעסטינע!

ביידע פאָדערונגען זענען אַ פּראָדוקט פון אונדזער אייגן לעבן, גיבן אַ תשובה אויף אונדזערע אייגענע נויטן; ביידע וועלן זיי דעריבער אויך פאַרווירקלעכט ווערן דורך אונדזערע אייגענע כוחות, דורכן קאַמף פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. אין אונדזער קאַמף פאָדערן מיר אָבער די שטיצע און מיטהילף פון אונדזערע קאַמפּס־חברים פון אַנדערע פעלקער, ווייל אונ־דזער פּראָבלעם קען געלייזט ווערן נאָר אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין אוקראַינע וועט אויסערלעך גאַראַנטירט ווערן דורך דער אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציע אַלס באַזונדערע איינהייט אין דער גאַנצער וועלט, און אַלס פּועל־יוצא פון דעם וועט אויך קומען די אָנערקענונג פון אונדזער פּאַלעסטינע־פּונקט.

מיר פאָדערן נישט קיין רעכט אויף פּאַלעסטינע און קיין פּריווילעגיעס, וואָס זאָלן דאָרט שטערן די אַנטוויקלונג און פרייהייט פון אַנדערע פעל־קער. אונדזערע רעכט אויף פּאַלעסטינע וועלן קומען אַלס רעזולטאַט פון אונדזער אַרבעט אין פּאַלעסטינע. מיר פאָדערן דעריבער די גאַראַנטיעס פאַר דער מעגלעכקייט און פרייהייט פון אונדזער אַרבעט. די אַרבעט, וועלכע איז ביז איצט געשאַפן געוואָרן אין ארץ־ישראל, איז דער יסוד פון אונדזער ווייטערדיקן קאַמף בנוגע דער לייזונג פון אונדזער טעריטאָריאַלן פּראָבלעם. און אין היינטיקן גרויסן טאָג פון דער ערשטער דעמאָקראַטיש־געוויילטער יידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג שיקט פון דאַנען די יידישע סאָצ׳ דעמ׳ „פּועלי־ציון" איר ברידערלעכן גרוס די העלדן פון אַרבעט, וועלכע זענען אין משך פון פיר יאָר פון מענטשן־שחיטות און פאַרוויסטונגען געבליבן אויף זייערע אַרבעטס־פּאָזיציעס אין פּאַלעסטינע, אויף קיין איין רגע נישט איבער־געריסן דאָס געוועב פון יידישן אַרבעטס־שאַפן אין ניילאַנד, און אָפּגעהיט די סאָציאַליסטישע טראַדיציעס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

די שאַפונג פון טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע שטייט איצט אַלס די פּאָליטישע פראַגע פון דעם יידישן פאָלק, און די יידישע סאָצ׳ דעמ׳ האָפט, אַז די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט וועט דערפילן די אַחריות פאַרן שאַרפסטן פּראָבלעם פון אונדזער ווירקלעכקייט, וועט פאַרטיידיקן די אינ־טערעסן פון די פאָלקס־מאַסן אין דעם דאָזיקן פּאָליטישן מאָמענט, ווי אויך אָרגאַניזירן אירע כוחות בנוגע דעם סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכן פּראָצעס פון שאַפן דעם טעריטאָריאַלן צענטער.

די דאָזיקע פאָדערונגען פון דער יידישער סאָצ׳ דעמ׳ זענען פאָרגעבראַכט געוואָרן פאַרן העכסטן טריבונאַל פון דער אַלוועלטלעכער דעמאָקראַטיע און אין דעם האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן מאַניפעסט האָבן זיי געקריגן איר סאַנקציע און אָנערקענונג. ס׳איז אַן איבעריק מאָל אונטערגעשטראָכן געוואָרן די איינ־קייט און סאָלידאַריטעט, וועלכע הערשט צווישן אונדז און דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער וועלט אין דער אויפפאַסונג פון די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָב־לעמען, און דאָס וועט צוגעבן דער יידישער אַרבעטערשאַפט מוט און ענער־גיע פאָרצוזעצן איר קאַמף אין זעלבן גייסט אויך ווייטער.

„אַרבעטער־צייטונג", וואַרשע, 3טער יאַנואַר 1919

# די ארץ־ישראל־פראַגע

## אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון פועלי־ציון אין אומאָפהענגיקן פוילן

(דעצעמבער 1918)

### רעפעראַט פון ז. רובאַשאָוו.

ווי פאַסן מיר אויף די נויטווענדיקייט פון דער פאַלעסטינע־לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע? די נייע ענדערונג אין דעם לאַנד פון אימיגראַציע, די אומגעשטאַלטונג פון די לעבנס־באַדינגונגען אין די לענדער פון דער עמיגראַציע, — דאָס אַלץ צוזאַמען שאַפט נייע אויסזיכטן פאַר אונדזער אַרבעט. און עס פרעגט זיך, צי ביי די נייע פאָרמען פון דער וועלט, ביי דעם נייעם שאַפנדיקן כוח פון דער פאָליטיק, עקזיסטירט ווייטער די נויטווענדיקייט פון אונדזער פאלעסטינע־טעטיקייט, אָדער נישט? ביי פיל פון אונדזערע חברים האָט זיך אָנגעהויבן אַריינגנבענען דער ספק: אויב אונדזער ביז איצטיקער קלאַסן־קאַמף איז געפלאָסן אומנאָרמאַל און זיין נאָרמאַליזירונג האָט געקענט קומען נאָר דורך דער פאַלעסטינע־לייזונג, — צי איז ביי די נייע באַדינגונגען גילטיק דער זעלבער געדאַנקען־גאַנג? דאָ מוז מען צוריקגיין צו די גרונט־יסודות פון דעם פועלי־ציוניזם. מיר האָבן געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין איין קלאַס אין ייִדישן פאָלק, וואָס זיינע אינטערעסן זאָלן נישט פאָדערן די ראַדיקאַלע לייזונג פון דער ייִדנפראַגע, דעם פאַלעסטיניזם. דאָס גילט אויך פאַרן ייִדישן פראָלעטאַריאַט און פאַר אַלע פאַזן פון זיין אַנטוויקלונג. דער קלאַסן־קאַמף פון ייִדישן פראָלעטאַריאַט ליידט דערפון, וואָס ער איז אַריינגעפלאָכטן אין דער נישט־געזונטער ייִדישער ווירטשאַפטלעכער אַטמאָספער, און ביז וואַנען די ייִדישע ווירטשאַפט וועט נישט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף געזונטע יסודות, אַזוי לאַנג וועט דער ייִדישער פראָלעטאַריאַט זיין געבונדן און נישט אימשטאַנד זיין דורכצופירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע ביי זיך אין לעבן. אָט די אומנאָרמאַלקייט האָט דער ייִדישער אַרבעטער געשפּירט אויפן שוועל פון פאַבריק. זי האָט אים דיקטירט די פאַלעסטינע־לייזונג בעת ער איז געווען אין פאַבריק און זי וועט אים דאָס פון דאָסניי דיקטירן בעת דער ליקווידירונג פון דער היינטיקער ווירטשאַפט. איצט, אין דער צייט פון גוואַלדיקע ענדערונגען, מוזן מיר איבערחזרן אַן אַלטע לערע פון דער ייִדישער עקאָנאָמיק: יעדעס מאָל, ווען די אויסערלעכע וועלט הייבט זיך אָן איבערבויען, טרעט

אַרויס די קללה פון דער ייִדישער עקסטעריטאָריאַליטעט באַזונדערס שאַרף, אין איר פולער גאַנצקייט, אַלס אַ קרענק, וואָס איר כראָנישקייט גייט איבער אין אַ קאַטאַסטראָפע נאָר אין דער צייט פון שטורעם. און איצט, ווען אַפילו עס זאָל זיך אָנהייבן דער ליקווידירונגס־פּראָצעס פון דער אַלטער ווירטשאַפט, וועט ער פאָרקומען אין שטאַטלעכע און שפּעטער אין נאַציאָנאַלע קאַמפן, אָפּ־הענגיק פונעם ווירטשאַפט־צושטאַנד פון יעדן קיבוץ. די ייִדישע ווירטשאַפט איז דורך דער מלחמה שטאַרק חרוב געוואָרן. פאַרשיידענע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַקטאָרן האָבן זי צופיל אָפּגעשוואַכט, און די איצטיקע סאָציאַלע רעפאָרמען וועלן זי גענצלעך רויִנירן. זיי וועלן צואיילן די סטיכישע פּראָצעסן, וואָס ווירקן אויף דער ייִדישער גאַס, זיי וועלן צואיילן דעם פּאַלעסטיניזם. אין משך פון די לעצטע פיר יאָר איז קיין וואַנדערונג ביי ייִדן נישט פאָרגעקומען; אָננעמענדיק דאָ די ציפערן פון פאַרן קריג, האָבן מיר אַ סך־הכל פון אַ האַלבן מיליאָן פּאָטענציעלע עמיגראַנטן, וועלכע זענען איבערגעפּלאָסן דעם כוס פון דער ייִדישער ווירטשאַפט און מוזן זיך ווי אַמשנעלסטן זוכן אַ נייעם אַרבעטס־פּלאַץ. קומט ווייטער צו דער חורבן, וואָס די מלחמה האָט אָנגעמאַכט, דערמאָנען מיר זיך, אַז רוסלאַנד וועט זייער באַשרענקט קענען אויפנעמען די ייִדישע עמיגראַנטן, אַז אַלע וועלן שטיק פאַר דעם אומגעהויער שווערן פּראָבלעם פון אַרבעטסלאָזיקייט, — ווערט אונדז קלאָר דער פאַקט, אַז נאָך דעם קריג הייבט זיך אָן די גוואַלדיקע איבערוואַנדערונג, וואָס אַ גרויסער טייל פון איר וועט זיך ווענדן קיין ארץ־ישראל, וועלכע איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין נייע פּאָליטישע באַדינגונגען און וועט דעריבער מוזן האָבן אַ סך גרעסערע מעגלעכקייטן פאַר איינוואַנדערונג, ווי ביז איצט. די גרונט־סיבות פאַר דער גוואַלדיקער סימפּאַטיע פון די הערשנדיקע מענער אין אייראָפּע פאַרן ציוניזם ליגט דעריבער אין דער כוונה אָפּצווווענדן פון זיך דעם שטראָם פון ייִדישע עמיגראַנטן — דאָס איז דער גרונט־מאָטיוו פון די ענגלישע, פראַנצויזישע און אַנדערע דעקלאַראַציעס.

וועלכע דאַרפן דעריבער זיין די אויפגאַבעס פון דעם ייִדישן פּראָלעטאַ־ריאַט בשעת דעם דאָזיקן פּראָצעס? אויף וויפל עס איז אַן אמת, אַז דער פּראָ־לעטאַריאַט הערט אויף צו זיין בלויז אַ באַפרייענדיקער און ווערט אויך אַ שע־פערישער כוח — דאַרף עס דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אין אָט דעם פּראָצעס דערוויזן. ער דאַרף פאַרשטאַרקן זיינע פּאָזיציעס, באַהערשן דעם פּראָצעס אין אַלע זיינע אַנטפּלעקונגען, שאַפן פאַרן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אַרבעטס־באַדינגונגען אין פּאַלעסטינע, רעגולירן דעם פּראָצעס אין זיינע ביידע סטאַדיעס — אין דער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע — אויסנוצנדיק די אינטערעסן פון דער דעמאָקראַטיע, געווינען די השפעה אויך אויף די נישט־פּראָלעטאַרישע פאַקטאָרן. עס מוזן געשאַפן ווערן אַרבעטס־ביוראָען; מיר מוזן איבערנעמען דאָס אָרגאַניזירן דעם ייִדישן אַרבעטער אַלס קעגנזאַץ צו דער אָרגאַניזירונג פון דעם ייִדישן קאַפּיטאַל. שוין דאָ מוז מען דורכפירן אַ קאַמף קעגן דער שפּעקולאַציע אויף באָדן; מען דאַרף געזעלשאַפטלעך פירן די אַרבעטן אין פּאַלעסטינע. נישט ווייט איז די שעה פון דער פאַרווירקלעכונג פון דעם פרייען סאָציאַליסטישן ייִדישן ישוב אין פּאַלעסטינע.

## רעפעראַט פון מ. יאַרבלום.

פון דעם אופן, ווי אַזוי ס'וועט געלייזט ווערן די אַגראַר־פראַגע אין פּאַלעסטינע, איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון דעם נייעם ישוב. די לאַנדווירט־שאַפטלעכע טעטיקייט איז דער יסוד, אויף וועלכן עס וועט זיך אַנטוויקלען אויך די שטאָט־אינדוסטריע, אויפן ערשטן פּלאַן די צווייגן פון דער אינ־דוסטריע, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער לאַנדווירטשאַפט. דער טעמפּ פון דער איינוואַנדערונג איז אויך אָפּהענגיק פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּאָ־ליטיק, וואָס וועט אין פּאַלעסטינע געפירט ווערן. די יידישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע מוז האָבן איר אַגראַר־פּראָגראַם. דער גרונט־פּרינציפּ פון אונדזער פּאַרטיי אין דער פּאַלעסטינער אַגראַר־פראַגע דאַרף זיין: אָפּשאַפן דאָס פּריי־וואַט־אייגנטום אויף באָדן. דער דאָזיקער פּרינציפּ דאַרף דורכגעפירט ווערן אומאָפּהענגיק פון די לאַנדווירטשאַפט־סיסטעמען, וועלכע וועלן איינגעפירט ווערן: די קאָלעקטיווע קאָלאָניזאַציע, צי אינדיווידועלע משפחה־קאָלאָניזאַציע, אָדער אַנדערע סיסטעמען. די ערד מוז בכל אופן נאַציאָנאַליזירט ווערן; זי טאָר נישט זיין קיין ענין פאַר שפּעקולאַציע.

אַנדערש דראָט א סכנה אונדזער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט אין ארץ־ישראל. דאָס פּריוואַט־אייגנטום אויף באָדן רופט אַרויס אַן אומגעהויער גרוי־סע שפּעקולאַציע — ווי עס איז שוין געווען דער פאַל אין לאַנד — הייבט אויף די פּרייזן אויף ערד, מאַכט אומעגלעך פאַר דער נישט־פאַרמעגלעכער באַפעל־קערונג זיך צו באַשעפטיקן זעלבסטשטענדיק מיט ערדאַרבעט.

די אויסבילדונג פון גרויסע ערד־אייגנטימער, פון לאַטיפונדיעס, ברענגט צו אַן עקסטענסיוון אופן פון אַרבעט, מאַכט אַלזאָ ווייניקער פּרוכטבאַר דעם באָדן און פאַרקלענערט דערמיט זיינע אויפנאַמס־פעיִקייטן.

די גוטבאַזיצער ווערן ביי אַזעלכע באַדינגונגען פאַרינטערעסירט אין פאַרגרעסערן זייערע הכנסות אויפן חשבון פון אַ גרעסערער עקספּלאָטאַציע פון זייערע אַרבעטער, פאַרערגערן זייער לאַגע און רופן אַרויס אַן אויסוואַנ־דערונג פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג. אויב עס איז פאַראַן אַ גרויסע שטאָט־אינדוסטריע, פאָרט מען אין שטאָט אַריין, אויב נישט — וואַנדערט מען אין חוץ־לארץ. אַלס ביישפּיל קען דינען די לאַטיפונדיע־סיסטעם אין סיציליע, וווּ די לאַגע אין דער לאַנדווירטשאַפט איז זייער אַ טרויעריקע.

מיט דער סיסטעם פון פּריוואַט־אייגנטום איז אויך פאַרבונדן די פראַגע וועגן זוכן ספּעציעל בילִיקע אַרבעטער — די פּאַלעסטינער פעלאַכן — אַרויס־שטויסנדיק די יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען טייערער. דאָס ליגט אין די אינטערעסן פון די ערד־באַזיצער.

אַ חוץ דעם געפינען זיך די גרויסע גוטבאַזיצער גאַנץ אָפט אין אויסלאַנד; דער ריווח, וואָס ווערט באַשאַפן אין לאַנד, עמיגרירט אַרויס צו די באַלע־באָטים און ווערט נישט אויסגענוצט פאַר דער ווייטערדיקער מער אינטענסי־ווער אַנטוויקלונג, ווי עס איז דער פאַל אין דער שטאָט־אינדוסטריע, אָדער ווי־

עס וועט זיין דער פאַל, ווען די ערד וועט זיין אַ נאַציאָנאַלער קנין. די הכנסות וועלן פאַרבלייבן אויפן באָדן און אויסגענוצט ווערן פאַר אינטענסיפיצירן וואָס מער און מער די קאָלאָניזאַציע־מעטאָדן און פאַרבעסערן די לעבנס־באַקוועמ־לעכקייטן כ״ן די ערד־אַרבעטער: סאַניטאַרע באַדינגונגען, שולן, ביבליאָטעקן, טעאַטערס אאַ״וו.

די דאָזיקע טעמים און אַ סך אַנדערע ווייזן אונדז אָן, אַז אין די אינטע־רעסן פונעם אַרבעטער־עלעמענט אין דאַרף, ווי פאַר דער אַלגעמיינער אַנט־וויקלונג פון גאַנצן ישוב, ליגט, ס׳זאָל נישט איינגעפירט ווערן די סיסטעם פון פריוואַט־אייגנטום, און שפעקולאַציע אויף ערד.

ס׳דאַרף באַשאַפן ווערן אַ דעמאָקראַטישער קאָלאָניזאַציע־אַנשטאַלט, וואָס זאָל די דאָזיקע פראַגע רעגולירן: סיי פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג — יידישער און פעלאַכישער — סיי פאַר די נייע איינוואַנדערער — פאַר אַלע די זעלבע באַדינגונגען. אויף אַזאַ אופן מיידט מען אויס אַן „אַראַבער״־פראַגע, וועלכע מען וויל קינסטלעך באַשאַפן. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם קאָלאָניזאַציע־מעטאָד, וועט דאָס זיין אָפהענגיק סיי פון די לאָקאַלע באַדינגונגען, סיי פון דיווירטשאַפטס־צווייגן. מיר וועלן וואַרשיינלעך האָבן סיי קאָלעקטיווע קאָלאָ־ניזאַציע, סיי אינדיווידועלע משפחה־קאָלאָניזאַציע, סיי אַזעלכע, ביי וועלכע נישט נאָר דער באָדן געהערט צו דער רעגירונג אָדער צו אַן אַנדערן דעמאָ־קראַטישן אַנשטאַלט, נאָר אויך די אַרבעט וועט דורך דעם דאָזיקן אַנשטאַלט אַדמיניסטרירט ווערן און די אַרבעטער וועלן באַקומען שכירות פאַר זייער אַרבעט, אַזוי ווי אין אַלע נאַציאָנאַליזירטע צווייגן פון דער אינדוסטריע און ביי די אייזנבאַנען, וואָס געהערן צו דער רעגירונג.

נאָר אין יעדן פאַל — ביי יעדן מעטאָד — דאַרף הערשן דער פרינציפּ: אַ סוף צום פריוואַט־אייגנטום און צו דער ערד־שפעקולאַציע.

## רעפעראַט פון זרבבל.

דער פּאַלעסטיניזם איז פאַר אונדז אַ סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכער פּראָצעס. זיין תוך איז די אַרבעט. דער תכלית — די אויסברייטערונג און פאַרפעסטי־קונג פון דער יידישער אַרבעט. די פאָדערונג קען זיין אויך: רעכט אויף אַרבעט. די ספּעציפישקייט און אייגנאַרטיקייט פון אונדזער פּאַלעסטיניזם איז נישט אין דער פאָדערונג, נאָר אינעם רעזולטאַט, וואָס וועט זיך באַקומען דורך איר באַפרידיקונג. מיר קעמפן נישט בלויז און אויסשליסלעך פאַר נאַציאָ־נאַלער אויטאָנאָמיע בנוגע יידן. ס׳איז אַ פּרינציפּ פון דער נייער וועלט־אָרדענונג בכלל, ווי אַזוי דאַרף זי געבויט ווערן. קוים זענען מיר איינגע־פלאָכטן אינעם אַרבעטנדיקן כלל, איז דער פּרינציפּ חל אויך אויף אונדז.

מיר דאַרפן פעסטשטעלן, אַז מיר זענען אַ נאַציע, נישט קיין יחסנטע, אָבער אויך נישט קיין שטיפקינד. דאָך פאַרלאָזן מיר זיך נישט אויפן „ממילא", נאָר מיר קומען אין דערקלערן בפירוש, אַז אונדז גייט אין לעבן, אַז דער נייער פּרינציפּ זאָל איינגעפירט ווערן, און אַז מיר ווילן אים אויסנוצן פאַר זיך, ווען אַפילו אַנדערע זאָלן אויף אים מוותר זיין.

מיר האָבן נישט קיין רעכט אויף ארץ־ישראל, כל־זמן מיר אַרבעטן נישט דאָרט. אויך קיין אַנדערער האָט אויף איר קיין רעכט נישט. נישט דער טערק, וואָס האָט פריִער זי דערוואָרבן מיט פייער און שווערד, נישט דער ענגלענדער און אַפילו דער ייִדישער לעגיאָנער, וואָס האָט זי איצט איינגענומען מיט האַר־מאַטן. פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע עקזיסטירט נאָר דאָס רעכט, וואָס שטאַמט פון אַרבעט. אַדאַנק אַרבעטן דאָרטן — האָבן זיי רעכט אויף זייער אַרבעט, אויף איר פאַרנעם, אָבער נישט מער. 92% פון באָדן איז נישט באַאַרבעט, האָט אויף אים קיינער קיין רעכט נישט, נאָר דער, וואָס וועט אים באַאַרבעטן. אויף אונדזער אַרבעט איז געשאַפן דער נייער ישוב, אויף איר שטיצט זיך אונדזער רעכט. וועט זיך אונדזער אַרבעט אויסברייטערן, וועלן זיך אויך אויסברייטערן אונדזערע רעכט. אונדזער פּראָגנאָז האָט פעסטגע־שטעלט, אַז עס זענען פאַראַן אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַר דער אויסבריי־טערונג אין איינוואַנדערונג פון אונדזער אַרבעט. קומען מיר דעריבער צו דער וועלט און דערקלערן, אַז מיר זענען באַזונדער פאַרינטערעסירט אין די רעכט אויף אַרבעט אין פּאַלעסטינע. די רעכט גופא אָבער, די פאָדערונגען טראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, אין טאַקע דערין באַשטייט אונדזער שטאַרקייט. קיין שום ספּעציעלע פּריווילעגיעס אין תחבולות, נאָר אָנווענדן די פּרינציפּן פון פרייהייט פאַר איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע.

ווער דאַרף איצט באַהאַלטן מיט פּאַלעסטינע? די דאָרטיקע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. פאַראַן אָבער אַן אייבערמאַכט איבער איר — די אינטערנאַ־ציאָנאַלע וועלט־מאַכט — די סאָציאַליסטישע אַרבעטערשאַפט, וועלכע וועט פעסטשטעלן די פּרינציפּן פון דער נייער וועלט־אָרדענונג און נישט לאָזן אין יעדן אָרט איינפירן ספּעציעלע תקנות, וועלכע וועלן שטערן די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע כוחות פון דער וועלט. די איצטיקע באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע, אַראַבער מיט ייִדן, קענען נישט האָבן קיין חזקה אויף דעם גאַנצן פּאַלעסטינישן שטח, וועלכן זי איז נישט ביכולת צו באַאַרבעטן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט איצט זוכן נישט בלויז ריכטיק צו פאַרטיילן די פּראָדוקטן פון דער וועלט, נאָר אָרגאַניזירן אין פאַרמערן די וועלט־פּראָדוקציע. וועט זי קאָלאָניזירן פרייע שטחים ערד און אָרגאַניזירן די וואַנדערונג פון מיליאָנען אַרבעטסלאָזע. פּאַלעסטינישע נאַטיר־רייכטימער זענען פרייִ פאַר דער וועלט. אַ דאַנק דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פון אונדזער וואַנדערונג, די ספּעציפישע אַרבעטס־באַדערפענישן אונדזערע, איז פאַר אונדז פאַראַן די זיכערקייט און מעגלעכקייט איינצוואָרצלען זיך אין פּאַלעסטינע. דאָס איז דער אינהאַלט פון אונדזערע פאָדערונגען.

קלאָר איז אָבער, אַז זיי קענען באַפרידיקט ווערן און אַפילו געשטעלט ווערן נאָר אין דער אַטמאָספער פון די נייע וועלט־כוחות, די טרעגער פון אַרבעט און די קעמפער פאַר אירע רעכט. ווילסאָן און באַלפור וויסן נאָר פון פּריווילעגיעס, פון הערשער־רעכט, פון אָקופּאַציע. די ציוניסטן מיט זייערע „היסטאָרישע רעכט" קענען זיך ווענדן נאָר צו דער קאָאַליציע, נאָר צו רעגירונגען און פאַרלאַנגען פאַר זיך אויסנאַמס־רעכט.

אונדזער פּאָליטישער וועג איז אַן אַנדערער, אַ קעגנזעצלעכער, ווייל מיר זענען פאָרשטייער פון אַן אַנדערן קלאַס, פון אַנדערע אינטערעסן, און אונדזער קאַמף אויפן גאַנצן פראָנט האָט די כוונה איינצופירן אַ נייע סיסטעם. מיט דעם איז אינגאַנצן פאַרבונדן אונדזער פּאַלעסטינע־אַרבעט. די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט נישט אַרויסגערופן אונדזער פּאַלעסטיניזם, אָבער זי פאַרשאַרפט אים, מאַכט אים דרינגלעכער, נויטווענדיקער. גלייכצייטיק מאַכט זי זיכערער די מעגלעכקייט פון זיין רעאַליזירונג.

נאָך איינס דאַרפן מיר לערנען פון דער איצטיקער תקופה. דער פּראָלעטאַריאַט ווערט אַקטיוו, שטעלט זיך בראש פון דעם ווירטשאַפטלעכן אָרגאַניזירונגס־פּראָצעס. דאָס מוז געשען אויך בנוגע אונדזער פּאַלעסטינע־אַרבעט. עס איז דער שאַרפסטער אויסדרוק פון אונדזער רעוואָלוציע. מוז עס ווערן אויס לאָזונג, נאָר אַ טאָג־טעגלעכע אַרבעט. די אַלוועלטלעכע דעמאָקראַטיע וועט אונדז שטיצן. די אַרבעט איז אונדזערע, אויך די איניציאַטיוו. מיר דאַרפן מאָביליזירן די אַרבעטער־וואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע. „החלוץ" מוז באַקעמפט ווערן, הגם אין אַמעריקע האָבן מיר אים געגרינדעט, דאָ טראָגט ער אָבער אַן אַנדערן כאַראַקטער. די אַרבעטער מוזן אָרגאַניזירט ווערן נאָר אַלס קלאַסן־אָרגאַניזאַציע. נישט סתם פאָרן, נאָר צוגעגרייט. אָבער לגבי אונדז הייסט צוגעגרייט — אויך די אַנטוויקלונג פון קלאַסן־באַוווסטזיין. נישט סתם בויען פּאַלעסטינע, נאָר אַ נייע, אַ סאָציאַליסטישע. קיין שום קרבנות פאַר דער נאַציע. די נאַציע וועט געבויט ווערן ממילא דורך דער פאַרפעסטיקונג און פאַרמערונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס, ביז זי וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַרבעטער־נאַציע.

אונדזער וועג איז אַ זעלבסטשטענדיקער, נישט דורכן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער איז דאָך נישט מער ווי אַ קלאַסן־אָרגאַניזאַציע. צוליב געלט־מיטלען? וואָס פאַר אַ ממשות וועלן האָבן די ציוניסטישע קאַפּיטאַלן ביי דער ברייטער מעגלעכקייט פון אויפבויען פּאַלעסטינע. אונדזער וועג דאַרפן זיין די דעמאָקראַטישע אַנשטאַלטן פון דער יידישער אויטאָנאָמיע דורך דעם אַלוועלטלעכן יידישן קאָנגרעס. ציוניסטן וועלן אויך מוזן קומען אַהין. דאָרט איז אונדזער קאַמף פאַר אַלע פונקטן פון יידישן לעבן, אויך פאַרן פּאַלעסטיניזם. ציוניסטן זענען קעגן אַזעלכע אַנשטאַלטן, כדי נישט צו פאַרלירן די פּאַרטיי־העגעמאָניע. אין דעם וועלן מיר זיי נישט העלפן. זאָל דער צוזאַמענפּאַר באַצייכענען די נייע תקופה פון אַקטיוויטעט אויך אין אונדזער פּאַלעסטיניזם. אָבער אומעטום מוז זיין די זעלבע ליניע, דער זעלבער גייסט פון רעוואָלוציע און פון דער נייער צייט אין וועלכער מיר לעבן.

# רעזאָלוציע

(אָנגענומען איינשטימיק)

די סאָציאַלע פּראָצעסן, וועלכע וויקלען זיך איצט פונאַנדער אין דער גאַנצער וועלט און האָבן די אויסדריקלעכע כוונה צו ענדערן דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן אויף סאָציאַליסטישע יסודות, דעקן־אויף מיט אַ באַזונדערער געניויקייט און שאַרפקייט די אַלע אַנאָמאַליעס פון דער אייגנאַרטיקער אָפּגעשטאַנענער סטרוקטור פון דער ייִדישער עקאָנאָמיק, טרייסלען פונאַנדער די יסודות פון דער ייִדישער פאַרמיטלער־ווירטשאַפט און האַנטווערק־אינדוסטריע, צוגרייטנדיק אַ נייעם גוואַלדיקן שטראָם פון ייִדישער עמיגראַציע.

ביים שוועל פון דער נייער סאָציאַלער תקופה באַשטעטיקט דער צוזאַמענפאָר פון דאָסניי, אַז די רעוואָלוציאָנערע איבעראַנדערשונג פונעם ייִדישן לעבן אויף די יסודות פון אַרבעט וועט פאָרקומען דורכן אויפבוי פון אַ ייִדישן ווירטשאַפטלעך־טעריטאָריאַלן צענטער, וועלכער קען אַ דאַנק די אָביעקטיווע סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון לאַנד און דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פון דער ייִדישער אַרבעטס־עמיגראַציע, געשאַפן ווערן אין ארץ־ישראל; אַז ביז איצט איז שוין דאָרט אויסגעבילדעט געוואָרן אַ געזונטנדיקער ווירטשאַפטלעך־געזעלשאַפטלעכער יסוד פאַרן ווייטערדיקן אויפבוי פון אַזאַ צענטער, און די נייע פּערספּעקטיוון פון דער רעוואָלוציע, מיט אירע נייע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן פון דער וועלט־אָרדענונג, וועלן די דאָזיקע מעגלעכקייטן גאַראַנטירן און אויסברייטערן.

דער צוזאַמענפאָר שטעלט פעסט, אַז אין דער איצטיקער תקופה, ווען דער פּראָלעטאַריאַט נעמט זיך איבער די אָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע און די באַהערשונג פון די סטיכישע פּראָצעסן, איז דער ייִדישער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט מחויב זיך אַוועקצושטעלן בראש פונעם אויפבויונגס־פּראָצעס פונעם פּאַלעסטינער צענטער און ווערן דער אַקטיווער כוח, וואָס רעגולירט און באַהערשט די סטיכישע פּראָצעסן פונעם ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער צוזאַמענפאָר דערקלערט, אַז אונדזערע רעכט אויף פּאַלעסטינע קענען קומען נאָר אַלס פּועל־יוצא פון אונדזער אַרבעט אין פּאַלעסטינע, און טרעט אַרויס מיט דער גרעסטער שאַרפקייט קעגן יעדן פּרווו צו פאַרלאַנגען פאַר ייִדן אַזעלכע רעכט אויף ארץ־ישראל, וואָס זאָלן באַגרענעצן און שטערן די אַנטוויקלונג און פרייהייט פון אַנדערע אַרבעטס־עלעמענטן אין לאַנד. אונדזערע פאָדערונגען בנוגע פּאַלעסטינע זענען אין גייסט פון די נייע אָרגאַניזאַטאָרישע און שעפערישע אויפגאַבעס פונעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, אין הסכם מיט די אַנטוויקלונגס־באַדערפענישן פון די פּראָדוציר־כוחות פון לאַנד און דורכויס אין די אינטערעסן פון דער קאַמפּס־אַנטוויקלונג און שאַפונגס־באַדערפענישן פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

דער צוזאַמענפאָר פאָדערט דעריבער פאַלגנדיקע אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר די רעכט און מעגלעכקייטן אויפצובויען אַ ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע: פּאַלעסטינע זאָל אויסגעטיילט ווערן אַלס אויטאָנאָם

לאַנד, אין וועלכן עס ווערט איינגעפירט אַ דעמאָקראַטישע רעכטס־אָרדענונג; פרייהייט פאַר יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע; פאַרלייכטערונג פון נאַטוראַליזירונג און פרייע טעטיקייט פון די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע; סאָציאַל־פּאָליטישע איינפירונגען צו הייבן די פראָדוציר־קרעפטן פון לאַנד; ווירטשאַפטלעכע גאַראַנטיעס פאַר דער אַנט־וויקלונג פון דער קאָלאָניזאַציע, נאַציאָנאַליזירן די ערד און פאַרווענדן זי פאַר דער באַפרידיקונג פון די באַדערפענישן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט לאַנדווירטשאַפט, און דער קאָלאָניזאַציע פון די איינוואַנדערער; זעלבסטפאַרוואַלטונג פון יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע.

אויפן געביט פון דירעקטער פּאַלעסטינע־אַרבעט באַשליסט דער צוזאַ־מענפאַר:

א) גרינדן ביים צ״ק אַ באַזונדערן פּאַלעסטינע־קאָמיטעט, וועלכער זאָל פירן אַ ברייטע אַלזייטיקע אינפאָרמאַציע־אַרבעט איבער אַלע ווירטשאַפט־לעכע, פּאָליטישע און קולטורעלע באַדינגונגען אאַ״וו.

ב) בילדן פּאַלעסטינע־אַרבעטס־ביוראָען אין אַלע שטעט פון דער אויס־וואַנדערונג, וואָס וועלן רעגיסטרירן און רעגולירן די יידישע אויסוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל.

ג) אָרגאַניזירן די אַלע אַרבעטער, וועלכע זענען גרייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, כדי צוצוגרייטן זיי רעכטצייטיק צו די באַדינגונגען און באַדער־פענישן פון לאַנד און כדי אַרויסצוטרעטן אַלס קלאַסן־אָרגאַניזירטע אַרבעטס־קראַפט קעגן דעם קאַפּיטאַל, וואָס אָרגאַניזירט זיך אין פּאַלעסטינע.

ד) אָרגאַניזירן אַרבעטער־גרופּעס, וועלכע זאָלן זיין ביכולת איבערצו־נעמען גרויסע צווייגן פון אַרבעט אין פּאַלעסטינע אויף קאָלעקטיווע יסודות.

ה) אָנפירן און אויסברייטערן די טעטיקייט פאַר דעם פּאַלעסטינע־אַר־בעטער־פאָנד און בילדן אין יעדער שטאָט ספּעציעלע פּאַלעסטינע־קאָמיסיעס.

ו) אַרויסגעבן ביולעטינען איבער די אַרבעטס־מעגלעכקייטן און לעבנס־באַדינגונגען אין ארץ־ישראל.

ז) אַרויסגעבן גרייטע וויסנשאַפטלעכע און אינפאָרמאַטיווע ליטעראַטור וועגן די פּראָבלעמען פון דער יידישער ווירקלעכקייט.

ח) אַריינטראָגן די פּאַלעסטינע־לאָזונגען אין די אַלע דעמאָקראַטישע עפנטלעכע אַנשטאַלטן, אין וועלכע דער יידישער אַרבעטער באַטייליקט זיך.

ט) שטעלן זיך אין אַ לעבעדיקער און דירעקטער פאַרבינדונג מיט אונדזערע חברים אין ארץ־ישראל, כדי מיטצוהעלפן זיי אין זייער אַרבעט און קאַמף, און רעאַלער מאַכן דעם אינהאַלט פון אונדזער היגער פּאַלעסטינע־אַרבעט.

„אַרבעטער־צייטונג״, וואַרשע, 16טער יאַנואַר 1919.

# פאָרשלאַגן צום שלום־קאָנגרעס

## צו דער פראַגע פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים
## אין ארץ־ישראל

פון דעם מעמאָראַנדום פון וועלט־פאַרבאַנד פועלי־ציון צו דער פערמאַנענטער קאָמיסיע פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין אַמסטערדאַם, מאַי 1919

.1

דער שלום־קאָנגרעס אָנערקענענדיק,

**אַז דאָס לאַנדלאָזע יִדישע פאָלק האָט אַ רעכט אויף דער פאַרזיכערונג פון זיין נאַציאָנאַלן קיום דורך דער ווידעראויפריכטונג פון זיין שטאַטס־לעבן; אַז אַלע פעלקער און באַזונדערס דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־קלאַס זענען פאַראינטערעסירט צו זיכערן די וואַנדערנדיקע יִדישע פאָלקסמאַסן אַ פלאַץ פון פרייער אַרבעט און עקאָנאָמישער באַנייונג;**

**באַשליסט צו העלפן דעם יִדישן פאָלק ווידעראויפצובויען ארץ־ישראל אַלס זיין נאַציאָנאַלע היים.**

**צו דעם צוועק ווערט ארץ־ישראל דערקלערט אַלס אומאָפּהענגיקער שטאַט, אונטער דער סוווערעניטעט פונעם פעלקער־בונד, מיט גאַראַנטיעס פאַר זעלבסטשטענדיקייט, גאַנצקייט און נייטראַליטעט.**

.2

די גרענעצן פון ארץ־ישראל זענען:

א) אין צפון־זייט — **דער נהר זהרני (אין דרום פון צדון) ביז צו דער דרום־גרענעץ פון דער אויטאָנאָמער פראָווינץ לבנון מיט דעם ווילאַיעט בירות, דאַן די ליניע פון דער גרענעץ, זי שניידט דורך דעם טייך ליטאַני העכער פון גדידה (דזשעדיידאַ) און גייט קיין מזרח איבער חצביה (האַסבייא), דעם הר חרמון און מיט דעם נהר פרפר (נהר־אל־עוג), וואָס טיילט אָפּ דעם סאַנדזשאַק דמשק פון סאַנדזשאַק חורן;**

ב) אין מערב־זייט — דער מיטללענדישער ים צווישן 31° און 33° צפון־ברייט, דאָס איז פון על־עריש ביז צום פונקט, וווּ דער טייך זהרני פליסט אין ים אַריין;

ג) אין דרום־זייט — מיט מצרים: דער נחל מצרים (וואדי־על־עריש) אין אַ ליניע ביז דער אַלטער טערקיש־מצרישער גרענעץ אויפן ים־סוף; מיט אַראַביע: די אַדמיניסטראַטיווע גרענעץ צווישן דעם סאַנדזשאַק קעזאַק (קיר־מואב) און העדזשאַס — פון עציון־גבר (אקאבא) איבער מען ביז צום מדבר;

ד) אין מזרח־זייט — דער סירישער מדבר.

.3

אויב ס׳ווערן פונעם פעלקער־בונד געשאַפן אָרגאַנען פאַר דער אַדמיניס־טראַציע פון טעריטאָריעס, וואָס זענען אונטער זיין סוּווערעניטעט, דאַן זאָל געגעבן ווערן דער פאַרטרעטונג פונעם ייִדישן פאָלק (דערמאָנט ווייטער אין פונקט 6) אַ פאָרשטייערשאַפט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן אָרגאַן פאַר דער אַדמיניסטראַציע פון ארץ־ישראל.

ווען דער פעלקער־בונד אָננעמען די סיסטעם פון מאַנדאַטאָרן (טראַס־טיס) פאַר דער אַדמיניסטראַציע פון טעריטאָריעס אונטער זיין סוּווערעניטעט, דאַן זאָל ביים אויסוואַל פון דעם מאַנדאַטאָר פאַר ארץ־ישראל געהערט ווערן די באַפעלקערונג פונעם לאַנד און די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס (דערמאָנט אין פונקט 6). די מאַנדאַט־צייט סיי פונעם פאַרוואַלטונגס־אָרגאַן פון פעלקער־בונד, סיי פון אַ מאַנדאַטאָר, זאָל דויערן ביז דער צוועק, וועלכער איז אָנגעצייכנט אין ערשטן פונקט פונעם טראַקטאַט, וועט געזיכערט ווערן דורך אַ ייִדישער מערהייט אין לאַנד; אָבער נישט לענגער ווי אַ צייט פון 50 יאָר. נאָך דער צייט ווערט ארץ־ישראל אַ סוּווערענע רעפּובליק.

.4

די פונדאַמענטאַלע אויפגאַבע פון דער פאַרוואַלטנדיקער מאַכט (פונעם אָרגאַן פון פעלקער־בונד אָדער פון דער מאַנדאַט־מאַכט) איז די דורכפירונג פון דעם צוועק, וועלכער איז אָנגעצייכנט אינעם פונקט 1 פון טראַקטאַט, ווי אויך די שוץ פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פון דער ייִדישער און אַראַ־בישער נאַציע און פון די רעכט פון די אַנדערע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע געמיינשאַפטן אין לאַנד.

.5

פאַר דער אומגעשטערטער און עפעקטיווער דורכפירונג פון דער דעקלאַ־ראַציע פונעם שלום־קאָנגרעס, בנוגע דעם ווידעראויפבוי פון ארץ־ישראל ווי די ייִדישע נאַציאָנאַלע היים, זענען נייטיק פאָלגנדיקע מיטלען און גאַ־ראַנטיעס:

א) פולע פרייהייט פון איינוואַנדערונג, פונעם באַזעצן זיך און פון באַשעפטיקונג פאַר די ייִדן פון אַלע לענדער; יעדע באַגרענעצונג, סיי פון אינדיווידועלן, סיי פון קאָלעקטיוון כאַראַקטער, צוליב פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע אָדער עקאָנאָמישע טעמים, איז אומדערלאָזבאַר. די רעגולירונג און קאָנטראָל פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג אין לאַנד ווערט איבערגעגעבן אין די הענט פון אימיגראַציע־אָרגאַנען, וועלכע ווערן באַשטימט דורך דער פאַרטרעטונג פונעם ייִדישן פאָלק (דערמאָנט ווייטער אין פונקט 6) און שטייען אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג.

ב) יעדער דערוואַקסענער ייִד, מאַן צי פרוי, וואָס באַזעצט זיך אין ארץ־ישראל, האָט אַ רעכט, נאָכדעם, ווי ער ווױנט נאָכאַנאַנד 6 חדשים אין לאַנד, נאַטוראַליזירט צו ווערן. די נאַטוראַליזאַציע באַציט זיך אויך אויף זיינע נישט־פול־יעריקע פאַמיליע־מיטגלידער. דערביי ווערט פאַרשטאַנען, אַז אַלע איינוווינער פון ארץ־ישראל, מענער און פרויען, אַריינגערעכנט די פערזאָנען, וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד בעת דער מלחמה צוליב רדיפות מצד דער אָטאָמאַנישער רעגירונג, ווערן נאַטוראַליזירט אַלס בירגער פון ארץ־ישראל לויט די אַלגעמיינע כללים פונעם שלום־טראַקטאַט בנוגע טעריטאָריעס, וואָס קומען אונטער אַ נייער סוווערעניטעט.

ג) אַלע אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס און אונטערנעמונגען פאַר די צוועקן פון דער ייִדישער קאָלאָניזירונג פון ארץ־ישראל געניסן פון אַלע רעכט און פולער פרייהייט פון טעטיקייט אינעם לאַנד.

ד) די דורכפירונג פון עפנטלעכע אונטערנעמונגען, ווי קאָמוניקאַציע־מיטלען אויפן ים און דער יבשה, עקספּלאָטאַציע פון נאַטירלעכע רייכטימער, באַלויכטונג און וואַסער־פאַרזאָרגונג, און אַנדערע אַרבעטן פון אַ כלל־נוצלעכן כאַראַקטער, דאַרף די רעגירונג פון ארץ־ישראל צוערשט פאָרלייגן דער פאָרשטייערשאַפט פונעם ייִדישן פאָלק (דערמאָנט אין פונקט 6); דערביי זאָל אָפּגעהיט ווערן דער פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלן אייגנטום איבער אַלע אינדוסט־ריעלע און קאָמוניקאַציע־אונטערנעמונגען פון אַ כלל־נוצלעכן כאַראַקטער.

ה) די ערד און די נאַטירלעכע רייכטימער פון ארץ־ישראל ווערן נאַ־ציאָנאַליזירט; די ערד זאָל, רעספּעקטירנדיק די היינטיקע רעכט פון זעלבּ־סטשטענדיקע פויערים און פון די דאָרף־קהילות, געגעבן ווערן אין פאַכט אויף אַ לאַנגער צייט אָדער בירושה.

עס זאָל געבילדעט ווערן אַ קאָלאָניזאַטאָרישער לאַנד־רעזערוו פון די נישט באַאַרבעטע, שטאַטלעכע, פוסטע לענדערייען און פון אַזעלכע אָן לעגאַלע באַלעבאַטים, ווי אויך דורך דער ליקווידירונג פונעם גרויסן ערד־באַזיץ, וואָס שטייגט איבער אַ באַשטימטן מאַקסימאַלן שטח.

דער לאַנד־רעזערוו זאָל באַנוצט ווערן סיי פאַר דער קאָלאָניזאַציע פון ייִדישע איינוואַנדערער, סיי פאַר דער אינלענדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל, וואָס האָט צו ווייניק לאַנד.

ביים אָנווענדן דאָס רעכט פון עקספּראָפּריאַציע מוזן די פריערדיקע באַלעבאַטים פון לאַנד קריגן אַ גערעכטע אַנטשעדיקונג. גראָד אַזוי זאָלן געשיצט ווערן די אינטערעסן פון די אַליין־אַרבעטנדיקע פאַכטער אויף די

פונעם לאַנד־רעזערוו איבערגענומענע ערד־שטחים, דהיינו, ס'מוז זיי געגעבן ווערן אַ חזקה־פאַכט־רעכט אויף באַשטימטע מינימאַלע ערד־שטחים.

אַ ייִדישער לאַנד־פאָנד, וואָס ווערט דערצו באַשטימט דורך דער פאָר־שטייערשאַפט פון ייִדישן פאָלק (דערמאָנט אין פונקט 6) און וועלכער באַזירט זיך אויף די פּרינציפּן פון נאַציאָנאַלן ערד־אייגנטום און פון לאַנג־דויערנ־דיקער פאַכט, נעמט איבער די פאַרוואַלטונג פון דער ערד פונעם לאַנד־רעזערוו, נאָכדעם ווי אַ לאַנד־קאָמיסיע, באַשטימט דורך דער רעגירונג פאַר דער דורכפירונג פון דער אַגראַר־רעפאָרם, האָט געזאָרגט פאַר דער אָפּהיטונג פון דעם זין און צוועק פונעם טראַקטאַט און פון די אינטערעסן פון דער אינלענדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג. דער ייִדישער לאַנד־פאָנד האָט דאָס רעכט דורכצופירן אַלע אַרבעטן פון ערד־אויפשליסונג, אַמע־ליאָראַציע, איריגאַציע, אַנטוואַסערונג, באַוועלדערונג און אַלע אַנדערע אַר־בעטן, וואָס זענען נייטיק, כדי די ערד זאָל טויגן פאַר ייִדישער קאָלאָניזאַציע.

ו) עס זאָלן איינגעפירט ווערן אין אַ ברייטער מאָס סאָציאַל־פּאָליטישע געזעצן בנוגע דער באַוועגונגס־פרייהייט פון די אַרבעטער, אַרבעטס־צייט, קוואַליפיציע־רעכט, היים־אַרבעט, אַרבעטער־, אַרבעטערינס־ און קינדער־שוץ און סאָציאַלע פאַרזיכערונג. גראָד אַזוי זאָל ארץ־ישראל צוטרעטן צו אַלע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־פּאָליטישע אָפּמאַכן, עס זאָל געזעצלעך באַשטימט ווערן אַ מינימום־שכירות פאַר אַרבעטער אין פּריוואַטע און עפנטלעכע אונ־טערנעמונגען, בהסכם מיט די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער אינעם לאַנד.

אַלס פאָרשטייערשאַפט פונעם ייִדישן פאָלק ווערט באַטראַכט די עקזעקו־טיווע קערפּערשאַפט, אויסגעקליבן פון אַן אַלוועלטלעכן ייִדישן קאָנגרעס.

ביז דער אַלוועלטלעכער ייִדישער קאָנגרעס ווערט קאָנסטיטויִרט, זאָל די פאַרטרעטונג פונעם ייִדישן פאָלק צייטווייליק צוזאַמענגעשטעלט ווערן פון פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס (אויף וויפל זיי זענען גרייט מיטצווירקן דערביי):

א) פאַר אַמעריקע — פון דעם אַמעריקאַניש־ייִדישן קאָנגרעס;

ב) פאַר רוסלאַנד — פון דעם קאָנגרעס פון די ייִדישע קהילות;

ג) פאַר אוקראַיִנע — פון דעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט;

ד) פאַר טערקיי — פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג (מי־דזשעליסי אמומי);

ה) פאַר ארץ־ישראל — פון דער העכסטער קערפּערשאַפט פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע;

ו) פאַר אַלע אַנדערע לענדער — ווי פּוילן, ליטע, ענגלאַנד און אַנ־דערע — פון אַנאַלאָגישע דעמאָקראַטישע פאַרטרעטונגען פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון די רעספּעקטיווע לענדער;

ז) פון ציוניסטישן קאָנגרעס.

.7

אַלע איינוווינער פון ארץ־ישראל, אָן חילוק פון גלויבן און נאַציע, ווערט גאַראַנטירט פולע בירגערלעכע, פּאָליטישע און רעליגיעזע פרייהייט און גלייכהייט;

אַלע פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען — מוניציפּאַלע, קאַנטאָנאַלע און אַנדערע — זאָלן אויפגעבויט ווערן אויף יסודות פון ווייטגייענדיקער דעמאָקראַטישער זעלבסטרעגירונג.

.8

יעדע פעלקער פונעם לאַנד, ייִדן און אַראַבער, ווערט גאַראַנטירט נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אויפן יסוד פונעם פּערסאָנאַל־פּרינציפּ און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג אין לאַנד, קאַנטאָן און מוניציפּאַליטעט.

איר זיכערונג זאָל געשען אויף פאָלגנדיקע יסודות:

א) אַלע נאַציאָנאַלע ענינים ווערן אַרויסגענומען פון דער קאָמפּעטענץ פון דער שטאַטלעכער, קאַנטאָנאַלער און מוניציפּאַלער געזעצגעבונג און פאַרוואַלטונג און זענען אונטערגעוואָרפן נאָר דער קאָמפּעטענץ פון די אָרגאַנען פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג — נאַציאָנאַל־קאַמער, נאַציאָנאַלע קאַנטאָנען און נאַציאָנאַלע קהילות.

ב) צו דער קאָמפּעטענץ פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע באַלאַנגט: די אָנפירונג פון אַלע אינערלעכע נאַציאָנאַלע ענינים; די אויסהאַלטונג פון און אָנפירונג מיט דעם גאַנצן שול־ און דערציִונגס־אַפּאַראַט, ווי אויך פון אַלע אַנשטאַלטן פון קולטור, פאָלקס־געזונט און פאַרזאָרגונג; די אויפגאַבעס פון סאָציאַל־עקאָנאָמישער פאַרזאָרגונג אויף וויפל זיי ווערן נישט דערפילט פון שטאַטלעכע אָרגאַנען; דאָס משפּטן אין ציווילע זאַכן (דיני־ממנות) לויט אייגענעם רעכט ביי פּראָצעסן צווישן מיטגלידער פון איין נאַציאָנאַלער געמיינשאַפט, און, ווען נייטיק, דאָס געבן יורידישע הילף צו די מיטגלידער פון דער נאַציע פאַר שטאַטלעכע געריכטן און אַמט־אַנשטאַלטן.

ג) די אַדמיניסטראַציע פון די וואַקוף־לענדערייען (הקדש), זייער באַנוצונג פאַר די צוועקן פון אינערלעכער קאָלאָניזאַציע, ווי אויך די פאַרוואַלטונג מיט אַנדערע מאַכמעדאַנישע פאָנדן אינעם לאַנד, איז די אויפגאַבע פון די אָרגאַנען פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פון די אַראַבער.

ד) די נאַציאָנאַלע שפּראַכן פון די ייִדן און אַראַבער זענען גלייכבאַרעכטיקט אין לאַנד.

ה) אַלע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע קהילות אין לאַנד — ווי די קריסטלעך־אַראַבישע, אַרמענישע, גריכישע און אַנדערע — וועלכע בלייבן מחוץ דער ייִדישער און אַראַבישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, געניסן אויך ווייטער פון אַלע רעכט פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועלכע זיי האָבן געהאַט ביז אַהער אויפן יסוד פון דער מילעט־ און דזשעמאַאַט־קאָנסטיטוציע פון דער אָטאָמאַנישער מלוכה.

.9

דער טייל פון דער העדזשאַס־באַן, וואָס שניידט דורך ארץ־ישראל צווישן דמשק און מען, ווערט געשטעלט, צוליב דער רעליגיעזער באַדייטונג פון דער העדזשאַס־באַן, אונטער דער בשותפותדיקער אַדמיניסטראַציע פון די רעגירונגען פון ארץ־ישראל, סיריע און אַראַביע.

.10

די קאָנסטיטוציע פון ארץ־ישראל, גילטיק פאַר דער מאַנדאַט־צייט, זאָל אויסגעאַרבעט ווערן פון דער פאַרוואַלטנדיקער מאַכט (אָרגאַן פונעם פעלקער־בונד, אָדער טראַסטי־מאַכט) בהסכם מיט דער ייִדישער און אַראַבישער באַפעלקערונג פון לאַנד, און מיט דער פאָרשטייערשאַפט פון ייִדישן פאָלק. די באַשטימונגען פון דעם טראַקטאַט מוזן אויפגענומען ווערן אַלס אינטעגראַלע טייל אין דער קאָנסטיטוציע.

„אַרבעטער־צייטונג", וואַרשע, 4 יולי 1919.

ניר

# באמערקונגען צום פּאַלעסטינע־מעמאָראַנדום

מיר האָבן פאַרעפנטלעכט דעם פּאַלעסטינע־מעמאָראַנדום, וואָס אונדזער פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט צוגעשטעלט דער פּערמאַנענטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָמיסיע אין אַמסטערדאַם.

נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין פּרטים, מוזן מיר פעסטשטעלן, אַז אונדזערע חברים האָבן אינעם מעמאָראַנדום דורכגעפירט פאַלשע געדאַנקען.

דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־קלאַס איז פאַרינטערעסירט, אַז די ייִדישע אַרבעטסלאָזע מאַסן זאָלן באַזעצן און קאָלאָניזירן אַ נייַ אַגראַר לאַנד, ווייל ער איז בכלל פאַרינטערעסירט צו לייזן דאָס גרויסע פּראָבלעם פון אַרבעטסלאָזיקייט, דורך דער קאָלאָניזירונג פון נייע אַגראַרע לענדער. אים וועט אָבער לחלוטין נישט קימערן, וועלכעס לאַנד מיר וועלן קאָלאָניזירן. באַשטייענדיק מיר דערויף, אַז פּאַלעסטינע איז פאַר אונדז דאָס פּאַסיקסטע לאַנד, דאַרפן מיר עס דערווייזן נישט דווקא מיט דער הילף פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וואָס וועלן לכתחילה פאַר אונדז דאָרט באַשאַפן ווערן. דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט קען אונדז גאַראַנטירן די מעגלעכקייט פון אומגעשטערטער קאָלאָניזירונג פון פּאַלעסטינע. ער איז אָבער בשום אופן נישט פאַרינטערעסירט, אַז מיר זאָלן דווקא „ווידער אויפבויען" ארץ־ישראל.

דערפאַר, זעט איר, די פּאַריזער קאָנפערענץ האָט שוין יאָ אַן אינטערעס אין אַ ייִדישער פּאַלעסטינע. מ׳קען זיך נישט טיילן מיטן פעטן ביסן, וועט מען עס לאָזן קאָלאָניזירן די ייִדן, בכדי צו האָבן אויף זיי די שליטה — — —

פאַר אונדז איז פון תמיד אָן געווען קלאָר די אימפּעריאַליסטישע שפּיל פון ענגלאַנד בנוגע ארץ־ישראל. אונדז האָט עס נישט געאַרט, ווייל מיר האַלטן נישט, אַז וואָס ענגלאַנד וויל, ווערט אַ חוק ולא יעבור. מיר האָבן די העזה צו זאָגן, אַז ווען אין פּאַלעסטינע וועט זיך צונויפשטויסן דער אימפּעריאַליסטישער אינטערעס פון ענגלאַנד מיט דעם לעבנס־אינטערעס פון ייִדישן אַרבעטער, וועט זיגן דער לעצטער, ווייל ער וועט זיך שטיצן אויפן ענגלישן אַרבעטער, וועלכער מוז צו יענער צייט ווערן דער באַלעבאָס אייך אין ענגלאַנד גופא. פּונקט אַזוי ווי די ייִדישע בורזשואַזיע הייבט שוין

אָן צו לויפן פון דער גאַנצער וועלט קיין ארץ־ישראל, ווייל זי מיינט, אַז דאָרט וועט זי זיך ראַטעווען פונעם אַלוועלטלעכן „באָלשעוויזם“, און מיר פועלי־ציון האָבן נישט מורא פאַרן אָנשטראָם פון דער בורזשואַזיע, ווייל מיר ווייסן, אַז אויך אין פאַלעסטינע וועלן פאָרקומען די זעלבע סאָציאַלע פראָצעסן וואָס אומעטום, און די יידישע בורזשואַזיע וועט אויך דאָרט עקס־פראָפּריאירט ווערן — — —

אין דעם טאַקע באַשטייט דער גרונט־חסרון פון דעם מעמאָראַנדום, וואָס ער באַזירט אויף דער אימפּעריאַליסטישער פאַרינטערעסירטקייט פון ענג־לאַנד, אַז אין ארץ־ישראל זאָל געשאַפן ווערן אַ יידישע מערהייט. קומט שוין אויס ממילא, אַז די מיטלען, מיט וועלכע מען וויל באַשאַפן די מערהייט, אַנטשפּרעכן בשום אופן נישט דעם פּלאַן פון דער נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וועלכע דאַרף דאָרט אויפגעבויט ווערן. אונדזערע חברים אין פאַרבאַנדס־ביוראָ אָריענטירן זיך נישט אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

פאַר אונדז איז אַבסאָלוט קלאָר, אַז די אימפּעריאַליסטישע שלום־קאָנ־פערענץ מיט איר פעלקער־בונד קען נישט העלפן אונדז פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל. די ווענדונג צו איר איז דעריבער פאַלש.

„אַרבעטער־צייטונג“, וואַרשע 15טער יולי 1919.

זרבבל

# אויסניכטערונג

(צום 2טן יאָרטאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע)

דער 2טער נאָוועמבער, דער צווייטער יאָרטאָג פון דער ענגלישער פאַלעסטינע־דעקלאַראַציע, האָט זיך דורכגעגנבעט צווישן אַלע וואָכנטעג שטילערהייט און אויף דער יידישער גאַס האָט מען אים כמעט ווי נישט באַמערקט. אַפילו די ציוניסטן האָבן זיך דאָסמאָל פון אים אָפּגעקערט, און אבלדיק, ווי אַ יתום, איז ער זיך אַוועקגעשווומען אינעם צייט־אָפּגרונט.

די פּאָנעץ פון די „פאַרבינדעטע" ענגלענדער און ציוניסטן האָבן נישט געפלאַטערט יום־טובדיק, קיין פייערלעכע דאַנק־דעפּוטאַציעס אין נאָמען פון יידישן פאָלק האָבן זיך נישט געמאָלדן צו באַגריסן דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, דער „שופר של משיח" האָט נישט געשאַלט נצחונדיק, און די גרויסע מיליאָניקע יידישע מאַסע איז געבליבן אין איר וואָכעדיקער אַלטעגלעכקייט, פּונקט ווי ס'וואָלט גאָרנישט פּאַסירט דער גרויסער „נס" פון דער „גאולה".

מיט צוויי יאָר צוריק האָט מען אָבער אויפגערודערט די יידישע גאַס, געשפּרונגען „קדוש" פאַר ענגלאַנד, איינגעלייגט אַ וועלט צוליב דעם גרויסן „נס", אין אויף אַלע לשונות אויסגערופן, אַז די „משיח־צייטן" זענען געקומען, און אַז די „אתחלתא דגאולה" איז שוין אַ געשעענער פאַקט.

מען האָט דאָס גאַנצע יידישע לעבן אַוועקגעשטעלט אונטערן צייכן פון דער דעקלאַראַציע. ס'איז געווען אַ משונה־מאָדנער היפּנאָז, וואָס האָט געשוואַכט דעם ווילן, דעם געדאַנק, געמאַכט אָפּהענגיק און איינגעשלעפערט די ענערגיע און דעם אַרבעטס־חשק. דער גלות איז נאָך מער ווי תמיד געוואָרן וואָכעדיק, קליין און נישטיק, און ביים שייך פון דער „גאולה" האָט פאַרלוירן יעדן זין דער קאַמף פאַר קליינטשינקע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן אין באַדערפענישן אויפן אָרט. אין חלום און אויף דער וואָר האָבן די ציוניסטן יעדן איינעם באַוויזן, ווי אַזוי דאָס יידישע פאָלק קערט זיך אום מיט געזאַנג אין זיין אייגן לאַנד. דערביי איז דער דאָזיקער „אומקער" געווען אַ פּאַסיווער, אַ פאַטאַליסטישער, ווי אַ „נס מן השמים", ווי אַ „חסד" פון ענגלאַנד. און

דער זעלבער ציוניזם, וואָס האָט אַנומלט אויפגעוועקט דאָס ייִדישע פאָלק צו אויטאָעמאַנציפּאַציע, צו אַקטיוויזם, צו אָרגאַניזאַציע, האָט איצט פּאַקטיש געמוּפן דאָס פאָלק צו פאַרלאָזן זיך אויף אַנדערע. און ווען דאָס פאָלק איז שפּעטער, אויפגערייצט דורך די ציוניסטישע הבטחות, געוואָרן אומגעדולדיק, האָבן אים די זעלבע ציוניסטן געמוּפן צו געדולד, צו „וואַרטן". נישט עפּעס טון אַליין, נאָר, ווידער טאַקע וואַרטן... אַנשטאָט דעם פאָלק איז געקומען דער פירער, דער דיפּלאָמאַט, אַנשטאָט דעם פּראָצעס פון קאַמף און שאַפן איז געקומען און פאַרהערלעכט געוואָרן דער שתדלן. און אויב ביז נישט לאַנג צוריק האָבן אַפילו די ציוניסטן דערצויגן ביי ייִדישע מאַסן דעם באַ־וווסטזיין, אַז מען דאַרף אַליין קעמפן פאַרן אייגענעם גורל, האָט מען איצט אַרויפגעלייגט אַלע האָפענונגען אויף ווייצמאַנען און סאָקאָלאָוון, אַז זיי וועלן שוין פועלן...

יאָ, מען דאַרף זאָגן דעם אמת, אַז די דעקלאַראַציע האָט אויך אויפגע־וועקט דעם אַקטיוויזם. ליידער אָבער איז עס געווען דער אַקטיוויזם, וואָס האָט אונדז קיין פיל כבוד און נחת רוח נישט פאַרשאַפן. מיר מיינען דאָ די ייִדישע לעגיאָנען. ס'איז אַלעמען באַוווסט, אַז דער געדאַנק וועגן ייִדישע לעגיאָנען, ספּעציעל אין שייכות מיט פּאַלעסטינע, איז געבוירן געוואָרן נאָך גלייך אין אָנהייב פון דער וועלט־מלחמה. דעמאָלט האָט עס געהייסן, אַז מיר ייִדן דאַרפן גיין מיטן זעלבן וועג, וואָס די גאַנצע וועלט גייט. אַלע מיט דער שווערד — אויך מיר מיט דער שווערד. לאָמיר, הייסט עס, גיין אויסקעמפן זיך מיט אונדזער בלוט אונדזער לאַנד. אָבער זשאַבאָטינסקי און פּנחס רוטענבערג האָבן געפונען קנאַפּ אָנהענגער נישט צווישן נאָר דער ייִדישער אַרבעטער־שאַפט, וועלכע איז בכלל געווען קעגן מלחמה, נאָר אַפילו צווישן דעם ביר־גערטום, וואָס האָט נאָך דעמאָלט געוווּסט צו באַציִען זיך סקעפּטיש צו די באַפרייונגס־לאָזונגען פון די קעמפנדיקע צדדים.

איז געקומען די דעקלאַראַציע און די לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געביטן. מען האָט אונדז „געגעבן" די היים. אַנדערע פאַרגיסן „פאַר איר" זייער בלוט. טאָ ווי קענען מיר שטיין און צוקוקן פון דער ווייטנס? דער געדאַנק וועגן לעגיאָנען האָט גובר געווען, טויזנטער ייִדישע יונגעלייט האָבן זיך פריי־וויליק געשטעלט אונטער דער ענגלישער פאָן, געבנדיק דערמיט אַ מאָראַלישע אויטאָריטעט דעם ענגלישן מיליטאַריזם, און פלאַנצנדיק די פאַלשע ריאַק־ציאָנערע אילוזיע, אַז מ'קען אויפבויען ארץ־ישראל מיטן כוח פון ביקס, ווען ס'איז נאָך שוואַך דאָרט דער כוח פון אַרבעט.

מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז צווישן די לעגיאָנערן זענען געווען טויזנטער אַזעלכע ערלעכע אידעאַליסטן, וואָס האָבן געגלייבט באמונה־שלמה, אַז זיי גייען עס „אויסלייזן ארץ־ישראל" און זיי איז כלל נישט איינגעפאַלן, אַז זיי ברענגען זיך אַלס קרבנות נישט אויפן מזבח פון ייִדישן פאָלק, נאָר אויפן מזבח פון די פינצטערסטע אימפּעריאַליסטישע רויב־תשוקות פון די וועלט־תלינים. ווי ס'זאָל נישט זיין זייער סוביעקטיווע כוונה דערביי, קען עס אָבער בשום אופן נישט איבעראַנדערשן די אָביעקטיווע באַדייטונג פון דער דערשיי־

נונג, וועלכע בלייבט אַ שווערע זינד אין דער געשיכטע פון אונדזער נאַציאָ־נאַלן באַפרייונגס־קאַמף.

די ענגלישע פּאַלעסטינע־דעקלאַראַציע האָט געזאָלט אונטערוואַרעמען ביי די ייִדן דעם ווייטערדיקן חשק צו ווייטערער מלחמה, איינהאַלטן די פּאַר־שפּרייטונג פון „באָלשעוויזם", און האָט פּאַקטיש געגעבן נייעם ברען־מאַטע־ריאַל פאַר די מלחמה־זסטן, וואָס האָבן שפּעטער אַלע זייערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע האָפענונגען געלייגט אויף דער קאָאַליציע מיט ווילסאָנען בראש.

אויב ס'האָבן זיך, צו אונדזער ווייטיק, געפונען, ספּעציעל אין אַמעריקע, אויך אין אונדזערע רייען אַזעלכע, וואָס האָבן צוליבן היפּנאָז פון דער דעקלאַ־ראַציע פאַרלוירן דעם חוש פאַר די גרויסע וועלט־געשעענישן, קענען מיר אָבער מיט גרויס פרייד קאָנסטאַטירן, אַז אין די לענדער פון מזרח־איראָפּע, ווו דער ייִדישער אַרבעטער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אינעם קאַמף פאַר רעוואָלוציע, האָט די גאַנצע פּועלי־ציוניסטישע באַוועגונג געוווסט תיכף אויפן שטעל, ווי אַזוי אָפּצושאַצן די אמתע ווערט פון דער ענגלישער דעקלאַ־ראַציע, אויפדעקנדיק דעם צבועקישן שלייער פון די אימפּעריאַליסטישע כוונות פון ענגלאַנד בנוגע פּאַלעסטינע און ייִדן.

מיר האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם ציוניסטישן גאולה־בלאָף מיט דער גאַנצער קראַפט דווקא דערפאַר, ווייל מיר זענען טיף פאַרינטערעסירט אין דער פּאַלעסטינע־אַרבעט, און ווייל ס'איז אונדזער טיפסטע איבערצייגונג, אַז דער קומענדיקער פּאַלעסטינע־ישוב וועט האָבן אַ גוואַלדיקע פּאָזיטיווע באַדייטונג פאַרן ייִדישן לעבן אין דער גאַנצער וועלט.

אונדזער פּאַלעסטיניזם איז אָבער קיינמאָל נישט געווען אָנגעוויזן אויף די „חסידים" פון די מאַכט־האָבער און הבטחות פון כנופיות וועלט־רויבער. אונדזער פּאַלעסטיניזם איז פון תמיד אָן געווען אויסגערעכנט אויף דעם קאַמף פון די ייִדישע אַרבעטער פאַר דעם איבערבוי פון דער גאַנצער וועלט אויף נייע ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע יסודות.

צוויי יאָר האָבן מיר כסדר אין נאָמען פון אונדזער רעוואָלוציאָנערן פּאַלעסטיניזם געקעמפט קעגן דער ציוניסטישער „גאולה"־פּאָליטיק, קעגן זייערע פאַלשע הבטחות און רעאַקציאָנערע אילוזיעס, און גערופן די ברייטע מאַסן צום קאַמף קעגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דער קאָאַליציע. צום צווייטן יאָרטאָג פון דער ענגלישער דעקלאַראַציע מערקן מיר שוין סימנים פון אויסניכטערונג אויך ביי די בירגערלעכע ציוניסטן. זיי פויקן שוין נישט אַזוי אין די טאַצן און מען איז שוין נישט מרעיש־עולם וועגן דעם חסד פון ענגלאַנד. די צוויי יאָר בכלל, און די לעצטע צייט בפרט, האָט אויפגעדעקט אַ סך פון די הינטער־קוליסן פון די וועלט־באַגליקער, און צעשטערט די אילוזיעס ביי אַ סך פון די קלענערע פעלקער. ווערט איצט צערונען אויך די אילוזיע פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

זעען מיר דערין נישט נאָר די נעגאַטיווע דערשיינונג, נאָר ס'ווערט ניכרדיקער און דרינגלעכער אויך אונדזער פּאָזיטיווער חוב. זענען צע־שטערט געוואָרן אילוזיעס — שיינט אויף העלער דאָס רעוואָלוציאָנערע ליכט. איז אָפּגעשוואַכט דער בטחון אין ענגלאַנד — וועקט זיך די אמונה אין די

אייגענע כוחות. האָט זיך אַרויסגעוויזן די שעדלעכע ווירקונג פון יִדישן אַקטיוויזם פאַר דער קאָאַליציע — ווערט שטאַרקער דער דראַנג צום אַקטי־וויזם פאַר דער רעוואָלוציע. ס׳איז שווער צו זאָגן, ווי לאַנג די אויסניכטערונג וועט אָנהאַלטן ביים יִדישן בירגערטום. סוף־כל־סוף איז עס, לויט זיין גאַנצן סאָציאַלן מהות, צונויפגעבונדן מיט די דאָזיקע כוחות, וואָס קלאַמערן זיך אַרום דער קאָאַליציע. ס׳איז גענוג, אַז העברעיִש זאָל אָנערקענט ווערן אין ארץ־ישראל און מ׳זאָל דאָרט ווידער דערלויבן צו זינגען „התקוה״, און שוין וועט מען זיך „איבערבעטן״ און דער שלום־בית וועט צוריק אויפגע־שטעלט ווערן.

פיל וויכטיקער און סימפּטאָמאַטישער איז די אויסניכטערונג, וואָס קומט פאָר אין די רייען פון דער יִדישער אַרבעטערשאַפט, אַפילו אין אַמעריקע און אין ארץ־ישראל גופא. די דאָזיקע אויסניכטערונג מוז אויסגענוצט ווערן דורך דער יִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און דאָס קען זיך אויסדריקן נאָר אין אַ פאַרשטאַרקטער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט פאַר און אין פּאַלעסטינע.

„אַרבעטער־צייטונג״, וואַרשע, 4טער נאָוועמבער 1919.

# נאַר אין די הענט פון יידישן אַרבעטער ליגט דער גורל פון פאָלק און דער אויפבוי פון ארץ־ישראל

רעזאָלוציע פון 2טן צוזאַמענפאָר פון דער י.ס.ד.א.פ. „פועלי־ציון״ אין פוילן, 1920.

דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער י.ס.ד.א.פ. פועלי־ציון אין פוילן באַשטעטיקט די הויפט־יסודות פונעם פּאַלעסטיניזם אין אונדזער פּראָגראַם, ווי זיי זענען אויסגעדריקט אין דער פּאַלעסטינע־רעזאָלוציע פון ערשטן גרינדונגס־צוזאַמענפאָר אין דעצעמבער 1919.

דער צוזאַמענפאָר שטעלט פעסט, אַז דער אויפבוי פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער פּאַלעסטינע קען און וועט פאָרקומען נאָר אין הסכם מיט די גרונט־פּרינציפּן פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף און מיט די אַנטוויקלונגס־טענדענצן און נצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע און אין דעם באַשלוס פון סאַן־רעמאָ זעט דער צוזאַמענפאָר אַ בולטע פּראָבע פון דער הערשנדיקער אימפּעריאַליסטישער קליקע מיט ענגלאַנד בראש, אויסצונוצן די אַרבעטס־נויטן און באַפרייונגס־שטרעבונגען פון די יידישע פאָלקס־מאַסן פאַר אירע רויב־ און עקספּלאָטאַציע־אינטערעסן און כוונות אין די קאָלאָניעס פון נאָענטן מזרח.

די לעצטע געשעענישן אין פּאַלעסטינע, ווי די אָנפאַלן אויף יידן און דער פּאָגראָם אין ירושלים, זענען אַ רעזולטאַט פון אומגעצוימטער אַנטי־יידישער אַגיטאַציע מצד אַראַבישע עפענדיס און פּאָליטישע אַוואַנטוריסטן, וועלכע זעען אין דער פאַרשטאַרקונג און פאַרמערונג פון דער יידישער איינוואַנדערונג אַ סכנה פאַר זייער פּריצישער הערשאַפט און ווילן אויסנוצן פאַר זייערע עגאָאיסטישע אינטערעסן די אָפּגעשטאַנענקייט פון די אומאָרגאַניזירטע אַראַבישע פאַלקסמאַסן און דעם עקספּלאָטאַציע־כאַראַקטער פון דער ביז איצטיקער בירגערלעכער יידישער קאָלאָניזאַציע. דער פּאָגראָם אין ירושלים, וואָס איז בפירוש געשטיצט געוואָרן דורך דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע,

האָט אויך אויפגעדעקט די גאַנצע צביעות און מאָראַלישע געפאַלנקייט פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע.

דער צוזאַמענפאָר טרעט אַרויס אויפן שאַרפסטן אופן קעגן דער פּאָליטיק פון בירגערלעכן ציוניזם, וועלכער וויל פאַרבינדן די נאַציאָנאַלע באַפרייונג פון יידישן אַרבעטער־פאָלק מיט די אינטערעסן פון די אונטערגייענדיקע פּאַראַזיטישע געזעלשאַפטלעכע כוחות.

די ביז איצטיקע בירגערלעכע קאָלאָניזאַציע אויף די יסודות פון פּריוואַט־אייגנטום און עקספּלאָאַטאַציע האָט באַנקראָטירט פולשטענדיק הן אין סאָציאַלן, הן אין נאַציאָנאַלן זין. די אַנטוויקלונג און דערפאַרונג פונעם ישוב אין פּאַלעסטינע האָבן אַרויסגעוויזן, אַז פּאַלעסטינע קען געבויט ווערן נאָר דורך דער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזירונג פון ברייטע יידישע אַרבעטער־מאַסן, וואָס זאָלן זיך שטיצן אויף זייער אייגענער אַרבעט, און אָרגאַניזירן זייער טעטיקייט און לעבן לויט די אויפבוי־באַדערפענישן פון סאָציאַליזם.

אין הסכם מיט דער זעלבסטשטענדיקער אַקטיווער שאַפנדיקער ראָל פון פּראָלעטאַריאַט אין דער איצטיקער תקופה, דערקלערט דער צוזאַמענפאָר פייערלעך, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז אַצינד דער איינציקער אַקטיווער קלאַס אינעם יידישן פאָלק, וואָס פון זיין אַרבעט און קאַמף הענגט אָפּ דער גורל פון דער גאַנצער נאַציע און וואָס מוז אויף זיך דעריבער נעמען אויך די גאַנצע אַחריות פאַרן סאָציאַליסטישן אויפבוי פון פּאַלעסטינע.

אין דעם איצטיקן מאָמענט, ווען דער בירגערלעכער ציוניזם אָרגאַניזירט און מאָביליזירט די יידישע מאַסן צו פאַרשטאַרקן זיין איינפלוס אויפן אויפבוי־פּראָצעס פון פּאַלעסטינע, האַלט דער צוזאַמענפאָר פאַר דעם הייליקסטן חוב פון אונדזער פּאַרטיי אויפצוהייבן אַ גרויסע אַקציע צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטס־מאַסן פאַר אַ וואָסאַמאָל ברייטערער, פּלאַנמעסיקער, אַקטיווער אַרבעט אין פּאַלעסטינע און פאַרן אויפבוי פון לאַנד.

דער צוזאַמענפאָר ווענדט זיך מיטן הייסן רוף צו אַלע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן די מעגלעכקייט דערצו, תיכף אַריבערצופאָרן קיין פּאַלעסטינע און זיך שטעלן אין די רייען פון די דאָרט קעמפנדיקע און בויענדיקע יידישע סאָציאַליסטישע כוחות און אַזוי אַרום זי פאַרשטאַרקן און פאַרמערן.

דער צ. ק. און די אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער ווערן אויפגעפאָדערט מיטצוהעלפן מיט אַלץ דער איבערוואַנדערונג פון די יידישע אַרבעטס־כוחות קיין פּאַלעסטינע.

„אונדזער אַרבעטער־צייטונג“, וואַרשע 28טער מאַי 1920.

# דער יידישער פּראָלעטאַריאַט – דער טרעגער פון סאָציאַלער רעוואָלוציע אין ארץ־ישראל

רעזאָלוציע פון 5טן פּאַרטיי־טאָג פון פועלי־ציון אין רוסלאַנד, סעפּטעמבער 1920, מאָסקווע.

1. די אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע האָט פאַרשאַרפט און פאַרשנעלערט דעם טעמפּ פון דער אַנטוויקלונג פון אַלע סאָציאַלע קאָנפליקטן. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָבן זיך פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע־שטרע־בונגען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער וויכוח איבער דער מעגלעכקייט פון עמיגראַציע אין דער איצטיקער היסטאָרישער עפּאָכע איז געלייזט פּאַקטיש מיט דער נייער עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע, אַמעריקע און אַנדערע לענ־דער. די זייער באַדייטנדיקע יידישע עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן די לעצטע חדשים, פון איין זייט, און די באַשלוסן פון סאַן־רעמאָ, וואָס שטרעבן מיט דער הילף פון דער ציוניסטישער בירגערלעכער אָרגאַניזאַציע צו פאַרשקלאַפן די באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל צום אַלוועלט־לעכן קאַפּיטאַל און פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין אַן אָביעקט פון עקספּלאָטאַ־ציע, פון דער אַנדערער זייט, דאָס אַלץ מאַכט דעם פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַ־ציע־פּראָבלעם פאַר דעם נאָענטסטן און אַקטועלסטן פּראָבלעם פון יידישן לעבן, און גלייכצייטיק פאַר אַ פּראָבלעם פון דער וועלט־פּאָליטיק, מאַכט אים פאַר אַ פּאָזיציע, אויף וועלכער עס שפּילט זיך אָפּ איינער פון די קאַמפּס־עפּיזאָדן פון וועלט־קאַפּיטאַל.

2. עס באַשאַפן זיך אין פּאַלעסטינע פאָלגנדיקע קלאַסן־פאַרהעלטענישן, פאָלגנדיקע כוחות שטויסן זיך דאָרט צוזאַמען:

א) די בורזשואַזיע פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואָס שטרעבט צו פאַרוואַנדלען פּאַלעסטינע און סיריע אין אַן אייגענער קאָלאָניע, מיט דעם אַליין פאַרשטאַרקנדיק איר מאַכט אין די קאָלאָניאַלע לענדער בכלל, און איר פּאָזיציע אין קאַמף קעגן סאָציאַליזם. זי שטרעבט נאָר צו פאַרפעסטיקן אין לאַנד איר פּאָליטישע הערשאַפט און אויסשעפּן פון דאָרט די גאַנצע עקאָנאָ־מישע רייכטימער, אָבער זי וויל נישט און קען נישט נעמען אויף זיך די

עקאָנאָמישע אויפלעבונג און אַנטוויקלונג פון לאַנד. איר ראָל איז אַ רייִן רעאַקציאָנערע.

ב) די אָרטיקע גוטבאַזיצער, וואָס שטרעבן איינצוהאַלטן דעם מאָנאָפּאָל אויפן פּאַלעסטינער באָדן און די פאַרשקלאַפונג פון פּאַלעסטינער פּויערטום (פעלאַכן) און אַרבעטער. דערפאַר זענען זיי אַנטשלאָסענע קעגנער פון דער אימיגראַציע פון קאַפּיטאַל אין לאַנד, וואָס צעשטערט די אַלטע פּאַטריאַרכאַלע באַציִונגען און הייבט די באַדערפעניש פון די אָרטיקע אַרבעטער. נאָך גרע־סערע שונאים זענען זיי פון דער אימיגראַציע פון ייִדישע אַרבעטער, וואָס אָרגאַניזירן די אָפּגעשטאַנענע פּראָלעטאַריער פון פּאַלעסטינע. בכדי קעגנ־צווירקן דער אימיגראַציע, אָרגאַניזירן די פּאַלעסטינער גוטבאַזיצער די אַראַביש־סירישע נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג. אונטערן פּאָן פון קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן און קעגן דער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע, קעמפן זיי קעגן יעדן פּראָגרעס פון לאַנד, און בלאָזן פונאַנדער די נאַציאָנאַלע שנאה און אַנטי־סעמיטיזם.

ג) די ייִדישע בורזשואַזיע, וואָס שטרעבט, צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע פון די אַנטאַנט־לענדער און אונטער איר שוץ צו אָרגאַניזירן די עקספּלאָטירונג פון פּאַלעסטינער רייכטימער און באַפעלקערונג. זי איז אַ רעאַקציאָנערער כוח, אָבער זי פירט אויס אויך אַ פּראָגרעסיווע ראָל, אויף וויפל זי שטרעבט נישט נאָר פּאָליטיש באַהערשן דאָס לאַנד, נאָר אויך אין אים זיך באַזעצן, אַריינ־לייגן דאָרט אירע קאַפּיטאַלן און אַזוי אַרום מיטווירקן דעם עקאָנאָמישן פּראָ־גרעס פון לאַנד.

ד) די ברייטע מאַסן פון דער אָרטיקער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, וואָס זענען פולשטענדיק נישט אַנטוויקלט הן קולטורעל, הן פּאָליטיש און עקאָנאָמיש, זענען שטאַרק אָפּגעשטאַנען. זיי דינען אַלס אַ בלינד געווער אין די הענט פון פאַרשיידענע עקספּלאָטאַטאָרישע גרופּעס פון דער אימפּעריאַ־ליסטישער בורזשואַזיע פון די אייראָפּעיִשע לענדער, פון די אַראַבישע און סירישע גוטבאַזיצער און אַנדערע. נאָר דאַן, ווען אין לאַנד וועלן זיין געאיי־ניקטע צאָלרייכע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג, וועלן זיי אָרגאַניזירן די מאַסן און וועלן פאַרוואַנדלען דעם בלינדן שטיצפּונקט פון דער רעאַקציע אין אַ קאַמפס־גרופּע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

ה) דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס עמיגרירט קיין פּאַלעסטינע, איז דער איינציקער כוח, וואָס ברענגט דאָרט אַריין די עלעמענטן פון רעוואָלו־ציאָנערן קאַמף, פון סאָציאַליזם, פון טעכנישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן פּראָגרעס. ער ווערט דער אַוואַנגאַרד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אויפן נאָענטן מזרח, אַלס קעגנווירקונג צו די אימפּעריאַליסטישע תשוקות פון דער בורזשואַזיע און די רעאַקציאָנערע, פעאָדאַלע שטרעבונגען פון דער נאַציאָ־נאַליסטיש־גוטבאַזיצערישער באַוועגונג אין סיריע.

3. אַרויסגייענדיק פון דער געגעבענער אָפּשאַצונג פון די קלאַסן־כוחות פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס אין פּאַלעסטינע, באַשליסט דער 5טער פּאַרטיי־טאָג אָנצונעמען דורך די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס די נייטיקע

שריט צו פאַרברייטערן די אַרבעטער־פּאַלעסטינע־עמיגראַציע און צו פאַר־פעסטיקן זי מיט באַוווסטזיניקע איבערגעגעבענע עלעמענטן. די טעכנישע דורכפירונג פון דער דאָזיקער אַרבעט ווערט איבערגעגעבן דעם צ. ק.

4. אָנערקענענדיק די אָבליגאַטאָרישקייט און דיסציפּלין פון וועלט־פאַרבאַנד, באַשליסט דער 5טער פּאַרטיי־טאָג אָנצונעמען אַלע פּאָרשלאַגן, וואָס זענען פאַראַן אין דעם פּראַקטישן טייל פון דער פּאַלעסטינער רעזאָלוציע פון דער ווינער וועלט־קאָנפערענץ און איבערגעבן זיי צום אויספירן דעם צ. ק.

5. תיכף דורכפירן אַ מאָביליזאַציע פון 10 פּראָצענט חברים, וואָס זאָלן אָפּפאָרן קיין פּאַלעסטינע.

אַרכיוו פונעם יידישן סאָציאַליסט, רעדאַגירט
דורך ל. כאַזאַנאָוויטש, בערלין, 1921.

# די מיליטערישע פאַרוואַלטונג קעגן ציוניזם

דער ענגלישער גענעראַל־שטאַב אין קאַיר, וועלכער האָט אָנגעפירט די קריגס־אָפּעראַציעס אין ארץ־ישראל קעגן די טערקן, האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. גענעראַל אַלענבי, וועלכער האָט אין דעצעמבער 1917 איינגענומען ירושלים, האָט אין זיין פּראָקלאַמאַציע, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט צו דער באַפעלקערונג, מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט די יידישע נאַציאָנאַלע היים.

אין אַפּריל 1918 איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל די ציוניסטישע קאָמיסיע מיט ד"ר וויצמאַן בראש. איר אויפגאַבע איז געווען צו זיין דער פאַרבינדונגס־אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ביי דער ענגלישער מיליטערישער פאַרוואַלטונג. במשך פון די ערשטע צוויי יאָר האָט די ענגלישע מאַכט נישט פאַרעפנטלעכט אין ארץ־ישראל די באַלפור־דעקלאַראַציע און נישט דערמאָנט ביי קיין שום אָפיציעלער געלעגנהייט, אַז ענגלאַנד האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו שאַפן אין ארץ־ישראל אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים. די ציוניסטישע קאָמיסיע און די דעלעגאַציע פון „הדסה" (ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע) האָבן נישט באַקומען אַפילו די סאַמע באַשיידענע רעכט.

אַ פּאָר חדשים נאָכן מיליטערישן נצחון איבער די טערקן איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז די אויפפירונג פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג שטייט אין אַ שאַרפער סתירה צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אין ירושלים, וווּ יידן זענען געווען אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג, האָט די מאַכט נאָמינירט אַ שטאָטראַט פון צוויי דריטל אַראַבער און אַ דריטל יידן. ערשט אין מאַי 1920 האָט דער מיליטערישער גובערנאַטאָר, גענעראַל באלס, אין אַ רעדע איבערגעחזרט דעם נוסח פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. נאַטירלעך, די אָפיציעלע פאַרעפנטלעכונג פון דער דעקלאַראַציע אין ארץ־ישראל מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון צוויי און אַ האַלב יאָר האָט שוין נישט געהאַט קיין שום פּאָליטישע באַדייטונג.

די מיליטערישע פאַרוואַלטונג האָט אָפן פּראָטעזשירט די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג און זי דערמוטיקט אַרויסצושטעלן אַנטי־ציוניסטישע פאָדערונגען און דערלויבט דעמאָנסטראַציעס אונטער די דאָזיקע לאָזונגען.

דעם 1טן מערץ 1920 זענען געפאַלן יוסף טרומפּעלדאָר און זיינע זעקס חברים ביים פאַרטיידיקן תל־חי קעגן אַראַבישע אָנפאַלער. דעם 4טן אַפּריל דעם זעלבן יאָר זענען אויסגעבראָכן בלוטיקע אומרוען אין ירושלים, וועלכע האָבן געדויערט אין דער אַלטשטאָט דריי טעג. דאָס ענגלישע מיליטער האָט אַרומגערינגלט די אַלטשטאָט און נישט צוגעלאָזט אַהין די יידישע „הגנה". די רעשטלעך פון יידישן לעגיאָן (גדוד), וואָס האָט געהאַט געקעמפט אויף דער זייט פון ענגלאַנד אין דער ערשטער וועלט־

מלחמה, זענען געווען פאַרשפּאַרט אין מיליטערישן לאַגער אין סאַראַפּאַנד. זיי האָבן זיך געריסן צו גיין קיין ירושלים פאַרטיידיקן די יידישע באַפעלקערונג קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס. די מיליטער־מאַכט האָט זיי נישט געלאָזט. עס האָט זיך אַנט־פּלעקט דער אַנטי־יידישער פּרצוף פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג. עטלעכע „הגנה״־מיטגלידער זענען געוואָרן פאַראורטיילט צו שווערע תפיסה־שטראָפן, וועלכע זע־נען ערשט שפּעטער בטל געוואָרן. די מיליטער־מאַכט האָט דורכגעפירט רעוויזיעס אין ביוראָ פון דער ציוניסטישער קאָמיסיע און אין דער וווינונג פון ד״ר ווייצמאַן. די אַראַבישע פירער, וואָס האָבן געהעצט צום פּאָגראָם, זענען באַפרייט געוואָרן קורץ נאָך זייער אַרעסט.

דעם 1טן יולי 1920 האָט הערבערט סעמיועל איבערגענומען זיין אַמט אַלס ער־שטער ציווילער הויך־קאָמיסאַר פון ארץ־ישראל. מיט דעם האָט זיך געענדיקט די תקופה פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג.

נ י ר

# די ענגלישע פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע

נישט בלויז די בירגערלעכע ציוניסטן, נאָר אויך אַ גרויסער טייל פון אונדזערע חברים אין אַמעריקע און ארץ־ישראל, האָבן זיך באַמיט צו דער־קלערן די פריינטלעכקייט פון ענגלאַנד צו יידן מיט אינדיווידועלע מאָטיוון. די געזעלשאַפטלעכע מאָטיוון האָבן זיי נישט געזען. דאָס איז געווען זייער פאַרברעך, און זייער שטראָף איז — די אַנטוישונג זייערע נאָכן פּאָגראָם.

אַז ענגלאַנד איז פאַרינטערעסירט אין פּאַלעסטינע, ווייל דאָס לאַנד גע־פינט זיך נעבן סועץ־קאַנאַל און איז אַ נייער מאַרק פאַר דער ענגלישער אינדוסטריע, דאָס פאַרשטייען שוין איצט אַלע, כאָטש אויך מיט צוויי יאָר צוריק האָט מען וועגן דעם גערעדט. מ׳האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט דערויף, ווי אַזוי איז אויפן גרונט פון אָט די אינטערעסן געקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע. פאַרן בירגערלעכן ציוניזם איז געווען קלאָר: דאָס ענגלישע פאָלק איז אַ גערעכט פאָלק, וועמענס דעמאָקראַטיע, צדק און יושר צווינגען צו געבן ארץ־ישראל פאַר יידן. מ׳האָט עס געהאַלטן פאַר אַ נצחון פון דער היכער ציוניסטישער דיפּלאָמאַטיע, וועלכע האָט געקענט ווירקן אויף ענג־לאַנד, זי זאָל גיין אויף איר וועג. האָט מען ווייטער געאַרבעט, דאָס „גערעכטע״ ענגלישע פאָלק זאָל חלילה נישט אַראָפּגיין פונעם דרך־הישר.

ענגלאַנד איז אָבער שוין נישט דאָס ערשטע מאָל אַריין אין פאַרשיידענע לענדער, ווי אַ פרעמדע אָקופּאַציע־מאַכט און האָט גאַנץ גוט געוווסט, ווי די אָרטיקע באַפעלקערונג באַציט זיך צו אַזעלכע פאַקטן. דעריבער האָט זי דורך דער באַלפור־דעקלאַראַציע באַצייטנס געוואָלט זיך פאַרשאַפן סימפּאַ־טיעס אָדער, בעסער געזאָגט, צוגרייטן זיך אַ טייל באַפעלקערונג, וואָס זאָל איר העלפן איינעמען דאָס לאַנד פון אינעווייניק. דערצו איז צוגעקומען אַ זיי־טיקער מאָמענט — דער פאַרלאַנג צו באַקומען בכלל די הסכמה פון דער וועלט, בפרט נאָך דער נישט געלונגענער אַוואַנטורע אין גאַליפּאָלי. און ענג־לאַנד האָט טאַקע געוווּנען, אַ חוץ די סימפּאַטיעס פון די יידישע באַנקיר־קרייזן אין אַמעריקע, וואָס האָט איר אפשר נישט קיין סך געבראַכט, אויך אַ געוויסן טייל פון יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געלאָזט אַריינציִען אין דעם אימ־

פעריאַליסטישן שפּיל, פּונקט ווי דאָס האָט פּאַסירט אין דייטשלאַנד, פראַנק־רייך, ענגלאַנד און טיילווייז רוסלאַנד. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ שפּיאָנאַזש־אָרגאַניזאַציע אין דער טערקישער פּאַלעסטינע לטובת ענגלאַנד אונטער דער אָנפירונג פונעם באַרימטן אַראָנסאָן, וועלכער איז דערנאָך דערטרונקען גע־וואָרן. און ענדלעך האָט די דעקלאַראַציע געשאַפן אַזאַ גוואַלדיקן ענטוזיאַזם ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל, אַז די ענגלענדער זענען אויפגענומען געוואָרן אין די ייִדישע קאָלאָניעס ווי באַפרייער; אגב מוז מען געדענקען, אַז די לעצטע יאָרן פון דער הערשאַפט פון דזשעמאַל־פּאַשאַ זענען געווען די שוואַרצסטע פאַרן ייִדישן ישוב. דער גירוש פון יפו, דער הונגער, די עפּידעמיעס און די שטענדיקע רויבערייען פון דער רעגירונג האָבן אומעג־לעך געמאַכט דאָס לעבן, און ענגלאַנד געהאַט האָט אַ לייכטע אויפגאַבע.

אַזוי אַרום האָט ענגלאַנד דערגרייכט אַלע אירע צוועקן מיטן שיינעם, יושרדיקן זשעסט פון באַלפורן. דערצו האָט ענגלאַנד, אַריינקומענדיק אין לאַנד, דערזען, אַז די אַראַבער זענען נאָך נישט נאַציאָנאַל באַוווסטזיניק און אַז פאַר געלט אָדער אַנדערע זאַכן קען מען קויפן די סימפּאַטיעס פון די שייכן און עפענדיס, וועלכע לעבן מיט די פעלאַכן כמעט ווי אין פּאַטריאַרכאַלישע באַציִונגען. דער ייִדישער ישוב האָט אָבער נישט אויסגענוצט די דעקלאַראַציע צו פאָדערן אַ באַלדיקע פרייע אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל, דורך וועלכער עס וואָלט אין משך פון אַ 10 יאָר באַשאַפן געוואָרן אַן אינער־לעכער כוח אין לאַנד, וואָס וואָלט שוין אַליין געקענט שטעלן פאָדערונגען. אָנשטאָט דעם האָט די הויך־ציוניסטישע דיפּלאָמאַטיע איבערגעטראָגן דעם צענטער פון געוויכט קיין לאָנדאָן און אָפּגעלאָזן ארץ־ישראל. נאָך מער, די ציוניסטן האָבן געשריגן, אַז מען טאָר נישט פאָרן קיין ארץ־ישראל; אַז מען מוז פאַרענדיקן דעם ענין מיט ענגלאַנד אויפן פּאַפּיר און וואַרטן אויפן מאַנ־דאַט. און מען האָט זיך דערוואַרט...

פון איין זייט האָט זיך די ענגלישע אַדמיניסטראַציע אַרומגעזען, אַז די ייִדן זענען נישט אַזאַ כוח אין לאַנד, פון דער צווייטער זייט האָט שוין די דעקלאַראַציע דערגרייכט איר ציל און פון דער דריטער זייט האָבן זיי געזען, אַז ס'לוינט בעסער צו געבן געלט די עפענדיס איידער דאָס לאַנד די ייִדן... ביסלעכווייז האָט ענגלאַנד אָנגעהויבן צו פירן אַ פּאָליטיק פון דער־ווייטערן זיך פון די ייִדן אין ארץ־ישראל און דערנענטערן זיך צו די אַראַבער. דערפון נעמט זיך די זיכערקייט פון די אַראַבער, אַז די רעגירונג איז מיט זיי. פאַר די ייִדן האָט ענגלאַנד געטענהט, אַז זי קען נאָך גאָרנישט דערלויבן, ווייל זי האָט נישט דעם מאַנדאַט, און וויצמאַן האָט געגלייבט. עס איז לעכער־לעך צו דענקען, אַז אויב ענגלאַנד וואָלט געוואָלט קריגן גיכער דעם מאַנדאַט איבער פּאַלעסטינע, וואָלט זי אים נישט געקריגן. עמיר פייזול האָט זיך געקענט קרוינען אַלס מלך פון גאַנץ אַראַביע אָן דער אָפיציעלער הסכמה פון דער קאָאַליציע, און די „שוואַכע" ענגלאַנד האָט נישט געקענט פועלן מען זאָל איר שוין אַמאָל געבן דעם מאַנדאַט! ס'איז אַ סברה, אַז ענגלאַנד האָט אַליין אָפּגעצויגן דעם מאַנדאַט, כדי צו האָבן פרייע הענט בנוגע דער דעקלאַ־ראַציע, און אויסנוצן די צייט אויף אָנצוקניפּן באַציִונגען מיט די אַראַבער

און אָפּשוואַכן די יידישע פּרעטענזיעס. און במשך די צוויי יאָר, וואָס די הויכע פּאָליטיקער פון ציוניזם זענען געפאָרן הין און צוריק קיין לאָנדאָן, זענען די ענגלענדער געזעסן טאַקע אָן דעם מאַנדאַט אין ארץ־ישראל און געשאַפן דעם פּאָגראָם אין ירושלים, דאָס הייסט: די וועלט זעט דאָך, אַז די אַראַבער זענען קעגן דער דעקלאַראַציע, צי קען אויף אַזאַ אופן דאָס „דעמאָקראַטישע" ענגלאַנד גיין קעגן די פאָדערונגען פון די ברייטע מאַסן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

מיט איין קלאַפּ האָט ענגלאַנד געוואָלט כאַפּן צוויי האָזן און לויטן אַלטן און אייביק ווירקנדיקן פּרינציפּ „דיווידע עט אימפּעראַ" — „צעטייל און הערש" — אויפרייצן די אַראַבער אויף די יידן, די יידן אויף די אַראַבער, אוןביידע דערשטיקן. די „אויפרעגונג" פון די אַראַבער וועט מען אויסנוצן אַריינצופירן גרעסערע מחנות מיליטער און דערשטיקן די אַראַבער מיט די יידן צוזאַמען.

די וואָס האָבן געלייגט אַלע זייערע האָפענונגען אויף ענגלאַנד, שטייען איצט פאַר אַ טויבער וואַנט. קלערט מען זיך, טאָמער איז עס נאָר די אַדמי־ניסטראַציע, טאָמער איז די צענטראַלע מאַכט בעסער. די גרויסע פּאָליטיקער זענען מודה, אַז זייער פּאָליטיק האָט באַנקראָטירט. די, וועלכע זענען אי צו גאָט אי צו לייטן, דרייען שוין איבער דעם פראָנט און פון ענגלאַנד איז מען מסכים צו האָפן אויף לענינען. די אָבער, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט פאַר־בונדן די צוקונפט פון יידישן אַרבעטער מיטן אַלוועלטלעכן — פאַר די האָט זיך גאָרנישט געביטן — די קאָרטן זענען נאָר אָפענער געוואָרן.

נאָך איין זאַך: מען באַשולדיקט אין פּאָגראָם נאָר ענגלאַנד. דאָס איז נישט ריכטיק. דער פיזישער שולדיקער זענען די אַראַבישע שייכן. די אינטע־לעקטועלע שולדיקע: די ענגלישע רעגירונג און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אירע איינרעדענישן. מ'האָט קיינמאָל נישט אַ טראַכט געטון וועגן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער. און די אומפאַראַנטוואָרטלעכע פּאָליטיק בנוגע די אַראַבער האָט צוגעגרייט דעם באָדן, אויף וועלכן ענגלאַנד האָט געזייט. דעם באָדן האָבן געגעבן די שייכן, די גוטע אייגנשאַפטן פון אים האָט די ציוניסטישע פּאָליטיק געשאַפן, די זריעה האָט געגעבן ענגלאַנד און די תבואה שניידט זי אַליין... דער פּאָגראָם האָט אויסגעניכטערט אַ ביסל די פאַרשיכורטע מוחות, מען הייבט שוין אָן רעדן דאָס, וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט. אמת שפּעטלעך, אָבער בעסער שפּעט איידער קיינמאָל נישט. די צייט איז נאָך נישט אַוועק...

„אונדזער אַרבעטער־צייטונג", וואַרשע, 28טער מאַי 1920.

# די ארץ־ישראל־קאָמיסיע פון וועלט־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון״

די וועלט־באַראַטונג פון פּועלי־ציון, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטאָקהאָלם אין יולי־סעפּטעמבער 1919, האָט באַשלאָסן צו דעלעגירן קיין ארץ־ישראל אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל דאָרט אויספאָרשן די לאַגע און ברענגען דער באַוועגונג אַ באַריכט וועגן דעם מצב פון דער קאָלאָניזאַציע און אַ פּלאַן פון דער אַרבעט, וואָס דאַרף געטון ווערן.

אין דער קאָמיסיע האָבן זיך באַטייליקט די חברים: ניר, א. רעוווצקי און ז. רובאַשאָוו — אַלס דעלעגאַטן פון דער וועלט־באַראַטונג; א. בלומענפעלד און י. בן־צבי (ארץ־ישראל) אַלס פאַרטרעטער פון דעם אַרבעטס־סעקרעטאַריאַט פון וועלט־פאַרבאַנד אין ארץ־ישראל; נ. סירקין און ה. פיינמאַן אַלס דעלעגאַטן פון אַמעריקע; ד. בן־גוריון, י. טאַבענקין און ש. יבניאלי אַלס דעלעגאַטן פון ארץ־ישראל; א. אפרתי אַלס דעלעגאַט פון אוקראַינע און נתן פינטשוק אַלס דעלעגאַט פון ליטע.

די קאָמיסיע האָט פאַרבראַכט אין לאַנד פון אָנהייב יאַנואַר ביז מיטן מאַי 1920.

איר באַריכט אונטערן נאָמען „די ארץ־ישראל־אַרבעט, דין וחשבון פון דער ארץ־ישראל־אַרבעטער־קאָמיסיע פונעם אַלוועלטלעכן יידישן סאָציאַליסטישן אַרבעטער־פאַרבאַנד פּועלי־ציון״ איז דערשינען אין יידיש אין בוך־פאָרעם אין ארץ־ישראל, תל־אביב־יפו, תר״פ.

מיר ברענגען דאָ פון דעם באַריכט די דאָזיקע טיילן, וועלכע באַהאַנדלען די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד און די באַציונג פון דער ענגלישער מאַכט צום יידישן ישוב און צו די ציוניסטישע שטרעבונגען.

# די פּאָליטישע לאַגע אין ארץ־ישראל
# אין יאָר 1920

די לאַגע, וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן אין ארץ־ישראל נאָך דער ענגלי־שער אָקופּאַציע, ווערט אָפיציעל באַצייכנט מיטן נאָמען „סטאַטוס־קוואָ". אין דער אמתן אָבער איז דער מצב כלל נישט געבליבן ווי פאַר דער מלחמה און די צוויי מיט אַ האַלבן יאָר זענען פול מיט שינויים און פּרעצעדענטן, וועלכע זענען אין קיין שום אָפמאַך נישט פאַרשריבן געוואָרן, וועלכע האָבן אָבער געהאַט און וועלן נאָך האָבן די גרעסטע פּאָליטישע ווירקונג.

מעשה שטן, זענען אַלע פאַקטן און פּרעצעדענטן, וועלכע זענען באַנייט געוואָרן (פון שטאַנדפּונקט פונעם אינטערנאַציאָנאַלן רעכט — אויף אַן אומ־געזעצלעכן אופן), כמעט שטענדיק געווען אויסן צו פאַרקלענערן דעם ייִדישן איינפלוס אין לאַנד און צו פאַרגרעסערן די אַראַבישע קראַפט אויפן ייִדישן חשבון.

ערשטנס: אונטער דעם אויסרייד פון סטאַטוס־קוואָ זענען באַשטעטיקט געוואָרן נישט נאָר די אַלטע טערקישע געזעצן, נאָר אויך די צירקולאַרן און איראַדעס (אוקאַזן) פון אַלערליי טערקישע אַדמיניסטראַטאָרן, און זיי זענען אָפּגעהיט געוואָרן שטרענגער ווי אין דער טערקישער צייט בעת די אַדמיניס־טראַציע איז געווען אינערט, און די פרעמדע קאָנסולאַטן האָבן נאָך געהאַט דאָס רעכט אַריינצומישן זיך. דער טערקישער געזעצגעבער האָט צוגעפּאַסט זיין געזעץ צום מעכאַניזם, וועלכער דאַרף אים פאַרווירקלעכן. ווערט אָבער דאָס טערקישע געזעץ דורכגעפירט מיטן ענגלישן מעכאַניזם, וועלכער פאַר־מאָגט אַ פיל העכערן דרוק, מוז דעמאָלט די גערעכטיקייטליידן. פאַקטיש איז די טערקישע אַדמיניסטראַציע געווען מער אָדער ווייניקער צוגעפּאַסט צו דער טאָפּלטער בוכאַלטעריע פון „רעיא" (טערקישע אונטערטאַנען) און „חמאיא" (געשטיצטע, ד״ה אויסלענדישע בירגער). די לעצטע זענען געשטאַ־נען אויסער דער רשות פונעם טערקישן געריכט און אויף זיי זענען נישט חל געווען די טערקישע געזעצן. די ענגלישע רעגירונג האָט אָבער איגנאָרירט די אַלע אונטערשיידן און סתירות. זי האָט איבערגעלאָזן דעם גאַנצן אַלטן קאָדעקס (נאָר טיילוויז געענדערט די פּראָצעדור), אָפּשאַפנדיק קינסטלעך

אַלע פאַרמען פון שוץ פאַר די אייראָפּעער. בײדע טײלן פון דער באַפעלקע־רונג — די הײמישע און די אויסלענדער — זענען טעכניש אויסגעגליכן געוואָרן. זײ זענען דערבײ אָבער נישט געוואָרן בריטישע בירגער מיט ברי־טישע בירגעררעכט און בירגערפליכטן. זײ זענען געוואָרן אַלע גלײך אונטער־געוואָרפן אונטער דעם יושר און חסד פון דער אַראַביש־עגיפּטישער אַדמי־ניסטראַציע, פּאָליצײ און געריכט, בײ אַ געװיסער פאָרעם פון ענגלישער שוץ. אָט דער צושטאַנד, װעלכער איז אַ קלײנער געװינס אַפילו פאַר די פּרזעדיקע „רעיא״, איז אָבער אַ גרױסער שאָדן פאַר די פּרזעדיקע „חמאיא״, און גראַד צו זײ האָט געהערט די גרעסטע מערהײט פון די אייראָפּעישע ייִדן אין ארץ־ישראל און אויך אַ טײל פון די אָרטיקע ייִדן.

צווייטנס: די אַדמיניסטראַציע אין לאַנד האָט זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַראַביזירט. אין דער טערקישער תקופה האָבן די טערקישע אַדמיניס־טראַטאָרן פּאַקטיש פאַרנומען אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס, און האָבן אַליין קאָנטראָלירט אַלע צווייגן פון פאַרוואַלטונג, געריכט און פינאַנצן, באָדן־ענינים אאַ״וו. די הויכע באַאַמטע זענען שטענדיק געווען טערקן, אַלבאַנער, טשערקעסן, געשיקטע פון דער טערקישער רעגירונג. די ענגלענדער האָבן נאַטירלעך נישט געקענט איבערנעמען אַלע פונקציעס, זייענדיק גאַנץ פרעמד צו די געזעצן, צו די שפּראַכן, צו דער באַפעלקערונג און צו דעם גאַנצן מעכאַניזם פון דער דעראָבערטער מלוכה. זיי האָבן פאַר זיך געמוזט איבער־לאָזן נאָר די אויבערשטע השגחה. אָבער אין דער פּאָליציי און אין געריכט, אין דער אַדמיניסטראַציע און אין מוניציפּאַליטעט האָבן זיי געמוזט באַנוצן דעם אַלטן אַראַבישן אַפּאַראַט, וואָס זיי האָבן געטראָפן אומעטום, און זיי האָבן זיי געמוזט אויסנוצן אַלס יועצים און מומחים, קענער פון טערקישן געזעץ און וועגוויזער. אַז די נייע אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאַרן לאַנד און די פייער־לעכע דערקלערונגען פון דער ענגלישער רעגירונג פאָדערן אייגנטלעך איבער־צואַרבעטן פולשטענדיק די גאַנצע סיסטעם פון אַדמיניסטראַציע — פון דעם האָבן זיי זיך געמאַכט אין גאַנצן נישט וויסנדיק. אַלץ איז געגאַנגען ווי־אויטאָמאַטיש. אַזוי ווי אַלע העכערע טערקישע אַדמיניסטראַטאָרן זענען אַנט־לאָפן צוזאַמען מיט דער טערקישער אַרמיי, האָבן די אַראַבער אָפּגעירשנט די־טערקישע פּלעצער. דערצו האָבן זיך גלייך צוריקגעקערט אַ סך עגיפּטישע באַאַמטע, און בפרט פיל סירישע פּליטים, וועלכע האָבן אין די טערקישע צייטן געמוזט פאַרוואָגלט ווערן צוליב פאַרשיידענע סיבות קיין מצרים. איצט זענען זיי גלייך צוריקגעקומען פון גלות צו די פאַרטיקע דזשאָבס, וועלכע די ענגלישע רעגירונג האָט זיי אָנגעבאָטן. אַזוי צום ביישפּיל, איז דער ער־שטער געהילפסגאָווערנאָר (און פאַקטיש דער גאַנצער באַלעבאָס) פון ירוש־לים געווען אַ קריסטלעכער אַראַבער פון עגיפּטן (גבריאל חדאד), וועלכער האָט זיך באַשעפטיקט מיט קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט קעגן ייִדן. אַן אַנדע־רער סירישער פּליט פון מצרים, מיטן נאָמען בוסטאני, איז געווען דער גע־הילפסגאָווערנאָר אין יפו און, ווי עס שיינט, דער גאַנצער אָרגאַניזאַטאָר פון דער אַראַבישער באַוועגונג אין לאַנד. ביז היינט פאַרנעמען נאָך געוועזענע סירישע פּליטים די אָנגעזעענסטע פּאָסטנס. באַזונדערס — די קריסטלעכע

אַראַבער, וועלכע זענען פּאַקטיש אינטעליגענטער און מער באַקאַנט מיט ענ־גליש, און אין דער זעלבער צייט פיל מער אַגרעסיווער און יידנפיינטלעכער ווי די מוסולמענישע מערהייט (קריסטלעכע אַראַבער בילדן אַ צען — עלף פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג אין מערב ארץ־ישראל; אין עבר־הירדן נאָך ווייניקער). די אַראַבער האָבן אַלזאָ פּאַקטיש, אָן קאַמף, געוווּנען פונעם „סטאַטוס־קוואָ", אין משך פון די דריטהאַלבן יאָר, אַזאַ נייע קראַפט אין אַלע צווייגן פון פאַרוואַלטונג, געריכט און פּאָליציי, וועגן וועלכער זיי האָבן אונטער דער טערקישער הערשאַפט קיינמאָל נישט געקענט טרוימען.

דערצו האָבן פיל פון די העכערע ענגלישע אדמיניסטראַטאָרן, וועלכע זענען די ערשטע אַראָפּגעקומען אין דער „אקיופייד ענעמי טעריטאָרי" (איינ־גענומענע פיינטלעכע טעריטאָריע), געשטאַמט פון עגיפּטישן דינסט. דער־צויגן אין דער אַטמאָספער פון עגיפּטישע פאַרהעלטענישן, געוווינט צו דער אַראַביש־עגיפּטישער סביבה, האָבן זיי באַטראַכט דאָס איינגענומענע ארץ־ישראל אַלס אַ מין צוגאָב צו עגיפּטן. אין דער נייער אַראַבישער סביבה האָבן זיי זיך געפילט און געפירט ווי ביי זיך „אין דער היים", און זענען גלייך אַריין אין דער ראָל פון ענגלישע הערשער איבער אַ נייער און אַלט־באַקאַנטער אַראַבישער קאָלאָניע.

אָט די ענגליש־עגיפּטישע און די אַראַביש־עגיפּטישע באַאַמטע האָבן באַשאַפן אַזאַ מין געדיכטע אַראַביש־נאַציאָנאַליסטישע אַטמאָספער, וואָס האָט פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט די בריטישע אַדמיניסטראַציע, און האָט זי אַרונטערגעוואָרפן אונטער איר איינפלוס. די ענגלישע העכערע באַאַמטע האָבן נישט געהאַט קיין באַרירונג מיטן לאַנד און מיטן יידישן ישוב, סיידן דורך דער פאַרמיטלונג פון אַראַבער. אַרומגערינגלט שטענדיק מיט אַן אַראַבישער סביבה, אין ביוראָ, ווי אין בירגערלעכן לעבן, פרעמד צום לאַנד און ספּע־ציעל פרעמד צו דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן די ענגלענדער ממילא אָנגעהויבן צו באַטראַכטן ארץ־ישראל דורך דער אַראַבישער פּריזמע. פאַר־שטייט זיך, אַז די אַראַבישע באַאַמטע האָבן אויסגענוצט זייער פּריווילעגירטע לאַגע, כדי צו באַאיינפלוסן די העכערע ענגלישע אַדמיניסטראַציע קעגן די יידן און קעגן די יידיש־נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. און ביי דער געשילדערטער סיטואַציע איז קיין וווּנדער נישט, אַז דאָס איז זיי צום גרויסן טייל געלונגען. אַ טייל פון דער שולד טראָגט אַוודאי אויך די קורצזיכטיקייט און פּחדנות פון די יידישע עסקנים. אַ טייל פון די באַאַמטע זענען לכתחילה געווען קעגנע־ריש געשטימט צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע, אָבער אויך אַפילו אַזעלכע בריטישע באַאַמטע, וועלכע זענען לכתחילה געקומען קיין ארץ־ישראל מיט יידנפריינטלעכע כוונות, האָבן זיך דאָ אין לאַנד געביטן און האָבן געשלאָסן חברשאַפט מיט די אַראַבישע יידנפיינט. די אַראַבישע שטימונגען זענען גע־ווען די איינציקע רעאַלעווירקלעכקייט, בשעת די באַלפור־דעקלאַראַציע איז געבליבן פאַר זיי אַ ווייטער און פוסטער קלאַנג.

דריטנס: די אַלץ־חרוב־מאַכנדיקע מלחמה האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אויך איר ווידערשפּרוך — אַ פיבערהאַפטע אויפבוי־אַרבעט. ביי די אַרבעטן אַרום די נייע אייזנבאַנען און שאָסייען איז געווען באַשעפטיקט אַן אַרמיי

פון אפשר הונדערט טויזנט אַרבעטער; אין אָנהייב האָבן די אַרבעט אויס־געפירט ענגלישע סאָלדאַטן און עגיפּטישע אַרבעטער־באַטאַליאָנען, שפּעטער אָבער זענען אָנשטאָט דער מיליטערישער אַרבעטס־אַרמיי אָנגעשטעלט גע־וואָרן טויזנטער נייע אַרבעטער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. ביי אָט די אַלע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן זענען ייִדן זייער ווייניק באַשעפטיקט. ביי דער אייזנבאַן בילדן ייִדן קוים איין פּראָצענט, אין טעלעפאָן און טעלעגראַף נאָך ווייניקער, און ביי די וועג־אַרבעטן זענען ייִדן כמעט גאָרנישט פאַר־טראָטן.

פאַר דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע זענען אָבער, אַפּנים, אָט די אַלע מעשים געווען ווייניק. זי האָט אָנגעפירט אַן אומאויפהערלעכן קאַמף קעגן דעם ייִדישן גדוד און האָט איבערגעחזרט טריט ביי טריט די פּאָליטיק, וועל־כע דזשעמאַל פּאַשאַ האָט אין זיין צייט אָנגעפירט קעגן דער „ציוניסטישער געפאַר". זי האָט פאַרווערט צו זינגען די „התקוה" און צו טראָגן די בלוי־ווייסע פאָן מיטן מגן־דוד אין אַלע עפנטלעכע פּלעצער, האָט אַפילו פאַרזוכט צו קאָנפיסקירן די מאַרקעס פון נאַציאָנאַל־פאָנד און האָט סיסטעמאַטיש גע־זוכט אויסצוראָטן אַלץ וואָס קען זיין אַ רמז אויף דער פאָדערונג פון דער ייִדישער זעלבסטשטענדיקייט — גענוי ווי דזשעמאַל פּאַשאַ און ווי בהא־אלדין בשעתם.

דער ייִדישער ישוב אין ארץ־ישראל איז געווען ווי איבעראַשט פון אָט די אַלע מעשים און האָט אַ לאַנגע צייט נישט געקענט תופס זיין די סיטו־אַציע. די שרעקלעכע ליידן פון דער מלחמה און באַזונדערס דזשעמאַל־פּאַשאַס רעזשים, דאָס אייביקע שטרעבן צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג, וואָס האָט דאָ אין ארץ־ישראל אָנגענומען אַזעלכע גראַנדיעזע פאַרמעס, ווי אין קיין שום אָרט אין דער וועלט נישט, דער אַקטיווער קאַמף פאַר דער זעלבסטבאַפרייונג צוזאַמען מיט דער באַגייסטערונג פאַר דער פיל־צוזאָגנדיקער ענגלישער דע־קלאַראַציע, דאָס אַלץ האָט געמאַכט אַזאַ גוואַלדיקן רושם אויפן ישוב, אַז צוליבן גלאַנץ פונעם עתיד האָט מען פאַרזען די געפערלעכע צייכנס פון דער ווירקלעכקייט, און עס האָט געמוזט איבערגיין אַ היפּש ביסל צייט, ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון אויסניכטערונג. אומזיסט האָבן זיך געהערט אייניקע שטימען פון וואָרענונג, אַז מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף בלויזע הבטחות, ווען עס זענען נישטאָ קיין מעשים, וועלכע זאָלן גאַראַנטירן, אַז די הבטחות וועלן טאַקע דורכגעפירט ווערן; אַז דאָס בלויזע וואָרט וועגן אַ ייִדי־שער היים איז בשום אופן נישט גענוג, כל־זמן עס ווערט נישט באַשטימט און געשאַפן זיין קאָנקרעטער אינהאַלט. אָט די שטימען זענען אָבער געווען פאַראיינצלט און זענען פאַרהילכט געוואָרן דורך דער גרויסער פויק פון נאַ־ציאָנאַלער שיכרות און ווען די צווייטע אַסיפה מכינה האָט געפּרוווט אויס־צואַרבעטן אַ פּלאַן פון אַדמיניסטראַטיווער קאָנסטיטוציע פאַר ארץ־ישראל, און האָט דעם פּלאַן איבערגעגעבן אַ ספּעציעלער דעלעגאַציע, וועלכע איז געשיקט געוואָרן קיין פּאַריז צו דער שלום־קאָנפערענץ, איז ער געבליבן ליגן ערגעץ אין פּאָרטפעל פון די ציוניסטישע מיניסטאָרן. דער ייִדישער ישוב האָט פון זיין זייט געזוכט צו קעמפן קעגן ייִדנפיינטלעכע טענדענצן פון דער

אַדמיניסטראַציע און ענערגיש צו פּאַרטיידיקן זיינע עלעמענטאַרע רעכט אַלס בירגער און אַלס נאַציע. די יידן האָבן געקעמפט פאַר אַ געהעריקער רעפּרעזענטאַנץ אין די מוניציפּאַליטעטן, אין דער זשאַנדאַרמעריע און אין דער אַדמיניסטראַציע און פאַר דעם רעכט פון דער העברעישער שפּראַך אין פאַרוואַלטונג און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן; אומעטום האָבן זיי זיך דערביי אָנגעשטויסן אויף אַן אייזערנער וואַנט. אַפילו אין די טערקישע צייטן האָבן יידן געקענט אויספירן מער ווי איצט. זייענדיק אַ גרויסע מערהייט אין ירושלים און טבריה און אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט אין צפת, יפו און חיפה, פלעגן יידן שטענדיק אויסקלייבן אַ געהעריקע פּאַרטרעטערשאַפט אין די מוניציפּאַליטעט־פאַרוואַלטונגען פון די באַטרעפנדיקע שטעט. איצט אָבער איז דאָס אויך פאַרשווונדן. אָנשטאָט וואָלן האָט די ענגלישע מיליטערישע מאַכט איינגעפירט „אַפּאָינטמענטס״ (באַשטימונגען פון אויבן) און עס איז גרינג זיך פאָרצושטעלן ווער עס איז דערביי זוכה צום כבוד. ירושלים, וואָס האָט אַ יידישע באַפעלקערונג פון 65 פּראָצענט, האָט באַקומען אַ מוניציפּאַליטעט מיט בלויז אַ דריטל יידן, און אַלס פאָרזיצער פון דער בלדיה (מוניציפּאַליטעט־ראַט) איז באַשטימט געוואָרן אַ מוסולמענער, און אַזוי איז דאָס עד היום: נאָך דער באַשטימונג פון דער בריטישער דעקלאַראַציע אויפן פרידנס־קאָנגרעס אין סאַן־רעמאָ האָט די רעגירונג פונדאָסניי באַשטימט אַ ירושלימער מוניציפּאַליטעט פון 6 מיטגלידער, זענען דאָרטן דאָ בלויז צוויי יידן. דער זעלבער צושטאַנד הערשט אויך אין אַנדערע שטעט, ווו יידן זענען אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער באַפעלקערונג.

דאָס זעלבע חזרט זיך אויך איבער ביי דער באַוואַלדונגס־אַרבעט, וועלכע ווערט שוין איצט אָנגעפאַנגען פון דער ענגלישער פאַרוואַלטונג, ביי קאַנאַליזאַציע, גערטנעריי און שטאָטישן וועגבוי, וואָס די מוניציפּאַליטעטן פירן דורך, אַפילו אין שטעט מיט אַ יידישער מערהייט. אומעטום, ווו די אַרבעטן ליגן אין די הענט פון דער אַדמיניסטראַציע, ווערן ביי זיי באַשעפטיקט כמעט נאָר אַראַבער, סיי היגע, סיי עגיפּטישע, און יידן ווערן צוגעלאָזן אין אַ נישטיק קליינער צאָל.

אין דער הינזיכט איז די לאַגע פון די יידן נאָך ערגער געוואָרן ווי אין דער מלחמה־צייט פאַרן טערק, בשעת יידן האָבן פאַרנומען די אָנגעזעענסטע פּלעצער ביי געזעלשאַפטלעך־טעכנישע אַרבעטן. און אויב דער קורס פון דער אַדמיניסטראַציע זאָל זיך נישט בייטן גרינטלעך אין דער קורצסטער צייט, קען מען מיט זיכערקייט פאָרויסזאָגן, אַז אויך די גרויסע קאָנסטרוקטיווע אַרבעטן וועלן דורכגעפירט ווערן דורך היגע און עגיפּטישע אַראַבער ביי דער מינימאַלסטער באַטייליקונג פון יידישע קוואַליפיצירטע און אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער.

פערטנס: אין דער טערקישער תקופה איז די הערשנדיקע שפּראַך אין דער אַדמיניסטראַציע, געריכטוועזן, פּאָליציי, שולוועזן, און ביז אַ געוויסער מאָס אַפילו אין דער לאָקאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, געווען טערקיש. אַראַביש איז אָפיציעל נישט אָנערקענט געוואָרן, און האָט אויך פאַקטיש געשפּילט

אַ נעבן־ראָל. איצט האָט ענגליש נאָר טיילוויז פאַרנומען דאָס אָרט פון טער־קיש. אַראַביש האָט אָבער מיטאַמאָל באַקומען די באַדייטונג פון אַ הערשנ־דיקער שפּראַך.

די צייט פון „סטאַטוס־קוואָ" איז אַלזאָ לחלוטין נישט געווען קיין טוי־טער סעזאָן. פאַרקערט, זי איז פול מיט ענערגישער טעטיקייט מצד די אַראַ־בער און מצד דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע און האָט אויף אַ זייער קענטיקן אופן פאַרשטאַרקט די אַלטע פּאָזיציעס פון די אַראַבער און האָט דעראָבערט פאַר זיי נייע. און די ערשטע זאַך, אויף וואָס די דעראָבערער האָבן אויס־גענוצט אָט די פּאָזיציעס, איז געווען צו קעמפן קעגן יידן און הויפּטזעכלעך קעגן דעם בנין פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים. די אַדמיניסטראַציע האָט סיסטעמאַטיש אונטערגעדריקט די יידן און באַקעמפט די יידישע פאָדע־רונגען אויף שריט און טריט. זי האָט דורכגעפירט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט די גזירות אויף דער יידישער איינוואַנדערונג און האָט נאָך אויסגעטראַכט נייע חומרות איבער די ראַמען פון די עקזיסטירנדיקע פאַראָרדע־נונגען. ס'איז כדאי צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז נאָכדעם, ווי די אַראַבער זענען רויבעריש אָנגעפאַלן אויף מתולה און די יידישע קאָלאָניסטן האָבן געמוזט אַנטלויפן פון גליל העליון און האָבן געוואָלט אַריבערגיין אין דעם ענגלישן טייל פון ארץ־ישראל — האָט מען זיי אויף דער גרענעץ עקזאַמי־נירט אין אַראַביש, כדי צו איבערצייגן זיך, צי זענען זיי „וולאד־אלערב" (היימישע) אָדער גאָר נייע עמיגראַנטן. אַראַביש איז אַלזאָ געווען ביי דער אַדמיניסטראַציע דער אַנטשיידנדיקער סימן פון אָנגעהעריקייט צו ארץ־ישר־אל. אויב יידן זענען פאַרמישט אין אַ נייער אונטערנעמונג, ווייסט מען שוין פריִער, אַז די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע וועט מאַכן שוועריקייטן, ווי צ"ב דאָס פאַרווערן זאָנדירן דעם באָדן (דער פאַל אין קסריה) אד"גל. דעם „טאַבו" (גרונטבוך) האָט די אַדמיניסטראַציע ביז אַפּריל 1920 געהאַלטן געשלאָסן, און האָט דערמיט אומעגלעך געמאַכט איינצוקויפן נייעם באָדן סיי פאַר פּריוואַטע פּערזאָנען, סיי פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. אָבער די אַראַבישע גרונטבאַזיצער צווישן זיך האָבן דעם פאַרבאָט נישט גורס געווען און האָבן פראַנק און פריי געקויפט און פאַרקויפט זייער באָדן. ערשט אין אַפּריל 1920 האָט זיך גע־עפנט אַ שטיקל יורידישע מעגלעכקייט פריי צו קויפן באָדן, זענען אָבער דערביי געבליבן אַזעלכע שוועריקייטן, וואָס דערמאָנען שטאַרק די ספּעציעלע באַשרענקונגען פון דער טערקישער אַדמיניסטראַציע אין יאָר 1913. שטילער־הייט, אָבער סיסטעמאַטיש, פאַרכאַפּן די אַראַבישע עפענדיס די באָדנס, וועל־כע געהערן צו דער טערקישער רעגירונג אָדער צום מאוות (הפקר־באָדן). אין אַז די יידן פון ראשון־לציון האָבן פּרובירט צו באַווירטשאַפטן דעם טויט־באָדן, וואָס דזשעמאַל פּאַשאַ האָט זיי אַוועקגעשענקט (די זאַמדן אַרום ראשון־לציון), האָט זיך באַלד אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט און די ענגלישע רעגי׳רונג האָט באַלד געהייסן אָפּשטעלן די יידישע אַרבעטן.

און וואָס ס'איז געשען אין די שטאָט־פאַרוואַלטונגען איז אויך געשען בנוגע דער אַדמיניסטראַציע און זשאַנדאַרמעריע. על פי דין איז נישט געווען קיין שום מניעה פאַר יידן אַריינצודרינגען אין דער אַדמיניסטראַציע. פאַקטיש

איז דאָס אָבער געווען כמעט ווי אוממעגלעך. פּאַקטיש זענען ייִדן כמעט גאָר־נישט פאַרטרעטן אין געריכט און פאַרנעמען כמעט אין ערגעץ נישט קיין פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלעס. די איינציקע קאָנצעסיע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דער ייִדישער באַפעלקערונג, באַשטייט אין דעם, וואָס אין ייִדישע צענטערס האָבן די גאָווערנאָרס ביי זיך אַ ייִדישן יועץ, וועלכער איז זייער איינפלוסרייך, אָבער נישט אויך אַ אויספעלקער באַפעלקע־רונג און דער ענגלישער רעגירונג. אָבער אויך וועגן אָט די פּאָר ייִדישע באַאַמטע האָט זיך די רעגירונג אַנומלט געווענדט צו די ייִדישע קהילות, אַז זיי זאָלן נעמען אויף זיך צו צאָלן זייער שכירות.

בנוגע די זשאַנדאַרמען איז אָפיציעל צוגעזאָגט געוואָרן, אַז די ייִדן וועלן באַקומען נישט ווייניקער ווי 20% פאַרטרעטער; און אַז אין די ערטער, וווּ די ייִדן בילדן אַ גרעסערן טייל פון דער באַפעלקערונג, וועלן זיי באַקומען פּראָפּאָרציאָנעל אַ גרעסערע פאַרטרעטערשאַפט. אָבער נישט קוקנדיק אויף די אַלע אָפּמאַכן און אָפיציעלע הבטחות, זענען ייִדן געוואָרן סיסטעמאַטיש אויסגעמיטן און פאַרדרענגט, און דאָרטן, וווּ זיי זענען געבליבן, האָבן זיי געמוזט אויסשטיין שווערע באַליידיקונגען און אונטערדריקונגען. אין ירוש־לימער זשאַנדאַרמעריע בילדן ייִדן בערך 17%, ד״ה 30 צווישן 180. פון די 13—14 אָפיצירן איז בלויז איינער אַ ייִד, אַלע איבעריקע זענען אַראַבער. אין אַנדערע ערטער איז דער פּראָצענט ייִדן נאָך קלענער. דערביי זענען די אָפיצירן און פּאָליצמייסטערס כמעט אומעטום דורכויס אַראַבער. ייִדן זענען נאָר אויסנאַמען און ווערן בטל בששים.

דער ייִדישער ישוב פירט אָן אַ ביטערן און עקשנותדיקן קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון העברעיִש. אין אויסלאַנד מיינט מען, אַז העברעיִש איז שוין אָפיציעל אָנערקענט אין ארץ־ישראל. דאָס איז אָבער נישט מער ווי אַ לעגענדע. למראית־עין גיט מען אמת אַמאָל אַרויס אָפיציעלע מודעות אויך אין העברעיִש (ווייט נישט תמיד) און אייניקע אויפשריפטן אין רעגירונגס־אַנשטאַלטן זענען געצייכנט אויך אין העברעיִש (שטענדיק אויף דעם דריטן, לעצטן, פּלאַץ). אויב מיר וועלן דערצו מוסיף זיין די אויפשריפטן אויף די פּאָסטקעסטלעך און טעלעגראַף־בלאַנקן, וועלן מיר פּאַקטיש אויסשעפּן אַלע נצחונות פון דער העברעיִשער שפּראַך אינעם אָפיציעלן לעבן. אַלע ביכער פון די רעגירונגס־אַנשטאַלטן אין געריכט, פּאָסט, טעלעגראַף, פּאָליציי און מוניציפּאַליטעט ווי אויך דער „טאַבו״ ווערן געפירט אין ענגליש און אין אַראַביש, אָבער נישט אין העברעיִש. פון באַאַמטע ווערט פאַרלאַנגט די קענטעניש פון ענגליש און אַראַביש, אָבער נישט פון העברעיִש. טעלעגראַמעס ווערן אויפגענומען נאָר אין אַראַבישער אָדער לאַטיינישער שריפט, אָבער נישט אין דער העברעיִשער. אויף דער אייזנבאַן הערשט אומעטום אַראַביש — העברעיִש פאַרנעמט דאָרט גאָר קיין פּלאַץ נישט.

נאָר אין איין פּונקט האָבן ייִדן באַוויזן צו דערוווערבן אַ גייע קראַפט — און דאָס זענען די ייִדישע גדודים. אין דעם פּאַל האָט די ענגלישע רעגירונג געפונען פאַר מעגלעך צו איגנאָרירן דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט, און

האָט אָנגענומען ז׳עם ייִדישן פאָרשלאַג צו גרינדן ייִדישע לעגיאָנען נישט נאָר פון ענגלאַנד גופא, נאָר אויך פון אַמעריקע און פון ארץ־ישראל.

דער ערשטער פּרווו צו באַטייליקן זיך אין דער מלחמה פאַר ארץ־ישראל אין דער פאָרעם פון אַ ספּעציעלן ייִדישן גדוד מיט אַ ייִדישער פאָן איז געווען דער ציון־מויל־קאָרפּס אין גאַליפּאָלי, אַפּריל 1915, צונויפגעשטעלט פון ארץ־ישראלדיקע פּליטים אונטער דער אָנפירונג פון דעם פאַרשטאָר־בענעם קאַפּיטאַן יוסף טרומפּעלדאָר און קאָלאָנעל פּעטערסאָן. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַ טראַנספּאָרט־דינסט. בסך־הכל האָבן זיך אין דעם קאָרפּוס באַטייליקט ביז 600 מאַן אין טראַנספּאָרט און בערך 400 מאַן ביי אַנדערע אַרבעטן.

דער אייגנטלעכער „גדוד העברי״ איז געשאַפן געוואָרן פיל שפּעטער, באַלד נאָך דער ענגלישער דעקלאַראַציע, און איז אַנטשטאַנען פון פיר באַ־טאַליאָנען, צוזאַמען אַלזאָ ביז 6.000 מאַן. דערפון זענען געווען ביי אַ 2.000 פון ענגלאַנד, 2.500 האָבן וואָלונטירט פון אַמעריקע, קאַנאַדע און אַרגענטינע און קרוב צו 1.400 מאַן מתנדבים פון ארץ־ישראל און מצרים.

בשעת די באַטאַליאָנען זענען אָרגאַניזירט געוואָרן, האָבן זיי געשטעלט צוויי פאָדערונגען: אַז זיי זענען ייִדישע באַטאַליאָנען, ד״ה לויט זייער באַ־שטאַנד, אויסערלעכער פאָרעם, און ווי ווייט מעגלעך אויך לויטן כאַראַקטער, און אַז זיי זענען באַשטימט נאָר פאַר ארץ־ישראל. ענגלאַנד האָט דיביידע פאָדערונגען אָנגענומען.

אַלע פיר באַטאַליאָנען האָבן אָנטיילגענומען אין דער מיליטערישער עקספּעדיציע און האָבן דערפילט די פאַראַנטוואָרטלעכסטע פונקציעס. צוויי פון זיי האָבן זיך פּאַקטיש באַטייליקט אין פראָנט ביי יריחו, סאַלט און שכמער וועג. די אַלע גדודים האָבן נישט איינמאָל באַקומען די אָנערקענונג פון די העכערע מיליטערישע באַאַמטע. און פונדעסטוועגן האָט די ענגלישע אַדמי־ניסטראַציע געפירט אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן דעם ייִדישן גדוד. די צאָל פון די ייִדישע איינהייטן איז גלייך פאַרקלענערט געוואָרן, און דערמיט איז צוגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט צו שאַפן אַ ייִדישע בריגאַדע, פון די דריי פאַרבליבענע באַטאַליאָנען איז בלויז אַ האַלבער באַטאַליאָן אַוועקגעשטעלט געוואָרן נעבן אַ שטאָט מיט אַ ייִדישן ישוב (חיפה), די איבעריקע זענען צעשפּרייט געוואָרן איבערן מדבר, ווייט פון אַ מענטשלעכן ישוב צווישן ראַפאַ, אל־עריש און קאַנטאַרא און טיילווייז אין תול־כרם און אין סאַראַ־פאַנד. אין דער זעלבער צייט זענען אַלע ייִדישע צענטערס — ירושלים, יפו, טבריה — באַזעצט געוואָרן דורך איטאַליענישע, אויסטראַלישע, אינדישע, שוואַרצע מערב־אינדישע און ענגלישע אָפּטיילונגען. די העברעישע שפּראַך און דער ייִדישער כאַראַקטער האָבן נישט פאַרנומען דעם פּלאַץ, וועלכן די מתנדבים האָבן דערוואַרט. די ייִדישע לעגיאָנערן האָבן אָבער געדולדיק און געטריי דערפילט זייערע מיליטערישע פליכטן אינעם ישוב און אין וויסטן מדבר. די העכערע באַאַמטע האָבן מודה געווען, אַז דאָרט, ווו מען האָט פריִער געדאַרפט האָבן דריי אינדישע אָדער ענגלישע קאָמפּאַניעס, איז גענוג איין ייִדישע. און פונדעסטוועגן האָט זיך געפילט, אַז עס ווערט עפּעס

געגראָבן אַ גרויב פאַרן גדוד. די חיפהער אַראַבער — קריסטלעכע אַנטיסע־מיטן — האָבן דערלאַנגט איין פעטיציע נאָך דער צווייטער, פאָדערנדיק צו דערווייטערן דעם ייִדישן גדוד פון חיפה. יעדער אומבאַדייטנדיקער אינצי־דענט, וועלכער פלעגט פאַסירן צווישן אַ סאָלדאַט און ציווילן, באַזונדערס צווישן אַ סאָלדאַט און דער עגיפּטישער מיליטערישער פּאָליציי, פלעגט גלייך אויסגענוצט ווערן אַלס אַלגעמיינע באַשולדיקונג קעגן דעם ייִדישן גדוד. ענדלעך איז די חיפהער אַראַבער געלונגען, מיט דער הילף פון דער ענגלי־שער ציווילער אַדמיניסטראַציע, אויסצופועלן ביי די מיליטערישע באַאַמטע צו „באַפרייען" חיפה פון דעם ייִדישן גדוד. דעם גדוד האָט מען פאַרשיקט פון חיפה, גליל און תול־כרם — קיין מדבר סין. אויף זיין פּלאַץ זענען גע־קומען הינדוסן. דער גדוד האָט געפילט טיף די באַליידיקונג, ער האָט אָבער אויך דאָסמאָל געשוויגן. רעכענענדיק זיך מיט דעם ועד הצירים, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז דאָס פאַרלאַנגט אַזוי די פּאָליטישע לאַגע. אין מיטן זומער 1919 איז אַראָפּגעקומען אַ באַפעל צו שיקן אַ פּאָר הונדערט מאַן פונעם ארץ־ישראלדיקן באַטאַליאָן קיין מצרים און קפריסין פאַר מילי־טערישע פליכטן. דאָס האָט אַרויסגערופן דעם איינדרוק, אַז די ענגלישע רעגירונג וויל צונעמען ביים באַטאַליאָן זיין וויכטיקסטן רעכט — דאָס רעכט צו דינען אויסשליסלעך אויף דער טעריטאָריע פון ארץ־ישראל — און וויל זיך מיט אים באַנוצן פאַר אירע ענגלישע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן. דער גדוד האָט פּראָטעסטירט, און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער געמאַכט אַ שטרייק. טעלעגראַמעס זענען געפלויגן אין אַלע זייטן, מען האָט אָבער גאָרנישט געקענט טון: דער גדוד האָט רעוואָלטירט. ער איז געשטאַנען פעסט, און האָט בשום אופן נישט געוואָלט געבן קיין מענטשן פאַר אויס־לאַנד. ענדלעך איז מען געקומען צו אַ פשרה: די רעגירונג האָט אָנערקענט, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ „מיספאַרשטענדעניש פון ביידע זייטן", האָט צוגע־זאָגט, אַז מער וועלן קיין מענטשן קיין עגיפּטן (און איבערהויפּט קיין אויס־לאַנד) נישט געשיקט ווערן, און אַז אַלע וואָס זענען אַרעסטירט און באַ־שולדיקט געוואָרן צוליבן שטרייק וועלן נישט באַשטראָפט ווערן. ערשט דעמאָלט האָט דער גדוד איינגעשטימט, אַז אייניקע פון זיינע מענטשן זאָלן צייטווייליק געשיקט ווערן קיין עגיפּטן. אַזוי האָט דער גדוד העברי אויס־געקעמפט זיין רעכט צו בלייבן אַ גדוד נאָר פאַר ארץ־ישראל.

און ביים היינטיקן טאָג געפינט זיך די עקזיסטענץ פונעם רעשטל גדוד (סך־הכל ביז 400 חברים) אין אַ זייער ערנסטער געפאַר. די העכערע מילי־טערישע באַאַמטע לויבן זיין דיסציפּלין און פליכט־באַוווסטזיין און... קעמפן קעגן זיין עקזיסטענץ און קעגן אַ נייער רעקרוטירונג.

דער ייִדישער ישוב איז געווען און געבליבן אומאָרגאַניזירט, און האָט דעריבער נישט געקענט אויפהייבן קיין סיסטעמאַטישן קאַמף קעגן דער אָרטי־קער אַדמיניסטראַציע; און דער ועד הצירים איז געבליבן קורצזיכטיק, אָדער אומפאַרציילעך פּאַסיוו. די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט די ערשטע אָנגענומען אַן ענערגישע קאַמפּס־שטעלונג קעגן דער אָרטיקער אַדמיניס־טראַציע און האָט געפירט קעגן איר אַ סיסטעמאַטישן קאַמף, איז געווען די

אר־ית־העבודה. וואָס אָנבאַלאַנגט די ציוניסטישע מנהיגים אין לאַנדאָ, האָבן זיי פשוט געהאַלטן די מעשים פון דער ארץ־ישראלדיקער אַדמיניסטראַציע פאַר קליינינקייטן, אויף וועלכע מען טאָר זיך נישט אָפּשטעלן, ביז די קליינינ־קייטן האָבן אָנגעהויבן דראָען צו ווערן אַן ערנסטע סכנה פאַרן גאַנצן בנין.

אין צענטער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אָנשטרענגונג איז געשטאַנען דער קאַמף פאַר דער אספת־הנבחרים, וועלכער ציט זיך שוין זינט דער אָקופּאַציע און וועלכער איז נאָך ביז היינט נישט פאַרענדיקט. אין דער ערשטער הייסער צייט האָט די באַראַטונג פונעם יידישן ישוב (פון 15—19 טבת תרע״ט) באַשלאָסן זיך תיכף צו אָרגאַניזירן אויף דעמאָקראַטישע יסודות און שאַפן די געהעריקע רעפּרעזענטאַנץ, און האָט צו דעם צוועק אויסגע־קליבן אַ ועד הזמני, מיטן אויפטראָג באַלד צו אָרגאַניזירן די קאָנסטיטויִרנ־דיקע פאַרזאַמלונג. תיכף אָבער נאָך דער באַראַטונג האָבן זיך אָנגעהויבן אינעם ועד הזמני גופא צו הערן שטימען קעגן דעם. דער ערשטער שאָס קעגן דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע פונעם ישוב איז געקומען מצד דער אָרטאָדאָק־סיע, פאַר וועמען די דעזאָרגאַניזאַציע און צעברעקלטקייט איז אַ נייטיקע פאָרויסזעצונג פאַר אַלע אירע אַנשטאַלטן און חלוקה־ענינים. איר קאַמף קעגן דער קאָנסטיטויִרנדיקער פאַרזאַמלונג האָט זיך אויסגעדריקט אינעם קאַמף קעגן פרויען־וואַל־רעכט. אַנדערע קעגנער, וועלכע זענען מסכים געווען צו פרויען־וואַל־רעכט און האָבן נישט געוואָלט אויף דעם בשום אופן מוותר זיין, האָבן אָבער געטענהט, אַז מ׳קען נישט מאַכן קיין קאָנסטיטואַנטע אָן דער אָרטאָדאָקסיע. די מיטגלידער פון „אחדות־העבודה״ זענען געווען די איינ־ציקע אינעם ועד־הזמני, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט אָן פשרות געקעמפט פאַר באַלדיקער צונויפרופונג פון דער אספה מיסדת, בשעת אַלע פאַרטייען — פון מזרחי ביז הפועל הצעיר — האָבן געפירט אַ וואַקלדיקע פּאָליטיק און האָבן פאַרלאַנגט אָפּצושטופן די וואַלן. ערשט נאָכדעם, ווען ס׳איז געלונגען איפצוקלערן דער עפנטלעכקייט, אַז אַלע כלומרשטע פּאָליטישע און רעלי־גיעזע טעמים זענען נאָר מיטלען פון די רעאַקציאָנערע כוחות, וואָס באַקעמפן די דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע און האָבן פאַר איר מורא, האָט דער ועד־הזמני, אויף זיין 7טער זיצונג, אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון „אחדות העבודה״ צונויפצורופן אין חשון תר״פ די אספת הנבחרים, מיטן ציל צו אָרגאַניזירן די נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונג פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד. דעמאָלט אָבער איז אויפגעשווומען אַ נייע מניעה. דער מזרחי האָט באַיקאָטירט די וואַלן. דאַן האָט דער פאַרטרעטער פונעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און דער פירער פונעם ועד הצירים דערקלערט, אַז אַזאַ אספת־הנבחרים קען ווערן חס־וחלילה אַ סכנה פאַר דער גאַנצער ציוניסטישער פּאָליטיק און אַז די וואַלן מוזן בטל ווערן. דער עולם האָט זיך דערשראָקן פאַר דער אַחריות און האָט מוותר געווען. דערווייל זענען אַראַבישע קאָנגרעסן פאַרגעקומען איינער נאָכן אַנדערן. מיטן יידישן ישוב, וועלכער איז נישט אָרגאַניזירט, האָט זיך די ענגלישע אַדמיניסטראַציע נישט געמוזט רעכענען. דער קליינ־לעכער און עקשנותדיקער קאַמף פון די איינצלנע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַר די נאַציאָנאַלע פּאָזיציעס איז געבליבן מאַכטלאָז. די

„אחדות העבודה" איז געווען דער איינציקער אָרגאַניזירטער כוח, וואָס האָט געפירט אין דער עפנטלעכקייט אַן ענערגישן קאַמף קעגן דער געפערלעכער פּחדנות־פּאָליטיק פון די ציוניסטישע מנהיגים און האָט עקשנותדיק געדופן ** דער אספת־הנבחרים. אויך אין די ראַדיקאַל־בירגערלעכע קרייזן האָט זיך דאָ און דאָרט געפונען אַ ווידערשפעניקער גייסט, וואָס האָט דעם קאַמף אונטערגעשטיצט, ביז דער ועד הצירים האָט נאָכגעגעבן און דער ועד הזמני האָט באַשטימט די עפענונג פון אספת־הנבחרים אויף ל"ג בעומר תר"פ. די וואַלן זענען פאָרגעקומען עפנטלעך, מיטן וויסן פון דער אַדמיניסטראַציע. אַלע קלאַסן און ריכטונגען האָבן געפירט אַ לײדנשאַפטלעכן וואַל־קאַמף, וועל־כער האָט אויפגערודערט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג. די פאַרטרעטער פון אַלע פּאַרטייען האָבן, לויט אַלע דינים פון וואַל־צייט, ברייט פונאַנדער־געוויקלט פאַר די וויילער זייערע פּראָגראַמען און זייערע קאָלאָניזאַציע־מע־טאָדן. די וואַלן זענען פאָרגעקומען אין אַלע שטעט, קאָלאָניעס און ישוב־פּונקטן, לויטן אַלגעמיינעם, גלייכן, געהיימען, דירעקטן און פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־רעכט אָן אונטערשייד פון געשלעכט, און ערשט נאָכדעם ווי די וואַלן האָבן זיך געענדיקט מיט אַ גלענצנדיקן זיג פון דער אַרבעטערשאַפט און די וואַל־קאָמיסיע האָט פאַרעפנטלעכט די נעמען פון די אויסגעקליבענע*) — האָט די ענגלישע אַדמיניסטראַציע פאַרבאָטן די אספת־הנבחרים און האָט זיך אויף אַזאַ אופן אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג און האָט צונישט געמאַכט איר גאַנצע טרחה.

אָבער אינעם נישט־ייִדישן ישוב פון ארץ־ישראל איז דערווייל אָנגע־גאַנגען אַן אינטענסיווע אַרבעט פון אונטערערדישע כוחות. די ערשטע אַראַ־בישע נאַציאָנאַלע קלובן פון דעם טיפּ פון דער „מאַכמעדאַניש־קריסטלעכע געזעלשאַפט" האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ האַלב יאָר נאָך דער ענגלי־שער אָקופּאַציע, ד"ה זומער־צייט 1918, און בראש פון זיי זענען געשטאַנען אַראַבישע באַאַמטע, וועלכע האָבן פאַרנומען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע (חדאד אין ירושלים, בוסטאַני אין יפו). עס איז דעריבער אומעגלעך, אַז די ענגלישע רעגירונג איז נישט געווען אינ־פאָרמירט וועגן דער באַוועגונג.

צוערשט איז די באַוועגונג געשטאַנען אונטער דעם מאָראַלישן איינפלוס פון מצרים. שפּעטער האָט זי זיך צעטיילט אין צוויי שטרעמונגען: אין אַן עגיפּ־טיש־אַנטי־ענגלישער און אין אַן אַראַביש־סירישער. די אַנטי־ענגלישע שטימונג האָט זיך באַזונדערס שטאַרק אויסגעדריקט בשעת דעם רעפערענדום פון דער אַמעריקאַנער קאָמיסיע. די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן האָבן געפירט דעמאָלט אַן אַגיטאַציע פאַר אַמעריקע, פאַר דמשק, פאַר זעלבסטשטענדיקייט, יעדנ־

*) פון די 257 אויסגעקליבענע צירים זענען: 72 — „אחדות־העבודה", 54 — ספרדים, 42 — הפועל־הצעיר, 17 — אכרים, 16 — אומפּאַרטייאישע, 11 — תימנים, 9 — מתקדמים, 8 — מזרחי, 6 — בעלי־מלאכות, 5 — בוכרים, 4 — צעירי־ישראל, 4 — אגודת־נשים, 2 — צעירי־המזרח, 2 — גורזים, 1 — האזרח און 4 — לאָ־קאַלע ליסטעס.

פּאַלס קעגן דעם ענגלישן פּראָטעקטאָראַט, און דער עיקר קעגן די ייִדן און קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג אין לאַנד.

די שטרעמונג קעגן ענגלאַנד איז אָבער באַלד באַדייטנדיק שוואַכער געוואָרן. די אָריענטאַציע פון די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן איז געוואָרן פּראָ דמשק. אָבער די שטעלונג קעגן די ייִדן איז געבליבן די זעלבע. נאָך דער מאַכמעדאַניש־קריסטלעכער געזעלשאַפט זענען אַנטשטאַנען דער „נאַדי־אַלערבי" (אַראַבישער קלוב) און די „מונטאַדאַ אַלאַדביה" (ליטעראַרישער קלוב). אַלע זענען זיי רעגיסטרירט ביי דער רעגירונג מיט אומשולדיקע תקנות פון ליטעראַרישן אינהאַלט, פון גימנאַסטיק און פרייער פאַרוויילונג און פאַקטיש זענען זיי אָבער אַלע נעסטן פון אַנטי־ייִדישער פּאָליטיק און קאָנספּיראַציע.

אָט די קלובן זענען אַ נייע דערשיינונג אין אַראַבישן לעבן. זייערע מיט־גלידער האָבן פאַרשיידענע, אָפּטמאָל אַפילו פיינטלעכע, פּאָליטישע אָריענטאַ־ציעס (אַנטי־ענגליש־עגיפּטישע אָנהענגער, אָנהענגער און אַגענטן פון פיי־זאַלן, פּאַרטיידיקער פון פראַנצויזישן און ענגלישן פּראָטעקטאָראַט א.ד.ג.), ווי אויך פאַרשיידענע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע אינטערעסן (מוסולמענער, גריכיש־אָרטאָדאָקסן, קאַטאָליקן, פּראָטעסטאַנטן אאַ"וו). זיי האָבן נישט קיין איינהייטלעכן פּראָגראַם, נישט קיין נאַציאָנאַלן און נישט קיין סאָציאַלן, זיי פאַרבינדט נישט אַפילו זייער אייגענע פּאָדערונג, וועלכע זיי פּראָקלאַמירן אַזוי פייערלעך, וועגן דער פאַראייניקונג פון ארץ־ישראל מיט סיריע, וואָרום ווי נאָר זיי הייבן אָן צו פּרוּוון פּאָזיטיוו צו פאָרמולירן אָט די פּאָדערונג, ווערן זיי שוין צווישן זיך מחולק. נאָר איין זאַך פאַרבינדט זיי, און דאָס איז די שרעק פאַר דער ייִדישער הערשאַפט און די קעגנערשאַפט צו ייִדן. כדי אָט די שרעק צו פאַרשטיין, מוז מען זיך באַקענען מיט דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער באַוועגונג: עקאָנאָמיש געהערן די מיטגלידער פון די קלובן צו די העכערע קלאַסן פון די מוסולמענישע און קריסטלעכע גרונטבאַזיצער און באַאַמטע, זיי קוקן אַרויס אויפן פרייען באָדן, וועלכער איז געבליבן בירושה פון דער טערקישער רעגירונג און אויף די נייע רעגירונגס־שטעלעס, און זיי האָבן שטאַרק מורא פאַר דער ייִדישער קאָנקורענץ. זייער צאָל איז זייער קליין, אָבער זיי פירן אָן אַ ברייטע אַגיטאַציע אין די דערפער צווישן די פעלאַכן, וועלכע זיי זוכן צו געווינען אויף זייער זייט קעגן די ייִדן. די פעלאַכן גופא, דאָס פויערטום פון לאַנד, זענען ווייט פון דער באַוועגונג, פונקט אַזוי ווי זיי זענען ווייט פון יעטוועדער אַנדערער. זייענדיק אונטער־דריקט און שרעקלעך עקספּלואַטירט פון די עפענדיס און פון די רעגירונגס־באַאַמטע, האָבן נישט די פעלאַכן קיין שום אינטערעס אונטערצושטיצן די קלובן פון זייערע אונטערדריקער. דאָס סאָציאַלע פּראָגראַם, וועלכעס איז דיקטירט דורך דער מורא פונעם אַראַבישן פריץ פאַרן קינפטיקן ייִדישן קאָנ־קורענט, האָט פאַר די אַראַבישע אַרבעטער און פאַרן אַראַבישן פויערטום קיין שום ווערט נישט, און כדאי צו געווינען דאָס פויערטום אויף זייער זייט, מוזן די עפענדיס אָנקומען צו די אַלטע מיטלען: אויפצורייצן דעם רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן אינסטינקט פון די פעלאַכן, כדי צו שלאָגן דערפון קאַפּיטאַל

פאַר זייערע אייגענע, ענגע אינטערעסן. דאָס איז דער אמתער זין פון דער אַראַבישער באַוועגונג קעגן די ייִדן אין ארץ־ישראל.

עס איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז די אַגיטאַציע, וועלכע די אַראַבישע קלובן, די אַגענטן פון דמשק, פירן פראַנק און פריי צווישן די פעלאַכן, זאָל ברענגען צו שעדלעכע רעזולטאַטן. אַזוי ווי דער אַראַבישער עולם איז ווייניק באַקאַנט מיט דער קונסט פון לייענען, באַקומט ער אַלע ידיעות בעל־פה, אין די שטאָט־קאַפעען אָדער אין דאָרף אויף דער מזבלה (פריזבע, וועלכע דינט אַלס פלאַץ פאַר פאָלקס־מיטינגען). אין וואָס פאַר אַ פאָרעם דער אַגיטאַטאָר גיט איבער דעם דאָרפסמאַן די ידיעות, קען מען זיך פאָרשטעלן. און דער פויער איז עלול לייכט צו ווערן באַאיינפלוסט פון זיינע אייגענע קלאַסן־קעגנער און פאַלן אַ קרבן פאַר די קאָנקורענץ־אינטערעסן פון זיינע עקספּלאָטאַטאָרן און אונטערדריקער.

דער פאַקט איז, אַז די באַפעלקערונג איז זייער אָפט אויפגעהעצט קעגן די ייִדן נישט דאָרטן, ווו ייִדן וווינען אין אַ גרעסערער צאָל (צ״ב אין די דערפער פון יהודה און שומרון), נאָר גראָד דאָרט ווו עס איז נישטאָ קיין איין ייִד — ווי אין שכם און אין שכמער באַצירק.

אָט די אַנטי־ייִדישע באַוועגונג איז נישט נאָר דערמוטיקט, נייערט זי איז אויך אויפגעבלאָזן אַ דאַנק דער אָרטיקער ענגלישער אַדמיניסטראַציע. אַראַבישע שרייבער קלאָגן זיך אָפן, אַז די ענגלישע רעגירונג האָט זיי פאָר־געשלאָגן צו מאַכן די אַנטי־ייִדישע דעמאָנסטראַציעס (זע צ״ב יוסף אל עיסאיס בריוו אין סוריה ג׳דידה, איבערזעצט אין קונטרס ל״ו — „חוברת״). ווען די ערשטע דעמאָנסטראַציע איז אַרויסגעקומען אַ בלאַסע, ווייל די פעלאַכן האָבן זיך אין איר נישט באַטייליקט, האָט מען אָרגאַניזירט אַ צווייטע, אַ מער זיכערע, אין וועלכער עס האָבן שוין אָנטיילגענומען אויך דאָרפישע פעלאַכן, וועלכע האָבן זיך איבערגעצייגט, אַז „אַלדולאַ מענאַ״ („די רעגירונג איז מיט אונדז״). דאַן זענען געקומען די אַראַבישע קאָנגרעסן, אין ירושלים און דמשק, וועלכע האָבן אָפן דערקלערט קריג קעגן די ייִדן. די אַראַבישע צייטונגען (ווי די סוריה ג׳נוביה און קודש אלשריף אין ירושלים, דער כרמל אין חיפה אא״וו) האָבן בפרהסיה געסטראַשעט די ייִדן מיט בלוטיקע פּאָגראָ־מען, און די רעגירונג האָט זיי נישט באַשטראָפט און נישט אָפּגעשטעלט.

פון ווערטער און דעמאָנסטראַציעס איז מען גיך אַריבער צו מעשים. תחילה זענען פאָרגעקומען די אָנפאַלן אין צפון־טייל פון גליל, און דערנאָך איז די פייל אָנגעצויגן געוואָרן קעגן דעם הארץ פון ירושלים. די אָנפאַלן אויף גליל העליון זענען ענג פאַרבונדן מיט דער ענגליש־פראַנצויזישער גרע־נעץ־פּאָליטיק. די געגנט פון מתולה איז געבליבן הפקר, אַלס „נאָ מענס לענד״, אַרום וועלכער עס האָבן געקעמפט פראַנצויזן מיט זייערע אַלזשירער חיילות פון איין זייט, און בעדויִנישע שבטים כמעט אָפן אונטערגעשטיצט פון פייזאַלן, פון דער אַנדערער זייט. די פראַנצויזן האָבן נישט געהאַט גענוג כוח איינצונעמען די געגנט מיט איין מאָל, פלעגן זיי מאַכן עקספּעדיציעס פון צייט צו צייט, דערביי פלעגן זיי זיך שטענדיק אָפּשטעלן ביי די ייִדישע קאָלאָניעס. דערמיט פלעגן זיי נאָר אויפרייצן די אַראַבער און פּראָוואָצירן זיי

קעגן די ייִדישע ישובים. דאָס האָט פאַרשאַרפט די באַציִונגען פון די ייִדן מיט זייערע שכנים און גורם געווען צו די בלוטיקע געשעענישן אין תל־חי און צום חורבן פון אַלע ייִדישע ישובים אין דעם געביט פון דער פראַנצוי־זישער אָקופּאַציע. די ענגלישע אַדמיניסטראַציע האָט שטילערהייט געהאָלפן די בעדויִנער אין זייער גערילאַ־קריג.

די געשעענישן אין חמרה, תל־חי, כפר־גלעדי און מתולה האָבן אויפ־גערודערט גאַנץ ארץ־ישראל. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער קאָלאָניזאַציע זענען דאָ חרוב געוואָרן גאַנצע פונקטן פון ישוב. די באַוועגונג האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ שורה פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, ווו עס איז פאַרלאַנגט געוואָרן די פעסטשטעלונג פון דער איינהייטלעכער ארץ־ישראל, די איינשליסונג פון גליל העליון ביז חרמון אין די גרענעצן פון לאַנד און די באַשטעטיקונג פון דער ייִדישער זעלבסטשוץ. אין דער זעלבער צייט האָט זיך דער ישוב פּאַקטיש אָרגאַניזירט אין דער זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציע „הגנה“; די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, די געוועזענע לעגיאָנערן, דער „השומר“ און דער „מכבי“ האָבן זיך געשטעלט אין צענטער פון דער זעלבסטשוץ־באַוועגונג.

די אונטערערדישע אַרבעט פון דער אַראַביש־ענגלישער אַדמיניסטראַציע צוזאַמען מיט דער טעטיקייט פון די אַראַבישע קלובן, צייטונגען און דע־מאָנסטראַציעס, האָבן אָבער געבראַכט זייער פּרוכט. אין ירושלים איז אויף פּסח אָרגאַניזירט און דורכגעפירט געוואָרן אַ בלוטיקע וואָך. די מוסולמע־נישע פייערונג לכבוד „משה רבנו“ האָט געגעבן די אַראַבישע פּאַטריאָטן אַ געלעגנהייט דורכצופירן אַ פּאָגראָם אויף ייִדן מיט אַלע תגין. אויף דער רעליגיעזער מאַניפעסטאַציע, וועלכע האָט דורכגעמאַרשירט ירושלים דעם צווייטן טאָג פּסח (4טן אַפּריל), זענען אויפגעהויבן געוואָרן די פאָנען פון פייזאַלס מלוכה, זיין בילד איז דעמאָנסטרירט געוואָרן, אַלס דאָס בילד פון דעם נייעם אַראַבישן קיסר איבער סיריע און פּאַלעסטינע, און די אָנפירער פון די אַראַבישע קלובן האָבן געהאַלטן אויפרייצנדיקע פּאָגראָם־רעדעס. דאָס איז פאָרגעקומען אין מיטן שטאָט, לעבן די מיליטערישע באַראַקן, און די ענגלי־שע אַדמיניסטראַציע האָט נישט געשטערט און נישט אָפּגעשטעלט. עס האָבן זיך געהערט דערמונטערנדיקע אויסגעשרייען: „אטבחו אליהוד! אלדולא מענא!“ (קוילעט די ייִדן! די רעגירונג איז מיט אונדז!), און פון ווערטער איז מען באַלד אַריבער צו מעשים. די פּרטים פונעם פּאָגראָם, וועלכער האָט געדויערט 3 טעג, זענען גוט באַקאַנט: זעקס ייִדן זענען דערהרגעט, צוויי פרויען גע־שענדעט און צוויי הונדערט מאַן פאַרוווּנדעט, פון זיי זענען פיל צעקריפּלט אויף אייביק. דריי בתי־מדרשים און ישיבות חרוב, ספרי־תורות פאַרברענט און צעריסן, קליטן און הייזער צערויבט, אַפילו די קברים אויפן הר־הזיתים זענען נישט געשאַנעוועט געוואָרן. די ענגלישע אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט נישט געשטערט דעם אויסברוך פונעם פּאָגראָם, האָט זיך אָבער גלייך אַ נעם געטאָן צו דערשטיקן די ייִדישע זעלבסטשוץ. קודם האָט זי פאַרשפּאַרט די מויערן פון דער אַלטער שטאָט, איבערלאָזנדיק די ייִדן אין די מויערן צום ווילקיר פון די צערייצטע מערדער און רויבער. דאַן האָט זי מיט מיטראַ־

ליעזן אַנגעהויבן צו שיסן קעגן דער ייִדישער זעלבסטשוץ, וועלכע איז געווען באַוואָפנט בלויז מיט שטעקנס, און האָט אַרעסטירט אירע מיטגלידער. צום סוף האָט זי נאָך געשטעלט די ייִדישע זעלבסטשוץ פאַרן קריגס־געריכט און האָט זיי פאַרמשפּט: וולאַדימיר זשאַבאָטינסקין צו 15 יאָר, און נאָך אַ צווייטן ייִדן — מולכו — צו 15 יאָר און אַנדערע 21 מיטגלידער פון זעלבסטשוץ צו 3 יאָר קאַטאָרגע און שפּעטער פאַרטריבן צו ווערן פון לאַנד אויף אייביק. צו דער זעלבער צייט האָט די רעגירונג נישט דערלויבט צו צעשיקן קיין באַריכטן וועגן די געשעענישן קיין אויסלאַנד, פאַרבאָטן שרייבן דערוועגן פריי אין די צייטונגען, געפעלשט די ראַפּאָרטן און פאַרעפנטלעכט אַ דעפּעשע, אַז אין ירושלים איז פאָרגעקומען אַ מחלוקת צווישן צוויי רעליגיעזע סעקטעס, אַז די „נייטיוו" (איינגעבוירענע) פּאָליציי האָט זיך געהאַלטן פּאַרטייִש, און אַז אַ דאַנק דער ענערגישער אַריינמישונג פונעם ענגלישן מיליטער איז גע־לונגען אַריינצוברענגען שלום און אָרדענונג אין שטאָט.

וואָס לערנען אונדז די דאָזיקע געשעענישן?

עס איז קלאָר, אַז דער פּאָגראָם אין ירושלים, וועלכער איז געווען אומ־דענקבאַר אַפילו אונטערן אָטאָמאַנישן רעזשים, וואָלט געווען אַ פולשטענ־דיקע אומעגלעכקייט, ווען ער וואָלט נישט אַריין לכתחילה אינעם פּלאַן פון דער ענגלישער לאָקאַלער אַדמיניסטראַציע אַלס מיטל צו באַקעמפן די ייִדי־שע פּרעטענזיעס אויף ארץ־ישראל. דער שריט איז פאַרבונדן מיט דער גאַנצער אויפפירונג פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל און קלינגט ווי אַ שלוס־אַקאָרד פון דער גאַנצער ענגלישער „ציוויליזירער אָקו־פּאַציע"! דערביי האָבן זיך אין לאָנדאָן גופא די פּראָ־ציוניסטישע און ייִדנ־פריינטלעכע הבטחות און זשעסטן אויף אײן האָר נישט געענדערט. מיטן באַשלוס פון סאַן־רעמאָ, מיט דער אַראָפּזעצונג פון גענעראַל באלס און מיטן קומען פון הערבערט סעמיועל איז געלייגט געוואָרן אַ יסוד פאַר אַ גרונטלע־כער ענדערונג פון דער סיטואַציע. אָבער אַזוי ווי די באַלפור־דעקלאַראַציע אַליין האָט נישט דערגרייכט אַז איר אינהאַלט זאָל ווערן פאַרווירקלעכט, אַזוי קענען די נייע הבטחות און פאָרויסזעצונג נישט האָבן קיין ממשות, אויב עס וועלן גלייכצייטיק נישט קומען די מעשים, וואָס גאַראַנטירן זייער דערפאָלג.

אין וואָס באַשטייען די דאָזיקע גאַראַנטיעס?

ערשטנס: ארץ־ישראל דאַרף גלייך קאָנסטיטויִרט ווערן אַלס אַ באַזונ־דערע פּאָליטיש־אַדמיניסטראַטיווע איינהייט, וועמענס פאַרוואַלטונג שטייט נישט אין קיין היעראַרכישער פאַרבינדונג מיט דער קאָלאָניאַלער אַדמיניס־טראַציע פון מצרים, ארם־נהרים, סיריע אד"גל.

צווייטנס: ארץ־ישראל טאָר נישט געטיילט ווערן. דאָס גאַנצע ארץ־ישראל אין אירע נאַטירלעכע גרענעצן, צווישן דעם ים־התיכון אין מערב און דעם מדבר סוריה אין מזרח, דעם חרמון אין צפון און עקבה־גאָלף אויפן ים־סוף אין דרום — דאַרף בילדן דעם געביט, וואָס איז באַשטימט פאַר דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים, און דער האַלב־אינדזל סיני זאָל געשטעלט ווערן אונטער דער פּאַלעסטינער אַדמיניסטראַציע.

דריטנס: די העכסטע באַמטע פון דער אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל ווערן דורך דער צענטראַלער רעגירונג באַשטימט נאָר מיטן הסכם פון די פאַרטרעטער פונעם ייִדישן פאָלק, פארלויפיק — פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

פערטנס: אַלע באַגרענעצונגען פאַר דער ייִדישער איינוואַנדערונג דאַרפן גלייך אינגאַנצן אָפּגעשאַפט ווערן. די ייִדישע אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל דאַרף ווערן דורכויס פריי און אומבאַשרענקט.

פינפטנס: אַלע אומבאַוווינטע, אומבאַאַרבעטע און הפקר־באָדנס — דער אַזוי גערופענער מאוואת־באָדן — גייען איבער אינעם רשות פונעם ייִדישן פאָלק, אַלס זיין נאַציאָנאַל אייגנטום. דער ייִדישער ראַט, וואָס וועט געשאַפן ווערן אין ארץ־ישראל, און פאָרלויפיק די פאַרטרעטער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, באַקומען גלייך דאָס רעכט אויסצופאָרשן, אויסצומעסטן און צו רעגיסטרירן די דאָזיקע באָדנס.

זעקסטנס: די קרוין־לענדערייען, וואָס האָבן געהערט צו דער אָטאָמאַנישער מלוכה, די אַזוי גערופענע דזשיפטליק, ווי אויך דער מחלול־באָדן, גייען אַריבער אין רשות פונעם ייִדישן פאָלק, אַלס נאַציאָנאַל אייגנטום. דאָס רעכט פון די, וואָס זיצן איצט אויף די דאָזיקע באָדנס און באַאַרבעטן זיי — ווערט גאַראַנטירט און אָפּגעהיט.

זיבעטנס: עס ווערט באַשטימט אַ מאַקסימאַלע לאַנד־נאָרמע, וואָס פריי־וואַטע פערזאָנען קענען באַזיצן אָדער דערווערבן. די נאָרמע ווערט באַשטימט לויט דער גרויס פונעם לאַנד, וואָס אַן אַרבעטנדיקע פאַמיליע קען מיט אייגענער קראַפט באַאַרבעטן און באַווירטשאַפטן. דער איבעריקער, אומבאַאַרבעטער אָדער האַלב־באַאַרבעטער באָדן פון די גרויסע גרונט־אייגנטימער, זאָל קענען אויסגעקויפט ווערן קעגן אַ געהעריקער קאָמפּענסאַציע מצד דעם ייִדישן ראַט, און פאָרלויפיק מצד די פאַרטרעטער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, פאַר נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע־צוועקן.

אַכטנס: דער ייִדישער ראַט, פאָרלויפיק די פאַרטרעטער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, באַקומט דאָס אויסשליסלעכע רעכט דורכצופירן די נייטיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, ווי בויען באַנען און שאָסייען, עלעקטרישע טראַמווייען, טעלעגראַף און טעלעפאָן, עלעקטרישע באַלייכטונג, איריגאַציע און אויסטריקענונג פון זומפּן, בויען פאָרטן, עקספּלאָאַטירן די נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד אד״גל.

די באַפעלקערונג פון לאַנד און די ייִדישע איינוואַנדערער האָבן אין אַלע אַרבעטן די זעלבע רעכט און פריווילעגיעס.

נייַנטנס: ענגלאַנד גאַראַנטירט די ייִדישע נאַציאָנאַלע הלוואה, וואָס וועט דורכגעפירט ווערן מיטן צוועק אויפצובויען דאָס לאַנד און דערמעגלעכן אַ מאַסן־איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל.

צענטנס: די אָפיציעלע שפּראַכן פון לאַנד זענען העברעיִש און אַראַביש. אין אַלע אָפיציעלע דאָקומענטן, פאַרעפנטלעכונגען און ציינגישן פון דער לאַנד־אַדמיניסטראַציע מוזן באַנוצט ווערןביידע שפּראַכן צוגלייך, אויסער ענגליש.

עלפטנס: די גאַנצע אַדמיניסטראַציע מוז רעאָרגאַניזירט ווערן אויף נייע יסודות. עס ווערט באַשטימט אַן אָבליגאַטאָרישער בילדונגס־צענז פאַר אַלע נייע קאַנדידאַטן אויף רעגירונגס־שטעלעס. דערביי זענען בײדע שפּראַכן, העברעיִש און אַראַביש, אָבליגאַטאָריש פאַר אַלע באַאַמטע אין אָרטשאַפטן מיט געמישטער באַפעלקערונג.

צוועלפטנס: יעדע באַזונדערע אָרטשאַפט — דאָרף, קאָלאָניע, שטאָט — באַקומט לאָקאַלע אויטאָנאָמיע פאַר אָרטיקע אָנגעלעגנהייטן. יעדע אָרטשאַפט, וואָס האָט אַן איינהייטלעכע באַפעלקערונג, באַנוצט אויסשליסלעך איר אייגענע נאַציאָנאַלע שפּראַך. אין ערטער מיט אַ געמישטער באַפעלקערונג באַנוצט די לאָקאַלע פאַרוואַלטונג בײדע אָפיציעלע לאַנד־שפּראַכן.

דרייצנטנס: יעדע נאַציאָנאַלע גרופּע באַקומט אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר אַלע אינערלעכע נאַציאָנאַלע אָנגעלעגנהייטן. די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע באַנוצט אין אירע אָפיציעלע דאָקומענטן און אירע באַציִונגען מיט דער לאַנד־אַדמיניסטראַציע איר אייגענע נאַציאָנאַלע שפּראַך.

פערצנטנס: די אספת־הנבחרים, וואָס איז דערוויילט געוואָרן פונעם ייִדישן ישוב אויפן גרונט פון אַלגעמיינעם, געהיימען, גלייכן, דירעקטן און פּראָפּאָר־ציאָנעלן וואַל־רעכט, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, מוז ווערן תיכף סאַנקציאָ־נירט אַלס די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע אין ארץ־ישראל.

די אספת־הנבחרים האָט די פאָלגנדיקע קאָמפּעטענצן: זי

א) אָרגאַניזירט די קהילות, קאָלאָניעס און די ייִדישע באַצירקן און זייערע פאַרוואַלטונגען.

ב) פירט אָן מיט דער קינדער־דערציִונג, פאָלקס־בילדונג, און זאָרגט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער העברעיִשער שפּראַך און קולטור.

ג) דערהויבט דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פונעם ייִדישן ישוב.

ד) באַזאָרגט די וואָס זוכן אַרבעט מיט אַרבעט און אַרבעט־שוץ.

ה) זאָרגט פאַר הילף פאַר ייִדישע אימיגראַנטן אין לאַנד.

ו) אָרגאַניזירט צדקה־אַרבעט.

ז) זאָרגט פאַרן געזונט־צושטאַנד פונעם ייִדישן ישוב.

ח) שאַפט די געזעלשאַפטלעכע משקים און זייער פאַרוואַלטונגען.

ט) דערווערבט קאָנצעסיעס און פירט דורך געזעלשאַפטלעכע אונטער־נעמונגען.

י) אָרגאַניזירט די שמירה און הגנה.

יא) אָרגאַניזירט דעם משפט העברי (ייִדישן געריכט).

פופצנטנס: עס ווערט גלייך געעפנט אַ נייע רעקרוטירונג פאַר די ייִדי־שע גדודים.

זעכצנטנס: די ייִדישע זעלבסטשוץ ווערט אָנערקענט און לעגאַליזירט אַלס טעריטאָריאַלע מיליץ.

דאָס זענען די רעאַלע גאַראַנטיעס, וועלכע מוזן גלייך געפאָדערט ווערן. דער צוועק פון אָט די אַלע גאַראַנטיעס איז צו פאַרזיכערן דאָס לעבן און די עקאָנאָמישע און קולטורעלע אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג,

וועלכע איז שוין אין לאַנד, און פון די אַלע הונדערטער טויזנטער ייִדן, וועלכע שטייען ביי דער שוועל, איבערטראָגנדיק די גרעסטע ליידן און יסורים; דערביי זענען די פאָדערונגען אויסן, אַז פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג זאָלן בשום אופן נישט ליידן די אינטערעסן פון די אָרטיקע אַראַבישע פעלאַכן און אַרבעטס־מאַסן. מיר ווילן בויען דאָס לאַנד נישט נאָר פאַר אונדז, נאָר אויך פאַר איר איצטיקער באַפעלקערונג. מיר ווילן די ברידערלעכע הילף פון דער אָרטיקער אַרבעטערשאַפט און מיר ווילן פון אונדזער זייט געבן איר ברידערלעך אונדזער הילף. מיר וועלן מיט איר צוזאַמען קעמפן קעגן דער קאָלאָניאַל־אימפעריאַליסטישער פאָליטיק פון קאַפּיטאַל, קעגן די באָדן־שפעקולאַנטן און קעגן אַלע עקאָנאָמישע פאַראַזיטן, וועלכע פרעסן זייער קערפער גלייך ווי אונדזערן. מיר וועלן בויען אַן אַרבעטס־געזעלשאַפט אַזוי, אַז אין אָט דער אַרבעטס־געזעלשאַפט זאָל זיך געפינען אַ בכבודיקער פלאַץ אויך פאַרן אַראַבישן אַרבעטנדיקן קלאַס, וועלכער וועט צוזאַמען מיט אונדז ווערן דער טרעגער און הערשער פון דעם פרייען, אויף אַרבעט און סאָציאַלער גלייכהייט אויפגעבויטן ארץ־ישראל.

# די ציווילע פאַרוואַלטונג

דער אָנקום פון הערבערט סעמיועל אין לאַנד האָט אַרויסגערופן ביי דער יידישער באַפעלקערונג גרויסע האָפענונגען. מ׳האָט געמיינט, אַז מיטן סוף פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג וועט אויך אַ סוף נעמען צו די „מיספאַרשטענדענישן״. אין דעם עצם־פאַקט פון באַשטימען אַ יידן אַלס הויך־קאָמיסאַר האָט די ציוניסטישע אָנפירונג געזען אַ באַווייז, אַז ענגלאַנד מיינט ערנסט מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אָנקומענדיק אין לאַנד, האָט סעמיועל דערקלערט, אַז ער באַטראַכט אַלס איינע פון זיינע אויפגאַבעס — די שאַפונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים. אין משך פון ערשטן יאָר זענען אַריין אין לאַנד קרוב צו צען טויזנט יידישע עולים. באַלד האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן פאַרן יידישן ישוב און פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג גרויסע אַנטוישונגען.

הערבערט סעמיועל האָט איבערגעלאָזט כמעט אומבאַרירט דעם גאַנצן אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט, וואָס ער האָט געירשנט פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג. און די באַאַמטע, צווישן וועלכע עס זענען געווען נישט ווייניק אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַצויגן אויסגעשפּראָכן פיינטלעך צום ציוניזם, האָבן געטון אַלץ, כדי דער פריערדיקער קורס זאָל פאַקטיש נישט געענדערט ווערן. די קאָמפּעטענץ פון הויך־קאָמיסאַר איז, אגב, געווען באַגרענעצט. דער מיליטערישער גאַרניזאָן אין לאַנד איז ווייטער געבליבן אונטערגעוואָרפן דעם ענגלישן גענעראַל־שטאַב אין קאַיר. אָבער אויך דער הויך־קאָמיסאַר אַליין, הערבערט סעמיועל, האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו באַווייזן, אפשר דווקא ווייל אַ ייד, אַז ער איז „אָביעקטיוו״ און היט אָפּ דעם „גלייכגעוויכט״. פאַקטיש האָט זיך עס אויסגעדריקט אין נישט טון גאָרנישט, וואָס זאָל חלילה קענען אויסגעטייטשט ווערן ווי הילף פאַרן ציוניזם, און — פאַרקערט — טון אַלץ כדי צו געווינען די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן.

די פאָלגן האָבן נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן. דעם 1טן מאַי 1921 זענען אויסגעבראָכן בלוטיקע אַנטי־יידישע אומרוען אין יפו. עס זענען אויך באַפאַלן געוואָרן אַ רייע יידישע קאָלאָניעס: פּתח־תקוה, כפר־סבא און אַנדערע. דאָס איז געווען פאַר דער בריטישער מאַכט אַ סיגנאַל צוריקצוציען זיך פון איר ליבעראַלער עליה־פּאָליטיק. די עליה איז צייטווייליק אָפּגעשטעלט געוואָרן, און דעם 3טן יוני 1921 האָט הערבערט סעמיועל פאַרעפנטלעכט נייע איינוואַנדערונגס־תקנות, וועלכע האָבן אָפּגעשאַפט די פרייהייט פון דער יידישער עליה. אויף ווייטער וועלן מעגן אַריינקומען אין לאַנד נאָר יידן וואָס פאַרמאָגן מינדסטנס 500 פונט, קרובים לויט אויספּאָדערונגען פון ארץ־ישראלדיקע איינוווינער, און חלוצים נאָר לויט סערטיפיקאַטן. אויף וויפל ס׳איז פאַר זיי פון פאָרויס געזיכערט אַרבעט.

דער ווילן מפייס צו זיין די אַראַבישע העצער איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דעם כאַדזש אַמין אַל־חוסייני, וועלכער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון ירושלימער פּאָגראָם אין יאָר 1920 און איז אַנטלאָפן פון לאַנד און אונטער די אויגן פאַרמשפּט געוואָרן צו תפיסה, האָט הערבערט סעמיועל געגעבן אַמנעסטיע, און דווקא אים נאָמינירט אַלס גרויס־מופטי (העכסטער מאַכמעדאַנישער גייסטלעכער) און ראש פון אויבערשטן מוסולמענישן ראָט, כאָטש צווישן די קאַנדידאַטן, וואָס זענען גע־ווײלט געוואָרן פאַר דעם אַמט דורך די אַראַבער גופא, איז ער געשטאַנען בלויז אויפן פערטן אָרט. אַזוי האָט סעמיועל דערהויבן צום הויכן אַמט און געגעבן אַ גרויסע מאַכט און אַ שליטה איבער גרויסע געלט־מיטלען דעם סאַמע פאַרביסענעם שונא פון יידן און פון ציוניזם, וואָס איז געוואָרן דער בייזער גייסט פון ארץ־ישראל און האָט אַלע יאָרן נישט דערלאָזט צו אַ דערנענטערונג צווישן יידן און אַראַבער. די באַאַמטע פון רעגירונגס־אַפּאַראַט האָבן פון זייער זייט נישט געזשאַלעוועט קיין מי צו דערמוטיקן די אַראַבישע העצער און אינסטרוירן זיי. אַפילו די אָפיציעלע ציוניס־טישע אָנפירונג האָט אין איר באַריכט צום ציוניסטישן קאָנגרעס (1921) געזאָגט: „עס זענען פאַראַן קלאָרע באַווייזן, אַז אין געוויסע פאַלן איז די אַראַבישע פירער געגעבן געוואָרן אַ דירעקטע עצה — זיי זאָלן נישט איינגיין אויף קיין קאָמפּראָ־מיסן לטובת די יידן”. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַראַבישע טוער, וועלכע האָבן געוואָלט און געזוכט אַ פאַרשטענדיקונג מיט די יידן, האָבן זיך געקלאָגט, אַז זיי ווערן שיקאַנירט דורך די בריטישע באַאַמטע, וועלכע באַגינסטיקן די עקסטרעמע אַנטי־יידישע העצער. עס האָט זיך אַזוי אַרום איינגעבירגערט ביי די אַראַבישע טוער און מאַסן דער געדאַנק, אַז אַנטי־ציוניזם ווערט דורך דער מאַכט באַלוינט.

פאַר דער צייט האָבן זיך אין ענגלאַנד געענדערט די רעגירונגען. אין נאָוועמ־בער 1923 איז געקומען צו דער מאַכט די לייבאָר־פּאַרטיי מיט ראַמזיי מאַקדאָנאַלד בראָש. אין אָקטאָבער 1924 האָבן ביי די וואַלן ווידער געזיגט די קאָנסערוואַטיווע. אַלע רעגירונגען האָבן דערקלערט זייער טריישאַפט צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אָבער די פּאָליטיק אין ארץ־ישראל האָט זיך נישט געענדערט.

פינף יאָר האָט הערבערט סעמיועל אַמטירט אַלס הויך־קאָמיסאַר אין ארץ־ישראל (ביז יוני 1925). דער יידישער ישוב האָט זיך פאַר דער צייט פאַרגרעסערט, די יידישע עליה האָט זיך דורכגעריסן דורך אַלע פאַרצוימונגען. עס האָט זיך געעפנט אין אַפּריל 1925 דער העברעישער אוניווערסיטעט אין ירושלים אויפן הר־הצופים. די יידישע התישבות איז געוואַקסן. אָבער דאָס איז נישט געווען דער פאַרדינסט פון יידישן הויך־קאָמיסאַר.

דער סך־הכל פון זיין קאָמיסאַרן־הערשאַפט איז געווען גאָרנישט קיין געהויּ־בענער. פאַר זיין צייט איז עבר־הירדן אָפּגעריסן געוואָרן פון ארץ־ישראל און אַוועק־געגעבן געוואָרן דעם עמיר עבדאַללאַ (אַ זון פון קעניג הוסיין פון העדזשאַס, וועל־כער איז שפּעטער פאַרטריבן געוואָרן פון זיין לאַנד דורך איבן סעוד). עס איז אָפּגע־שאַפט געוואָרן די פרייהייט פון דער עליה. עס איז געשאַפן געוואָרן דער געפער־לעכער פּרעצעדענט, אַז פאַר בלוטיקע אַנטי־יידישע געשעענישן ווערט געגעבן אַ פּרייז אין דער פאָרעם פון שליסן די טויערן פאַר יידישער עליה. עס איז אומגעהויער דערמוטיקט געוואָרן די רעאַקציאָנערע אַראַבישע נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג. עס איז דערשינען דאָס ערשטע „ווייסבוך” (טשערטשילס), וואָס הערבערט סעמיועל האָט נאָכ־דעם אַליין דערקלערט, אַז ער איז זיין איניציאַטאָר. רעגירונגס־באַדן פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע איז נישט געגעבן געוואָרן, אַפילו נישט פאַר די דעמאָביליזירטע יידי־שע זעלנער. דאַקעגן איז פאַרטיילט געוואָרן רעגירונגס־באָדן אין דער געגנט פון

בית־שאָן צו בעדוינער אין אַזעלכע גרויסע שטחים, וואָס זיי האָבן גאָרנישט געקענט באַאַרבעטן, און אַפילו צו רייכע עפענדישע משפּחות.

דאָס האָט נישט געשטערט דער ציוניסטישער לייטונג, אַז צו הערבערט סעמיועלס אַוועקגיין זאָל זי דערקלערן: „ער האָט אויסגעפירט זיין היסטאָרישע ראָל מיט כבוד און מיט אויסצייכענונג. ער האָט זוכה געווען צום טיפן דאַנק פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון גאַנצן וועלט־יידנטום“...

אָבער ווי אַנדערש האָט דעמאָלט אָפּגעשאַצט אַפילו בערל קאַצענעלסאָן (פירער פון מפא״י) דעם באַריכט, וואָס הערבערט סעמיועל אַליין האָט פאַרעפנטלעכט ביים סוף פון זיין קאָמיסאַרן־קאַדענץ: „איין מסקנה אַליין דרינגט אַרויס פון דעם גאַנצן באַריכט, אַז אַלץ וואָס איז אין לאַנד במשך פון די יאָרן אויפגעשטעלט און אויפגעבויט געוואָרן און איז אויסגעוואָקסן — איז געשען טראָץ דער רעגירונגס־שיטה פון דעם, וועלכער איז געווען באַפולמעכטיקט אָפּצוהיטן דעם מאַנדאַט... אָט די מאַכט, וואָס הילט זיך איין אין אַ טאָגע פון מאַנדאַט, וואָס איז באַרופן צו פאַרווירקלעכן געוויסע צילן, איז אין דער אמתן נישט עפּעס מער ווי אַ קאָלאָניאַלע הערשאַפט“.

און אָט די הערשאַפט האָט אָנגעהאַלטן, מיט געוויסע זיגזאַגן, אויך ביי די ווייטערדיקע הויך־קאָמיסאַרן.

אברהם רעוווצקי

# פון באַלפור ביז סעמיוועל

(צוויי דעקלאַראַציעס)

ס׳איז געווען אין האַרבסט 1917.

אין רוסלאַנד איז נאָרוואָס אונטערגעדריקט געוואָרן קאָרנילאָווס אויפ־שטאַנד, דער לעצטער שטאַרקער פּרווו ווידער איינצושפּאַנען רוסלאַנד אין וואָגן פון אירע אימפּעריאַליסטישע פּאַרבינדעטע. די קערענסקי־רעגירונג האָט געגוססט און די מאַכט פון די באָלשעוויקעס האָט זיך אָנגערוקט מיט דער גרעסטער שנעלקייט.

די מיליאָנען־גרויסע רוסישע אַרמיי איז געוואָרן אומפּעיִק ווייטער צו קעמפן פאַר די צוועקן, צוליב וועלכע זי איז באַשאַפן געוואָרן. די 90 דייטש־עסטרייכישע דיוויזיעס, וואָס זענען געשטאַנען אויפן רוסישן פראָנט, האָבן געהאַלטן ביי פריי־ווערן, און די גרויסע אַמעריקאַנישע אַרמיי, וואָס האָט גע־זאָלט פאַרבייטן דאָס צאַריסטישע רוסלאַנד אינעם „קאַמף פאַר ציוויליזאַציע״, האָט נאָך געהאַלטן ביים פאַרמירט ווערן אויף יענער זייט אָקעאַן.

די צווייטע העלפט פון יאָר 1917 איז געווען פאַר דער קאָאַליציע אַ ביטער שטיקל צייט. פאַרן דרויסנדיקן עולם האָט מען געקנייפּט די באַקן, אָבער ביי זיך אין די חדרי־חדרים פון די גענעראַל־שטאַבן און דיפּלאָמאַטישע קאַנצעלאַריעס האָט מען פאַרבראַכט נישט ווייניק יאושדיקע טעג און שלאָפ־לאָזע נעכט. אויף אַ נצחון אין דעם פאַרנעם, ווי ער איז אַרויסגעקומען, האָט מען זיך דעמאָלט על כל פּנים נישט גערעכנט.

די ענגלישע דיפּלאָמאַטיע, וואָס האָט אָנגעפירט די פּאָליטישע עסקים פון דער „אַנטאַנט״, האָט אין דעם דאָזיקן געפערלעכן מאָמענט געזוכט פריינט, ווו נאָר זי האָט געקענט.

קיין אין פּאָליטישער אָדער מיליטערישער כוח — ווי קליין ער זאָל נישט זיין — איז אין די שווערע טעג נישט אַוועקגעמאַכט געוואָרן מיט דער האַנט. מען האָט אַלע געחנפעט, יעדן צוגעזאָגט, יעדן אין הימל געהויבן.

און אין די דאָזיקע טעג איז אַנטשטאַנען די באַלפור־דעקלאַראַציע...

דער געדאַנק וועגן דעם, אַז ייִדן, צוליב דאַנקבאַרקייט פאַר דער הבטחה פון ארץ־ישראל, וועלן אין פאַרשיידענע לענדער שטיצן מיט מער ענערגיע, אָדער באַקעמפן מיט ווייניקער האַס, די פּאָליטיק פון דער אַנטאַנט, האָט אין די דעמאָלטיקע שווערע טעג נישט געטאָרט סתם איגנאָרירט ווערן.

די מער גלייבנדיקע האָבן געטראַכט, אַז איצט, באַקומענדיק אַן אייגענעם „קריגס־צוועק", וועלן ייִדן אין רוסלאַנד אָנהייבן געשלאָסן צו שטיצן די רעגירונג פון קערענסקי, וואָס האָט זיך געצאַפּלט אין די לעצטע יסורים, און אפשר דערמיט פאַרלענגערן איר קיום אויף אַ פּאָר חדשים, ביז די אַמעריקאַנער אַרמיי וועט אונטערקומען. די וויניקער גלייבנדיקע האָבן אַלנ־פאַלס גערעכנט, אַז דער ענטוזיאַזם, וואָס די באַלפור־דעקלאַראַציע וועט אַרויסרופן ביי ייִדן, וועט ווירקן אויף אַ געוויסן טייל פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, וואָס איז נאָך נישט אַריינגעפאַלן אינעם טומל פון קריגס־באַגייסטערונג.

די דאָזיקע הויפּט־מאָמענטן, וואָס האָבן באַשטימט די דעקלאַראַציע פון 2טן נאָוועמבער 1917, האָבן באַזונדערס שטאַרק געווירקט דערויף, ווייל דער צוזאָג אַליין פאַר זיך איז אָנגעקומען גאַנץ גרינג. פּאַלעסטינע איז נאָך נישט געווען אין די ענגלישע הענט, און אויב זי וואָלט שוין געווען דעראָ־בערט, איז נאָך געווען עפּעס אויף וואָס זי אויסצובייטן... און אַמגרינגסטן, ווי באַקאַנט, זאָגט מען צו זאַכן, בעת מען פאַרמאָגט זיי נאָך נישט.

און אַזוי אַרום איז דער בריוו צו לאָרד ראָטשילדן אָנגעשריבן געוואָרן...

און מיט אַ יאָר פריִער האָט ענגלאַנד אונטערגעחתמעט אַן אַנדערן אָפּ־מאַך וועגן פּאַלעסטינע. ס'איז געווען זומער 1916. די וואַקלדיקע ליניע פון די קריגס־שאַנסן האָט געהאַלטן אויף איינעם פון אירע העכסטע פּונקטן. אין אַזאַ מאָמענט, ווען די שאַנסן אויף צעטיילן דעם בערס פעל זענען געשטאַנען הויך, זענען די הויפּט־מאַכטן פון דער אַנטאַנט מושווה געוואָרן וועגן דעם אָפּמאַך פון סייקס־פּיקאָ, וואָס פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט דער פאַרטיילונג פון ארץ־ישראל. לויטן דאָזיקן אָפּמאַך האָט פראַנקרייך באַקומען אַלס ספערע פון השפעה צוזאַמען מיט סיריע אויך דעם צפונדיקן טייל פון ארץ־ישראל — צום צפון פון דער ליניע עכו — ים כנרת, ענגלאַנד האָט געזאָלט באַקומען דעם איבעריקן טייל פון ארץ־ישראל, חוץ ירושלים. ירושלים און איר געגנט — בית־לחם, יריחו — האָבן געזאָלט אַריינקומען אונטער דער השפעה פון רוס־לאַנד, דעם דעמאָלטיקן צאַרישן רוסלאַנד.

וועגן ייִדן איז אינעם אָפּמאַך פון סייקס־פּיקאָ קיין איינציק וואָרט נישטאָ. און דאָס איז באַזונדערס מערקווירדיק דערפאַר, ווייל צו יענער צייט האָבן ציוניסטישע לעגיאָנערן שוין געהאַט געטריבן מויל־אייזלען אויף גאַליפּאָלי, און אין לאָנדאָן האָט מען שוין געטרונקען טיי מיט ענגלישע לאָרדן און אויסגעהערט פון זיי זיסע קאָמפּלימענטן אויפן אַדרעס פונעם ייִדישן פאָלק... און אין דער ציוניסטישער פּרעסע זענען שוין געווען רמזים אויף וויכטיקע באַשלוסן אין לאָנדאָן בנוגע ארץ־ישראל אַלס ייִדישער צענטער.

**
*

ס'אַנטשטייט דעריבער פון זיך אַליין די קשיה: מה נשתנה? וואָס האָט זיך געביטן אין דער צייט צווישן דעם אָפּמאַך פון סייקס־פּיקאָ און דער דעקלאַראַציע פון 2טן נאָוועמבער? פאַרוואָס זענען די ייִדן, וואָס זענען געווען דער „אבן מאסו הבונים" אין דער צייט פון סייקס־פּיקאָ, פּלוצים דערהויבן געוואָרן צו דעם „ראש פנה" אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע?

אַ פּרום־גלוּביקער ציוניסט וועט ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע מיט אָנווייזן אויף דער דיפּלאָמאַטישער גאונות פון פראָפ׳ חיים ווייצמאַן. דאָס איז אָבער אַ תשובה פאַר מענטשן, וואָס פאַרשטייען נישט דעם צוזאַמענהאַנג צווישן גרויסע דערשיינונגען און קליינע פּאַסירונגען.

דער ריכטיקער ענטפער איז אַן אַנדערער. אין דער צייט צווישן דעם אָפּמאַך פון סייקס־פּיקאָ און באַלפורס דעקלאַראַציע איז פאָרגעקומען די רוסישע רעוואָלוציע. פראָקלאַמירנדיק דעם לאָזונג: „אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס”, — איז רוסלאַנד נאָך פאַרן באָלשעוויסטישן אויפשטאַנד פרייוויליק אַרויס פון דער צאָל פּרעטענדענטן אויף דער סיריש־פּאַלעסטינישער ירושה. און די ירושה אַליין, איז אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן אין רוסלאַנד, געוואָרן אַן אומזיכערע. ביי דער דעמאָלטיקער מיליטערישער סיטואַציע האָט מען זיך געמוזט רעכענען ערנסט אויך מיט ווילסאָנס פּרינציפּן. דער פּלאַן וועגן אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים איז געווען אַ גאַנץ גוטער שירעם, אונטער וועלכן מען האָט געקענט צופּאַסן אַלטע אַספּיראַציעס צו נייע פאָרמען...

און ווען מיר הערן ציוניסטן, אַמאָליקע ליבעראַלן, קריצן מיט די ציין אויף דער רוסישער רעוואָלוציע, ווילט זיך זיי אַ פרעג טון:

— ווי מיינט איר, רבותי, וואָלט באַלפורס דעקלאַראַציע מעגלעך געווען אָן דער רוסישער רעוואָלוציע? זענט איר זיכער אין דעם, אַז אָן דער רוסישער רעוואָלוציע וואָלט ירושלים בכלל אַריין אין יידישן „תחום המושב”?

און איז דען נישט פון די דאָזיקע פראַגעס איין שריט צום געדאַנק, אַז דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־קאַמף, וואָס איז, אין פאַרשיידענע פאָרמען, דער איינציקער פּראָגרעסיווער פאַקטאָר אין דער היינטיקער וועלט, האָט שוין באַשטימט אין עבר און וועט נאָך באַשטימען אין דער צוקונפט אויך דעם גורל פון ציוניזם?

**
*

די מלחמה האָט זיך געענדיקט פאַר די פאַרבינדעטע פיל גלענצנדיקער, ווי זיי האָבן זיך דאָס איז יאָר 1917 פאָרגעשטעלט. דייטשלאַנד, פאַרבלענדט דורך רעאַקציאָנערער גאווה, האָט נישט אויסגענוצט די לעצטע גינסטיקע געלעגנהייט — שליסן אַ דעמאָקראַטישן שלום אין מזרח, כדי צו עפענען פאַר זיך פּסיכאָלאָגיש דעם וועג צו אַ בכבודיקן שלום אין מערב. נאָך בריסק איז לאָגיש אומפאַרמיידלעך געקומען דער שלום פון ווערסאַל. ארץ־ישראל איז צוזאַמען מיט איניקע אַנדערע לענדער פאַרבליבן אין ענגלישע הענט.

ערשט איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין ענגלאַנד זענען נישט אַלע באַגייסטערט פאַר דער באַלפור־דעקלאַראַציע. מעכטיקע מיליטערישע און פּאָליטישע קרייזן, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו דער אידייע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אַקאַדעמיש־גלייכגילטיק, כל־זמן דער גורל פון ארץ־ישראל איז נאָך נישט געווען ענדגילטיק באַשטימט, האָבן איצט אָנגעהויבן פירן קעגן איר אַ ביטערן קאַמף. אַפילו קינדער אין ארץ־ישראל ווייסן, אַז פעלדמאַרשאַל אַלענבי, דער זיגער פון פּאַלעסטינע, געהערט צו די אַנטשיידנסטע קעגנער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. די מיליטערישע פאַרוואַל־

טונג פונעם לאַנד, וואָס איז ביז יוני 1920 געווען אין זיין רשות, האָט פּאַרזיכטיק, אָבער סיסטעמאַטיש צוגעגרייט דעם באָדן פאַר ייִדנפיינטלעכע אַרויסטרעטונגען אינעם לאַנד.

די קעגנער פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, צו וועלכע ס׳געהערן די גרעסטע ענגלישע קאָלאָניאַלע אויטאָריטעטן, — לאָרד קערזאָן, דער איצטיקער מיניסטער פאַר אויסערלעכע ענינים, סער מאָנטעגיו — דער שטאַטס־סעקרע־טאַר פון אינדיע, און די מערסטע קאָנסערוואַטיווע פּאָליטיקער אין ענגלאַנד, באַגרינדן זייער קעגנערשאַפט מיט גאַנץ וויכטיקע, פון זייער שטאַנדפּונקט, אַרגומענטן. פון איך זייט טענהן זיי, אַז ענגלאַנד טאָר בשום אופן נישט אָפּטרעטן פון איר טראַדיציאָנעלער אַראַבישער פּאָליטיק אין נאָענטן מזרח. יעדער שריט, וואָס ברענגט ענגלאַנד אין אַ קאָנפליקט מיט איצטיקע אָדער צוקונפטיקע אַראַבישע אַספּיראַציעס, איז שעדלעך פאַר אירע קאָלאָניאַלע אינטערעסן. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי מורא, אַז די אימיגראַציע פון מזרח־ייִדן קיין ארץ־ישראל קען ברענגען מיט זיך אינעם נאָענטן מזרח די געפערלעכע באַצילן פונעם באָלשעוויזם...

לאָרד אַלענבי האָט באַזונדערע ספּעציעלע מאָטיוון, כדי אויפצוטרעטן קעגן דער ייִדנפריינטלעכער פּאָליטיק אין ארץ־ישראל. זי שטייט אין אַ פולער סתירה צו זיין אייגענער קריגס־פּאָליטיק. מיטן שטילן וויסן, אָבער אָן דער פאָרמעלער צושטימונג פון דער ענגלישער רעגירונג, האָט ער דורך זיין אַגענט — קאָלאָנעל לאָרענס, געגעבן דער העדזשאַסער דינאַסטיע אין מעקא גרויסאַרטיקע הבטחות. די אָריענטאַלישע פאַנטאַזיע פונעם עמיר פייזול, וואָס איז דערהויבן געוואָרן פון אַראַבישן מדבר־שטויב צום ראַנג פון אַן ערשט־קלאַסיקער פּאָליטישער פּערזענלעכקייט, האָט שוין געמאָלט פאַר זיך דאָס בילד פון אַ מעכטיקן אַראַבישן קעניגרייך, וואָס וועט זיך ציִען פון מאסול ביז אדען און פון טאַוורוס ביזן פּערסישן גאָלף. האָט איצט פייזול פּרעטענזיעס. און אַלענבי, צוליב דעם אָפּמאַך פון סייקס־פּיקאָ און דער באַלפור־דעקלאַראַציע, שטייט אין דער לאַגע פון אַ מענטשן, וואָס קען נישט באַצאָלן זיינע אייגענע וועקסלען. דאָס וואָלט אים אפשר וויניקער געאַרט, ווייל אין פּאָליטישן לעבן זענען די ערן־באַגריפן — אַפילו ביי ענגלישע דזשענטלמענער — עטוואָס פרייער, איידער אין פּערזענלעכע ענינים... דער עיקר אָבער איז, וואָס לאָרד אַלענבי, און מיט אים פיל איינפלוסרייכע לאָנדאָנער פּאָליטיקער, האַלט זיין קריגס־פּאָליטיק פאַר די בעסטע אויך אין שלום־צייטן.

די אָפיציעלע ענגלישע רעגירונג האָט צו דער דאָזיקער גאַנצער פראַגע אַ וויניקער בולטע און קלאָרע שטעלונג ווי די קעגנער פונעם מאַנדאַט. בעת מען האָט די באַלפור־דעקלאַראַציע אַרויסגעגעבן, האָט מען אינעם עצם־ענין זיך נישט טיף אַריינגעטראַכט. בדיעבד האָט מען אָבער אין דער אידייע פון דער ייִדישער היים אין א״י געזונען אַ סך פּאָזיטיווע מאָמענטן. אַ געשלאָסענער ייִדישער ישוב אין פּאַלעסטינע מוז ווערן אַ שטאַרקע מניעה פאַר אַ צוקונפטי־קער פאַרייניקונג פון די אַראַבישע לענדער. ער קען ווערן אַ וויכטיקע שוץ־מויער אויפן צפונדיקן ברעג פון סועץ־קאַנאַל. דער ייִדישער ישוב אין א״י וועט אַלנפאַלס נישט זיין אויף אַזוי פיל צאָלרייך, אַז ער זאָל קענען האָבן

אייגענע אימפעריאַליסטישע אַספּיראַציעס. און ווען עגיפּטן זאָל דערגרייכן צו אמתער זעלבסטשטענדיקייט, וועט די ענגלישע אַרמיי, וואָס וועט בלייבן אויף דער אַנדערער זייט פון סועץ־קאַנאַל (האַלב־אינדזל סיני), זיך פילן פיל שטאַר־קער, ווען זי וועט זיין אין איר רוקן אָפּגעטיילט פון אַנדערע אַראַבישע לענדער דורך אַ ברייטן פּאַס פון ייִדישע קאָלאָניעס.

דאָס איז, אין פאַל ווען ייִדן וועלן יאָ זיין אימשטאַנד צו פאַרווירקלעכן די אידייע פון דער נאַציאָנאַלער היים, און אויב נישט — אין די ענגלישע רע־גירונגס־קרייזן רעכנט מען זיך שטאַרק אויך מיט דער דאָזיקער מעגלעכ־קייט — האָט דאָך ענגלאַנד גאָרנישט אָנגעווירן. זי האָט איר וואָרט גע־האַלטן, זי האָט אירע התחייבותן מקיים געווען, און אויב ייִדן זענען אַ לאָ־יצלח־פאָלק, דאַרפן זיי זיך אַליין באַשולדיקן...

כאָטש דעקלאַראַציעס זענען טאַקע שטיקלעך פּאַפּיר, פונדעסטוועגן צע־רייסט מען זיי נישט אָן באַשטימטע וויכטיקע סיבות, אין „דאונינג־סטריט" זעט מען נישט די דאָזיקע סיבות. ענגלאַנד איז נאָך גענוג שטאַרק, כדי אירע התחייבותן צו האַלטן — וויניקסטנס פאָרמעל.

האָבן די פאַרעקשנטע קעגנער פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַ־לעסטינע געמוזט שאַפן אַ וויכטיקע סיבה, וואָס זאָל אַפילו פאַר די קאַלטבלו־טיקסטע פּאָליטיקער פון דאונינג־סטריט זיין אַ גענוגנדיקע "force majeure" וואָס זאָל באַרעכטיקן דאָס אָפּרוקן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דאָס איז געווען דער קלאָרער פּאָליטישער צוועק פונעם פאַראַיאָריקן ירושלימער פּאָ־גראָם. דאָס פאַרהאַלטן זיך פון דער מיליטערישער מאַכט, סיי בעתן פּאָגראָם און סיי גלייך נאָך אים, איז געווען נישט בעסער, ווי די אויפפירונג פון דער רוסישער אַדמיניסטראַציע בעת די פּאָגראָמען פון פלעווועס צייטן. סיי דאָס דאָזיקע פאַרהאַלטן זיך און סיי אויך פאַרשיידענע אַנדערע מאָמענטן לאָזן נישט איבער קיין קלענסטן ספק וועגן דעם, ווער זענען געווען די גייסטיקע אינ־יציאַטאָרן פון די ירושלימער געשעענישן.

די אינספּיראַטאָרן פון ירושלימער פּאָגראָם האָבן אָבער נישט אינגאַנצן געטראָפן מיט זייער חשבון. פון איין זייט זענען טאַקע דורך אים פאַרשטאַרקט געוואָרן די ספקות פון די אָפּיציעלע רעגירונגס־קרייזן, וואָס זענען אויך פריִער געווען גענוג שטאַרק, אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט דער ירושלימער פּאָגראָם אַרויסגערופן אַן אויפרעגונג און סימפּאַטיעס צו ייִדן פון פאַרשיי־דענע, ביז אָהער נייטראַלע, צדדים. די אינסצעניזירונג פונעם ירושלימער פּאָגראָם איז בכלל געווען צו גראָב און בולט, כדי ער זאָל קענען אויסגענוצט ווערן ווי אַ פאַקטאָר אינעם פיינעם ענגלישן פּאָליטישן שפּינוועבעכץ.

און דאָך איז איצט שוין ניט קיין סוד, אַז ערב סאַן־רעמאָ האָט עס געהאַלטן שמאָל מיט די ייִדישע פונקטן אינעם פּאַלעסטינע־מאַנדאַט. אין גוט אינפאָרמירטע הינטערקוליסן־קרייזן ווערט באַהויפּט מיט זיכערקייט, אַז ס׳איז שוין געווען אַ מאָמענט, ווען דער פּראָיעקט פונעם מאַנדאַט איז צוגעגרייט געוואָרן אָן די ייִדישע פונקטן. און ווער ווייסט, צי די שליחות פון חיים ווייצמאַן און הערבערט סעמיועל, וואָס זענען געקומען קיין סאַן־רעמאָ אינעם שפּאַנענדיקסטן מאָמענט, וואָלט געקרוינט געוואָרן מיט דער־

פֿאַלג, ווען נישט די קאַטעגאָרישע טעלעגראַמע פֿון דער לייבאָר־פּאַרטיי, ייאָס האַט פּאַרלאַנגט פֿון ענגלישן פּרעמיער דאָס דערפֿילן די הבטחות.

איז דאָ, אינעם אַנטשיידנדיקסטן געשפּרעך צווישן לאָיד־דזשאָרדזש און הערבערט סעמיועל, איז אַנטשטאַנען דער פּלאַן, אַז סעמיועל זאָל ווערן דער בריטישער „היי־קאָמישיאָנער" (הויכער קאָמיסאַר). מענטשן, וואָס זענען בכלל גוט אינפֿאָרמירט, זאָגן אַז לאָיד־דזשאָרדזש האָט דאָס דירעקט גע־פֿאָדערט, אַז ער האָט דאָס כמעט אַוועקגעשטעלט אַלס תנאי.

נישט אומזיסט שמט לאָיד־דזשאָרדזש פֿאַרן קליגסטן שטאַטסמאַן פֿון דער היינטיקער בירגערלעכער וועלט. באַשטימען דעם גנב פֿאַר אַ וועכטער — איז דאָס בעסטע מיטל אָפּצוהיטן די פּירות פֿונעם גאָרטן. הערבערט סעמיועל, אַלס ייִד און ציוניסט, וועט מוזן שטאַרקער אָפּהיטן אַראַבישע אינטערעסן און אָפֿטער פֿאַרבייגן ייִדישע, ווי דאָס וואָלט געטון אַן אומפּאַרטייִישער, עט־וואָס ייִדנפֿריינטלעכער עכט־ענגלישער אַדמיניסטראַטאָר...

דער מאַנדאַט איז אָנגענומען געוואָרן און הערבערט סעמיועל איז באַ־שטימט געוואָרן אַלס ערשטער „היי־קאָמישיאָנער" אין א"י.

ווי מיר זעען, זענען די מאָטיוון, וואָס האָבן געשטויסן די ענגלישע רע־גירונג אַרויסצולאָזן די באַלפֿור־דעקלאַראַציע און איבערחזרן זי דערנאָך אי־נעם שלום־אָפּמאַך מיט טערקיי (טראַקטאַט פֿון סעוור) — זייער ווייט פֿון אידעאַליזם, פֿון גערעכטיקייט. זיי זענען, פֿאַרקערט, דיקטירט דורך די אינ־טערעסן פֿון דער ענגלישער קאָלאָניאַלער און אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק.

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם איז אָבער ביי דער היינטיקער וועלט־לאַגע רעאַקציאָנער און קאָנטער־רעוואָלוציאָנער. איז פֿון דעם נישט געדרונ־גען, אַז די אידייע ווענן ייִדישער נאַציאָנאַלער היים אין א"י, וואָס איז איצט פֿון אים סאַנקציאָנירט, איז אויך רעאַקציאָנער און קאָנטער־רעוואָלוציאָנער?

דעם דאַזיקן, דוכט זיך גאַנץ לאָגישן, פּועל־יוצא מאַכן טאַקע הונדערטער צי טויזנטער ייִדישע אַרבעטער אין גלות, וואָס קומען דעריבער צו אַ פֿיינט־לעכער באַציִונג צום גאַנצן ציוניזם. און דאָך מאַכן זיי אַ גרינטלעכן טעות. ווייל די געשיכטלעכע לאָגיק איז פֿיל טיפֿער און פֿאַרפּלאָנטערטער, איידער דאָס ווייזט זיך אויס אויפֿן ערשטן קוק.

עפּאָכעס, וואָס מוזן שטאַרבן, שיטן אָפּטמאָל אַליין ערד אויף זייער קבר. די פּאָליטיק פֿון אַזעלכע עפּאָכעס דערגרייכט נישט שטענדיק דאָס, וואָס זי וויל. ווי אָפֿט האָט זיך שוין געטראָפֿן אין דער געשיכטע, אַז „מעז יצא מתוק", אַז פֿון רעאַקציאָנערסטע קאָמפּלאָטן זענען אַרויסגעקומען די פּראָגרעסיווסטע דערשיינונגען.

כדי נישט ווייט אין דער געשיכטע צוריקצוקוקן, נעמען מיר אַלס ביי־שפּיל אַ פּאָליטישן אַקט פֿון די לעצטע חדשים. מיר מיינען דעם רוסיש־ענגלישן האַנדלס־אָפּמאַך. דאָס קאַפּיטאַליסטישע ענגלאַנד, אונטערחתמענדיק אַ האַנדלס־אָפּמאַך מיטן רויטן סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט געוויס אין זינען צו פֿאַרניכטן דערמיט די ראַטן־מאַכט. לאָיד־דזשאָרדזש גלייבט אינעם כוח און אין דער צוקונפֿט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט און איז דעריבער אי־בערצייגט, אַז קוים וועט זיך ווידער עפֿענען דאָס פֿענצטער פֿון רוסלאַנד קיין

מערב־אייראָפּע, וועט דער נאָך שוואַכער ראַטן־רעזשים גלייך פאַרקילט ווערן צוליב דעם פרישן צוג, וואָס וועט אַריינקומען... און לענין, וואָס האָט אונ־טערגעשריבן דעמזעלבן האַנדלס־אָפּמאַך, מיינט דעם היפּוך.

איינער פון זיי מאַכט געוויס אַ טעות, אָדער לאָיד־דזשאָרדזש אָדער לע־נין. איז לאָיד־דזשאָרדזש גערעכט, דאַן איז לענין אומבאַוווסט פאַר זיך אַליין דער פאַרעטער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אויב אָבער לענין איז גע־רעכט, אויב די פּאָליטישע לאַגע איז באמת רייף פאַר אַ רעוואָלוציע, אויב די עקאָנאָמישע סיסטעם פון רוסלאַנד וועט פאַרשטאַרקט ווערן באמת פונעם האַנדל מיט אויסלאַנד, — דאַן, דאַן האָט די ענגלישע פּאָליטיק דער־גרייכט פונקט דעם היפוך פון דעם, וואָס זי האָט אין זינען געהאַט.

ס'איז דעריבער קלאָר, אַז כדי צו נעמען אַ שטעלונג בנוגע דער ייִדי־שער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע איז גאָרנישט אַזוי וויכטיק צו וויסן, וואָס די ענגלישע אימפּעריאַליסטן מיינען דערמיט, פיל וויכטיקער איז צו וויסן, וואָס ייִדישע אַרבעטנדיקע מענטשן וועלן דאָרט טון און אין וואָס פאַר אַ ריכ־טונג וועט די אַנטוויקלונג פון דער וועלט אין דער נאָענטער צוקונפט אַוועקגיין...

⁂

גלייך נאָכן נצחון פון סאַן־רעמאָ האָט גענעראַל באלס, וואָס איז דעמאָלט געווען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון ארץ־ישראל, צונויפגערופן די „פּני" פונעם לאַנד, דערציילט זיי וועגן דעם אַלגעמיינעם באַשלוס, און מיטגעטיילט דערביי, אַז ער איז באַפּולמעכטיקט פון לאָנדאָן צוצוגעבן דערצו אַ פּאָר פּירושים. דער ערשטער פּירוש איז, אַז די באַשטימונגען פונעם מאַנדאַט וועלן בשום אופן זיך נישט שטעלן אין היפוך צו די אינטערעסן פון דער איצטיקער מערהייט. דאָס אָפּהיטן די אינטערעסן פון דער אַראַבישער באַ־פעלקערונג איז פונקט אַזאַ אינטעגראַלער טייל פונעם צוקונפטיקן מאַנדאַט, ווי די שאַפונג פון דער ייִדישער היים. ס'וועט דעריבער נישט דערלאָזט ווערן קיין איין עקאָנאָמישער אָדער פּאָליטישער שריט, וואָס זאָל באַרירן די אינ־טערעסן אָדער די געפילן פון די אַראַבער. צווייטנס, וועט די אימיגראַציע קיין א"י דערלאָזט ווערן בלויז אין דער מאָס, אין וועלכער דאָס וועט פאַר־לאַנגען די אַנטוויקלונג פונעם לאַנד. דריטנס, בלייבט דאָס לאַנד פעסט אונ־טער דער ענגלישער פאַרוואַלטונג, און בשום אופן וועט נישט דערלאָזט ווערן, אַז איין טייל פון דער באַפעלקערונג זאָל געוועלטיקן איבערן אַנדערן.

ווען דער פּראָיעקט פון מאַנדאַט איז מיט עטלעכע חדשים שפּעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ווערטער פון גענעראַל באלס זענען באמת געווען באַגרינדעט אויף אינסטרוקציעס פון אויבן. דאָס אָפּהיטן די אַראַבישע אינטערעסן פאַרנעמט אין אים זייער אַ ברייטן פּלאַץ. וועגן אימיגראַציע ווערט געזאָגט, אַז די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע באַשטימט איר גרויס. וועגן רעגירונגס־באָדן (דזשיפטליק), וואָס האָט געזאָלט, לויט די האָפענונגען פון ד"ר חיים ווייצמאַן, אַריבערגיין אויפן גרונט פון מאַנדאַט אין ייִדישע הענט, איז גאָרנישט דערמאָנט. דערפאַר איז די ציוניסטישע אָר־

גאַניזאַציע אָנערקענט — אונטער געוויסע תנאים — אַלס די אָפיציעלע פאַר־טרעטונג פון ייִדן אין די ענינים פון קאָלאָניזאַציע. אַ באַדייטנדיקן אָרט פאַרנעמט אינעם מאַנדאַט דאָס אָפּהיטן די רעליגיעזע אינטערעסן פון פאַר־שיידענע קירכעס און די פרייהייט פאַר מיסיאָנערישער פראָפּאַגאַנדע.

קעגן די פונקטן, וואָס היטן אָפּ די אינטערעסן פון די אַראַבער, קען מען, אייגנטלעך, פאָרמעל גאָרנישט האָבן. אפילו די רעכטע בירגערלעך־ציוניס־טישע שאָוויניסטן האַלטן אין איין טענהן, אַז זיי האָבן נאָר גוטע כוונות אין באַצוג צו די אַראַבישע ראַסן־ברידער... אָבער ווער וועט אַנטשיידן, צי איז אַ געוויסע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אָדער אינדוסטריע־אונטערנעמונג פאַר אָדער קעגן די „אַראַבישע אינטערעסן"? די ענגלישע אַדמיניסטראַציע! די ענגלישע אַדמיניסטראַציע וועט אָבער אין פאַרשיידענע זייטן פירן אַ פאַרשיידענע פּאָליטיק. און אויב זי וועט וועלן, קען זי אויסטייטשן געוויסע פונקטן פונעם מאַנדאַט אַזוי, אַז ער זאָל פּאַקטיש בטל ווערן.

און צו וועמען וועט מען דאַן קענען אַפּעלירן?
צו דער לאָנדאָנער רעגירונג?

און ווו איז די גאַראַנטיע, אַז זי וועט אַ ליאַדע טאָג זיך נישט דורכ־דרינגען מיט אַלענביס שטאַנדפּונקט וועגן דער מזרח־פּאָליטיק?
צו דעם פעלקער־בונד?

אָבער ווער אין דער הײנטיקער וועלט נעמט ערנסט די דאָזיקע לעכער־לעכע קאַריקאַטור, וואָס האָט זיך אָנגערופן מיט אַזאַ דערהויבענעם נאָמען? אין בעסטן פאַל, ווען דער פעלקער־בונד וועט זיך פאַרשטאַרקן, וועט ער האָבן אַ דעה אויפן נעבעכדיקן עסטרייך און באַנקראָטירטן פּוילן. אָבער ענגלאַנד, דעם מעכטיקן בריטישן לייב, וועט ער ביי דער הײנטיקער וועלט־קאָנסטעלאַציע אפילו קיין עצות נישט געבן.

נאַרישע באַלעבאַטישע פיליסטערס לייגן איין די וועלט מכוח דעם קאָנטראַקט, וועלכן דאָס ייִדישע פאָלק האָט געשלאָסן מיטן מעכטיקן ענג־לאַנד. אַזאַ קאָנטראַקט איז באמת פאַראַן, אָבער טייטשן קען אים בלויז איין צד. און אויף טייטשן זענען נישט נאָר ייִדן בריות. אפילו דער נאַרישער לייב פון קרילאָווס מעשה האָט גלענצנד פאַרשטאַנען, ווי צו טייטשן זיין שותפות מיטן פוקס און מיטן וואָלף...

פונדעסטוועגן ווילט זיך אונדז זאָגן אונדזערע ליבע באַלעבאַטים אויך אַ טרייסט־וואָרט. זאָלן זיי נישט אַריינפאַלן אין יאוש. די זעלבע פאַרהאַסטע אונטערערדישע כוחות, וועלכע, אויסברעכנדיק אין איין אָרט, האָבן מעגלעך געמאַכט די באַלפור־דעקלאַראַציע, וועלן נאָך, אויסברעכנדיק ערגעץ אַנדערש־ווו, געבן די מעגלעכקייט זי צו פאַרווירקלעכן אין לעבן...

און דעמאָלט וועלן זיך אפשר די חברים פון „אחדות העבודה" ווידער דערמאָנען אינעם אַלטן באָראָכאָוויסטישן געדאַנק, אַז דער קלאַסן־קאַמף פונעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט איז דער אַנטשיידענער פאַקטאָר אין דער פאַר־ווירקלעכונג פון ציוניזם. ווי גוט וואָלט געווען, ווען די אַמאָליקע תלמידים פונעם „פּאָלטאַווער גאון" וואָלטן נישט פאַרגעסן זיינע נביאישע לערעס...

**
*

די גאַנצע איצטיקע ארץ־ישראלדיקעווירקלעכקייט איז די גלענצנדיקע באַשטעטיקונג פונעם כלל, אַז די דעקלאַראַציעס, רעזאָלוציעס, מאַנדאַטן און דאָס גאַנצע פּאַפּירענע כלי־זין האָבן גאָר אַ קנאַפּע ווערט, ווען ס'איז נישטאָ הינטער זיי קיין ווילן און קיין כוח, וואָס זאָל זיי דורכפירן אין לעבן.

לייענענדיק די אָפיציעלע ציוניסטישע פּרעסע אין ארץ־ישראל באַקומען מענטשן, וואָס זענען קיינמאָל נישט געווען אין פּאַלעסטינע, דעם איינדרוק, אַז דאָ געניסן ייִדן פון באַזונדערע רעכט און פּריווילעגיעס, וואָס זיי פאַרמאָגן נישט אין קיין שום אַנדער לאַנד פון דער וועלט. ס'טייטש, דאָס ייִדישע לאַנד! אין דער ווירקלעכקייט האָבן מיר דאָ נישט קיין שום רעכט, וואָס מיר וואָלטן זיי נישט פאַרמאָגט ביי אונדזער איכות און כמות אין יעדן אַנדער פּראָגרעסיוון לאַנד. להיפוך, מיר זענען דאָ אין פיל פּרטים ערגער געשטעלט, איידער די אַראַבער, אָדער ווי אַנדערע נישט־ייִדישע אייראָפּייער, וואָס וואָלטן זיך געוואָלט באַזעצן אין פּאַלעסטינע.

ראשית, בנוגע דעם באָדן. אַלע האָפענונגען, אַז מיטן מאַנדאַט וועלן אין ייִדישע הענט איבערגיין באַדייטנדיקע שטחים לאַנד, וואָס האָבן פריִער גע־הערט דער טערקישער רעגירונג, זענען נישט מקוים געוואָרן. פון די אַלע האָפענונגען אין דעם פּרט האָט זיך דערווייל אויסגעלאָזט אַ מאָגערע הבטחה צו געבן לאַנד געוועזענע ייִדישע סאָלדאַטן פון דער ענגלישער אַרמיי אויפן זעלבן יסוד, אויף וועלכן ס'ווערט רעגירונגס־לאַנד געטיילט דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן אין אַלע ענגלישע קאָלאָניעס. און אויך אָט דעם צוזאָג האָט מען נאָך צוליב פיל סיבות פּראַקטיש נישט רעאַליזירט. בעיקר מוז מען דעם באָדן קויפן און צאָלן פאַר אים באַדייטנדיקע פּרייזן.

די ייִדישע אימיגראַציע איז באַשרענקט מיט געוויסע ציפערן. וואָלט די אימיגראַציע פון נישט־ייִדן געווען פאַרווערט, וואָלט אַפילו די באַשרענקטע ייִדישע אימיגראַציע געווען אַ פּריווילעגיע, אַ רעזולטאַט פון מאַנדאַט. אָבער די אימיגראַציע פון נישט־ייִדן איז לחלוטין נישט פאַרווערט. אויף אַזאַ אופן איז די באַשרענקטע ייִדישע איינוואַנדערונג נישט קיין פּריווילעגיע, נאָר אַן אויסנאַם־געזעצגעבונג.

די שלעכטע אומגערעכטע באַהאַנדלונג פון ייִדן ווערט באַזונדערס קלאָר, ווען מען קוקט אויפמערקזאַם אַריין אין דעם היגן רעגירונגס־ביודזשעט. די אַראַבישע שולן ווערן אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פונעם לאַנד, די ייִדישע — צום גרעסטן טייל אויפן חשבון פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

די מעדיצינישע הילף, וואָס ווערט געגעבן פון דער רעגירונג דער אָרטי־קער באַפעלקערונג איז זייער קליין, און פון איר געניסן אויך כמעט בלויז אַראַבער; די מעדיצינישע הילף פאַר ייִדן ווערט צום גרעסטן טייל געגעבן דורך פּריוואַטע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאַמלען נדבות אין חוץ־לארץ (אַמעריקאַנער „הדסה").

וועגן דעם, אַז אַ רעגירונג פון אַ מער־ווייניקער ציוויליזירטן לאַנד דאַרף זאָרגן פאַר אלמנות, יתומים, אינוואַלידן, און נישט איבערלאָזן זיי אויף הילף

פון אויסלענדישע צדקה־געבער, ווײַל מען אין ירושלים גאָרנישט וויסן. די קריגס־פּענסיעס, וואָס באַלאַסטן די פינאַנצן פון יעדן לאַנד מיט גרויסע סו־מעס, עקזיסטירן נישט אין ארץ־ישׂראלדיקן גן־עדן. פאַר אַראַבישע קריגס־יתומים זאָרגט אַללאַה, פאַר די ייִדישע — דער „דזשאָינט דיסטריבושאָן־קאָמיטע". דאָס איז ווידער אַ רעגירונגס־אויפגאַבע, וואָס איז איבערגעלייגט אויף פּריוואַטע ייִדישע פּלייצעס! אומגינסטיק איז אויך די לאַגע פון ייִדן אויף די רעגירונגס־אַמטן. אין דער פּאָליציי, למשל, זענען ייִדן פאַרטראָטן אין די מערסטע שטעט מיט אַ סך קלענערער צאָל, ווי ס׳וואָלט זיי געקומען לויטן פּראָצענט פון די ייִדישע אײַנוווינער. די סיבה פון דעם איז דער הונ־גער־לוין, וואָס ווערט געצאָלט אַן אײַנפאַכן פּאָליציאַנט.

נאַטירלעך קען מען פון דער רעגירונג נישט פאַרלאַנגען, אַז זי זאָל צאָלן ייִדישע פּאָליציאַנטן פאַר דער זעלבער אַרבעט גרעסערע שכירות ווי די אַראַבער, אָבער אויב מען פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג פון אַ „ייִדישער נאַציאָ־נאַלער היים" און מען מיינט עס ערנסט, מוז מען אַלע פּאָליציאַנטן געבן אַ לוין, וואָס זאָל דערמעגלעכן אָנצונעמען אַ שטעלע אויך אַן אייראָפּייער, וואָס קען נישט לעבן פון ברויט און ציבעלע און איז נישט געוווינט צו בעטן כּאַבאַר ביי די באַלעבאַטים.

די זעלבע לאַגע עקזיסטירט אין אַלע רעגירונגס־אַמטן. אויף דער אײַזנ־באַן און דער פּאָסט, אויפן טעלעגראַף, טעלעפאָן, געריכט, אומעטום זענען די לוינען אויסגערעכנט לויט דעם עקסטן מינימום, ביי וועלכן מען קען גראָד קריגן דעם נייטיקן באַאַמטן. דער מינימום פון לוין ווערט אָבער אין דער „ייִדישער נאַציאָנאַלער היים" באַשטימט פון דעם נידעריקסטן, ד״ה אַראַבישן לעבנס־ניוואָ.

דער גוטער פּרינציפּ — נישט צאָלן פאַרן זעלבן אַמט גרעסערע און קלענערע שכירות ווערט אָבער אויסגעהאַלטן בלויז בנוגע ייִדישע באַאַמטע אין פאַרגלייך מיט אַראַבישע. ער עקזיסטירט אָבער נישט בנוגע ענגלענדער. זיי באַקומען פאַרן זעלבן אַמט טאָפּלטן געהאַלט. אַלע איבעריקע זענען אין פאַרגלייך צו זיי — „נייטיווס" (אײַנגעבוירענע), וואָס דאַרפן זיך באַגנוגענען, ווי הויך זיי זאָלן נישט שטיין קולטורעל, מיט אַ האַלבן לוין פאַר דער זעלבער לייסטונג.

ס׳איז, דוכט זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַ לאַנד, ווו ייִדן האָבן אָנערקענטע שטאַטלעכע אַספּיראַציעס, מוזן זיי על כּל פּנים געניסן אין דער פולער מאָס פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אין דערווירקלעכקייט איז אָבער דאָ קיין שום אויטאָנאָמיע, אַלס אַן עפנטלעך־רעכטלעכע אינסטיטוציע, — נישט פאַראַן. די היגע קהילות זענען פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן נישט קיין שום צוואַנגס־מאַכט. מוזן זייערע וויכטיקסטע אַנשטאַלטן אויסקוקן אויף אויסערלעכער הילף. דאָס איז אומדירעקט אַ געוואַלדיקע שטערונג פאַר דער קאָלאָניזאַציע פונעם לאַנד: במקום פאַרווענדעט צו ווערן אויף קאָלאָניזאַציע, גייען באַדייטנדיקע סומעס אַוועק אויף ווייניקער פּראָדוקטיווע אויסגאַבעס.

דער פרווו פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צו שאַפן אַ פּאַקטישע אויטאָ־נאָמיע דורכן צונויפרופן אַ דעפּוטאַטן־פאַרזאַמלונג (אספת־הנבחרים) און דערנאָך צוגעבן דער דאָזיקער פּאַקטישער אויטאָנאָמיע אַ לעגאַלן יסוד, האָט זיך בדרך כלל נישט איינגעגעבן. די „אספת הנבחרים" איז טאַקע אויסגע־קליבן געוואָרן לויט אַ גאַנץ דעמאָקראַטישן וואַל־רעכט, נישט קוקנדיק אויף די פּראָטעסטן און באַיקאָט פון דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסיע. אָבער אויסער אַ האַלב־וואַרעמען, האַלב־קאַלטן באַגריסונגס־בריוו פון הערבערט סעמיועל, האָט זי קיין שום יורידישע אָנערקענונג נישט געפונען. איר אויס־פיר־אָרגאַן, דער נאַציאָנאַל־ראַט („ועד הלאומי"), האָט מען בלויז האַלב־אָפיציעל, נישט דורך אַן עפנטלעכער פאַראָרדענונג, געגעבן דאָס רעכט צו ווענדן זיך וועגן ייִדישע ענינים צו רעגירונגס־אַנשטאַלטן. די רעגירונגס־אַנשטאַלטן, פון זייער זייט, האָבן דאָס רעכט נישט צו רעכענען זיך מיט די דאָזיקע ווענדונגען...

אַלע פאָרשלאַגן פון „ועד הלאומי" וועגן שטייער־רעכט פאַר די קהילות און זייער יורידישער אָנערקענונג האָבן עד היום דעם קלענסטן דערפאָלג נישט געהאַט. דער ייִדישער היי־קאָמישיאָנער איז מסכים זיי צו געבן בלויז דאָס רעכט פון „פרייע רעליגיעזע קאָנגרעגאַציעס", ד"ה קיין שום עפנטלעכע רעכט נישט.

דער ועד הלאומי זעלבסט, די צענטראַלע פאָרשטייערשאַפט פונעם ארץ־ישראלדיקן ישוב, האַלט זיך מיט נסים. באין ברירה האָט מען פאַר עטלעכע חדשים געשאַפן אַ דעמאָקראַטישן פרייוויליקן שטייער — דעם „סלע הישוב". דער „דעמאָקראַטיזם" פונעם שטייער באַשטייט אין דעם, וואָס יעדער צאָלט גלייך: אָרעם און רייך, אַ שילינג פון קאָפּ. נישט קוקנדיק אויף אַזאַ אייגנ־אַרטיקן דעמאָקראַטיזם האָט דער „סלע הישוב" קיין באַזונדערן דערפאָלג נישט געהאַט און דער ועד הלאומי דעקט זיינע הוצאות פון צופעליקע הכנסות.

אין אַ פיל בעסערער יורידישער לאַגע געפינען זיך דערפאַר די רבנים, דאָ האָט די רעגירונג נישט געקאַרגט; פאַר עטלעכע חדשים האָט מען דאָ געשאַפן אַ פאַראייניקטן ראַבינאַט, וואָס האָט באַקומען רעכט פון אַ רעגירונגס־אַנשטאַלט. באַפעסטיקנדיק די מאַכט פון די כלי־קודש האָט די רעגירונג גאַנץ באַוווסטזיניק אונטערגעגראָבן די יסודות פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. געבנדיק די רבנים דאָס אומבאַשרענקטע רעכט צו משפטן אין פאַמיליען־ און ירושה־ענינים, האָט די רעגירונג דערמיט געגעבן אַ טויט־קלאַפּ דעם ייִדישן פרידנס־געריכט („משפט השלום"), וועגן וועלכן עס האָבן ערשט פאַראַיאָרן געטומלט די בירגערלעכע ציוניסטן, ווי וועגן אַ גוואַל־דיקער נאַציאָנאַלער דעראָבערונג. די דאָזיקע „נאַציאָנאַלע דעראָבערונג", אויף וועלכער ס'איז בשעתו אַוועק נישט ווייניק ציוניסטיש געלט, האַלט איצט אין גוססן. ער האָט קיין שום אָפיציעלע אָנערקענונג נישט געפונען, און זיינע אורטיילן האָבן אַ ממשותדיקן ווערט בלויז אין אַ פאַל פון פריַער אָנגענומענער התחייבות פוןביידע צדדים (ארביטראַזש־רעכט)... ס'איז אַ לחלוטין פריוואַטער אַנשטאַלט, וואָס קען קיינעם נישט צווינגען נישט צו פאַרענטפערן זיך, נישט צו קומען אַלס עדות...

# נאָך סעמיועלס דעקלאַראַציע

ס׳איז געווען עטלעכע טעג נאָכן יפוער פּאָגראָם. די האַלטונג פון דער פּאָליציי און פון די אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס, דער פאַרבאָט פון אימיגראַ־ציע, דאָס אָפענע קאָקעטירן די פּאָגראָמשטשיקעס, — האָבן אַרויסגעבראַכט פון געדולד אַפילו די, וואָס זענען במשך די לעצטע עטלעכע יאָר געווען שווייגנדיקע ווערקצייג אין די הענט פון דער ענגלישער פּאָליטיק. די ביר־גערלעכע מיטגלידער פון ועד הלאומי און אַפילו די אויבער־רבנים, — וואָס זענען אויפגעכאָוועט געוואָרן אויף סעמיועלס בוזעם, אַלס אַ קעגנגעוויכט צו יעדער פּראָגרעסיווער דערשיינונג אינעם ייִדנטום, — האָבן דערפילט, אַז ווייטער קען דאָס אַזוי נישט גיין. מ׳האָט אָנגענומען אַ שאַרפע פּראָטעסט־רעזאָלוציע און באַשלאָסן אַרויסצושטעלן צום העכסטן היגן פאָרשטייער פון דער ענגלישער מאַכט איינִיקע אולטימאַטיווע פאָדערונגען, — בעיקר וועגן שטרענגער באַשטראָפונג פון די שולדיקע און באַלדיקער עפענונג פון דער אימיגראַציע, אויב נישט, — וועלן זיי אַלע, אַלס פּראָטעסט, צוריקטרעטן פון זייערע פּאָסטנס.

אָבער דער צד־שכנגד האָט ווייטער אויסגערעכנט:

„מייַן פּאָליטיק וועל איך צוליב אייערע פּראָטעסטן נישט בייטן. כ׳האָב דערויף געוויכטיקע סיבות. אויב אָבער איר וועט מיר עפנטלעך אויסדריקן אייער אומצוטרוי, וועל איך אייך צוליב טון און גלייך אָפּטרעטן פון מייַן אַמט. געדענקט אָבער, אַז אויף מייַן אָרט וועט קומען אַהער אַ מענטש מיט אויס־געשפּראָכענע אַראַבישע סימפּאַטיעס, אָדער איינער, וואָס וועט זיך רעכענען בלויז מיט ענגלישע אינטערעסן. באַטראַכט דעריבער גוט, וואָס וועט פון דעם אַרויסקומען“.

די „פּני“ פונעם ישוב האָבן זיך אומגעקערט פון דער אוידיענץ אין אַ נידערגעשלאָגענער שטימונג און ווידער באַטראַכט די לאַגע. זיי האָבן איינ־געזען, אַז דער נס פון יריחו איז בלויז איינמאָל געשען און אַז מיט פּאַפּירענע פּראָטעסטן קען מען נישט בייטן די ליניע פון דער ענגלישער פּאָליטיק. זיי האָבן איינגעזען, אַז דער וועג, אויף וועלכן זיי זענען געגאַנגען במשך פון די לעצטע פיר יאָר, האָט זיי אַריינגעבראַכט אין אַ טעמפּן ווינקל, און אַז ס׳איז נישט פאַרבליבן קיין שום מעגלעכקייט, אויסער אומקאָנדיציאָנעלער קאַפּי־טולאַציע. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען מוז זיך פירן, ווי גוטע קינדער און אונטערגעבן זיך דעם אומפאַרמיידלעכן גורל.

ווייל קיין אַנדערע ברירה איז נישטאָ.

זיי האָבן דאָס איינגעזען און צוריקגעצויגן זייער אולטימאַטום. באַשלאָסן אַפילו קיין פּראָטעסט נישט צו פאַרעפנטלעכן. און פונעם גאַנצן ענין איז געבליבן אַן אומאָנגענעמער מוסר־השכל, אַז אולטימאַטומס, וועלכע מען מוז צוריקנעמען, זענען פיל ערגער, איידער אולטימאַטומס, וואָס זענען נישט געווען.

אויב דער מאַן אויפן הר־הצופים האָט נישט געשמייכלט פון אויבן אַראָפּ בעת דער „אולטימאַטיווער“ אוידיענץ, — האָט ער דאָס נישט געטון נאָר

צוליב דער גוטער דערציִונג פון אַן ענגלישן דזשענטלמען. אין זיין האַרצן האָט ער געקענט רויִק שמייכלען. ער האָט געוווּסט, אַז די פּאַרשטייער פון ישוב וועלן זייערע דראָונגען נישט אויספירן, ווייל זיי זענען געווענדעט קעגן זייער ביזאיצטיקער פּאָליטיק און זיי האָבן איצט שוין קיין שום ברירה נישט, ווי נאָר צו קושן די בייטש, וואָס האָט זיי נאָר וואָס געשמיסן און וועט זיי מן־הסתם נאָך שמייסן.

ער האָט געקענט רויִק שמייכלען.

ווייל די גרויזאַמע, טייוולאָניש־קלוגע, בריטישע פּאָליטיק האָט אויך דאָס מאָל איר ציל דערגרייכט. מען האָט דעם גייסטיק־קראַנקן פּאָלק אַ פּאַר־שיכורנדיקן אָפּיום געגעבן, כדי עס זאָל זיך צעהוליען און אין טומל פון באַגייסטערונג יעדע מאָס פון רעאַליטעט פאַרלירן. מען האָט עס איינגעליור־ליעט מיטן נאַרישן גלויבן, אַז אייביק און אומקאָנדיציאָנעל וועט עס זיין אונטערן שוץ פונעם מעכטיקן ענגלישן לייב, און מען קען דעריבער מיט פאַראַכטונג קוקן און פראָוואָצירן די כוחות, וואָס זענען פאַרשטעקט אין לאַנד גופא. דער ציל איז דערגרייכט.

דער פייער־רינג איז געשלאָסן. קרייץ און האַלבע לבנה זענען קעגן יידן פאַרייניקט. און דאָס ייִדישע פאָלק, דאָס פאָלק פון פרייען גייסט און אייביקן פּראָטעסט, איז איצט גוט דרעסירט. עס וועט שוין דערפילן זיין „מיסיע״, צום רום און פּראַכט פון ענגלישן אימפּעריאַליזם. עס וועט זיך אפשר נאָך יעדן שמיץ — מער מחמת געוווינהייט — טרייסטן מיט רעוואָ־לוציאָנער־קלינגנדיקע מאמרים; אָבער זייערע אויטאָרן וועלן אַליין ביים ערשטן ערנסטן ווונק זיך וואַרפן צו דערפילן דעם ווונטש פון זייערע האַרן. ווייל דער פייער־רינג איז געשלאָסן, און קיין אַנדערע ברירה איז נישטאָ.

מען האָט זיך בלינד פאַרלאָזט אויפן אויסערלעכן כוח, און אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט יעדע מעגלעכקייט פון אינערלעכער שאַפונג. דאָס גאַנצע פאַרמעגן, די גרויסע שפּיל, — האָט מען אויף איין קאָרט געשטעלט. די קאָרט וואַקלט זיך, זי פאַראַט אונדז. קאַלטער שווייס באַדעקט דעם שטערן. אָבער מיט ציטערנדיקע הענט האַלט מען זיך פאַר איר און מיט דער ענערגיע פון אַ טרינקנדיקן כאַפּט מען זיך אָן אין יעדער שטרוי. נעכטן איז דאָס געווען סעמיועל, היינט — טשערטשיל, און מאָרגן מן־הסתם עמעצער אַן אַנ־דערער. און בעת דער באָדן גליטשט זיך פון אונטער די פיס שרייט מען אויס, כדי זיך אַליין צו באַטויבן:

„תחי ממשלת המנדט!״ (זאָל לעבן די מאַנדאַט־רעגירונג!).

און קאַלטער שווייס באַדעקט דעם שטערן...

דער מאַן אויפן הר־הצופים מעג רויִק זיין.

ער ווייסט, אַז ווען טשערטשילס נחמה־ווערטער (די ראָלן זענען גוט פאַרטיילט!) וועלן דערגרייכן קיין ארץ־ישראל, וועט דער וועד הלאומי אָדער וועד העיר אַרויסהענגען זיי מיט טריִומף אויף די גאַסן, און טויזנטער ייִדן וועלן אַריינקומען אין אַ נייעם משיח־עקסטאַז, — און ווינסטאָן טשערטשיל, דער העלד פון אַנטווערפּן, דער העלד פון גאַליפּאָלי, דער העלד פון אַרכאַנ־געלסק, וועט ווערן אויך דער העלד פון ייִדישן פאָלק!

ער וויסט, אַז ווען ער, דער פרומער ייִד, וועט אַריינקומען שבועות אין דער „חורבה“, וועלן זיינע גוטהאַרציקע ייִדן אַלץ מוחל זיין, און די אונטערטעניקע צייטונגען וועלן אָפּדרוקן פייערלעך־טריזומפירנדיקע ידיעות...

און אינעם זעלבן טאָג, ווען די טראַגי־קאָמישע געשיכטע מיטן ייִדישן אולטימאַטום איז דערליידיקט געוואָרן אויף אַזאַ שטילן אופן, האָט מען אַלס נחמה צוגעזאָגט, אַז דעם 3טן יוני וועט קומען אַ רעגירונגס־דערקלערונג, ווו די צוקונפטיקע פּאָליטיק וועט קלאָר געמאַכט ווערן. די הבטחה איז דער־פילט געוואָרן. דעם 3טן יוני 1921 האָט מען אונדז באַשערט מיט דער סע־מיועל־דעקלאַראַציע.

אין די בלעטער איז אויסגעדריקט די מיינונג, אַז די סעמיועל־דעקלאַראַ־ציע איז לויט איר אינהאַלט אַ ליקווידאַציע פון דער היסטאָרישער באַלפור־דעקלאַראַציע. מיר קענען נישט מיט דער דאָזיקער מיינונג פולשטענדיק מסכים זיין. געוויס איז די דעקלאַראַציע פון 3טן יוני אַ ליקווידאַציע פון דעם אינהאַלט, וועלכן ייִדן האָבן בשעתו אַריינגעלייגט אין באַלפורס דעקלאַראַציע. צי שטייט זי אָבער אין אַזאַ שאַרפער סתירה צו דעם, וואָס דער בעל־דבר אַליין, די ענגלישע רעגירונג, האָט געמיינט מיט איר שטאַרק צעשוואומענער הבטחה, — דאָס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע.

אויסער סענטימענטאַלע באַנקעט־רעדעס וועגן דעם ייִדישן פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט די ביבל, און וועגן דער גוואַלדיקער קולטור־ראָל, וועלכע ייִדן וועלן שפּילן אין מזרח, זענען אונדז באַקאַנט דריי געניויע אָפּי־ציעלע פירושים צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וועלכע זענען מערקווירדי־קערווייז אַלע געמאַכט געוואָרן אין ירושלים אויפן הר־הצופים. דער ערשטער פירוש איז געווען פון גענעראַל באַלס גלייך נאָכן באַשלוס פון סאַן־רעמאָ, דער צווייטער פון ווינסטאָן טשערטשיל, בעת זיין ארץ־ישראלדיקן באַזוך, דער דריטער — פון הערבערט סעמיועל דעם 3טן יוני. צווישן דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע דריי פירושים איז קיין סתירה נישטאָ; נאָך מער — זיי האַרמאָנירן אַלע מיט דעם נוסח פונעם מאַנדאַט, ווי ער איז פאַרעפנטלעכט אינעם פּראָיעקט פון דער ענגלישער רעגירונג.

די דעצידירנדיקע פראַגע וועגן סכום פון פּאָליטישע רעכט ווערט פאַר־ענטפערט דורך טשערטשילס ווערטער וועגן „אַ נאַציאָנאַלער היים“ במקום „דער נאַציאָנאַלער היים“. באַלס און סעמיועל האָבן דאָס זעלבע געזאָגט, אָבער אין אַ ווייניקער געשפּיצטער פאָרעם. באַלס האָט דאָס אויסגעדריקט מיט די ווערטער, אַז קיין ייִדישע רעגירונג וועט אין א״י קיינמאָל נישט זיין, כל־זמן ענגלאַנד האַלט דעם מאַנדאַט אין אירע הענט. בערך אינעם זעלבן נוסח האָט גערעדט סעמיועל.

צווישן די פירושים פון אַלע דריי דעקלאַראַציעס וועגן ייִדישער איינ־וואַנדערונג איז אויך נישט פאַראַן קיין וועזנטלעכע סתירה. באַלס האָט גע־זאָגט, אַז די אימיגראַציע וועט צוגעלאָזט ווערן אין דער מאָס, אין וועלכער ס׳וועלן וואַקסן די ווירטשאַפטלעכע כוחות פונעם לאַנד. טשערטשיל האָט פאַרזיכערט, אַז די אימיגראַציע וועט פאָרקומען פּאַמעלעך. ער האָט גערעדט וועגן די שוועריקייטן פון ייִדישער קאָלאָניזאַציע און האָט אַפילו נישט באַ־

האַלטן זיינע ספקות, צי וועלן די ציוניסטן זיין אימשטאַנד זיי גובר צו זיין. סעמיועל האָט בלויז אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער אַלגעמיינער פאָרמולע אַ קאָנקרעטן אינהאַלט.

די רעגולירונג פון אימיגראַציע, וואָס ווערט איינגעפירט דורך סעמיועלן, באַדייט אויך נישט קיין שרייענדיקע סתירה צו דער ביז איצטיקער פּאָליטיק. פּאַקטיש איז דאָך די אימיגראַציע סיי ווי באַשרענקט.

אויף אַזאַ אופן קומען מיר צום אויספיר, אַז סעמיועלס דעקלאַראַציע לויט איר אינהאַלט, שאַפט נישט קיין נייעם צושטאַנד, וואָס זאָל זיין אין פולער סתירה מיטן פריערדיקן. און דאָך איז דער ארץ־ישראלדיקער ישוב פולשטענ־דיק געדעכט, ווען ער האָט גלייך דערזען אין סעמיועלס דעקלאַראַציע אַ שווערן קלאַפּ פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע — ווייל דאָס דעצידירנדיקע אין סעמיועלס דעקלאַראַציע איז דער טאָן, און דער טאָן מאַכט, ווי באַקאַנט, די מוזיק.

אין תוך גענומען האָט טשערטשיל דאָס זעלבע געזאָגט. אָבער טשערטשיל האָט גערעדט פאַרן פּאָגראָם און סעמיועל נאָך אים. טשערטשילס דערקלערונג האָט נישט געהאַט קיין ווערטער פון חניפה צו די העצערישע עפענדיס און זיין סטיל איז געווען אַ זיכערער. און דווקא דער דאָזיקער טאָן האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף דער עפנטלעכקייט, נישט קוקנדיק אויפן אינהאַלט פון דער רעדע און דער פּערזאָן פונעם רעדנער. סעמיועעלס דעקלאַראַציע איז, פאַרקערט, געווען אַ לויב־געזאַנג פאַר די אַראַבישע אָנפירער, וועלכע האָבן אַראָפּגענומען די מאַסקע בשעתן פּאָגראָם אין יפו. חניפה און פאַרענטפערונג זענען די הויפּט־שטריכן פון דער דאָזיקער דערקלערונג. און די אַראַבער האָבן דערפילט אין דער דעקלאַראַציע די קראַפט פון זייערע פּאָגראָמשטשי־קעס. דאָס קען פאַרשטאַרקן זייערע תשוקות און דערוועקן דעם געדאַנק, אַז זייער פּאָגראָם־שליחות איז נאָך נישט פאַרענדיקט, און דאָ שטעקט די סכנה.



און דאָך ליגט דער שווערפּונקט פון דער לאַגע, אַפילו איצט, נאָך דער טרויעריקער סעמיועל־דעקלאַראַציע, אין יידישע הענט. וועלן זיך געפינען יידישע כוחות, און בפרט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס וועלן אין דער נאָענטסטער צייט אָנפירן אין לאַנד אַ ממשותדיקע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט — דאַן קען נאָך די לאַגע געראַטעוועט ווערן. אויב נישט, איז זי זייער, זייער טרויעריק.

פון דער בראָשור „פון באַלפור ביז סעמיועל“, פאַרלאַג „אַרבעטער־היים“, וואַרשע 1921.

# דער בריטישער מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל

דעם 3טן פעברואַר 1919 האָט די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע געשריבן אין איר מעמאָראַנדום צו דער שלום־קאָנפערענץ: „די פעלקער־ליגע וועט איבערנעמען די סוווערענע רעכט איבער ארץ־ישראל, גרויסבריטאַניע אַלס מאַנדאַטאָר (פּאַרטרויי־ונגס־מאַכט) וועט איבערנעמען פון דער פעלקער־ליגע די אַדמיניסטראַציע... פון פּאָ־ליטישן, אַדמיניסטראַטיוון און ווירטשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט וועט ארץ־ישראל גע־שטעלט ווערן אין אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זאָלן זיכערן די אויפריכטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים און זאָלן צום סוף מאַכן מעגלעך דאָס אויפשטעלן פון אַן אויטאָנאָמער רעפּובליק... מיר בעטן, אַז גרויסבריטאַניע זאָל דערפילן די ראָל פון מאַנדאַטאָר איבער ארץ־ישראל אין נאָמען פון דער פעלקער־ליגע...״

דעם 27טן אַפּריל האָט דער העכסטער ראַט פון די קאָאַליציע־מדינות אין זיין זיצונג אין סאַן־רעמאָ באַשלאָסן איינצוגלידערן די באַלפור־דעקלאַראַציע אין דעם שלום־אָפּמאַך מיט טערקיי און איבערגעגעבן גרויסבריטאַניע דעם מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל.

צוויי יאָר האָט געדויערט, איידער דער בריטישער מאַנדאַט איז ענדגילטיק באַ־שטעטיקט געוואָרן. אינצווישן האָט די ענגלישע רעגירונג באַדייטנדיק איינגעשרומפּן דעם כלומרשט פּראָ־ציוניסטישן אינהאַלט פון מאַנדאַט. אין דעם האָט אַ גרויסן חלק דער דעמאָלטיקער קאָלאָניע־מיניסטער ווינסטאָן טשערטשיל. לויטן פאָרשלאָג פון דער בריטישער רעגירונג האָט דער ראַט פון דער פעלקער־ליגע באַשלאָסן אין סעפּטעמבער 1922, אַז הגם עבר־הירדן גייט אַריין אין שטח פון דעם פּאַלעסטינער מאַנדאַט, זענען אָבער אויף דעם געביט פון עבר־הירדן נישט חל די תקנות וועגן דער יידישער נאַציאָ־נאַלער היים. בלויז דער מערב־טייל פון ארץ־ישראל איז געבליבן אָפן פאַר יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע.

טשערטשיל האָט אָבער נישט נאָר אַרומגעשניטן דעם געאָגראַפישן שטח פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים, ער האָט באַצייטנס געזאָרגט פאַר איינשרומפּן איר סאָ־ציאַלן און פּאָליטישן אינהאַלט. אין יוני 1922 האָט דאָס ענגלישע קאָלאָניע־מיניס־טעריום געשריבן אין זיין מעמאָראַנדום צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַלס „ווייסבוך״ פון דער בריטישער רעגירונג: „...מען האָט זיך באַנוצט מיט אויסדרוקן ווי למשל: „ארץ־ישראל וועט זיין אַזוי יידיש, ווי ענגלאַנד איז ענגליש״. די רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט דערקלערט: אַזאַ מין האָפענונג איז

אומעגלעך צו דערפילן און זי האָט גאָרנישט אַזאַ כוונה... זי וויל אויפמערקזאַם מאַכן אויפן פאַקט, אַז די אַנטשפּרעכנדיקע שטעלן אין דער דעקלאַראַציע זאָגן נישט, אַז ארץ־ישראל אַלס גאַנצע דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים, נאָר, אַז מען דאַרף גרינדן אַזאַ היים אין ארץ־ישראל... מען איז נישט אויסן אויפצווינגען די יידישע נאַציאָנאַליטעט אויף אַלע איינוווינער פון לאַנד, נאָר אַנטוויקלען דעם עקזיסטירנדיקן יידישן ישוב מיט דער הילף פון די יידן פון די איבעריקע וועלטטיילן, כדי ער זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ צענטער, אין וועלכן עס וועט זיך באַטייליקן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק מיט אינטערעס און מיט שטאָלץ צוליב רעליגיעזע און ראַסע־טעמים... די איינוואַנדערונג טאָר נישט איבערשטייגן די ווירטשאַפטלעכע אויפנאַם־פעיקייט פון לאַנד. עס איז אויך נויטווענדיק צו זיכערן, אַז מענטשן נישט געוווּנטשענע פון פאָליטישן שטאַנדפּונקט זאָלן נישט באַקומען קיין דערלויבעניש איינצוואַנדערן אין לאַנד...״

די ציוניסטישע לייטונג האָט געענטפערט, אַז זי „נעמט צו קענטעניש די דאָזיקע דעקלאַראַציע״ פון דער ענגלישער רעגירונג וועגן איר צוקונפטיקער פּאָליטיק אין ארץ־ישראל און זי וועט פירן איר טעטיקייט אין הסכם מיט דער דאָזיקער פּאָליטיק.

דעם 24טן יולי 1922 האָט דער ראַט פון דער פעלקער־ליגע פאַרעפנטלעכט דעם ענדגילטיק באַשטעטיקטן טעקסט פון בריטישן מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל. און אָט זענען די וויכטיקסטע פּאַראַגראַפן פון מאַנדאַט: די מאַנדאַט־רעגירונג האָט די פולע געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע קאָמפּעטענצן; דער מאַנדאַטאָר טראָגט די אחריות פאַר שטעלן דאָס לאַנד אין אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זאָלן זיכערן די גרינדונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים, די אַנטוויקלונג פון די זעלבסטפאַרוואַלטונגאַנשטאַלטן און דאָס אָפּהיטן די בירגערלעכע און רעליגיעזע רעכט פון אַלע איינוווינער אָן אונטערשייד פון נאַציע און רעליגיע; די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע ווערט אָנערקענט אַלס יידישע אַגענץ, וואָס איר אויפגאַבע וועט זיין צו דינען מיט עצות דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין אַלע ענינים, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער גרינדונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים; די פּאַלעסטינער אַדמיניסטראַציע וועט דערלייכטערן די יידישע איינוואַנדערונג און וועט העלפן דער קאָמפּאַקטער יידישער קאָלאָניזאַציע אין לאַנד, אַריינגערעכנט אויך אויפן רעגירונגס־באָדן און אויף וויסטןבאָדן; דער מאַנדאַטאָר וועט האָבן די אויפזיכט איבער די אויסלענדישע באַציונגען פון לאַנד; די פּאַלעסטינער אַדמיניסטראַציע וועט אָרגאַניזירן פרייוויליקע באַוואָפנטע כוחות צו היטן די אָרדענונג אין לאַנד און וועט אויסהאַלטן דעם מיליטערישן גאַרניזאָן, וואָס דער מאַנדאַטאָר וועט האַלטן אין לאַנד; אין די ענינים פון צאָל, האַנדל און טראַנזיט וועט אין ארץ־ישראל נישט זיין קיין שום אונטערשייד צווישן אַלע מדינות, וועלכע געהערן צו דער פעלקער־ליגע; די אָפיציעלע שפּראַכן זענען: ענגליש, אַראַביש און העברעיש.

דעם 22טן אויגוסט 1922 האָט די ענגלישע רעגירונג פאַרעפנטלעכט דעם גרונטגעזעץ פאַר ארץ־ישראל. די העכסטע געזעצגעבערישע מאַכט באַזיצט פאָרמעל דער ענגלישער קעניג, ד״ה פּאַקטיש דאָס ענגלישע קאָלאָניע־מיניסטעריום. דער קעניג נאָמינירט דעם הויך־קאָמיסאַר, וועלכער באַזיצט די העכסטע אַדמיניסטראַטיווע מאַכט אין לאַנד. עס זאָל געשאַפן ווערן אַ געזעצגעבערישער ראַט, וואָס וועט באַשטיין פון צען נאָמינירטע מיטגלידער (הויכע ענגלישע באַאַמטע, וועלכע פירן אָן די באַזונדערע צווייגן פון דער לאַנד־אַדמיניסטראַציע) און צוועלף געוויילטע מיטגלידער (8 מוסולמענער, 2 קריסטן, 2 יידן). אַקטיווע וואַל־רעכט באַקומען בלויז מענער אין עלטער פון 25 יאָר אָן, פּאַסיווע וואַל־רעכט — פון 30 יאָר אָן. אַלע געזעצן, וועלכע עס וועט אָננעמען דער געזעצגעבערישער ראַט, וועלן אַריינגיין אין קראַפט ערשט

נאָכדעם, ווי זיי וועלן באַשטעטיקט ווערן דורכן הויך־קאָמיסאַר. דער ראַט האָט נישט קיין איניציאַטיוו־רעכט אויפן געביט פון ביודזשעט און פינאַנצן.

דער הויך־קאָמיסאַר האָט דאָס רעכט אַרויסצושיקן פון לאַנד אָדער פאַרשיקן אין אַנדערע ענגלישע קאָלאָניעס מענטשן, וועלכע באַדראָען די אָרדענונג אין לאַנד. דער הויך־קאָמיסאַר וועט זיך באַראַטן וועגן די ענינים פון דער איינוואַנדערונג מיט אַ קאָמיסיע, וואָס וועט באַשטיין מינדסטנס פון אַ העלפט געוויילטע מיטגלידער פון געזעצגעבערישן ראַט.

די אַראַבער האָבן באָיקאָטירט די וואַלן צום געזעצגעבערישן ראַט, וועלכע זענען פּראָקלאַמירט געוואָרן אין יאָר 1923. זיי האָבן זיך אויך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן אין אַ נאָמינירטן ראַט.

די ציוניטסישע אָרגאַניזאַציע האָט אָפּגעשאַצט אויפן פאָלגנדיקן אופן דעם מאַנדאַט און די קאָנסטיטוציע פאַר ארץ־ישראל: „אויב מיר וועלן אָפּשאַצן אַלץ, וואָס איז געשריבן אין די דאָזיקע דאָקומענטן — באַלפור־דעקלאַראַציע, מאַנדאַט, קאָנסטיטוציע און די אינסטרוקציעס פאַרן הויך־קאָמיסאַר, — קען מען זאָגן מיט צופרידנקייט, אַז מיט דעם האָט מען דערגרייכט די עפנטלעכע און געזעצלעכע זיכערקייט פאַרן אויפבוי פון דער נאַציאָנאַלער היים...״ („ידיעות פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע״, 10טער אָקטאָבער 1922).

דער בריטישער מאַנדאַט איז אַריין ענדגילטיק אין קראַפט דעם 20טן סעפּטעמ־בער 1923. דעם 3טן דעצעמבער 1924 האָבן די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, וועלכע האָבן נישט געהערט צו דער פעלקער־ליגע, אָנערקענט דעם בריטישן מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל.

די אויפזיכט פון דער פעלקער־ליגע איבער די מאַנדאַטאָרן (ארץ־ישראל איז נישט געווען דאָס איינציקע מאַנדאַט־לאַנד) האָט זיך אויסגעדריקט אין נאָמינירן אַ מאַנדאַט־קאָמיסיע, וועלכע האָט באַטראַכט די יערלעכע באַריכטן פון די מאַנדאַטאָרן, האָט אויפגענומען פּעטיציעס פון דער באַפעלקערונג פון די באַטרעפנדיקע לענדער און פון די פאַרינטערעסירטע אינסטיטוציעס (ווי אַ שטייגער, די יידישע אַגענץ). די מאַנדאַט־קאָמיסיע פון דער פעלקער־ליגע האָט אָבער נישט געהאַט קיין פּאַקטישע השפעה אויף דער ענגלישער פּאָליטיק אין ארץ־ישראל.

דניאל לייבל

# דער בריטישער מאַנדאַט און דער בירנערלעכער ציוניזם

## 1

דעם 23טן דעצעמבער 1920 איז אונטערגעשריבן געוואָרן צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך דער „ענדגילטיקער" אָפּמאַך וועגן די גרענעצן פון ארץ־ישראל. אָנהייב פעברואַר 1921, ווידער, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער טעקסט פונעם ענגלישן פאַלעסטינע־מאַנדאַט, ווי ענגלאַנד האָט אים בדעה איצט פאָרצולייגן דעם ראַט פון פעלקער־בונד. ס'איז קלאָר, אַז די צוויי פאַקטן זענען ענג צוזאַמענגעבונדן. כל־זמן עס זענען נאָך נישט געווען פאַרווישט, לכל־הפּחות אָפיציעל, די חילוקי־דעות צווישן די בײדע אימפעריאַליזמען בנוגע די א"י־גרענעצן, האָט ענגלאַנד נישט געוואָלט אויפטרעטן מיט איר פּלאַן, מורא האָבנדיק פאַר אַ צו שטאַרקער אָפּאָזיציע מצד פראַנקרייך און אויך פאַר דער פראַנצויזישער אַגיטאַציע צווישן די אַראַבער אין פאַלעסטינע גופא. זי האָט אויך נישט געוווּסט, וועלכע פאָדערונגען זי קען שטעלן, און ווערנדיק אויסמיידן די פּאָליטישע מפּלה, האָט זי געמוזט פריִער רעגולירן די גרענעץ־פראַגע.

לכתחילה, לויט דעם ערשטן געהיימען אָפּמאַך, פון פאַר 5 יאָר, אײדער פאַלעסטינע איז אָקופּירט געוואָרן, ווען דאָס לאַנד איז געווען אַ בײזאַך, זענען די גרענעצן געווען צוגעשניטן דער עיקר לויטן סטראַטעגישן מיליטערישן צוועק: צו זיכערן פאַר ענגלאַנד דעם וועג פון קאַיִר איבער מעסאָפּאָטאַמיע קיין אינדיע. דאַן האָט מען פראַנקרייך געהאַט צוגעזאָגט אַ גרויסן טייל פון פאַלעסטינע אין צפון, ווי דער שטייגער איז, נישט לויט אַ געאָגראַפישן אָדער עטנאָגראַפישן פּרינציפּ, נאָר פשוט לויט אַ דיפּלאָמאַטישן הסכם.

אָבער שוין דאַן האָט ענגלאַנד געטראַכט, ווי פטור צו ווערן פונעם פראַנצויזישן קאָנקורענט און שותף. דער ענגלישער קאַפּיטאַל האָט פאַרשטאַנען די סכנה פאַר זיין מאָנאָפּאָל מצד דעם פראַנצויזישן אַליאירטן, וועלכער איז שוין דאָרט טיילווייז איינגעוואָרצלט, און באַלד געזוכט פּרעטענזיעס, ווי זיך אַרויסצודרייען פון ערשטן אָפּמאַך. איז געקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע, דאָס „פעלקער־באַפרייענדיקע" מענטעלע, פון איין זייט, און די פאַרשיידענע פּרוּוון פון אַן אַראַביש־פּייזוליסטישער אָריענטאַציע (די פּאָליטיק פון דער ערשטער פאַלעסטינער פאַרוואַלטונג) פון דער אַנדערער זייט. די קעגנזייטיקע מאַכינאַציעס פון בײדע קאָנקורענטן אין די באַזעצטע געביטן האָבן אָבער סוף־כל־סוף דערפירט צו אַזאַ אומזיכערקייט פון די אָקופּאַנטן גופא, אַז די

צווייַ שטאַרק־צעברוגזטע צדדים האָבן זיך דערלאַנגט די הענט, און ס׳איז געבוירן געוואָרן דאָס לעכערלעכע באַשעפעניש פון קרומע ליניעס, וואָס באַדייט די היינטיקע צפון־גרענעצן פון פּאַלעסטינע.

די טיילונג פון פּאַלעסטינע צווישן די אימפּעריאַליסטישע מלוכות, וואָס האָט נישט קיין יסוד אָדער אָנלען אין די עטנאָגראַפישע, געאָגראַפישע אָדער ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון לאַנד גופא, שטיצט זיך בלויז אויף דער מאַכט פון באַגנעטן און וועט דעריבער פון שטאַנדפּונקט פון געשיכטלעכע געשעענישן האָבן די זעלבע ממשות, ווי פיל אַנדערע באַשטימונגען פונעם אימפּעריאַליסטישן שלום אין ווערסאַל צי אין סעוור. זי האָט אָבער מעגלעך געמאַכט פאַר ענגלאַנד אַרויסצוטרעטן מיט אירע פאָדערונגען בנוגע דעם מאַנדאַט, וואָס דער פעלקער־בונד האָט איר איבערגעגעבן דורך דעם אָפּמאַך פון סעוור פון 2טן אויגוסט 1920. די אונטערהאַנדלונגען מיט די טערקישע פאָרשטייער, וועלכע דאַרפן פאָרקומען די טעג, האָבן נענטער געמאַכט דעם דאָזיקן שריט, וועלכער דאַרף אויך אויפקלערן, ווי אַזוי די קאָאַליציע האָט בדעה צו ליקווידירן די ירושה פון דעם אַמאָליקן טערקיי. טוט מען עס אָבער נישט אָפיציעל. מ׳לאָזט דעם פּראָיעקט פון דעם מאַנדאַט אין דער פּרעסע אָן וועלכער ס׳איז דערקלערונג, כדי צו לאָזן זיך „פרייע הענט“.

„פרייע הענט“ איז באמת דער אינהאַלט אויך פון גאַנצן מאַנדאַט. דער אַרטיקל 1 גיט איבער דער ענגלישער מלוכה אין פּאַלעסטינע אַלע פולמאַכטן, ווי עס געהערט צו יעדער רעגירונג פון אַ סוווערנעם, אומאָפּהענגיקן שטאַט (ד״ה, אַז ענגלאַנד איז אין פּאַלעסטינע ווי ביי זיך אין דער היים) אויף וויפל זיי ווערן נישט באַגרענעצט אינעם אָפּמאַך. קוקט מען זיך אָבער צו צום אָפּמאַך, דערזעט מען באַלד, אַז אייגנטלעך זענען דאָרט פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם גאָר קיין באַגרענעצונגען נישט פאַראַן. אַלע פונקטן זענען דאָרט אַזוי פאָרמולירט, אַז גאָרנישט וועט נישט שטערן דעם ענגלישן מאַנדאַטאָר, צו לאָזן זיי אויפן פּאַפּיר נישט אויסגעפירטערהייט.

דער אַרטיקל 2, אין וועלכן ס׳ווערט אַרויפגעלייגט אויף ענגלאַנד די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו שאַפן אין לאַנד אַזעלכע פּאָליטישע אַדמיניסטראַטיווע און ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען, וואָס זאָלן זיכערן די שאַפונג פון אַ „יִדישער נאַציאָנאַלער היים“, די אַנטוויקלונג פון זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אינסטיטוציעס און דאָס אָפּהיטן פון די בירגערלעכע און רעליגיעזע רעכט פון אַלע איינוווינער אין פּאַלעסטינע — איז נאָך דער קלאָרסטער פון אַלע. עס בלייבט אָבער נישט באַשטימט, וואָס איז עס אַזוינס „נאַציאָנאַלע היים“, און אין וואָסער טעמפּ דאַרפן אַנטוויקלט ווערן די זעלבסטפאַרוואַלטונג־אינסטיטוציעס. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר נישט באַשטימטע באַגריפן לגבי די אייגענע יוצר־משרתים פון דעם אייגענעם „פעלקער־בונד“ וועט די ענגלישע אימפּעריאַליסטן זיכער נישט אָפּשרעקן פון צו טון דאָס, וואָס וועט זיך אויסווייזן נוצלעך פאַר זייערע אינטערעסן.

בנוגע די לאָקאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונגען (אַרטיקל 3) איז שוין דער פּראָיעקט אָפנהאַרציקער: ענגלאַנד דאַרף זיי שטיצן... אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל זיי לאָזן זיך פאַרבינדן מיט די „הערשנדיקע באַדינגונגען“.

דער אַרטיקל 4 זאָגט אָן, אַז עס דאַרף אָנערקענט ווערן אַ געהעריקע יידישע פאַרטרעטונג, וועלכע זאָל עצהנען און העלפן דער פאַרוואַלטונג פון פאַלעסטינע בנוגע די אַלע ווירטשאַפטלעכע, סאָציאַלע און אַנדערע ענינים, וואָס קענען האָבן אַ השפעה אויף דער שאַפונג פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים און אויף די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די דאָזיקע פאַרטרעטונג זאָל אונטער דער שטענדיקער השגחה פון דער פאַרוואַלטונג באַטייליקן זיך און צוהעלפן צו דער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד. שוין די בלויזע אויפגאַבע „צו עצהנען און העלפן“ און די פראַזע „אונטער דער השגחה“ ווייזן אָן, אַז ענגלאַנד וועט האָבן די פולע מעגלעכקייט די דאָזיקע „עצות“ און הילף צו באַהאַנדלען לויט אירע פּאָליטישע קאָמבינאַציעס און כוונות.

נאָך קלאָרער ווערט עס אָבער, ווען עס רעדט זיך וועגן דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע אַלס דער איצטיקער יידישער פאַרטרעטונג. עס ווערט דאָרט קלאָר און אָן באַוואָרענישן אַרויסגעזאָגט, אַז נאָר אַזוי לאַנג וועט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זיין די אָנערקענטע פאַרטרעטערשאַפט, ווי לאַנג זי וועט זיין פּאַסיק פאַר ענגלאַנד. דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ווערט געגעבן דער אָנווייז צוצוציִען צו דער אַרבעט אַלע יידן, וואָס ווילן מיטאַר־בעטן ביים אויפבוי פונעם לאַנד — אויך אַ וועגעלע צו קענען זיך שאַפן אַ נייע פאַרטרעטונג, ווען דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זאָל ווען עס איז איינפאַלן נישט צו טאַנצן אויפן שטריקל פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם.

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל ווערט באַנוצט צום ערשטן מאָל דאָס וואָרט די „פאַרוואַלטונג פון פאַלעסטינע“. ווער איז עס די פאַרוואַלטונג, ווי אַזוי ווערט זי געשאַפן, — ווערט נישט געזאָגט. ענגלאַנד דאַרף האָבן „פרייע הענט“.

און נישט בחינם מיידט מען אויס צו זאָגן, ווער עס זאָל זיין די „פאַר־וואַלטונג“ פון פאַלעסטינע. כדי צו דערהאַלטן דעם אָנשטעל בלויז פון אַ כלומרשטן פאַראַנטוואָרטלעכן „מאַנדאַט“ איבער פאַלעסטינע, זאָגט דער אַרטיקל 17, אַז די „פאַרוואַלטונג“ מעג שאַפן אויף פרייוויליקע יסודות די כוחות, וואָס זענען נויטווענדיק צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. גיט מען אָבער באַלד צו, אַז דאָס דאַרף געשאַפן ווערן נאָר אונטער דער השגחה פונעם מאַנדאַטאָר, וועלכער טאָר די חיילות נישט אויסנוצן פאַר אַנדערע צוועקן, סיידן מיט דער הסכמה פון דער „פאַרוואַלטונג פון פאַלעסטינע“. דאָ קריכט אַרויס די אָל פונעם זאַק. די ענגלישע פאַרוואַלטונג פון פאַלעסטינע דאַרף עס זיין די אינסטאַנץ, וואָס פון איר איז אָפּהענגיק דאָס לעבן און דאָס בלוט פון די פאַלעסטינער איינוווינער. זי וועט עס משפטן, צו וועלכע מיליטערישע אונטערנעמונגען פון די ענגלישע אימפּעריאַליסטן זאָלן די „פרייוויליקע“ כוחות פון פאַלעסטינע צוגעצויגן ווערן מיט גוואַלט, און זי וועט דאָס זיין דער פּוסק־אחרון, וואָס הייסט לאַנד־פאַרטיידיקונג און וואָס נישט. ס'איז אינ־טערעסאַנט, אַז אין דעם פּונקט איז אַפילו נישט אַריינגעקומען די געוויינ־לעכע באַגרענעצונג אין אַזעלכע פאַלן, וועלכע זאָגט, אַז דאָס מיליטער קען באַנוצט ווערן בלויז אין לאַנד גופא. דער ענגלישער מיליטאַריזם דאַרף מיליטער, און אַלע זיינע קאָלאָניעס און האַלב־קאָלאָניעס, ווייסע ווי שוואַר־צע, מוזן ווערן צושטעלער פאַר די אויסגעליידיקטע רייען.

דער שפּיל אין „מאַנדאַטאָר" און „פאַרוואַלטונג" דערמאָנט דאָס אַנט־ציקנדיקע בילדל פון שלום־עליכם: „געצל" און „גויעצל".

ווי קאָמיש דאָס זאָל נישט זיין, איז עס אָבער גענוג ערנסט פאַר דער באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע, וועלכע זאָל אויסגעליפערט ווערן דער גוואַלט־מאַכט פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם.

פאַר דער פרייער האַנט פונעם ענגלישן מאַנדאַטאָר וועט אויך זיין נוצלעך דער פּונקט 6, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם, אַז די ענגלישע פאַרוואַלטונג דאַרף פאַרלייכטערן די יידישע איינוואַנדערונג און צוזאַמען מיט דער יידישער פאַרטרעטונג שטיצן דעם „געשלאָסענעם ישוב" פון יידן, נעמענדיק אין חשבון די מלוכהשע און ליידיקע ערד, וואָס איז נישט נייטיק פאַר עפנטלעכע צוועקן, מיט דער גערעכטער באַוואָרעניש, אַז עס זאָלן נישט געשעדיקט ווערן די רעכט און די לאַגע פון די אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג. די דאָזיקע באַוואָרעניש קען תמיד אויסגענוצט ווערן צו צעשטערן דעם גאַנצן בנין.

די פאַרוואַלטונג פון פּאַלעסטינע איז אויך, ביי אַלע אָנצוהערענישן וועגן דער צוזאַמענאַרבעט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, לגמרי נישט מחויב צו שליסן וועלכע נישט איז אָפּמאַכן מיט דער „יידישער פאַרטרעטונג". לויטן אַרטיקל 11 האָט די פאַרוואַלטונג בלויז דאָס רעכט אויף אַזעלכע אָפּמאַכן בנוגע די אַרבעטן, וואָס זי פירט נישט אויס אויפן אייגענעם חשבון. דער פּונקט שטעלט זיך פאַר די אַרבעט פון דער „יידישער פאַרטרעטונג" אַלס קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונג און דעריבער געפינט מען פאַר נייטיק צו פאַרצייכענען, אַז דער ריווח, וואָס ווערט צעטיילט דירעקט אָדער אומדי־רעקט, טאָר נישט איבערשטייגן דעם געוויינלעכן צינזן־פוס, און דאָס איבע־ריקע דאַרף באַנוצט ווערן לטובת דעם לאַנד, אויף אַזא אופן. וואָס די פאַר־וואַלטונג וועט האַלטן פאַר גוט.

מ'זעט בולט: דער ענגלישער קאַפּיטאַל האָט אין זיינע עשרת־הדברות דעם זאַץ: דו זאָלסט נישט האָבן קיין קאַפּיטאַל אַ חוץ מיר! די פולע פרייהייט פון אומבאַגרענעצטן ריווח זאָל האָבן אין פּאַלעסטינע בלויז ענגלאַנד, פאַר דער יידישער בורזשואַזיע לאָזט מען איבער בלויז דעם נאַציאָנאַלן אידעאַל.

.2

מיר האָבן באַטראַכט די וויכטיקסטע פּונקטן פונעם מאַנדאַט־פּראָיעקט און געזען, אַז אַפילו אויפן פּאַפּיר איז אין זיי נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל אָפּהאַלטן ענגלאַנד פון צו טון דאָס, וואָס איר וועט זיין ניחא.

און אויך בנוגע די אינטערנאַציאָנאַלע באַציונגען לאָזט זיך ענגלאַנד נישט בינדן די הענט. דער אַרטיקל 5 מאַכט דעם „מאַנדאַטאָר" פאַר אַ שומר פון דער פּאַלעסטינער טעריטאָריאַלער „גאַנצקייט"; דער אַרטיקל 8 שאַפט אָפּ די פריערדיקע פּריווילעגיעס פון אויסלענדער; דער אַרטיקל 10 מאַכט גילטיק אויך פאַר פּאַלעסטינע די אַלע אָפּמאַכן, וואָס ענגלאַנד האָט געשלאָסן וועגן אַרויסגעבן פאַרברעכער — ביז עס וועלן געשלאָסן ווערן באַזונדערע אָפּמאַכן מיט פּאַלעסטינע; אין די אַרטיקלען 13, 14 און 15 נעמט אויף זיך דער מאַנדאַטאָר די גאַנצע „אַחריות" בנוגע די הייליקע ערטער און רעלי־

גיעזע אינסטיטוציעס, ד״ה, פאַקטיש ווערט ער דער איינציקער באַלעבאָס איבער זיי; אַרטיקל 19 באַשטימט, אַז אַלע אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַלע אָפּ־מאַכן ווערן פאַר פאַלעסטינע געשלאָסן דורכן מאַנדאַטאָר. אפילו אינעם אַר־טיקל 18, ווו עס ווערט געפאָדערט, אַז די סחורות פון אַלע מלוכות, וואָס זענען מיטגלידער פון פעלקער־בונד, זאָלן באַהאַנדלט ווערן אויף אַ גלייכן אופן — איז באַלד צוגעגעבן געוואָרן, אַז די פאַרוואַלטונג קען לויט דער עצה פונעם מאַנדאַטאָר אַרויפלייגן אַזעלכע שטייערן און גרענעץ־אָפּצאָלן, ווי זי וועט האַלטן פאַר פאַסיק אויף צו אַנטוויקלען די נאַטירלעכע אוצרות פונעם לאַנד.

דער פשט דערפון איז פשוט: ענגלאַנד באַקומט דאָס רעכט צו רעגולירן די אַנטוויקלונג פון די פאַלעסטינער נאַטירלעכע אוצרות לויט איר אייגענער אָפּשאַצונג און אינטערעס, און וועט עס מן־הסתם געהעריק אויסנוצן. אייך זאַך איז אָבער נישט קלאָר: די צייט ווי לאַנג דער מאַנדאַט דאַרף דויערן. און אינטערעסאַנט איז עס שוין דעריבער, וואָס אין אַרטיקל 27 ווערט גע־זאָגט, אַז נאָכן אָפּלויף פונעם מאַנדאַט נעמט איבער דער ראַט פון פעלקער־בונד די גאַראַנטיעס צו זיכערן די רעליגיעזע רעכט און די דערפילונג פון יענע פינאַנציעלע חובות פון פאַלעסטינע, וואָס וועלן געמאַכט ווערן אין דער צייט פונעם מאַנדאַט. בחינם אָבער זוכט מען אינעם מאַנדאַט אַן אָנווייז אָדער אַ ווונק וועגן דעם; און ס׳איז ווערט צו באַמערקן, אַז די הקדמה צום מאַנדאַט רופט נישט אָן געניו דעם פריערדיקן געשיכטלעכן אַקט, דורך וועלכן דער מאַנדאַט איבער פאַלעסטינע איז איבערגעגעבן געוואָרן צו ענגלאַנד, ווייל דער טראַקטאַט פון סעוור האָט בלויז באַשלאָסן אין פּרינציפּ, אַז ס׳דאַרף געשאַפן ווערן אַ מאַנדאַט. אַפּנים, אַז דאָ האָבן מיר צו טון מיט אַ סוד פון יענע סודות, וואָס מען ווערט געוווירער ערשט דעמאָלט, ווען זיי פּלאַצן.

און, ווידער, דער קאָנטראָל מצד דעם פעלקער־בונד באַשטייט אין דעם, וואָס ענגלאַנד דאַרף אים יעדעס יאָר צושטעלן באַריכטן וועגן דעם, וואָס זי האָט אויפגעטון, כדי דורכצופירן די באַשטימונגען פונעם מאַנדאַט, און דער אויבערשטער אינטערנאַציאָנאַלער בית־דין ביים פעלקער־בונד דאַרף אַנטשיידן אין פאַל פון אַ סכסוך, ווי אַזוי מען דאַרף פאַרשטיין דעם אָדער יענעם פונקט (אַרטיקל 25 און 26). דער לייב איז געגאַנגען צום וואָלף, ער זאָל אים פסקענען הלכות טריפה...

ווי מיר זעען, גיט נישט דער מאַנדאַט קיין שום גאַראַנטיע, אַז די הבטחות פון ענגלאַנד וועלן מקוים ווערן.

דער מאַנדאַט ווייזט בולט דאָס, וואָס מיר האָבן די גאַנצע צייט אויפ־געוויזן. ענגלאַנד גייט עס כלל נישט וועגן דער יידישער נאַציאָנאַלער היים, נאָר וועגן אירע אייגענע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן אויפן מזרח און זי זוכט אויסצונוצן די ציוניסטישע שטימונגען און לאָזונגען נאָר אויף וויפל זי קען מיט זיי פאַרשלייערן אירע כוונות און אַפּעטיטן.

„נייע וועלט״, וואַרשע, 25טער פעברואַר, און
„נייע צייטונג״, וואַרשע, 4טער מערץ 1921.

זרבבל

# נאָך דער באַשטעטיקונג פון מאַנדאַט

דער ענגלישער מאַנדאַט איבער פּאַלעסטינע איז ענדלעך באַשטעטיקט געוואָרן דורכן ראַט פון פעלקער־בונד. די ציוניסטישע פּאָליטיקער פלייסן זיך צו אָרגאַניזירן אַ באַוועגונג פון פאָלקס־פרייד אַרום דעם דאָזיקן פאַקט. מען שאַפט אַ נייעם „שיר המעלות" און אויך דעם אַלטן „בשוב אדוני" זינגט מען מיטן ניגון פון „התקוה". ד"ר ווייצמאַן איז מבשר דעם ייִדישן פאָלק, אַז „מיר האָבן דערגרייכט די „אתחלתא דגאולה". און דאָך...

דאָך פילט זיך נישט קיין יום־טוב, קיין דערהויבנקייט. אַפילו די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט בשעתו אַרויסגערופן ביים ברייטן ייִדישן עולם מער ענטו־זיאַזם און אַ טיפערע שטימונג פון אויפמונטערונג, ווי דער איצטיקער אַקט פון אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. איצט קומט אַפילו ד"ר טהאָן און באַטראַכט דעם מאַנדאַט ווי די „פּאַפּירענע בריק", אויף וועלכער ייִדן וועלן גיין קיין ארץ־ישראל. אמת, ביים ציוניסטישן מטיף איז עס נישט קיין גרינגשעצונג און אַוודאי נישט קיין פאַרמינערונג פון דער ווערט פון מאַנדאַט. אדרבה, ער ברייעט אויס גאַנץ אויספירלעך, אַז אַ פּאַפּירענע בריק איז גראָד די איינציק־מעגלעכע און פּאַסיקע אויף צו גיין איבער איר. האָט ער דאָך אַ כלל גדול, אַז אויף קיין אייזן קען מען זיך נישט אָנשפּאַרן, און אַז אויף באַגנעטן קען מען זיך נישט האַלטן. טאָ קומט דאָך ממילא אויס, אַז זיכער קען מען נאָר זיין מיטן פּאַפּיר. אַ נייער גלגול פון אַן אַלטן פסוק: לא בחייל ולא בכח כי אם... בפּאַפּיר.

האָבן אָבער די עטלעכע יאָר פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע אויסגעלערנט אַפילו די ברייטערע קרייזן פון פשוטע ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר צו באַציִען זיך איינגעהאַלטענער און סקעפּטישער צו פּאַפּירלעך פון אינטערנאַציאָנאַלן כאַ־ראַקטער. און גראָד איצט, אין „גרויסן היסטאָרישן מאָמענט", ווען די דעקלאַ־ראַציע איז אויפגענומען געוואָרן דורכן פעלקער־בונד גופא, גייט שוין דער פשוטער ייִד נישט „אַרויס פון די כלים" און ער פרעגט זיך נאָר גאַנץ פּראָ־זאַיִש: צי מיינט עס, אַז מען וועט קענען פאָרן קיין ארץ־ישראל? אָ, געוויס. היינט צו טאָג איז שוין אויך ביי אים געמאָלט, אַז דער מאַנדאַט זאָל זיין

באַשטעטיקט, און פונדעסטוועגן זאָל מען נישט קענען פאָרן קיין פּאַלעסטינע. ביי אים לייגט זיך שוין אויפן שכל, אַז צוליבן מאַנדאַט זאָלן גראָד און דווקא ייִדן נישט קענען פאָרן קיין פּאַלעסטינע.

ווייל זינט דער באַלפור־דעקלאַראַציע ביז צו דער באַשטעטיקונג פון מאַנדאַט זענען פאָרגעקומען פאַקטן וואָס האָבן אויך דעם נאַיוון ציוניסטישן עולם געגעבן האַרט צו פאַרשטיין, אַז ווייטיק איז נישט די דעקלאַראַציע און נישט דער מאַנדאַט אַפילו, נאָר דער פּירוש וואָס מען גיט אויף זיי אין לעבן, אין דער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט. ווער ווייסט עס נישט, אַז דווקא די שליחים פון „זיין מאַיעסטעט רעגירונג" האָבן געהאָלפן אין פּאַלעסטינע גופא צו אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף ייִדן, אַז גראָד דער ערשטער ייִדישער „נציב העליון" איבער פּאַלעסטינע האָט אָפּגעשטעלט די ייִדישע אימיגראַציע אין די טעג פון סאַן־רעמאָ, און אַז גראָד דער זעלבער טשערטשיל, וואָס האָט אין פּאַרלאַמענט אַזוי וויציק און שאַרפזיניק געענטפערט די קעגנער פון מאַנדאַט, אַז ער האָט עס געגעבן דעם פּירוש פון 3טן יוני, וואָס האָט צעשטערט אַזוי פיל ערלעכע און הערלעכע אילוזיעס וועגן דער ציוניסטישקייט פון מאַנדאַט.

קנאַפּע וואָכן פאַר דער באַשטעטיקונג פונעם מאַנדאַט האָט די ענגלישע רעגירונג פאַרעפנטלעכט אירע שפּאָגל־נייע פּירושים צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע. זייער צוועק איז געווען צו איבערצייגן די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע וועלט, אָבער קודם־כל די אַראַבישע דעלעגאַציע, אַז דער מאַנדאַט מיינט בשום אופן נישט פּאַלעסטינע זאָל ווערן ייִדיש, ווי ענגלאַנד, אַ שטייגער, איז ענגליש; אַז מ'האָט לחלוטין נישט בדעה צו לאָזן אַ פרייע ייִדישע איינוואַנדערונג, נאָר פאַרקערט, — מ'וועט זי שטרענג צופּאַסן צו די עקאָנאָמישע אויפנאַמס־מעגלעכקייטן פון לאַנד; אַז בפרט וועט מען אַכטונג געבן און זאָרגן, נישט אַריינלאָזן קיין עלעמענטן וואָס זענען פּאָליטיש שעדלעך און אומגעוווּנטשן, און, לסוף, דאָס וויכטיקסטע — אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וועט לגמרי נישט האָבן אַ וועלכן ס'איז איינפלוס אויף דער אַדמיניסטראַציע פון לאַנד.

אַזוי האָט געקלונגען די לעצטע פייערלעכע דערקלערונג פון דער ענגלישער רעגירונג. און דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז געווען, וואָס דער דאָזיקער פּירוש האָט באַקומען די פולע צושטימונג אויך פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. ס'פאַרשטייט זיך, אַז אַ מאַנדאַט, וואָס קומט באַלד דערויף, איז נישט מסוגל צו וועקן ביי קיינעם קיין אילוזיעס. אויך די מער ניכטערע צווישן די ציוניסטישע פּאָליטיקער האָבן דעם מוט אָנצווייזן אויף די גרינטלעכע שינויים, וואָס זענען פאַר דער צייט פאָרגעקומען אין טעקסט פון מאַנדאַט גופא, אויף וויפל ער איז נוגע ייִדן. אויך זיי קענען נישט אָפּלייקענען, אַז דער מאַנדאַט הייסט אַ פאַרשטאַרקונג פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט אין פּאַלעסטינע, אַז זי וועט עס זיין דער פּוסק אחרון אין אַלע אָנגעלעגנהייטן וואָס האָבן אַ שייכות צו די בלוטיקסטע אינטערעסן פון די איינוואַנדערנדיקע ייִדישע מאַסן אין פּאַלעסטינע. אויך זיי ווייסן איצט, אַז די „ייִדישע אַגענץ", די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועט דורכן מאַנדאַט אויפגערופן ווערן צו זיין אַן אָפיציעלער משרת און טרייער דינער פון די ענגלישע אינטערעסן אין

פּאַלעסטינע, אַז די ציוניסטן דאַרפֿן העלפֿן ענגלאַנד צו בויען די ייִדישע נאַציאָנאַלע היים, אַז אויף אַזאַ אופֿן ווערט דער טרעגער פֿון דער כלומרשטער ייִדישער „גאולה" נישט דאָס ייִדישע פֿאָלק, נאָר, ווי משונהדיק ס'זאָל נישט קלינגען — דער בריטישער אימפּעריאַליזם.

די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט לײַדט אַמײנסטן און אויפֿן סאַמע דירעקטן אופֿן פֿון די אַנאָמאַליעס פֿון ייִדישן לעבן, און איר אַוואַנגאַרד האָט שוין פֿון לאַנג אָנגעצייכנט פֿאַר איר דעם וועג פֿון קאַמף פֿאַר דער פֿולער ענדערונג פֿון די יסודות פֿון דער ייִדישער עקאָנאָמיק און דער אַקטיווער מיטווירקונג אינעם פּראָצעס פֿון דער ייִדישער טעריטאָריאַלער קאָנצענטרירונג אין פּאַ־לעסטינע. די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט, געפּרווּווט און געלייטערט אין פֿייער פֿון שטענדיקן קאַמף פֿאַר אַרבעט און רעכט, ווייסט ווי אָפּצושאַצן דעם ווערט פֿון די אַלע בורזשואַזע הבטחות און פֿאַפּירענע גליקן פֿון דער קאַפּיטאַליס־טישער וועלט און איז דעריבער קיינמאָל נישט באַגייסטערט געוואָרן פֿון די באַלפֿור־דעקלאַראַציעס און נישט איבעראַשט געוואָרן צוליב טשערטשילס פּירושים.

בפֿרט האָט זי זיך געלערנט, אַז דער אויפֿבוי פֿון אַ ייִדישער אַרבעטער־געזעלשאַפֿט אין פּאַלעסטינע איז נישט קיין ענין פֿון דעקלאַראַציעס און מאַנ־דאַטן, נאָר אַ שווערער ליידנספֿולער וועג פֿון אַרבעט און קאַמף פֿון גרויסע אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער־מאַסן, וואָס וועלן אויפֿשטעלן זייערע פּאָזי־ציעס נישט „כדי צו העלפֿן דער ענגלישער רעגירונג", נאָר גראָד כדי צו פֿירן דעם ביטערסטן און אַנטשיידנסטן קאַמף קעגן איר און קעגן איר פֿאַר־ברעכערישער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע, ווי אין גאַנצן מזרח. די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט ווייסט גוט, אַז דער מאַנדאַט אַפֿילו, און גראָד דער באַשטעטיקטער, וועט נישט דערליידיקן די סיכסוכים מיט די אַראַבער נאָר אין אַ גרויסער מאָס זיי נאָך ערשט אויפֿפֿלאַקערן, ווייל ער וועט געבן נײַעם שטאָף די אַראַבישע עפֿענדיס און פּריצים אויפֿצורייצן די נאַציאָ־נאַליסטישע און ווילדע אינסטינקטן פֿון די פֿאַרשקלאַפּטע האָרעפּאַשנע אַראַ־בישע מאַסן. זענען דאָך אַלע פּירושים און דערקלערונגען פֿון דער ענגלישער רעגירונג אויסגערעכנט דערויף, צו רייצן נאָכאַנאַנד די ייִדן מיט די אַראַבער קעגנאַנאַדער, כדי צו שלעפּן ביידע אין נעץ פֿון אירע רויב־פּלענער. די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט האָט איר אייגענעם וועג פֿון פֿאַרטיידיקונג. נישט צווישן די ייִדישע בועזים און אַראַבישע עפֿענדיס, אויך נישט צווישן אַראַ־בישע אַרבעטער און ייִדישע גאולה־פּריצים, דאָ איז נישטאָ און אויך נישט מעגלעך קיין שום צונויפֿרעדן זיך, קיין שום פֿאַרשטענדיקונג. די פֿאַרשטענ־דיקונג קען און מוז אויפֿגעשטעלט ווערן נאַטירלעכערהייט צווישן די אַר־בעטנדיקע און האָרעפּאַשנע מאַסן ייִדן און אַראַבער אויפֿן יסוד פֿון זייער אַרבעט און קאַמף קעגן די בשותּפֿותדיקע שונאים: די אימפּעריאַליסטישע אָקופּאַציע און קאַפּיטאַליסטישע עקספּלאָטאַציע, פֿון וועלכער זייט זיי זאָלן נישט קומען און וואָס פֿאַרא נאַציאָנאַלע גאולה־לאָזונגען זיי זאָלן נישט טראָגן.

דער באַשטעטיקטער מאַנדאַט פֿאַרענדיקט אַן עטאַפּ פֿון ציוניסטישער פּאָליטיק, פֿון דיפּלאָמאַטישע אילוזיעס, פֿון הויכשטאַפּלעריי און שתּדלנות,

וואָס האָבן יאָרנלאַנג געשפּיזט אַ פאָלק מיט הבטחות און מליצות. פון שטאַנדפּונקט פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק און רעכט האָט ער אַ ווערט און אַ ממשות, כל־זמן און אויף וויפל ס׳האָט אַ וועלכע ס׳איז ממשות יעדער אַנדערער בירגערלעכער אינטערנאַציאָנאַלער אָפּמאַך, כל־זמן און ווי ווייט ס׳האָט אַ וועלכע ס׳איז ווערט אַזאַ אינסטיטוציע ווי דער פעלקער־בונד.

די אויפגאַבע פון דער יידישער אַרבעטער־פּאָליטיק איז באַמיען זיך אויסצונוצן אַלע נייע מעגלעכקייטן פון שאַפן פאַר זיך און פאַרפעסטיקן נייע אַרבעטס־ און קאַמפס־פּאָזיציעס. גלייכצייטיק פאַרהיטן די אַלע דערוואָרבענע און אויסגעקעמפטע דערפאַרונגען, נישט אָפּטרעטנדיק קיין האָר פון דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־ליניע און ריכטיק פאַרשטאַנענע אַרבעט־ און קאַמפס־אינטערעסן.

דער באַשטעטיקטער מאַנדאַט ראַטיפיצירט ענגלאַנדס שליטה איבער פּאַלעסטינע: אַ דאַנק אים קען אויך די ציוניסטישע, און וואַרשיינלעך אויך די אָרטאָדאָקסישע, יידישע בירגערלעכע אָרגאַניזאַציע קריגן נייעם פּאָליטישן כוח און ווירטשאַפטלעכע באַדייטונג. שטייט מער ווי ווען עס איז די געפאַר, אַז די יידישע אַרבעטערשאַפט זאָל גראָד געטראָפן ווערן נישט צוגעגרייט; דאָס טאָר נישט דערלאָזן ווערן, דאָס וועט נישט דערלאָזן ווערן, אויב דער קאַמף וועט זיך אָנהייבן שוין, תיכף אויפן שטעל, אויב די ברייטסטע יידישע אַרבעטער־שיכטן וועלן צושטייך צו אים.

די קאַפּיטאַליסטישע וועלט האַלט נאָך אויף איר ממשלה סיי אין לעבן און סיי איבער די מוחות און הערצער. די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט פירט נישט מיט איר קיין ברוגז, נאָר אַ קאַמף. איר טאַקטיק איז נישט אַוועקצוגיין פון די פאַקטן, נאָר זיי צו ענדערן. נישט נאָר דער קאַמף אַרום פּאַלעסטינע אויפן אינטערנאַציאָנאַלן געביט איז אַ קאַמף פאַר מאַכט. אויך דער קאַמף אין פּאַלעסטינע און אומעטום אין דער יידישער גאַס איז אַ קאַמף פאַר מאַכט; פאַר אַנטשיידן וועד פון די קלאַסן אין דער יידישער נאַציע ס׳וועט לייגן זיין חותם אויף דער פאָרמירונג און אינהאַלט פון נייעם לעבן אין פּאַלעסטינע, וועמענס אידעאַלן און לאָזונגען ס׳וועלן קריגן חיות און קראַפט אין פּראָצעס פון אויפבוי פון נייעם טעריטאָריאַלן צענטער.

די יידישע אַרבעטערשאַפט ווערט גערופן צו שטעלן זיך אויף דער וואַך אין מאָמענט ווען ס׳הערן אויף פּאַפּירענע נצחונות און ס׳מוז זיך אָנהייבן אַ תקופה פון אַרבעט און קאַמף.

„פריייטיק״, וואַרשע, 4טער אויגוסט 1922.

ל. שמעוני

# די ענגלישע מתנה

**אויסצוג פון אַ רעדע פונעם דעפּוטאַט ל. ראַבינאָ־ וויטש (ל. שמעוני) פון דער פראַקציע „לינקע פּועלי־ ציון" אין ליטע, אויף דער יידישער נאַציאָנאַלער פאַר־ זאַמלונג אין ליטע, קאָוונע דעם 26.XI 1923, פאַרעפנט־ לעכט דורכן יידישן נאַצ׳־ראַט אין ליטע, פראָטאָקאָל — ביילאַגע צו דער „יידישער שטימע", קאָוונע, דעם 27־טן נאָוועמבער 1923.**

...לאָמיר זיך אומקערן צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס איז פראָקלאַ־ מירט געוואָרן דורך בריטאַניע סוף דער וועלט־מלחמה. ענגלאַנד האָט אונדז געשענקט די דאָזיקע דעקלאַראַציע נאָך דער בלוט־באָד, וואָס זיי האָבן געמאַכט אין גאָר דער וועלט; ענגלאַנד האָט געזוכט אַ באַרעכטיקונג פאַר דער וועלט־ מלחמה, פאַר איר „געוויסן", האָט זי גענומען טענהן, אַז זי איז חלילה נישט אַריין אין קריג צוליב אירע אייגענע אינטערעסן, נאָר כדי צו באַפרייען אונ־ טערדריקטע פעלקער און צווישן זיי דאָס יידישע פאָלק, אָבער ס׳איז קלאָר, אַז ענגלאַנד האָט געוויס נישט געמיינט די טובה פון דער ציוניסטישער אָר־ גאַניזאַציע און נישט פון יידישן פאָלק, זי איז דאָך אויסן געווען אירע אייגענע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן.

די צייטן פון סאַן־רעמאָ פאַלן זיך צונויף מיט די צייטן פון די פּאָגראָמען פון פעטליוראַ און מאַכנאָ. ווען מען האָט דאָ אין די גאַסן (פון קאָוונע) גע־ שריען „הידד, ענגלאַנד" — האָט אָט דאָס ענגלאַנד געשטיצט די ווייסע מחנות, וואָס האָבן פאַרגאָסן ס׳בלוט פון אונדזערע ברידער. ווי אַזוי האָט ענגלאַנד מיטאַמאָל באַקומען אַזאַ ליבע צו יידן, בעת זי צעשיסט אירע אייגענע בירגער אין אירלאַנד? דאָס האָט אונדז קלאָר געמאַכט, אַז ענגלאַנד מיינט נישט אונדזער טובה, נאָר אירע אינטערעסן אין נאָענטן מזרח. מען טענהט דאָ, אַז דורכן מאַנדאַט זענען יידן געוואָרן אַן אָביעקט פון צווישנפעל־ קערלעכע רעכט. ווו זענען געווען און וואָס האָבן די פעלקער געטון קעגן אַלע שחיטות פון יידן אין אַלע לענדער?

מיר ווייסן און קענען די ענגלישע פאַרוואַלטונג פון א״י, ווי אַזוי זי האָט זיך באַצויגן צו די פּאָגראָמען אין יפו און ירושלים, און אויב זייער בריטישע פּאָליטיק וועט זיי דיקטירן אויסשעכטן דעם גאַנצן יידישן ישוב פון ארץ־ ישראל, וועלן זיי דאָס טון...

ז. אַבראַמאָוויטש

# די אַרבעטערשאַפט און די ציוניסטישע דיפּלאָמאַטיע

ווידער לויפט מען העגדום־פּעגדום פון דער הויפּט־שטאָט פון עבר־הירדן רבת־עמון קיין ירושלים און פון ירושלים קיין שינע, די ווינטער־רעזידענץ פון עמיר עבדאַללאַ. ווידער גייט דער שאַכער־מאַכער, שמועות און קלאַנגען, מען שושקעט זיך אויפן אויער וועגן פּלענער און פּראָיעקטן, אָפּמאַכן און פּאַקטן.

ווער פירט די אונטערהאַנדלונגען, ווער שליסט די אָפּמאַכן? קעניג חוסיין פון העדזשאַס, הויך־קאָמיסאַר הערבערט סעמיועל, דער לייטער פון פּאָליטישן דעפּאַרטאַמענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע קאָלאָנעל קיש, דער הערשער פון עבר־הירדן עמיר עבדאַללאַ, דער אָנגעזעענער ירושלימער ייִדי־שער עסקן דוד ילין. אויף וועמענס חשבון ווערן געפירט די אונטערהאַנד־לונגען? אויף אונדזער חשבון, אויפן חשבון פון די צענדליקער טויזנטער ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער, פון מאַסן פויערים און פעלאַכן אין לאַנד, פון די הונדערטער טויזנטער ייִדישע איינוואַנדערער פון חוץ לארץ, וואָס קלאַפּן אין די טויערן פון ארץ־ישראל.

ווו איז די שטים און דער ווילן פון די מאַסן, אין וועמענס נאָמען עס פירט זיך דער דאָזיקער שאַכער־מאַכער? אַלע ווייסן וואָס מיר ווילן, קיינער רעכנט זיך אָבער נישט דערמיט. און וואָס איז דער וווּנדער? זענען דאָך די אַרבעטער־פירער אין ארץ־ישראל מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע. דאָס האָבן זיי דאָך איבערגעגעבן דעם קאָלאָנעל קיש און דעם פּראָפעסאָר ווייצמאַן דעם שטענדיקן מאַנדאַט צו רעפּרעזענטירן די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטערשאַפט פאַר דער גאַנצער דרויסנדיקער וועלט. ערשט די טעג האָט די פּאַרטיי „הפּועל הצעיר“ אויף דער קאָנפערענץ פון די בײַ־אַרבעטער געפאָדערט אַראָפּנעמען פון סדר־היום די פראַגע וועגן דער באַציִונג פון דער אַרבעטערשאַפט צו דעם דאָזיקן שאַכער־מאַכער מיט די אינטערעסן פון דער קאָלאָניזאַציע. און די מערהייט־פּאַרטיי „אחדות העבודה“ איז נאָכגעג־גאַנגען נאָכן „הפּועל הצעיר“ און האָט פאַרגעלייגט נישט אָנצונעמען קיין שום באַשלוסן, נישט מאַכן קיין שום דעמאָנסטראַציעס, נאָר שאַ־שטיל־איבער־

געבן אַלצדינג „אַלס מאַטעריאַל" דעם אויספיר־קאָמיטעט פון דער הסתדרות. צו וואָס־זשע זיך רעכענען מיט די דאָזיקע פירער?

די אַלע שיינע פּלענער זענען שפּינוועבס, זיי וועלן נישט ביישטיין דעם מינדסטן בלאָז פון ווינט, ווייל זיי זענען נישט געבויט אויף רעאַלע לעבעדיקע כוחות און שטיצן זיך נישט אויף מאַסן. נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט מען מיט התלהבות געשריגן: „הידד!". „אין איירע הענט זענען די שליסלען פון ציון" — האָט מען געזאָגט. ווו זענען די דאָזיקע שליסלען? ווו זענען די מעגלעכקייטן צו בויען דאָס לאַנד? ווו איז די פרייהייט פון איינוואַנדערונג, וואָס איז אינטערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט געוואָרן? ווו זענען די רעכט פון ביר־גערשאַפט און קאָלאָניזאַציע?

אַנשטאָט דער אינטערנאַציאָנאַלער הבטחה פון פרייער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע לייגט מען אונדז פאָר פּלענער וועגן אַן איינוואַנדערונגס־קאָמיסיעביים געזעצגעבערישן ראַט און שפּעטער „אַן אַראַבישע אַגענץ", וואָס וועט האָבן דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן די איינוואַנדערונג און עווענטועל צו שליסן די טויערן פון ארץ־ישראל. און מיר, ייִדישע אַרבעטער, טוען נישט קיין פּיפּס. שווייגנדיק זענען מיר אַריבער איבער די דאָזיקע פּלענער. עס איז אַ חרפּה און אַ בושה!

איצט וויל מען אפשר אונדז פאַרטויבן די אויערן מיט נייע „דיפּלאָמאַ־טישע נצחונות"? „זיי זענען נוטה נאָכצוגעבן... דער קעניג חוסיין און דער פירער פון די פּאַלעסטינער אַראַבער מוסא־קאזים־פּאשא וועלן אָנערקענען די באַלפור־דעקלאַראַציע"... נאַטירלעך, אויך מיר מוזן אַ ביסל נאָכגעבן: למשל, די נאַציאָנאַלע אַראַבישע רעגירונג וועט באַקומען דאָס רעכט צו באַ־גרענעצן די איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל, בלויז דאָס דאָזיקע רעכט... די נאַציאָנאַלע אַראַבישע רעגירונג באַדייט די הערשאַפט פון מענטשן, וועלכע באַיקאָטירן עלעקטרישע באַלייכטונג, ווייל זי קומט פון ייִדן. זיי באַטראַכטן פאַר אַ נאַציאָנאַלן פאַראַט דאָס באַשעפטיקן אַפילו איין ייִדישן אַרבעטער ביי די רעגירונגס־ אָדער שטאָט־אַרבעטן. אַ נאַציאָנאַלע רעגירונג פון אָט אַזעלכע לייט זאָל עס באַקומען דאס רעכט צו באַגרענעצן די איינוואַנדערונג אין לאַנד, בלויז דאָס... דערפאַר, זעט איר, נאָכדעם ווי דער ענגלישער קעניג דזשאָרזש, די רעגירונגען פון פראַנקרייך און איטאַליע, די פעלקער־ליגע, האָבן אָנער־קענט די באַלפור־דעקלאַראַציע, וועלן אויך דער קעניג חוסיין פון העדזשאַס און עמיר עבדאַללאַ פון עבר־הירדן געבן זייער הסכמה דערצו. נישט קיין קליינער זיג, אונדזערע פּערספּעקטיוון ברייטערן זיך אויס מיטאַמאָל! אמת טאַקע, די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אונדז מיט גאָרנישט גרינגער געמאַכט די אַרבעט אין ארץ־ישראל. מען טאָר אָבער נישט פאַרגעסן, די דעקלאַראַציע איז געוואָרן באַזיגלט מיט כלערליי חתימות. עס פעלט אָבער איינע, די וויכ־טיקסטע אונטערשריפט: די חתימה פון עמיר עבדאַללאַ, פון דעם דאָזיקן עמיר, וואָס איז מיט דער ענגלישער הילף אַרויף אויפן טראָן אין עבר־הירדן, נאָך דעם, ווי ער האָט אונטערגעדריקט, נישט גאָר לייכט, דעם אויפשטאַנד פון עטלעכע בעדויִנישע שבטים.

אָ, וואָס פאַראַ קלוגע דיפּלאָמאַטיע! האָבן זיי דען גאָרנישט געלערנט פון

דער פינף־יעריקער דערפאַרונג? איז דען נישט קלאָר, אַז מען מעג אַוועק־שענקען „די היסטאָרישע רעכט" אַן אַרכעאָלאָג. מען טאָר אָבער נישט אויס־ליפערן דעם קאָנטראָל איבער דער איינוואַנדערונג אין די הענט פון אירע קעגנער? אין דער זעלבער צייט, וואָס עס פירט זיך דער שאַכער־מאַכער, דערגייען צו אונדז קלאַנגען וועגן צוזאַמענשטויסן צווישן די אַראַבישע קעניגן, די וואַהאַביטן קעגן די האַשעמיטן, דער אימאַם יחיה פון תימן קעגן קעניג חוסיין פון העדזשאַס, „דער אַלאַראַבישער מלך" קעגן דער מערהייט אַראַבישע שבטים. די קעניגלעכע טראָנען, וואָס שטייען אויף די וואַנדערנדיקע זאַמדן פון אַראַבישן מדבר, זענען גאָרנישט אַזוי פעסט. אָט האָט מען שוין אַמאָל געוואָלט אויפריכטן אין ארץ־ישראל דעם טראָן פון סיריש־פּאַלעסטינישן קעניגרייך פאַר חוסיינס זון פייזאַל. אָבער, צו אונדזער גליק, איז דער דאָזיקער טראָן איינגעפאַלן נאָך אידער אונדזערע קלוגע דיפּלאָמאַטן האָבן באַוויזן צו שליסן אַן אָפּמאַך מיט פייזאַלן. און איצט נייע מלכים און אַ נייער משא־ומתן. און אפשר צומאָרגנס וועט מען מוזן ווייטער נאָכגעבן, כדי פאַרבייטן חוסיינס אונטערשריפט מיט דער אונטערשריפט פון אַ נייעם בעדוּיִנישן קע־ניג — דעם סולטאַן איבן סעוד אָדער דעם אימאַם יחיה פון תימן?

נישט די חתימות פון פאַריבערגייענדיקע קעניגן זענען אונדז נייטיק. מיר נייטיקן זיך אין דעם אינערלעכן כוח, מיר דאַרפן האָבן דעם באַוווסטזיין פון אונדזער רעכט, איינהייט און אָרגאַניזאַציע, און דעם מוט אַרויסצוברענגען די ממשותדיקע קראַפט פון דער אַרבעטערשאַפט, ווען דאָס איז נייטיק. מלכים קומען און גייען אַוועק, אָבער די אַרבעט, וואָס שאַפט דאָס לעבן, און דער טרעגער פון דער אַרבעט — דער אַרבעטער — זיי בלייבן אייביק, און אין זיי איז די גאַראַנטיע פון אונדזער דערפאָלג. פון דאַנען שטאַמט אונדזער גלויבן אין דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזערע שטרעבונגען.

אונדזער רעכט איז געזעצלעך, ווייל עס שטיצט זיך אויף דער נויטווענדי־קייט פון לעבן און נישט אויף די זאַמדן פון מדבר. דאָס דאָזיקע רעכט קען נישט זיין, טאָר נישט זיין, און וועט נישט זיין אָפּהענגיק פון דער פאַנטאַזיע אָדער ווילן פון די אָדער יענע אָרטיקע קרייזן, וועלכע טראָגן די שולד פאַר דער וויסטעניש פון לאַנד און פאַר דער אַנטאַרטונג פון איר באַפעלקערונג. מיר ווילן נישט אָנערקענען קיין שום רעזשים, וואָס וועט אָנרירן אונדזערע רעכט.

די אַרבעטער און קודם־כּל די ייִדישע אַרבעטער פון ארץ־ישראל דאַרפן איצט אויפהייבן זייער שטים. זיי טאָרן נישט צוקוקן זיך שווייגנדיק צו דעם, וואָס אַרום אונדז קומט פאָר. עס איז אַ חרפּה, ווען אַן אַרבעטער־קאָנפערענץ וואַגט נישט אויפצוהייבן איר שטים קעגן די, וואָס באַשטימען דעם גורל פון די אַרבעטער אָן זייער הסכּמה. דער אַרבעטער דאַרף האָבן מוט אָפּצוהאַלטן אונדזערע „דיפּלאָמאַטן" און זיי זאָגן: „דאָס איז די גרענעץ, ווייטער וועט איר נישט גיין". אויב איר וועט וועלן איינשרימפּן אונדזער רעכט אויף אַר־בעט, איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע, וועט אונדזער געדולד פּלאַצן!"

גערדרוקט אין זאַמלהעפט „עניני הפועל" (אַרבעטער־אינטערעסן), אַרויסגעגעבן דורך דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין ארץ־ישראל, אדר א' — תרפ"ד — 1924.

# דער קאַמיסאַרן־פּעריאָד פון לאָרד פּלומער

אין יוני 1925 איז אָנגעקומען אין לאַנד דער נייער הויך־קאָמיסאַר פעלדמאַרשאַל לאָרד פּלומער.

אין יאָר 1925 זענען אַריין אין לאַנד 36.133 יידן. זינט דעם סוף פון ערשטן וועלט־קריג איז עס געווען דאָס רעקאָרד־יאָר פון עליה. במשך 5 יאָר איז דער יידישער ישוב פאַרטאָפּלט געוואָרן: אין יאָר 1922 זענען געווען אין ארץ־ישראל 83.800 יידן, אין 1926 — 158.600. סוף 1925 האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ ווירט־שאַפטלעכער קריזיס אין לאַנד, וועלכער האָט זיך נאָך פאַרשאַרפט אין די שפעטער־דיקע יאָרן 1926—1927. אין יאָר 1926 זענען אַריינגעפאָרן אין לאַנד 14.646 יידן און פאַרלאָזט דאָס לאַנד האָבן 7.365; אין יאָר 1927 איינגעוואַנדערט — 2.713, פאַר־לאָזן — 5.071; אין 1928 אַריין — 2.178, אַרויס — 2.166.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און די הסתדרות האָבן זיך שווער געראַנגלט מיט דער אַרבעטסלאָזיקייט. די רעגירונג האָט נישט אָנגענומען קיין שום מיטלען, כדי צו העלפן אַנטוויקלען די ווירטשאַפט פון לאַנד און אַזוי אַרום בייצוקומען דעם קריזיס. יידישע אַרבעטער האָבן ווייטער נישט געהאַט כמעט קיין שום צוטריט צו רעגירונגס־אַרבעטן, כאָטש יידן האָבן צושטייער געגעבן צום רעגירונגס־בודזשעט אַ סך מער ווי לויט זייער פּראָפּאָרץ אין דער באַפעלקערונג פון לאַנד. דערפאַר אָבער ווען ס'איז שוין נישט געווען קיין ברירה און מ'האָט זיך געווענדעט צו דער רעגי־רונג וועגן הילף פאַר די אַרבעטסלאָזע, האָט זי טאַקע איבערגעגעבן די יידישע אַרבעטסלאָזע געוויסע עפנטלעכע אַרבעטן (דער עיקר בויען שאָסייען — ערשט דעמאָלט איז געמאַכט געוואָרן דער שאָסיי פון תל־אביב קיין פּתח־תקוה, וואָס מ'האָט נישט געקענט פועלן די גאַנצע צייט פון העברערט סעמיועל), זי האָט עס אָבער באַלד אויסגענוצט, כדי כמעט אינגאַנצן אָפּצושטעלן די איינוואַנדערונג פון אַרבעטער און חלוצים.

אויך במשך דעם גאַנצן פּעריאָד פון לאָרד פּלומערס אַמטירונג איז נישט געלונ־גען אַרויסצובאַקומען רעגירונגס־באָדן פאַר די צוועקן פון יידישער קאָלאָניזאַציע. דאַקעגן האָט די רעגירונג אָנגעהויבן סובסידירן דאָס יידישע שולוועזן אין לאַנד: זי האָט אויסגעצאָלט דעם יידישן ישוב אַ טייל פון איר בילדונגס־ביודזשעט, פּראָפּאָר־ציאָנעל צום פּראָצענט יידן אין דער באַפעלקערונג פון לאַנד.

אין יאָר 1925 איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט דאָס בירגערשאַפטס־געזעץ. די ביר־גערשאַפט האָט מען געקענט באַקומען נאָך צוויי יאָר וווינען אין לאַנד, אויב מען האָט געקענט איינע פון די דריי אָפיציעלע שפּראַכן. דער הויך־קאָמיסאַר האָט אָבער רעזערווירט זיך דאָס רעכט מבטל צו מאַכן די בירגערשאַפט פון אַ מענטשן, וואָס

האָט זיך אַרויסגעוויזן „אומטרייי״ דער פּאַלעסטינער רעגירונג, און זי האָט זיך טאַקע מיט דעם רעכט באַנוצט.

דאָס נייע מוניציפּאַליטעטן־געזעץ האָט געגעבן וואַל־רעכט צו די שטאָט־ראַטמענער בלויז מענער אין עלטער פון 25 יאָר און, וועלכע האָבן געצאָלט אייגנטום־ אָדער דירה־שטייער. יעדע רעליגיעזע עדה האָט געהאַט אַ באַשטימטע פון פאָרויס צאָל ראַטמענער אין די שטאָטראַטן פון די געמישטע שטעט. די רעגירונג האָט נאָמינירט די בירגערמייסטערס. בלויז תל־אביב האָט באַקומען אַ מער דעמאָקראַטישן וואַל־געזעץ צום שטאָטראַט (אָבער דאָ איז אויך אָפּגעהיט געוואָרן דער שטייערן־צענז).

סוף 1927 האָט די רעגירונג באַשטעטיקט די סטאַטוטן פון כנסת ישראל, פון דער יידישער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער זעלבסטפאַרוואַלטונג אויף פּערסאָנאַלע יסודות. עס האָבן זיך רעגיסטרירט צו כנסת ישראל קרוב 75 טויזנט יידן, אַ חוץ די מיטגלידער און אָנהענגער פון „אגודת־ישראל״, וועלכע האָבן זי באָיקאָטירט.

די קאָמיסאַרן־תקופה פון לאָרד פּלומער איז געווען די איינציקע, אין וועלכער עס זענען אין לאַנד נישט פאָרגעקומען קיין בלוטיקע אומרוען, אָבער צום סוף פון זיין הערשאַפט איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט געדינט אַלס אויסגאַנגספונקט פאַר אַ נייער העצע, וועלכע האָט שפּעטער געבראַכט די בלוטיקע פּרוכט.

יום כיפור תרפ״ט (סעפּטעמבער 1928) האָבן ענגלישע פּאָליציאַנטן, לויט אַ באַפעל פון דער מאַכט, צוליב אַן אָנקלאַגע פון די אַראַבישע כלי־קודש, אויף אַ ברוטאַלן אופן, אינמיטן די תפילות ביים כותל מערבי, מיט געוואַלט באַזייטיקט אַ לייוונטענע מחיצה, וואָס די פרומע יידן האָבן דאָרט אַוועקגעשטעלט בעתן דאַווענען, כדי אָפּצושיידן מענער פון פרויען. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. פון דער צווייטער זייט האָבן די אַראַבישע כלי־קודש און נאַציאָנאַליסטן צ־געהויבן פונאַנדערבלאָזן דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם און גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז יידן ווילן פאַרכאַפּן דעם אמאַר־מעטשעט, וואָס געפינט זיך אויף דער צווייטער זייט פון כותל־מערבי. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט פאַרזיכערט די מוסולמענישע וועלט, אַז די יידן האָבן נישט בדעה צו פאַרלעצן די מוסולמענישע הייליקטימער, אָבער די העצער, מיטן מופטי בראש, האָבן נישט אויפגעהערט צו פאַרסמען די לופט אין לאַנד.

יוסף ראָזען

# אַ נייער פּירוש צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע

פעלדמאַרשאַל פּלומער — אויבער־קאָמיסאַר פון פּאַלעסטינע! אין ציוניסטישן לאַגער האָט די דאָזיקע ידיעה געטראָפן ווי אַ דונער פון העלן הימל.

ווערלנדיק דערהאַלטן דעם שיין פון אַ ייִדישער מאַכט, האָבן די ציוניסטישע פירער אַ לאַנגע צייט געפּרוּווט טרייסטן דעם עולם, אַז הערבערט סעמיועל וועט ווייטער פאַרבלייבן אין דעם פּאַלאַץ אויפן הר־הצופים. דער „ועד הלאומי“ האָט אַפילו וועגן דעם אָנגענומען אַ ספּעציעלע רעזאָלוציע, הגם דווקא אונטער דער ממשלה פונעם „ייִדישן נציב“ זענען אָפּגעטון געוואָרן די גרעסטע עוולות קעגן דעם ייִדישן ישוב.

שפּעטער איז אַוועק אַ סדרה השערות. ציוניסטישע „הויך־פּאָליטיקער“ האָבן מיט מינעס פון ערנסטע דיפּלאָמאַטן געמאַכט אָנצוהערענישן, געלאָזט פאַלן רמזים. מ׳האָט זיך באַמיט צו שאַפן ביים ברייטן עולם דעם איינדרוק, אַז די ענגלישע מאָסגעבנדיקע פאַקטאָרן רעכענען זיך גאָר שטאַרק מיט דער מיינונג פון די ציוניסטישע ספערעס און אַז ביים באַהאַנדלען די אָדער יענע קאַנדידאַטור אויף דעם הויכן אַמט קומען קודם־כל אין באַטראַכט מאָטיוון, וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע. קען דען זיין אַנדערש? איז דאָך די גאַנצע ענגלישע פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע בלויז אויסן וואָס שנעלער צו פאַרווירקלעכן די דעקלאַראַציע, וועלכע איז דיקטירט געוואָרן דורך די ענגלישע סענטימענטן צום „פאָלק פון דער ביבל“.

און פּלוצים גאָר אַזאַ פּאַטש אין פּנים! אַ טאָפּלטער פּאַטש, ווייל ערשטנס, ווערט דער עולם געוואָר, אַז נישט נאָר די ציוניסטישע פּרעזידענטן האָבן נישט געהאַט קיין שום השפּעה אויף דער נאָמינאַציע פונעם הויך־קאָמיסאַר, נאָר אַז אַרומדרייענדיק זיך אין די פאָדערצימערן פון די ענגלישע מלוכה־מענער — האָבן זיי אַפילו נישט באַוויזן וואָס עס איז רעכטצייטיק זיך צו דערוויסן. מ׳האָט דאָרט צומאָל נישט געהאַלטן פאַר נייטיק זיי צו אינפאָרמירן. און צווייטנס, קומט די נאָמינאַציע פון לאָרד פּלומער און מאַכט אַ סוף

צו אַלע מליצות פון די ציוניסטישע פירער וועגן די אידעלע כוונות פון די נאָבעלע לאָרדן; צו די לויב־געזאַנגען פאַרן מאָדערנעם „כורש“; צו דער גאַנ־צער קריכערישקייט פון דער ציוניסטישער דיפּלאָמאַטיע.

ווען די ציוניסטישע חכמי־הפּאָליטיקע קנייטשן נאָך איצט די שטערנס און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי קענען נישט צעקייען דאָס „רעטעניש“, איז עס דאָך נישט מער ווי צביעות. אויב דער ווייניק באַקאַנטער נאָמען פּלומער וואָלט נאָך געקענט זיין אַ רעטעניש, ליגט אין דעם טיטל פעלדמאַרשאַל דער קלאָרער באַשייד. די דאָזיקע נאָמינאַציע באַשטעטיקט אומצווייַדייטיק דאָס, וואָס איז פאַר אונדז קיינמאָל קיין סוד נישט געווען — אַז די ענגלישע פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע וועט באַשטימט אויסשליסלעך דורך די אינטערעסן פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם.

אויף די ציוניסטישע השערות: יאָ אַ ייִד, נישט קיין ייִד — האָט ענגלאַנד געענטפערט: אַ סאָלדאַט!... אויף די חקירות: אַ שטאַרקערער אָדער אַ שוואַ־כערער חסיד פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע — האָט זי געענטפערט: אַ הייסער חסיד פון ענגליש־מאָסולער נאַפּט־קוואַלן און געטרייער היטער פון סועץ־קאַנאַל. וואָרום נאָר פון אָט די צוויי גאָרנישט „ביבלישע“ מקורות שטראָמט די ענגלישע „חיבת ציון“.

די ענגליש־טערקישע באַציִונגען האָבן זיך פאַרשאַרפט. ענגלאַנד מוז זיך רעכענען מיט דער מעגלעכקייט פון אַ טערקישן אָנגריף אויפן מאָסולער גע־ביט. מוז דער אַלטער פעלדמאַרשאַל זיצן אויפן הר־הצופים, כדי פון דאָרט צו באַוואַכן די מאָסולער נאַפּט־קוואַלן.

אין דער זעלבער צייט ווערט די אַטמאָספער אין עגיפּטן אַלץ מער אָנ־געגליט. מאַכט מען אַ פּרווו: לאָרד אַלענבי, דער גענעראַל, גייט פון דאָרט אַוועק, אָנשטאָט אים וועט אַהין קומען אַן אַנדערער, אַ פּאָליטיקער — אפשר וועט דער מענטש אין פראַק אויף אַ דיפּלאָמאַטישן לשון דערגרייכן דאָס, וואָס עס האָט נישט געקענט דערגרייכן דער מאַן אין מיליטערישן מונדיר מיט דער שפּראַך פון קוילנוואַרפערס. אָבער דעם סועץ־קאַנאַל קען מען דאָך אויף הפקר נישט לאָזן, און פאַרלאָזן זיך בלויז אויף דער דיפּלאָמאַטישער געשיקטקייט פון לאָרד אַלענבים נאָכפאָלגער וואָלט געווען צו ריזיקאַליש. דער טייער פון אינדיע מוז האָבן אַ שמירה פון באַגנעטן. דער באָדן פאַר דער נייער מיליטערישער באַזע איז באַצייטנס צוגעגרייט געוואָרן דורך דער באַל־פור־דעקלאַראַציע, צו וועלכער די באַשטימונג פון פעלדמאַרשאַל פּלומער איז טאַקע דער בעסטער, דער סאַמע קלאָרער, אומצווייַדייטיקער פּירוש.

וואַרטן די ציוניסטישע פירער אויף אַ צייכן פון דעם נייעם פּריץ. וועט ער אַ גלעט טון, אָדער גאָר אַ זעץ מיטן פוס? אָבער אָט הייבן זיי שוין אָן ביסלעכווייז צו מאַכן אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל... אָט הייבן זיי שוין אָן רייצן די פאַנטאַזיע פונעם עולם מיט די נייע גאולה־פּערספּעקטיוון, וואָס זענען גאָר פאַרבונדן מיט דער ענגלישער מיליטערישער באַזע אין פּאַלעסטינע.

איינמאָל זיך איינגעשפּאַנט אין דעם וואָגן פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, וועלן זיי ווייטער גיין אין שפּאַן, אין ווען עס ענטס עס זאָלן זיך נישט גע־

פינען די לייצעס, צי אין אין די הענט פון סעמיועל אָדער פונעם מיליטערמאַן פלומער.

די יידישע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע האָבן אַ טיפן אינטערעס צו דעם, וואָס קומט פאָר אין ארץ־ישראל, האָבן איצט נאָך איין גוטע געלעגנהייט אַראָפּצורייסן די מאַסקע פון בירגערלעכן ציוניזם. זיי מוזן אויך פאַרטאָפּלען זייער וואַכזאַמקייט. דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האָט איצט קלאָרער ווי ווען עס איז אויסגעטייטשט, אַז „יידישע נאַציאָנאַלע היים״ איז פאַר אים בלויז אַ באַקוועמער פּסעוודאָנים פאַר זיין מיליטערישער באַזע אויפן נאָענטן מזרח... האָבנדיק אין פּאַלעסטינע אַן אינטערעס בלויז ווי אין אַ מיליטערישער באַזע, איז דער ענגלישער אימפּעריאַליזם נישט פאַרינטערעסירט אין דער אַנט־וויקלונג פון לאַנד, און ער וועט אפשר נאָך ווייטער פּרווון באַגרענעצן די איינ־וואַנדערונג. די באַוווסטזיניקע יידישע אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל, און אויסער איר, מוז דערייבער פאַרשטאַרקן איר טעטיקייט, כדי צו פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד פון אַ באַזע פאַר אימפּעריאַליסטישער פאַרשקלאַפונג אין אַ באַזע פאַר דעם בשותפותדיקן קאַמף פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטער־מאַסן.

„נייע אַרבעטער־וועלט״, וואַרשע, 28טער מאַי 1925.

# שמיץ...

ווי אַ גרויל איז אַריבער דעם לייב פון דער א״י־דיקער אַרבעטערשאַפט: אין ירושלימער טורמע וועט מען שמייסן אַן אַרבעטער לויט אַ פּסק־דין, וואָס איז געזעצלעך. שמייסן... און יעדער אַרבעטער האָט מיטאַמאָל דערפילט די גאַנצע שאַנד פון דעם דאָזיקן רעזשים נישט בלויז אין דער טורמע, נאָר אויך מחוץ איר. הפקר איז דאָס לייב פונעם אַרבעטער, ווי הפקר עס איז זיין לעבן. דאָס איינציקע פאַרמעגן, וואָס דער אַרבעטער פאַרמאָגט, איז דער דאָזיקער אָרעמער גוף, וואָס פּלאָגט זיך אין דער קאַפּיטאַליסטישער צוואַנגס־אַרבעט, וואָס שאַפט עשירות פאַר זיינע באַדריקער, די פּאַראַזיטן אויף זיין בלוט און שוייס. און אַז דער גוף ווערט אויפגעלויכטן פון אַ געטלעכן פונק און ער צעבונטעוועט זיך קעגן דער אומזיניקער אָרדענונג און ער זוכט וועגן, ווי אַזוי צו צעברעכן דעם יאָך, וואָס דריקט אים צו דער ערד — קומט אים תפיסה, אָפּגעריסן צו ווערן פון דער כלומרשטער פרייהייט, וואָס באַטייט די פרייהייט צו ווערן עקספּלאָאַטירט. און אויב אויך דאָ אין תפיסה לעשט זיך נישט אויס דאָס ליכט, און דער קנעכט האָט אויך דאָ פּאָדערונגען פון מענטש־לעכער באַהאַנדלונג — האָט דאַן דער טורמע־ריכטער דאָס רעכט נישט נאָר סתם צו באַשטראָפן דעם צעבונטעוועטן גוף, נאָר אַפילו אים שענדן מיט מלקות...

מ׳קען זיך לייכט אויסמאָלן, אַז דער ענגלישער דזשענטלמען, וואָס גיט אַרויס אַזאַ פּסק־דין, וועט נישט אַליין מיט זיין אייגענער האַנט אויספירן די שטראָף. דערצו איז ער דאָך אַ דזשענטלמען, ער זאָל וועלן קומען אין אַ קערפּערלעכער באַרירונג מיט דעם געשענדעטן לייב. די דאָזיקע אויפגאַבע אין מן הסתם באַשטימט פאַר אַ „נייטיוו״, פאַר אַ באַהערשטן. זאָל איין „נייטיוו״ שמייסן דעם אַנדערן. דער באַהערשער וועט שטיין אָן אַ זייט און אָפּהיטן די „אָרדענונג״.

די אָרדענונגס־היטער האָבן אָבער דאָס מאָל אַ טעות געהאַט. די ידיעה וועגן די שמיץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון די טורמע־מויערן איידער נאָך די שטראָף איז אויסגעפירט געוואָרן, און דער אופן ווי אַזוי די אַרבעטער־שאַפט, איר לעבעדיקער טייל, רעאַגירט, האָט געוויזן, אַז אַזוי וועט דאָס נישט גיין.

אין די הויכע פענצטערלעך האָט מען געהאַט, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון באַגעגעניש, אַן איבערגעטריבענע מיינונג וועגן דער מאָס פון „נייטיוווישקייט" ביים א״י־דיקן ייִדישן אַרבעטער. יאָ, מיר זענען נייטיווס, יאָ, מיר זענען צוגע־וואָקסן צו דעם דאָזיקן לאַנד, אין וועלכן מיר מאַטערן זיך און קעמפן פאַר אַן אַנדערן רעזשים, פאַר אַן אַנדערער הערשאַפט, פאַר אַן אַנדערער צוקונפט. אונדז וועט פון דאַנען קיין כוואַליע נישט אַוועקשווענקען, ווי זי וועט אַוועק־שווענקען אַנדערע. מיר זענען „נייטיווס" — נישט קיין פרעמדע דאָ. און דערפאַר קענען מיר ענטפערן: אַלץ קענט איר אונדז דערוייל צורויבן, נאָר דעם מענטשלעכן שטאָלץ אונדזערן וועט איר נישט צעברעכן, און אויך נישט דעם פראָלעטאַרישן ווילן. יעדער שמיץ, יעדער הייב מיט דער בייטש וועט האָבן די פאַרקערטעווירקונג, ווי די וואָס איר דערוואַרט. און קוים האָט זיך די בייטש אויפגעהויבן, וועט שוין זיין אונדזער זאָרג, זי זאָל אַרויספאַלן פון די הענט.

דער טורמע־רעזשים אין א״י מוז ווערן אַנדערש. דאָס איז די ערשטע לערע וואָס די אַרבעטערשאַפט וועט אַרויסציִען פון דעם ירושלימער אינצי־דענט. און די צווייטע לערע: די שטראָף פון מלקות מוז אויסגעמעקט ווערן פונעם געזעצבוך.

די אויפגאַבע פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט וועט זיין אונטער־צואיילן מיט די מיטלען, וואָס שטייען אין איר רשות, די טעמפּע געזעצגע־בונגס־מאַשין נישט בלויז אין דעם פּרט. עס מוז שוין ביי דער געלעגנהייט אויך דערמאָנט ווערן דער שענדלעכער צושטאַנד, אַז אין די א״י־דיקע טורמעס האָט דער בירגער פון לאַנד ווייניקער רעכט און ערגערע לעבנס־באַדינגונ־גען ווי דער פרעמדער בירגער, וואָס שטייט אונטער דער שוץ פון דרויסן. דער בירגער האָט נישט ווער ס׳זאָל אים שיצן, איז ער רעכטלאָז, מעג מען אים באַהאַנדלען ווי אַ חיה, מעג מען אים שמייסן.

נאָר מיר ווייסן דאָך: די טורמע איז נישט מער ווי אַ שפּיגל פון דעם דרויסנדיקן לעבן, שאָטנשפּיל אויף די טורמע־ווענט איז אייגנטלעך אַ רע־פלעקס פון דער דרויסנדיקער ווירקלעכקייט. און האָבן מיר באַוויזן צו פאַר־פעסטיקן בלויז די איינע סצענע: די אויפגעהויבענע נאַגייקע איבערן נאַקעטן לייב פונעם אַרעסטירטן אַרבעטער, איז דאָס אייגנטלעך אויך נאָך אַ בילד פון דרויסן. ענדערן דאָס בילד פון דער ווירקלעכקייט איז דער איינציקער וועג צו פאַרניכטן דעם איצטיקן טורמע־רעזשים.

און דערפאַר איז אַזוי פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די בירגערלעכע ייִדישע פּרעסע האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ מין קאַלטע גלייכגילטיקייט צו דעם גאַנצן ענין: די באַציִונג צו דער טורמע איז ווי די באַציִונג צום לעבן. און דאָ מוז געזאָגט ווערן, אַז לפּנים האָט אַפילו די ענגלישע אַדמיניסטראַציע אַרויסגע־וויזן מער בושה ווי די בירגערלעכע העברעיִשע פּרעסע. אונטערן איינדרוק פון דער פּראָטעסט־באַוועגונג האָט זי אַפילו געפּרוווט צו לייקענען, אַז די גאַנצע שמועה האָט קיין יסוד נישט. אמת איז, אַז די אַפּלייקענונג אַליין האָט קיין יסוד נישט, וואָרום די בריוו פון דער טורמע זאָגן עדות קעגן איר. אָבער דער ווילן אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק ווייזט לכל הפּחות אַ פונק בושה.

די בירגערלעכע פּרעסע האָט אָן בושה געשוויגן. איז דאָס ווידער קיין ווונ־דער נישט. אויב „הארץ”, וואָס האָט אַליין פאַרטיידיקט מיט „נאַציאָנאַלע” מאָטיוון די גירושים פון לאַנד, געבענטשט די הענט וואָס שלעפּן אַן אומבאַ־וואָפנטע אַרבעטערין מיט גוואַלט צום שיפל, כדי זי צו פאַרטרייבן, האָט נעבעך מודה געווען, אַז שמייסן איז נישט שיין, זעט ער אויך דערין נאָר אַ „מאָפּסיש” שטיקל אַרבעט. די באַציִונג צו די מלקות איז די באַציִונג צו די גירושים. ווייל דאָס זענען רינגעלעך פון איין קייט — די קייט וואָס פאַ־רייניקט דעם הערשנדיקן אימפּעריאַליזם מיט אַ נידערטרעכטיקער און קנעכ־טישער בורזשואַזיע.

ליגט דערווייל אויפן יידישן אַרבעטער אַליין צו פירן דעם דאָזיקן קאַמף און שאַפן זיך זיינע נאַטירלעכע פאַרבינדעטע צום קאַמף: אויפהייבן דעם אַראַבישן אַרבעטער, צוציִען דעם יידישן און אַראַבישן פאָלקס־מענטש, ענ־גער מאַכן די קייט פון קלאַסן־סאָלידאַריטעט קעגן די נאַציאָנאַלע און אינ־טערנאַציאָנאַלע אונטערדריקער — און אַזוי, קייט קעגן קייט, פראָנט קעגן פראָנט, ענטפערן דעם רעזשים אין טורמע און אין לעבן.

אַ בריוו פון ארץ־ישראל, „אַרבעטער־צייטונג”,
וואַרשע, 9טער מערץ 1928.

ניר

# אַרום דעם כותל מערבי

דער גאַנצער ישוב איז דערשיטערט. דאָס בירגערטום, צופרידן אַ גאַנץ יאָר מיט דער פּאָליטישער לאַגע („גאָט, שיץ די מאַנדאַט־רעגירונג!“), איז מיט אַמאָל געוואָרן רעוואָלוציאָנער געשטימט: מאַסן־פאַרזאַמלונגען, רעדנער, מען לייגט איין אַ וועלט, די געוועלבער פאַרמאַכט, אַלגעמיינער שטרייק (אמת בלויז, אויף איין שעה — ווען די אַרבעטער פאַרענדיקן שוין די אַרבעט).

וואָס איז געשען? די אָקופּאַציע־רעגירונג האָט צוגעגעבן נאָך איין „שיין“ קאַפּיטל פון איר באַציִונג צו דער ייִדישער באַפעלקערונג. ביים כותל מערבי האָט מען אויפגעשטעלט אַ דין לייוונט־ווענטל אויף אָפּצושיידן מענער פון ווייבער. דאָס האָט געשטעלט אין סכנה דאָס ענגלישע רעכט־געפיל און די „אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען“ („סטאַטוס־קוואָ“). דעריבער איז געקו־מען דער שענדלעכער איבערפאַל פון דער פּאָליציי אויף זקנים און זקנות.

די בורזשואַזיע איז לויט איר מהות נישט פּעיִק, זי וויל נישט זיין פּעיִק, צו פאַרשטיין די פאַרבינדונג צווישן געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. דאָס בירגערטום, וואָס איז אַזוי צופרידן פון דעם „סטאַטוס־קוואָ“ — פון דער בריטישער הערשאַפט — איז נאַטירלעך נישט מסכים צו פאַרבינדן דעם סקאַנדאַל ביים כותל מערבי מיט דער הערשאַפט־סיסטעם פון ענגלישן אימ־פּעריאַליזם אין לאַנד.

אָט האָט מען געשלאָגן אַרבעטער אין חיפה, עכו, זכרון־יעקב, פּתח־תקוה, מען האָט צעטריבן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס דעם ערשטן מאַי, מען האָט פּאָגראָמירט די מוסולמענער אין עזה, דאָס אַלץ האָט נישט געאַרט אונדזער בורזשואַזיע, אָבער דער כותל מערבי — „דער סימבאָל פון רעליגיע און פאָלק“ — דאָ איז שוין דאָס בירגערטום אַרויס פון די כלים.

פאַרוואָס? עס איז נישט שווער, לגמרי נישט שווער צו פאַרשטיין. די בורזשואַזיע פאַרבינדט איר קעגנערשאַפט צו דער רעגירונג דווקא מיט דער רעליגיע, „מיטן לעבנס־אינטערעס פון גאַנצן פאָלק“, כדי אַרויסצודרייען זיך פון דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן קאַמף קעגן דער רעגירונג, כדי פאַר־בלענדן ווידער די אויגן פון די מאַסן מיטן שיין פון „געמיינזאַמע נאַציאָנאַלע אינטערעסן“. אויב צוליבן סקאַנדאַל אַרום דעם כותל מערבי וועלן פאַרפעס־טיקט ווערן די קייטן פון דער רעליגיעזער השפּעה אויפן לעבן פון ישוב, איז דער ציל שוין דערגרייכט. דערפון שטאַמט דער „פּאָליטישער“ לאָזונג קעגן דער רעגירונג: „אויסלייזן דעם כותל!“

און די הסתדרות? און די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער־צייטונג „דבר״? אויך זיי זענען געפּאַנגען ביי דער בורזשואַזיע, וועמענס טאַקטיק איז איר געלונגען. דער בורזשואַזיע איז געלונגען אויף אַ ווייל צו פאַרטומלען די מוחות פון אַ טייל אַרבעטער. אָנשטאָט צו ווענדן דעם קאַמף קעגן דעם ווירקלעכן שונא — קעגן דער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט, — אָנשטאָט צו קעמפן פאַר דער אויסלייזונג פון די בירגער, פאַר דער באַפרייונג פון דער באַפעלקערונג פון דער הערשאַפט פון די קאָלאָניאַלע באַאַמטע און אָפיצירן און זייערע פאַרשיידענע באַהעלפער, פּראָקלאַמירט אויך די „ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער־צייטונג״ דעם קאַמף פאַר דער „גאולה פון כותל״, ווי דאָס וואָלט אונדז געקענט פאַרהיטן פאַר די מעשים פון דער רעגירונג.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דרך אגב האָט די בורזשואַזיע נישט פאַרגעסן צוצוטשעפּען צום גייסטיקן ענין פון כותל די זייער ממשותדיקע פראַגע וועגן שוץ־צאָלן און פּראָטעקציע־טאַריפן. אויף דעם שטרייק האָט מען פּראָקלאַמירט מיט דער אויסרעכענונג די אַרבעטער זאָלן חלילה נישט אַרומגיין ליידיק. עס האָט אַפילו נישט געפעלט דער רעוואָלוציאָנערער אָנשטעל. אויב עס האָט עמעצער געוואָרנט און גערופן, ס'זאָל זיין שטיל, איז עס געווען נישט דירעקטאָר האָפּיען פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטין־באַנק, נאָר דווקא „דער בירגערמייסטער פון דער ערשטער יידישער שטאָט״ חבר בלאָך און דער מיטגליד פונעם הסתדרות־עקזעקוטיוו חבר גאָלאָמב.

דווקא די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע האָבן זיי געמאַכט צווישנ־רופן: „פאַרוואָס שטענדיק שטיל זיין?״ דאָס הייסט, די רו איז גוט אין דער צייט, ווען מען דאַרף איינשטילן די הונגעריקע אַרבעטסלאָזע, זיי זאָלן נישט אָנפאַלן אויפן „אָנשטענדיקן איינוווינער״, אָבער איצט, ווען די בורזשואַזיע אינטערעסן פאָדערן צו „דערשיטערן״ — צו וואָס טויג די רו? דאָס איז געווען ממש אַ פּאַטש אין פּנים.

דער באַוווסטזיניקער אַרבעטער איז פון פאַרויס מוותר אויפן אָנטייל אין דעם פאַלשן צביעותדיקן געפּילדער, ווו עס איז נישטאָ קיין סימן פון אַן ערנסטן קאַמפס־ווילן קעגן דעם וואָרצל פון דעם שלעכטס. אויך מיר וועלן שטעמפּלען דעם סקאַנדאַל אַרום דעם כותלמערבי. מיר וועלן ריכטיק אָפּ־שאַצן די בריטישע מעשים תעתועים. אָבער פאַר אונדז וועט דער ענין כותל זיין נאָך אַ שטויס צום עקשנותדיקן אומאויפהערלעכן קאַמף קעגן דער גאַנ־צער ברוטאַלער מאַכט, וואָס דערמעגלעכט די הפקרות פון יעדן ענגלישן באַאַמטן לגבי די „איינגעבוירענע״. מיר וועלן קעמפן קעגן דער שאַנד־טאַט ביים כותל מערבי, ד״ה קעגן די איבערפאַלן אויף אַרבעטער און בירגער, קעגן איזדיעקעווען זיך איבער יידן און נישט־יידן, קעגן גירושים פון לאַנד צוליב פּאָליטישע איבערצייגונגען, קעגן שמיץ, קעגן איינוואַנדערונג־באַגרע־נעצונגען, קעגן דער גאַנצער סיסטעם פון דער אָקופּאַציע־רעגירונג אויפן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און סאָציאַלן געביט — קעגן דעם אימפּעריאַליזם.

פון זאַמלהעפט „מסלולנו״ (אונדזער וועג), אויס־
גאַבע פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־פּאַרטיי
„פּועלי־ציון״, תל־אביב, 26סטער סעפּטעמבער 1928.

# רדיפות פון דער ענגלישער מאַכט אויף פועלי־ציון אין ארץ־ישראל

מעמאָראַנדום פון צ. ק. פועלי־ציון אין ארץ־ישראל צום אויספיר־קאָמיטעט פון דער הסתדרות

עלף יאָר געפינט זיך ארץ־ישראל אונטער דער הערשאַפט פון גרויס־בריטאַניע. די רעגירונגען בייטן זיך. עס זענען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין לאַנד, הן אויפן עקאָנאָמישן געביט, הן אין סאָציאַלן לעבן, אַ דאַנק דער יידישער איינוואַנדערונג, אַ דאַנק דעם יידישן אַרבעטער, וואָס איז דער עיקרדיקער גורם פון די דאָזיקע ענדערונגען.

אין דער רעגירונגס־פּאָליטיק לגבי דעם אַרבעטער און האָרעפּאַשניק האָט זיך גאָרנישט נישט געביטן. איין נציב פאַרבייט דעם צווייטן און די פיינטלעכע באַציִונג פון דער מאַכט בלייבט אַלץ די זעלבע. דווקא פאַרקערט: אין משך פון דער צייט האָבן זיך פאַרמערט און פאַרגרעסערט די רדיפות, זיך פאַרשטאַרקט די אָפּענסיווע: אַרעסטן, מלקות, גרושים, די אונטערדריקונג פון פרייער איבערצייגונג, די צעשטערונג פון פאַריינען, פאַרשיידענע שטראָפן אויף אַרבעטער. פון פאַראיינצלטע רדיפות „פון צייט צו צייט" איז די מאַכט איבערגעגאַנגען צו סיסטעמאַטישע אָנגריפן מיט ווייטע פּערספּעקטיוון, פון יחידים, חברים פון באַגרענעצטע אָרגאַניזאַציעס — צו מאַסן־רעפּרעסיעס אין גאָר אַ ברייטן פאַרנעם.

עס איז שווין היינט אומעגלעך נישט צו זען און נישט צו פאַרשטיין, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט דעם אָפענעם פּרווו „צו נעמען דעם אַרבעטער אין צוים" ספּעציעל דאַן, ווען ער הייבט אָן אַרויסווייזן אַקטיווקייט און אינטערעס צום פּאָליטישן לעבן קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט און אירע וועגן.

אין די פולע פּרוּוון פון דער רעגירונג, ספּעציעל אין דער לעצטער צייט, צו דערדריקן אונדזער פּאַרטיי, די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער־פּאַרטיי (פועלי־ציון) זעען מיר די לעצטע פּרווון צו אַן אַלגעמיינער דערדריקונגס־אַקציע קעגן דער פרייהייט פון אָרגאַניזאַציע און מיינונגען פון גאַנצן אַרבעטער־

קלאַס, און דעריבער געפינען מיר פאַר אונדזער חוב צו וואָרענען קעגן דעם די גאַנצע אַרבעטערשאַפט, וואָס איז אָרגאַניזירט אין דער הסתדרות, און איר העכסטע אינסטאַנץ, — דעם אויספיר־קאָמיטעט פון דער הסתדרות.

פיל און פאַרשיידנאַרטיק זענען די וועגן, וואָס די רעגירונג באַנוצט זיך מיט זיי, בכדי צו פאַרפאָלגן די א״י־דיקע אַרבעטער־פּאַרטיי (לינקע פועלי־ציון) און די, וואָס מען איז חושד אין אידעאָלאָגישער אָדער אָרגאַניזאַציאָנעלער נאָענטקייט צו איר.

1. מאַסן־אויספאָרשונגען. כמעט אַלע פּאַרטיי־חברים אין תל־אביב, חיפה און אויך פון די איבעריקע אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד (רחובות, כפר גלעדי) זענען איינגעלאַדן געוואָרן אין דער פּאָליציי צו אַן אויספאָרשונג און פון אַ סך פון זיי פאָדערט מען אַפילו צוזשטעלן פאָטאָגראַפיעס.

2. איינלאַדונגען אין אימיגראַנטן־אָפּטיילונג. צענדליקער פון אונדזערע חברים און פון די, וואָס מען איז חושד אין סימפּאַטיעס צו אונדזער פּאַרטיי, זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו קומען אין דער אימיגראַנטן־אָפּטיילונג אין יפו „בנוגע זייער אַריינקומען אין לאַנד״, הגם עס איז נישט געווען אַפילו דער קלענסטער חשד אין דער הינזיכט בנוגע קיין איינעם פון זיי.

3. שוועריקייטן ביים איינבירגערן זיך. אַ סך פון אונדזערע חברים, וואָס האָבן שוין לאַנג דערלאַנגט בקשות וועגן בירגערטום, באַקומען נישט קיין תשובה אין משך פון יאָרן, און איינציקע האָבן באַקומען אַ נעגאַטיווע תשובה אָן שום מאָטיוון.

4. אַדמיניסטראַטיווע שיקאַנעס. אין דער לעצטער צייט פאָדערט די פּאָליציי פון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, אַז וועגן יעדער עפנטלעכער פאַר־זאַמלונג אָדער פאָרטראַג זאָל מען מעלדן מיט 96 שעה פריִער, וואָס איז נישט געווען ביז איצט אין קיין שום פאַל. די דאָזיקע נייע אָדער אַלטע „געזעצ־לעכקייט״, וואָס ביז איצט האָט מען זי נישט אויסגענוצט, איז איצט חל נאָר אויף אונדז.

5. אַ קאָנטראָל איבער די חברים. חברים־שמועסן מיט פרייען אַריינ־טריט ווערן פונאַנדערגעלאָזט דורך דער פּאָליציי, וועלכע דערלויבט אין די דאָזיקע פאַלן די אָנוועזנהייט נאָר פון פּאַרטיי־חברים, וואָס זענען אַלס אַזעל־כע פאַרעגעסטרירט אין דער פּאָליציי. די איינאָרדנערס פון אַזאַ שמועס אין חיפה, דעם 14טן מערץ, זענען געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט און טאַקע פאַרמשפּט געוואָרן צו שטראָף דורכן רעגירונגס־שופט.

6. דער פאַרבאָט פון פאַרזאַמלונגען. אָן שום מאָטיוון האָט די פּאָליציי פאַרווערט עטלעכע אונדזערע פאָרטראַגן אין תל־אביב, נישט געקוקט דערויף, וואָס וועגן זיי איז געמאָלדן געוואָרן מיט 96 שעה פריִער, און וואָס זיי זענען דערלויבט געוואָרן אַנדערע (אין אַפּריל — וועגן די געשעענישן אין אינדיע, וועגן ערשטן מאַי, און אין מאַי — וועגן דער קאַפּיטולאַציע פון דער פ.ק.פּ.).

7. די אומדערהערטע פאַראָרדענונג בנוגע דער אימיגראַנטן־אָפּטיילונג פון אונ־דזערע חברים. עס איז דאָך שוין באַוווּסט דער אָפיציעלער רעגירונגס־נוסח, וואָס פאָדערט פון יעדן, וואָס וויל אַראָפּברענגען אַ קרוב פון חוץ־לארץ, אַ

דערקלערונג, אַז די קרובים געהערן נישט צו די קאָמוניסטן אָדער צו פּועלי־ציון. די דאָזיקע פאָדערונג באַטייט אַ פּרוּוו פאַר קיין פאַל נישט אַריינלאָזן אין לאַנד אונדזערע חברים; הגם אין דעם פּרט פאַלט די שולד אויך אויף דער ציוניטסישער לייטונג און די פּאַלעסטינע־אַמטן אין חוץ־לארץ, וועלכע האָבן איינגעשטעלט אַן אַנטשלאָסענעם געהיימען קאַראַנטין אויף אונדזערע חברים (פון די 51 אונדזערע חברים אין פּוילן, פאַכלייט און מומחים אין פאַרשיידענע אינדוסטריע־צווייגן און אין לאַנדווירטשאַפט, פון די הונדערטער, וואָס האָבן זיך געגרייט צו קומען אין לאַנד, האָט קיין איינער נישט באַקומען קיין סערטיפיקאַט).

8. די גירושים. די מאָס איז פאַרפולט געוואָרן מיט דער פאַראָרדענונג וועגן גירוש פון חבר אַלעקסאַנדער, מיט וועמענס ענין איר באַשעפטיקט זיך שוין לאַנג. דער איינציקער גרונט פון דער דאָזיקער פאַראָרדענונג זענען נאָר די פּועלי־ציון־אָנשויוּנגען פון חבר אַלעקסאַנדער.

מיר האָבן אויסגערעכנט די אַלע פאַקטן, ווייל מיר זענען טיף איבער־צייגט, אַז היינטיקס מאָל שטייט נישט נאָר אונדזער פּאַרטיי פאַר אַ סיסטעמאַ־טישער אונטערדריקונגס־אַקציע. כידוע האָט דער דאָזיקער אָנגריף אָנגע־רירט אויך אַנדערע חלקים פון דער אַרבעטערשאַפט. דאָס איז נאָר אַ פּרט פון דער אַלגעמיינער אָפּענסיווע פון דער מאַכט אויפן אַרבעטער. אין דעם דאָזיקן קאַמף שטייט דער אַרבעטער איינזאַם אין פראָנט און קען זיך שטיצן נאָר אויף זיינע אייגענע כוחות, וועלכע די רעגירונג האָט איצט בדעה צו צעברעכן ביסלעכווייז.

אויב דאָס מאָל איז דער אָנגריף געווענדעט נאָר קעגן אונדזער פּאַרטיי ספּעציעל, וועט אין קורצן אָן ספק קומען די ריי אויך אויף אַנדערע טיילן פון דער אַרבעטערשאַפט, צי זיי זענען אָרגאַניזירט אָדער נישט אין אַ באַ־זונדערער פּאָליטישער גרופּירונג.

עס איז אויך קלאָר, אַז דער קאַראַנטין אויף פּועלי־ציון איז דער ער־שטער שריט צום אָנגריף אויף דער אַרבעטער־איינוואַנדערונג בכלל, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז די מערהייט פון ייִדישן בירגערלעכן ישוב — די פּאַריי־ניקונג פון אכרים, די אזרחים לאומיים (בירגערלעך־נאַציאָנאַלע), רעוויזיאָ־ניסטן און אַנדערע, — באַשטעטיקן לכתחילה די בדיקה און קאָנטראָל פון דער רעגירונג איבער דער אַרבעטער־איינוואַנדערונג. דער דאָזיקער קאָנטראָל, שפּיאָנאַזש, און דער אָפּזאָג צו געבן בירגערשאַפט, גרייפן אַמשטאַרקסטן אָן אונדזערע עלעמענטאַרע רעכט אין לאַנד, און מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די סכנה דראָט יעדן אַרבעטער, אויב נאָר ער וועט וואַגן עפענען דאָס מויל אין דער דאָזיקער לופט פון שפּיאָנען און געהיים־אַגענטן, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבערן לאַנד ווי אַ מגפה.

דער פאַרבאָט פון פאַרזאַמלונגען באַדייט די דערוויטערונג פון אַרבעטער פון דער פּאָליטישער אַרענע, און ס'איז אַן איבעריקע זאַך צוצוגעבן, אַז אויך די גירושים, הן געריכטלעכע, הן אַדמיניסטראַטיווע, ליפערן אויס אונדזער לעבן אין לאַנד פאַר דעם ווילקיר און הפקרות פון דער קאָלאָניאַלער באַאַמטנ־

שאַפט, וואָס חנפעט זיך פאַר דער רעגירונג און מאַכט חוזק פון דער באַפעל־קערונג.

מיט דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום קומען מיר נישט נאָר צו פאָדערן פון אייך אַן אינטערווענץ צו באַשיצן אונדזערע רעכט אַלס חלק פון דער הסתדרות, נאָר אונדזער ציל איז צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון אויספיר־קאָמיטעט פון דער הסתדרות אויף דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט אָנ־צוהייבן תיכף ומיד אַן עקשנותדיקע און ענערגישע פּאָליטישע אַקציע קעגן די געפאַרן, וואָס דראָען דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט.

עס פאָדערט זיך אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע אין ברייטן פאַרנעם פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אין לאַנד. עס איז נייטיק דער ענערגישער פּראָטעסט פון אַרבעטער אין שטאָט און אין דאָרף, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אין די קבוצות, אין עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, אין די פאַבריקן און אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער. דער דאָזיקער פּראָטעסט דאַרף אויסדריקן די אומבויג־זאַמקייט און גרייטקייט פונעם אַרבעטער צו פאַרטיידיקן מיט אַלע מיטלען זיינע רעכט, וואָס ווערן געטרעטן מיט די פיס.

מיר זענען זיכער, חברים, אַז פּונקט ווי מיר, פאַרשטייט איר אויך די דרינגלעכקייט פון דער דאָזיקער זאַך.

אַ ברייטע פּאָליטישע אַקציע אין די פראַגעס פון איינוואַנדערונג, בירגער־שאַפט, אַרעסטן, רדיפות, מלקות, תפיסה־רעזשים, גירושים און פאַרבאָט פון פאַריינען און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס — דאָס איז דער געבאָט פון דער שעה, וועלכן מען טאָר נישט פאַרזוימען.

מיט חבר־גרוס

**צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־פּאַרטיי (לינקע פועלי־ציון)**

תל־אביב, 8טער יולי 1929.

# די בלוטיקע געשעענישן און די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע

אין דעצעמבער 1928 איז אַלס הויך־קאָמיסאַר נאָמינירט געוואָרן טשענסלאָר.

קאָלאָנעל קיש, וועלכער איז צו יענער צייט געשטאַנען בראש פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין ירושלים און איז געווען דער לייטער פון איר פאָליטישן דעפאַרטאַמענט, און איז אַוודאי געווען ווייט פון אַן אַנטי־בריטישער איינשטעלונג, זאָגט וועגן טשענסלאָרן אין זיין טאָגבוך, אַז ער איז געווען בפירוש פיינטלעך צו יידן און צו יעדן שריט, וואָס וואָלט געקענט ברענגען צו יידיש־אַראַבישער דערנענטערונג.

אין לאַנד איז אָנגעגאַנגען אַן אומגעצוימטע העצע אַרום דעם ענין כותל־מערבי. די אַראַבישע פעאָדאַל־קלעריקאַלע פירער האָבן פאַרשפרייט צווישן דער אָפגעשטאַנענער אָרטיקער אַראַבישער באַפעלקערונג און אין די שכנותדיקע לענדער די סאַמע פאַנטאַסטישע און פראָוואָקאַטאָרישע גוזמאות, אַפילו אַז יידן האָבן מיט באָמבעס אויפגעריסן דעם אמאר־מעטשעט. די רעגירונג האָט גאָרנישט געטון, כדי אָפצושטעלן די העצע און אָפצולייקענען די פאַלשע ידיעות. אָפן פאַר אירע אויגן זענען געמאַכט געוואָרן די פאָגראָם־הכנות.

דער 16טער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין ציריך אין אויגוסט 1929, האָט געשיקט אַ ספעציעלע דעלעגאַציע קיין לאָנדאָן, כדי צו וואָרענען דאָס קאָלאָניע־מיניסטעריום, אַז אין ארץ־ישראל גרייטן זיך אַנטי־יידישע אומרוען, אָבער די בריטישע אַדמיניסטראַציע פון ארץ־ישראל האָט ווייטער נישט אָנגענומען קיין שום מיטלען, כדי צו פאַרהיטן דאָס לאַנד פון דעם אומגליק. און אין ענגלאַנד איז שוין דעמאָלט ווידער געווען אַ רעגירונג פון דער לייבאָר־פאַרטיי, וועלכע האָט געזיגט ביי די וואַלן, וואָס זענען פאָרגעקומען דעם 31טן מאַי 1929. בראש פון דער רעגירונג איז ווידער געשטאַנען ראַמזיי מאַקדאָנאַלד.

די אומרוען זענען אויסגעבראָכן דעם 23טן אויגוסט 1929. עס זענען געפאַלן טויט 132 יידן, פאַרוואונדעט זענען געוואָרן 318 יידן. 9.000 יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע איינגעזעסענע היימען. גרויזאַם זענען געווען די מערדערייען, דער עיקר אין די שטעט פון אַלטן ישוב, ווי חברון און צפת, וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט דעם נייעם יידישן אַרבעטער־עלעמענט מיט זיין זעלבסטשוץ. די מערדער האָבן נישט געשוינט קיין אַלטע לייט, פרויען און קינדער. די וווינונגען זענען צעראַבירט געוואָרן און נאָכדעם אונטערגעצונדן. זינט דער מאַסן־שחיטה אין חברון האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן דער יידישער ישוב אין דער דאָזיקער אַלטער שטאָט, ווו יידן

זענען געזעסן אין משך פון די לעצטע הונדערטער יאָרן. דער נייער יידישער ישוב האָט געשטעלט אַ העלדישן ווידערשטאַנד און האָט געצוווּנגען די פּאָגראָם־לייט צו באַצאָלן אַ טייערן פּרייז פאַר זייער מאָרד־ און רויב־גלוסטעניש. די מאַכט האָט אָבער גערודפט די „הגנה״, אַנטוואָפנט און אַרעסטירט די פּאַרטיידיקער און זיי געשטעלט צום משפּט.

דאָס קאָלאָניע־מיניסטעריום האָט נאָמינירט אַ פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרשונגס־קאָמיסיע בראש מיט וואָלטער שאָו. אין מערץ 1930 האָט זי פאַרעפנטלעכט איר באַ־ריכט, וואָס האָט געטראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם אַנטי־ציוניסטישן כאַראַקטער. זי האָט פּאַקטיש ריינגעוואַשן די אָרגאַניזאַטאָרן פון די שחיטות, דערקלערנדיק, אַז די אומ־רוען זענען נישט געווען צוגעגרייט. גלייכצייטיק האָט זי זיך אַרויסגעזאָגט קעגן די באַשטימונגען פון מאַנדאַט, וואָס רעקאָמענדירן די אויפשטעלונג פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל.

דער שאָו־באַריכט האָט גלייך געבראַכט אַנטי־יידישע רעזולטאַטן: די רעגירונג האָט מבטל געמאַכט דעם גרעסטן טייל סערטיפיקאַטן, וואָס זי האָט פריער אַרויסגע־געבן אויפן האַלבן יאָר אַפּריל־סעפּטעמבער 1930. זי האָט אין מאַי 1930 נאָמינירט אַ ספּעציעלן עקספּערט דזשאָן האָפּ־סימפּסאָן, כדי אויסצופאָרשן די פּראָבלעמען פון איינוואַנדערונג, קאָלאָניזאַציע און אַנטוויקלונג פון לאַנד, און האָט פאַרבאָטן די יידישע עליה ביז סימפּסאָן וועט צושטעלן זיין באַריכט.

דעם 27טן מאַי 1930 האָט די רעגירונג פאַרעפנטלעכט אַ „ווייס־בוך״, וואָס זיינע וויכטיקסטע אויספירן זענען געווען: 1) אַ טאָפּלטע פליכט לגבי די אַראַבער און די יידן ליגט אויף דער מאַנדאַט־רעגירונג, און זי מוז אָפּהיטן דאָס גלייכגעוויכט צווישןביידע קעגנערישע כוחות; 2) אין תוך ווערט אָנגענומען דער באַריכט פון דער שאָו־קאָמיסיע; 3) די פראַגעס פון איינוואַנדערונג און באָדן־פאַרקויף וועלן געגוי אונטער־געזוכט ווערן, און נאָכן פאַרענדיקן די אויספאָרשונג פון האָפּ־סימפּסאָן וועט די רעגירונג אָננעמען געגויע באַשלוסן.

כאַטש איין מיטגליד פון דער שאָו־קאָמיסיע, סנעל, אַליין אַ מיטגליד פון דער לייבאָר־פּאַרטיי, האָט געהאַט געוויסע באַוואָרענישן צו דעם באַריכט, האָט זיך די לייבאָר־רעגירונג מיט זיינע באַוואָרענישן אינגאַנצן נישט גערעכנט.

די שאָו־קאָמיסיע האָט פאָרגעלייגט נאָמינירן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, כדי פעסט־צושטעלן ענדגילטיק די רעכט פון די יידן און פון די מוסולמענער אויפן כותל־מערבי, אויפן פאָרשלאַג פון דער בריטישער רעגירונג האָט דער ראַט פון דער פעלקער־ליגע נאָמינירט אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיע, וועלכע האָט נאָכן אויסהערן אין ירוש־לים ביידע פאַרינטערעסירטע צדדים פעסטגעשטעלט די רעכט פון די רעליגיעזע עדות אויפן כותל מערבי, וואָס זיי ביידע באַטראַכטן עס פאַר זייער רעליגיעזן הייליקטום.

אין מאַי 1930 האָט זיך אָרגאַניזירט לויט דער איניציאַטיוו פון „פועלי־ציון״ די געזעלשאַפט „אחוות־פועלים״ (אַרבעטער־פאַרברידערונג). צווישן די גרינדער זענען געווען אַרבעטער־טוער און אינטעלעקטועלע. אין יפו און אין ירושלים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַן דער נייער געזעלשאַפט אויך אַראַבישע אַרבעטער. דער ציל פון דער געזעלשאַפט איז געווען: יידיש־אַראַבישע אַרבעטער־דערנענטערונג און געמיינזאַמער קאַמף פאַר פאַרוואַנדלען די אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע (הסתדרות הכללית) אין אַן אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע. די פּאַלעסטינער אַדמיניסטראַציע פון דער ענגלישער לייבאָר־רעגירונג האָט פאַרבאָטן „אחוות־פועלים״...

די ארץ־ישראלדיקע אַדמיניסטראַציע האָט אויך אויסגענוצט אַ פּאַראַגראַף פון אַלטן טערקישן געזעץ, כדי אויף אַן אַדמיניסטראַטיוון אופן צו דערקלערן די פועלי־ציון פּאַרטיי פאַר אויפגעלייזט.

# די פּאָליטישע סיטואַציע אין לאַנד ערב די געשעענישן

פון 13טן ביזן 15טן יוני 1929 איז אין תל־אביב פאָרגעקומען די פערטע קאָנפערענץ פון די ארץ־ישראלדיקע פּועלי־ציון, מיר ברענגען דאָ די אָנגענומענע פּאָליטישע רעזאָלוציע.

1. דער הויפּט־עקאָנאָמישער פאָן, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם איצטיקן פּעריאָד אין לאַנד, איז: די פאַרפעסטיקונג און די אויסברייטערונג פון דער ווירטשאַפטלעכער באַזע אין שטאָט און אין דאָרף, וואָס קומט בולט צום אויסדרוק אין אָנהייב פונעם קאָניונקטור־פּעריאָד נאָך דער קריזיס־תקופה, אין דעם וווקס פון דער אינדוסטריע, אין דער פאַרגרעסערונג פון אינדוסט־ריעלן עקספּאָרט, אין די נייע אינוועסטיציעס פון אָרטיקן און אויסלענדישן קאַפּיטאַל, ייִדישן און אינטערנאַציאָנאַלן, אין דער שטאַרקער אויסברייטערונג פון דער פּלאַנטאַציע־ווירטשאַפט, אינעם בוי פון דעם חיפהער פּאָרט, אין די צוגרייטונגען צו די אַרבעטן ביים ים־המלח, און די פּלענער וועגן די נאַפט־רערן מאָסול—חיפה, אין דער דורכפירונג פון דער אייזנבאַן־ליניע באַגדאַד—חיפה, אין דער רעאַליזירונג פון די עלעקטריפיקאַציע־אַרבעטן אאַ״וו.

2. אָט די אַלע ווירטשאַפטלעכע פּראָצעסן און ענדערונגען, פאַרפעסטיקנ־דיק די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון די קאַפּיטאַליסטישע גרופּעס און זייערע עקס־פּלאָטאַציע־אַפּעטיטן, ברייטערן אויס און פאַרטיפן בהכרח די סאָציאַלע קעגנ־זאַצן אין שטאָט און אין דאָרף, פאַרשאַרפן און פאַרגרעסערן דעם שטח פון די קלאַסן־קאָנפליקטן צווישן דעם בירגערטום און דעם פּראָלעטאַריאַט, צווישן גוטבאַזיצער און פויער, און רוקן אַרויס אין פאָדערגרונט די פּראָבלעמען פונעם פּאָליטישן קאַמף אין לאַנד.

3. די אָקופּאַציע־מאַכט, געשטעלט פּנים אל פּנים מיט די כסדרדיקע פאָדערונגען און תביעות מצד דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּאַנסיע פון איין זייט, מיט די פּרעטענזיעס און אַפּעלאַציעס פון צעטרייסלטן און אָפּגעשוואַכטן פע־אָדאַלן לאַגער פון דער צווייטער, סיסטעמאַטיש געקלעמט דורך דער פונאַנדער־וויקלונג פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף־פראָנט, באַאומרויִקט דורך דעם רייף־

ווערנדיקן אַגראַר־פּראָבלעם און וואַקסנדיקער אומצופרידנקייט פונעם פּויער־טום — טרייבט מיט נאָך מער קראַפט און ווילדקייט איר באַוווסטע פּאָליטיק פון נאַציאָנאַלע פּראָוואָקאַציעס, פון אונטערדריקן יעדע סאָציאַלע ווירקונג און אומצופרידנקייט און פון פּריווילעגירן און שיצן די רעשט פּאָזיציעס פון דעם עפּענדישן שיכט — איר וויכטיקסטן אָנשפּאַר אין לאַנד.

א) די אָקופּאַציע־מאַכט נעמט זיך דורכצופירן דעם באָדן־קאַטאַסטער, בכדי כלומרשט צו ברענגען אין אָרדענונג די פּאַרוויקלטע באָדן־באַציִונגען און פּאַקטיש אָפּצושוואַכן די מעגלעכקייט פאַרן פעלאַך צו באַקומען באָדן דורך פאַרפעסטיקן די שטחים באַדנס אויף אַ „געזעצלעכן", „יורידישן" אופן פאַר די עפענדים.

ב) די מאַכט דעקט אָפיציעל און דיריזשירט אומאָפיציעל און אינסצעני־זירט די באָדן־סכסוכים אין קסריה און אינפיאט צווישן די ייִדן און אַראַבער.

ג) די מאַכט שאַכירט ווידער מיט דעם פּראָיעקט פון דעם „געזעצגעבע־רישן ראַט" — אַן אימפּעריאַליסטיש־פּאַרלאַמענטאַרישע קאַריקאַטור־פּאָרעם, כדי צו האַלטן אין שפּאַן און ווען עס וועט זיין נייטיק — פּאָליטיש פאַרפעסטיקן דורך דעם די פעאָדאַלע כנופיה.

ד) די מאַכט פאַרשרויפט וואָס אַמאָל פעסטער, אין פולן קעגנזאַץ צו דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און צו די ווירטשאַפטלעכע פּערספּעקטיוון פון לאַנד, די באַגרענעצונג פאַר דער ייִדישער איינוואַנדערונג, דערגאַנצט זי מיט נייע קאָנטראָל־פּירושים און אַדמיניסטראַטיווע פאָדערונגען, וואָס האָבן דעם אויסערלעכן צוועק צו באַשווערן אַלץ מער די איינוואַנדערונגס־מעגלעכקייטן.

ה) אָפן און ציניש פּראָקלאַמירט די רעגירונג, אין פולן הסכם מיט די פעאָדאַלן און דער ייִדישער בורזשואַזיע, אַ פּאָליטישן קאָנטראָל איבער דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג, וואָס זאָל לחלוטין פאַרשליסן די טויערן פון לאַנד פאַר די „אומגעוווּנטשענע עלעמענטן", קאָנסטאַטירנדיק דערמיט אַן איבעריקן מאָל דעם טיפן תהום צווישן די אינטערעסן פון אימפּעריאַליזם, פעאָדאַליזם און בורזשואַזיע פון איין זייט, און פון דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג פון דער צווייטער.

ו) אַלס צוגאָב צו די איינוואַנדערונגס־באַגרענעצונגען ווערט קינסטלעך פאַרגרעסערט די צאָל רעכטלאָזע בירגער אין לאַנד, דורך דעם אָפּזאָג צו געבן בירגערשאַפט, אָדער מאַכן שוועריקייטן דערביי פאַר ייִדן בכלל, און פאַר דעם ייִדישן אַרבעטער בפרט, בעיקר פאַרן פּאָליטיש־אַקטיוון און קלאַסן־באַוווסט־זיניקן אַרבעטער־עלעמענט.

ז) דער יוסטיץ־אַפּאַראַט איז נישט אונטערגעוואָרפן דעם קאָנטראָל און דער השגחה פון דער באַפעלקערונג, און דינט אויסשליסלעך אַלס אונטערדרי־קונגס־אינסטרומענט אין די אינטערעסן פון אימפּעריאַליזם און זיינע באַדינער.

ח) אין משך פון איר צען־יאָריקער הערשאַפט האָט די מאַכט — די רע־פּרעזענטאַנץ פון דער אייראָפּעיִשער „ציוויליזאַציע" אויפן נאָענטן מזרח — פּולשטענדיק אויסגעליפערט דעם אַרבעטער צום אונטערנעמער, צום אַרבעטס־געבער. חוץ אין פאַרקריפּלטער, אַרומגעשניטענער אַרבעטס־שוץ פּאַראָרדע־נונג, וועלכע ווערט אַפילו אין לעבן אויך נישט אָפּגעהיט, עקזיסטירן נישט

אין לאַנד קיין שום געזעצן, וואָס זאָלן שיצן דעם אַרבעטער, פאַרזיכערן אים אין פאַל פון קראַנקייט, אינוואַלידקייט, אומגליקס־צופאַל, עלטער און אַרבעטס־לאָזיקייט, דערפאַר אָבער ווערן שטרענג אָפּגעהיט מיט דער הילף פון פּאָליציי און אַרעסטן די לאָקאַוט־רעכט פון די אונטערנעמער און דאָס שטרייק־ברעכעריי.

ט) די רעגירונג ווענדעט אָן אַלע מיטלען, כדי צו באַרויבן די באַפעל־קערונג פון די מינדסטע רעכט פון מוניציפּאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג און פּיק־סירט גלייכצייטיק, דורכן איינפירן אַ הויכן עלטער־ און אייגנטום־צענז, די הערשאַפט פון די רייכע און די באַלעבאַטים איבער דער שטאָט־אָרעמקייט און די שטאָט־פאַרוואַלטונגען.

י) די מאַכט טרעט אַרויס אַלס די פאַנענטרעגערין פון דער שענדלעכ־סטער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער ביי אירע אַרבעטן.

יא) זי שטעלט די אַרבעטערשאַפט אין אַן אויסנאַם־צושטאַנד אין באַצוג צו פרייהייט פון פּרעסע, פאַרזאַמלונגען און אָרגאַניזירן זיך.

יב) אַרעסטן, שיקאַנעס אויף אַלע געביטן, גירושים ווערן לעצטנס אַ מאַסן־דערשיינונג.

יג) די הוצאות אויף זשאַנדאַרמעריע, פּאָליציי, שפּיאָנאַזש און תפיסות פאַרנעמען אַ בכבודיקן טייל פון ביודזשעט. דער תפיסה־רעזשים, באַפּוצט מיטן געזעץ פון שמיץ, דערגאַנצט די גאַנצע סיסטעם פון דער אימפּעריאַליסטי־שער פּאָליטיק אין לאַנד.

4. הגם דער דאָזיקער אימפּעריאַליסטישער רעזשים איז געווענדעט נישט בלויז קעגן דער אַרבעטערשאַפט, און ער רירט אויך אָן אין אַ סך הינזיכטן די אינטערעסן פון אַנדערע קלאַסן און סאָציאַלע גרופּעס דורך זיין שטענדיקער פּאָליטיק פון שטערן און פּאַראַליזירן די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון לאַנד, דורך נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, אַדמיניסטראַטיוון ווילקיר אאַ״וו, איז אָבער שוין נישטאָ היינט צו טאָג קיין איינציקער געזעלשאַפטלעכער כוח, וואָס זאָל זיין פעיִק און גרייט אויפצונעמען דעם קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם, אויסער דעם אַרבעטער־קלאַס.

5. די אָפטע אָנגריפן פון פעאָדאַלן לאַגער קעגן דער רעגירונגס־פּאָליטיק האָבן בלויז איין ציל: צו געווינען די אָקופּאַציע־מאַכט מאָנאָפּאָליסטיש פאַר זיך; פאַרוואַנדלען דעם פאַרשלייערטן, מאַנעווורירנדיקן פעאָדאַלן קורס פון דער רעגירונג אין אַן אָפענער, קלאָרער פעאָדאַלער קלאַסן־ליניע; דורכפירן דעם פאַרבאָט אויף דער ייִדישער איינוואַנדערונג, אַלס דעם פאַקטאָר, וועלכער צעשמעטערט די פעאָדאַלע לעבנס־פאָרמען אין לאַנד. די לאָזונגען פון זעלבסט־שטענדיקייט, וואָס הערן זיך פון צייט צו צייט אין עטלעכע טיילן פון פעאָדאַלן לאַגער, דריקן בלויז אויס דעם ווונטש פון די פעאָדאַלן צו באַקומען, מיט דער סאַנקציע פון דער רעגירונג, די פולע שליטה איבער די מאַסן אין דאָרף; איינ־האַלטן די אַמאָליקע פּאַטריאַרכאַלע צווישנבאַציִונגען; באַרויבן די ייִדישע באַ־פעלקערונג פון די עלעמענטאַרסטע נאַציאָנאַלע רעכט, און ליקווידירן דעם אומרויִקן סאָציאַלן קאַמף און זיין הויפּט־גורם — דעם ייִדישן אַרבעטער. דער

פּאָליטישער וואָרטזאָגער פון אָט דעם דאָזיקן שיכט איז ווייטער דער נאַציאָ־נאַל־אַראַבישער קאָמיטעט און די קריסטלעכע פעאָדאַלע משפחות, וואָס שטייען מיט אים אין נאָענטן קאָנטאַקט.

6. סאָציאַל און פּאָליטיש נאָענט צו דעם דאָזיקן שיכט שטייען די רייכע יידישע פלאַנטאַטאָרן פון דעם ועד החקלאי, וועלכע זענען פּונקט אַזוי שאָווי־ניסטיש אויף דער יידישער זייט, ווי די עפענדיס אויף דער אַראַבישער. דאָס שטערט זיי אָבער נישט צו זיין גלייכצייטיק אויסגעשפּראָכענע קעגנער פון אַ יידישער מאַסן־איינוואַנדערונג, בפרט פון יידישע אַרבעטער, און הייסע חסידים פון אַראַבישער, אַבי ביליקער און נישט אָרגאַניזירטער אַרבעטס־קראַפט. די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דעם דאָזיקן שיכט, וואָס זענען פאַרבונדן דער עיקר מיט די אויסלענדישע פּאָמעראַנצן־מערק, זענען אַמווייניקסטן געבונדן מיט די אינטערעסן פון די איינוואַנדערער־עלעמענטן און מיט די פּראָבלעמען פון אינערלעכן מאַרק אין לאַנד. זייער „נאַציאָנאַלער" פּאַטאָס ליגט אויסער דעם שטח פון פּאָליטישן פּראָגנט קעגן דער רעגירונג און באַזירט זיך אויף שאָ־וויניזם, אַגרעסיוון קלעריקאַליזם און סאָלידאַרישער הילף ביי דער אויסבילדונג פון אַ יידישן קאַפּיטאַליסטישן גרויס־גרונטבאַזיצער־קלאַס. אָט אָ דער שיכט איז דער עקשנותדיקער פאַרטיידיקער און טיילווייז איניציאַטאָר פון אַנטי־דעמאָקראַטישן וואַל־געזעץ צו די מוניציפּאַליטעטן, ער איז דער קעמפער פאַר דער הערשאַפט פון „פּרנסים", גבאים, קעגן דעם פרויען־וואַלרעכט וכדומה. ער איז דער פאַרביסענער קעמפער קעגן דער אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט, אָפן דעקלאַרירט ער זיין פאַרבינדונג און אינטערעסן־שותפות מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס שיצט מיט פּאָליציי און תפיסות זיינע רעכט פון הייליקן פּריוואַט־אייגנטום קעגן די פּרעטענזיעס פון די אַרבעטער. פאַר זיי איז די אָקופּאַציע־מאַכט אַן אייגענע מאַכט.

7. די קאַפּיטאַליסטישע בורזשואַזיע ווערט היינט צו טאָג רעפּרעזענטירט כמעט אויסשליסלעך דורך איר יידישן סעקטאָר. ביי איר גאַנצער אומצופרידנ־קייט מיט דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס טאָרמאָ־זירט דעם וווקס פון דער אינדוסטריע, פענטעט דעם מאַרש פון יידישן קאַפּיטאַל און פאַוואָריזירט די אינטערעסן פון די פעאָדאַלן און די אויסלענדישע גרויס־קאַפּיטאַליסטישע פירמעס, איז זי גלייכצייטיק אַ טרייע פּאָליטישע דינערין פון דעם איצטיקן רעזשים, אין וועלכן זי זעט אַ גאַראַנטיע, הגם אַ וואַקלדיקע, קעגן דער „אַראַבישער" סכנה און אַ זיכערע שוץ קעגן סאָציאַלע אויפטרייסלונגען מצד דער אַרבעטערשאַפט. צעשפּליטערט אין פאַרשיידענע גרופּירונגען (אזרחים לאומיים, „דעמאָקראַטן", רעוויזיאָניסטן אאַ"וו), לויט דער אינערלעכער פּאָלי־טיק אין דעם יידישן סעקטאָר און לויט דער באַציִונג צו דער פּאָליטיק פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז זי אָבער דורכויס פאַרייניקט אין איר גרייטקייט און ווילן צו זען זיך ווי אַ געטרייען פאַרבינדעטן פון ענגלישן אימ־פּעריאַליזם.

8. די קאָנפערענץ באַשטעטיקט דעריבער די פריִערדיקע ליניע פון דער פּאַרטיי, וואָס דריקט זיך אויס דערין, אַז נאָר די אַרבעטערשאַפט און דאָס פּויערטום זענען דער איינציקער כוח קעגן דעם אימפּעריאַליסטישן רעזשים,

און זי שטעלט דעריבער נאָך אַמאָל פעסט, אַז איינע פון די הויפּט־אויפגאַבעס איז דער סיסטעמאַטישער, עקשנותדיקער קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם.

עס איז נייטיק צו פירן אַן אומדערמידלעכע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן דער אַרבעטערשאַפט און האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג וועגן דעם מהות פונעם אימפּעריאַליסטישן רעזשים אין לאַנד, שאַפן זי פאַסיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע איינ־ריכטונג, וואָס זאָל קאָנצענטרירן אָט די אַנטי־אימפּעריאַליסטישע טעטיקייט, צוציִענדיק צו איר אַ וואָס גרעסערע האָרעפּאַשנע פעריפעריע, פּאָפּולאַריזירן און פּראָפּאַגירן דעם לאָזונג פון אַן אַרבעטער־ און פּויערים־רעגירונג, פירן אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דער פּראָ־אימפּעריאַליסטישער רעאַקציע און קעגן דער בורזשואַזיע, וואָס ווערט אַלץ אַנטשיידענער אָפּגעוואָרפן אין לאַגער פון דער קאָנטרעוואָלוציע.

„אַרבעטער־צייטונג", וואַרשע, 16טער אויגוסט 1929.

# קעגן דער העצע און די העצער!

(אויפרוף פון צ. ק. פועלי־ציון אין ארץ־ישראל וועגן די געשעענישן)

גלייך אין ערשטן טאָג פון די בלוטיקע געשעענישן האָט דער צ. ק. פון די לינקע פועלי־ציון אין ארץ־ישראל אַרויסגעלאָזן דעם ווייטערדיקן אויפרוף.

צו דער אַרבעטערשאַפט, צום ייִדישן ישוב!

בשעת מיר האָבן פאַר אונדזערע אויגן דערזען די רעזולטאַטן פון דער רעגירונגס־אינטריגע אַרום דעם כותל־מערבי; בשעת מיר דאַרפן פאַרטייִדיקן אונדזערע לעבנס פאַר די פינצטערע אויפגעהעצטע מאַסן; ווען עס ליגן שוין פאַר אונדז אַפילו אונדזערע הרוגים — מוז דערהערט ווערן די שטים פונעם באַוווּסטזיניקן אַרבעטער, עס זאָל קלאָר ווערן פאַר אַלעמען, ווו ליגט די סיבה פון דעם אומגליק, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויפן לאַנד, און מען זאָל זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן דורך די פינצטערע אינסטינקטן, דורך דער נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער העצע, וואָס איז אין איצטיקן מאָמענט אַריבער אַלע גרענעצן.

די פּאָליטיק פון דער רעגירונג פון אָנהייב פון דער אָקופּאַציע האָט געטראָגן דעם שטעמפּל פון פּראָוואָקאַציע, פון אויסגערעכנטער אומאויפהערלעכער העצע צווישן די צוויי פעלקער וואָס וווינען אין לאַנד. אויסנוצנדיק יעדע געלעגנהייט אויפצורייצן איין נאַציאָנאַלע גרופּע קעגן דער צווייטער, האָט די רעגירונג אין כותל־מערבי געפונען די גלענצנדיקסטע געלעגנהייט צו פאַרטיפן נאָך מער דעם תהום צווישןביידע נאַציאָנאַלע גרופּעס, שפּעקולירנדיק דערביי אויף דער קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט, אומבאַוווּסטזיניקייט, פינצטערקייט, און אויף דעם רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן שאָוויניזם.

די כוונה פון דער רעגירונג איז: ווי אין אַלע לענדער פון אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט, ווו עס זענען נאָר פאַראַן די באַדינגונגען דערצו, שטרעבט די רעגירונג דורך אויפרייצן די נאַציאָנאַלע העצע פאַרשטאַרקן איר הערשאַפט אין לאַנד, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז די געמיינזאַמע אינטערעסן פון די ביידע נאַציאָנאַלע גרופּעס זאָלן פאַרשטאַרקן זייער כוח און זייער בשות־

פותדיקן קאַמף קעגן איר. די נאַציאָנאַלע העצע איז אַ נויטווענדיקער און גלייכער באַשטאַנד־טייל פון דער אימפעריאַליסטישער פּאָליטיק, ווי דאָס אָקופּאַציע־מיליטער. אין ארץ־ישראל נוצט אויס די רעגירונג אַלס אויס־גאַנגס־פּונקט פון איר העצע די שנאה פון דעם עפּענדי צום ייִדישן אַרבעטנ־דיקן ישוב, וואָס טראָגט אַריין אַן איבערקערעניש איז עקאָנאָמישן לעבן און אַרבעטס־באַדינגונגען אין לאַנד און גראָבט אויף אַזאַ אופן אונטער די אַלטע שענדלעכע פעאָדאַלע עקספּלאָטאַציע.

די פירער פון דער מוסולמענישער מועצה — די הוסיינער — וועמענס השפעה פאַלט וואָסאַמאָל מער, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער רעגירונגס־פּראָוואָקאַציע און אַרויסגערופן אַ רעליגיעזן קאַמף אַרום דעם כותל, כדי צו הייבן זייער פּרעסטיזש און שטאַרקן זייערע פּאָזיציעס ביי די קומענדיקע וואַלן צו דער מועצה. זיי האָבן פאַרשפּרייט שקרים און גוזמאות וועגן די כוונות פון די ייִדן צו באַפאַלן דאָס אַראַבישע פאָלק און צוריבן ביי אים זיינע רעליגיעזע הייליקייטן. און די מאַסן, וואָס ווערן עקספּלאָטירט צוגלייך פון דער רעגירונג און פון די קאַפּיטאַליסטן, האָבן זיך אַ וואָרף געטון צו דער שחיטה, צו שאַפן פּאָליטישן קאַפּיטאַל פאַר זייער קלאַסן־שונא.

דער דאָזיקער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער קאַמף האָט אויך ביי די ייִדן גע־בראַכט צו פאַרטושן די קלאַסן־ליניע פון טאָג־טעגלעכן קאַמף, און עס איז געשאַפן געוואָרן איין נאַציאָנאַלער פראָנט אונטער דער אָנפירונג פון דער הנהלה הציונית, ועד הלאומי, רבנות הראשית און „אגודת ישראל“, וואָס ווערט כאַראַקטעריזירט פון מה־יפית־פּאָליטיק און הכנעהדיקייט, פון דער־שטיקן דעם פּראָטעסט פון ייִדישן ישוב און וואַרטן אויף דעם חסד פון דער רעגירונג.

אויך „דבר“, די אַרבעטער־צייטונג, גיט זיך אונטער דער דאָזיקער פּאָ־ליטיק.

אַ געוויס טרויעריקע ראָל האָבן אויך געשפּילט די רעוויזיאָניסטן: זיי האָבן טאַקע גערופן צום פּראָטעסט קעגן דער אונטערטעניקער פּאָליטיק. זיי האָבן אָבער, וועלנדיק שלאָגן פּאַרטיי־קאַפּיטאַל, אומגעהויער אויפגעבלאָזן דעם גאַנצן ענין, פּונקט ווי דער כותל־מערבי וואָלט געווען דער צענטער פון אונדזער לעבן און קיום אין לאַנד.

ווי אין די פּאָגראָמען פון די יאָרן 1920—1921, אָן דער הילף פון כותל, אַזוי אויך איצט אַרום דעם כותל איז שולדיק די רעגירונג. די פּאָגראָם־רעגירונג, וואָס אַ טייל רופט זי נאָך די „רעגירונג פון דער באַלפור־דעקלאַ־ראַציע“, האָט פאַרגעזעצט איר פּאָליטיק ביז איצט, ווען עס זענען שוין קלאָר געוואָרן די רעזולטאַטן פון די אַלע מעשים. זי, וואָס ווייסט צו דערקלערן קריגס־צושטאַנד פאַר יעדן ערשטן מאַי, האָט נישט דערקלערט קיין קריגס־צושטאַנד ווען עס איז געווען שוין קלאָר, אַז עס גרייט זיך אַ פּאָגראָם. זי, הייסט דאָס, האָט געוואָלט די געשעענישן, בכדי פריִער אָנצוואַרפן אַן אימה אויף די איינוווינער, בפרט אויף דעם ייִדישן ישוב, און בכדי דערנאָך צו דערשיינען ווי דער שלום־מאַכער און דער מלאך הגואל.

דאָ שטעקט די גרויסע סכנה פאַר דער צוקונפט פון לאַנד און פון ייִדישן ישוב. יעדער אַרבעטער און יעדער מענטש מיט אָפענע אויגן מוז קלאָר זען די כוונות פון דער רעגירונג. די אימפּעריאַליסטישע רעגירונג איז נישט דער גואל, נאָר די סיבה פון די דאָזיקע מעשים. זי האָט געשאַפן די אומשטענדן און זי נוצט אויס די געלעגנהייטן פאַר אַזאַ פּאָליטיק.

מיר מוזן זיך אויפהייבן איבער דעם פּלאָנטער, אין וועלכן עס האָט אונדז אַריינגעבראַכט די אימפּעריאַליסטישע רעגירונג, און, פּאַרטיידיקנדיק אונדזערע לעבנס, מוזן מיר געדענקען, אַז דער קאַמפּס־פראָנט מוז זיין געווענדעט נישט קעגן דעם אַראַבישן פאָלק, נישט קעגן דעם אַראַבישן אַרבעטנדיקן מענטשן, נאָר קעגן דער אָקופּאַציע און עקספּלאָטאַציע־רעגירונג.

נישט נאַציאָנאַלע שנאה, נישט „כלל ישראל״ און „כלל אַראַבער״־פּאָליטיק — מיר מוזן פירן אַ קלאַסן־קאַמף קעגן דער רעגירונג און אירע שטענדיקע העלפער, די הערשנדיקע קלאַסן פון ביידע נאַציעס.

אַ סוף צו דער מלחמה צווישן די איינוווינער פון איין לאַנד! לאָמיר פירן דעם קאַמף קעגן די העצערס און אויפרייצערס! אַ געמיינזאַמער קאַמף פון די אַרבעטנדיקע פון ביידע פעלקער, וועמענס אינטערעסן זענען סאָלידאַר און געמיינשאַפטלעך, קעגן דער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט און באַזיצנדיקע קלאַסן, פאַר אַן אַרבעטער־ און פויערים־רעגירונג!

## לינקע פּועלי־ציון

תל־אביב, דעם 24טן אויגוסט 1924.

איבערגעדרוקט אין זאַמלהעפט „על המשמר״
(אויף דער וואַך), תל־אביב, 10 סעפּטעמבער 1929.

# אַ רוף צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט

חברים!

טעג שוין, ווי עס דויערן פאַרמעלע קריגס־שלאַכטן צווישן ייִדן און אַראַבער אין לאַנד, פון גליל ביז חברון, הונדערטער הרוגים און מער ווי הונדערטער פאַרווונדעטע פוןביידע זייטן, קוילן־וואַרפערס און פאַנצער־אויטאָמאָבילן אויף די גאַסן, קריגס־אַעראָפּלאַנען אין דער הויך, קריגס־שיפן ביי די ים־ברעגעס, אָפּגעשלאָסענער פאַרקער, הייסע, ווילד־צעבושעוועטע כוואַליעס פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם, נאַציאָנאַלן האַס און בלינדן שאָוויניזם פאַרפלייצן פּאַלעסטינע.

אַ שטומע, טויטע קלאָג־וואַנט, אָן וועלכער עס קלאַמערן זיך אויסגע־לאָשענע הכנעה־תפילות פון פרומע זקנים־ייִדן און אויפגעבלאָזענער נאַציאָ־נאַליסטישער פּאַטאָס — דער כותל מערבי — איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ צעפלאַקערטן ברען־פּונקט פון פונאַנדערגעבונדענע, פינצטערע, בלינדע ליידנשאַפטן.

די פאַרסמענדיקע אַרבעט פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט האָט גע־געבן איר בלוטיקן שניט.

זינט איר ערשטן טריט אין לאַנד האָט די מאַנדאַטאָרן־מאַכט אָנגעהויבן איר נידערטרעכטיקן שדים־שפּיל מיט דער ייִדישער און אַראַבישער באַ־פעלקערונג.

אָפּגעגעבן די אַראַבישע מאַסן אין פאַכט און אַרענדע צו די פּריצים־פעאָדאַלן, די מיוחסדיקע הוסייני־ און נאַשאַשיבי־משפחות, און די ייִדישע איינגעוואַנדערטע מאַסן אין רשות פון דער ציוניסטישער בורזשואַזיע, — איז דער אָקופּאַציע־מאַכט פאַרבליבן די לייכטע אויפגאַבע: האַלטן ביידע צדדים תמיד אין שפּאַנונג איינעם קעגן דעם אַנדערן, איזאָלירן און אָפּטיילן מיט זייער הילף גופא די אַרבעטער־ און פויערים־מאַסן פון ביידע פעלקער און אַליין זיכער און פעסט הערשן איבער אַלעמען.

דאָס לעבן האָט אָבער צונישט געמאַכט די אַלע חשבונות. יעדער אויס־געברייטערטער שריט פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג, יעדע ניי פאַרלייגטע פּאָזיציע אין שטאָט און אין דאָרף האָט געבראַכט אומאויפהערלעך די העגע־

מאָניע פון דער פעאָדאַלער רעאַקציע אין לאַנד, האָט געדראָט צו צעשטערן דעם אויסגעפלאַנעוועטן אימפעריאַליסטישן גלייכגעוויכט, און געפעסטיקט די קראַפט און השפעה פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט, געפורעמט און געוואָרצלט דעם יידישן ישוב אַלס טעריטאָריאַלן ישוב אין לאַנד און האָט רעוואָלוציאָניזירט ווירטשאַפטלעך און פּאָליטיש די אַראַבישע גאַס. און אָנשטאָט דעם קעגנזייטיקן נאַציאָנאַלן האַס ביי די הערשנדיקע קלאַסן און גרופּעס פון די ביידע פעלקער, אָט דעם הויפּט־אָנשפּאַר פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט, האָבן זיך גענומען וועבן די ערשטע פעדים פון יידיש־אַראַבישער פאַרשטענדיקונג ביי די אונטערדריקטע מאַסן — אַ קוואַל פון ערנסטער געפאַר פאַר דער אָקופּאַציע־מאַכט, אַן אָנזאָג, אַז נייע באַטאַליאָנען, באַטאַליאָנען פון סאָצאַילער באַפרייונג מאַרשירן אַרויס צום קאַמף, אַז מיט דער יידישער איינוואַנדערונג וואַקסן די כוחות, וועלכע וועלן אויפנעמען אין פּאַלעסטינע דעם אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דער גוואַלט־הערשאַפט פונעם ענגלישן אימפעריאַליזם און דער פעאָדאַלער און בורזשואַזער רעאַקציע.

איז די יידישע איינוואַנדערונג געוואָרן דער הויפּט־ציל־ברעט, וווהין עס קנאַלן די קוילן פון דער באַדראָטער פעאָדאַלער אַראַבישער פּאָגראָם־קליקע, און גלייכצייטיק אַן אָביעקט פון כסדרדיקע שיקאַנעס און באַגרענעצונגען מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט.

די סיסטעם פון נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע פּראָוואָקאַציעס איז דעריבער אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן געוואָרן מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט. דער יידישער פּאָגראָם אין יפו און ירושלים אין יאָר 1921, די בלוטיקע קאַמפן צווישן אַראַבער, מוסולמענער און קריסטן אין עזה אין יאָר 1927, די צוזאַמענשטויסן אין שכם צווישן די זעלבע רעליגיעזע גרופּעס, און די היינטיקע בלוטיקע טעג — תמיד און איבעראַל האָט דאָ געשטעקט אַ רעגירונגס־האַנט. דעריבער איז דער נאַציאָנאַלער שאָוויניזם דערהויבן געוואָרן צום וויכטיקסטן „אני מאמין" אויך ביי דער יידישער בורזשואַזיע, אַלס קעגנגיפט צו די סאָציאַלע אימפּולסן און צו דער אויפשפּראָצנדיקער קלאַסן־פאַרשטענדיקונג פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטער. דעריבער איז די מאַנדאַטאַרן־מאַכט פון איר ערשטן טאָג אָן באַשפּריצט מיט בלוט פון יידישע מאַסן און פון די אָפּגענאַרטע, אויפגעהעצטע אַראַבישע פעלאַכן.

אין פאַרצווייפלטן קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ האָט די פעאָדאַלע רעאַקציע, דערמונטערט נישט איינמאָל פון דער רעגירונג, אַקטיוו געשטיצט דורך דער אַדמיניסטראַציע און פּאָליציי, אַרויסגעשלעפּט פון שייטל איר לעצטן פאַרסמטן געווער — דעם רעליגיעזן האַס און פאַנאַטיזם און פאַרגאָסן דאָס לאַנד מיט טייכן בלוט.

די טעג פון תל־חי און כפר־גלעדי חזרן זיך איבער אין אַ נישט געזעענעם מאָסשטאַב. מחנות אָנגערייצטע, דערפירטע ביז רציחה אַראַבישע פויערים און וואַנדער־שבטים באַפאַלן צעווילדעוועט די יידישע באַפעלקערונג. און נאָר אַ דאַנק דעם אויסגעוואַקסענעם ישוב און זיין קראַפט־באַוווסטזיין, נאָר אַ דאַנק דער אָרגאַניזירטקייט, קאַמפס־אַנטשלאָסנקייט און דיסציפּלינירטער העלדישקייט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע, וועלכע ווייסן צו

ענטפערן אויף אַ קלאַפּ מיט אַ טאָפּלטן קלאַפּ, אויף אַן אָנפאַל מיט אַ פּאָר־שטאַרקטן קעגן־קאַמף, איז איבערגעהאַקט געוואָרן אין וואָרצל יעדער פּרווו צו מאַכן יידיש בלוט הפקר.

מוזן די איצטיקע בלוטיקע געשעענישן ווערן אַן ענדגילטיקער איבער־ברוך־פּונקט אין דער ביז אַהעריקער באַציִונג פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין גאָר דער וועלט צום קאַמף און לעבן פון דער פּאַלעסטינער אַרבע־טערשאַפט, וועלכע — אַרומגערינגלט פון שונאים און קעגנער, באַשאָטן מיט קוילן, באַפאַלן מיט מעסערס — ראַנגלט זי זיך איצטער פאַרביטערט און עקשנותדיק פאַר די אויסגעבויטע יידישע אַרבעטער־פּאָזיציעס אין לאַנד. נישט פאַר זיך אַליין, נישט בלויז פאַר זייערע פּאָזיציעס שטעלן איין איצטער דאָס לעבן די טויזנטער יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע, נאָר פאַר דעם רעכט פון אונדז אַלעמען, פון די צענדליקער און הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטס־מענטשן, פאַר אַ פרייען יידישן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער אין פּאַלעסטינע.

אין פּיין און בלוט וועט פלאַצן אויך דער טייוולשער שטריק, אויף וועלכן די פעאָדאַלע מאָרד־באַנדע פירט היינט צום טויט די אַראַבישע אָפּגעגנאַרטע און פאַרפירטע מאַסן האָרעפּאַשניקעס, די זעלבע מאַסן, פאַר וועמען די יידישע איינוואַנדערונג האָט די ערשטע געעפנט ברייטע מעגלעכקייטן פון מענטשלעכן לעבן און אַרבעט, פון בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, פונעם קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון קאָלאָניאַלער, נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אונטער־דריקונג.

אין דעם גרויסן העלישן פייער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט פּאַלעסטינע, ווערט נאָך מער געלייטערט און געפּרווט דער גרויסער אמת פון פועלי־ציון, וועלכע קעמפן אונטער אַ האָגל פון סאָציאַל־שאָוויניסטישער זידלערייִ די גאַנצע צייט ביטער, אומדערמידלעך און האַרטנעקיק פאַר דער אויסבילדונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַרישן פראָנט אין פּאַלעסטינע. יאָרנלאַנג האָבן הונדערטער אַראַבישע אַרבעטער, אויפן רוף פון דער פועלי־ציון־פּאַר־טיי, אומזיסט געקלאַפּט אין די טירן פון דער „הסתדרות״, וועלכע זייענדיק געפירט פון „אחדות העבודה״ און „הפועל הצעיר״, — די פּאַרטייען פונעם כלל ישראל פלייש־טאָפּ — האָט סאַבאָטירט און אָפּגעשלעפּט אָן אַ סוף די פאַרייניקונג.

יאָרנלאַנג האָט די „פועלי־ציון״־פּאַרטייִ געוואָרנט די הסתדרות, אַז מיט איר פּאָליטיק פון איזאָלירן זיך פון די אַראַבישע אַרבעטער, שטויסט זי זיי אין די אָרעמס פון די עפענדיס און שטעלט אין געפאַר די פּאָזיציעס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. איצט באַצאָלן יידישע אַרבעטער מיט בלוט אויף דעם דאָזיקן חשבון.

מיט אַן אייביקן שאַנד־פלעק, מיט אַ קין־צייכן פון פאַראַט און פּאָגראָם־משרתים וועט פאַרשריבן ווערן אין פּרק פון די היינטיקע שרעקלעכע טעג אויף די יעווסעקציע. קיין שום מי האָט זי נישט געזשאַלעוועט צו שפּייַז די אַראַבישע אַרבעטער פון איר ברודיקן קוואַל וואָס איז פול מיט שמוץ, שקרים

און רכילות קעגן די ייִדן. מיט „שטאָלץ“ קען זי איצט זאָגן: מיינע הענט האָבן אויך אַ חלק אין דעם בלוט פון די ייִדישע אַרבעטער און פויערים!

פאַרסמט און פאַרפעסטעט ווערט איצט די לופט אַרום פאַלעסטינע. פריש און נישט פאַרשאָטן זענען נאָך די קברים פון די געפאַלענע, און די ייִדישע בורזשואַזיע זעצט שוין פאָר בלינד און טעמפּ אירע היסטעריש־נאַציאָנאַליסטישע געשרייען וועגן „כותל“ און „היסטאָרישע רעכט“.

מוז דעריבער מיט דער גאַנצער קראַפט שוין איצטער אויפגענומען ווערן דער פאַרביטערטער קאַמף קעגן דער שאָוויניסטישער סכנה. מוז קלאָר געזאָגט ווערן: ייִדיש און אַראַביש אומשולדיק בלוט שרייט צו אונדז, וואָרנט און מאָנט צו מאַכן אַ סוף צו דער בלוטיקער כמאַרע פון נאַציאָנאַלן האַס און שנאה אין פאַלעסטינע.

מוזן איצטער די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן פון גאָר דער וועלט ענטפערן אויף די בלוטיקע געשעענישן אין פאַלעסטינע מיט אַ פאַרשטאַרקטער מאָביליזאַציע פון כוחות און הילף דעם פאַלעסטינע־אַוואַנגאַרד, מיט מאָביליזאַציע פון פּראָלעטאַרישע קאַדרען, וועלכע זאָלן איינמאָל פאַר אַלעמאָל איבערברעכן דעם רוקנביין פון דער אימפּעריאַליסטיש־פעאָדאַלער פּאָגראָם־רעאַקציע אין פאַלעסטינע.

## פרייע אומגעשטערטע ייִדישע אַרבעטער־איינוואַנדערונג קיין פאַלעסטינע;

## פאַרשטאַרקטע ייִדישע אַרבעטער־ און קאַמפּס־פּאָזיציעס אין פאַלעסטינע;

## אַ פעסטער געאייניקטער קלאַסן־פראָנט פון ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער און פויערים, —

דאָס זענען די לערעס פון די בלוטיקע טעג. זיי מוזן אויך ווערן די שלאָג־אויפגאַבעס פון אַלע, וועמען עס זענען טייער די בלוטיקסטע אינטערעסן פון ייִדישן אַרבעטער־פאָלק, ווער עס וויל אויך אין די דאָזיקע שווערע פּרווו־טעג בלייבן געטריי די אידעאַלן פון אמתער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

צענטראַל־קאָמיטעט פון

**פּ ו ע ל י ־ צ י ו ן אין פּ ו י ל ן**

„אַרבעטער־צייטונג“, וואַרשע, 30טער אויגוסט 1929.

י. אַבראַמאָוויטש

# וואָס איז געשען אין ארץ־ישראל?

עס איז, דוכט זיך, איבעריק אַפילו אַוועקצושטעלן די פראַגע: וואָס זענען געווען די געשעענישן אין א״י? מיר, די, וועלכע האָבן זיי איבערגעלעבט, די, וועלכע האָבן זיי געזען מיט אייגענע אויגן, די, וועלכע לייענען אויך די לעצטע דערקלערונגען פון דעם מופטי און פון אַנדערע פירער פון דער באַוועגונג, דערקענען דאָך אַזוי גוט דעם פרצוף פון דער בלוטיקער פּאָגראָם־באַוועגונג לויט דעם מוסטער פון צאַרישן רוסלאַנד.

און דאָך ווערן געמאַכט פּרוּוון פון פאַרשיידענע זייטן אַרויפצוּוואַרפן אויף די געשעענישן דעם שלייער פון אַ „נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד״.

וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די באַוועגונג צווישן דער אַראַבישער באַפעלקערונג? און קודם־כל, וואָס שטעלט זי מיט זיך פאָר, ווען מיר נעמען אין אַכט ווער עס זענען אירע אָנטיילנעמער?

אַ נאַציאָנאַלע פּראָטעסט־באַוועגונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע שיכטן אָן אונטערשייד — זאָגן אונדז די עפענדישע פירער. אַן איבערפאַל פון די אַראַבער, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט זיי אַלע אָן אונטערשייד, — ווילן אונדז איינטענהן די יידישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן. אָבער די יידישע פּרעסע אַליין זאָגט עדות, אַז, ערשטנס, באַדייטנדיקע טיילן פון די אַראַבער האָבן זיך איבערהויפּט נישט באַטייליקט אין די געשעענישן. און פון דער אַנדערער זייט דאַרף מען אונטערשיידן אויך די ראָל פון די פאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך יאָ באַטייליקט.

די באַוועגונג איז געווען צוגעגרייט דורך דער עפענדיש־נאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי. די אָנפירנדיקע פּאַרטיי פון העכסטן מוסולמענישן ראַט האָט לעצטנס אַנטוויקלט אַ ברייטע און רעשיקע אַנטי־יידישע קאַמפּאַניע. זיי האָבן דעמאָנסטראַטיוו אָפּגעקויפט באָדנס ביי די פעלאַכן אין דעם פּרדסים־ראַיאָן „כדי צו ראַטעווען זיי פון די ציוניסטן״ און אַנטוויקלט דערביי אַ שאַרפע נאַציאָנאַליסטישע קאַמפּאַניע. זיי האָבן געפירט אַ סיסטעמאַטישע קאַמפּאַניע אַרום דעם כותל מערבי און זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען אויפצובלאָזן אַרום דער פראַגע דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם, און ריכטן אים קעגן די יידן. זיי

האָבן אויך דירעקט צוגעגרייט די לעצטע געשעענישן. פון זיי זענען געפאָרן די עמיסאַרן אין די דערפער רופן צום אָנפאַל. דער פאָרזיצער פונעם מוסול־מענישן ראַט אמין־אל־הוסייני איז געווען דער, וועלכער האָט גערופן די פעלאַכן און די בעדויִנער, נישט נאָר פון א״י, נאָר אַפילו פון עבר־הירדן און סיריע, צו קומען „גרייט צום קאַמף פאַר די מוסולמענישע הייליקטימער״ קעגן ירושלים. אין זייער פנים זעען מיר די אָנפירנדיקע ראָל אין די געשע־ענישן פון דעם וויכטיקסטן טייל פון דער אַראַבישער פעאָדאַלער אַריסטאָ־קראַטיע, פון די חשובע עפענדים.

אַנדערש איז געווען די ראָל פון דער סוחרישער בורזשואַזיע. ווי באַקאַנט איז די סוחרישע בורזשואַזיע מער פאַרטראָטן אין די פאַרשיידענע גרופּירונגען פון דער אָפּאָזיציע צו דער מועצה המושלמית. אויך אַ טייל פון די עפענדישע קרייזן געהערט צו די דאָזיקע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּירונגען. דער דאָזיקער טייל פון די עפענדים און די סוחרישע בורזשואַזיע אונטערשיידן זיך ווייניק וואָס אין זייער קעגנערשאַפט צו די יידן פון דער פאַרטיי פון די הוסייניס. אָבער אין דער צייט, ווען די עפענדים, און באַזונדערס די פּראָווינציעלע, זענען גרייט זיך צו ווענדן צו די מיטלען פון אָנפאַל און פון רויב, ווען זיי שטיצן זיך אויף די געהאָרכזאַמע בעדויִנישע שבטים און אַזוי ווייטער — פאָדערט דער מסחר די רויִקע אַנטוויקלונג פון די געשעענישן. די אומרוען, די בלוט־טיקע צוזאַמענשטויסן, רופן זיך אָפּ זייער שווער אויף דעם גאַנצן מסחר פון לאַנד. און דערפאַר זענען די דאָזיקע עלעמענטן געווען קעגן דער פאָגראָם־אַגיטאַציע פון מוסולמענישן ראַט. די אָפּאָזיציע זייערע איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דעם, וואָס צווישן דעם סוחרישן עלעמענט זענען דאָ אַ סך קריסטן, וואָס האָבן בכלל מורא געהאַט פאַרן איופּברויז פונעם מוסולמענישן פאַנאַטיזם. אָבער מיט דער הילף פון די פריינט פונעם רעגירונגס־אַפּאַראַט גיט זיך איין די הוסייניס אַרויסצורופן דעם איופּרייס פון די מאַסן. און פאַר די „אָפּאָזיציאָנעלע״ עפענדישע און סוחרישע קרייזן בלייבט דאַן איין וועג: צו פּרובירן קאָנקורירן מיט די הוסייניס אַליין אין נאַציאָנאַליסטישן איפער. זיי שטעלן זיך תיכף אויף זייער זייט, און שאַפן אַן איינהייטלעכן פראָנט פון די אַראַבישע עפענדישע און סוחרישע קרייזן אין דעם קאַמף קעגן דער „יידישער געפאַר״.

און די פאָלקס־מאַסן? ס'איז גאַנץ קלאָר, אַז אַ גרויסער טייל פון די פאָלקס־מאַסן האָט זיך באַטייליקט אין די פאָגראָמען. קיינמאָל האָבן נאָך די פריצים נישט געמאַכט אַ פאָגראָם בלויז מיט אייגענע הענט. קלאָר, אַז יעדעס מאָל אין אַזאַ אָנפאַל מוז די שטים זיין פון די פריצים און די הענט פון די „אונטערשטע שיכטן״.

די גרעסטע ראָל האָבן צווישן זיי געשפּילט די בעדויִנישע שבטים. בעדויִנער פון דער יריחו־געגנט, בעדויִנער פון חברונער געגנט אאַ״וו. — זיי זענען געווען די ערשטע אין די אָנפאַלן. אַ סך פעלאַכן פון פאַרשיידענע דערפער האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די שחיטות. מען קאָנסטאַטירט דעם אָנטייל אויך פון אַ טייל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג — די טרעגערס, כלערליי לומפּן־פּראָלעטאַרישע עלעמענטן. מער פון דעם —

ס׳זענען דאָ אויך ידיעות וועגן אַרבעטער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די פּאָגראָמען. די עפענדישע גרופּן האָבן געהעצט און גאַנץ אָפט אויך פּער־זענלעך אָנגעפירט מיט דעם דאָזיקן המון. אַלזאָ, — „דאָס פּאָלק האָט זיך אויפגעהויבן". מיר געדענקען אָבער זייער גוט, אַז אויך אין צאַרישן רוס־לאַנד איז די עיקרדיקע מאַסע פון די פּאָגראָמשטשיקעס באַשטאַנען פון שטאָטישן לומפּן־פּראָלעטאַריאַט, די פּויערים, און נישט זעלטן אויך אַרבע־טער. און דאָך איז קיינעם קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו זען אין דעם אַ באַ־וויַיז, אַז די צאַרישע פּאָגראָמען, אָרגאַניזירט דורך דער שוואַרצער מאה אונטער דער השגחה פון דער פּאָליציי, זענען טאַקע אַ פּאָלקס־באַוועגונג, אַ פּאָלקס־אויסברוך. אמת, לעבן די פּויערים, די אַרבעטער אאַ״וו, וואָס האָבן זיך אין רוסלאַנד באַטייליקט אין די פּאָגראָמען — האָבן מיר דאָרט געזען אויך געגנוג אַרבעטער, וואָס האָבן פאַרורטיילט און זיך אַנטקעגנגעשטעלט די פּאָגראָמען, איז דען אָבער אין א״י נישטאָ קיין עלעמענטן אין דער אַראַבישער מאַסע, וואָס האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם פּאָגראָם? האָבן מיר דען נישט געזען אַ גאַנצע ריי דערפער, וואָס האָבן זיך אַנטזאָגט צו נעמען אָנטייל אין די אָנפאַלן, נישט געקוקט אויף אַלע דראָונגען? האָבן מיר נישט געזען פאַלן, ווען אַראַבישע אַרבעטער האָבן נישט נאָר באַהאַלטן ייִדישע אַרבעטער, וואָס האָבן מיט זיי געאַרבעט, פון די פּאָגראָמשטשיקעס, נאָר האָבן זיך אַנטקעגנ־געשטעלט די פּאָגראָמשטשיקעס מיט אַ ריזיקע פאַר זייער אייגענעם לעבן? האָבן מיר נישט געזען דעם קאַמף אין די אַראַבישע דערפער אין דעם ראַיאָן פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע צווישן דעם רייכערן טייל, וואָס האָט געוואָלט אָנפאַלן, און דער אָרעמקייט און די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך צו דעם אַנט־קעגנגעשטעלט?

אין אַזאַ לאַגע מוז אַנטשיידן אַן אַנדערע פראַגע: צי אָט די פּויערים און אַרבעטער זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם „קאַמף" דורך זייערע אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציעס אָדער דורך די אָרגאַניזאַציעס פון אַנדערע, פון הערשנ־דיקע קלאַסן? צי איז זייער אָנטייל געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אַן אייגענעם אינסטינקטיוון אויסברוך? צי האָבן זיי אין דעם קאַמף געהאַט זייערע אייגענע באַזונדערע פאָדערונגען? די פּאָלקס־מאַסן זענען בלויז געווען דער מאַטעריאַל אין די געשעענישן, אָבער נישט קיין סאָציאַלער עלעמענט, וואָס האָט צוליב זיינע אינטערעסן געשפּילט אין זיי אַ וועלכע נישט איז זעלבסטשטענדי־קע ראָל.

מיר געדענקען זייער גוט, אַז דער „נאַציאָנאַלער, אַנטי־אימפּעריאַליסטי־שער אויפשטאַנד" האָט זיך אָנגעהויבן אונטער דער לאָזונג פון פאַרטיידיקן דעם כותל־מערבי און דעם הייליקן מסגד עומר (אָמאַר־מעטשעט) פונעם אָנגריף פון די ייִדן. קלאָר, אַז די דאָזיקע לאָזונג האָט אין זיך גאָרנישט נישט נאַציאָנאַלס, ווער רעדט שוין אַנטי־אימפּעריאַליסטישס. אָבער — די לאָזונג האָט געדינט אין אָנהויב פון דער באַוועגונג. איצט קומען די פירער און דערקלערן, אַז די פאָדערונגען פון דער דאָזיקער באַוועגונג זענען גאָר אַנדערע. דער מופטי כאַדזש אַמין־אל־הוסייני בכבודו ובעצמו דערקלערט, אַז די פראַגע פון כותל־מערבי האָט נישט געהאַט קיין שום וויכטיקייט. מער

פון דעם, דערקלערט ער, אַז „דער אויפשטאַנד אין א״י האָט גאָר אַ קליינע שייכות צו דער פראַגע פון כותל. דער יסוד איז די באַלפור־דעקלאַראַציע. „כל־זמן ענגלאַנד וועט פאָרזעצן די פּאָליטיק׳ פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וועט נישט זיין אין לאַנד קיין דויערנדיקער שלום״. באַלד נאָך די געשעע־נישן קומט פאָר די זיצונג פונעם אַראַבישן אויספיר־קאָמיטעט, און אויך ער שטעלט אַרויס, נאָך דער באַטראַכטונג פון די געשעענישן און פון דער לאַגע, אַ ריי פאָדערונגען, אין וועלכע דער כותל־מערבי שפּילט נישט קיין ראָל, עס ווערט אָבער איבערגעחזרט די פאָדערונג פון מבטל מאַכן די באַלפור־דעקלאַראַציע, און אויפשטעלן אין א״י אַ געוויילטע נאַציאָנאַלע רעגירונג. אויך די פּאָליטישע אַראַבישע פּרעסע הויבט אָן אַלץ מער אונטערצושטרייכן די פראַגע פון מבטל מאַכן די באַלפור־דעקלאַראַציע, פון פאַרווערן די ייִדן אַריינצופאָרן אין לאַנד אאַ״וו. ס׳איז אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכן צוליב דער כאַראַקטעריסטיק פון די דאָזיקע עלעמענטן, אַז עטלעכע מאָל ווערט איבערגעחזרט, צוזאַמען מיט דעם פאַרבאָט פון דער עליה, די פאָדערונג פון פאַרווערן די אונטערשטיצונג פון אַרבעטסלאָזע מיט מלוכהשע מיטלען. דער חיפהער „כרמל״ פאָדערט אויך אַזאַ צאָל־סיסטעם, וואָס זאָל זיין געווענדט קעגן דער „ייִדישער אינדוסטריע״ אין פּאַלעסטינע (ד״ה בכלל קעגן דער גאַנצער אינדוסטריע אויסער די זייף־ און ציגאַרעטן־פאַבריקן), און די פאַר־זאַמלונג פון די פאַרטרעטער פון די עפענדים און די שייכן פון שכם, דזשע־נין א״אַ, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 25סטן אויגוסט, פאַרגעסט נישט אין איר פאָדערונג פון פאַרבאָט פון דער עליה אונטערצושטרייכן ספּעציעל, אַז די ייִדישע עליה ברענגט מיט זיך אין לאַנד אַריין „קאָמוניסטן און אַנאַרכיסטן״, „וואָס שטרעבן צו מאַכן אומרוען אין לאַנד״.

אַלזאָ, די פראַגע וועגן כותל מערבי איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, וויכ־טיק. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. דער עיקר איז — מבטל מאַכן די באַלפור־דעקלאַראַציע, אָפּשטעלן די עליה און די קאָלאָניזאַציע פון די ייִדן און — אָן אָרטיקע נאַציאָנאַלע רעגירונג. און ווי דער מצרישער „אל־אחראם״ שרייבט — די פראַגע איז נישט קיין רעליגיעזע, נאָר אַ פּאָליטישע. די פראַגע פון כותל מערבי איז דאָ געווען נאָר אַ סטראַטעגישער מיטל, אַ פאַ־סיקער מיטל אין זייער מלחמה קעגן דער ייִדישער עליה, קעגן דער „ייִדי־שער אינדוסטריע״, קעגן די „ייִדישע קאָמוניסטן און אַנאַרכיסטן״. פאַר זיי, פאַר די עפענדים, האָט זיך אין דער אמתן געהאַנדלט וועגן געוויסע פּאָלי־טישע פאָדערונגען. אמת, נישט קיין „אַנטי־אימפּעריאַליסטישע״ (אַ נאַציאָ־נאַלער פאַרלאַמענט קען דאָך גאַנץ גוט פאַרייניקט ווערן מיט דער אימ־פּעריאַליסטישער הערשאַפט, אַ סימן — איראַק, עבר־הירדן), אָבער יעדנ־פאַלס אַנטיציוניסטישע און אַנטי־סאָציאַליסטישע.

דאָס הייסט אָבער נישט, אַז דער כותל מערבי, און נאָך מער — דער מסגד עומר זענען נישט געווען די אמתע לאָזונג ביי די איבערפאַלן. קלאָר, אַז אויף וויפל די איבערפאַלן ווערן אויסגענוצט אין דעם אַלטן פּאָליטישן קאַמף פון די נאַציאָנאַליסטיש־עפענדישע פּאַרטייען, האַנדלט זיך דער עיקר וועגן די פּאָליטישע פאָדערונגען פון די דאָזיקע פּאַרטייען. אָבער, אַזוי צי

אַנדערש, האָבנדיק אין זינען ביי זיך די דאָזיקע פאָדערונגען, האָבן זיי אַרויסגערופן די באַוואָפנטע אַרויסטרעטונגען פון די מאַסן. אין די אַלע אָנפאַלן — אויף וויפל עס האָט זיך איבערהויפּט געהאַנדלט נישט סתם וועגן די רויב־אינסטינקטן פון אַ בעדויזן, וועגן דער האָפענונג צו באַרייכערן זיך פון רויב, — איז די איינציקע פראַגע געווען די פּאַרטיידיקונג אָדער די נקמה פאַר די הייליקע ערטער. אין קיין אין דאַרף האָט מען נישט אויפ־געהויבן דעם עולם נישט מיט דער פאָדערונג פון דער נאַציאָנאַלער רעגי־רונג, און נישט מיט דעם פּחד פון דער ייִדישער אינדוסטריע, נאָר בלויז מיט דעם שרעק פון די כלומרשט־פאַרכאַפּטע אָדער אויפגעריסענע הייליקע פלעצער און די אויסגעשאָכטענע דערביי הונדערטער אַראַבער אין ירושלים. כאַראַקטעריסטיש, אַז שוין אין די לעצטע טעג, ווען די פּאָליציי האָט נישט ווייט פון עזה אָפּגעשטעלט אַ גרויסע אָפּטיילונג פון בעדויִנער, וואָס איז געגאַנגען צום צפון אָנפאַלן אויף די ייִדישע ישובים, זענען זיי מסכים גע־ווען לויט דער איינלאָדונג פון דער פּאָליציי צו שיקן צוויי שייכן קיין ירושלים. און ווי באַלד יענע האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער מסגד עומר שטייט גאַנץ און אים איז קיין בייז נישט געשען, האָבן זיך די בעדויִנער תיכף אומגעקערט צוריק. די „פּאָליטיק” פון דעם מוסולמענישן ראַט און פון די עפענדישע פּאַרטייען האָט זיי אינגאַנצן נישט אינטערעסירט!

אמת, מיר דאַרפן צוגעבן, אַז די ידיעות וועגן די הייליקע פלעצער זענען נישט געווען דאָס איינציקע מיטל צו באַוועגן די מאַסן צום אַרויסטריט. פון פאַרשיידענע ערטער קומען אָן ידיעות, אַז אַלס צווייטער מיטל האָבן געדינט די דראָונגען מיט רעפּרעסיעס פון דער זייט פון די עפענדים אין פאַל פון אַנטזאָגן זיך, און די הבטחה פון געלט אינעם פאַל פון מסכים זיין.

דער כאַראַקטער פונעם אָנטייל פון די פאָלקס־עלעמענטן אין דער באַ־וועגונג ווערט פאַר אונדז, אַלזאָ, אינגאַנצן קלאָר (אויף וויפל זיי האָבן זיך איבערהויפּט באַטייליקט). מיר רעדן נישט וועגן די בעדויִנער, וואָס אָנפאַלן און רויב איז ביי זיי איבערהויפּט נישט קיין אויפשטאַנד, נאָר אַ גאַנץ געוויינ־לעכע דערשיינונג, און וועלכע זענען דערצו געווען אויך אויפגעהעצט דורך דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם. אַלע איבעריקע קענען געטיילט ווערן אין דריי קאַטעגאָריעס: אַזוינע, דער עיקר צווישן די לומפּן־פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, וואָס זענען געגאַנגען אויף רויב און אָנפאַל, אַזוי ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף יעדע אַנדערע צופעליקע לוין־אַרבעט: מען האָט זיי געצאָלט, און זיי זענען געגאַנגען אַלס לאַנדקנעכט פון די עפענדים. אַ סך זענען געגאַנגען, זיכער פּשוט אויס פּחד, נישט וואַגנדיק זיך אַנטקעגנצושטעלן דער קאַטעגאָרישער פאָדערונג און די דראָונגען פון זייערע האַרן, פון די עפענדים, פון די שייכן, פון די מופטים, און צום סוף, אַ סך זענען געגאַנגען גלייבנדיק, אַז זיי מוזן מיט געווער אין די הענט ראַטעווען פון דעם אָנפאַל זייערע רעליגיעזע הייליק־טימער. דאָס זענען געווען, אַלזאָ, דער אמתער אינהאַלט און די לאָזונגען פון דער פּאַקטישער אָנפאַל־באַוועגונג.

אַלזאָ, ווען מיר רעדן וועגן די כוונות פון די אָרגאַניזאַטאָרן און פון די אָנפירערס פון דער באַוועגונג, די עפענדים, איז קלאָר, אַז דאָס זענען

געוועזן פּאָליטישע כוונות. אָבער מיט דער דערקלערונג פון זייערע פּאָליטישע כוונות זענען זיי אַרויסגעטראָטן מערסטנטיילס ערשט נאָך די געשעענישן, און יעדנפאַלס אין אַזוינע פלעצער, ווו די מאַסן זאָלן זיי נישט הערן. די גאַנצע באַוועגונג אַליין איז געגאַנגען אונטער ריין רעליגיעזע לאָזונגען. מיר האָבן נישט צו טון, גאַנץ קלאָר, מיט אַ פּאָליטישן אויסברוך. מיר האָבן צו טון מיט אַן אויסברוך פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם, וואָס איז אינסצעניזירט געוואָרן דורך די עפענדישע פּאָליטיקאַנער צוליב זייערע צילן. קיין שום פאָדערונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן זענען, נישט אין דער באַוועגונג און נישט אַרום דער באַוועגונג, נישט געקומען צום אויסדרוק אַנדערש ווי דורך דער אָרגאַ־ניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט, וועלכע, שאַרף באַקעמפנדיק מיט אַלע מיטלען די פּאָגראָם־כוואַליע. פאַרטיידיקט אָבער אין אירע פאָדערונגען, אַזוינע ווי די פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, די פרייהייט פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אאַ״וו — די דרינגענדיקסטע גע־מיינזאַמע אינטערעסן פון אַלע אַרבעטנדיקע אין לאַנד. ס׳איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו רעדן וועגן די געשעענישן אַנדערש ווי וועגן אַן ענין פון די פעאָדאַל־עפענדישע שיכטן, וועלכע שטיצן זיך אויף די בעדוינישע שבטים און נוצן אויס די אָפּגעשטאַנענקייט און די פינצטערקייט פון די ברייטערע מאַסן, כדי זיי אָנצינדן דורך פאַלשע קלאַנגען וועגן דער סכנה וואָס דראָט מכלומרשט די רעליגיעזע הייליקטימער. און עס האָט זיך זיי טאַקע נישט איינגעגעבן אַריינצוציִען די אַרבעטנדיקע מאַסן אין קיין שום אָרט, ווו די אַנטוויקלונג איז געוועזן העכער, ווו די באַרירונג מיט די שכנותדיקע יידישע קאָלאָניעס האָט אָפּגעשוואַכט דעם בלינדן גלויבן פון דעם פעלאַך אין יעדן ליגן, וואָס דער עפענדי וועט אים דערציילן.

און מיר פרעגן זיך, אַלזאָ: „אויפשטאַנד״ אָדער נישט קיין „אויפשטאַנד״?

איין זאַך מוז תיכף ווערן אויפפאַלנד. מיר האָבן געזען אַ סך אויפשטאַנדן, אַ סך פאָלקס־באַוועגונגען. די געשיכטע, די סאָציאָלאָגיע, אַלץ לערנט אונדז, אַז אין אַזוינע באַוועגונגען איז דאָ שטענדיק איין שטריך. די אויבערשטע שיכטן, די רייכע קלאַסן זענען דאָ שטענדיק די מעסיקע, די פשרותדיקע; די פאָלקס־מאַסן זענען די עקסטרעמע. זיי זענען די, וואָס שטעלן אַרויס מער ראַדיקאַלע, ווייטגייענדיקע פאָדערונגען. אָבער אַלץ, וואָס מיר ווייסן פון די היסטאָרישע געזעצן ווערט, ווייזט אויס, פונקט קאַפּויער ביי אונדז אין א״י. קלאָר, אַז די עפענדיס זענען גאָרנישט געווען שטאַרק און פעסט אין זייערע פאָדערונגען. שוין אויפן 5טן טאָג פון די געשעענישן, לויט דעם פאַרלאַנג פון דער רעגי־רונג, פאַרעפנטלעכן זיי אונטער די חתימות פון אמין־אל־חוסיני, פון מוסאַ־קאזים־פּאַשאַ, פון נאשאשיבי און פון אַנדערע אַ ווענדונג צו דער באַפעל־קערונג, וועלכע דערציילט, אַז „די רעגירונג איז אָביעקטיוו, היט אָפּ די אָרדענונג, פילט אויס איר פליכט אַלס אַ נייטראַלע רעגירונג... זי פאַרטיידיקט און זי היט יעדן איינעם אָן קיין אונטערשייד״. און דערפאַר רופן זיי דאָס פאָלק צו בלייבן רויִק, און צו פאַרלאָזן זיך אויף זיי, די פירער, וועלכע וועלן שוין פאַרטיידיקן אַלע פאָדערונגען. „זייט קלוג און מעסיק״, זאָגט מוסר דער אויפרוף. גרויסן מוט האָבן זיי נישט, די עפענדיס, און פאָרט זענען זיי די

איינציקע, וועלכע שטעלן איבערהויפּט אַרויס וועלכע נישט איז פּאָליטישע פּאָדערונגען (פּאַרלאַמענט). און די ברייטע פּאָלקס־מאַסן, די, וועלכע דאַרפן זיין די עקסטרעמיסטישע, די וועלכע דאַרפן זיין די ראַדיקאַלע — דווקא די האָבן נישט קיין אַנדערע לאָזונגען אויסער דער פּאַרטיידיקונג פון דעם מסגד עומר.

ווי עס איז איצט ענדגילטיק קלאָר, זענען די צוגרייטונגען צו אָט דעם „אויפשטאַנד" געגאַנגען מאָנאַטן־לאַנג, מען זאָגט אַפילו — במשך פון צוויי יאָר. האָט די רעגירונג געוווּסט וועגן די אַלע צוגרייטונגען? אָן שום ספק אַז יאָ. געוווּסט, געשטיצט, געהאָלפן! מער פון דעם — אַפילו געשטויסן צו זיי! און דער עצם אויסברוך פונעם „אויפשטאַנד"? שוין מיט עטלעכע טעג פריִער האָט יעדעס קינד אין ירושלים און אין דער גאַנצער סביבה געוווּסט, אַז דער „גרויסער" אויפשטאַנד וועט זיך אָנהייבן פרייטיק, דעם 22טן אויגוסט און דווקא 12 אַ זייגער בייטאָג, נישט פריִער און נישט שפּעטער. און יעדער איינער האָט געוווּסט, אַז צוליב דעם רופט מען אין ירושלים פעלאַכן און בעדויִנער פון אַלע דערפער, פון דער גאַנצער געגנט. די רעגירונג האָט עס געוווּסט. מער פון דעם, פאַר דעם דאָזיקן צוזאַמענקום פון 10.000 מאַן, און דווקא אַלע באַוואָפנטע, באַקומט מען לכתחילה אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג. מיט דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג ווערט אָרגאַניזירט אַ באַוואָפנטע דעמאָנסטראַציע, וואָס דאַרף זיין דער אָנהייב פונעם אויפשטאַנד, און די מאַסע וואַרפט זיך אין קאַמף מיט אַן איינשטימיקן געשריי: „שלאָגט די ייִדן, די רעגירונג איז מיט אונדז!"

וואָס־זשע זאָגט אונדז צו דער דאָזיקער פּאָגראָם בנוגע אונדזערע ווייטערע פּערספּעקטיוון? מיר רעדן דאָ איצט נישט וועגן די נאָענטסטע רעזולטאַטן. זיי זענען קלאָר: אַ צייטווייליקער קריזיס אין האַנדל און אינדוסטריע, אַ צייטווייליקע פאַרשטאַרקונג פון די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען אויך צווישן דער אַרבעטערשאַפט, פאַרגרעסערטע שוועריקייטן אויפן וועג פון דער אָרגאַניזירונג און פאַרייניקונג פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט. אָבער דאָס זענען אַלץ צייטווייליקע דערשיינונגען, און עס זענען דאָ גענוג כוחות און גענוג פאַקטאָרן, כדי זיי גובר צו זיין.

עס שטעלט זיך אָבער פאַר אונדז די פראַגע: צי אַנטפּלעקן נישט פאַר אונדז די געשעענישן אַזאַ דויערהאַפטע סכנה, וואָס נעמט אַרויס איבערהויפּט דעם פונדאַמענט פון אונטער די פיס פון דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן ישוב אין לאַנד? די פּעסימיסטן מאַכן אַ פאַרגלייך מיט 1921 און טענהן: דאַן, מיט 7 יאָר צוריק, איז געווען דער פּאָגראָם ווייניקער אָרגאַניזירט, ער האָט אַרומגעכאַפּט ווייניקער פלעצער, ער האָט אויך געקאָסט ווייניקער קרבנות און ווייניקער חרוב געוואָרענע קאָלאָניעס. איז דאָך געווען אַן אויפטרייסלונג, ס'זענען דורכגעגאַנגען יאָרן. צוביסלעך, האָט זיך געדאַכט, האָבן זיך די באַדינגונגען געענדערט, די זיכערקייט איינגעשטעלט געוואָרן, אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג איז פאַרשווונדן די מעגלעכקייט פון נייע פּאָגראָמען, און דורך דעם עפנט זיך אַ באַשטימטע זיכערקייט פון דער אַרבעט. און מיט אַמאָל ווייזט זיך אַרויס, אַז ס'איז געווען אַן אילוזיע; אַז די סכנה פון די פּאָגראָמען

איז געבליבן אין איר גאַנצער קראַפט. אָבער, גיט מען צו, די אַנטי־יִדישע כּוחות זענען נאָך פאַר דער צייט אויסגעוואַקסן, האָבן זיך בעסער אָרגאַני־זירט און דער נייער פּאָגראָם האָט פאַרכאַפּט שוין דאָס גאַנצע לאַנד, האָט געקאָסט מער קרבנות. קענען מיר זיך, אַלזאָ, גרייטן, אַז עס וועלן דורכגיין נאָך אַ פּאָר יאָר, און עס וועט קומען אַ נייער אָנפאַל — דאָס מאָל נאָך ברייטער און נאָך בעסער אָרגאַניזירט אאַ״וו.

מיר ווילן גאָרנישט לייקענען די מעגלעכקייטן פון אָנפאַלן אין דער צו־קונפט. מיר האַלטן אָבער, אַז די גאַנצע פּעסימיסטישע אָפּשאַצונג איז אַ רע־זולטאַט פון דער מאָמענטאַלער שטימונג, וואָס קיין שום פאַקטן באַרעכטיקן זי גאָרנישט. לאָמיר טאַקע פאַרגלייכן מיט 1921. דער פאַרגלייך איז גאַנץ אינטערעסאַנט. דאַן איז נישט געווען קיין אָנפאַל אין חיפה און אין גליל. דערפאַר אָבער זענען פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף פּתח־תקוה, אויף כּפר־סבא, אויף חדרה א״אַ. אין יפו זענען געווען אַ סך קרבנות. וואָס איז געווען איצט? ס׳זענען דאָ עטלעכע קאָלאָניעס אויף די ראַנדן פונעם יִדישן ישוב, וואָס האָבן דאַן נישט געליטן און וואָס זענען איצט רויִנירט געוואָרן. אָבער פיל באַדייטנדיקער איז דער פאַקט, אַז די גאַנצע געגנט פון שומרון, פון שרון, פון שפלה האָט דאָס מאָל נישט געליטן. מיר זעען, אַז דאָ איז טאַקע פאָרגע־קומען אַן ענדערונג. דאַן, מיט 7 יאָר צוריק, צאָלרייכע אָרגאַניזירטע אָנפאַלן, כּפר־סבא און אַ פּאָר אַנדערע קליינע פונקטן פאַרברענט; און דאָס מאָל — קיין שום אָנפאַל, דאָס מאָל זיכערקייט. דאָס איז טאַקע דער וועג, וואָס די יִדישע קאָלאָניזאַציע האָט במשך פון דער צייט דורכגעמאַכט.

בדרך כּלל קען מען זאָגן: דאַן האָבן די באַנדעס געוואַגט אָנצופאַלן אויף דעם סאַמע האַרץ פון דעם יִדישן ישוב, דאָס מאָל — נישט אַריינגערעכנט די שטעט — איז דער גאַנצער אָנפאַל געגאַנגען בלויז אויף די ראַנדן פון דעם יִדישן ישוב אין לאַנד. מיט אַנדערע ווערטער — די אַנטוויקלונג פון דער יִדישער קאָלאָניזאַציע האָט נאָך נישט פאַרניכטעט די מעגלעכקייט פון פּאָגראָמען, אָבער זי שטופּט זיי אַראָפּ אַלץ ווייטער און ווייטער צו מזרח־זייט, אַלץ אין ווייטערע און ווייטערע געגנטן. און דאָס איז דער פּראָצעס, וואָס די געשעענישן האָבן אונדז בולט געמאַכט: די יִדישע קאָלאָניזאַציע אַנטוויקלט זיך, איר קאָנסאָלידירטער צענטראַלער קערן וואַקסט, אָבער צוזאַמען דערמיט ווערט ווייטער און ווייטער אַרויסגעשטרעקט די צוואָרפענע פּעריפעריע. אָט די פּעריפעריע בלייבט נאָך נישט געזיכערט. קלאָר, אַז די פראַגע פון זיכערקייט בלייבט שטיין. וואָס מער נייע ישובים — דערווייל קליינע און צעוואָרפענע — וועלן אַנטשטיין אויף דער פּעריפעריע פון דעם יִדישן ישוב, אַלץ מער וועלן זיין פונקטן, אין וועלכע די געפאַר איז באַדייטנדיק. אָבער פון דער אַנדערער זייט, אין אַלץ אַ גרעסערער צאָל פונקטן, וואָס וואַקסן דערווייל אויס, און פאַרוואַנדלען זיך אין אַ קאָמפּאַקטן ישוב, ווערט אין דער זעלבער צייט די זיכערקייט אַלץ גרעסער, און די סכּנה פון די אויסברוכן אַלץ קלענער.

אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. די געאָגראַפיע פון דער פּאָגראָם־באַ־וועגונג צוזאַמען מיט אירע לאָזונגען לערנען אונדז נאָך איין זאַך. אונדזערע

קעגנערס קומען צו אונדז צייטנווייז מיט טענות: די אָרטיקע באַפעלקערונג מיט אַלע אירע קלאַסן מוז אָביעקטיוו זיך אַנטקעגנשטעלן דער ייִדישער איינוואַנדערונג, און וואָס גרעסער עס וועלן זיין די דערפאָלגן פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע, אַלץ מער וועט וואַקסן דער ווידערשטאַנד. ווייל דער יסוד פונעם ווידערשטאַנד ליגט אין די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

מיר האָבן אויף דעם שטענדיק אָנגעוויזן, אַז דער כאַראַקטער פון דער ייִדישער עליה איז אַזאַ, וואָס זי שאַפט מער אַרבעטס־מעגלעכקייטן איידער זי ברענגט אַריין אַרבעטער; אַז יעדנפאַלס, אַ דאַנק זיין העכערן לעבנס־שטייגער, קען דער איינגעוואַנדערטער ייִדישער אַרבעטער נישט זיין קיין „קאָנקורענט“ פאַר דעם אָרטיקן אַרבעטער אין קיין שום פון זיינע פּריִערדיקע פּאָזיציעס; אַז די איינוואַנדערונג פון די מער קולטורעלע ייִדישע אַרבעטער נעמט נישט אָפּ קיין אַרבעט ביים אָרטיקן אַרבעטער, דערפאַר אָבער ברענגט זי צו דער פאַרבעסערונג פון זיינע אַרבעטס־באַדינגונגען; אַז די אַראַבישע קליינע פּראָדו־צירער קריגן צו אין די ייִדישע ישובים אַ נייעם און פיל בעסערן מאַרק; אַז די אַראַבישע באַפעלקערונג אינעם ראַיאָן פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע דערזעט ווי איר עקאָנאָמישער ווילשטאַנד פאַרבעסערט זיך אַלץ מער.

און אין דעם זין קענען אונדז די איצטיקע געשעענישן אַ סך לערנען. קודם־כל, די עצם־לאָזונגען. די נאַציאָנאַליסטישע עפענדים האָבן דאָך נישט געמיינט ערנסט מיט די רעליגיעזע פאָדערונגען, וואָס זיי האָבן אַרויסגע־שטעלט. די כוונה זייערע איז געווען — דער קאַמף קעגן דער עליה, דער קאַמף קעגן דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע, דער קאַמף קעגן די פּראָגרעסן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, דער קאַמף פאַר אַן אָרטיקער עפענדיש־פּאַרלאַ־מענטאַרישער רעגירונג. עס וואָלט זיך געדאַכט, אַז דער ערשטער אינטערעס זייערער האָט געדאַרפט זיין צו פּאָפּולאַריזירן אָט די פאַרשיידענע לאָזונגען. און דאָך האָבן זיי עס נישט געטון. און דאָך זענען זיי צו די מאַסן געקומען בלויז זיין אויסשליסלעך מיט די מעשיות פון די הייליקע פּלעצער... פון דער אַנדערער זייט, ווען די ייִדישע קאָלאָניזאַציע וואָלט באמת געווען קעגן די רעאַלע עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די אַראַבישע מאַסן, ווען זי וואָלט זיי פאַראָרעמט און נישט באַרייכערט, ווען דער ייִדישער אַרבעטער וואָלט געווען אַ שעדלעכער קאָנקורענט — טאָ ווי אַזוי, אין קעגנזאַץ צו אַלע אייראָפּעיִשע אַנטיסעמיטן, האָבן די היגע עפענדים אין זייער אַגיטאַציע נישט אויסגענוצט אָט די עקאָנאָמישע מאָמענטן? פאַרוואָס האָבן זיי געדאַרפט אויסטראַכטן אַ גישט געשמויגענע מעשה וועגן די באָמבעס, וואָס די ייִדן וואַרפן אויפן מסגד עומר, אָנשטאָט צו נעמען זיך צו אַן אויסנוצונג, און אַפילו אַ דעמאַגאָגישער אויס־נוצונג, פון די עקאָנאָמישע קעגנזאַצן? די וואַרשיינלעכסטע דערקלערונג איז: זיי האָבן אַליין פאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט נישט גיין; זיי האָבן אַפילו פאַר־שטאַנען, אַז אַזוינע עקאָנאָמישע קעגנזאַצן עקזיסטירן נישט. און סתם אויס־טראַכטן און אָפּנאַרן קען מען בנוגע צו אַ קאָנקרעטער געשעעניש, אָבער נישט בנוגע צו דער עקאָנאָמישער סיטואַציע! נאָך מער אינטערעסאַנט איז, אַז אין דער באַוועגונג פון 1921 זענען די עקאָנאָמישע מאָמענטן יאָ געווען אויסגענוצט. אין 1921 האָט מען בפירוש געפירט די מאַסן מיטן סטראַשונעק

פון כלערליי געפאַרן פון אונטערדריקונג און פאַראָרעמונג און אַרויסשטוי־ פונג, וואָס די פאַרשטייענדיקע ייִדישע עליה טראָגט מיט זיך. און איצט, נאָך 8 יאָר פון דער דאָזיקער עליה, נאָך דעם, ווי אירע רעזולטאַטן לאָזן זיך שוין פילן אינעם גאַנצן לאַנד, איצט האָט מען געמוזט דווקא אָפּלאָזן אָט די אַלע זאַכן און נעמען זיך אויסטראַכטן לעגענדעס אויפן רעליגיעזן באָדן! קלאָר, אַז די רעאַלעווירקלעכקייט, אַז די פּאַקטישע השפּעה פון דער ייִדי־ שער קאָלאָניזאַציע האָט צעבראָכן די עקאָנאָמישע שרעקן; אַז דווקא די דער־ פאַרונג פון די באַציִונגען אין לעבן האָט געמאַכט אומעגלעך אַזאַ אַגיטאַציע ווי אין יאָר 1921.

אין צום סוף נאָך איין מאָמענט, אַ גאַנץ וויכטיקער. דווקא יענע דערפער, וואָס האָבן זיך אַנטזאָגט צו באַטייליקן זיך אין די אָנפאַלן — און קיין שום אַגיטאַציע, און קיין שום דראָונגען האָבן אויף זיי נישט געקענט ווירקן — זענען די דערפער, וואָס ליגן אינעם ראַיאָן פון די גרויסע ייִדישע קאָלאָניעס, אין דעם ראַיאָן, ווו די ייִדישע קאָלאָניזאַציע האָט געשטעלט אַ פעסטן פוס. איינע פון די סיבות איז מסתמא געווען אויך דער געוויינלעכער פחד. מען קען האַלטן, אַז ס'איז נישטאָ קיין באַזונדערע סכנה אָנצופאַלן אויף אַ הרטוב אאַ"וו; ס'איז אָבער גאַנץ קלאָר, אַז אַן אָנפאַל אויף אַ קאָלאָניע מיט אַ גרויסער ייִדישער באַפעלקערונג און מיט עטלעכע הונדערט ייִדישע אַרבעטער איז גאָר אַן אַנדער ענין און זאָגט נישט צו קיין שלל. ס'וואָלט אָבער געהייסן איגנאָרירן די פאַקטן, ווען מיר וואָלטן געוואָלט מיט דעם דערקלערן אַלץ. לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז אויך אין די דאָזיקע דערפער איז געווען אין דער פראַגע אַן אינערלעכער קאַמף. לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז קעגן דעם אָנפאַל איז אַרויסגעטראָטן די גאַנצע אָרעמקייט און אַלע די, וואָס פאַרקויפן זייערע גרינס און אַנדערע פראָדוקטן די ייִדן. און פאַר אַן אָנפאַל זענען אַרויסגע־ טראָטן די פּרדסנים. דאָס בילד איז קלאָר. די ייִדישע קאָלאָניזאַציע איז גע־ וואָרן אַ וויכטיקער עקאָנאָמישער פאַקטאָר אין די געגנטן. דער גרעסטער טייל פון אַראַבישן ישוב אין די געגנטן איז געוואָרן פאַרבונדן מיט די ייִדישע קאָלאָניעס, און זייַן וווילשטאַנד אָפּהענגיק פון זיי. און דאָס האָט געמאַכט די אָנפאַלן פאַר אומעגלעך. ס'איז קלאָר, אַז די באַדייטונג פון די גרויסע ייִדישע ישובים אין דעם מערבדיקן טייל פאַר דער אַרומיקער אַראַבישער באַפעל־ קערונג קען אַפילו נישט פאַרגלייכט ווערן מיט יענער עקאָנאָמישער באַדיי־ טונג, וואָס דער ייִדישער ישוב אין חברון האָט, צ"ב, געהאַט פאַר דער אַראַ־ בישער באַפעלקערונג פון דער געגנט. דאָ, אין דעם מערבדיקן טייל, אין דעם טייל, ווו די ייִדישע קאָלאָניזאַציע האָט זיך אַנטוויקלט, איז דער ייִדישער ישוב געוואָרן דער וויכטיקסטער און דער אַנטשיידענער פאַקטאָר פאַר דעם גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן און וווילשטאַנד פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. צו דעם קומט צו נאָך איין מאָמענט. אונטער דער ווירקונג פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין פון אירע רעזולטאַטן איז דאָ אויך דער אַראַבישער פעלאַך געוואָרן מער אַנטוויקלט און קולטורעל, נישט אַזוי אָרעם, פירט אַ מער אינטענסיווע ווירטשאַפט ווי דער פעלאַך פון דער חברונער, דער שכמער געגנט אין אַנדערע. און דערפאַר קען מען אים שוין נישט באַוועגן אַזוי

גרינג צו רויב און אָנפאַלן. און דערפאַר אויך איז שוין די השפּעה, וואָס די עפענדיס האָבן איבער אים, שוואַכער געוואָרן. ער איז שוין נישט אַזוי געהאָרכזאַם, און אַריינשלעפּן אים אין עפענדישע אַוואַנטורעס איז פיל שווערער ווי דעם אָפּגעשטאַנענעם פעלאַך פון דער צענטראַלער און מזרח־דיקער פּאַלעסטינע. מיט אַנדערע ווערטער — די דערפאָלגן פון דער ייִדי־שער קאָלאָניזאַציע, נישט נאָר דער וווקס פון דער פיזישער קראַפט פונעם ייִדישן ישוב, נאָר אויך זיינע אַלגעמיינע עקאָנאָמישע און קולטורעלע ווירקונגען, גראָבן אונטער די עצם־באַדינגונגען, וועלכע מאַכן מעגלעך די פּאָ־גראָם־באַוועגונג. און דאָן איז דער ענטפער וועגן די פּערספּעקטיוון אַ קלאָ־רער. נישט געקוקט אויף דעם אויסערלעך ברייטערן פאַרנעם פון די אָנפאַלן דאָסמאָל, נישט געקוקט אויף זייער בעסערער אָרגאַניזירונג — באַווייזט אונדז דער אַנאַליז פון די געשעענישן, אַז די זיכערקייט פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע וואַקסט מיטן וווקס פון דער קאָלאָניזאַציע גופא; אַז יעדער טריט פאָרויס אויפן וועג פון דער דאָזיקער קאָלאָניזאַציע גראָבט אונטער דעם עצם־פונדאַמענט, אויף וועלכן די פּאָגראָם־דערשיינונגען קענען זיך שטיצן.

גאַנצע געגנטן, וואָס זענען לייכט אַריינגעצויגן געוואָרן אין די פּאָגראָמען מיט 7 יאָר צוריק, האָבן זיך דאָס מאָל אַנטזאָגט צו גיין; די פאָלקס־מאַסן זייערע האָבן זיך אַנטזאָגט צו גיין. ווו די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אָבער יאָ געהאַט אַ גרעסערן דערפאָלג, איז צווישן די עפענדישע קרייזן גופא, ווו עס איז דאָס מאָל באמת געשאַפן געוואָרן אַן איינהייטלעכער פראָנט, וועלכער האָט דאַן געפעלט. דאַן, מיט 7 יאָר צוריק, איז די פאָלקס־מאַסע פיל מער בלינד נאָכגעגאַנגען נאָך די עפענדיס. אָבער די עפענדיס אַליין אין חיפה און אין גאַנצן צפון האָבן זיך דאַן געשטעלט אין דער זייט, און אַפילו אַנטקעגן דער פּאָגראָם־אַגיטאַציע פון די חוסייניס. היינטיקס מאָל איז עס געוועזן אַנדערש. צווישן די פאָלקסמאַסן, אַ דאַנק דער עקאָנאָמישער השפּעה פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע, איז די קעגנערשאַפט שטאַרק אויסגעוואַקסן. אָבער די עפענדישע קרייזן זענען אַלע לכתחילה מיטגעגאַנגען אָדער דערנאָך מיטגע־שלעפּט געוואָרן. און דערפאַר האָט אויך אין די צפון־געגנטן דאָס מאָל די פּאָגראָם־אַגיטאַציע געפונען אַן אָנשפּאַר. וואָס האָט אָבער פאַראייניקט דעם עפענדישן פראָנט? דעם פראָנט פון אָט יענעם פעאָדאַלן שיכט, וואָס דער אינער־לעכער קאַמף פון איינצלנע משפּחות איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אים? נאָר איין זאַך קען אַזאַ סאָציאַלע גרופּע פאַראייניקן, און דאָס איז דער באַוווסטזיין פון אַ גרויסער געפאַר. די סירישע פּרעסע גיט איבער די דערקלערונג פון גע־וויסע שייכן פון עבר־הירדן, וועלכע האָבן גערופן צו גיין צו הילף די מוסול־מענער אין א״י: „דאָס מאָל מוז אַנטשיידן ווערן: אָדער די ציוניסטן וועלן באַקומען אַזאַ קלאַפּ, וועלכער וועט זיי צווינגען ענדגילטיק זיך אָפּצוזאָגן פון זייערע חלומות, אָדער פאַרקערט, — מיר וועלן מוזן זיך אונטערגעבן, דער ציוניזם וועט זיגן, און פון איצט אָן ברייט און אומגעשטערט פירן זיין אַר־בעט". מיר מיינען נישט, אַז דאָס מאָל וועט דער קאַמף קומען צו זיין שלוס — אַהין אָדער אַהער — אָבער די שטימונג איז אַ כאַראַקטעריסטישע.

די עפענדיס פאַרדינען צייטנווייז מאַטעריעל אויף דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. עס ווערט אָבער פון אונטער זייערע פיס אַרויסגעריסן דער עצם־יסוד, אויף וועלכן עס האָט זיך געשטיצט זייער גאַנצע סאָציאַלע און פּאָליטישע השפּעה אין לאַנד, זייער גאַנצע אָנפירערשאַפט מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג: נעמלעך, דער אָפּגעשטאַנענער פּאַטריאַרכאַלער בוי פון דער געזעלשאַפט, די עקאָנאָמישע אָפּגעשטאַנענקייט פונעם לאַנד. די סכנה ווערט גרעסער, און אַלע פּרווון זייערע זי גובר צו זיין האָבן זיך ביז איצט נישט איינגעגעבן. די פעאָדאַל־עפענדישע שיכטן שפּילן, אַלזאָ, „וואַ־באַנק״. דערפון — די פאַרביסנקייט אין דעם קאַמף, דערפון — די מיטלען פון באַוואָפנטן פּאָגראָם אין אַ לאַנדמאַסשטאַב, דערפון — דער איינהייטלעכער פראָנט אין די עפענדישע רייען און דער ברייטער פאַרנעם פון די געשעענישן. ווייל דער קעגנער איז שטאַרק און ווערט אַלץ שטאַרקער, ווייל די האָפענונג צו זיגן אויף אַנדערע וועגן ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער, ווייל די זיכערקייט אין דער אייגענער קראַפט ווערט אַלץ מער און מער אונטערגעגראָבן!

ס׳איז שוין צו שפּעט. אפשר מיט 10 יאָר צוריק וואָלט אַזאַ ברייט צוגעגרייטער אָנפאַל געגעבן אַ גרויסן קלאַפּ דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין זי אָפּגעשטעלט אויף יאָרן. איצט איז שוין שפּעט — איצט, ווען נאָך אַלע צוגרייטונגען און אַלע באַמיִונגען האָט מען נישט באַוויזן אפילו אָנצורירן דווקא די עיקרדיקע ראַיאָנען פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע! זיי קענען נאָך מער זינקען אין בלוט און אין שמוץ, זיי קענען נאָך האָבן נצחונות קעגן די פּאַראיינצלטע קליינע קאָלאָניעס אויף דער פּעריפעריע, זיי קענען נאָך מיט דערפאָלג דורכפירן שרעקלעכע שחיטות אין די פונקטן פון דעם אַלטן ישוב. אָבער זיגן קענען זיי נישט. און באַזונדערס ווייל, ווי די געשעענישן האָבן דאָס בולט באַשטעטיקט, — זייער השפּעה אויף די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן ווערט אַלץ שוואַכער, און דווקא אין די ראַיאָנען ווו די ייִדישע קאָלאָניזאַציע פּראָגרעסירט!

ס׳איז די אויפגאַבע פונעם ייִדישן אַרבעטער פון זיין זייט נאָך מער צו פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס פון דער אָפּשוואַכונג פון דער עפענדישער השפּעה, פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס פון באַפרייען די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן פון דער ווירקונג פון די עפענדיס, און פאַרבינדן זיי מיט די ייִדישע אַרבעטער אין מיט זייער קאַמף. דער אָביעקטיווער עקאָנאָמישער פּראָצעס פאַרזיכערט דעם דערפאָלג. די באַוווּסטזיניקע טעטיקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג מוז אָבער קומען אין אַקטיוו אויסנוצן און פאַרשנעלערן דעם דאָזיקן פּראָצעס.

„דער קאַמף״, פּאַריז, אויגוסט־סעפּטעמבער 1929.

מ. ערעם

# די בלוטיקע לערע פון די פּאַלעסטינער געשעענישן

## אויף דער הייסער מינוט

פּאַלעסטינע רויכערט זיך נאָך אין בלוטיקן קאָשמאַר. פריש און אָפן זענען נאָך די קברים און וווּנדן פון הונדערטער ייִדן און אַראַבער, וועלכע האָבן זייער לעבן מקריב געווען אויפן מזבח פון אויפגערייצטן נאַציאָנאַלן שגעון און אומזיניקן קעגנזייטיקן ברידער־מאָרד.

ווי גרויס עס זאָל אָבער נישט זיין דער ווייטיק און פּיין, ווי טיף דער־שיטערט עס זאָל נישט זיין דאָס געמיט און געפיל, שטייט שוין הינטער אונדז די גרויע טאָגטעגלעכע ווירקלעכקייט און פאָדערט קאַלט און ניכטער אַן ענטפער אויף אַ ריי פראַגעס.

פאַרוואָס איז אויסגעבראָכן די בלוטיקע שרפה? ווער איז שולדיק און ווער טראָגט די אַחריות פאַר איר?

און וואָס וועט זיין מאָרגן? ווי וועלן זיך איינשטעלן די באַציִונגען צווישן ייִדן און אַראַבער? צי איז מעגלעך געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך צווישןביידע פעלקער? זענען זייערע אינטערעסן באמת קעגנזעצלעך איינער צום צווייטן, אָדער אפשר זענען ביי זיי פאַראַן בשותפותדיקע אינטערעסן?

## די תורה און מעשים פונעם סאָציאַל־רעפאָרמיזם

דווקא איצטער, ווען דאָס בלוט פון די געפאַלענע שרייט פון דער ערד, מוז געזאָגט ווערן דער פולער אמת: אַחדות העבודה און הפועל הצעיר האָבן מיט זייער פּאָליטיק אויף דער ייִדישער גאַס צוגעגעבן קראַפט דער סיסטע־מאַטיש געוועבטער פּראָוואָקאַציע. אמת, זיי האָבן נישט געהעצט קיין ייִדישע אַרבעטער קעגן די אַראַבער, אָבער אַקטיוו געאַרבעט אויף פאַרפרעמדן און איזאָלירן ביידע אַרבעטער־מחנות איינע פון דער אַנדערער — דאָס האָבן זיי גריילעך געטון. וויפל די ייִדישע בורזשואַזיע אין שטאָט און אין דאָרף האָט נישט געלערנט בלק מיט דעם ייִדישן אַרבעטער הן ביי געבן אַרבעט, הן ביי

פאַדערן מענטשלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען, הן ביי זיכערן די אַנטוויקלונג פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות, הן אַפילו ביי דער קולטור־אַרבעט — האָט עס אויף אַ האָר נישט געהאָלפן און גאָרנישט געלערנט די רעפאָרמיסטי־שע פירער. זיי האָבן סיסטעמאַטיש געבראָכן און סאַבאָטירט יעדן פרווו אָנצו־שליסן די אַראַבישע אַרבעטער צו דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטער־שאַפט. און מען דאַרף נישט פאַרגעסן: אַזוינע פרווון, מצד די אַראַבישע אַר־בעטער, זענען אויף דער איניציאַטיוו פון דער פועלי־ציון־פאַרטיי געמאַכט געוואָרן נישט איינמאָל. אין 1925 האָבן איבער 80 אַראַבישע סטאָליערס און מויערער געוועוענדט זיך צו דער הסתדרות, — האָט מען זיי אָפּגעשיקט מיט גאָרנישט. אין יאָר 1926 האָבן איבער 800 אַראַבישע אַרבעטער, אָרגאַניזירט דורך פועלי־ציון, איבערגעשיקט דעם קאָנגרעס פון הסתדרות אַ מעמאָראַנ־דום מיט אונטערשריפטן און געבעטן, מען זאָל זיי אָרגאַניזירן אַלס גלייכבאַ־רעכטיקטע חברים אין דער הסתדרות. האָט מען זיי אַפילו נישט באַוויליקט צו געבן אַן ענטפער. אין 1927 האָבן אַ גרופּע אַראַבישע אַרבעטער אין נצרת, ווידער טאַקע לויט דער איניציאַטיוו פון פועלי־ציון, געוועוענדט זיך צו דער הסתדרות, — האָט מען צעבראָכן די איניציאַטיוו אין סאַמע אָנהייב. אין 1927 האָבן אַראַבישע שטרייקער אין חיפה אַפּעלירט צו דער הסתדרות. די לעצטע האָט אָבער אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן אינטערעס צו פירן אַנטשלאָסן דעם קאַמף און די אַקציע איז דורכגעפאַלן. דאָס זעלבע אין ירושלים מיטן בעקער־שטרייק אין 1928.

אומעטום און איבעראַל האָט מען זיך באַמיט צו שאַפן אַ מחיצה און געטוליעט זיך רק צום נאַציאָנאַלן בירגערטום. קענען און טאָרן דען אָט די אַלע פאַקטן און דערשיינונגען פאַרשוויגן ווערן איצטער, ווען מיר אַלע בלו־טיקן איז צער און ווייטיק? ניין, אויף קיין פאַל נישט! דאָס פאַרגאָסענע בלוט טאָר נישט גיין לאיבוד. איז דען נישט אונדזער היילקסטער און דרינגענדיק־סטער חוב צו וואָרענען און פאַרלאַנגען פון דער הסתדרות אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין איר באַציִונג צו די אַראַבישע אַרבעטער? די יידישע אַלוועלט־לעכע אַרבעטערשאַפט, וועלכע ווייזט אַרויס לעצטנס אַן אַלץ גרעסערע אויפ־מערקזאַמקייט צום שאַפן און קאַמף פון דער פּאַלעסטינער אַרבעטערשאַפט, האָט דאָס רעכט און דעם חוב צו זאָגן דעה דער הסתדרות, צו פאַרלאַנגען פון איר אַ דין־וחשבון און אַנווייזן איר די פעלערן און חסרונות אירע. ווייל די טעמפּע און בלינדע נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק גראַבט אונטער אַלץ, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי און קרבנות געשאַפן געוואָרן דורך דער אַרבעטערשאַפט און פאַר דער אַרבעטערשאַפט.

## די ציוניסטישע היסטעריקע

„דאָס גאַנצע פאָלק טרויערט און באַוויינט די געפאַלענע העלדן — די קדושים“, אַזוי שרייבט די ציוניסטישע פּרעסע. אַוודאי, בלויז דם־שונאים פון יידן קענען אַנקוועלן פון דעם פאַרגאָסענעם בלוט. אָבער זאָל זיך די ציוניסטי־שע בורזשואַזיע נישט פּרווון צו פאַרשטעקן איצטער הינטער דעם שוואַרצן טרויער־געוואַנט. אומזיסט מאַכט זי אַן אומשולדיקע מינע. האָט זי דען אַמאָל

געטראַכט וועגן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער, אויב מען זאָל נישט רעכענען עטלעכע נאַרישע פרוּוון צו געווינען און איינהאַנדלען פאַר זיך דעם אָדער יענעם אַראַבישן מיוחס? ניין, זי האָט ליבער געוואָלט זיין אַ מקורב און אַ לאָיאַלער העלפער פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט. זי האָט זיך פאַרלאָזט אויף דער באַלפור־דעקלאַראַציע און געגלויבט, אַז אונטער דער שוץ פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם וועט זי קענען שפּילן איר נאַציאָנאַלן שפּיל. דערפאַר איז זי טאַקע תמיד געווען טויב, בלינד און שטום צו יעדער נידער־טרעכטיקייט און געמיינקייט, וואָס די מאַכט איז באַגאַנגען אין לאַנד. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען פּאָליטיש אַ שפּילעכל אין די הענט פון ענגלאַנד און געהאַלטן אין איין פרעדיקן מעסיקייט, מעסיקייט בנוגע דער רעגירונג. און אויב אין פּאַלעסטינע זענען פונדעסטוועגן נישט איינמאָל גע־בראָכן געוואָרן די שיקאַנעס און שטער־פּאָליטיק פון דער מאַכט, איז עס צו פאַרדאַנקען נישט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָר דעם דרוק און קראַפט פון דעם אויסגעוואַקסענעם ישוב, באַזונדערס פון די אַרבעטער.

פונקט ווי די אַראַבישע פעאָדאַלן, האָט אויך די ייִדישע בורזשואַזיע קול־טיווירט נאַציאָנאַלן שאָוויניזם, געהיט, אַז די מאַסן זאָלן חס־וחלילה נישט אָנשטעקן זיך מיט דער „פּעסט“ פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, ווייל זי האָט אין דעם געזען די סכנה פון סאָציאַלן קאַמף, וואָס וועט געווענדעט קעגן די עקספּלאָאַטאַרישע גרופּעס אויף דער ייִדישער גאַס.

## די פעאָדאַלן

אַראַבישע פּריצים, גוטבאַזיצער, הויכע כלי־קודש, מיוחסדיקע משפּחות, ביז איצטיקע באַלעבאַטים־הערשער אין לאַנד, — פאַר זיי איז די ייִדישע איינוואַנדערונג באמת געווען אַ קלאַפּ. די ייִדישע קאָלאָניזאַציע האָט זיי טאַקע געצאָלט גראָבע געלטער פאַרן איינגעקויפטן באָדן, וועלכער איז נישט זעלטן געווען אַ בפירושע וויסטעניש. אָבער וואָס ווייטער איז פאַראַן די סכנה, אַז אַפילו אָט די איינציקע טובת־הנאה פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג זאָל אויפהערן: דער יקרות אויף באָדן, די לאַנגע, אַמאָל יאָרנלאַנגע, פאַרצויגענע פּאַרמאַליטעטן צו באַקומען דעם „קושאן“ (די אייגנטום־רעכט), די שטענ־דיקע סכסוכים און אַמאָל נישט געוווּנטשענע און שעדלעכע קאָמפּליקאַציעס מיט די ווייניקע פעלאַכישע משפּחות אָדער בעדויִנישע שבטים, וואָס באַ־ווינען דעם באָדן, — דאָס אַלץ שטויסט די ייִדישע קאָלאָניזאַציע צו פאָדערן גרינטלעכע ענדערונגען אין די באָדן־פאַרהעלטענישן. די ייִדישע קאָלאָניזאַ־ציע שטעלט אַרויס די פּאָליטישע פאָדערונגען פון אומזיסטן, אָדער ביליקן רעגירונגס־באָדן, ווי אויך באַגרענעצן די אייגנטום־רעכט דורך ספּעציעלע שטייערן אויף פרייע, נישט באַאַרבעטע באָדנס, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן לשם ספּעקולאַציע. נאַטירלעך, אַז אָט דאָס פּראָגראַם טרעפט גאָר שטאַרק די פעאָ־דאַלן.

די ייִדישע קאָלאָניזאַציע איז אויך נישט קיין גוטער ביישפּיל פאַרן אַראַ־בישן פעלאַך, וועלכער זעט פאַר זיך אַ מאָדערנע פויערישע ווירטשאַפט און

מענטשן, וועלכע בויגן זיך נישט הכנעהדיק פאַרן פריץ. דער פעלאַך זעט צו, ווי דער עפענדי, דער גוטבאַזיצער שפעקולירט מיט באָדן, אָפּטמאָל מיט זיין באָדן, איף וועלכן ער זיצט ווי אַ כאַראַט (פאַכטער). דער אונטערשייד צווישן זיין דחקות און דעם עפענדיס ווילטאָג וואַרפט זיך אים אין די אויגן, און ווי נישט פינצטער ער איז נאָך, הייבט שוין אָן ביי אים וועקן זיך דער חשק צו באַפרייען זיך פונעם פריצישן יאָך. און דער יאָך איז טאַקע שווער: גאַנצע דערפער זענען אָפט פשוט פאַרשקלאַפט ביים פריץ, וואָס איז גלייכצייטיק אַ וווּ־כערניק.

די סכנה איז אָבער נאָך גרעסער: די ייִדישע אַרבעטער „פאַרדאַרבן" פשוט די לופט אין פאַלעסטינע. ביז אַהער איז געווען שטיל און רויק, — זענען געקומען די ייִדן, די „רעוואָלוציאָנערן", די „באָלשעוויקעס", און עס איז גע־וואָרן לעבעדיק: שטרייקן, קאָנפליקטן, פאָדערונגען, אָרגאַניזאַציע, אַגיטאַציע, דעמאָנסטראַציע, 1טער מאַי אאַ"וו. און דאָס לאַנד קאָכט תמיד ווי אַ קעסל. מאָרגן, איבערמאָרגן וואַרפט זיך די פעסט אַריבער אויף דער אַראַבישער גאַס, און דאַן פלאַצט די גאַנצע הונדערטיאָריקע געביידע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף הכנעה פון איין זייט, און אויף אַ פעסטער גוואַלט פון דער צווייטער זייט.

וואָס טיפער דער קאַפּיטאַליזם שניידט זיך אַריין אין לאַנד, אַלץ צעשפּליטערטער און שוואַכער ווערט דער פעאָדאַליזם איף אינעווייניק: גרופּעס און שיכטן טיילן זיך אויס ווי אינדוסטריעלע בורזשואַזע גרופּעס, וואָס באַקומען שוין אַנדערע אינטערעסן.

גיבן מיר נאָך צו די סכנה צו פאַרלירן די גייסטיקע השפעה אויף די מאַסן, ווערט אונדז שוין דאַן קלאָר, ווי טיף קעגנזעצלעך עס זענען די אינ־טערעסן פון די פעאָדאַלן און פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג.

פירט טאַקע דער פעאָדאַלער לאַגער פון אַלע יאָרן אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן די ייִדן. און וואָס אַ יאָר ווערט די לאַגע ערגער: כסדר באַדראָט פון דרויסן דורך דער ייִדישער איינוואַנדערונג, אַטאַקירט פון אינעווייניק דורך דער וואַקסנדיקער אָפּאָזיציע, געפאַלן פאָליטיש ביי די מאַסן, איז דער פעאָדאַ־לער כּנ״פּיא געבליבן איין אויסוועג: לאָזן אין גאַנג קעגן די ייִדן, קעגן דעם מקור פון בייז, דורך דעם העכסטן מוסולמענישן ראַט, די רעליגיעזע גיפט־באָמבע. ס'איז געווען דער איינציקער פונקט, ווו די גרופּעס־אינטערעסן זענען נישט בולט און ווו עס איז מעגלעך געווען, אַ דאַנק דער אָפּגעשטאַנענקייט פון די מאַסן, אייניקן זיי נאָך אַ געהעריקער צוגרייטונג קעגן די ייִדן. די רעזולטאַטן זענען באַוווּסט: בלוט און קברים פון ייִדן און אַראַבער האָבן געקרוינט די פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונג פון דעם גוססדיקן פעאָדאַלן לאַגער.

## דאָס פויערטום

אַראַבישע פעלאַכן זענען אָקאָרשט באַפאַלן מיט מעסערס און ביקסן די ייִדן. זענען באמת זייערע אינטערעסן קעגנזעצלעך צו דער ייִדישער איינוואַנ־דערונג? אָדער איז פאַראַן אַן אַנדערער, אַ ווירקלעכער שונא פונעם פעלאַך? די פויערישע ווירטשאַפט, ווי יעדע ווירטשאַפט, האָט אַ באַשטימטן אינ־

טערעס: זיין לוינבאַר, און דער ערשטער תנאי דערצו איז: אַ וואָס ברייטערער אָפּזאַץ־מאַרק. די ייִדישע איינוואַנדערונג האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד צענד־ליקער טויזנטער מענטשן מיט אייראָפּעיִשע לעבנס־באַדערפענישן. עס איז אויסגעבויט געוואָרן תל־אביב, אויסגעוואַקסן חיפה, ירושלים, פאַרטאָפּלט און פאַרפילפאַכט איז געוואָרן די באַפעלקערונג אין די פלאַנטאַציע־קאָלאָניעס. געניוג איבערצוקוקן דעם וווקס פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן און פון די פּרייזן פאַר די לעצטע יאָרן, כדי איבערצוצייגן זיך אין דעם פּשוטן אמת, אַז די פעלאַכישע ווירטשאַפט איז געוואַקסן, און נישט געקוקט אויף דער רעגירונגס־פּאָליטיק אויך סטאַביליזירט, פאַרפעסטיקט געוואָרן. און אַ מערקווירדיקע זאַך: דווקא די תבואות, וועלכע ווערן ווייניקער געברויכט פון דער אייראָפּעיִשער, ייִדישער באַפעלקערונג (דוראַ, גערשטן) זענען געפאַלן. אַנדערש האָט עס דאָך נישט געקענט זיין: די שטאַרקע פאַרברויכס־קראַפט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פאַלעסטינע, וועלכע באַנוצט מילך, פּוטער, קעז, אייער, גרינס, עופות און פרוכטן, האָט געשאַפן די טרייב־קראַפט פאַר דער אויסברייטערונג פון דער אַראַבישער פּויערישער ווירטשאַפט. און וואָס גרעסער די איינוואַנדערונג, אַלץ גרעסער ווערן די פּערספּעקטיוון פאַר אָט דער ווירטשאַפט. פון דער צווייטער זייט האָט אָבער אויך די ייִדישע אינדוסטריע אַ גאָר גרויסן אינטערעס צום גורל פונעם אַראַבישן פעלאַך. די ייִדישע אינדוסטריעלע בורזשואַזיע זוכט אויך אַן אָפּזאַץ־מאַרק פאַר אירע סחורות, פאַר די פאַבריקאַטן. זי דאַרף האָבן דעם אינערלעכן מאַרק, אָבער די פעאָדאַלע פענטעס בינדן דעם פּויער די הענט און די פיס. ער איז פּשוט נישט אימשטאַנד צו קויפן, ער באַגנוגנט זיך מיט אַ פּיתה (אַ מין מצה) און אַ ביסל געקעכץ צו עסן און מיט אַן אבאיע (אַ ברייטער מאַנטל־כאַלאַט) צום אָנטון און שלאָפן. די פראַגע פון הייבן די קויפס־קראַפטביים אַראַבישן פּויער איז גאָרנישט אַזאַ מינדערווערטיקע פאַר דער ייִדישער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע. נאַטירלעך, קלערט זי דערביי נישט וועגן דער טובה פונעם פּויער, נאָר וועגן דעם אייגענעם פּראָפיט. אָבער פּאָליטיק בלייבט פּאָליטיק, און געשעפט איז געשעפט. איר אינטערעס דיקטירט איר צו קעמפן פאַר אַזוינע אַגראַר־רעפאָרמען, וועלכע זאָלן באַפרייען דעם פּויער פונעם פעאָדאַלן יאָך, כדי צו האָבן אים אַלס קאָנסומענט. אָט די אינטערעסן־פאַרבינדונג צווישן דעם פּויער און דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע איז כאַראַקטעריסטיש נישט בלויז פאַר פאַלעסטינע. איבעראַל, ווו דער בורזשואַזיע קומט אויס צו ראַנגלען זיך מיטן פעאָדאַליזם, טרעט זי אַרויס צוערשט אַלס פאַרבינדעטער און „בעל טובה" פונעם פּויער. אומעטום קומט אָבער פאַר אָט דער געמיינזאַמער קאַמף קעגן דעם פעאָדאַלן שונא האַסטיקער, לייכטער, ווייל דאָס פּויערטום און די בורזשואַזיע געהערן צו איין נאַציאָנאַלער גרופּע, וועלכע רעדט אויף איין שפּראַך, האָט געמיינזאַמע קולטור־ און סביבה־ פאַרבינדונגען. אומעטום הערשט דערפאַר נאָך אַ וויכטיקע טענדענץ, וואָס טרייבט די בורזשואַזיע צום קאַמף פאַרן פּויער: ס'איז דער ווילן צו האָבן אַ שפע פון ביליקע אַרבעטס־הענט, און דאָס באַפרייען דעם פּויער פון די פעאָדאַלע פענטעס גייט האַנט ביי האַנט מיט דער רויִנירונג פונעם פּויער, מיט זיין פאַראָרעמונג, וואָס

דאַרף אים צווינגען צו ווערן אַ קעגנשטאַנד פון שענדלעכסטער עקספּלאָ־טאַציע.

די ייִדישע בורזשואַזיע אין פּאַלעסטינע וואָלט אויך זיכער געהאַט גרויס חשק אויסצופירן טריי אָט די טאָפּלטע היסטאָרישע שליחות אירע אַלס בור־זשואַזיע. די פּאַלעסטינער באַדינגונגען פאַרשווערן אָבער אָט די מעגלעכקייט. דער אַראַבישער פעאָדאַליזם נוצט נאָך אויס געשיקט די נאַציאָנאַלע פאַרב, כּדי צו דערוויטערן די סכּנה פון אַ פּויעריש־אינדוסטריעלן בונד. און דאָס וויכטיקסטע: די ייִדישע אַרבעטס־רעזערוון, וועלכע קומען פון חוץ־לארץ און קעמפן פאַר העכערע אַרבעטס־באַדינגונגען, דערלויבן נישט דער בורזשואַזיע צו פאַרשפּיצן איר אויפמערקזאַמקייט אויף דער ביליקער אַרבעטס־קראַפט פון אַראַבישן דאָרף.

אַזוי אַרום ווערט די ייִדישע אַרבעטס־קראַפט אַ פאַקטאָר, וואָס פאַר־לאַנגזאַמט און טעמפּט אָפּ די פאַראָרעמונג פונעם אַראַבישן פּויער, הגם זי באַזייטיקט איר נישט, נאַטירלעך. דאָס אַראַבישע פּויערטום איז שוין אויך נישט פון איין גוס: פאַראַן פּויערים רייכע, פאַראַן מיטעלע און פאַראַן אָרעמע, וואָס האָבן אַ שוואַכע באַלעבאַטישקייט, און אויך אַזוינע, וואָס האָבן כּמעט גאָרנישט. אויך אָט די לעצטע עלעמענטן זעען פאַר זיך צוויי נישט גלייכע דערשיינונגען: אין די ייִדישע קאָלאָניעס, ווו זיי געפינען אַרבעט אין די טויזנטער, ווי נידעריק עס זאָל נישט זיין דער אַרבעטס־לוין, איז ער דאָך העכער, איידער אין די אַראַבישע, און דער אַרבעטס־טאָג איז קירצער. פאַר־וואָס? ווייל האַנט ביי האַנט אַרבעטן ייִדישע אַרבעטער מיט העכערע פאָדע־רונגען, פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע. טרעפן טאַקע נישט איינמאָל צייטן, ווען אין די אַראַבישע פּריוואַטע פּלאַנטאַציעס פעלן אויס אַרבעטס־הענט, ווייל די אַראַבישע אַרבעטער גייען אַוועק אין רחובות און נס־ציונה. די ייִדישע לאַנד־ווירטשאַפט האָט אָבער אָביעקטיוו געהאַט נאָך אַ פּעולה: דער אַראַבישער באַטראַק, וועלכער האָט נאָך נישט איבערגעריסן זיינע פאַרבינדונגען מיטן באָדן, האָט דאָס אָפּגעשפּאָרטע געלט פון לוין־אַרבעט אינוועסטירט אין זיין שטיקל נחלה און צוריק אַוועק צו דער סאָכע. אָט איז איינע פון די סיבות (און לחלוטין נישט דער „כּיבוש העבודה״ — דאָס „איינגעמען די אַרבעט״, ווי די סאָציאַל־שאָוויניסטן ווילן), פאַרוואָס עס ווערט נישט גרעסער איצטער די צאָל אַראַבישע אַרבעטער אין די קאָלאָניעס, הגם די לעצטע וואַקסן, און פאַרוואָס די אַראַבישע דערפער אַרום אָט די קאָלאָניעס זענען בעסער אַוועק־געשטעלט, איידער אַנדערע אַראַבישע דערפער.

דאָס אַראַבישע פּויערטום ווערט אויך בהדרגהדיק אַריינגעצויגן אין דעם פּאָליטישן קאַמף פון לאַנד קעגן דער רעגירונג. האַנט ביי האַנט לעבן אים אַרבעטן און מאַטערן זיך ייִדישע פּויערים, פּונקט אַזוי געדריקט פון דער רעגירונג און געשטיקט פון דעם שווערן שטייער־יאָך — „עשור״, „ווערקאָ״ (אַזוינע שטייערן) אאַ״וו. איין שווייס־ און בלוט־פאָדעם פאַרבינדט זיי. און יעדער צוגעקומענער ייִדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער ישוב, וואָס ווערט אויס־געפּראַצעוועט מיטן פּרייז פון פיבער און הונגער־לעבן, קומט צו ווי אַ נייער פעסטער רינג אין דער גרויסער פּויערישער קייט, וואָס איז באַרופן מיט

דער צייט צו צעשמעטערן דעם פעאָדאַל־אימפּעריאַליסטישן גוואַלט־רעזשים אין לאַנד דורך דער קאָנפיסקאַציע פון אַלע פּריוואַטע און „הייליקע וואַקוף־באַדנס".

די אינטערעסן פון אַראַבישן פעלאַך זענען נישט בלויז נישט סותר די אינטערעסן פון דער יידישער איינוואַנדערונג, נאָר פונקט פאַרקערט, די יידישע איינוואַנדערונג האָט אים געגעבן אַן עקאָנאָמישן אָנשפּאַר, באַוואָפנט מיט כלי־זיין פון אַ סאָציאַל־אויסגעוואַקסענעם כוח, געגעבן פאַרבינדעטע, און אַרויסגעפירט אויפן ברייטן שליאַך פונעם פּאָליטישן קאַמף.

## אין דעם לאַגער פון דער בורזשואַזיע

מיט די פעאָדאַלן האָט זיך די יידישע איינוואַנדערונג גלייך פון אָנהייב אָנגעטראָפן, ווי מיט אַ פיינט: ווייל טיף און קעגזעצלעך זענען לכתחילה געווען זייערע אינטערעסן. דאָס אַראַבישע פויערטום — דער היסטאָרישער שונא פונעם פעאָדאַלן גרונט־באַזיצער — האָט מיט דער יידישער איינוואַנדערונג בקומען אַ שטיץ־פונקט, הן אַלס פּראָדוצירער — דעם אויסגעברייטערטן מאַרק, — הן אַלס קאָנסומענט — דער קאַמף פון דער יידישער אינדוסטריע פאַר אַ קויפס־פעיקן פויערשן אינערלעכן מאַרק, — הן אַלס פּאָליטישער פאַקטאָר, אַ דאַנק דער פאַרבינדונג מיט דעם מער־קולטורעלן און פּאָליטישבאַוווסטזיניקערן יידישן פויער. אַנדערש איז די פּאָזיציע פון דער בורזשואַזיע. די בורזשואַזיע פוןביידע פעלקער האָט זיך געטראָפן פנים אל פנים אויף אַ מער וויניקער נייטראַלן באָדן. די יידישע אינדוסטריע איז על פּי רוב נישט אַנטשטאַנען אַלס קאָנקורענץ־אינדוסטריע צו דער אַראַבישער, ווייל די לעצטע איז איבערהויפּט נאָך כמעט נישט געווען בנמצא. „נשר", „לאָדזיא", „סיליקאַט", פאַבריק שטיין, די יידישע דרוקערייען, האָלץ־אינדוסטריע און שפּעטער רוטענבערג, זענען געקומען אויף אַ ליידיקן, נישט פאַרנומענעם פּלאַץ. אַפילו „שמן", די „גרויסע מילן" א"אַ האָבן געמוזט פאַבריצירן פּראָדוקטן, וועלכע, לויט זייער קוואַליטעט, האָבן זיך נישט געפונען אין לאַנד.

אַ פאַרקערטע דערשיינונג זעען מיר אינעם האַנדל. דער הורט־האַנדל, דער עיקר דער האַנדל מיט אויסלאַנד, איז נאָך קאָנצענטרירט עד היום ביי די אַראַבישע האַנדלס־שיכטן און די איינגעזעסענע יידישע קרייזן. אָט די פאַרהעלטנישמעסיקע אָפּגעשלאָסנקייט האָט אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשוואַכט די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ־טענדענצן, וועלכע זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער בורזשואַזיע. נאַטירלעך, וואָס ווייטער ענדערט זיך די לאַגע אין דעם פּרט: די אַראַבישע בורזשואַזיע אינדוסטריאַליזירט זיך, פונקט ווי די יידישע רייסט זי זיך צו באַטייליקן אינעם האַנדל. אָבער די מאָנאָפּאָל־לאַגע פון ביידע צדדים אין זייערע געביטן צווינגט זיי ביידן צו זוכן אַן אויסוועג נישט אַזוי אין דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, ווו ביידע קענען געשלאָגן ווערן, נאָר אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע, וואָס פאַרקלענערט די ריזיקע ביים אַרויסיאָגן ריווח. זעען מיר טאַקע, ווי אַ ריי אימפּאָרט־אונטערנעמונגען און קרעדיט־אַנשטאַלטן אין יפו און חיפה ווערן צונויפגעבונדן, ווי

עס אַנטשטייט דער געדאַנק אין ירושלים צו פּאַרייניקן אַלע ייִדישע און אַראַבישע בוי־אונטערנעמער אין איין אָנפירנדיקער צענטראַלע.

אָבער אויך פּאָליטיש ווערט די ייִדישע און אַראַבישע בורזשואַזיע געטריבן זייער אָפט צו האַנדלען געמיינזאַם, באַזונדערס קעגן דער רעגירונג, וועלכע פּראָטעזשירט די ענגלישע פאַבריקן, לאָזט נישט די אָרטיקע אינדוסטריע זיך פונאַנדערוואַקסן, וויל נישט פאַרביליקן דעם טייערן פראַכט, בויט נישט קיין האַנדלס־וועגן, גיט נישט קיין פּריווילעגיעס דער „היימישער״ אינדוסטריע אאַ״וו. אַזוינע בשותפותע אַרויסטרעטונגען זענען נישט איינמאָל געמאַכט געוואָרן פון די אַראַביש־ייִדישע האַנדלס־קאַמערן אין יפו, חיפה און ירושלים.

און נאָך זייער אַ וויכטיקן בשותפותן אינטערעס האָט דאָס ייִדישע און אַראַבישע בירגערטום: דעם געמיינזאַמען קאַמף קעגן די אַרבעטער, קעגן זייער אָרגאַניזירונג און זייערע פאָדערונגען.

דער לעצטער ביישפּיל אין ירושלים בעת דעם בעקער־שטרייק, ווען איינס און צוויי האָבן די אַראַבישע און ייִדישע אונטערנעמער געשלאָסן אַ פעסטן ברידער־בונד, איז דער בעסטער באַווייז דערויף. נאַטירלעך, ס׳וואָלט געווען נאַיוו צו גלויבן, אַז די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ וועט נישט שפּילן קיין ראָל אין די באַציִונגען פוןביידע בירגערלעכע גרופּעס. אַזאַ טייער געוועך צו איזאָלירן די אַרבעטס־מאַסן און אונטערשטעלן אַ פּיסל איינער דעם אַנדערן, לאָזט מען נישט אַרויס פון האַנט. אָבער ס׳איז קיין ספק נישט, אַז די ייִדישע און אַראַבישע בורזשואַזיע, אַ דאַנק די געשאַפענע היסטאָרישע באַדינגונגען אין פּאַלעסטינע, וועלן תמיד בעסער זוכן אַ וועג צום געמיינזאַמען הערשן און עקספּלאָטירן, איידער שטעלן אין קאָן די אייגענע פּאָזיציעס דורך קעגנזייטיקן קאַמף.

## אינטעליגענץ

עס פעלן נישט אין פּאַלעסטינע אויך אינטעלעקטועלע און גייסטיקע אַרבעטער: לערער, שרייבער, זשורנאַליסטן, אַדוואָקאַטן, אַדמיניסטראַטאָרן, טעכנישע לייטער, דאָקטוירים אאַ״וו. אָדער ווי מען רופט עס מיטן אַלגעמיינעם נאָמען — אינטעליגענץ. קיין זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער פאַקטאָר איז די אינטעליגענץ נישט. זי באַדינט אַנדערע און געוויינלעך באַדינט זי יענע, וועלכע זיכערן איר אַ בעסערן לעבן, ד״ה, די בורזשואַזיע. איר כוח איז אין מויל, אין וואָרט, אין פעדער, אין „גייסטיקן״ פּראָדוציר־מיטל, און דעריבער ווערט זי דער אידעאָלאָגישער אָנשפּאַר פון דער „נאַציאָנאַלער״ בורזשואַזיע, איר „געזעלשאַפטלעכע מיינונג״. אָט די אינטעליגענץ ליפערט טאַקע דעם הויפּט־רעזערוו פון נאַציאָנאַלן שאָוויניזם און אַגרעסיווער אויפגעבלאָזנקייט.

דער שטענדיקער דרוק אויפן נאַציאָנאַלן מאָמענט מאַכט דעם רוב פון דער אינטעליגענץ סיי ביי ייִדן און סיי ביי אַראַבער אין פּאַלעסטינע, פאַר דעם סאַמע אומטאָלעראַנטן שיכט. אמת, עקאָנאָמיש שטויסן זיך נאָר דערוויל נישט צונויף זייערע אינטערעסן, ווייל ביידע ווירקן און אַרבעטן אין „גייס־

טיקן" סעקטאָר, וואָס איז אָביעקטיוו מער נאַציאָנאַל באַפאַרבט (שפּראַך, סביבה). ס'איז אָבער קיין ספק נישט, אַז מיט דער וויטערדיקער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע פון דער בורזשואַזיע אין פּאַלעסטינע, וועט אין אַ ריי צווייגן קומען צו קאָנקורענץ צווישן זייערע באַדינער — די אינטעליגענץ. שוין איצטער ווייזט עס זיך אַרויס ביי דעם געיעג נאָך רעגירונגס־פּאָסטנס.

אָט פּאַרוואָס דער פּרווו פון „ברית־שלום" (אַ גרופּע ייִדישע אינטעליגענץ, ראַדיקאַל־פּאַציפיסטיש געשטימט) צו פאַרשטענדיקן זיך מיט דער אַראַבישער אינטעליגענץ איז נישט געלונגען. די באַציִונגען פון דער ייִדיש־אַראַבישער אינטעליגענץ וועלן זיך אין גרונט ענדערן נאָר דאַן, ווען די אויסגעוואַקסענע פּאָליטישע קראַפט און געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פונעם פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע וועלן ווערן אַ צוציִונגס־כּוח פאַר דער אינטעליגענץ, ווען אָנשטאָט צו דינען דעם נאַציאָנאַליסטישן אידעאַל פונעם בירגערטום, וואָס צעשיידט, וועט זי באַהעפטן זיך מיט דעם סאָציאַליסטישן פאַראייניקונגס־אידעאַל פונעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דער אמתער טרעגער פון נאַציאָנאַלן לעבן.

## אויפן פּראָלעטאַרישן פראָנט

די ייִדישע איינוואַנדערונג האָט אַריינגעבראַכט טויזנטער אַרבעטער און האָט פאַרלייגט אַ פעסטע קאַפּיטאַליסטישע באַזע אין לאַנד. ווי האָט זיך עס אָפּגערופן אויף דער לאַגע פון די אַראַבישע אַרבעטער? האָט עס זיי אַרויסגעשטופּט פון דער אַרבעט, האָט עס פאַרערגערט זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען, אין פאַרגלייך מיט די פריִערדיקע, אָפּגעשוואַכט זייערע פּאָזיציעס? קיינער טאָר זיך נישט אַרויסדרייען פון דער פראַגע און אָפּקומען מיט מליצה און שיינע ווערטער.

ס'איז נאָך עד היום נישטאָ קיין סטאַטיסטיק וועגן דער גענויער צאָל אַראַבישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע. דערפאַר זענען אָבער פאַראַן מער ווייניקער גענויע ידיעות וועגן דעם צושטאַנד פון דעם אַרבעטס־מאַרק אין פּאַלעסטינע און וועגן דעם אָנטייל פונעם אַראַבישן און ייִדישן אַרבעטער אויפן מאַרק.

דער אַראַבישער אַרבעטס־מאַרק איז אין רעזולטאַט פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג נישט קלענער, נאָר פיל גרעסער געוואָרן, סיי אין בוי, סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין דאָרף. חיפה, יפו, ירושלים, רמלה, ראמאללה, נצרת, שכם האַלטן אין כסדר בויען זיך. דער אַראַבישער אַרבעטער איז, נאַטירלעך, דאָרט די הויפּט־אַרבעטס־קראַפט, הגם ביסלעכווייז זאַפּט דער אַראַבישער מאַרק אַריין אויך ייִדישע, באַזונדערס קוואַליפיצירטע אַרבעטער. די ייִדישע איינוואַנדערונג האָט אָבער חוץ דעם געעפנט נייע אַרבעטס־מעגלעכקייטן פאַרן אַראַבישן אַרבעטער. אין „נשר" אין עכו, ביי רוטענבערגן, אין די קאָלאָניעס אַרבעטן טויזנטער אַראַבישע אַרבעטער.

פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען און ווו זענען זיי פריִער געווען? דאָ ווייזט זיך אַרויס די צווייטע ווירקונג פונעם קאַפּיטאַליזם אויפן דאָרף. אויב

אַ טייל פון אַראַבישן פויערטום האָט סטאַביליזירט זיין ווירטשאַפט, אַ דאַנק דער גרויסער נאָכפראַגע פונעם אויסגעברייטערטן יידישן פאַרברויכסמאַרק אויף לאַנדווירטשאַפטלעכע פראָדוקטן, קומט גלייכצייטיק פאַר אויך אַ באַשטימטע פראָלעטאַריזאַציע פון פויערשע קאַדרען. דער יידישער פּראָדוציר־מאַרק האָט צוגעצויגן אַ סך אַרבעטס־הענט, וואָס האָבן זיך פריער בלית ברירה געפּאָרעט אין שרעקלעכער דחקות אין דאָרף און האָבן איצטער געפונען פאַר זיך אַן אַרבעטס־פּלאַץ אין שטאָט, אָדער אין דער יידישער פּלאַנטאַציע־ווירטשאַפט.

אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען אויך אין די אַרבעטס־באַדינגונגען. דער יידישער קאַפּיטאַליזם, אַזוי גוט ווי יעדער אַנדערער „נאַציאָנאַלער" קאַפּיטאַליזם, קען איין גאָט: דעם גאָט פון פּראָפיט, פון קעשענע־אינטערעס. אַלע הויכע פראַזן וועגן „נאַציאָנאַלן אויפבוי" זענען גוט בלויז דאַן, ווען עס לוינט זיך צו בויען; און צוליב דעם „כותל מערבי" אָדער „מוטער רחלס קבר" האָט נאָך קיין איין אונטערנעמער נישט אַריינגעלייגט קיין קאַפּיטאַל. פּראָפיט פאַלט אָבער נישט פון הימל, נאָר ווערט אויסגעפּרעסט פון עקספּלאָטאַציע. די יידישע אַרבעטער־איינוואַנדערונג מיט איר העכערן לעבנס־מיני־מום אין פאָדערונגען, דורך איר אָרגאַניזירטקייט, האָט אָבער לכתחילה געצוווּנגען די יידישע אינדוסטריע איינצוימען איר אומבאַגרענעצטן עקספּלאָטאַציע־חשק. ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ באַשטימטער לוין־מינימום, אַן 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, אַ געוויסער קאָנטראָל אויף די אַרבעטס־באַדינגונגען. אמת, די אונטערנעמער פירן טאַקע אַ העפטיקן קאַמף קעגן אָט דעם „אַרבעטער־גוואַלט־טאַט". אמת, די היינטיקע פירער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע קענען דערציילן נישט איין טרויעריקע געשיכטע וועגן זייער נאָכגעבן די אונטערנעמער און באַלעבאַטים, וועגן מפלית, צו וועלכע זיי האָבן אַליין דערפירט און צוגעבראַכט. אָבער, יעדנפאַלס, איז שוין די פראַגע פון אַרבעטס־באַדינגונגען אַן ענין פון שטענדיקן קאַמף און נישט פון דעם אונטערנעמערס „חסד" און פרייע הפקרות. דער אַראַבישער אַרבעטער איז נאָך, אַ דאַנק דעם סאַבאָטאַזש פון די הסתדרות־פירער, נישט אַריינגעצויגן געוואָרן אין די שורות פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, און דעריבער פּרוּווט נאָך די יידישע בורזשואַזיע, באַזונדערס אין דאָרף, אַרויספאָרן אויף אים. אָבער אויך דאָ איז די יידישע בורזשואַזיע געצוווּנגען צו באַגרענעצן אירע אַפּעטיטן און נישט צו שאַרף אָנציִען די סטרונע, כדי נישט צו רייסן די אויגן פונעם אַראַבישן אַרבעטער מיט דער דיפערענץ צווישן אים און דעם יידישן. אין דער צייט, ווען אין דער אַראַבישער, פריצישער ווירטשאַפט אַרבעט מען נאָך פון „זונען־אויפגאַנג ביז זונען־אונטערגאַנג" און דער אַרבעטס־לוין איז 6—9 גרוש אַ טאָג, איז אין די יידישע קאָלאָניעס דער אַרבעטס־טאָג פון אַראַבישן אַרבעטער 9—10 שעה און דער אַרבעטס־לוין 10—14 גרוש (ביי דעם יידישן אַרבעטער 17½ גרוש).

די יידישע אַרבעטער־איינוואַנדערונג האָט אָבער נישט בלויז געעפנט נייע אַרבעטס־מעגלעכקייטן פאַרן אַראַבישן אַרבעטער און עקאָנאָמיש בעסער געשטעלט אים. וויכטיקער פון אַלץ זענען די ברייטע סאָציאַלע און פּאָליטישע

האָריזאָנטן, וועלכע זי האָט געעפנט פאַר אים. צום ערשטן מאָל האָט דער אַראַבישער אַרבעטער דערפילט די באַדייטונג פון אַ קלאַסן־אָרגאַניזאַציע און דערשמעקט דעם פולווער פון קלאַסן־קאַמף. די פריערדיקע הכנעה און בויגן זיך פאַר יעדן באַלעבאַטישן קנעפּל, טרעט אַלץ מער אָפּ דעם פּלאַץ דער געשטיגענער אַקטיוויטעט, געזעלשאַפטלעכער רייפקייט און קלאַסן־באַוווּסט־זיין. דער אַראַבישער אַרבעטער טרעט אַלץ עפטער אַרויס פון זיינע באַשרענקטע ד׳ אמות און ווערט אַ פאַקטאָר, אַ כוח. מיט אים הייבט זיך שוין אָן צאַצקען, פול פחד, די אַראַבישע בורזשואַזיע, און גלייכצייטיק באַקעמפט זי אים האַסטיק פאַר זיין „חברן זיך מיטן יידישן אַרבעטער, וואָס ברענגט נוצן בלויז דעם ציוניזם״. אַראַבישע אַרבעטער נעמען אָנטייל אין שטרייקן („נור״, „נשר״ אין חיפה יאָר 1926, ירושלים יאָר 1928), אין דעמאָנסטראַציעס דעם 1טן מאַי אאַ״וו. די אַראַבישע אַרבעטער ווערן אויסגעמישט מיט די יידישע ביי די רעגירונגס־אַרבעטן, פּלאָגן און פייניקן זיך אין די זעלבע אַרבעטס־באַדינגונגען. און עס ווערט אַלץ קלאָרער און בולטער דער צווייענדיקער אמת, — אַז די נישט־אָרגאַניזירטקייט און ביליקייט פון דער אַראַבישער אַרבעטס־קראַפט איז אַ קללה פאַרן יידישן אַרבעטער, איז אַ געפאַר פאַר די יידישע אַרבעטס־ און קאַמפס־פּאָזיציעס. פונקט ווי די יידישע אַרבעטער־איינוואַנדערונג מיט אירע אָרגאַניזאַציע־פעיקייטן, הויכער קולטורעלער מדרגה, געזעלשאַפטלעכער חשיבות און קאַמפס־שטרעבונגען איז אַ ברכה פאַרן אַראַבישן אַרבעטער. ביידע זענען בלוטיק פאַרינטערעסירט איינער אין דעם אַנדערן; ביידע קענען אויפגעריכט ווערן בלויז דאַן, ווען זיי וועלן לעבן אין איינע און די זעלבע באַדינגונגען, ביידע האָבן קעגן זיך די זעלבע שונאים — די אַלע, וועלכע לעבן פון עקספּלאָטאַציע און פון אונטערדריקונג, און ביידע האָבן איין און דעם זעלבן אידעאַל — דעם סאָציאַלן באַפרייונגס־אידעאַל.

און וואָס מעכטיקער און ברייטער עס וואַקסט די אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, וואָס נענטער עס ווערן צווישן זיך די פאַרשיידענע חלקים פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַלץ אומרויקער און געשפּאַנטער ווערט די שנאה און האַס פון דעם קעגנער־פראָנט, אַלץ העפטיקער ברעכן אויס די קלאַסן־קאָנפליקטן און אַלץ אָפטער ווערן די פרווון צו פאַראַליזירן די אַרבעטער־סכנה דורך פונאַנדערפלאַקערן אין לאַנד דעם פייער פון נאַציאָנאַלן סעפּאַראַטיזם און שאָוויניסטישער העצע.

## די ראָל פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האָט אויסגערעכנט נישט שלעכט: היות, ווי די יידישע עמיגראַציע שפּאַרט קיין פּאַלעסטינע, דאַרף מען נעמען זי אין די הענט און אויסנוצן פאַר זיך, זיכערן זיך מיט אַ רעזערוו קעגן די אַראַבער אויפן ברעג פון מיטללענדישן ים, ווו עס ליגט דער שליסל צום סועץ־קאַנאַל און דער וועג קיין אינדיע. פונקט אַזוי האָט זי געמאַכט דעם אַראַבישן חשבון בעת דעם וועלט־קריג: אַראַבער זענען אומצופרידן מיט טערקיי, —

טאָ זאָל אָט די אַראַבישע באַוועגונג שטאַרקן און פעסטיקן ענגלאַנד אין נאָענטן מזרח.

אַזוי האָבן דערזען די ליכטיקע וועלט צוויי. באַרימטע דאָקומענטן: די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס זאָגט צו אַ „נאַציאָנאַלע היים" די ייִדן, און די דעקלאַראַציע וועגן דער פּראָקלאַמירונג פון אַן אַראַבישער מלוכה מיטן קעניג הוסיין בראש. נישט די ייִדישע איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע און נישט די אַראַבישע באַוועגונג זענען, נאַטירלעך, נישט אויסגעפּלאַנעוועט געוואָרן פון ענגלאַנד. אויסגעפּלאַנעוועט איז נאָר געוואָרן דער חשבון, ווי אויסצונוצן אָט די באַוועגונגען.

פון די „פּרייהייטס"־דעקלאַראַציעס האָט זיך אַניסגעלאָזן אַ טייך. אָבער די ענגלישע אויסרעכענונג מיט דער ייִדישער איינוואַנדערונג האָט אייך געהאַט אַ מיאוסן סוף. אַוודאי, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך צוגעקלעפּט, ווי אַ טרייער שאָטן צום ענגלישן קאָלאָניע־מיניסטעריום, אָבער די פּראָכטן פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאַנץ ביטער. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט אין עצם נאָך קיין איין רויִקע מינוט נישט געהאַט אין פּאַלעסטינע. וואָס מער זי האָט זיך באַמיט צו מאַנעווריר̈ן „נייטראַל" צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דעם אַראַבישן עקזע־קוטיוו און שלאָגן פאַר זיך קאַפּיטאַל פון זייערביידנס צאַנקעריי — אַלץ מער האָט זי זיך פאַרפּלאָנטערט און קאָמפּראָמיטירט ביי דער גאַנצער באַ־פעלקערונג. דאָס ערגסטע פאַר איר איז אָבער געווען — דער נייער פּרצוף, וואָס דאָס גאַנצע לאַנד האָט באַקומען מיט דעם שטראָם פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג: ווי אַ בייזער גייסט פון אומרו און אומצופרידנקייט איז אַריין אין די פאַרשיידנסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די אויסגעוואַקסענע ייִדישע אינדוסטריע איז געקומען מיט אירע פּרעטענזיעס, די אויפגעוואַכטע פעלאַכן האָבן אָנגעהויבן רודערן קעגן די פּריצים, די אויפגעקומענע אינטע־ליגענץ האָט אָנגעהויבן שטורעמען די אַדמיניסטראַציע, הלמאי זי פּראָטע־זשירט די ענגלישע באַאַמטע און באַוועלט די „וואַטאַנער" — די דאָ גע־בוירענע אָדער די ייִדישע.

ועל־כולם — אַ שאַרפער מעטאַל־קלאַנג פונעם אַרבעטער־קאַמף, פון כסדרדיקע קלאַסן־סכסוכים, פון שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, פון אָנגרייפן דעם פאַליציי־רעזשים, פון פאָדערן רעכט אויף אַרבעט און ברויט און אויף זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון דער באַפעלקערונג.

אין קאַמף קעגן אָט דעם סאָציאַלן אויפברויז האָט דער ענגלישער אימ־פעריאַליזם אַרויסגערוקט דעם אַלטן אויסגעפּרוווטן מיטל פון נאַציאָנאַלער צעשיידונג, און פאַרלוירן דעם חשק צו לאַווירן שטענדיק, צו טאַנצן תמיד אויף צוויי חתונות. די פעאָדאַלע כנופיה, וועלכע איז, פּונקט ווי ער, בלוטיק פאַרינטערעסירט צו „איינשטילן" פאַר יעדן פּרייז דעם שטורעם — איז גע־וואָרן זיין אָפענער הויפּט־אָנשפּאַר. ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען גערייצט און געשטאָכן די אויגן דער ייִדישער באַפעלקערונג, געוועקט פון איין זייט קנאה און האַס, פון דער צווייטער זייט שנאה און איבערצייגונג, אַז אַלץ איז דערלויבט: די רעגירונג איז „מיט אונדז".

יעדע, דורך געזעלשאַפטלעכן דרוק און קאַמף אויסגעפּרעסטע, הנחה פאַר דער ייִדישער איינוואַנדערונג אָדער באַפעלקערונג, האָט די מאַכט קאָמ־פּענסירט מיט אַ ריי פּריווילעגיעס און קאָנצעסיעס פאַר די פעאָדאַלן.

די אַראַבישע און ייִדישע מאַסן האָבן זיך געפּלאָגט אין פּיין און הונגער, אָבער די הוסייניס, נאַשאַשיביס א״אַ האָבן באַקומען פעטע ביסנס אין די שטאָט־פאַרוואַלטונגען, ביי דער רעגירונג, און געוואַרעמט זיך ביים שמאַלץ־טאָפּ פון מוסולמענישן אויבער־ראַט. די אַראַבישע און ייִדישע פויערים האָבן זיך געראַנגלט מיט דער טריקעניש פאַראַיאָרן, ייִדישע אַרבעטער האָבן זיך געפּייניקט אין שווערן קריזיס, אָבער צענדליקער טויזנטער פונטן זענען פאַרשווענדעט געוואָרן אויף פּאָליציי און תּפיסות.

מיט דער גרעסטער ברוטאַליטעט זענען אונטערגעדריקט געוואָרן שטרייקן און אַרבעטער־קאָנפליקטן. איבעראַל און אומעטום האָט זיך די רעגירונג באַמיט צו שאַפן אַ טיפע גרענעץ־ליניע צווישן ייִדן און אַראַבער.

נישט געקוקט אויף אַלע שיקאַנעס און שטערונגען האָט די ייִדישע איינ־וואַנדערונג זיך דאָך געפעסטיקט אין לאַנד, די ייִדישע און אַראַבישע מאַסן האָבן זיך דאָך איינגעלעבט און שוואַך רעאַגירט אויף די פּראָוואָקאַציעס. די אַרבעטער פוןביידע פעלקער האָבן געזוכט דעם וועג פון געמיינזאַמען קאַמף, ייִדישע און אַראַבישע פויערים האָבן אין ענגער שכנות באַאַקערט מיט שווייס די פעלדער, — דאַן איז געגעבן געוואָרן דער פאַראָל אַרויסצופירן אויפן שלאַכט־פעלד די הימלישע אַרטילעריע.

דער כותל מערבי האָט אָנגעהויבן גליִען און ברענען. דאָס, וואָס ס׳איז שוין אומעגלעך געווען צו דערגרייכן דורך די רעאַלע, מאַטעריעלע אינ־טערעסן — ווייל זיי זענען נישט נאָר פאַרשיידן ביי די ספּעציעלע גרופּעס, נאָר טאַקע אין דער ערשטער ריי געווענדט מיטן שפּיץ קעגן די איניציאַטאָרן גופא — איז נאָך געווען מעגלעך מיט דער הילף פון „גייסט“, פון רעליגיעזע אַרגומענטן.

מען האָט פונאַנדערגעבונדן אַלע נאַציאָנאַל־שאָוויניסטישע רעליגיעזע צוימען און פּלויטן. דאָס ייִדישע בירגערטום, תּמיד גרייט אויפצונעמען דעם בת־קול פון „נאַציאָנאַלער“ סכּנה, איז לייכט אַריינגעפאַלן אין אָט דער פּראָ־וואָקאַציע־נעץ און אַליין צוגעגאָסן בוימאייל צום פייער. די פעאָדאַלן, נאָך דעם הילכיקן דורכפאַל מיט אַ טראַסק פון דעם לעצטן קאָנגרעס זייערן, זענען ממש אַרויס פון די כּלים און אַרויסגערוקט די שווערע אַרטילעריע פון מוסולמענישן אויבער־ראַט.

די מינע איז פאַרלייגט געוואָרן, די אָקופּאַציע־מאַכט האָט אַ צי־געגעבן דעם קנויט, און אַ בלוטיקער שטראָם האָט זיך צעגאָסן איבער פּאַלעסטינע.

## וואָס וועט זיין ווייטער?

דער פעאָדאַליזם האָט אויסגעשאָסן זיין לעצטן פּולווער: דעם רעליגיעזן, און איצטער וועט ער מוזן באַצאָלן דעם וועקסל. וואָס האָט דער קאַמף קעגן די ייִדן געגעבן די אָפּגענאַרטע אַראַבישע מאַסן? אומגעקומענע לעבנס, נישט ווייניק אינוואַלידן, אַ פאַרלוירענעם אויף אַ געוויסע צייט אַרבעטס־ און

קאָנסום־מאַרק, איבערגעריסענע פעדים פון האַנדלס־ און געשעפט־באַציִונגען, אַן אומגעהויערע פאַרשרויפונג פון דעם פּריציִשן יאָך איבערן דאָרף, אַ גע־שטייגערטע עקספּלאָטאַציע פון דער אַרבעטער־קראַפט, אַן אומבאַגרענעצטע הערשאַפט פונעם קלער, וואָס באַלעבאַטעוועט מיט ברייטע שטחים „וואַקוף״־באַדן (הקדש־באַדן) און „הייליקע געלטער״, אַ פעאָדאַל־אימפּעריאַליסטישע בייטש, וואָס וויל צוריקבריינגען די „גוטע אַמאָליקע יאָרן״, ווען דער עפענדי, דער שייך אין דער מופטי האָבן געבילדעט דעם דריי־איניקן מאַכט־אַפּאַראַט איבערן לעבן און טויט פון דער באַפעלקערונג.

גלייבט ווער עס איז אין דער מעגלעכקייט פון אַזאַ צושטאַנד? בפרט ווען דערנעבן וועט זיך ווייטער וועבן דאָס ייִדישע לעבן מיט איר פולבלוטיקן סאָציאַלן געראַנגל אין מאָדערנע פאָרמען פון אַרבעט, קאַמף און קולטור. עס איז מער קיין מינדסטער ספק נישטאָ, אַז די קעגנזייטיקע אינטערעסן אינעם אַראַבישן סעקטאָר, וואָס זענען אויף גיך צונויפגעשטוקעוועט געוואָרן מיט דעם אייסגעמישטן בלוט פון די ייִדיש־אַראַבישע קרבנות, וועלן נאָר שטורמיש אַרויסשפּאַרן אין דרויסן און פאָדערן סאַטיספאַקציע, אַנטשעדיקונג.

אויך דער ייִדישער סעקטאָר אין פּאַלעסטינע וועט דורכמאַכן נאָך אַלע־מען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. געוויס וועט דער ערשטער פּעריאָד אומגעהויער פאַרשאַרפן די שאָוויניסטישע שטימונג, די זשאַבאָטינסקי־קאָנצעפּציע, די לעגיאָניסטישע טענדענצן. פּונקט ווי פריִער, נייִן, נאָך מיט מער קראַפט אין פאַרביטערונג וועלן מיר, פועלי־ציון זיי באַקעמפן, ווייל מיר זענען איבערצייגט, אַז אָט דער וועג — דער נאַציאָנאַל־איזאָלירטער וועג — איז אַן אוממעגלעכער פאַר די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן. פּראָפעסיאָנעל־עקאָנאָמיש איז עס אַ געווער פאַר דעגראַדירן די אַרבעטס־באַדינגונגען לויט דעם רעוויזיאָ־ניסטישן רעצעפּט פון „נאַציאָנאַלער דיסציפּלין״, פאַר אויסליפערן מאַסן איפּן גנאָד און באַראָט פון די עקספּלאָטאַטאָרישע גרופּעס, פּאָליטיש באַטייט עס דעם פינאַנדערבלײַ פון פאַשיסטישע שפּראָצונגען, פון פאַרוואַנדלען די ייִדישע אַרבעטערשאַפט אין אַ דעמאָראַליזירטן, צעשטויבטן צוגאָב צו דער ייִדישער בורזשואַזיע אין איר דינסט־אַרבעט פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם, פון אײַנשטעלן אויף שטענדיקער געפאַר די פאַרלייגטע יסודות פון דער טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע אין פּאַלעסטינע.

פּונקט ווי דער פּאָגראָם אין יפו־ירושלים אין יאָר 1921, דער אָנפאַל אויף פּתח־תקוה, די געפאַלענע אין תל־חי, כפר גלעדי, האָבן נישט ליקווי־דירט דעם „ביזנעס״־פּאַראַל פון ייִדישן בירגערטום און זייער עקספּלאָטאַציע־חשק, — וועט זיך דאָס זעלבע איצטער איבערחזרן אויף אַ נאָך מער אויסגע־ברייטערטער באַזע. די בורזשואַזיע וועט פאַרלאַנגען „נאַציאָנאַלע קרבנות״ לשם „בנין הארץ״, די אַרבעטערשאַפט, אַפילו די געפּירטע פון די פשרות־פּאַרטייען, וועט פאָדערן „נאַציאָנאַלע קרבנות״ פון דער בורזשואַזיע און דער רעזולטאַט — די פאַרשיידענע „נאַציאָנאַלע״ אויסטייטשונגען וועלן אומפאַר־מיידלעך ברענגען צו סאָציאַלע איינטייטשונגען.

דער פּראָנט פון קלאַסן־קאַמף וועט אויסגעברייטערט ווערן לענגויס דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן שטח.

און די ענגלישע אָקופּאַציע־מאַכט, און „מאַקדאָנאַלד דער סאָציאַליסט", וואָס וועלן זיי איצטער זאָגן מכּוח דער ייִדישער אײַנוואַנדערונג?

מיר פּועלי־ציון, זענען נישט אַזוי נאַיוו צו גלויבן, אַז די „אַרבעטער־רעגירונג" אין ענגלאַנד וועט זיך אָריענטירן אויף די קלאַסן־אינטערעסן פון די אַראַבישע אַרבעטער און פּויערים, וועלכע זענען פאַרבונדן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש מיט דער ייִדישער אײַנוואַנדערונג, הגם די זעלבע אַרבעטער קענען נאָך צייטנווייז געפירט ווערן דורך די עקספּלאָטאַטאָרישע גרופּעס אין אַ קרייך־צוג קעגן איר. מיר ווייסן, אַז אויך די „סאָציאַליסטן פון זיין מאַיעסטעט דעם קעניג דזשאָרדזש דעם 5טן" קענען אויסגעצייכנט אָפּהיטן די אינטערעסן פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם און קרעפטיקן זיין „בונד" מיט די פעאָדאַלן אויפן חשבון פון דער ייִדישער אײַנוואַנדערונג, אויפן חשבון פון פּיין אוןליידן פון די ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער־מאַסן.

מיר ווייסן אָבער, אַז קיין שום אימפּעריאַליסטישע מאַכט האָט נישט געשלאָסן קיין קאָנטראַקט מיטן רבונו של עולם אויף אייביק, אַז אימפּעריאַליסטישע פּלענער ווערן נישט בלויז צעקרישלט, נאָר אויך דיאַלעקטיש פאַרוואַנדלט אין זייער קעגנזאַץ.

וואָס שטאַרקער און מעכטיקער עס וועט זיך פונאַנדערוויקלען דער סאָציאַלער קאַמף אין לאַנד, אַלץ האָפענונגסלאָזער וועט ווערן די פּאָזיציע פונעם אימפּעריאַליסטישן פאַרבינדעטן — דעם פעאָדאַליזם, — אַלץ האַסטיקער וועט אונטערן דרוק פון די אַראַבישע און ייִדישע אַרבעטער און פּויערים־מאַסן דורכגעבראָכן און צעלעכערט ווערן דער אימפּעריאַליסטישער פראָנט בכלל, און אויך אין דער פראַגע פון דער ייִדישער אַרבעטער־אײַנוואַנדערונג בפרט.

אין אָט דעם קאַמף וועט זיך באַטייליקן נישט בלויז די פּאַלעסטינער אַרבעטערשאַפט, נאָר אויך די אַלוועלטלעכע ייִדישע אַרבעטערשאַפט, דורך איר פּאָליטישן קאַמף אין אַלע לענדער קעגן אימפּעריאַליזם, דורך איר אומאויפהערלעכער אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אַרבעטער־מאַסן פון גאָר דער וועלט איבערן מהות און פּאָליטיק פון דער אָקופּאַציע־מאַכט אין פּאַלעסטינע און דורך איר פולער מאָראַלישער און מאַטעריעלער אונטערשטיצונג, מיט מענטשן און מיטלען, פאַר דער פּאַלעסטינער אַרבעטערשאַפט.

די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע וועלן נאַטירלעך נישט איבעראַקן די רייף־געוואָרענע אַנטוויקלונג פונעם נייעם ייִדישן אַרבעטער־לעבן אינעם דאָזיקן לאַנד. דורך אונטערצינדן קאָלאָניעס און דורך אויסמאָרדן אומבאַוואָפנטע ייִדישע משפּחות אין די אַלטע ישובים פון ארץ־ישראל וועט זיכער נישט אָפּגעהאַלטן ווערן דער אָביעקטיווער גאַנג פון די ייִדישע מאַסן, וועלכע שפּאַרן זיך אין אַלע עקן וועלט צו איבערשיכטן און פּראָדוקטיוויזירן זייער לעבן, — אַ שטרעבונג וואָס קריגט איר שאַרפסטן און פולבלוטיקן אויסדרוק אינעם קאַמף פאַרן טעריטאָריאַלן ייִדישן אַרבעטס־צענטער אין פּאַלעסטינע.

די בלוטיקע געשעענישן וועלן אָבער וואַרפן אַ העל ליכט אויף די פּראָבלעמען פון סאָציאַלן קאַמף סיי אינעם ייִדישן און סיי אינעם אַראַבישן לעבן,

אויף וועלכע דאָס ייִדישע בירגערטום און זיינע נאָכלויפער האָבן זיך נישט געוואָלט אומקוקן; זיי וועלן איצט אויפדעקן אויך פאַר די ברייטסטע שיכטן פון די ייִדישע מאַסן די כוונות און גענג פון דער אימפּעריאַליסטישער אָקופּאַציע־מאַכט — און זייער פּאָליטישער רעזולטאַט קען זיין און מוז זיין:

מער פאַרשטענדעניש פאַר דער אַנטשיידנדיקער ראָל און באַדייטונג פון אַ ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע;

אַן אויסגעהאַלטענע קלאַסן־באַוווסטזיניקע אַרבעטער־פּאָליטיק, מיטן פּנים צו די אַראַבישע אַרבעטער און פויערים, און מיטן שאַרף קעגן ייִדישער און אַראַבישער בורזשואַזיע.

פון דער בראָשור אונטער דעם זעלבן נאָמען, וואַרשע,
פאַרלאַג „נייע קולטור“, סעפּטעמבער 1929.

יוסף ראָזען

# די יעווסעקעס און די פּאַלעסטינער געשעענישן

## דער „איינהייטלעכער פראָנט"...

די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע האָבן אויפגערודערט די ברייט־סטע יידישע מאַסן אין דער גאַנצער וועלט און ביי זיי אַרויסגערופן טיפן צער און שאַרפסטן פּראָטעסט.

אַ טיפן צער און וויטיק האָט געמוזט אַרויסרופן דאָס בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן צוליב די אימפּעריאַליסטישע אינטריגעס און נאַציאָנאַליס־טישער העצע. און ס'האָט זיך געמוזט אַרויסרייסן אַ צאָרנדיקער פּראָטעסט קעגן די שולדיקע אינעם בלוט־באָד.

און שולדיק איז קודם־כל די ענגלישע אימפּעריאַליסטישע מאַכט, וועלכע באַמיט זיך אין פּאַלעסטינע אָנצורייצן איין פאָלק אויפן צווייטן, כדי זי זאָל לייכטער קענען הערשן איבער זיי ביידע. שולדיק זענען די אַראַבישע נאַציאָ־נאַליסטן, די עפענדיס (פּריצים) און כלי־קודש, וועלכע וועקן דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם ביי די אָפּגעשטאַנענע אַראַבישע מאַסן און רייצן זיי אָן אויף די יידישע מאַסן, כדי אַזוי אַרום אָפּצוווענדן פון זיך דעם צאָרן פון די אָרעמע אַראַבישע אַרבעטער און פויערים, וועלכע זיי האַלטן אין פינצטערניש און קנעכטשאַפט. שולדיק זענען אויך די יידישע נאַציאָנאַליסטן, — די בורזשואַזע ציוניסטן, וועלכע קוקן אויס אויף די „חסדים" פון ענגלישן אימפּעריאַליזם און פאַרטיפן דעם תהום צווישן די יידישע און אַראַבישע מאַסן. בפרט זשאַבאָ־טינסקיס לייט, וועלכע האַלטן אין איין ליאַרעמען וועגן ווייזן אַ „שטאַרקע פויסט" די אַראַבישע מאַסן, אָנשטאָט זיי צו ווייזן אַ ברידערלעך־אויסגעשטרעקטע האַנט, און וועלכע האָבן באַזונדערס לעצטנס מיט זייער ווילסטער העצע אַרום דעם „כותל מערבי" געגאָסן אייל אויפן פייער, וואָס איז אונטערגעצונדן געוואָרן דורך די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן. שולדיק זענען אויך די יידישע רעכטע אַרבעטער־פירער אין פּאַלעסטינע, וועלכע דערלאָזן נישט, אַז די אַראַבישע

אַרבעטער־מאַסן זאָלן אַריינגעצויגן ווערן אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, ווי עס פאָדערן דאָס די פועלי־ציון, וועלכע ווייזן אָן, אַז די געמיינזאַמע אָרגאַניזירונג און דער געמיינזאַמער קלאַסן־קאַמף פון די ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער איז די בעסטע גאַראַנטיע קעגן אַזעלכע טרויעריקע געשעענישן, ווי די וואָס זענען נאָר וואָס פאָרגעקומען.

צער און ווייטיק איבער דעם פאַרגאָסענעם בלוט, פּראָטעסט קעגן די שולדיקע — דאָס זענען די געפילן, וואָס האָבן געמוזט אין די שווערע טעג באַהערשן די ייִדישע מאַסן. אָבער אַז מ׳זאָל גאָר זיין צופרידן פון די געשעענישן, וועגן דעם האָט, דוכט זיך, ביי קיינעם קיין רייד נישט געקענט זיין. און דאָך איז אַ פאַקט, אַז ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס טריומפירן איבער די בלוטיקע געשעענישן.

ס׳איז ממש „משיחס צייטן": די „הונדערט פּראָצענטיקע רעוואָלוציאָנערן" פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פּראַווען יום־טוב צוזאַמען מיטן „בונד". און טאָמער איז דאָס ווייניק, האָבן זיי נאָך אַ נייעם שותף. אָט האָט די בונדישע „פאָלקסצייטונג" די טעג אָנגעזאָגט אירע לעזער אַזאַ בשורה:

„דער אָפיציעלער אָרגאַן פון וואַטיקאַן „אָסערוואַטאָרע ראָמאַנאָ" טרעט שאַרף אַרויס קעגן ציוניזם און דריקט אויס די האָפענונג, אַז ענגלאַנד וועט זיך באַמיִען צו פאַריכטן דעם פעלער, וואָס זי האָט געמאַכט מיט דער פּאָליטיק פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע"...

פונקט ווי דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד"!...

און אָט איז אַ צווייטע ידיעה:

„די קאַטױלישע פּרעסע־אַגענטור אין וואַרשע פאַרעפנטלעכט דעם פאָלגנדיקן קאָמוניקאַט: דער פּויפּסט האָט פּראָטעסטירט ביים פעלקער־בונד קעגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע, פאָרויסזעענדיק די סכנות, וועלכע ווערן דורך דער דאָזיקער דעקלאַראַציע געשאַפן פאַרן הייליקן לאַנד... די לעצטע בלוטיקע קאַמפן האָבן בולט באַוויזן, אַז דער וואַטיקאַן איז גערעכט, און אַז די האָפענונגען ווידער אויפצובויען די ייִדישע מלוכה אין ארץ־ישראל געהערן צו די חלומות, וואָס קענען נישט דערפילט ווערן"...

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" שרייבט אויך: „מיר האָבן נישט אייפגעהערט צו וואָרענען, אַז די ציוניסטישע אַרבעט אין פּאַלעסטינע איז אַן אויסזיכטלאָזע, און דערביי אַ געפערלעכער שפּיל"... און דער בונדישער צ. ק. דערקלערט אויך: „די טראַגישע געשעענישן אין פּאַלעסטינע באַדייטן אַ צוזאַמענברוך פון אַלע ציוניסטישע האָפענונגען"...

אַלזאָ, דער „בונד" איז גערעכט, די יעווסעקעס זענען גערעכט און... דער פּויפּסט איז גערעכט!...

## אויף וואָס דען איז זיי נאָך געבליבן צו האָפן?...

יאָרנלאַנג האָט דער „בונד" געשריגן, אַז פּאַלעסטיניזם איז אַ „וויסטער חלום", אַן „אוטאָפּיע"... „חלומות", „אוטאָפּיע" — דאָס זענען די באַליבטע ווערטער פון אַלע קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגהלעך. שלום עליכם דערציילט, ווי כתרילעווקער ייִדן האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געוואָלט הערן און

גלויבן, אַז ס׳איז פאַראַן אַן אייזנבאַן אויף דער וועלט. „ווייס איך וואָס — האָבן זיי געזאָגט — חלומות, נעכטיקע טעג, אויפן הימל אַ יאַריד, אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך״... און פונקט אַזוי האָבן די כתרילעווקער „סאָציאַ־ליסטן״ פון „בונד״ געטענהט וועגן פּאַלעסטינע. און וואָס זעען מיר? די „אוטאָפּיע״ וואַקסט און בליט. אָנשטאָט עטלעכע הונדערט ייִדישע אַרבעטער, וואָס זענען אַמאָל געווען אין פּאַלעסטינע, איז דאָרט היינט שוין פאַראַן אַ מחנה פון העכער דרייסיק טויזנט אַרבעטער! און דער פּאַלעסטיניזם ווערט אַלץ מער פאַרשטענדלעך פאַר די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן אין גאָר דער וועלט און ער רופט ביי זיי אַרויס אַלץ מער באַגייסטערונג. זיי זעען אין דעם ייִדישן אַרבעטער־צענטער אין פּאַלעסטינע נישט קיין „פּוסטן־חלום״, נאָר אַ ממשותדיקע ווירקלעכקייט און אַ לעבנס־נויטווענדיקייט.

די פירער פון די יעווסעקעס האָבן געירשנט פון „בונד״ די טעמפּע שנאה צום פּאַלעסטיניזם. פונקט ווי דער „בונד״ האָבן זיי אויך געשריגן: „אַ ייִדישע טעריטאָריע — דאָס איז אַ רעאַקציאָנערע אויסטראַכטעניש, אַ פּוסטער חלום, אַן אוטאָפּיע!״ ביז דאָס לעבן האָט זיי אָפּגעטון אַ שפּיצל: גראָד דאָס לעבן פון די ייִדישע מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד האָט זיי, די יעווסע־קעס, געצוווּנגען אָנצוהייבן טראַכטן וועגן אַ ייִדישער טעריטאָריע... זיי האָבן געמוזט פאַרקאַטשען די אַרבל און מיט זייערע אייגענע הענט פּרוּוון פאַר־ווירקלעכן דעם „וויסטן חלום״, די „רעאַקציאָנערע אוטאָפּיע״, וואָס הייסט „ייִדישלאַנד״. אָבער ווו זאָל דער „חלום״ פאַרווירקלעכט ווערן? אַ „ייִדיש־לאַנד״ — זאָגן זיי שוין היינט — דאַרף מען, אָבער נאָר נישט אין פּאַלעסטינע. ווו דען? האָבן זיי פריִער אָנגעוויזן אויף קרים. דאָרט וועט מען איינס און צוויי באַזעצן ריזיקע ייִדישע מאַסן, און די „ייִדישע מלוכה״ איז פאַרטיק. אַז דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומעגלעך, האָט מען געלאָזט וויסן, אַז ס׳איז שוין דאָ אַ נײַ „ייִדיש לאַנד״, וואָס הייסט בירא־בידזשאַן. אָט דאָס איז „די אמתע פּאַלעסטינע״ — האָבן די יעווסעקעס געטרומייטערט איבער דער גאַנ־צער וועלט. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אויך בירא־בידזשאַן קען נישט „פאַר־קאָנקורירן״ פּאַלעסטינע, און צוליב דעם נייעם „ייִדישן לאַנד״ איז אויף קיין איין האָר נישט שוואַכער געוואָרן דער אינטערעס פון די ייִדישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט צו פּאַלעסטינע.

האָבן די יעווסעקעס צוזאַמען מיטן „בונד״ געלייגט אַלע זייערע האָפע־נונגען אויפן לעצטן עקאָנאָמישן קריזיס אין פּאַלעסטינע, אַז פון אים וועלן זיי געהאָלפן ווערן. — איז שוין אָבער אויך דער קריזיס אַוועק. זיי האָבן זיך געקוויקט מיט יעדן קרעכץ פון אַן אַרבעטסלאָזן אין ארץ־ישראל — איז שוין אָבער די אַרבעטסלאָזיקייט פאַרשוווּנדן. זיי האָבן אָנגעקוואָלן פון יעדן צוריקוואַנדערער — האָט זיך שוין ווידער אָנגעהויבן אַן אַריינוואַנ־דערונג.

איז זיי געבליבן די איינציקע האָפענונג: די האָפענונג אויף אַללאַ — דעם גאָט פון אַלע גלויביקע מוסולמענער, אין וועמענס נאָמען דער מוסול־מענישער גרויס־מופטי האָט איצט געטריבן די פינצטערע אַראַבישע מאַסע צו דער בלוטיקער שחיטה. ס׳איז די האָפענונג אויפן רעליגיעזן פאַנאַטיזם,

זואָס וועט אויסגענוצט דורך דער ענגלישער אימפּעריאַליסטישער מאַכט און דורך די עפּענדישע העצערס. ס'איז די האָפענונג אויפן וווּלקאַן פון נאַציאָנאַליסטישער שנאה, וואָס זאָל אויסברעכן. און פּאַרפּלייצן דעם ייִדישן ישוב מיט אַ מבול פון פייער און בלוט.

## „רויטע" מחותנים אויף דער שוואַרצער עפּענדישער חתונה

אויב דער „בונד" מאַכט נאָך דעם אָנשטעל פון „מיטלייד" מיט די פּאַלעסטינער קרבנות — מאַכן די „רויטע" אַפילו אָט דעם אָנשטעל אויך נישט. זיי דריקן אויס אָפן און גראָב זייער שמחה איבער די בלוטיקע שחיטות. זיי שרייען הוראַ! ס'איז אַ „רעוואָלוציע", און לויט אַ קאָמאַנדע רופן זיי אויס: „מיר באַגריסן די אַראַבישע פרייהייטס־קעמפער!!.."

זיי האָבן די איצטיקע שחיטות אין פּאַלעסטינע געקרוינט אַלס אַראַבישע „נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג". וויפל מאָל האָט מען זיך שוין אָפּגעבריט מיט אַזעלכע סתם „נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען"! וויפל האָפענונגען זענען געלייגט געוואָרן אַמאָל אויף דעם טערקישן „נאַציאָנאַלן־פרייהייטס־קעמפער" קעמאַל־פּאַשאַ. אָבער ווי נאָר קעמאַל־פּאַשאַ האָט געזיגט, האָט ער אָנגעהויבן אויפשטעלן תליות פאַר די טערקישע קאָמוניסטן.

שפּעטער האָט מען געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף דעם כינעזישן „נאַציאָנאַלן פרייהייטס־קעמפער" טשאַנג־קאַי־שעק. אָבער טשאַנג־קאַי־שעק האָט געפייערט זיין נצחון דורך האַקן קעפּ פון כינעזישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. און איצט קומט אויס דעם ראַטנפּאַרבאַנד צו פירן אַ מלחמה מיט די חיילות פון דעם זעלבן טשאַנג־קאַי־שעק.

דאַרף מען דאָך דערפון עפּעס לערנען! און די קאָמוניסטישע באַוועגונג לערנט טאַקע. אָט איז ערשט נישט לאַנג פאַרגעקומען דער צענטער פּלענום פונעם עקזעקוטיוו פון קאָמינטערן. אין זיינע רעזאָלוציעס ווערט פעסטגעשטעלט, אַז „די כינעזישע בורזשואַזיע איז אין דער ווירקלעכקייט אַריבער אין דעם לאַגער פון די אימפּעריאַליסטן, וואָס זענען שונאים פון דער כינעזישער אומאָפּהענגיקייט". און ס'ווערט דערפון געמאַכט דער אויספיר, אַז די באַפרייונג פון די כינעזישע מאַסן קען קומען נאָר „דורך אַן אויפשטאַנד פון אַן אַרבעטער־ און פּויערים־רעוואָלוציע בראש מיטן אַרבעטער־קלאַס".

וועגן אינדיע, ווו די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג הייבט אייגנטלעך ערשט אָן אַרויסצוגיין פון די וויקעלעך, ווערט שוין איצט געזאָגט:

„דער אָפענער פאַראַט פון דער אינדישער בורזשואַזיע בנוגע דער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט און איר אַקטיווע הילף אין די בלוטיקע פּאָגראָמען אויף שטרייקנדיקע אַרבעטער דעקן־אויף דעם קאָנטרעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דער אינדישער בורזשואַזיע". און דאָ ווערט אויך געמאַכט אַזאַ אויספיר: „די אומאָפּהענגיקייט פון אינדיע, די פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פונעם אַרבעטער־קלאַס, די לייזונג פון דער אַגראַר־פראַגע — קענען דערגרייכט ווערן בלויז דורך רעוואָלוציאָנערע קאַמפן פון אַרבעטער און פּויערים־מאַסן, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט קעגן

דעם ענגלישן אימפעריאַליזם, קעגן די אינדישע פעאָדאַלן און נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל״.

איז אפשר אַ סברה, אַז אויך בנוגע פּאַלעסטינע דאַרף מען זאָגן דאָס זעלבע? נאָך מער: אויב למשל בנוגע כינע, האָט מען נאָך געקענט לכתחילה אַ טעות האָבן, ווייל צום אָנהייב איז די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג טאַקע געווען געווענדעט קעגן דעם פרעמדן אימפעריאַליזם און ערשט שפּעטער איז געקומען דער פאַראַט פון דער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע, איז דאָך ביים אָפּשאַצן די איצטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע נישטאָ קיין שום פּלאַץ פאַר ספקות און טעותים.

אַז די געשעענישן האָבן נישט געטראָגן דעם מינדסטן כאַראַקטער פון אַן אַרויסטרעטונג קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט, באַווייזט דאָך כאָטשבי דער פאַקט, וואָס בעת דער בלוטיקער שחיטה אין חברון, ווו ס׳זענען אכזריותדיק אויסגעשאָכטן געוואָרן 64 ייִדישע זקנים, פרויען, ישיבה־בחורים און קינדער, איז אָבער נישט אַראָפּגעפאַלן קיין איין האָר פון קאָפּ פון אַן ענגלישן באַאַמטן! דאָס זעלבע אין צפת און אין אַנדערע פונקטן! איז דאָך באַקאַנט, אַז די אָנפאַלער זענען געגאַנגען אונטערן לאָזונג: „שעכט די ייִדן, די מאַכט איז מיט אונדז!״ און די מאַכט האָט טאַקע באַוויזן, אַז זי איז מיט זיי — אויף אירע אויגן האָט מען געמאָרדעט, פאַרגוואַלדיקט פרויען, ראַבירט, געצונדן, און זי האָט מיט קיין פינגער קיין ריר נישט געטון. און דאָס הייסט אַ „רעוואָלוציע קעגן ענגלישן אימפעריאַליזם״!

באַטקאָ מאַכנאָ האָט אויך געטענהט, אַז ער פירט אַ נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן באַפרייונגס־קאַמף און אַז זיינע פּאָגראָמען אויף ייִדן זענען בלויז אַ קאַמף קעגן ייִדישע בורזשויען. אָבער אין אוקראַיִנע האָבן אים אַלע פונדעסטוועגן באַטראַכט פאַר אַ באַנדיט און פּאָגראָמשטשיק. אין רוסלאַנד האָט מען געוווסט, אַז ייִדישע פּאָגראָמען פאָרן זיך נישט מיט רעוואָלוציע. נאָר פּאָגראָמען אויף ייִדן אין פּאַלעסטינע ווערן דורך די „רויטע״ דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ „רעוואָלוציע״.

עס פלאַטערן אויף די מעטשעטן די גרינע פאָן פון „הייליקן קריג״ קעגן „אַנדערש גלויביקע״ — און די קאָמוניסטן דוכט זיך, אַז דאָס איז די רויטע פאָן פון סאָציאַלער רעוואָלוציע!

עס קלינגט אין די גאַסן דער רוף פון אויפגעהעצטן המון: „שעכט די ייִדן!״ — און די „רויטע״ דוכט זיך, אַז זיי הערן אַ רוף: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט זיך!״... די אָנפאַלער שרייען: „די רעגירונג איז מיט אונדז!״ — און די קאָמוניסטן דוכט זיך, אַז מען שרייט: „נידער מיט דער אימפעריאַליסטישער אָקופּאַציע־מאַכט!״...

אָט באַגריסן זיי גאָר די געשעענישן ווי „אַן אויפשטאַנד פון די אַראַבישע תושבים קעגן די איינגעוואַנדערטע ייִדן״... ביז איצט האָבן מיר געוווסט, אַז סאָציאַליסטן, און בפרט נאָך קאָמוניסטן, טיילן איין די געזעלשאַפט אויף קלאַסן. דאָ האָבן מיר גאָר אַ שפּאָגל־נייַע איינטיילונג: אויף „תושבים״ און „איינגעוואַנדערטע״...

וואָס וועלן די יעווסעקעס זאָגן, אויב מאָרגן וועלן קאָנטרעוואָלוציאָנערן זיך באַנוצן מיט זייערע, יעווסעקישע, אַרגומענטן, און רופן די טאָטערן, די „תושבים" פון קרים, צו אַ בלוטיקן אויפשטאַנד קעגן די איינגעוואַנדערטע ייִדן?!... אָדער נעמען מיר גאָר ביראָ־בידזשאַן. דאָרט איז פאַראַן אַן איינגעזעסענע קאָזאַקישע באַפעלקערונג. דער פּראָפעסאָר ברוק, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער עקספּעדיציע פון „קאָמערד" אויסצופאָרשן ביראָ־בידזשאַן, שרייבט אין זיין באַריכט: „אין דער צייט, ווען מ׳האָט באַזעצט די קאָזאַקן, איז די געגנט געווען אין גרעסטן טייל באַדעקט מיט וואַלד, פּאַרזומפּט, קיין שפּור פון מענטשן איז נישט געווען. די קאָזאַקן זענען אויסגעשטאַנען געוואַלדיקע צרות ביז זיי האָבן זיך פאַרפעסטיקט און אויסגענוצט דעם באָדן. די באַפעלקערונג האָט זיך באַזעצט און פאַרכאַפּט אַ סך לאַנד. אַן אַלט־איינגעזעסענער שטעלט זיך גאָרנישט פאָר, ווי לעבט מען אין אַ געדיכט־באַוווינטן לאַנד און ער באַטראַכט די צוקונפטיקע לאַנד־איינאָרדענונג, ווי אַ גזירה"... און אַזוי ווי די אַלט־איינגעזעסענע קאָזאַקישע באַפעלקערונג האָט שוין פון פריִער פאַרכאַפּט גרויסע שטחים ערד, וויל מען איר איצט לאָזן בלויז צו 25 ביז 30 דעסיאַטין אויף אַ משפחה, און דעם עודף פון באָדן וויל מען ביי איר צונעמען און אָפּגעבן אים פאַר ייִדישער קאָלאָניזאַציע. און דאָרט, אין ביראָ־בידזשאַן שטרעבט מען דאָך בפירוש טאַקע צו שאַפן אַ ייִדישע מערהייט און צו פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין אַ „ייִדיש לאַנד", אין אַ ייִדישע אויטאָנאָמע רעפּובליק. נו, וועלן די יעווסעקעס צולאָזן דעם געדאַנק, אַז די „אַלט־איינגעזעסענע" האָבן אַ רעכט צו מאַכן אַ בלוטיקע שחיטה אויף די „איינגעוואַנדערטע"?

אָבער אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן אין פּאַלעסטינע שרייבט דער אָרגאַן פון די אַמעריקאַנער יעווסעקעס, די ניו־יאָרקער „פרייהייט": „פאַר אונדז איז די פראַגע קלאָר, אין פּאַלעסטינע זענען די מערהייט אַראַבער, זיי וויינען דאָרט זינט הונדערטער יאָרן, איז עס זייער לאַנד"... און זיי פאַרטראַכטן זיך גאָרנישט וועגן דעם, אַז מאָרגן קענען זייערע ווערטער איבערחזרן די רוסישע קאָנטרעוואָלוציאָנערן בנוגע ביראָ־בידזשאַן. דאָס איז דאָך אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכער שפּיל מיט פייער!

ווען ס׳זענען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק די ערשטע ידיעות וועגן די פּאַלעסטינער געשעענישן, האָט די רעדאַקציע פון דער „פרייהייט" אויף זיי רעאַגירט, ווי עס דאַרפן און מוזן רעאַגירן מענטשן, וועלכע האָבן נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלוירן דעם קלאָרן פאַרשטאַנד. זי האָט געגעבן די ידיעות אונטער אַ קאָפּ: „אַראַבישע פּאָגראָמען אויף ייִדן". זי האָט דערקלערט, אַז „די ייִדישע זעלבסטשוץ איז אַ פּראָגרעסיווע נויטווענדיקייט". זי האָט אַפילו גערופן צו אַ פּראָטעסט־מיטינג אונטערן לאָזונג: „פּראָטעסטירט קעגן דער ענגלישער רעגירונג, וואָס האָט דערלאָזט פּאָגראָמען אויף אומשולדיקע מענטשן".

אָבער אין געציילטע טעג אַרום זענען שוין די ידיעות פון פּאַלעסטינע דערשינען אין דער זעלבער „פרייהייט" אונטער אַ קאָפּ: „ענגליש מיליטער אין ייִדישע לעגיאָנערן מאַכן בלוטיקע שחיטות אויף אַראַבער"... די רעדאַק־

ציע האָט זיך „אַנטשולדיקט“ דערפאַר, וואָס זי „האָט נישט געהאַט קיין ריכ־טיקע ליניע“ און זי איז נישט געווען פריי פון „נאַציאָנאַליסטישן איינפלוס“. זי האָט זיך ווי אַ פאַרשולדיקט חדר־ייִנגל אַוועקגעלייגט אויפן בענקל און דער רבי האָט געשמיסן. אין דער זעלבער „פרייהייט“ איז אָפּגעדרוקט גע־וואָרן אַ דערקלערונג פון „פּאָליטישן קאָמיטעט“ פון דער אַמעריקאַנער קאָמ־פּאַרטיי, אַז די שטעלונג, וואָס די „פרייהייט“ האָט פאַרנומען אין די ערשטע טעג, איז געווען „אָפּאָרטוניסטיש“, אַז „די דאָזיקע שטעלונג איז קוים, אויב אינגאַנצן אַנדערש פון דער שטעלונג פון די ייִדישע נאַציאָנאַליסטן, ציוניסטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע“... אַזוי ווי זי האָט אין די ערשטע טעג געהאַט טענות צו דער ענגלישער מאַכט, פאַרוואָס זי דערלאָזט די פּאָגראָמען און זי האָט געשריבן: „אויב די רעגירונג וואָלט נאָר געוואָלט, האָט זי גע־קענט גרינג פאַרטיק ווערן מיט אַ הונדערט פּאָגראָמשטשיקעס“, — ווערט איצט אין דער דערקלערונג, וואָס איז געדרוקט אין דער זעלבער „פרייהייט“, געזאָגט: „אַזאַ שטאַנדפּונקט איז אַ קאָנטערעוואָלוציאָנערער ציוניסטישער שטאַנדפּונקט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און פאַר דער בורזשואַזיע“...

פון מאָנטיק ביז דאָנערשטיק — בוכשטעבלעך! — איז אַ פּאָגראָם פון אַראַבער אויף ייִדן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „בלוטיקער שחיטה פון ייִדי־שע לעגיאָנערן אויף אַראַבער“... די ייִדישע זעלבסטשוץ איז פון אַ „פּראָגרע־סיווע נויטווענדיקייט“ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „ייִדישע לעגיאָנערן“, וועלכע העלפן ענגלאַנד... די פּאָגראָמירטע ייִדן זענען פון „אומשולדיקע מענטשן“ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלוטיקע רוצחים... די אַראַבישע אָנפאַלער זענען פון פּאָגראָמשטשיקעס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערע העלדן... דער פּראָטעסט־מיטינג קעגן די פּאָגראָמען איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סימפּאַטיע־מיטינג פאַר דער אַראַבישער „נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג“... ועל־כולם: די קאָמוניסטישע רעדאַקציע פון דער קאָמוניסטישער „פרייהייט“ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „קאָנטערעוואָלוציאָנער־ציוניסטי־שער“, און נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בענקל און מקבל באהבה געווען די מלקות, וואָס דער „פּאָליטישער קאָמיטעט“ האָט איר אַריינ־געצימבלט — איז זי צוריק געוואָרן אַ כשר־קאָמוניסטישע...

ווער ס'פאַרמאָגט נאָר אַ ברעקל אַכטונג צו זיך אַליין, דער קען מיט די לייט קיין מגע־ומשא נישט האָבן. די באַקאַנטע דיכטער ה. לייוויק, אברהם רייזען, מנחם און ראַבאַי, וועלכע זענען געווען שטענדיקע מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט“, — זענען נאָך איר שענדלעכער „פראָנט־ענדערונג“ אַרויס־געטרעטן פון איר...

צוליב דער שנאה צום פּאַלעסטיניזם זענען די יעווסעקעס גרייט צו מאַכן יד־אחת אַפילו מיטן טייוול. אָבער דער עפענדי און דער מופטי האָבן גאָרנישט בדעה צו מאַכן יד־אחת מיט זיי. פאַרקערט, די עפענדיס פירן דאָך די העצע קעגן די ייִדישע איינוואַנדערער דווקא אַלס קעגן „באָלשעוויקעס“. אין אַן אינטערוויו מיטן קאָרעספּאָנדענט פון דער ענגלישער צייטונג „דיילי־מייל“ האָט דער ירושלימער גרויס־מופטי דערקלערט: „ס'זענען נישטאָ קיין

אַראַבער קאָמוניסטן, נאָר מיט דער הילף פון די ייִדן זענען די דאָזיקע באַל־שעוויקעס געקומען אַהער״...

די יעווסעקעס אין פּאַלעסטינע האָבן תּמיד געהאָלפן די אַראַבישע נאַ־ציאָנאַליסטן אין זייער העצע קעגן דער ייִדישער אײַנוואַנדערונג. זיי האָבן געשטיצט די אַראַבישע „נאַציאָנאַלע באַוועגונג״. דאַקעגן יעדן ייִדישן אײַנ־וואַנדערער האָבן זיי פאַרגעשטעלט פאַר די אַראַבישע מאַסן ווי אַ שונא פון זייער נציאָנאַלער פרייהייט. און ווען די געשעענישן זענען אויסגעבראָכן, האָבן די יעווסעקעס אין אַלע לענדער באַגריסט די בלוטיקע שחיטה. אָבער אין וואָס פאַראַ לאַגע האָבן זיך געפונען די יעווסעקעס אין פּאַלעסטינע גופא?...

ממה־נפשך: אויב דאָס, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען, איז געווען אַ „רע־וואָלוציע״ און „קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם״ — האָבן דאָך די יעווסעקעס אין פּאַלעסטינע, ווען די „רעוואָלוציע״ האָט אָנגעקלאַפּט צו זיי אין טיר, גע־דאַרפט איר אַנטקעגנגייך „זינגענדיק און טאַנצנדיק״. אָבער דער יעווסעק האָט געוווּסט, אַז אויב ער וועט אַרויס אין גאַס, וועט אים די „רעוואָלוציע״ פון גרויס־מופטי הוסיק באַגעגענען מיט אַן אויסגעשטרעקטן חלף אין האַנט. און מאַכן אַ ברכה אויף זיין אייגענער שחיטה האָט זיך אים דאָך נישט געוואָלט...

טאָ וואָס האָט ער געטון, דער פּאַלעסטינער יעווסעק? אָט ליגט פאַר אונדז אַ בריוו פון תּל־אביב, וווּ ס׳ווערט וועגן דעם עפּעס דערציילט: יענע פון די פּאַלעסטינער יעווסעקעס, וועלכע האָבן געוווינט אַ ביסל אַרויסגערוקט פון די ייִדישע קוואַרטאַלן, האָבן באַלד ווי די געשעענישן האָבן זיך אָנגעהויבן — שנעל זיך אַריבערגעפּעקלט אין די ייִדישע גאַסן אַריין... און אַז זיי האָבן זיך שוין געפילט געזונט זיכער, הינטער די פּלייצעס פון דער ייִדישער זעלבסט־שוץ, האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער זיי האָבן אויך „באַגריסט״ די געשעענישן, פּונקט ווי זייערע חברים אין וואַרשע, ניו־יאָרק און אַנדערע ערטער. קען נאָך זיין עפּעס מער צביעותדיקס און עקלהאַפטס?

דאָס טאָר זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן!

פון דער בראָשור: „בונד״, „רויטע״ און די „פּאַ־לעסטינער געשעענישן״. פאַרלאַג „נייע קולטור״, וואַרשע, סעפּטעמבער 1929.

# אומלעגאַל געמאַכט די פועלי־ציון־פאַרטיי אין ארץ־ישראל!

דעם 24טן אויגוסט 1929 האָט די בריטישע מאַכט צוגעשיקט דער פועלי־ציון־פאַרטיי אַ מעלדונג, וואָס פאַרופט זיך אויף פאַראַגראַפן פון טערקישן געזעץ און דערקלערט, אַז די פאַרטיי טאָר ווייטער נישט עקזיסטירן און די פאַרזעצונג פון איר עקזיסטענץ וועט מיט זיך ברענגען, אַז אירע חברים וועלן געשטעלט ווערן פאַרן געריכט.

אין דער אויסגאַבע פון פועלי־ציון „אין קאַמף", פון 9טן אָקטאָבער 1929, תל־אביב, איז פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקער אויפרוף:

דאָס פאַרבאָטן די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער־פאַרטיי (לינקע פועלי־ציון) דורך דער רעגירונג שטעלט אַוועק די גאַנצע אַרבעטערשאַפט אין לאַנד אין אַ צושטאַנד פון הפקרות. קיין שום אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע איז מער נישט זיכער מיט איר עקזיסטענץ. דער ברוטאַלער באַפעל פון דער רעגירונג איז אַ דירעקטער פאַטש אין פנים דער פרייהייט פון איבערצייגונגען און אָרגאַניזאַציע פון יעדן אַרבעטער אָן אונטערשייד.

בשעת די העצערס צו די פאָגראָמען דרייען זיך אַרום פראַנק און פריי און האַלטן אויף זייערע אָרגאַניזאַציעס און קלובן — ווערט פאַרבאָטן דווקא די איינציקע פאַרטיי אין לאַנד, וואָס די ברידערלעכע סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער פון ביידע פעלקער איז דער יסוד פון איר קיום און געדאַנק.

עס איז אַן אָנגריף נישט נאָר אויף איין פאַרטיי. עס איז אַ גוט־אויסגערעכנטע אַטאַקע אויפן גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. די אימפּעריאַליסטישע רעגירונג, צוגרייטנדיק איר נייע פשרה מיט די הערשנדיקע קלאַסן, וויל דורך דעם פאַרבאָט פון דער פועלי־ציון־פאַרטיי ווערן אויך דער באַלעבאָס איבער די אַרבעטער־מוחות.

אַרבעטער! צי קענט איר מסכים זיין, אַז אייערע געדאַנקען און אָרגאַניזירונגס־מעגלעכקייטן זאָלן באַשטימט ווערן דורך די שונאים פונעם אַרבע־

טער־קלאַס? צי קענט איר דערלאָזן, אַז די פּאָליציייִשע מאַכט זאָל באַשטימען, אונטער וועמענס אָנפירונג איר זאָלט גיין אין קאַמף פאַר אייערע אינ־טערעסן?

די רעגירונג האָט בכיוון אויסגעזוכט אַ מאָמענט, ווען אַנדערע גרויסע פּראַגעס שטייען אויפן סדר־היום, כדי אַזוי אַרום אין דער שטיל צו דער־שטיקן דורך זיי די פּאַרהאַסטע פּועלי־ציון־פּאַרטיי. צי ווייסט איר אָבער, אַז די אַלע גרויסע פּראַגעס באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים, ווען עס זאָל דער רעגירונג זיך איינגעבן צו דערשטיקן דאָס געוויסן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט, די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטיי?

דער חוב פון יעדן אַרבעטער, פון יעדער אָרגאַניזיר־פאָרעם פון דער אַרבעטערשאַפט: אַרבעטער־ראַטן, קבוצות, קיבוצים, קאָאָפּעראַטיוון, פּאַ־בריקס־קאָמיטעטן, אומעטום ווו עס לעבן אַרבעטער און קעמפן זייער קאַמף, אין שטאָט צי אין דאָרף, איז צו פּראָטעסטירן קעגן דעם ווילקיר־אַקט פון דער רעגירונג לגבי דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי!

צום פּראָטעסט קעגן פאַרמאַכן די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער־פּאַרטיי (לינקע פּועלי־ציון)!

קעגן די ספּעציעלע איינוואַנדערונגס־באַגרענעצונגען פאַר פּועלי־ציון און זייערע סימפּאַטיקער!

קעגן די רדיפות און שיקאַנעס אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג!

# XI. דער באריכט פון דער אויספארשונגס-קאמיסיע און פאספילדס „ווייסבוך“

ל. שמעוני

# דער אימפּעריאַליסטישער „צידוק־הדין"

(צום באַריכט פון דער שאָו־קאָמיסיע)

דער באַריכט פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע האָט אָפּגעזאָגט דעם צידוק־הדין אויף די אויגוסט־געשעענישן אין פּאַלעסטינע: „די אימפּעריאַליסטישע רעגירונג איז נישט שולדיק", „די עפענדים זענען אויך נישט שולדיק", „די ייִדן זענען יאָ שולדיק"...

די קאָמיסיע איז געקומען ווי אַ שליח פון דער אימפּעריאַליסטישער מעטראָפּאָליע. זי איז נייטיק געווען מאַקדאָנאַלדן, וועלכער איז דעמאָלט געפאָרן קיין אַמעריקע, און די טרייע ציוניסטן האָבן געדאַרפט באַרויִקן דעם אויפברויז פון דער ייִדישער מאַסע אין אַמעריקע, וועלכע האָט געקענט שטערן זיין נסיעה. קאַפּלאַנסקי האָט טעלעגראַפירט צו — „אַלע און צו אַלע" — מען זאָל אויפהערן פּראָטעסטירן קעגן ענגלאַנד, באשר...

אַן אומפּאַרטייִישע קאָמיסיע איז אַרויסגעפאָרן און מיר גלויבן אין בריטישן יושר...

האָט דאָך מיסטער ליוק דערקלערט: איך פיר נישט קיין פּערזענלעכע פּאָליטיק אין א"י, נייערט די פּאָליטיק, וואָס איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן דורך דער רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט אין לאָנדאָן". די ראָל פון מיסטער ליוק צוזאַמען מיט אָט דער פּאָליטיק זיינער איז קלאָר געווען פאַר יעדן איינוווינער אין ארץ־ישראל און אויך פאַר די ציוניסטן — טאָ פון וואַנען קומט די איבעראַשונג פונעם באַריכט?

די פּאָגראָמען זענען געווען אין הסכם מיט דער פּאָליטישער ליניע פון דער צענטראַלער רעגירונג — איז אויך דער באַריכט אין הסכם מיט דער זעלבער פּאָליטישער ליניע פון דער צענטראַלער רעגירונג, אָבער בשום אופן נישט אין הסכם מיט דער לאַגע אין לאַנד, און נישט אין הסכם מיט די אָביעקטיווע ווירקונגס־כוחות פון די געשעענישן.

דער באַריכט דרייט זיך ווי אַ שלאַנג צווישן די ייִדן און אַראַבער — זוכט אַ ביס צו טון — דאָ אַ ייִדישן שעפּס, דאָ אַן אַראַבישן שעפּס. אַ ביס

דערוויל נישט קיין טויטלעכן, נאָר אַ פּאַרגיפטעטן. מוז דאָך יעדער מודה זיין, אַז דער ערגסטער, דער שענדלעכסטער פּאָגראָם־דאָקומענט בשייכות מיט דער צוקונפט פון ארץ־ישראל איז גריילעך אָט דער באַריכט.

„די אַראַבער זענען אומגערעכט אָנגעפאַלן" — פרייען זיך די יידן.

„די יידן האָבן אומגערעכט געהאַנדלט" — פרייען זיך די אַראַבער.

„די רעגירונג איז פולשטענדיק אין אָרדענונג" —ביילן זיך די פויסטן ביי די יידן און אַראַבער.

„די יידישע איינוואַנדערונג האָט געבראַכט אַביסל גליק" — שפּרינגען די עפענדיס פון צאָרן. „די יידישע איינוואַנדערונג דאַרף מען שטאַרק באַגרע־נעצן"... „נישטאָ קיין ערד אין ארץ־ישראל פאַר אַ נייער איינוואַנדערונג"...

די שרייענדיקסטע סתירות ווערן ציניש אַרויסגעשטעלט אויף דער ליכ־טיקער שייך.

פונוואַנען וויסן עס די דריי פאַרלאַמענטאַריער, אַז אין א"י איז שוין נישטאָ קיין ערד, בעת די רעגירונג אַליין האָט הונדערט מיט איין מאָל דערקלערט, אַז ערד איז פאַראַנען, נאָר עס דאַרף דויערן 10 יאָר ביז מען וועט זי אויסמעסטן, וועט מען דאַן וויסן, ווי זי צו פאַרטיילן?...

דאָס איז נישט מער, ווי ברען־שטאָף פאַר ווילדער נאַציאָנאַלער שנאה — פונקט ווי די 10 יאָר וואַרטן „ביזן אויסמעסטן", פונקט ווי האַלטן אין תפיסה 8 חדשים פאַרמשפטע צום טויט מיט דער תליה אויפן האַלדז — צווישן לעבן און טויט — כדי ווידער צו העצן דערמיט און נישט אויסלעשן אינגאַנצן דעם פייער, וואָס זיי אַליין האָבן אָנגעצונדן!

נישטאָ קיין ערד! וויפל טויזנטער משפחות קען מען תיכף אַרויפזעצן אויף די פאַראַנענע שטחים, וועלכע זענען אויסגעטריקנט געוואָרן דורך יידישע אַרבעטער־הענט?

אין מפרץ חיפה 50 טויזנט דונאַם, חוראת 40 טויזנט דונאַם, און די ערד, וואָס ווערט אויסגעטריקנט אין כברה?

פון קרוב 11 מיליאָן גוטן באָדן ווערט דורך פעלאַכן באַאַרבעט בס"ה 5—6 מיליאָן דונאַם, פון יידן 1 מיליאָן. וואָס־זשע איז מיט די איבעריקע מיליאָנען פון גוטן, טייערן, פוסטן באָדן? ווו זענען די צענדליקער מיליאָנען פון וויסטן באַאַרבעטונגס־פעיקן באָדן אין עבר הירדן? דער ברעג פון עכו ביז עזה — אַ שטח פון 3—5 מיליאָן דונאַם — שפּייזט בס"ה 20 טויזנט פעלאַכן נאָר פון לאַנדאַרבעט, די קאָמיסיע האָט אָט דעם באָדן נישט דער־מאָנט, ווייל מען קען אים באַוואַסערן, און לויט די אָפּשאַצונגען פון מומחים קען מען דאָרטן דערנאָך באַזעצן 30 טויזנט משפחות...

די קאָמיסיע האָט „פאַרגעסן" די סקאַנדאַליעזע קאָנצעסיע „חולה", ווו עד היום פוסטעווען 150 טויזנט דונאַם זומפּיקער באָדן, וועלכע מען קען אויסטריקענען און דאָרט איינאָרדענען טויזנטער קלענערע ווירטשאַפטן...

די קאָמיסיע האָט „פאַרגעסן" דעם נגב — די געגנט באר שבע — אויך עפּעס ביי אַ 5 מיליאָן דונאַם, וואָס זעלטן ווו מען טרעפט דאָרט אַ לעבע־דיקן נפש.

די פיינע פּאַרלאַמענטאַריער האָבן זיך אָנגענומען פאַר די אָרעמע פע־לאַכן, וואָס ווערן „אַראָפּגעטריבן פון באָדן" — און דערביי פאַרגעסן אָן די עפענדיס — וואָס האָבן דעם דאָזיקן באָדן פאַרקויפט, די זעלבע מוסאַ קאַזים־פּאַשאַס און עבדי על אדיס, וואָס זיצן אין לאָנדאָן, אַלס די מליצי־יושר פון אַראַבישן פאָלק — זיי האָבן דאָך פאַרקויפט און פאַרמעקלערט יידן באָדן און נישט געגעבן אַ פּרוטה דעם פעלאַך!

מיט ציין־קריצעניש גיט די קאָמיסיע אַ זאָג אַרויס:

„יאָ, כאָטש קיינער האָט די יידן נישט געצוווּנגען, האָבן די יידן קאָמ־פּענסירט אַלע פעלאַכן, וואָס זענען אַראָפּ פון באָדן". די קאָמיסיע האָט „פאַרגעסן" צו דערציילן, אַז פון גאַנצן עמק יזרעאל און עמק עכו, זענען אַוועק בס״ה 700 מאַן — פעלאַכן, וואָס זענען געזעסן אויפן באָדן ווי אַרענ־דאַטאָרן. די עפענדיס האָבן זיי גאָרנישט געגעבן, — דערפאַר די יידישע קויפער האָבן אַלעמען דורכויס גוט קאָמפּענסירט מיט געלט, אָדער מיט ערד אַנדערשוווּ, לויטן אַ פרייען אָפּמאַך, וואָס האָט זיי דערמעגלעכט זיך איינצושאַפן אייגענע ווירטשאַפטן.

די קאָמיסיע האָט „פאַרגעסן" אַז אויפן אָרט פון די 700 נפשות פון עמק לעבן היינט אַ קולטורעל לעבן ביז 4 טויזנט נפשות.

אויפן גוש־נוריס אַליין (כפר יחזקאל, גבע, תל־יוסף, בית אלפא, חפצי־בה, עין חרוד), וואָס איז פריער געווען באַוווינט דורך 50 אַראַבישע נפשות (זיי האָבן פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט קיין פאַרגיטיקונג מיט ערד — נאָר מיט געלט), וווינען איצט 400 יידישע משפחות מיט קרוב 2.000 נפשות, פון 29 טויזנט דונאַם באָדן, וואָס זיי פאַרמאָגן, זענען 19 טויזנט געווען זומפּן, איצט איז אַלץ טרוקן. און דאָס איז דאָך בלויז איין קליין ווינקעלע — וואָס פאַר אַ בילד וואָלטן מיר באַקומען, ווען מען נעמט אויף די גאַנצע יידישע קאָלאָניזאַציע!

מיסטער ליוק האָט פּרובירט באַווייזן, אַז 1.000 פעלאַכן האָבן פאַרלוירן דעם באָדן אַ דאַנק דער יידישער קאָלאָניזאַציע. אָבער ער האָט ווידער פאַר־געסן וועגן זייער פאַרגיטיקונג און וועגן דעם, אַז אויפן אָרט פון די 1.000 פעלאַכן האָבן זיך באַזעצט בס״ה 30.500 יידישע דאָרפסלייט, וואָס עס באַווייזט אונדז ווי שיטער און נישט אינטענסיוו דאָס לאַנד איז באַזעצט און וויפל צענדליקער טויזנטער יידן מען קען באַזעצן אויפן באָדן, נישט אָנרירנדיק בכלל דעם אַראַבישן פעלאַך.

דער אומגליק פון פאַראָרעמונג פון דעם ארץ־ישראלדיקן פּויערטום, הן יידישן, הן פון אַראַבישן, איז אין דער אימפּעריאַליסטיש־עפענדישער מאַכט. וואָס צאַפּט אַרויס די זאַפטן פון לאַנד דורך גוואַלדיקע שטייערן, באַזונדערס דער עושר (10 פּראָצענט פון שניט געהערט דער רעגירונג — געשאַצט ווערט דער שניט פאַרן שניידן).

די רעגירונג צוזאַמען מיט די עפענדיס מאַכן זיך נישט ווויסנדיק פון דעם שווידער. דער אויסגעהונגערטער פעלאַך מוז רעוואָלטירן, און דער שעיר לעזאָזל איז דער ייד. די קאָמיסיע מאַכט איצט דעם יידן אין א״י פאַרן געזעצלעכן דונער־אָפּלייטער פון פעלאַכס צאָרן. אַפילו דער אַרבעטער־

פאַרשטייער סנעל האָט אין זיינע צוגאָב־באַמערקונגען צום באַריכט אויך געזען נאָר יידן און אַראַבער בכלל — און די קלאַסן־צעגלידערונג נישט באַמערקט.

שליסן אָדער באַגרענעצן די יידישע איינוואַנדערונג, — דאָס לייגט פאָר די קאָמיסיע דער רעגירונג צו דער פרייד פון די עפענדיס און פון בונדיש־יעוועסקישן בלאָק. די קאָמיסיע האָט נישט באַטאָנט די פאַקטישע ראָל פון דער יידישער איינוואַנדערונג און איר דירעקטע השפעה אויף דער אַראַבישערווירטשאַפט. אויב די יידן בילדן היינט צו טאָג 20 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, צאָלן זיי דאָך שוין 40 פּראָצענט פון אַלע שטייערן. אויף דער אייספּאָרשונג האָט מען דאָך די פאַרלאַמענטאַריער מיט טרוקענע ציפערן באַוויזן, אַז אין דורכשניט טראָגט אַריין דער ייד אין דער שטייער־קאַסע 7 פונט אַ יאָר, בעת דער אַראַבער ברענגט אַריין בלויז 2 פונט... פאַר די לעצטע צען יאָר נאָך דער מלחמה האָבן די יידן אַריינגעבראַכט אין לאַנד 45 מיליאָן פונט.

פון אַ געגנייער קוועלע איז באַוווּסט, אַז חיפה ברענגט אַריין אין אַראַבישע באַלעבאַטישע קעשענעס ביז 86 טויזנט פונט דירה־געלט אַ יאָר... און ווו איז יפו, ירושלים, עכו אאַ״וו.

אַ קליינער ביישפּיל פון ספּעציעל יידישן שטייער־רויב: דער באָדן פון דערמאָנטן גיש־נוריס באַטרעפט 5 פּראָצענט פון האַלבן מיליאָן דונאַם פון גאַנצן קרייז בית שאָן, די רעגירונג מאָנט איין דעם פאַרמעגנס־שטייער פון גאַנצן קרייז (ד״ה פון אַ האַלבן מיליאָן דונאַם) בס״ה 1.700 פונט, דערפון צאָלט דער יידישער גוש־נוריס אַליין 1.198 פונט.

עס פרעגט זיך ווייטער: פון וואַנען נעמט די רעגירונג די 120 טויזנט פונט אַ יאָר אויפן שיל־בילדונג, פון וועלכע דאָס יידישע שול־וועזן באַקומט בס״ה 20 טויזנט פונט. בעת די קינדער זענען כמעט אין דער זעלבער צאָל פאַרטרעטן אינעם אַראַבישן, ווי אינעם יידישן שול־וועזן?

פון וואַנען זענען אויפגעקומען די באַנען, שאָסייען, וואַסער־קאַנאַליזאַציע אאַ״וו אין די אַראַבישע שטעט — אויב נישט פון יידישן געלט?

וויפל הירבן אין צרות שטעקט אין אָט דעם פאָרשלאַג פון דער קאָמיסיע פאַר דער אַראַבישער ווירטשאַפט!

די קאָמיסיע פאָדערט „באַשרענקונגען ביים ערד־פאַרקויף" — דאָס הייסט העלפן דעם עפענדי אַרויפצוטרייבן דעם פרייז אויפן באָדן, ווייל נישט דער פעלאַך פאַרקויפט באָדן, נאָר דער עפענדי, און דער ייד פון אַ גאַנץ יאָר וועט דורך אַלע מיטלען ווייטער קויפן — ווייל די רעגירונג קלערט אַפילו נישט צו געבן פון אירע רעזערווען (לויטן מאַנדאַט...).

אַזאַ פּנים האָבן די „מומחישע" מיינונגען פון די ענגלישע פאַרלאַמענטאַריער, אָט אויף וואָס עס שטיצט זיך די פרייד מיטן באַריכט מצד דער גאַנצער אַנטי־ציוניסטישער קאָנצענטראַציע.

די „צרות", וואָס שטאַמען פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין א״י, קען מען אילוסטרירן מיט נאָך איין ביישפּיל: מיט דער אַראַבישער אויסוואַנדערונג פון לאַנד, וואָס איז אין פאַרגלייך מיט פאַרן קריג איצט פאַרקלענערט

געוואָרן אויף כמעט 4 פּראָצענט — בעת די אַראַבישע אויסוואַנדערונג אין די שכנותדיקע לענדער (ווי סיריע, איראַק) איז איצט מיט 2,5 פּראָצענט פאַרגרעסערט געוואָרן. גלייכצייטיק מערקן מיר, לויט די רעגירונגס־באַריכטן, אַ היפּשע אַראַבישע רעעמיגראַציע פון הונדערטער אַראַבער אַ יאָר, אין אַבסאָלוטע ציפערן קענען מיר אויך זען די טענדענץ פון דער אַראַבישער אויסוואַנדערונג (לויט די רעגירונגס־באַריכטן אין יאָר 1926 האָבן פון א״י אויסגעוואַנדערט 2.064 אַראַבער, אין יאָר 1927 — 1.955 אַראַבער און אין יאָר 1928 שוין בלויז 984).

דאָס זענען אַלץ בולטע פאַקטן פון דער מזל־ברכה, וואָס די יִדישע איינוואַנדערונג האָט געבראַכט און וועט ברענגען פאַר א״י.

די פאָדערונג פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע וועגן נאָך מער באַגרענעצן די יִדישע איינוואַנדערונג איז נישט מאהבת מרדכי — נישט בהסכם מיט דער עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער לאַגע פון לאַנד, נאָר בפירוש געווענדעט קעגן דער סכנה פאַרן אימפּעריאַליזם און פאַר די עפענדיס. וואָס די איינוואַנדערונג טראָגט אין זיך: דער יִדישער אַרבעטער־קלאַס, דער פאַרשטאַרקטער קלאַסן־קאַמף, ווירקט ווי אַ כישוף אויף דער אַראַבישער האַרעפאַשנער און פעלאַכישער מאַסע. אַלץ וואָס אין יענער מחנה האָט זיך אַ ריר געטון, איז נאָר אַ דאַנק דער יִדישער איינוואַנדערונג, וועלכע ברענגט דעם שנעלן קאַפּיטאַליסטישן און ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג.

דער פאָרשטייער פון די ענגלישע אַרבעטער אין דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, סנעל — האָט ביי זיינע ציוניסטישע באַמערקונגען „אויך פאַרגעסן" די קלאַסן־צעשיכטונג פון דער יִדישער און אַראַבישער באַפעלקערונג: אויך פאַר אים איז געבליבן אומבאַמערקט די אימפּעריאַליסטישע חיה, וואָס נאָגט אויס דעם מאַרך פון לאַנד. אין זיין באַמערקונג האָט ער נישט גערעדט וועגן דער ווילדער שטייער־סיסטעם, וועגן די מיליאָנען רווחים, וואָס די רעגירונג האָט יערלעך פון אַזאַ אָרעם לאַנד ווי א״י, וועגן דעם ווילדן פּראָטעזשירן נישט נאָר דעם ענגלישן פּראָדוקט, נאָר אַפילו די ענגלישע אַרבעט. איז דאָך אַ פאַקט, אַז דער גאַנצער מלוכה־אַפּאַראַט קויפט פון אַ ביוראָ־שפּילקע ביז אַ לאָקאָמאָטיוו אַלץ אין ענגלאַנד — און איגנאָרירט לחלוטין די היגע אינדוסטריע; איז דאָך אַ פאַקט, אַז אַפילו באַן־רעפּעראַטורן פאַר א״י ווערן דורכגעפירט אין ענגלאַנד, בעת אין א״י זענען פאַראַן אַרבעטסלאָזע מעכאַניקער; איז דאָך אַ פאַקט, אַז דער ענגלישער — דער אומפעיִקסטער באַאַמטער — נעמט מיט 200—300 פּראָצענט מער שכירות פאַרן היגן „נייטיוור", אַז די בריטישע אַדמיניסטראַציע צוזאַמען מיט די עפענדיס פאַרשווייגן אינגאַנצן די גרויסע ערד־קניות פון וואַטיקאַן און פון די פאַרשיידענע קלויסטערס — ווו אַראַבער ווערן ווירקלעך פאַרטריבן פון באָדן, אָדער נאָך טיפער פאַרשקלאַפט „אין נאָמען פון גאָט".

דער לייבאָריסט סנעל האָט געשטאַמלט וועגן „ערד־רעפאָרמען", וועגן אינטענסיפיקאַציעס וכדומה — אָבער מ'האָט נישט געהערט פון אים די מינדסטע אָנדייטונג וועגן דעם פּאָפּולערסטן לאָזונג פאַרן פּויערטום, וואָס

אָן אַרבעטער־רעגירונג איז מחויב צו וואַרפן און דורכפירן: עקספּראָפּרירן די מיליאָנען־דונאַמיקע שטחים, וואָס ליגן אין די הענט פון עטלעכע פּע־אָדאַלע משפחות, און זיי שטעלן אין רשות פון די אַלע, וואָס זענען גרייט זיי צו באַאַרבעטן; די מיליאָנען פונטן, וואָס די רעגירונג „שפּאָרט" אָפּ יאָר איין יאָר אויס פון פּאַלעסטינער בודזשעט — נישט צורויבן, נייערט לאָזן דאָ, אין לאַנד און פּאַרוועגדן אויף אַמעליאָראַציע, אויף אינטענסיווירונג פון דער לאַנדווירטשאַפט אאַ״וו. איינפירן אין לאַנד אַרבעטער־שוץ־געזעצגע־בונג — אַפילו אָט דער עלעמענטאַר־פּראָלעטאַרישער פּאַרלאַנג איז נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך דעם פּאָרשטייער פון דער בריטישער „אַר־בעטער־רעגירונג".

נאַטירלעך האָט מען עס פון אים אויך נישט געקענט הערן. ווייל מאַקדאָנאַלדס קאָלאָניאַל־פּאָליטיק אונטערשיידט זיך פון באַלדווינס נאָר לרעה: פּאַר דער תקופה פון דער לייבאָר־רעגירונג איז אין פּאַלעסטינע אויפגעקו־מען אַזאַ גרויזאַמע רעאַקציע לגבי דעם אַרבעטער־קלאַס און די ברייטסטע פּאָלקס־מאַסן, וואָס האָט נישט איר גלייכן אַפילו אין די פינצטערסטע צייטן פון דער טערקישער הערשאַפט: שמיץ פּאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע, בלוטיקע פּאָגראָמען אויף יידן, פּאַרלענגערונג פון דער אַרבעטס־צייט ביי דער רעגי־רונג, גירושים, דאָס צורויבן די בירגערשאַפט, דאָס אָפּוואַרפן פון אַלע פּאָר־שלאַגן אַפילו וועגן „ערזאַץ"־אַרבעטער־שוץ־געזעגעבונג — אאַ״וו אאַ״וו.

דער דין וחשבון פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע וועט נישט אָפּשרעקן קיינעם פון דער ברייטער יידישער אַרבעטער־מאַסע אין א״י און אין חוץ־לארץ. אדרבה, ער וועט נאָך מער העלפן אויפקלערן דעם אימפּעריאַליסטישן שווינדל, ער וועט העלפן צעטרייבן די בירגערלעכע אילוזיעס און הבטחות, וואָס מען האָט צוגעקניפּט צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דער באַריכט וועט וויזן דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז נאָר מיט אייגענעם קלאַסן־כוח און קלאַסן־וועג וועט מען סוף כל סוף דערגיין צום ציל פונעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

„אַרבעטער־צייטונג", וואַרשע, 9טער מאַי 1930.

יצחק לעוו

# מאַקדאָנאַלדס איינוואַנדערונגס־פּאַרבאָט

די ענגלישע מאַכט האָט איצט געשלאָסן פּאַלעסטינע פאַר דער יידישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג. אַפילו די שמאָלע סערטיפיקאַטן־שפּאַרע, וועלכע איז נאָך פאַרבליבן פון יאָר 1921, איז פאַרקלאַפּט. פון איצט אָן דאַרפן, לויט דער פאַראָרדענונג פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, די טויערן פון ארץ־ישראל זיין פולשטענדיק פאַרמאַכט פאַר יידישע אַרבעטער. אין לאַנד, ווו לויטן מאַנדאַט און דער באַלפור־דעקלאַראַציע דאַרף ענגלאַנד העלפן בויען די „יידישע נאַציאָנאַלע היים", קענען אַלע אין דער וועלט אַריינפאָרן פראַנק און פריי, נאָר נישט יידן. דאָ האָבן די ענגלישע מאַכטהאָבער זיך נישט באַגנוגנט אַפילו מיט אַ „נומערוס קלויזוס", נאָר שטרענג איינגעפירט אַ „נומערוס נולוס", דורכגעפירט קאָנסעקווענט דעם „קראָמיע יעווריעיוו".

דורכגעפירט ווערט די דאָזיקע פאַראָרדענונג אין דער צייט, ווען אין ענגלאַנד שטייט ביי דער מאַכט די „סאָציאַליסטישע אַרבעטער־רעגירונג", אין דער שפּיץ פון וועלכער עס געפינט זיך דער פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל — מאַקדאָנאַלד, וועמענס מיניסטאָרן עס זענען אַזעלכע קעפּ פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ווי הענדערסאָן און סידניי וועב. אָט ווי די דאָזיקע „סאָציאַליסטן" פירן דאָס דורך אין לעבן דעם פּרינציפּ פון פרייהייט פון איינוואַנדערונג, וועלכער איז איינער פון די לאַנגאָניקע עלעמענטאַר־אָנערקענטע דעמאָקראַטישע לאָזונגען.

די כלומרשטע אַרבעטער־רעגירונג פירט דורך די פּאָליטיק פון בריטישן אימפּעריאַליזם מיט אַן אכזריות און ריקזיכטלאָזיקייט, וועלכע עס האָבן נישט געוואַגט אָנצווענדן ביז איצט אַפילו די אָפן־קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען פון ענגלישן אימפּעריאַליזם — די קאָנסערוואַטאָרן און די ליבעראַלן. איר בלוטיקער רעזשים אין אינדיע, איר באַציִונג צו דער יידישער באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע און צו דער יידישער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל זענען אַ באַווייז דערויף.

די אָפן־קאַפּיטאַליסטישע ענגלישע רעגירונג האָט זיך אין יאָר 1921 דערלויבט צו אָרגאַניזירן דעם פּאָגראָם; די „אַרבעטער־רעגירונג" אָבער האָט

עס געמאַכט אין אַ פיל גרעסערן סטיל — זי האָט אָרגאַניזירט די אויגוסט־געשעענישן, קעגן וועלכע דער פּאָגראָם פון יאָר 1921 איז געווען אַ קינדער־שפּילכל. די אָפענע רעאַקציאָנערן האָבן איינגעשטעלט די סערטיפיקאַטן־סיסטעם, וועלכער האָט באַגרענעצט ביז אַ מינימום די ייִדישע איינוואַנדערונג, אָבער זי ניט אָפּגעשטעלט, די „סאָציאַליסטישע" רעגירונג פאַרהאַקט אינ־גאַנצן דאָס לאַנד פאַר דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג. אויף וויפל ציניש ער און שענדלעכער האַנדלען די מישטיינס־געזאָגט סאָציאַליסטן!

מיט דער נייער איינוואַנדערונגס־גזירה פירט די לייבאָר־רעגירונג אויס די דירעקטיוון פון בריטישן אימפּעריאַליזם, וועמענס אינטערעסן זענען קעגנ־זעצלעך צו די אַנטוויקלונגס־טענדענצן פון ייִדישן ישוב אין פּאַלעסטינע און צו דעם וווקס פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין לאַנד. די אינטערעסן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם פאַרלאַנגען, אַז דאָס לאַנד זאָל בלייבן פאַרקנעכט צו די אַלטע, אָפּגעשטאַנענע סאָציאַל־פּאָליטישע פאַרהעלטענישן פון פעאָדאַליזם. די אַנטוויקלונג פון נייעם ייִדישן ישוב, וועלכער איז דער טרעגער פון מאָדער־נע לעבנס־פאָרמען, וועלכער רעוואָלוציאָניזירט דאָס לאַנד עקאָנאָמיש און ממילא אויך פּאָליטיש, וועלכער שאַפט אָפּ די פּריִערדיקע פּאַטריאַרכאַלע פאַר־העלטענישן און איז גיך צו דער קלאַסן־דיפערענצירונג, אַ דאַנק וועלכער עס אַנטשטייט אין הייבט אָן פירן זיין קאַמף דער פּראָלעטאַריאַט — גראָבט אונטער די הערשאַפט פון אימפּעריאַליסטישן אָקופּאַנט, און דערפאַר איז די גאַנצע ביז איצטיקע פּאָליטיק פון ענגלישן אימפּעריאַליזם אין פּאַלעסטינע געווענדעט קעגן דער אַנטוויקלונג פון דעם ייִדישן ישוב.

די ענגלישע פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע איז נישט קיין אויסנאַם — דאָס איז די פּאָליטיק פון אַלע אימפּעריאַליסטישע מלוכות אין די קאָלאָניעס. אומעטום זוכן די אימפּעריאַליסטן אויסוואָרצלען די זיך אַנטוויקלענדיקע פּראָדוציר־כוחות אין די פון זיי אונטערדריקטע און עקספּלאָטירטע לענדער. אין די אַלע לענדער שטיצן זיך די אימפּעריאַליסטן אויף די רעאַקציאָנערסטע, אָפּגעשטאַנענסטע סאָציאַלע שיכטן — אויפן אדל, אויף די פּריצים און דעם קלער. דאָס זעלבע זעען מיר אין כינע, אין אינדיע, אין עגיפּטן. דאָס זעלבע זעען מיר אין פּאַלעסטינע. ווו דער בריטישער אימפּעריאַליזם זוכט מיט אַלע מיטלען אויפצוהאַלטן די העגעמאָניע פון אָפּשטאַרבנדיקן, פּוילנדיקן קלאַס פון די אַראַבישע עפענדיס און מופטיס, ווייל אַזאַ מצב גאַראַנטירט אַמבעסטן די הערשאַפט פון אימפּעריאַליזם.

פאַרשטענדלעך, אַז דער צביעותדיקער בריטישער אימפּעריאַליזם פאַר־דעקט זיין פּאָליטיק מיט דער מאַסקע פון זאָרג פאַר די אינטערעסן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג. די ענגלישע אַדמיניסטראַציע האָט אין יאָר 1921, בעת נציב העליון איז געווען דער „ציוניסט" הערבערט סאַמיועל, אינסצע־ניזירט אַ פּאָגראָם, כדי צו באַווייזן ווי גרויס עס איז די אויפרעגונג פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג און צו האָבן אַ תירוץ איינצופירן די סערטיפיקאַטן־סיסטעם. און ווען, נישט געקוקט אויף די באַגרענעצונגען, נישט געקוקט אויף דער ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט, וועלכע האָט מיט אַלע כוחות געשטערט

די אַנטוויקלונג פון דעם ייִדישן ישוב, איז דער נייער ייִדישער צענטער אַלץ געוואַקסן אין כוחות, זענען דורך די אימפּעריאַליסטן אַרויסגערופן געוואָרן די בלוטיקע אויגוסט־געשעענישן, וועלכע האָבן געזאָלט אויסגענוצט ווערן, כדי צו באַקומען די געלעגנהייט אָנצווענדן די שענדלעכסטע גוואַלט־מיטלען קעגן דער ייִדישער אַרבעטער־אײַנוואַנדערונג און דעם ייִדישן ישוב.

די מורא פאַר דער ייִדישער אַרבעטער־אײַנוואַנדערונג און פאַר דעם וווּקס פון די פּראָלעטאַרישע כוחות אין לאַנד, וועלכע זענען אויך גורם צו דער קלאַסן־אַנטוויקלונג פון די אַראַבישע אַרבעטער — דאָס איז דער צענטער מענט, וועלכער פאַראייניקט ביידע צדדים — דעם בריטישן אימפּעריאַליזם און די אַראַבישע רעאַקציאָנערן. דערפאַר איז די ערשטע „הנחה", וועלכע איז מצד דעם אימפּעריאַליזם געגעבן געוואָרן די עפענדיס, געווען — דער פאַרבאָט פון דער ייִדישער אַרבעטער־אײַנוואַנדערונג. אָבער דער בריטישער אימפּעריאַליזם וועט מיט אַלע כוחות שטרעבן זיך נישט צו טיילן מיט קיינעם מיט דער הערשאַפט אין לאַנד, אַפילו נישט מיט די אַראַבישע עפענדיס און מופטיס. און דערפאַר וועט דער בריטישער אימפּעריאַליזם אויך ווייטער פּרוּוון באַלאַנסירן צווישן די אַראַבישע באַזיצנדיקע שיכטן און דער ייִדישער בורזשואַזיע, אָפּשוואַכן ביידע, כדי ער זאָל זיין שטאַרקער; נישט נאָכגעבן אַלע פאָדערונגען פון די עפענדיס און אַוודאי נישט פון די ציוניסטן, כדי ער זאָל ווייטער קענען בלייבן אין דער ראָל פון דעם דריטן, וועלכער אַנטשיידט צווישן זיי ביידן און שטייט איבער זיי.

אויב דער בריטישער אימפּעריאַליזם פּרוּווט מאַסקירן זיינע האַנדלונגען מיט דער זאָרג פאַר די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע, ווענדן אָן די אַראַבישע עפענדיס און מופטיס דאָס זעלבע, אָבער אין אַ פיל גרעסערער מאָס, אין באַצוג צו די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן. זייער עגאָיסטישע קלאַסן־פּאָליטיק, די הערשאַפט־תשוקות פון די עפענדישע קליקעס — ווערן מאַסקירט מיט כלומרשט אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע צילן. און עס איז ריכטיק, אַז עס איז די עפענדיס און דעם קלער געלונגען אויסצונוצן די פינצטערקייט פון די ברייטערע אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן, זייער רעליגיעזן פאַנאַטיזם פאַר זייערע צילן. עס איז אָבער קלאָר, אַז דער דאָזיקער מצב קען לאַנג נישט אָנהאַלטן, ווייל די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן זענען, פּונקט ווי די ייִדישע אַרבעטער אין לאַנד, פאַראינטערעסירט אין אומברענגען די סאָציאַל־פּאָליטישע פאַרהעלטענישן, פאַר וועמענס אויפהאַלטן עס קעמפן אַזוי שווער די אַראַבישע עפענדיס און מופטיס. און די לעצטע געשעענישן — די ערשטע שריט פון די אַראַבישע אַרבעטער אויפן וועג פון זייער קלאַסן־אָרגאַניזירונג זענען דער בעסטער באַווייז דערויף.

די ייִדישע אַרבעטער־אײַנוואַנדערונג אין לאַנד איז נישט אין סתירה מיט די אינטערעסן פון די אַראַבישע אַרבעטער. פאַרקערט, דער נייער ייִדישער ישוב אין פּאַלעסטינע אַנטוויקלט נייע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין לאַנד און שאַפט נייע אַרבעטס־מעגלעכקייטן אויך פאַר די אַראַבישע מאַסן. עס פאַרבעסערן זיך שטאַרק די אַרבעטס־פאַרהעלטענישן פון די אַראַבישע אַרבעטער. עס הייבט זיך זייער לעבנס־שטייגער. דער ביישפּיל פון דער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַ־

ציזירונג ווירקט אויך אויף די אַראַבישע אַרבעטער. דערפאַר טאַקע איז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אַ דאָרן אין אויג פון די אַראַבישע באַזיצנדיקע עלעמענטן, דערפון נעמט זיך זייער שנאה צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט, זייער שטרעבונג אויפצושטעלן אַ וואַנט פון האַס און פיינטשאַפט צווישן די אַראַבישע אַרבעטער און די יידישע, דערפאַר זייערע לאַנגיאָריקע באַמיִונגען ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט צו פאַרמאַכן די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר די יידישע אַרבעטער. די געמיינזאַמקייט פון די אינטערעסן פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטער מוז אָבער גובר זיין די פּסיכאָלאָגישע פאַרפרעמדטקייט, וועלכע עס האָבן זיך באַמיט ביז איצט אויפצושטעלן די אַראַבישע עפענדיס און די יידישע בורזשואַזיע מיט דער הילף פון די פירער פון דער הסתדרות־מערהייט. די נייע געשאַפענע יידיש־אַראַבישע „אַרבעטער־סאָלידאַריטעט" איז דער בעסטער סימן דערפון. איר אַנטשטייען באַווייזט, אַז נאָר בונדיסטן און יעווסעקעס צוזאַמען מיט אַראַבישע עפענדיס און בירגערלעכע ציוניסטן זעען נישט די געמיינזאַמקייט פון די קלאַסן־אינטערעסן פון די יידישע און אַראַבי־שע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע; זעען נישט, אַז אויפן באָדן פון מאַרקסיסטישן פּועלי־ציוניזם קען אַנטשטיין דער פּראָגראַם, וועלכער פאַראייניקט די באַוווסט־זיניקע יידישע און אַראַבישע אַרבעטער.

דער פאַרבאָט פון דער אַרבעטער־איינוואַנדערונג כאַראַקטעריזירט בולט די סכנה, וועלכע בידע רעאַקציאָנערע צדדים אין פּאַלעסטינע — דער אימ־פּעריאַליזם און די עפענדיס — פילן אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל. זיי ווילן אָפּשוואַכן די כוחות פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין לאַנד, כדי צו שטאַרקן זייערע פּאָזיציעס. דאָס וועט זיי אָבער נישט געלינגען. בידע — סיי דער אימפּעריאַליזם, סיי די אַראַבישע עפענדיס און מופטיס — דאָס זענען כוחות פונעם נעכטן, וועלכע מוזן ביטער קעמפן פאַרן היינט. די יידישע אַרבעטערשאַפט אין לאַנד, צוזאַמען מיט די קלאַסן־באַוווסטזיניקע אַראַבישע אַרבעטער, געמיינזאַם מיטן יידישן פּראָלעטאַריאַט פון אַנדערע לענ־דער, וועלן פירן נאָך ענערגישער זייער קאַמף קעגן די פינצטערע שוואַרצע כוחות, וועלכע ווילן דווקא מיט קינסטלעכע מיטלען איינהאַלטן די אַנטוויק־לונג פון דעם נייעם יידישן ישוב, וועלכע ווילן פאַרמאַכן די טויערן פאַר די יידישע אַרבעטער. דער קאַמף פאַר פרייער איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע איז פאַרבונדן מיטן קאַמף קעגן ענגלישן אימפּעריאַליזם, קעגן דער רעאַק־ציע. די יידישע מאַסן וועלן נישט רוען, ביז וואַנען זיי וועלן נישט געווינען דעם דאָזיקן קאַמף.

„אַרבעטער־צייטונג", וואַרשע, דעם 23טן מאַי 1930.

# פאַרבאָטן „אחוות־פּועלים“!

די רעגירונג האָט פאַרבאָטן די אָרגאַניזאַציע „אחוות פּועלים“ (אַרבעטער־פאַרברידערונג).

די רעגירונג האָט פאַרבאָטן אַ פאַריין, וואָס זייך איינציקער פאַרברעכן איז דער פּרווו צו דערנענטערן דעם ייִדישן און אַראַבישן אַרבעטער. דער פאַריין האָט זיך שווער פאַרזינדיקט: אָנשטאָט דער שפּראַך פון שנאה און אָפּזונדערונג, פון העצע און דראָונג, פון באָיקאָט און טעראָר, האָט ער געשטרעבט צו געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך צווישן די אַרבעטער פוןביידע פעלקער, אַ שפּראַך פון קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג.

אין ארץ־ישראל, אונטער דער הערשאַפט פון דער „אַרבעטער־רעגירנוג“, איז נישטאָ קיין פאַרבאָט צו דערקלערן ייִדן און אַראַבער פאַר טויט־שונאים; איז נישטאָ קיין פאַרבאָט אַרויסצוגעבן צייטונגען און גרינדן פאַריינען, וואָס זייער איינציקער ציל איז פאַרטיפן און פאַרברייטערן דעם תהום צווישן ביידע פעלקער; דאָ איז נישט פאַרווערט די „פרייהייט“ צו לויבן די פּאָגראָמען אַלס דערהויבענע נאַציאָנאַלע באַוועגונג.

אָבער אין ארץ־ישראל, אונטער דער הערשאַפט פון דער „אַרבעטער־רעגירונג“, איז שטרענג פאַרבאָטן צו ווענדן זיך מיט אַ רוף צו ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער, זיי זאָלן אויסשטרעקן איינע צו די אַנדערע ברידערלעך די הענט צו שלום. דאָ טאָר מען נישט אָרגאַניזירן אין איין פאַריין ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער, כדי זיי זאָלן זיך פאַרייניקן און צוזאַמען גובר זיין דעם סם פון נאַציאָנאַלער שנאה; דאָ האָט מען נישט קיין רעכט צו זיין טעטיק לטובת דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרברידערונג.

אין דער זעלבער צייט, ווען אין זשענעוו דערשיינט דער פאַרשטייער פון דער „אַרבעטער־רעגירונג“, הער שילס, און פּראָקלאַמירט פּאַטעטיש די נויטווענדיקייט „איינצושטעלן האַרמאָניע צווישן די ייִדן און אַראַבער“, באַמיט זיך די רעגירונג און איז זיך ממש מקריב „איינצושטעלן פרידן“ צווישן די פעלקער אין לאַנד מיט דער הילף פון נייע אָפּטיילונגען פון דערפאַרענע פּאָליציאַנטן פון לאָנדאָן, מיט דער הילף פון רייטער אין דעם אַראַבישן דאָרף בית־צפפה, וואָס האָט געוואַגט מקיים צו זיין די מידה פון הכנסת אורחים און אויפנעמען אַ גרופּע ייִדישע אַרבעטער פון ירושלים. אין דער זעלבער

צייט איילן זיך קיין ארץ־ישראל פאַרשיידענע אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס, אָנגע־לאָדן מיט ביכער, דאָקומענטן און היפשע בודזשעטן, באַגלייט פון עקספערטן, כדי אויסצוגעפינען, ווי אַזוי צו זיכערן שטילקייט און רו פאַר דער מאַכט.

אין ליכט פון פאַרבאָטן „אחוות פועלים" איז צום טויזנטסטן מאָל ווידער קלאָר געוואָרן די ריכטונג פון דער רעגירונגס־פּאָליטיק; אַזוי שרעקלעך קלאָר געוואָרן, אַז דאָס דאַרף קענען עפענען די אויגן אַפילו פון די בלינדע, וועלכע גלייבן אין דעקלאַראַציעס, אין שטיקלעך פּאַפּיר. „אחוות פועלים" איז נישט פאַרמאַכט געוואָרן צוליב אַ באַשטימטער האַנדלונג קעגן דעם געזעץ, נאָר „מען דאַרף אָננעמען אַז דער פאַריין וועט זיך פאַרנעמען מיט אַ צעשטערע־רישער טעטיקייט" (אַזוי זאָגט זיך אין דעם בריוו פון קרייז־באַאַמטן אין תל־אביב). זיי האָבן זיך נישט באַשעפטיקט, נאָר זיי וועלן זיך באַשעפטיקן! עס איז נישט דערוויזן געוואָרן, נאָר „מען דאַרף אָננעמען"! מיט דעם דאָזיקן באַ־שלוס האָט די רעגירונג דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט פון הפקרות, פון איזדיעקעווען זיך איבער די רעכט פון מענטשן צו קלערן און טראַכטן. עקזיס־טירט דען אַ געזעץ, וואָס פאַרווערט אין פאָרויס צו טראַכטן; אַ געזעץ, וואָס באַשטראָפט פאַר חושד זיין אין אַ געדאַנק, וואָס שטימט נישט מיטן געדאַנקען־גאַנג פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט?

„אחוות פועלים" האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל: „ווירטשאַפטלעכע, פּראָ־פעסיאָנעלע און קולטורעלע דערנענטערונג צווישן די אַרבעטער פון ביידע פעלקער: יידן און אַראַבער". אָבער דער דאָזיקער ציל, וועלכער איז פאָרמו־לירט אין דעם סטאַטוס, וואָס מען האָט דערלאַנגט דער רעגירונג צו באַשטע־טיקן, איז „אין קעגנזאַץ צום פּאַראַגראַף דריי פון דעם אָטאָמאַנישן געזעץ וועגן פאַריינען". אַזוי שרייבט די רעגירונג אין נאָמען פון ירושלימער גובערנאַטאָר צו „אחוות פועלים" אין ירושלים.

נאָך אַזאַ מין פּירוש — וואָס איז נאָך דערלויבט אין לאַנד? ווייזט אויס פונקט דער היפוך: נישט דערנענטערונג צווישן די אַרבעטער פון ביידע פעל־קער, נאָר צעשיידונג און איזאָלאַציע. דער דאָזיקער שענדלעכער און אָפענער אמת איז אונדז באַקאַנט שוין פון לאַנג. איצט וועלן עס וויסן אַלע.

די רעגירונג האָט אָבער אַ גראָבן טעות. קיין שום מאַכט אין דער וועלט איז נאָך נישט געלונגען צו שמידן אין קייטן דעם פרייען געדאַנק מיט דער הילף פון צענזור, אַרעסטן און געלט־שטראָפן. דאָס וועט נישט געלינגען אויך דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג, דער פאָרשטייערין פון דער „אַרבעטער־רעגירונג" אין לאָנדאָן. קיין שום באַוואָרענישן און צוימען וועלן נישט זיין אימשטאַנד צו צעטיילן אויף לאַנגע צייטן די אַרבעטער, וואָס לעבן, ליידן און אַרבעטן צוזאַמען. מען קען פאַרווערן „אחוות פועלים". קיין שום פאַרבאָט וועט אָבער נישט ביישטיין קעגן דער אידייע פון אַרבעטער־פאַרברידערונג. די וואָרצלען פון דער דאָזיקער אידייע שטעקן אין דער ארץ־ישראלדיקער ווירקלעכקייט, אין די לעבנס־אינטערעסן פון ביידע פעלקער, וואָס די פּראָ־לעטאַרישע סאָלידאַריטעט איז פאַר זיי אַ פראַגע פון זייער לעבן און צוקונפט.

די רעגירונג האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. מיטן שליסן „אחוות פועלים" האָט זי באַוויזן קלאָר איר כוונה צו פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין אַ ריזיקער

טורמע, ווּ מען טאָר נישט אַ ריר טון מיט אַ האַנט און אַ פוס, ווּ עס איז פאַרווערט צו טראַכטן און פילן.

דער דאָזיקער עקספּערימענט וועט נישט געלינגען. מיר זענען דאָ נישט קיין מאַנעקינען, נישט קיין מאַריאָנעטקעס, נישט קיין אויטאָמאַטן און נישט קיין קנעכט. פאַראַן אַ שיעור אויך צו ווילקיר. מיר וועלן נישט רוען, ביז די דאָזיקע גזירה וועט נישט אָפּגעשאַפט ווערן.

זאָלן וויסן די מיליאָנען אַרבעטער אין ענגלאַנד, וואָס אין זייער נאָמען רעדט די היגע רעגירונג, אַז אין ארץ־ישראל איז פאַרבאָטן די אַרבעטער פוןביידע פעלקער זיך צו באַגעגענען; אַז אין ארץ־ישראל עקזיסטירט נישט נאָר קערפּערלעכע שטראָף, נאָר אויף אַ גייסטיקע אינקוויזיציע. זאָל די גאַנצע וועלט זען און זיך איבערצייגן, ווי אַזוי די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג היט פאַקטיש אָפּ דעם פרידן צווישן די פעלקער אין דעם לאַנד.

די אידייע פון „אחוות פּועלים“ לעבט און וועט עקזיסטירן!

געדרוקט אין זאַמלהעפט „בשעה זון“ (אין דער דאָזיקער שעה), תל־אביב, יולי 1930.

# סימפסאָנס באַריכט און פּאַספּילדס „ווייס־בוך"

אין אָקטאָבער 1930 האָט דאָס בריטישע קאָלאָניע־מיניסטעריום, בראש פון וועלכן עס איז דעמאָלט געשטאַנען דער באַקאַנטער טעאָרעטיקער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי לאָרד פּאַספּילד (פריער באַקאַנט אונטערן נאָמען סידניי וועב), פאַרעפנטלעכט אַ „ווייס־בוך" וועגן ארץ־ישראל, וואָס איז אַן אויסגעשפּראָכן אַנטי־ציוניסטישער דאָקומענט.

אין בוך ווערט קודם־כל געבראַכט דער באַריכט פון דעם עקספּערט האָפּ־סימפּסאָן. דער גאַנצער דין־וחשבון זיינער איז דורכגעדרונגען מיט דער כוונה צו באַווייזן, אַז ארץ־ישראל איז שוין גענוג באַפעלקערט, און אַז דאָס לאַנד איז נישט אימשטאַנד אויפצונעמען נייע לאַנדווירטשאַפטלעכע זידלער. דעם נגב לאָזט ער בכלל אַרויס פון חשבון. אין דעם איבעריקן טייל פון מערב־ארץ־ישראל געפינט סימפּסאָן נישט מער ווי זעקס און אַ האַלבן מיליאָן דונאַם באָדן, וואָס טויג צום באַאַרבעטן (1 דונאַם = 1.000 קוואַדראַט־מעטער). ער פאַרגרעסערט קינסטלעך די צאָל אַראַבישע משפחות, וואָס דערנערן זיך פון לאַנדווירטשאַפט, און באַהויפּטעט, אַז אַן ערך דרייסיק פראָצענט פון זיי באַזיצן נישט קיין באָדן. און צום סוף נעמט ער אָן, אַלס די מינימאַלסע באָדן־איינהייט פאַר אַ פויערישער משפּחה אַ שטח פון 130 דונאַם. ביי אַלע זיינע באַרעכענונגען, אָפּשאַצונגען און אויספירן זעט פאַר זיך סימפּסאָן בלויז די אָפּגעשטאַנענע פעלאַכישע ווירטשאַפט. ער רעכנט זיך גאָרנישט מיט די דער־גרייכונגען פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט אין ארץ־ישראל, וועלכע האָט באַוויזן צו פאַרוואַנדלען זאַמדיקע און זומפּיקע באָדנס אין בליענדיקע פעלדער און גערטנער און האָט מעגלעך געמאַכט, אַז אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע משפחה זאָל זיך דערנערן אויף אַ פיל קלענערן שטח.

אויפן סמך פון סימפּסאָנס באַריכט דערקלערט פּאַספּילדס „ווייס־בוך", אַז עס איז נישטאָ קיין האָפענונג צו פאַרטיילן רעגירונגס־באָדן פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע. די שאַפונג פון נייע יידישע זידלונגען איז אומעגלעך, סיידן מ'זאָל אַראָפּטרייבן פון באָדן די איינגעזעסענע אַראַבישע דערפער. עס איז נייטיק דעריבער צו פאַרווערן די יידן קויפן נייע באָדנס. מען קען נישט דערלויבן קיין ווייטערדיקע יידישע אַרבעטער־איינוואַנדערונג, כל־זמן עס זענען דאָ אין לאַנד אַרבעטסלאָזע אַראַבער.

דאָס „ווייס־בוך" זאָגט צו איינצופירן אין לאַנד „אַ געוויסע מאָס פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג לטובת דער גאַנצער באַפעלקערונג פונעם לאַנד". דאָס הייסט מאַכן

ווידער אַ פּאַרזוך אויפצושטעלן אַ „געזעצגעבערישן ראַט״ לויטן נוסח פון דער פּאַ־לעסטינער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1922.

ד״ר ווייצמאַן האָט כאַראַקטעריזירט דאָס „ווייס־בוך״, אַלס אַ פּאַרזוך „אונטער־צורייסן די האָפענונגען פון דעם יידישן פאָלק אויף אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל״ און האָט דעמאָנסטראַטיוו דעמיסיאָנירט אַלס פּרעזידענט פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע.

אין פעברואַר 1931 האָט דער פּרעמיער פון דער לייבאָר־רעגירונג, ראַמזיי מאַק־דאָנאַלד, פאַרעפנטלעכט אַ בריוו צו ד״ר ווייצמאַן, וואָס איז אויסן געווען צו פאַרטושן דעם בולטן אַנטי־יידישן אינהאַלט פון פּאַספילדס „ווייס־בוך״.

אין דעם בריוו חזרט מאַקדאָנאַלד איבער, אַז דער מאַנדאַט פאַרפליכטעט די ענגלישע רעגירונג צו פאַרלייכטערן די יידישע איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל און צו דערמעגלעכן אַ געדיכטע יידישע קאָלאָניזאַציע אויפן באָדן. ער איז מודה, אַז מען מוז ערשט אויספאָרשן, ווי גרויס עס איז די צאָל אַראַבער, וואָס זענען געבליבן באָדנלאָז דירעקט צוליב דער יידישער קאָלאָניזאַציע. עס איז אויך נייטיק דורכצו־פירן אַ גענויע אויספאָרשונג, ווי גרויס ס׳זענען די שטחים באָדנס, וואָס מען קען שטעלן אין רשות פון די יידישע קאָלאָניסטן, אויב מען וועט צוגרייטן דעם באָדן און אים אינטענסיוו באַארבעטן. די רעגירונג האָט נישט בדעה אָפּצושטעלן די עליה און זאָגט צו, אַז בלויז ווירטשאַפטלעכע מאָמענטן וועלן באַשטימען די אויפנאַמס־פעיקייט פון לאַנד אַלס קריטעריום ביים פעסטשטעלן די צאָל אַרבעטער־סערטיפיקאַטן. צום סוף דערקלערט דער פּרעמיער אין זיין בריוו, אַז די מאַנדאַט־רעגירונג אָנער־קענט דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון די מאַנדאַט־פאַרפליכטונגען, און האָט בכלל נישט בדעה זיך צו באַפרייען פון זיי.

זרבבל

# נאָך דער נייער פּאַלעסטינע־דעקלאַראַציע

(צו דער פאַרעפנטלעכונג פון פּאַספילדס „ווייס־בוך“)

ענדלעך איז דערשינען די לאַנג־דערוואַרטע נייע פּאַלעסטינע־דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער „אַרבעטער“־רעגירונג. דערמיט איז אָבער אויך ענדגילטיק אַראָפּגעריסן געוואָרן יעדער פייגנבלאַט, מיט וועלכן די בירגער־לעכע ציוניסטן און זייערע טרייע אַרבעטער האָבן געזוכט אַזוי פלייסיק צו פאַרדעקן די שאַנד פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק בנוגע די יידישע און אַראַבישע האָרעפּאַשנע מאַסן אין פּאַלעסטינע.

נאָרוואָס האָבן זיי אָנגעפילט זייערע צייטונגען מיט דערוואַרטונגען אויף ישועות ונחמות פון סימפּאַטיש באַריכט, באשר אין זיינע געשפּרעכן מיט די ציוניסטן און מיט די פאָרשטייער פון דער הסתדרות האָט דער געניטער און דורכגעטריבענער שליח פון ענגלישן קאָלאָניע־מיניסטעריום געהאַלטן אין איין לויבן דעם מענטשן־מאַטעריאַל פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע און דעם פּרעכטיקן אויסזען פון די יידישע קאָלאָניעס און פון תל־אביב.

פּונקט ווי זיינע פּערזענלעכע איינדרוקן האָבן באמת געזאָלט דעצידירן אין די ערשטראַנגיקע פראַגעס פון ענגלישער אָקופּאַציע־פּאָליטיק אין אירער אַ קאָלאָניע, ווי פּאַלעסטינע. ווי אומהיילבאַר בלינד און נאַיוו מוז מען זיין פּאָליטיש, ווי פאַרזונקען און געפאַנגען אין קליינשטעטלדיקע השגות וועגן יושר און דעמאָקראַטיע דאַרף מען זיין, כדי צוצולאָזן אויף איין רגע אַזאַ געדאַנק, אַז ענגלישער אימפּעריאַליזם וועט מאַכן אָפּהענגיק זיין באַזיץ ביים סועץ־קאַנאַל פון דעם איינדרוק, וואָס איין באַאַמטער, צי אַפילו אַ גאַנצע שאָו־קאָמיסיע וועלן אַרויסטראָגן פון זייערן אַ באַזוך אין פּאַלעסטינע.

מיר האָבן גלייך לכתחילה געוואָרנט סיי בנוגע דער שאו־קאָמיסיע און סיי בנוגע סימפּסאָנען, אַז די אַלע „פאָרשונגען“ ווערן געמאַכט נאָר פאַר דער דרויסנדיקער וועלט, וועלכע מאַכט נאָך דעם אָנשטעל, אַז זי נויטיקט זיך אין יושר, אַז אַלע שליחים ווייסן גוט פון פאַרויס דעם ווילן פון זייערע באַ־לעבאַטים און וועלן שוין אַזוי פרעפּאַרירן זייערע אויספירונגען, אַז אין סך־הכל זאָל וואַקסן דער כוח פון בריטישן אימפּעריאַליזם אין נאָענטן מזרח.

און ווען מאַקדאָנאַלד גלייך נאָך די פּאַלעסטינער געשעענישן און הענ־דערסאָן דאָ נישט לאַנג אין גענף האָבן געגעבן פאַרזיכערונגען, אַז ענגלאַנד בלייבט פעסט אויפן באָדן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און אַז זיי ווילן בלויז נעמען אין אַכט די אינטערעסן פון דער פּאַלעסטינער באַפעלקערונג,

ס׳הייסט אָפּהיטן אויך דעם צווייטן טייל פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט מען זיך לייכט געקענט איבערצייגן, אַז דאָס מיינט פּאַרצוזעצן ווייטער די שענדלעכסטע פּאָליטיק אונטער דעם זעלבן דעקמאַנטל, נאָר איצט שלעפּן אין זאַק נאָך פעסטער און אויף זיכערער אויך דעם צווייטן טייל פון דער באַפעלקערונג. דאָס האָט געמוזט יעדן איינעם עפענען די אויגן, אַז קעגן דער דאָזיקער פּאָליטיק פון דער אָקופּאַציע־מאַכט קען און מוז אַרויסטרעטן נאָר אַ געאייניקטער פראָנט פון בײדע טײלן פון דער פּאַלעסטינער באַפעלקערונג, אַראַבער און ייִדן. נאַטירלעך, האָט דאָס געמיינט גלייכצייטיק אויך אונטערשטרייכן, אַז אַזאַ פאַראייניקונג מוז געבויט ווערן אויפן יסוד פון געמיינזאַמע אינטערעסן, און אַזאַ געמיינזאַמקייט איז געמאָלט נאָר ביי אַרבעטער און האַרעפּאַשנע מאַסן פון בײדע פעלקער.

נישט נאָר די ציוניסטישע בורזשואַזיע האָט גאָרנישט געלערנט פון די בלוטיקע געשעענישן. פון איר האָט מען עס געקענט דערוואַרטן, ווייל ס׳איז קעגן אירע אינטערעסן יעדער בונד פון אַרבעטער מיט אַרבעטער, ווייל דאָס וואָלט באַדייט אונטערצוהאַקן די מעגלעכקייט פון עקספּלאָטאַציע און פון גרעסערע פּראָפיטן פאַרן קאַפּיטאַל, וועלכער מוז און קען צוגעצויגן ווערן צו דער נאַציאָנאַלער היים נאָר מיט אַזעלכע קלאַסן־לעקעכלעך. געוויס האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געקענט זיך דערלויבן צו פּראַווען „ברוגז״ מיט דעם בריטישן קאָלאָניע־אַמט און „פאַרשעמען״ אים פאַר דער מאַנדאַט־קאָמיסיע און דערוואַרטן פון גענף פאַרגיטיקונג פאַר די עוולות פון לאָנדאָן.

אָבער אויך די פירער פון דער הסתדרות האָבן ביזן לעצטן מאָמענט נישט געוואָלט זיך שיידן מיט דער אילוזיע, אַז די איצטיקע „לייבאָר״־רעגירונג וועט ענדערן איר פּאָליטיק לגבי פּאַלעסטינע. זיי האָבן ביז דער לעצטער מינוט מורא געהאַט אַרויסצוטרעטן מיט אַ שאַרף וואָרט קעגן איר און אויפדעקן די טיפער און שטאַרקער ווירקנדיקע כוחות, וועלכע באַוועגן אויך אין די צייטן פון מאַקדאָנאַלדס הערשאַפט די פּרוזשינעס פון דער ענגלישער פּאַלעסטינער פּאָליטיק. זיי האָבן נישט געלאָזט פאַלן אַ שטויבעלע פון קלאַסן־קריטיק אויף דער לייבאָר־פּאַרטיי און מיט באַדויערונג און ביטול האָבן זיי געקוקט אין בערלין (אויפן קאָנגרעס פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל) אויף אונדזערע חברים פון דער פּועלי־ציון־פראַקציע, ווען יענע האָבן גערעדט וועגן אָקופּאַציע־מאַכט און נישט וועגן מאַנדאַטאָר אין פּאַלעסטינע.

די אָפּאָרטוניסטישע פירער פון דער הסתדרות האָבן אָרגאַניזירט אין בערלין אַ גלאַנץ־קאָנגרעס, צונויפגעשלעפּט אויף אים גרויסע לייט און באַרימטע פערזענלעכקייטן, זיי זאָלן זיך דערקלערן אין ליבע דעם ייִדישן פאָלק און אין סימפּאַטיע צום אויפבוי פון זיין „נאַציאָנאַלער היים״ אין ארץ־ישראל. דערמיט האָבן זיי געמיינט צו מאַכן אַ דרוק אויף דעם לייבאָר־קאַבינעט אין ענגלאַנד. זיי האָבן אָנגעשטעלט טויבע אויערן צו די פאָדערונגען פון אונדזערע חברים וועגן קאַמף מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם. דאָס האָט ביי זיי אויסגעזען ווי חוזק און ווי פאַראַט לגבי דעם אַרבעטנדיקן פּאַלעסטינע, ווייל „ווי קענען מיר בלייבן אויג אויף אויג מיט די אַראַבער אָן דער „שוץ״ פון ענגלאַנד, בפרט אָן ענגלאַנד פון „אַרבעטער־הערשאַפט״?!.

זיי האָבן נאָך מיט יראת הכבוד אויסגעהערט די פלאַפּלעריי פון דעם לייבאָר־דעפּוטאַט מעלאָן וועגן די „הומאַניטאַרע" מאָטיוון פון ענגלאַנדס אינ־טערעס צו פּאַלעסטינע און מ׳האָט געשמאַק אַפּלאָדירט, ווען ער האָט זיך פאַרופן אויף די „באַמערקונגען", וואָס זיין פּאַרטיי־חבר הערי סנעל האָט געמאַכט צום באַריכט פון דער שאו־קאָמיסיע, הגם דערביי האָט ער נישט באַגרינדעט, פאַרוואָס זיין רעגירונג האָט זיך נישט גערעכנט מיט די אָנוויי־זונגען פון איר פּאַרטיי־חבר, נאָר מיט די מיינונגען פונעם אָפיציעלן באַריכט.

זיי האָבן געבויט אַלע זייערע האָפענונגען אויף דער איצטיקער לייבאָר־רעגירונג, ווי בכלל אויף די כוחות פון דער איצטיקער וועלט. איצט ווערן זיי האָבן די ביטערע אַנטוישונג. ווייל אויך זייער פּאָליטיק לגבי די אַראַבישע אַרבעטער איז געווען אויסגערעכנט אויף דעם זעלבן צוטרוי צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע. איז זיי איבעריק געווען צו פאַרייניקן זיך מיטן אַראַבישן אַרבעטער אין איין אָרגאַניזאַציע און דערציִען אים צום געמיינזאַמען קאַמף, ווייל פאַר זיך אין דער שטיל איז זייער האָפענונג געווען, אויפצובויען דאָס אייגענע לאַנד אין אחדות מיטן אייגענעם גביר און עקספּלאָטאַטאָר, און נישט אויפשטעלן מיטן אַראַבישן אַרבעטער אַ קאַמפס־פלאַץ און אַ היים פאַר אַרבעט פאַר די מאַסן פוןביידע פעלקער.

איז איצט געקומען דאָס „ווייסע בוך" פון דער שוואַרצער ענגלישער פּאָליטיק און צעקלאַפּט אומברחמנותדיק אַלע אילוזיעס און אַלע האָפענונגען אויף דער לייבאָר־רעגירונג. קיינער האָט נאָך קיינמאָל נישט אַזוי ציניש אָפּן געחוזקט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און פון אַלע הבטחות און אָפּי־ציעלע דערקלערונגען פון דער פעלקער־ליגע און מאַנדאַט־קאָמיסיע, ווי דאָס טוט איצט די „אַרבעטער"־רעגירונג פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. נישטאָ קיין פרייער רעגירונגס־באָדן, פאַראַן אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די אַראַבער, יידן באַשעפטיקן נישט קיין אַראַבישע אַרבעטער, וועט די רעגירונג זיך אַליין נעמען אַכטונג צו געבן אויפן פאַרקויף פון באָדן, אַליין האָבן דעם קאָנטראָל איבער די איינוואַנדערונג, און זיך אַרומקוקן לויט סימפּסאָנס עצה, אויך וועגן יענע, וועלכע זענען אַריינגעקומען אַלס טוריסטן און זיך באַזעצט אין לאַנד. מען וועט זיך שוין רעכענען מיט דער „אויפנאַמס־פעיִקייט" פון לאַנד און לויט דעם צושניידן די איינוואַנדערונג.

12 יאָר האָט מען רעגירט אין לאַנד, און ערשט איצט זיך באַקענט מיט איר „אויפנאַמס־פעיִקייט"; 12 יאָר האָט מען זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ באַלפור־דעקלאַראַציע וועגן בויען אַ „יידישע נאַציאָנאַלע היים" און „פלוצלינג" איינ־געזעען, אַז דאָס קען שאַדן דעם אַראַבישן טייל פון דער באַפעלקערונג...

פאַר אונדז זענען די אַלע טענות נישט ניי, און דעם בעסטן איינציק־ערנסטן ענטפער אויף זיי האָט געגעבן די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע אין משך פון דער יידישער איינוואַנדערונג, דער געבעסערטער מצב פון אַראַבישן פעלאַך און די דערוויל נאָך שוואַכע, אָבער אַלץ מער אומאָפּנויגלעכע פּרווון פון אַראַבישע אַרבעטער אָנצוהייבן אַ קאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע. ס׳איז פאַר יעדן פּאָליטישן בר־דעת קלאָר, אַז די ענגלישע פּאָליטיק האָט אין דער לינקער פּאה די אינטערעסן סיי פון די

ייִדישע און סיי פון די אַראַבישע מאַסן. איצט גייט איר נאָר אין דעם, פון וועמען זי קען מער קריגן אין איר קאַמף פאַר הערשאַפט, וועלכער צד קען איר געבן ממשותדיקס אין שווערן קלעם, אין וועלכן זי איז פאַרקראָכן אין אַלע לענדער פון איר אימפּעריאַליסטישער ממשלה. די זעלבע רעגירונג, וועלכע האָט מורא אָנצורירן די קעשענעס פון איר אייגענער בורזשואַזיע, כדי צו לינדערן די שרעקלעכע אַרבעטסלאָזיקייט ביי זיך אין דער ענגלישער מעטראָפּאָליע; די זעלבע רעגירונג, וועלכע שיסט און פאַרניכטעט אין די טויזנטער די אונטערריאָכטע מאַסן אין אינדיע — זי נעמט זיך פלוצלינג אָן די קריוודע פון אַראַבישע פעלאַכן...

די איצטיקע פּאָליטיק מאַקדאָנאַלדס איז אַ נייער קאַפּיטל אין דעם אַלטן ענגלישן בוך פון רויב און מאָרד, פון גוואַלט־הערשאַפט איבער פעלקער, קלאַסן און לענדער. זי וועט אָפּגעשאַפט ווערן נאָר דורך דער ענדגילטיקער אָפּשאַפונג פון דער גאַנצער היינטיקער אָרדענונג אין דער גאָרער וועלט.

די ייִדישע אַרבעטער האָבן זייער פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם אויפגענומען נאָך אין יענע צייטן, ווען קיינער האָט נישט געחלומט וועגן אַ באַלפור־דעקלאַראַציע און וועגן אַן „אַרבעטער“־רעגירונג אין ענגלאַנד. אין די יאָרן פון פינצטערער הערשאַפט פון סולטאַן אַבדול האַמיד, צו וועמען הערצל איז געפאָרן וועגן אונטערהאַנדלונגען, האָבן מיר געצייכנט דעם קאַמפּס־אינטערעס און קאַמפּס־וועג פון ייִדישע אַרבעטער בנוגע דעם טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער אין פּאַלעסטינע. מיר האָבן געצייכנט דעם פּראָגנאָז פון ייִדישער מאַסן־איינוואַנדערונג נאָך אין יענער צייט, ווען ייִדן האָבן זיך גערדאַרפט אַריינגנבענען אין ארץ־ישראל מיטן טערקישן „רויטן צעטל“, וועלכער האָט זיי דערלויבט בלויז צו קלאָגן דריי חדשים אין הייליקן לאַנד. מיר זענען שוין דאַן, ווען ייִדישע אַרבעטער האָבן זיך ערשט גענומען דורכלייגן אַ וועג צו אַרבעט, אַרויסגעטרעטן מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקייט קעגן דער שאָוויניסטיש־ייִדישער לאָזונג פון „כיבוש עבודה“, וועלכע האָט זיך פּראַקטיש אויסגעלאָזט מיט אַ באָיקאָט־לאָזונג לגבי דעם אַראַבישן אַרבעטער.

מיר האָבן לכתחילה צונויפגעבונדן דעם פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם מיטן קאַמף קעגן קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג אומעטום און פאָרויסגעזען, אַז אין דער אַנטוויקלונג פונעם טעריטאָריאַליזירונגס־פּראָצעס אין פּאַלעסטינע קענען זיין פאַרשיידענע עטאַפּן פון אויפשטייג און אָפּגאַנג און אָפּנויגן. פאַר אונדז איז אָבער וויכטיק, דעצידירנדיק געווען די אַלגעמיינע ריכטונג פון דער אָביעקטיווער היסטאָריש־אומפאַרמיידלעכער אַנטוויקלונג און אויף אָט דעם אומדערשיטערלעכן יסוד האָבן מיר געבויט.

מען האָט אונדז ביז צו דער לעצטער מינוט פאַרגעוואָרפן, הלמאי מיר פאַרלייגן זיך אַזוי שטאַרק אויף פּאָליטישער אויפקלערונגס־אַרבעט און פאַר־נעמען זיך נישט מיט דער „פּראַקטישער“ אַרבעט פון די כלערליי פאָנדן. און מיר האָבן געוואָרנט, אַז די אַרבעט פון אַ פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי מוז זיין געווענדעט דווקא און דער עיקר אין דער דאָזיקער ריכטונג פון אָרגאַניזירן דעם פּאָליטישן קאַמף. מיר האָבן באַשולדיקט די „רעאַלע“ פּאָליטיקער פון דער הסתדרות, פאַרוואָס זיי גרייטן נישט די 30.000־קעפּיקע ייִדישע אַרבע־

טער־מחנה אין פּאַלעסטינע צום פּאָליטישן קאַמף קעגן די שאַנדטאַטן פון זייער לייבאָר־רעגירונג. היינט, ווען אַלע בירגערלעכע ציוניסטן שרייען וועגן „פאַראַט פון ענגלישער רעגירונג" און ליאַרעמען שוין וועגן „קאַמף", ווער יעדער אַרבעטער מוזן איינזען די ריכטיקייט פון אונדזער איינשטעלונג. פאַרשטייט זיך, אַז ס'האָט קיין שום קראַפט און האָפט נישט דער „קאַמף" פון „גאַנצן יידישן פאָלק" קעגן ענגלאַנד, די אַלגעמיינע „נאַציאָנאַלע" פּראָטעסטן. דאָס איז און מוז זיין אַ קאַמף נישט פון פאָלק קעגן פאָלק, נאָר פון קלאַס קעגן קלאַס, פון וועלט קעגן וועלט.

דער קאַמף פאַרן פּאַלעסטיניזם מוז אַריינגעגלידערט ווערן אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר דער איינפירונג פון נייע יסודות אין דער געזעלשאַפט. נאָר אין דער דאָזיקער ריכטונג און אויפן דאָזיקן וועג ווערט געשאַפן ווערן די נאַטירלעכע פאַרשטענדיקונג צווישן יידישע אַרבעטער און אַראַבישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע, וועלכע וועלן איינזען, אַז די באַפרידיקונג פון זייערע נאַציאָנאַלע אַרבעטס־ און קאַמפס־אינטערעסן זענען נישט אין סתירה צווישן זיך, נאָר פאַרקערט, ליגן ביידע אויף דער ליניע פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, פונעם אויפשטייג פון די פּראָדוקטיווע כוחות פון פּאַלעסטינע, און אַז דערצו דאַרפן זיי צוזאַמען אויפנעמען אַ קאַמף סיי קעגן דער אייגענער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע און סיי קעגן דער פרעמדער אָקופּאַציע־מאַכט.

סימפּטאָמאַטיש באַריכט און דאָס „ווייסע בוך" פון דער ענגלישער אַרבעטער־רעגירונג זענען אַ פרישער סיגנאַל און אַ נייער רוף צו די יידישע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט, נישט צו טרויען די משרתים און שליחים פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווען זיי קומען אַפילו איינגעהילט אין טאָגעס פון „מאַיעסטעט"־סאָציאַליזם; נישט צו בויען אויף די דעקלאַמאַציעס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און זיינע פירער, ווייל זיי זייען אין דער אמתן האַס און שנאה צווישן פעלקער אין לאָזן נישט אויפקומען דעם געאייניקטן פראָנט קעגן אימפּעריאַליסטישער גוואַלט־הערשאַפט אויך אין פּאַלעסטינע; ס'איז אַ רוף און אַן אויפפאָדערונג צו די יידישע אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס אין דער גאָרער וועלט, וועמען עס זענען טייער די אויפטוען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע און וועלכע זענען בפרט פאַרינטערעסירט אין דעם ווייטערדיקן וווקס און אויסברייטערונג פון דאָזיקן ווערק, זיי זאָלן איינשפּאַנען אַלע זייערע כוחות אין קאַמף קעגן דער אייגענער בורזשואַזיע און אירע נאָכשלעפּער אין דעם אַרבעטער־לאַגער, קעגן אַלע שונאים אין די רייען פון אַרבעטער, וועלכע וועלן איצט באַרעכטיקן די עכט־פאַרעטערישע פּאָליטיק פון די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל לגבי די בלוטיקסטע אינטערעסן פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער. ס'איז אַ רוף צו מאָביליזירן כוחות און שמידן דאָס אַלטע, קיינמאָל נישט זשאַווערנדיקע, געווער פון קלאַסן־קאַמף פאַר די אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער אין פּאַלעסטינע, ווייל דאָס זענען די אינטערעסן אויך פון אַראַבישן אַרבעטער דאָרט, די אינטערעסן פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

„אַרבעטער־צייטונג", וואַרשע, 24טער אָקטאָבער 1930.

י. פעטערזייל

# דער נייער שאַנד־דאָקומענט פון מאַקדאָנאַלדס רעגירונג

(דער סימפּסאָן־באַריכט)

די ענגלישע רעגירונג האָט אַרויסגעשיקט קיין פּאַלעסטינע איר הויכן באַאַמטן סער סימפּסאָן, כדי ער זאָל כלומרשט אויספאָרשן די מעגלעכקייטן פון אַ ייִדישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. די אָנפירנ־דיקע אינסטאַנצן פון דער ציוניטסישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האָבן זיך גע־איילט פון פאָרויס אויסצודריקן זייער צוטרוי דעם שליח פון ענגלישן אימ־פּעריאַליזם. בעת דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער הענדערסאָן און דער קאָלאָניע־מיניסטער לאָרד פּאַספילד האָבן פייערלעך דערקלערט, אַז דער איינוואַנדערונגס־פאַרבאָט קיין פּאַלעסטינע איז בלויז אַ צייטווייליקע פאַר־אָרדענונג ביז דער פאַרעפנטלעכונג פון סימפּסאָנס באַריכט, האָבן די ביר־גערלעכע ציוניסטישע און צעירי־ציוניסטישע פּאָליטיקער אָנגענומען פאַר אַ גוטער מטבע די זיסע רייד פון די כיטרע אימפּעריאַליסטישע פוקסן. ערשט מיט אַ חודש צוריק אויפן בערלינער וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל האָט בן־גוריון, דער פירער פון דער רעכטער אַרבעטער־פּאַרטיי אין ארץ־ישראל, דערקלערט: „ווען מיר זאָלן דאַרפן בלויז אַ ריר טון מיט אַ פינגער, בכדי ענגלאַנד זאָל פאַרלאָזן פּאַלעסטינע, וועלן מיר דאָס נישט טון“...

איצט זענען שוין באַקאַנט סיי דער באַריכט פון סער סימפּסאָן, סיי די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג וועגן איר ווייטערדיקער פּאַלעסטי־נע־פּאָליטיק. ערשט איצט, ווען די דאָזיקע צוויי דאָקומענטן האָבן ברוטאַל און ציניש אויפגעדעקט די ווירקלעכע כוונות פון ענגלישן אימפּעריאַליזם בנוגע פּאַלעסטינע, האָט די ציוניסטישע פּרעסע אָנגעהויבן ליאַרעמען וועגן דער פאַלשקייט און צביעותדיקייט פון די כלומרשט אָביעקטיווע פאָרשונגען, וואָס ענגלישע באַאַמטע פירן אַדורך אין פּאַלעסטינע. איצט לאַכט מען שוין נישט אָפּ פון די פּועלי־ציון, וועלכע האָבן סיי די שאו־קאָמיסיע, סיי סימפּסאָ־נען כאַראַקטעריזירט אַלס געהאָרכזאַמע אַגענטן פון דער ענגלישער אימפּע־ריאַליסטישער רעגירונג.

די ענגלישע „אַרבעטער־רעגירונג", וועלכע האָלט דעם רודער פון דער מלוכה אין האַנט אויסשליסלעך אַ דאַנק דעם חסד פון דער ענגלישער בורזשואַזיע, טוט דעם ווילן פון איר האַר און באַמיט זיך צו ראַטעווען די באַדראָטע פּאָזיציעס פון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם אין די קאָלאָניעס. כדי צו דערשטיקן די באַפרייונגס־באַוועגונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין די קאָלאָניאַלע לענדער, שליסט די אָקופּאַציע־מאַכט אַ בונד מיט די רעאַקציאָנערע באַזיצנדיקע שיכטן פון דער קאָלאָניאַלער באַפעלקערונג. ענגלאַנד איז איצט אָפּן אַריבער אויף דער זייט פון די אַראַבישע עפענדיס אין פּאַלעסטינע. כדי צו געווינען די אַראַבישע פּריצים פון כלי־קודש אַלס אָנשפּאַר פאַר זיך, האָט ענגלאַנד באַשלאָסן אָפּצושטעלן די יידישע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, און סימפּאַנס באַריכט האָט געדאַרפט ברענגען די תירוצים, מיט וועלכע ענגלאַנד זאָל באַרעכטיקן די דאָזיקע פּאָליטיק.

פונקט ווי די עפענדיס, מאַכט אויך דער ענגלישער אימפּעריאַליזם דעם אָנשטעל פון אַ געטרייען פריינט פון די אַראַבישע אַרבעטער און פּויערים. זוכט מען באַווייזן, אַז די יידישע אַרבעטער־איינוואַנדערער ברענגען נאָר שאָדן די אַראַבישע אַרבעטער. קריטיקירט די ענגלישע רעגירונג דעם כלומרשטן פאַקט, אַז די יידן באַשעפטיקן נישט קיין אַראַבישע אַרבעטער. עס איז אַן אַלגעמיין באַקאַנטע זאַך, אַז אַראַבישע אַרבעטער טרעפט מען אין פיל טויזנטער אין די פּריוואַטע יידישע קאָלאָניעס, ווי פּתח־תקוה, רחובות, ראשון־לציון, חדרה און אַנדערע. אַראַבישע אַרבעטער זענען באַשעפטיקט ביי יידישע בוי־אונטערנעמער, און ביי יידישע אינדוסטריעלער (צעמענט־פאַבריק „נשר", זאַלץ־גרובן אין עתלית, שוועבעלעך־פאַבריק „נור" און אַנדערע). עס איז אַ פאַקט, אַז גראָד אַ דאַנק דער יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע זענען באַדייטנדיק פאַרברייטערט געוואָרן די אַרבעטס־מעגלעכקייטן פאַר די אַראַבישע אַרבעטער.

די פאַלשע אוטאָפּישע לאָזונג פון די רעכטע אַרבעטער־פּאַרטייען אין ארץ־ישראל וועגן „כיבוש־עבודה", וועגן דעראָבערן די אַרבעטס־פּאָסטנס אין די יידישע אונטערנעמונגען אויסשליסלעך פאַר די יידישע אַרבעטער, האָט טאַקע קיינמאָל נישט געבראַכט קיין נוצן די יידישע אַרבעטער, און איצט דינט די דאָזיקע נאַציאָנאַליסטישע לאָזונג די ענגלישע חברים פון די רעכטע פּועלי־ציון, וועלכע זיצן צוזאַמען מיט זיי אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אַלס אַן אַרגומענט צו פאַרמאַכן די טויערן פון פּאַלעסטינע פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג. די ענגלישע דעקלאַראַציע פאַרופט זיך, אַז יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַרווערט צו באַשעפטיקן אַראַבער אַלס אַרבעטער ביי די יידישע קאָלאָניסטן און אַז דעריבער מוז דער ענגלישער אָקופּאַנט נעמען אין שוץ דעם אַראַבישן אַרבעטער. לייגט טאַקע פאָר סימפּסאָן אָפּצושטעלן די יידישע איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל אַזוי לאַנג, ווי אין לאַנד זענען דאָ אַרבעטסלאָזע אַראַבישע אַרבעטער, וועלכע קענען פאַרנעמען די פרייע אַרבעטס־פּאָסטנס.

די צביעות פון דער דאָזיקער אַפּוטרופּסות איבער דעם אַראַבישן אַרבעטער וואַרפט זיך אין די אויגן. דער יידישער אַרבעטער איז אַ סך טייערער־

ווי דער נישט אָרגאַניזירטער אַראַבישער אַרבעטער, קען ער ממילא אים נישט פאַרקאָנקורירן און אַרויסשטויסן, ווי דאָס טרעפט אָפט מיט די אימי־גראַנטן אין אַנדערע לענדער, וועלכע דריקן אַראָפּ דעם לוין פון דעם אָרטיקן אָרגאַניזירטן אַרבעטער. די ענגלישע אַדמיניסטראַציע אין פּאַלעסטינע עקס־פּלאָטירט מוראדיק אויף דער באַן און ביי עפנטלעכע אַרבעטן אַראַבישע אַרבעטער און דערשטיקט יעדן פּרווו פון זייער אָרגאַניזירונג.

כדי צו באַרעכטיקן דעם פאַרבאָט פון אַרבעטער־איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל, ווו די אַרבעטסלאָזיקייט איז אין פאַרגלייך מיט די גרויסע קאַ־פּיטאַליסטישע לענדער גאָר קליין, מאָלט סער סימפּסאָן אין שוואַרצע פאַרבן די אויסזיכטן פאַר דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע. ער גלייבט נישט אין דער צוקונפט פון דער יידישער אינדוסטריע. ארץ־ישראל האָט, לויט זיין מיינונג, אַ צוקונפט בלויז אַלס אַן אַגראַר לאַנד. מען דאַרף נישט גרינדן קיין אינדוסטריעס „וואָס זענען פרעמד דעם לאַנד און דעם באָדן”, בפרט וואָרנט ער פאַר דער גרינדונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע. אָבער די פאַקטן פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע האָבן שוין לאַנג צעשטערט די לעגענדע, אַז פּאַלעסטינע איז נישט צוגעפּאַסט פאַר דער פאַבריק־אינדוסטריע.

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם איז פיינטלעך געשטימט צו דער אַנט־וויקלונג פון דער אינדוסטריע אין ארץ־ישראל צוליב צוויי טעמים. ערשטנס, האָט די ענגלישע בורזשואַזיע שוין געענוג צרות צוליב דער יונגער אינ־דוסטריע אין אַנדערע ענגלישע קאָלאָניעס, אין דער ערשטער ריי אין אינדיע. די אינדוסטריע אין די קאָלאָניעס פאַרשמעלערט דעם אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די ענגלישע סחורות. גראָד די טעקסטיל־סחורות פאַרנעמען זייער אַ גרויס אָרט אינעם ענגלישן עקספּאָרט. אַ מעגלעכקייט פון אַן אינדוסטריעלן צענטער אויפן אַראַבישן מזרח איז נאַטירלעך קעגן די אינטערעסן פון די ענגלישע אינדוסטריעלער און עקספּאָרטערן. צווייטנס, בילדט די אינדוסטריעלע אַרבע־טערשאַפט געווײנלעך דעם צומיינסט באַוווסטזיניקן, אָרגאַניזירטן און שלאַג־פערטיקן טייל פון פּראָלעטאַריאַט. דער ענגלישער אימפּעריאַליזם וויל אויס־מיידן די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע, ווייל די אַנטוויקלונג פונעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט קען דאָרט אונטערמינירן די הערשאַפט פון ענגלישן אימפּעריאַליזם.

סימפּסאָן קוקט דורך שוואַרצע ברילן אויך אויף דער לאַנדווירטשאַפט־לעכער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע. ער רעכנט אויס, אַז ביי די איצטיקע מעטאָדן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קולטור איז נייטיק פאַר דער אויס־האַלטונג פון איין פויערים־פאַמיליע אין ארץ־ישראל 130 דונאַם באָדן. סימפּ־סאָן האָט פאַר די אויגן די אָפּגעשטאַנענע ווירטשאַפט פון אַראַבישן פעלאַך, און לויט איר רעכנט ער אויס די קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן אין ארץ־ישראל. ער וויל נישט וויסן, וואָסערע גרויסע ענדערונגען ס׳האָבן איינגעפירט אין דער לאַנדווירטשאַפט די יידישע קאָלאָניסטן אַ דאַנק דער קינסטלעכער באַ־וואַסערונג און באַמיסטיקונג, אַ דאַנק דער אָנווענדונג פון די נייסטע לאַנד־ווירטשאַפטלעכע מאַשינען און אַרבעטס־אופנים. אַ פאַקט איז דאָך, אַז ביי

די פאַמעראַנצן־פּלאַנצונגען איז 20—25 דונאַם באָדן גענוג פאַר אַ קאָלאָניסטן־משפחה, וואָס אַרבעט אַליין.

סימפּסאָן נעמט אין אַכט בלויז דעם באָדן, וואָס טויג היינט צו טאָג פאַר לאַנדווירטשאַפט. ער מאַכט זיך נישט ווּיסנדיק, אַז פון דעם מיליאָן מיט צווייהונדערט טויזנט דונאַם באָדן, וואָס געפינט זיך היינט אין יידישן באַזיץ אין פּאַלעסטינע, איז דער ווייט־גרעסערער טייל פריער געלעגן פוסט און וויסט. און אין פּאַלעסטינע געפינען זיך דאָך נאָך פיל מיליאָנען דונאַם זאַמדיקן און זומפּיקן באָדן, וואָס מען קען פאַרוואַנדלען אין בליִענדיקע פעלדער און גערטנער. אַן אַראַבישער קאַפּיטאַליסט האָט פון יאָרנלאַנג אַ קאָנצעסיע אויף אויסטריקענען די געגנט פון חולה, ער נוצט די קאָנצעסיע נישט אויס, אָבער ווען מ׳זאָל די געגנט אויסטריקענען, קען זי ווערן פונקט אַזוי פּרוכטבאַר ווי דער טאָל יזרעאל, וועלכן יידישע אַרבעטער האָבן פון זומפּן פאַרוואַנדלט אין אַ בליִענדיקער געגנט.

אַ פּשיטא „פאַרגעסט״ סימפּסאָן צו דערמאָנען, אַז די ענגלישע רעגירונג האָט בכלל פאַרווערט די יידישע קאָלאָניזאַציע אין דעם מזרח־טייל פון פּאַלעסטינע, אויף דער אַנדערער זייט פון טייך ירדן (טראַנסיאָרדאַניע), וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון העכער 42 טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער און פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג בלויז פון סך־הכל אַ פערטל מיליאָן איינוווינער, בעת מערב־פּאַלעסטינע, ווו ס׳איז ביז איצט פאָרגעקומען די יידישע קאָלאָניזאַציע, פאַרמאָגט אַן ערך אַכט הונדערט טויזנט איינוווינער אויף אַ פיל קלענערן שטח פון אַן ערך 25 טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער. אויב סימפּסאָן זאָל באמת גיין נאָר אין דעם, צי ס׳איז פאַראַן פרייער באָדן, טאָ פאַרוואָס ווייזט ער נישט אָן, אַז אין דער צווייטער זייט ירדן איז פאַראַן גענוג פרייער באָדן און אַז מ׳זאָל יענעם טייל עפענען פאַר יידישער איינוואַנדערונג?

די ענגלישע רעגירונג האָט באַדאַרפט סימפּסאָנס באַריכט, כדי צו פאַרענטפערן איר באַשלוס צו פאַרווערן יידן דעם איינקויף פון באָדן אין פּאַלעסטינע. זי טוט עס כלומרשט, כדי נעמען אין שוץ די אָרעמע פעלאַכן. נישטאָ קיין מער ציניש׳ער חוזק, ווי די דאָזיקע טענה. פאַראַן אַ גאַנץ ראַדיקאַלער מיטל, ווי שטעלן מיטאַמאָל דעם פעלאַך אויף די פיס: מען דאַרף אָפּשאַפן דאָס פּריוואַטע אייגנטום אויף באָדן, מען דאַרף פאַרטרייבן די עפענדיס, וואָס נעמען צו דעם גרעסטן טייל גערעטעניש ביי די פעלאַכן, וועלכע פאַכטן דעם עפענדישן באָדן. מען דאַרף געבן די מעגלעכקייט יעדער פעלאַכישער פאַמיליע צו באַאַרבעטן דעם נייטיקן פאַר איר חיונה באָדן, דאַן וואָלט זיך זיכער געפונען אין ארץ־ישראל פּלאַץ נישט נאָר פאַר נאָך 20 טויזנט, ווי דאָס באַרעכנט סימפּסאָן, נאָר פאַר פיל הונדערטער טויזנטער יידישע קאָלאָניסטן. אָבער די „סאָציאַליסטן״ פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע רעגירן איצט אין ענגלאַנד, פאַלט גאָרנישט איין, אַז מ׳קען חלילה אָנרירן דאָס „הייליקע״ רעכט פון פּריוואַט־אייגנטום אויף באָדן. פאַרקערט, וועלנדיק צופרידנשטעלן די עפענדיס, פירן די דאָזיקע „סאָציאַליסטן״ אין אין פּאַלעסטינע אַ פאַרבאָט צו פאַרקויפן יידן באָדן, פונקט ווי דאָס איז געווען אין רוסלאַנד אין די צייטן פון צאַריזם.

אויף פּאָליטיש איז דער ענגלישער אימפּעריאַליזם אַנטקעגנגעקומען די אַראַבישע רעאַקציאָנערן. פּאַלעסטינע ווערט „באַגליקט" מיט אַ „געוויילטער רעפּרעזענטאַנץ" פון דער לאַנד־באַפעלקערונג, מיט אַ געזעצגעבערישער פאַר־זאַמלונג. אַ פּאַרלאַמענט, ווו פון 23 דעפּוטאַטן ווערן 11 באַשטימט דורך דער ענגלישער רעגירונג! עס איז נאָך נישט באַקאַנט דער אופן, ווי עס וועלן דאַרפן געוויילט ווערן די איבעריקע 12 מיטגלידער פון דער געזעצגע־בערישער פאַרזאַמלונג. מען קען אָבער פון פאָרויס זאָגן, אַז די „סאָציאַ־ליסטן" פון מאַקדאָנאַלדס חדר וועלן באַרויבן די ברייטע יידישע און אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן פון זייער וואַל־רעכט און וועלן עס געבן בלויז די רייכע שטייער־צאָלער. עס איז נישט פאַראַן קיין מינדסטער ספק, אַז דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע וועט שטענדיק געלינגען אַריבערציִען אויף איר זייט אַ פּאָר פון די געוויילטע דעפּוטאַטן און זיכערן זיך אַ מערהייט אין דעם דאָזיקן, מישטיינס־געזאָגטן, פּאַרלאַמענט. און גלייכצייטיק מיטן שאַפן די דאָזיקע קאַ־ריקאַטור פון אַ פּאַרלאַמענט, פאַרשטאַרקט די ענגלישע רעגירונג איר מיליטע־רישן גאַרניזאָן אין פּאַלעסטינע און טרעט צו צו רעפאָרמירן די דאָרטיקע פּאָליציי. די „סאָציאַליסטן" פון זיין מאַיעסטעט דעם ענגלישן קעניג האַלטן דאָך אַ סך מער פון אַעראָפּלאַנען און פּאַנצער־אויטאָס, ווי פון די דעמאָקראַ־טישע שמאָנצעס.

די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע וויל אומעגלעך מאַכן פאַר אַ יידישן אַרבעטער די איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע אין די נאָענטסטע יאָרן, איז אַן אַטענטאַט אויף די בלוטיקסטע לעבנס־אינטערעסן פון די מיליאָניקע יידישע מאַסן פון גאָר דער וועלט, וועלכע זענען גע־צוווּנגען צו זוכן אין פּאַלעסטינע דאָס אויפנאַם־אָרט פאַר דער גרויסער יידי־שער וואַנדערונג, און וועלכע זעען אין פּאַלעסטינע דאָס לאַנד פון דעם צוקונפטיקן יידישן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער.

די דאָזיקע דעקלאַראַציע איז גלייכצייטיק אַ טויט־קלאַפּ פאַר דער ביז איצטיקער אָריענטאַציע פון דער ציוניסטישער בורזשואַזיע און פון די רעכטע פּועלי־ציון אויפן ענגלישן אימפּעריאַליזם. איצט שיקט דער צ. ק. פון די רעכטע פּועלי־ציון אַ פּראָטעסט־דעפּעשע קיין לאָנדאָן. די „הסתדרות" לאָזט אַרויס אַן אויפרוף קעגן דער לייבאָר־רעגירונג. רעכטע פּועלי־ציון, שומרים, חלו־צים דעמאָנסטרירן פאַר דער ענגלישער אַמבאַסאַדע אין וואַרשע, אָבער די שטיינער, מיט וועלכע די רעכטע פּועלי־ציון האָבן באַוואָרפן דעם בנין פון דער ענגלישער אַמבאַסאַדע, האָבן געטראָפן נישט בלויז זייער חבר מאַק־דאָנאַלד, זייער לייבאָר־פּאַרטיי מיט וועלכע זיי זיצן אין איין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, נאָר אויך זייערע אייגענע פירער ווי בן־גוריון, וואָס האָט אויפן בערלינער וועלט־קאָנגרעס עפנטלעך דעמאָנסטרירט זיין הכנעה צום ענגלישן אימפּעריאַליזם!

דער חורבן פון דער בירגערלעכער און צעירי־ציוניסטישער אָריענטאַ־ציע אויפן ענגלישן אימפּעריאַליזם צווינגט די פאַרצווייפלטע ציוניסטישע פּאָליטיקער צו זוכן עפּעס אַן אויסוועג. דעררעדט זיך אַ ציוניסטישער פּוב־ליציסט אַפילו צו אַזעלכע ווערטער: „מיר מוזן איצט זיך דערנענטערן צו

אַלע יענע פאַקטאָרן, ווער זיי זאָלן נישט זיין, וואָס זייערע אינטערעסן שטויסן זיך צונויף אויף דער וועלט־אַרענע מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם, און ביי זיי זוכן שוץ און הילף („היינט"). ביי די בירגערלעכע פּאָליטיקער באַדייט עס קלאַפּן איצט אין די טירן פון פראַנצויזישן אָדער אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם, וועלכע פירן אַ קאַמף מיטן ענגלישן, ווידער קומען צום פעלקער־בונד און זיך פונדאַסניי פאַרפלאָנטערן אין דער נעץ פון נייע אימפּעריאַליסטישע אינטריגעס.

פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס איז פאַראַן שוין פון לאַנג איין איינציקער אויסוועג. קיין שום אַנדערער אימפּעריאַליזם וועט נישט זיין בעסער און יושרדיקער פון דעם ענגלישן. אונדזערע האָפענונגען אויף דער פאַרווירקלעכונג פון דעם פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם זענען ענג פאַרבונדן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט פון גאָר דער וועלט, פון די אַרבעטער און פויערים פון די קאָלאָניאַלע לענדער, פון דעם געמיינזאַמען קאַמף פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן אין פּאַלעסטינע. אויף די חורבות פונעם אימפּעריאַליזם וועט געבויט ווערן אונדזער פרייע צוקונפט!

„פרייע יוגנט", וואַרשע, נאָוועמבער 1930.

# די ערשטע יאָרן פון וואָקאָפּס קאָמיסאַרן־הערשאַפט

דער 17טער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען זומער 1931 אין באַזעל, האָט אויסגעקליבן דעם ד״ר חיים אַרלאָזאָראָוו, איינעם פון די פירער פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־פּאַרטיי (מפא״י), אַלס לייטער פון פּאָליטישן דע־פּאַרטאַמענט פון דער יידישער אַגענץ. ער האָט אויפן פאָלגנדיקן אופן כאַראַקטע־ריזירט די באַציונגען צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער ענגלישער רעגירונג: „דער בונד, וואָס בינדט ארץ־ישראל מיט ענגלאַנד און מיט די ענגלענ־דער, איז נישט קיין מעכאַנישער, און איז נישט אָפּהענגיק בלויז פון די פּאַראַ־גראַפן פון מאַנדאַט און פון דעם נוצן, וואָס מיר קענען פון זיי האָבן. די געטריי־שאַפט איז נישט אָפּהענגיק פון קיין באַלוינונג... שטייענדיק אָן מורא אַנטקעגן דעם שטאַרקערן פון אונדז כוח, מוזן מיר אָבער שטענדיק פירן אונדזער קאַמף אין גייסט פון דעם ענגן בונד, וואָס פאַרבינדט אונדז מיט דער מאַנדאַט־רעגירונג, האָבנדיק אין זינען די געמיינזאַמע אויפגאַבע, מיט וועלכער מיר זענען צוזאַמענ־געבונדן לויטן געבאָט פון דער געשיכטע״.

אין נאָוועמבער 1931 האָט דעם אַמט פון הויך־קאָמיסאַר איבערגענומען גענע־ראַל אַרטור וואָקאָפּ.

אין די יאָרן 1932—1933 האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטייג פון דער ארץ־ישראלדיקערווירטשאַפט. אין לאַנד האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין אַרבעטס־הענט אַ דאַנק די וואַקסנדיקע אינוועסטיציעס פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן און פּריוואַטן קאַפּיטאַל. עס האָט זיך אַנטוויקלט די לאַנדווירטשאַפט, עס איז געוואַקסן די בוי־באַוועגונג און די אינדוסטריע. היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער עליה־שטראָם פון די דייטשע יידן. די יידישע אַגענץ האָט געפאָדערט פון דער ארץ־ישראלדיקער מאַכט פאַרן פעריאָד אָקטאָבער 1932 — אָקטאָבער 1933 קרוב צו 20.000 סערטיפיקאַטן, זי האָט אָבער באַקומען נישט מער ווי אַ העלפט. נישט געקוקט אויף ראַמזיי מאַקדאָנאַלדס צוזאָג, האָט די ווירטשאַפט־לעכע אויפנאַמס־פעיקייט פון לאַנד נישט דעצידירטביים באַשטימען דעם פאַרנעם פון דער יידישער איינוואַנדערונג. די בריטישע מאַנדאַט־רעגירונג האָט געהאַט אין אויג אירע פּאָליטישע אויסרעכענונגען, צוליב וועלכע זי האָט זיך באַמיט צו האַמע־ווען דעם שטראָם פון דער יידישער איינוואַנדערונג. די עליה האָט אָבער דורכגע־בראָכן די וואַנט פון וויזע־גזירות. אין די יאָרן 1932—1933 זענען אויך אָנגעקומען

אין לאַנד פיל טויזנטער יידן אַלס כלומרשטע טוריסטן און האָבן זיך באַזעצט אין לאַנד, נישט פרעגנדיק קיין דערלויבעניש ביי דער מאַכט.

נאָך אַ גרינטלעכער אויספאָרשונג האָט די רעגירונג פעסטגעשטעלט, אַז סך־הכל בלויז 570 אַראַבער האָבן פאַרלאָזט זייער באָדן אין רעזולטאַט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע. ווי אַ זייפנבלאָז האָט געפּלאַצט די לעגענדע, אַז צוליב דער שולד פון די יידן זענען מאַסן פעלאַכן געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייערע היימען און פעלדער.

אין אויפטראָג פון דער פאַלעסטינער רעגירונג האָט לואיס פרענטש צוגעגרייט אַן „אַנטוויקלונגס־פּלאַן" פאַרן לאַנד. די יידישע אַגענץ האָט אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן פּלאַן, וואָס איז אויסן געווען פּענטען די יידישע איניציאַטיוו און האָט נישט אַנטהאַלטן קיין שום קאָנסטרוקטיווע פּלענער לטובת דער יידישער און אַראַבישער באַפעלקערונג.

אין יאָר 1931 האָט דער יידישער ישוב אַריינגעטראָגן אין דער רעגירונגס־קאַסע 37 פּראָצ׳ פון אַלע אירע הכנסות, אָבער ווען די רעגירונג האָט פּראָקלאַמירט אַן הלוואה פון צוויי מיליאָן פונט פאַר די צוועקן פון דער אַנטוויקלונג פון לאַנד, האָט זי נישט געפונען פאַר נייטיק צו באַשטימען אין דעם אַנטוויקלונגס־בודזשעט וועלכע עס איז סומע פאַר די באַדערפענישן פון דעם יידישן ישוב.

די רעגירונג איז צוגעטרעטן אויסצואַרבעטן אַ געזעץ פאַר מוניציפּאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט געזאָלט ווערן דער ערשטער שטאַפּל צום געזעצגעבערישן ראַט. די יידישע אַגענץ האָט אָנגענומען פאָלגנדיקע שטעלונג צום קאָנסטיטוציאָנעלן פּראָבלעם פון לאַנד: „מיר שטרעבן צו אַזאַ רעזשים אין לאַנד, ביי וועלכן איין פאָלק זאָל נישט קענען באַהערשן דאָס צווייטע... אַלס באַזע פאַר אונטערהאַנדלונגען קען דינען בלויז אַזאַ פּלאַן, וואָס איז געבויט אויפן פּרינציפּ פון פולער גלייכהייט פוןביידע פעלקער".

אין אָקטאָבער 1933 זענען פאָרגעקומען אין לאַנד שטורמישע אַראַבישע דעמאָנסטראַציעס אונטער דער פאָדערונג צו פאַרבאָטן די יידישע איינוואַנדערונג און דאָס קויפן באָדן דורך יידן. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ פּלאַנמעסיקער אַקציע, וואָס איז לאַנג צוגעגרייט און דורכגעפירט געוואָרן דורך דער אַראַבישער רעאַקציאָנערער פירערשאַפט. די רעגירונג האָט זיך צוגעקוקט צו די צוגרייטונגען שווייגנדיק, אָבער בעת די דעמאָנסטראַציעס זענען פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן צווישן די דעמאָנסטראַנטן און דער בריטישער פאָליציי. עס זענען געפאַלן נישט ווייניק אַראַבישע קרבנות פון די בריטישע קוילן.

אַ דעלעגאַציע פון אַראַבישע בירגערמייסטערס האָט דערלאַנגט דעם הויך־קאָמיסאַר וואָקאָפּ אַ פּראָטעסט קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג און אַ פאָדערונג אויפצושטעלן דעם געזעצגעבערישן ראַט. אין זיין תשובה האָט וואָקאָפּ דערקלערט, אַז בלויז די אויפנאַמס־פעיקייט פון לאַנד דינט אַלס קריטעריע ביים פעסטשטעלן דעם פאַרנעם פון דער עליה. גלייכצייטיק האָט ער צוגעזאָגט איינצופירן באַגרענעצונגען פאַר דער יידישער טוריסטיק. און ס׳האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן רדיפות אויף די „אומלעגאַלע" יידן.

# די געשעענישן פון אָקטאָבער 1933

## די געשעענישן און די איינוואַנדערונג

די געשעענישן פון אָקטאָבער 1933 זענען ווי אַ דריטער רינג אין דער גאַנצער קייט „געשעענישן", מיט וועלכע ארץ־ישראל איז „באַגליקט" געוואָרן זינט דער „ציווילער" בריטישער הערשאַפט אין דאָזיקן לאַנד: די געשעענישן פון מאַי 1921, די אויגוסט־געשעענישן פון 1929 און, לסוף, די געשעענישן פון אָקטאָבער 1933. די אַלע געשעענישן דרייען זיך אַרום איין און דער זעלבער איינציקער אַקס: די ייִדישע אַרבעטער־איינוואַנדערונג און די ייִדישע קאָלאָניזאַציע. אין זיי אַלע האָט דער בריטישער הערשער געהאַט אויסצופּילן אַ ספּעציעלע אויפגאַבע, וואָס אין איר לעצטן סך־הכל האָט זי געמיינט, און מיינט עד היום, דעם אָפּשטעל פון דער אַרבעטער־איינוואַנדערונג.

אמת, אויב בעת די געשעענישן פון 1921 און 1929 איז דער פאַרבאָט אויף דער ייִדישער איינוואַנדערונג געקומען נאָך די געשעענישן און ווי זייער באַרעכטיקונג, איז איצט אין 1933, דער פאַרבאָט געקומען פאַר די געשעענישן און ווי אַ דערמוטיקונג צו זיי. אָבער איןביידע פאַלן איז די כוונה געווען די זעלבע: מען איז אויסן געווען צו דערשטיקן די ייִדישע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע.

געוויס, אין די יאָרן 1921 און 1929 האָט מען אויסגענוצט פאַר שליסן די טויערן פון פּאַלעסטינע גאַנץ הויכע בערג פון דערמאָרדעטע ייִדן און געהרגעטע אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס, און אין יאָר 1933 — אַ סך קלענערע בערגלעך געהרגעטע אַראַבישע דעמאָנסטראַנטן — אָבער דער צוועק איז ווידער טאַקע איינער און דער זעלבער: עס ווערט אַלץ מיט מער האַסטיקייט און קראַפט פאַרשטעלט דער וועג פאַר דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג.

דאָס איז די אַקס, דאָס איז דער תוך פון די געשעענישן אויך הײַאָר.

## די צוויי שותפים

צוויי זענען זיי, די שותפים אין דעם קאַמף קעגן דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג: דער בריטישער אימפּעריאַליזם און דער אויספּיר־קאָמיטעט פון די אַראַבישע עפענדים. צי זיי טרעטן אויף אין פּריינטשאַפט און קעגנ־

זייטיקער פאַרשטענדיקונג, ווי אין די גוטע אַלטע צייטן, אָדער אין כלומרשטן צוזאַמענשטויס און קעגנזעצלעכער טאַקטיק, — סייווי שפּילן זיי איינער דעם צווייטן אויף דער האַנט און גרייכן סוף כל סוף צום זעלבן אויסגעחלומטן ציל: זיי שטעלן אויף באַריערן צו שטערן די אַנטוויקלונג פונעם לאַנד דורך שטערן די איינוואַנדערונג.

ווי קאָמיש און נעבעכדיק זעט אויס צווישן אַט די צוויי פאַקטאָרן די ראָל פון דער יעווסעקציע, וועלכע דעקלאַמירט אַזוי פאַטעטיש וועגן אַנטי־אימפּעריאַליזם און איז פּאַקטיש אין דינסט פון די אימפּעריאַליסטישע משרתים און זייערע פּלענער.

פאַרן יידישן אַרבעטער, וועלכער ריכט אויף אין שווערן קאַמף זיין טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע, וועט דער איינוואַנדערונגס־פאַרבאָט נישט ווערן זיסער און אָנגענעמער צוליב דעם, וואָס היינטיקס מאָל זענען די קרבנות פון דער דאָזיקער פּאָליטיק אויסשליסלעך אַראַבער אַליין: מיר זענען כלל נישט באַגייסטערט צו הערן פון דער רעגירונג, ווי זי באַצייכנט אַלס „פּאָגראָמשטשיקעס" די דאָזיקע דעמאָנסטראַנטן, וועלכע זענען געמאָר־דעט געוואָרן עפנטלעך אויף די אויגן פון דער רעגירונג, בעת די אמתע פּאָגראָמטשיקעס פון 1929 האָט זי אָפּגעשאַצט, ווי „איינעם פון די צוויי קעמפנדיקע צדדים". מיר ווילן נישט דריקן די האַנט, וואָס האָט אונטער די יידישע איינוואַנדערונג צוליב אָט דער „שוץ" אירער פאַרן יידישן ישוב, ווייל די איצטיקע טאַקטיק פון דער רעגירונג איז פונקט אַזוי דורכזיכטיק, ווי איר טאַקטיק אין די יאָרן 1921 און 1929.

דאַרף מען טאַקע איינהאַמערן אין מוח פון יעדן אַרבעטער דעם אויספיר: לאָזט אייך נישט אָפּנאַרן און פאַרפירן דורך אַזאַ מין צייטווייליקן צוזאַמענ־שטויס צווישן די צוויי שותפים. דער אימפּעריאַליזם און דער עפענדי פאַר־מאָגן פאַרט איין און די זעלבע פּאָליטיק לגבי דער איינוואַנדערונג און דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון לאַנד: ביידע זענען זיי אויפן לעבעדיקסטן אופן פאַרינטערעסירט נישט צו לאָזן, אַז אין לאַנד זאָל אויפקומען אַ געזונ־טער אַרבעטער־קלאַס, ביידע פאַרטיידיקן זיי דעם פעאָדאַלן ווירטשאַפטס־סיסטעם, וועלכער זינקט און גייט אונטער צוליב דער אומגעהויערער ענער־גיע און גוואַלדיקער קראַפט, וועלכע שפּאַרט אַרויס אין פּאַלעסטינע ביי דעם אויפשטייגנדיקן פּראָלעטאַריאַט.

## דער אימפּעריאַליזם

נישט פון היינט האָט דער בריטישער אימפּעריאַליזם געוואָרפן אַ שלעכט אויג אויף דער יידישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג; ער האָט כלל נישט גע־דאַרפט וואַרטן אויף די אַראַבישע עפענדיס, זיי זאָלן מיט אים איינקנעלן און אויפקלערן, וואָס פאַר אַ שטעלונג ער דאַרף האָבן לגבי דעם יידישן אַרבעטער.

נאָך אין די יאָרן פון די גענעראַלן באָלס און סטאָרס, שוין גלייך ביי זיינע ערשטע שריט אין לאַנד, האָט דער אימפּעריאַליזם געמאַכט פאַר זיך

זיך אייגענעם חשבון און, לויט זיינע מעגלעכקייטן, אָנגעוואַלגערט איינע אויף דער אַנדערער שטערונגען, אויסגעזוכט און אויסגעקאָמבינירט כלערליי שמד־שטיק און המצאות, גזירות אויף גזירות, אַבי נאָר צו שטיקן און דריקן און פאַרהאַלטן דעם וווקס פון יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל. און ס׳איז בשום אופן נישט זיין שולד, אויב ער האָט נישט באַוויזן אָפּצושטעלן די פאַרמערונג, אויפשטייג און איינוואָרצלונג פון דעם יידישן אַרבעטער, דעם קלאַס פון דער קומענדיקער רעוואָלוציע. פאַראַן, ווייזט אויס, כוחות און אומשטענדן, וואָס קיין שום אימפּעריאַליסטישער חשבון קען זיי פאָרט נישט בייקומען.

איז דען ווירקלעך נייטיק היינט צו טאָג אויסרעכענען און אָנרופן ביים נאָמען די אַלע מאָטיוון, וואָס באַוועגן דעם אימפּעריאַליסטישן רעזשים אַנט־קעגנצושטעלן זיך דער איינוואַנדערונג פון יידישן אַרבעטער? אמת, גלייך נאָך די אויגוסט־געשעענישן פון יאָר 1929 האָט בן־גוריון געוואָרנט, מען זאָל נישט אויסזאָגן די ענגלענדער די מאָטיוון פון זייער קעגנערשאַפט, טאָמער וועלן זיי זיך חלילה דערוויסן און זיך ווירקלעך נעמען פירן לויט אָט די מאָטיוון... די מפא״י האָט פּאַקטיש געהיט און אָפּגעהיט אָט דעם גרויסן „סוד״ סיי פאַר די ענגלענדער און סיי פאַר דער גאַנצער וועלט. און פונדעסטוועגן איז דער אימפּעריאַליזם געגאַנגען אומאָפּנויגלעך אויף זיין אויסגעפּלאַסטערטן וועג קעגן דער איינוואַנדערונג. דער בריטישער אימפּעריאַליזם באַשטימט זיין באַציִונג לויט אינטערעסן און נישט לויט טעאָריעס. גאַנץ מעגלעך, אַז דער איצטיקער הויך־קאָמיסאַר סער אַרטור וווקאָפּ האָט גריילעך געכאַפּט אַ קוק אין די מוטסער־ספרים, וואָס אַרלאָזאָראָוו האָט אים געגעבן צו לייענען, ווי די שריפטן פון ד״ר הערצל; אָבער דער אימפּעריאַליזם לייענט מיט קאָפּ נאָר איין איינציקן ספר: דער ספר פון חשבונות. און זיין חשבון זאָגט אים פשוט און דייטלעך: אַ קאַפּיטאַליסטיש ארץ־ישראל מיינט: נאָך אַ האַרטער ביסן פאַר זיינע ציינער; פאַלעסטינע, וואָס האַלט אין פאָרשריטלעכער אַנטוויקלונג און אויסדריקלעכער סאָציאַלער דיפערענצירונג; פאַלעסטינע מיט אַ פעסט איינגעוואָרצלטן פראָלעטאַריאַט, מיט אַ דיסציפּלינירטן רעוואָלוציאָנערן יידישן אַרבעטער־קלאַס — דאָס באַדייט אַ פרישער קוואַל קאָמפּליקאַציעס און גע־פאַרן פאַר דער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט און אַ שטריך איבער אַלע אירע פּלענער. איז אויב לגבי דעם יידישן קאַפּיטאַל קען נאָך דער אימפּע־ריאַליזם ביי זיך פועלן אַ באַציִונג פון דולדן, מוז ער אָבער נאַטירלעכערהייט אַרויסטרעטן שאַרף און אַנטשיידן קעגן דעם יידישן אַרבעטער, און אויסזוכן די ווילדסטע שפּיצלעך, אַבי צו פאַרקלענערן ווי ווייט מעגלעך זיין צאָל.

יידישע אַרבעטער־איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל און אימפּעריאַליסטי־שע פּאָליטיק אין לאַנד זענען פולשטענדיק קעגנזעצלעכע פאַקטאָרן און קענען נישט שליסן קיין שלום צווישן זיך.

ווירטשאַפטלעך און פּאָליטיש, אין די קאָלאָניאַלע, עקאָנאָמישע אינטע־רעסן פון דער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט, איז דער פעאָדאַליזם די איינ־ציק געוווּנשענע סיסטעם, און דעריבער היט דער אימפּעריאַליזם אָט די אָר־

דענינג, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, אומעטום, אַ פּשיטא אין ארץ־ישראל, וואָס איר לאַגע, אַלס בריק צווישן מערב און מזרח, אַלס מיליטערישע באַזע לגבי אַלע לענדער פון אָריענט, פאָדערט דורכויס, זי זאָל זיין פריי און באַוואָרנט פון די אַלע מאָדערנע פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע איפּרו־דערונגען...

# דער פעאָדאַליזם

איף אַזאַ אופן פאַלט צונויף און אידענטיפיצירט זיך דער אינטערעס פון דער אימפעריע מיט די אינטערעסן פון פעאָדאַליזם, פון די עפענדיס, די גוטבאַזיצערס, און עס ווערט געשאַפן דער רעאַלער בונד צווישן ביידע. די פעאָדאַלע אָרדענונג, וואָס אין אַ טייל אַראַבישע לענדער ווערט זי זיך ערשט אויף און אין אַ צווייטן טייל ברעקלט זי זיך שוין און ווערט צעפאַלן, זוכט אָפּן זיך צו שיצן אונטער די פליגל פונעם אימפעריאַליזם. און אויב מיר זעען אָפט, ווי עס ברעכט אויס צווישן זיי אַ מחלוקת, איז עס אַן אַמפּער־ניש אַרום דעם חלק, וואָס יעדער איינער פון זיי זאָל אַריינבאַקומען פון דעם גאַנצן אוצר הערשאַפט און פּראָפיט. אין ארץ־ישראל געפינט זיך דער פעאָדאַליזם אייפן שוועל פון פולשטענדיקן פונאַנדערפאַל אין רעזולטאַט פון דער שנעלער קאַפּיטאַליזאַציע פון לאַנד און אַלץ, וואָס איז דערמיט פאַר־בונדן — די שטייגערונג פון אַרבעטס־לוינען און הייבונג פון לעבנס־ניוואָ פון גרויסע מאַסן, צעשטערונג פון די פּאַטריאַרכאַלע באַציונגען און פאַר־שריטלעכע קלאַסן־צעשפּליטערונג פון דער אַראַבישער ווירטשאַפט, אַנט־שטייונג פון אַרבעטער־קלאַס און מער פרייהייט פאַר די מאַסן ביים זוכן אַרבעט אייסער די ראַמען פון דער פרימיטיווער לאַנדווירטשאַפט. צוליב דעם אַלעם נייטיקט זיך דער פעאָדאַליזם וואָסאַמאָל מער אין הילף מצד דער רעגירונג, און אין השפעה אויף די האַנדלונגען פון אָט דער רעגירונג, האָבנדיק אין זינען די אינטערעסן פון הערשאַפט און נעמענדיק אין אַכט אייך דעם פאַקט, אַז עס איז דאָ נאָך אַ צווייטער פאַקטאָר, דער קאַפּיטאַ־ליסטישער, הויפּטזעכלעך אַ יידישער, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ כוח, וועלכן מען קען נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. די זיגזאַגן, וועלכע עס מאַכט דורך די אימפעריאַליסטישע רעגירונג ביים רעאַליזירן דעם שותפות־דיקן וועג, ווו זי טרעפט זיך צונויף, אמת, אין דער שטרעבונג, אָבער נישט אין איר קאַפּיטאַליסטישן וועזן, מיט דעם פעאָדאַלן אַראַבישן שיכט, רעגן איף דעם לעצטן און ער זוכט דערפאַר יעטוועדעס מאָל אַנדערע ווירקזאַמע מיטלען, ווי צו צווינגען די רעגירונג, זי זאָל זיין מער רירעוודיק און וואָס דייטלעכער אַרויסברענגען אין דער עפנטלעכקייט איר וועג און פּאָליטיק. דאָס, וואָס די מאַכט נעמט אין אַכט אָט די אונטערטרייבונג, ווי מ׳קען עס לייכט זען אין די אַלע איינוואַנדערונג־פאַראָרדענונגען און באָדן־געזעצן פאַר פּאַלעסטינע, איז אָבער נאָר אין דער צווייטער ריי אַ רעזולטאַט פון אָט דעם פּאָליטישן דרוק. אין אַ סך גרעסערער מאָס דינט איר דער דאָזיקער דרוק, ווי אַ פּאָליטישער אויסרייד צו פאַרפעסטיקן איר אייגענע פּאָזיציע.

# דער דורכפאַל פון דעם פאַרניכטונגס־פּלאַן און די צוגרייטונג פון די געשעענישן

ביי אַזאַ לאַגע איז שוין אפשר נישט איבעריק נייטיק אויספירלעך צו שילדערן, ווי אַזוי עס האָבן אויסגעבראָכן די אָקטאָבער־געשעענישן 1933. פונדעסטוועגן איז כדאי אייניקע זאַכן צו פאַרנאָטירן און פאַרגעדענקען.

די אויגוסט־געשעענישן פון 1929 האָבן נישט באַוויזן צו צעברעכן דעם אָנגריפס־כוח פון ציוניזם, דעם לעבעדיקן רעאַלן ציוניזם, דעםווירטשאַפט־לעכן פּראָצעס פון יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. די ווירטשאַפטלעכע אומשטענדן פון דער אונטערגייענדיקער קאַפּיטאַליס־טישער וועלט האָבן קיין פּאַלעסטינע אַריינגעשטראָמט קאָלאָסאַלע קאַפּיטאַלן און צוזאַמען דערמיט געעפנט אומגעהויערע מעגלעכקייטן, און די פּסיכאָ־לאָגישע שפורן פון די פּאָגראָמען זענען גיך אָפּגעמעקט געוואָרן. די פאַר־שיידענע איינוואַנדערונג־פאַרבאָטן און דראָונגען, ווי די אַלע מינים געזעצ־לעכע באַגרענעצונגען האָבן אָן ספק שווערער געמאַכט די טריט פון דער איינוואַנדערונג און פון דער אַנטוויקלונג פון לאַנד, זיי איז אָבער נישט גע־לונגען אָפּצוהאַקן דעם סטיכישן איינוואַנדערונגס־שטראָם פון קאַפּיטאַל און אַרבעט. די לאַגע פון די יידישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט, דער ווירט־שאַפטלעכער קריזיס און די פאַשיסטישע רדיפות אין פאַרשיידענע לענדער האָבן דעם דאָזיקן שטראָם פאַרשטאַרקט.

אָבער אין דער צייט, ווען די מאַסן, יידישע און אַראַבישע, פון ארץ־ישראל געניסן פון אָט דער איינוואַנדערונג, פון דער שפע אַרבעט און שטייגנ־דיקע לוינען, פון דער אויפנעמלעכקייט פונעם מאַרק פאַר דער אָרטיקער פּראָדוקציע, איז די פּאַלעסטינער אַדמיניסטראַציע געבליבן שטיין פאַר־טרויערט ביי די חורבות פון אירע באַגרענעצונגס־פּלענער. ביים באַשטימען די צאָל איינוואַנדערער האָט זי זיך כסדר פאַרופן אויף דער ווירטשאַפטלעכער אויפנעם־פעיקייט פונעם לאַנד, וועלנדיק דורך דעם באַרעכטיקן די באַגרע־נעצונג און אַרומשניידונג פון דער איינוואַנדערונג ביז צום מינימום. אָבער גראָד דאָ האָט זי זיך אָפּגעבריט, ווייל גריילעך האָט די אומאויפהערלעך שטייגנדיקע ווירטשאַפטלעכע אויפנעמלעכקייט פון לאַנד געצויגן אַלץ נייע און פרישע איינוואַנדערער, און וואָס די רעגירונג האָט פאַרמינערט דורך דער סיסטעם פון סערטיפיקאַטן, האָבן די יידישע מאַסן אַליין שוין דערגאַנצט אין אַ גאָר באַדייטנדיקער, הגם נישט פּולער, מאָס דורך דער ברייט־צעגאָ־סענער באַוועגונג פון טוריסטן.

נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער נייער געפּילדער אין דער אַראַבישער פּרעסע וועגן שליסן די יידישע איינוואַנדערונג, האָט שוין דער פּאַלעסטינער רעגירונגס־פאָרשטייער אין דער מאַנדאַט־קאָמיסיע געמאָלדן, אַז פּאַלעסטינע וועט נישט קענען אַריינעמען אַזוי פיל יידן און אַפילו מרמז געווען, אַז ס'איז נייטיק „נישט צו שטערן דער יידיש־אַראַבישער דערנענ־טערונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן" אאַ"וו. „ס'איז געווען אַן איידעלע אָנ־

צוהערעניש, אַז דעצידירן וועט נישט די אויפנעמפעיִקייט פון לאַנד, נאָר פּאָליטישע פאַקטאָרן, דער „שלום צווישן בידע פעלקער״ אד״גל.

אָט דער אָפענער אַרויסטריט קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג אויפן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום — ווו אַלע, דאָרט באַטייליקטע, מלוכות זענען פלוצלינג דערשינען ווי כלומרשטע פאַרטיידיקער פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל, צוליב דעם וואָס היטלער־דייטשלאַנד האָט זיי פלוצלינג געשטעלט פאַר דער נויטווענדיקייט פון אָפּווענדן דעם ייִדישן וואַנדערונגס־שטראָם פון זייערע אייגענע לענדער — דאָס גופא האָט שוין געדינט, ווי אַ צייכן פאַר די לייט פון אַראַבישן אויספיר־קאָמיטעט, אַז איצט איז די רעכטע צייט אויפצוהייבן די יללה קעגן דער איינוואַנדערונג, וועלכע „פאַראָרעמט דאָס לאַנד״, „שטעלט אין געפאַר די אַראַבישע פּאָזיציעס״ און ענלעכע פּזמונות. די צייט איז געווען ווי געוווּנטשן, אַז די רעגירונג זאָל אויפהעצן די אַראַבישע „עפנטלעכע מיינונג״ קעגן דער איינוואַנדערונג. האָט זיך חדשים לאַנג געפּירט אין דער פּרעסע די העצע אָן שום שטערונג. ספּעציעל האָט זיך די העצע פאַרשטאַרקט און איז אַרויס מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג אין משך פון דעם חודש, זינט די רעגירונג האָט אָפּגעלייגט אויף אַ חודש צייט די באַהאַנדלונג פון דעם נייעם שעדיול. אָט דער צוגאָב־חודש, וועלכן זיי האָבן אַריינגעכאַפּט ווי אַ מציאה פונעם רעגירונגס־טיש, איז דורכן אויספיר־קאָמיטעט גלענצנדיק אויסגענוצט געוואָרן פאַר אָרגאַניזירן די „אויפקלערונג״ און געהעריקער „אַקציע״. ווירקלעך איז טאַקע נייטיק געווען, ווייזט אויס, אָפּצורוקן דעם טערמין פון באַהאַנדלען דעם שעדיול, כדי צו מאָביליזירן די אַראַבישע „עפנטלעכע מיינונג״, וועלכע איז דאָס מאָל געבליבן, נעבעך, זייער הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט די אויפטריטן פון די פירער...

## מאַסן און לאָזונגען

די ווירטשאַפטלעכע לאַגע אין לאַנד, ספּעציעל אין דעם ייִדישן סעקטאָר, איז אומפאַרגלייכלעך בעסער געוואָרן לגבי דעם יאָר 1929. איז שוין גאָרנישט אַזאַ לייכטע אַרבעט געווען צו העצן קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג, פון וועלכער די אַראַבישע באַפעלקערונג געניסט זייער שטאַרק. אַפילו די דערפער, וועלכע געפינען זיך מער אונטערן איינפלוס פונעם מופטי און זיינע אָנהענגער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די אויגוסט־געשעענישן, און שפּעטער חרטה געהאַט אויף די קרבנות, וועלכע זיי האָבן פאַרלוירן אויפן מזבח פון דער נאַציאָנאַליסטישער העצע, — אַפילו זיי האָבן זיך נישט געלאָזט אַזוי גרינג מיטרייסן דאָס מאָל. עס האָט זיך געלאָזט מערקן אויך דאָס, וואָס איצט האָט געפעלט דער „רעליגיעזער״ מאָמענט, וועלכער האָט איינגעהילט די פּאָגראָמען פון 1929 אין אַ טלית פון אַ „הייליקער מלחמה״.

די לאָזונג, אַז די דעמאָנסטראַציעס זענען דאָס מאָל געווענדעט נישט דירעקט קעגן די ייִדן, נאָר קעגן דער רעגירונג, וועלכע דערלויבט ייִדן איינצוקויפן פאַר זיך באָדן, האָט אויך מיטגעהאָלפן צו פאַרקלענערן דעם היקף פון די געשעענישן. מאַסן, וועלכע זענען שוין צוויי מאָל געגאַנגען פאַ־

גראַמירן מיטן לאָזונג „די רעגירונג איז מיט אונדז״, איז נישט אַזוי גרינג צו באַוועגן מיט אַ פּונקט־קאַפּויערדיקן רוף: „מיר זענען קעגן דער רעגירונג״.

און דאָס וויכטיקסטע: אין משך פון די לעצטע יאָרן איז געוואַקסן די סאָציאַלע דיפערענצירונג צווישן די אַראַבער סיי אין שטאָט און סיי אין דאָרף. לוין־קאַמפן און שטרייקן האָבן אַלץ מער צעלעכערט די גאַנצקייט פון דער „נאַציאָנאַלער אחדות״, און ס'איז, ווי אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט דערפון, געשטיגן דער אומצוטרוי פון די מאַסן צו די פעאָדאַלע פירער און צו זייערע כוונות; מען האָט שוין נישט נאָר אינסטינקטיוו באַנומען דעם שווינדל, וועלכער שטעקט אין דעם פאַקט, וואָס גראָד עפענדישע אונטער־דריקער און היטשינדער נעמען זיך פלוצלינג אָן די „עוולות״ פון די צו זיי פאַרשקלאַפטע פעלאַכן און אַרבעטער; וואָס גראָד זיי, וועלכע שטאָפן אָן פולע טאַשן מיט ייִדישן גאָלד פאַר באָדנס און באָדן־פאַרמיטלעריי, זענען פלוצלינג אַזעלכע פאַרברענטע קעגנער פון פאַרקויפן באָדן צו ייִדן און פון אַריינלאָזן ייִדישע איינוואַנדערער.

דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען האָט פאַרקלענערט די אויסזיכטן פאַרן דער־פאָלג פון דער פּראָיעקטירטער דעמאָנסטראַציע, און ווען דער אויספיר־קאָ־מיטעט וואָלט נישט געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז מ'איז אויסן בלויז אַ שטילע דעמאָנסטראַציע, וואָלט זיי נישט געלונגען ביי דער איצטיקער לאַגע צונויפברענגען צו די דעמאָנסטראַציעס אַפילו אָט דעם עולם, וועלכער איז געווען אומפאַרגלייכלעך קליין לגבי די ריזיקע מאַסן, וואָס האָבן אָנטייל־גענומען אין די אויגוסט־געשעענישן פון 1929.

די פעאָדאַלע רעאַקציע האָט קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט: זי האָט געמוזט פאַר יעדן פּרייז באַמיִען זיך, די מאַסן זאָלן אַרויס אין גאַס און דע־מאָנסטרירן אונטערן לאָזונג פון „קאַמף קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג״. דאָס האָט געזאָלט זיין דער בליץ־אָפּלייטער, וואָס זאָל אויסלאָדן די וואַקסנ־דיקע סאָציאַלע יוירונג ביי די פעלאַכן, אָט די יוירונג, וועלכע שטעלט אין סכנה דעם פּריצישן באָדן־מאָנאָפּאָל, דעם עפענדישן וווכער־קאַפּיטאַל, זיין שליטה און השפעה אויף דער אַראַבישער פּויערים־גאַס.

## די דעמאָנסטראַציע אין יפו

צו דער מדרגה פון „געשעענישן״ האָט מען נישט דערגרייכט מיט די ערשטע אומגעלונגענע „איבונגען״ אין ירושלים (דאָרט האָבן זיך באַטייליקט קנאַפּ מענטשן, בפרט, ווי עס גיט צו די אַראַבישע פּרעסע, האָבן געפעלט די פעלאַכן, וואָס זענען אַפילו צו דער תפילה אין מעטשעט נישט געקומען ווער ווייסט אין וועלכע מאַסן), וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס מען האָט דעם עולם צעטריבן מיט שטעקנס און עטלעכע לייכט פאַרוווּנדעט. דאָס מאָל האָט זיך אַרויסגערוקט יפו מיט דער ערנסטער שיסעריי, מיט די צענדליקער געהרגעטע און הונדערטער פאַרוווּנדעטע. די שיסעריי האָט גע־ראַטעוועט די יפוער דעמאָנסטראַציע, זי זאָל נישט האָבן אַזאַ וויסטן מזל, ווי די ירושלימער, נאָר פאַרקערט: ווערן אַ „היסטאָרישע געשעעניש״ און אויף

אַזאַ אופן פאַרשטאַרקן איר פּאָליטישע ווירקונג, וואָס ביידע צדדים, די רע־גירונג און די עפענדיס, זענען אין דעם פאַרינטערעסירט.

די פּאַלעסטינער פּאָליציי האָט זיך דאָס מאָל אויסגעצייכנט מיט איר „טריישאַפט". אַ גאַנצע שעה נאָכאַנאַנד האָט אָנגעהאַלטן די שיסעריי. אַ סך געהרגעטע, אַ מאַסע פאַרווונדעטע. מ׳האָט אַפילו אַרעסטירט עטלעכע אָנ־פירער פון דער העץ־קאַמפּאַניע. אויך דאָס איז אייגנטלעך נישט קיין נייעס. נאָך די געשעענישן אין 1921 איז אַרעסטירט געוואָרן דער איצטיקער מופטי און אַפילו פאַרמשפּט געוואָרן צו 15 יאָר קאַטאָרגע. אָבער גלייך דערנאָך האָט מען אים באַשטימט אַלס מופטי. די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק ווערט דורכדעם נישט געענדערט אויף קיין האָר.

דער עיקר איז: פאַראַן שוין אַ פּאַרטיקער פּאָליטישער געווינס פון דער דעמאָנסטראַציע — „די אַראַבער זענען גרייט צו אויפשטאַנדן, אויב עס וועט פאַרגעזעצט ווערן די יידישע אײַנוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע", און דער בריטישער פּאָליטישער פאַרשטאַנד וועט שוין ווידער אויסצונוצן דאָס, ווי אַ דעצידירנדיקן מאָטיוו, צו נייע, נאָך מער ברוטאַלע פאַראָרדענונגען און געזעצן.

## דער אינטערמעצאָ אין שכם

אַ קליינער אינטערמעצאָ: אין דער צווישנצייט פון ירושלים ביז יפו האָט דער קאָמיסאַר, וועלכער האָט זיך נאָרוואָס אומגעקערט פון זיין אורלויב, באַוויזן צו באַזוכן די פערד־געיעגן אין שכם און זיך ווענדן צו די פאַרזאַמלטע עפענדיס מיט ווערטער פון שלום און פריינטשאַפט, אַריינוויק־לענדיק אין זיי די הבטחות, אַז ער „וועט נישט צולאָזן, די טוריסטן זאָלן זיך באַזעצן אין לאַנד" (ס׳איז טאַקע גלייך נאָכדעם דערשינען די פאַרניכ־טונגס־פאַראָרדענונג קעגן טוריסטן). און צוזאַמען מיט דער דערקלערונג, אַז „די אײַנוואַנדערונג וועט נישט איבערשטייגן די גרענעץ פון דער ווירט־שאַפטלעכער אויפנעמס־פעיקייט", איז אויך געקומען די באַרויִקונג... אַז די אַראַבער האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר אַ יידישער מערהייט, היות זיי זענען אַ קלוג און דורכגעטריבן פאָלק און וועלן שוין וויסן, וואָס זיי האָבן צו טון...

אויף מאָרגן נאָך די געשעענישן, איידער זייער אָפּהילך האָט נאָך באַ־וויזן דורכצוטראָגן זיך איבערן גאַנצן לאַנד, האָבן זיך די צוויי צדדים שוין געגומען שמידן דאָס אייזן כל־זמן עס איז נאָך הייס, און אין איילעניש, כדי די אַרבעטנדיקע מאַסן זאָלן נישט האָבן קיין צייט אַליין צו רעאַגירן, פּרובירט מען שוין זיך צונויפרעדן וועגן מקח בנוגע דעם עיקר: דערשטיקן די אײַנ־וואַנדערונג, איינפירן אַ לעגיסלאַטיוון ראַט, וואָס זאָל דינען פאַר אַ קאַנאַל, ווו עס זאָל אַדורכפליסן די געמיינזאַמע פאַרניכטונגס־אַרבעט פון אימפּע־ריאַליזם און פעאָדאַליזם.

דער „גוטער נציב", ווי עס רעקאָמענדירט אים די מפא"י, האָט ווידער אַמאָל געעפנט די קאָרטן און מודה געווען, אַז ווירקלעך שטעקט אין דער

ייִדישער איינוואַנדערונג אַ גרויסע געפֿאַר לגבי דעם אַראַבישן פֿאָלק; נישט מער, ער פֿאַרלאָזט זיך אויף דעם שכל פֿון די אַראַבער. וואָס נאָך, אייגנטלעך, קען אַ בריטישער נציב מעלדן עפנטלעך פֿאַר אַלעמען, כדי נישט קאַליע צו מאַכן די גאַנצע שפּיל? און וואָס, אדרבה, קען נאָך מער אויפמונטערן צו דעמאָנסטראַציעס ווי אַזעלכע דיבורים?

## אָפּאָרטוניסטישע פּאָליטיק

אונדזערע חכמי־לעזשאַנקע, די דיפּלאָמאַטן פֿון מפא״י, באַמיִען זיך איינצוהילן אַלץ אין סודות, וועלכע מען טאָר נישט אויסזאָגן דעם ברייטן עולם, אַ חוץ געציילטע אויסדערווײלטע.

דער בריטישער אימפּעריאַליזם האָט דערלעבט ווידער די גרויסע שעה, ווען ער האָט געהאַט די געלעגנהייט נתגלה צו ווערן און אַרויסווייזן זיך אין אמתער ליכט, נאָך דער לאַנגער תקופה, בשעת וועלכער די איבערגעשפּיצטע חכמים פֿון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און פֿון מפא״י האָבן געוואָלט איבערעדןביידן, סיי אונדז און סיי אים, אַז אימפּעריאַליזם און ייִדישע איינוואַנדערונג פּאַסן זיך צונויף און זענען אומצעטיילבאַר.

אָט דער נאַרישער שקר, אַז ס׳איז כלומרשט פֿאַראַן איינהייטלעכקייט צווישן בריטישן אימפּעריאַליזם און ייִדישער איינוואַנדערונג (וואָס עס מיינט, אגב, אַז ווען דער אימפּעריאַליזם באַקעמפֿט די איינוואַנדערונג, באַקעמפֿט ער דעם... אימפּעריאַליזם!), דער דאָזיקער נידערטרעכטיקער שקר, וועלכן עס האָבן אויסגעטראַכט די גרעסטע שונאי־ציון, די יעווסעקן, בעת די גאַנצע געשיכטע פֿון ייִדישן ישוב אונטער דער בריטישער הערשאַפֿט לייקנט אים אָפּ קאַטעגאָריש, די דאָזיקע שענדלעכע פּראָוואָקאַציע קעגן דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג, קעגן איר עצם־וועזן און גייסט, ווערן די פֿירער פֿון מפא״י נישט מיד צו פֿאַרשפּרייטן און אונטערצוהאַלטן.

די מפא״ישע פּאָליטיק, די פּאָליטיק פֿון וויצמאַן און אַרלאָזאָראָוו, די פּאָליטיק פֿון אונטערטעניקייט אָן אַ מאָס און אָן אַ גרענעץ, די באַרימטגעוואָרענע פּאָליטיק פֿון „קריכן מיט אַ שטאָלץ פֿאַריסענעם קאָפּ״, האָט באַנקראָטירט, און זי מוז באַנקראָטירן, קיין נפקא־מינה נישט, צי ס׳וועט זי פֿירן אַזאַ מיושבדיקער וויצמאַן, אָדער אַ פּאָליטיקער אימפּראָוויזאַטאָר, ווי בן־גוריון, וועלכער האָט גלייך נאָך די אויגוסט־געשעענישן געדרשנט וועגן „צעקלאַפּן די בריטישע אימפּעריע״ און אויף מאָרגן שוין געזונגען דאָס ליד פֿון מעסיקייט און שלום.

די מפא״ישע פֿירער אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע זענען איצט ווי געפֿאַנגען און ווערן געשלעפּט אין דעם פּלאָנטער פֿון דער אימפּעריאַליסטישער דיפּלאָמאַטיע; זיי וועלן זיך אויפֿרעגן לייטיש, נאָבל... און נאָכגעבן, זיך אונטערוואַרפֿן. די אַרבעטער־איינוואַנדערונג ווערט געטרעטן דורכן אימפּעריאַליסטישן שטיוול, און זיי וועלן פֿונדעסטוועגן נישט אַרויס פֿון די כלים. פּונקט אַזוי זענען זיי אָפּן מפקיר דעם קאַמף פֿאַר דער טוריסטיק, וועלכע

איז געוואָרן דער הויפּט־קוואַל פֿאַר די שטראָמען איינוואַנדערער. זיי זענען מוותר אויף דער לעגאַליזירונג פֿון די טוריסטן, וועלכע זענען נישט נאָר דער רעגירונג נישט צום האַרצן, נאָר פֿון וועמען אויך זיי האָבן קנאַפּ וואָס נחת, וויבאַלד זיי קענען אויף אַזאַ איינוואַנדערונג נישט האָבן די קאָנטראָל... ווערן זיי אַזוי אַרום פּטור פֿון אָננעמען זיך פֿאַר די פֿיל טויזנטער אַרבעטער־איינוואַנדערער, וועמען עס שטייט פֿאָר די סכנה פֿאַרוואָגלט צו ווערן און הינטער וועמען עס וועט יאָרנלאַנג לויערן דער געשפּענסט פֿון גירוש. פֿון דער סערטיפֿיקאַטן־סיסטעם, וועלכע ווערט פֿאַרצויגן, ווי אַ פּעטליע אויפֿן האַלדז פֿון דער גאַנצער איינוואַנדערונג, ווילן זיי זיך נישט אָפּזאָגן.

## וואָס ווייטער?

דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס אין דער גאָרער וועלט און ספּעציעל אין פּאַלעסטינע, ווו ער האַלט אין פֿורעמען די סטראַטעגישע באַזע צום קאַמף פֿאַר זיין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפֿרייונג, איז מחויב צו באַנעמען אין פֿולן ערנסט, וואָס פֿרייע אַרבעטער־איינוואַנדערונג באַדייט פֿאַר אים און פֿאַרן גאַנצן לאַנד. אַן אונטערגעהאַקטע איינוואַנדערונג מיינט אונטערגעהאַקטע פֿליגל ביים אַרבעטער־קלאַס, פֿאַרמינערונג פֿון זיין קראַפֿט, צוריקגאַנג. אָבער אין דעם דאָזיקן קאַמף זענען די אַקטיווע כּוחות פֿון דער געשיכטע אויף אונדזער זייט. נישט איין מאָל זענען אין אַזאַ קאַמף צעשטערט געוואָרן די פֿאַרשלאָסענע ריגלען פֿון דער איינוואַנדערונג. זיי וועלן אויך דאָס מאָל נישט אויסהאַלטן דעם אָנשטורעם פֿון אונדזערע פּראָלעטאַרישע כּוחות.

דער שאַרפֿער אָנגריף אין די יאָרן 1920—1921 האָט זיך אויסגעלאָזן מיטן צוריקטריט פֿונעם אימפּעריאַליזם. דער דרוק פֿון די ייִדישע מאַסן, וועלכער האָט זיך פֿאַרשטאַרקט צוליבן קריזיס אין פּוילן, דער אָנגריף מצדן אַרבעטער־קלאַס, די אויסניכטערונג פֿון די אַראַבישע מאַסן צוליב דער ווירטשאַפֿטלעכער ירידה אין רעזולטאַט פֿון דער אָפּגעשטעלטער איינוואַנדערונג, און ענדלעך דאָס, וואָס די פּאַלעסטינער רעגירונג איז געווען געצוווּנגען צו לינדערן דעם קריזיס אין לאַנד פֿון איר הערשאַפֿט — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געבראַכט דערצו, אַז מען זאָל כאָטש טיילווייז עפֿענען די פֿאַרמאַכטע טויערן פֿון ארץ־ישראל. אין דעם געעפֿנטן שפּאַלט האָט זיך גלייך געגעבן אַ שפּאַר אַריין דער עמיגראַציע־שטראָם — די פֿערטע עליה.

אויך דער אָנגריף פֿון יאָר 1929 און דער אָפּשטעל פֿון דער איינוואַנדערונג האָבן אַרויסגערופֿן אַ פֿאַרביטערטן קאַמף פֿון די ייִדישע מאַסן, געשטויסן די רעגירונג צו פֿאַרנעמען אַ פֿאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע. דער דרוק פֿון די מאַסן האָט זיך פֿאַרשטאַרקט מיט דער אויסברייטערונג און פֿאַרטיפֿונג פֿונעם קריזיס אין די לענדער פֿון ייִדישן מאַסן־לעבן, פּונקט ווי צוליב די קריזיס־שוועריקייטן אין ארץ־ישראל גופא אַלס רעזולטאַט פֿון דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק. ענדלעך איז דאָס מאָל די מויער דורכגעבראָכן געוואָרן דורכן אָנשטראָם פֿון דער „אומלעגאַלער" איינוואַנדערונג, און ווידעראַמאָל איז אַריין אין לאַנד אַ נייע מעכטיקע כוואַליע...

אָבער דאָס אַלץ איז פאַרגעקומען טראָץ דער שטענדיקער נאָכגיביקייט פון דער ציוניסטישער בורזשואַזיע, טראָץ דער מפא״ישער פּאָליטיק פון באַרויקן די געמיטער, טראָץ און אויף צו להכעיס זייער אָפּשאָקלען זיך פון דער אויפגאַבע אויפצושטעלן דעם בונד פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער אין פאַלעסטינע.

דורך קאָנסעקווענטן פאַרעקשנטן קאַמף וועלן מיר אויך איצטיקס מאָל דורכברעכן שטעג נאָך שטעג, ביז עס וועלן ברייט אויפגעפּראַלט ווערן די טויערן פון לאַנד. מען דאַרף זיך נאָך צוערשט באַפרייען פון די פּענטעס פון דער ליגנערישער און פאַרפירערישער אימפּעריאַליסטישער אָריענטאַ־ציע, אַראָפּשליידערן דעם יאָך פון דער פּחדנותדיקער, צעפוילטער ביר־גערלעכער פּאָליטיק און קאָאַליציע און אויסשמידן דעם יידיש־אַראַבישן פּראָ־לעטאַרישן פראָנט.

די פראַגע פון יידישער איינוואַנדערונג איז געוואָרן אַן ערשטראַנגיקער, אינטערנאַציאָנאַלער, געזעלשאַפטלעכער און ווירטשאַפטלעכער פּראָבלעם. עס זענען גוואַלדיק געשטיגן די כוחות פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין לאַנד און די מעגלעכקייטן פאַר אויסאיבן אַ דרוק דורך זיי. עס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די השפּעה פון די פירער פונעם עפּענדיש־אימפּעריאַליסטישן בונד אויף די אַראַבישע מאַסן. די יידישע מאַסן, אָנגעלערנטע פון דער ביטערער דערפאַרונג, באַפרייען זיך אַלץ מער פון זייער גלויבן אין דער בירגערלעכער און רעפאָרמיסטישער פּאָליטיק פון „נאַציאָנאַלן פראָנט״ און הכנעה פאַרן אימפּעריאַליזם. יעדע נייע פּאַסירונג און יעדע מינדסטע ענדערונג, וואָס קומט פאָר, שוואַכט אָפּ די באַוועגונגס־פרייהייט, דעם פרייען שפּיל פונעם אימפּעריאַליזם, פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט די קאַמפס־מעגלעכקייטן פון די אַרבעטער אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

די מאַסן דאַרפן זיין גרייט צו אַ פאַרצויגענעם קאַמף. וועלן מיר שעפּן דערפאַרונג פון די אַלע קאָנפליקטן, ביי אָפענע און מאַסקירטע גזירות, פונעם אימפּעריאַליזם און פון זיינע משרתים און אונטערהעלפער אין די רייען פון דער יידיש־ציוניסטישער בורזשואַזיע.

קעגן זיי אַלע וועט דער יידישער אַרבעטער אויפשטעלן אַ פראָנט פון אָרגאַניזאַציע און קאַמף. ער וועט זיך ווענדן צו די אַראַבישע אַרבעטער אין לאַנד אין נאָמען פון זיין הילף און מיטווירקונג פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע, אין נאָמען פון געמיינזאַמען סאָציאַלן און פּאָליטישן גורל, פון געמיינזאַמען קאַמף פאַר אַ סאָציאַליסטישער פּאַלעסטינע; אין נאָמען פון חברישע סאָלידאַרע באַציִונגען וועט ער זיך ווענדן צו דער אינטערנאַציאָ־נאַלער אַרבעטער־באַוועגונג — ער וועט גיין אין קאַמף און זיגן מיטן כוח פון זיינע לעבנס־לאָזונגען, די לאָזונגען פון אויפשטייג און מאַסן־גאולה, קעגן די לאָזונגען פון אונטערדריקונג און רעאַקציע.

פאַר די רעכט פון די ברייטע יידישע מאַסן אויף אומבאַגרענעצטער איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע; פאַר לעגאַליזירן אַלע יענע, וואָס געפינען

זיך אין לאַנד און האָבן זיך מיט אים פאַרבונדן; קעגן טיראַנישע געזעצן און גזירות לגבי אײַנוואַנדערער און טוריסטן; קעגן שפּיאָנאַזש און געיעג אויף מענטשן; קעגן דער שענדלעכער סערטיפיקאַטן־סיסטעם; קעגן יעט־וועדער פשרה און קו־האַנדל צווישן דער יודישער בורזשואַזיע און אירע פאַרשטייער מיט דער רעגירונג אויפן חשבון פון דער אַרבעטער־אײַנוואַנ־דערונג; קעגן די בלוטיקע פּראָוואָקאַציעס; קעגן דער געפלאָכטענער קייט: פאַשיזם — אימפּעריאַליזם — נאַציאָנאַליסטישע העצע און אָנרייצונג אויף „פרעמדע״.

## פאַר פרייער אַרבעטער־אײַנוואַנדערונג!

פון דער בראָשור „די געשעענישן פון אָקטאָבער 1933״, אַרויסגעגעבן דורכן צ״ק פּועלי־ציון אין העברעיש אין תל־אביב, אין יידיש — אונטער נאָמען „די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע״, אין פאַרלאַג „אַרבעטער־צײַטונג״, וואַרשע 1933.

יוסף ראָזען

# נאָך די געשעענישן

## 1. אַ פּראָוואָקאַציע קעגן דעם יידישן ישוב

געוועזן אַ מאָמענט — אין די בלוטיקע טעג פון אויגוסט 1929 — ווען די צעטומלטע פירער פון מפא״י האָבן געוואָרפן אין דער וועלט אַ פּאַרצווייפלטן געשריי: „מיר זענען פאַראַטן!״ ס׳האָט זיך געדוכט, אַז דער גלויבן אין די „רעגירונגען פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע״ האָט זיך אַ וואַקל געטון. עס איז אָבער גענוג געווען עס זאָל זיך באַווייזן אַ נייער הויך־קאָמיסאַר מיט „בעסערע מאַנירן״, און באַלד האָבן די מפא״ישע פירער אָנגעהויבן פלייסיק מחיה־מתים זיין די לעגענדע וועגן „יידיש־ענגלישער שותפות״.

אין זייער גלויבן אין ענגלאַנד דערגייען זיי ממש צו קוריאָזן. אָט שרייבט דער „דבר״ אין די טעג פון דער אַראַבישער העצע:

„ס׳איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז ווען צום פעלאַך און צום אַראַבישן אַרבעטער זאָל דערגרייכן דער אמת (וועגן דעם נוצן, וואָס די יידישע איינוואַנדערונג ברענגט די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן — י. ר.), וועט ער קוקן מיט גאָר אַן אַנדער אויג אויף דער פאַרשטאַרקונג פון דעם פּראָגרעסיוון כוח, דער יידישער איינוואַנדערונג״.

זייער ריכטיק! אָבער וואָס טוען זיי דערצו, אַז דער דאָזיקער אמת זאָל דערגרייכן צום אַראַבישן אַרבעטער און פעלאַך? גאָרנישט, אָבער טאַקע לחלוטין גאָרנישט! זיי פירן נישט אין דער ריכטונג די מינדסטע אויפקלער־רונגס־אַרבעט. זיי מאַכן נישט קיין ברעקל פּרווו אַנטקעגנצווווירקן דער אַגי־טאַציע פון דער אַראַבישער פּרעסע צווישן די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן. אָבער זיי פאַרלאַנגען גאָר, אַז דאָס זאָל טון — טרעפט ווער!...

„ס׳איז די פליכט — שרייבן זיי — פון דער רעגירונג צו פאַר־שפּרייטן אמתע ליכט אויף דעם גרויסן נוצן, וואָס די יידישע איינוואַנ־דערונג ברענגט די אַראַבער, עס איז איר פליכט צו זאָרגן דערפאַר, אַז דאָס זאָל באַקאַנט ווערן דעם אַראַבישן פאָלק״...

די ענגלישע אימפּעריאַליסטן — די דורכפירער פונעם פּרינציפּ „צעטייל און באַהערש״, — זיי זאָלן טון פאַר די מפא״ישע פירער די אַרבעט פון

אויפקלערן די אַראַבישע אַרבעטער און פעלאַכן, אַז זיי דאַרפן זיין צופרידן פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג!... דוכט זיך, אַז אַפילו אַטאָ וואָלסן וואָלט נישט איינגעפאַלן צו פאַרלאַנגען פון קרופּן, ער זאָל ווערן אַן אַגיטאַטאָר פון פּאַציפיזם.

זיי דערעדן זיך אָבער צו נאָך עפּעס ערגערס.

מיר זענען דאָ געוווינט צו הערן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק פון די היגע יעווסעקעס, די „פּראַקציאָנערן", אַז די ייִדישע איינוואַנדערונג איז דאָ דער וויכטיקסטער שטיצפונקט פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם, און אַז דערי־בער — ווער עס וויל קעמפן קעגן אימפּעריאַליזם, דער מוז קעמפן קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג. מיר ווייסן, אַז דאָס איז אין גרונט פאַלש. אַ ריכטיקער אַנאַליז פון די ענגלישע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן אין ארץ־ישראל מוז ברענגען צום אויספיר, אַז ענגלאַנד איז פאַראינטערעסירט, אַז פּאַלעסטינע, אין וועלכער זי זעט פאַר זיך אַ סטראַטעגישע באַזע אויף די וועגן קיין אינדיע, זאָל בלייבן אָפּגעשטאַנען; די השפּעה אויף די ברייטע מאַסן זאָל וואָס לענגער בלייבן אין די הענט פון די עפענדים און כלי־קודש מיט וועלכע זי וועט שטענדיק קענען לייכטער דורכקומען; עס זאָל דאָ וואָס לענגער נישט אויפקומען קיין מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער ברענגט מיט זיך סאָציאַלן אומרו און איז היסטאָריש באַרופן אונטערצוהאַקן די וואָרצלען פון דער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט. דעריבער טאַקע שטערט די ענגלישע מאַכט די שאַפונג פון ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער אין א״י. און אויב ער אַנטוויקלט זיך דאָ, הגם זייער לאַנגזאַם, קומט עס פאַר נישט אַ דאַנק, נאָר טראָץ דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, — ווייל די אָביעקטיווע פּראָצעסן פון ייִדישן מאַסן־לעבן אין גאָר דער וועלט, וועלכע פאַלן צונויף מיט די אַנטוויקלונגס־באַדערפענישן פון א״י גופא, רייסן דורך אַלע דראָט־פאַרצוימונגען.

די ענגלישע מאַכט האַמעוועט די אַנטוויקלונג פון ייִדישן ישוב — מיט איר באַדן־פּאָליטיק, צאָל־שטייערן און בודזשעט־פּאָליטיק; די ענגלישע מאַכט ניצט אויס יעדן תירוץ, כדי צו פאַרהאַקן די טויערן פון א״י פאַר דער ייִדישער איינוואַנדערונג. און ווען קיין שום תירוץ איז נישטאָ — באַשאַפט זי אים! אין אַ צייט ווען די נויט פון די ייִדישע מאַסן אין דער וועלט איז אַזוי שווידערלעך גרויס, און ווען דאָ קענען זיי באַקומען אַרבעט, שניידט זי אַכזריותדיק אַרום, אָן שום מאָטיוון, די פאָרזיכטיקע, אָפּטמאָל צופיל פאָרזיכ־טיקע און באַשיידענע פאָדערונגען אויף סערטיפיקאַטן, וואָס עס שטעלט איר צו די ייִדישע אַגענץ. און איז דאָך באַקאַנט, וואָס פאַראַ ענויים עס האָבן אָפּט אויסצושטיין ייִדישע טוריסטן ביי די טויערן פון א״י, ווי אַ סך ווערן נישט אַראָפּגעלאָזט פון שיף, כאָטש זיי האָבן וויזעס, נאָר דערפאַר, ווייל דער אימיגראַציע־באַאַמטער איז זיי חושד אין „זינדיקע מחשבות", אַז זיי האָבן בדעה צו באַגיין דעם „שרעקלעכן פאַרברעך" — זיך צו באַזעצן אין לאַנד. מוזן דאָך ייִדן, וועלכע האָבן די בעסטע אויסזיכטן איינצוואָרצלען זיך אין לאַנד, נאָר זיי האָבן נישט געהאַט דאָס גליק צו געווינען דעם לאָס אויף דער לאָטעריע — צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט — אַריינגנבענען זיך

קיין א״י דורך כלערליי אויסוועגן, און עס גייט אַ געיעג אויף די דאָזיקע „פאַרברעכער״, און פאַקט מען זיי — ווערן זיי פאַרשפאַרט אין תפיסה, אַרויסגעשיקט פון לאַנד, כאָטש זיי האָבן שוין דאָ געהאַט באַוויזן זיך איינצואָרדענען. וויפל אכזריות ווערט באַגאַנגען לגבי קרובים, וועלכע האָבן אין דער אַלטער היים נישט פון וואָס צו לעבן און אַהער לאָזט מען זיי נישט אַריין, כאָטש זיי האָבן דאָ נאָענטע, וואָס פאָדערן זיי.

זענען דען די ענגלישע מאַכטהאָבער אַזעלכע טיפּשים, אַז זיי פאַרשטייען נישט זייערע אייגענע אינטערעסן? פאַרוואָס שטערן זיי אַזוי פאַרביסן די יידישע אימיגראַנטן? אפשר האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז אַ גרויסע יידישע אימיגראַציע — און בפרט אַ יידישע אַרבעטער־אימיגראַציע קיין א״י, איז קעגן די אינטערעסן פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם.

מיר האָבן אַלעמאָל געוווּסט, אַז די „פּראַקטיצישע״ רייד זענען פּוסטע פּלוידערייען — אָדער עם־הארצות, אָדער דעמאַגאָגיע, וואָס רעכנט זיך נישט מיט די לעבעדיקע פאַקטן. נאָר אָט קומט מפא״י און וויל אַן איבעריק מאָל באַווייזן, אַז אונדזער וועלטל איז קיילעכדיק, והראיה: אָט גייט זי און די „פּראַקטיציע״ זיך פונאַנדער אין גאַנץ אַנטקעגנגעזעצטע ריכטונגען, און דאָך באַגעגענען זיי זיך סוף כל סוף אין איינעם און דעם זעלבן פּונקט!... דער „דבר״ פאָדערט פון דער מאַכט, זי זאָל אָפּשטעלן די פּאָגראָם־העצע. דאָס האָט מען אַ רעכט צו פאָדערן פון יעדער מאַכט, אויך פון אַזאַ, וועלכע מען האַסט און באַקעמפט! אָבער וואָס זענען די מאָטיוון פון „דבר״? אָט וואָס עס ווערט געשריבן אין אַ לייט־אַרטיקל, פאַר וועלכן די רעדאַקציע טראָגט די פולע אחריות:

„די יידישע אימיגראַציע קיין א״י איז דער זין און דער יסוד פון ארץ־ישראלדיקן מאַנדאַט, וועלכער איז דער זין און דער יסוד פון דער ענגלישער הערשאַפט אין א״י. ווער עס מאַכט אַן אַטענטאַט אויף דער יידישער אימיגראַציע, ווער עס פאָדערט, זי זאָל אָפּגעשטעלט ווערן, ווער עס רופט צום קאַמף קעגן איר, דער מאַכט אַן אַטענטאַט אויף דער ענגלישער הערשאַפט, פאָדערט, זי זאָל אויפהערן, רופט צום קאַמף קעגן איר״...

מיר ווילן קיין וואָרט נישט פאַרלירן וועגן דעם, ווי עס זעען אויס די „סאָציאַליסטן״ פון 2טן אינטערנאַציאָנאַל אין דער ראָל פון פּוסקים, וועלכע פּסקענען, אַז רופן צום קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט איז אַ פאַרברעכן... ווי זאָל מען אָבער אָנרופן דעם פאַקט, וואָס זיי באַשטעטיקן די יעווסעקיש־עפּענדישע רכילות, אַז די יידישע אימיגראַציע איז דער יסוד פון דער ענגלישער הערשאַפט אין א״י? גיבן זיי דאָך אַ פּתחון־פּה אַלע שונאים פון דער יידישער אימיגראַציע, זיי זאָלן קענען פון דעם ציטירטן מפא״ישן פּסוק מאַכן דעם אויספיר, אַז ווער עס האַלט נישט דעם קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם פאַר אַ פאַרברעכן און וויל קעמפן קעגן אימפּעריאַליזם, — דער מוז קומען צום קאַמף קעגן דער יידישער אימיגראַציע אין א״י...

בפרט איצט, ווען די עפּענדיס פּרוּוון באַפּוצן זייער אַנטי־יידישע העצע מיט פאָדערן פון כלומרשטן קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם — קענען מיר אַזאַ

דערקלערונג, אַזאַ שטעלונג פון מפא״י נישט באַצייכענען אַנדערש, ווי אַלס פּראָוואָקאַציע קעגן ייִדישן ישוב און קעגן דער ייִדישער אײַנוואַנדערונג!

צו דער דאָזיקער פאַלשער און שעדלעכער פּאָליטיק מוזן די ייִדישע אַרבעטער מאַכן אַ סוף! זיי קומען אַהער נישט כדי צו דינען אַלס „זין און יסוד פאַר דער ענגלישער הערשאַפט אין א״י״, נאָר כדי צו שאַפן דאָ אַ נײַ לעבן, אַ פרייע צוקונפט פאַרן ייִדישן אַרבעטס־פאָלק, און צוזאַמען מיט די אַראַבישע אַרבעטער — אויך פאַרן אַראַבישן אַרבעטס־פאָלק.

ייִדישע אַרבעטער האָבן דאָ מיט מסירת־נפש, הונגערנדיק און פיבערנדיק, זומפּן געטריקנט, דעם עווקאַליפּטוס־בוים געפלאַנצט (די אַראַבער רופן אים דער „ייִדישער בוים״...), וועלכער האָט געהאָלפן די זומפּן אויסטריקענען און די מאַלאַריע פאַרטרייבן. דאָס האָט צו זיי דרך־ארץ אַרויסגערופן. שוין די עכסטע צייט אָנצוהייבן טריקענען אויך די זומפּן פון שאָוויניזם, אָנהייבן פאַרטרייבן די באַצילן פון נאַציאָנאַליסטישער העצע און פאַרפלאַנצן דאָ דעם בוים פון אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט!

## 2. דער נײַער אַטענטאַט אויף דער ייִדישער אײַנוואַנדערונג

די לעצטע געשעענישן האָבן זיך גראָד אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס די אַראַבער האָבן נישט געמאַכט אַפילו קיין פּרווון אָנצופאַלן אויף ייִדן. זעט אויס, עס איז געווען אַ בפירושע דירעקטיוו אַזאַ פון די פירער. צי דערפאַר, ווייל די פירער האָבן אַליין נישט געוואָלט ווידער זיך אַרויסשטעלן פאַר דער וועלט אַלס פּאָגראָמשטשיקעס, צי זיי האָבן באַקומען אַ ווונק פון הויכע ברי־טישע פענצטער, אַז אַזעלכע פּאָגראָמען ווי אין די פריִערדיקע יאָרן זענען איצט נישט געווונטשן און זיי וואָלטן געקענט קאַליע מאַכן דעם פיינעם געוועב פון דער פּאָליטישער אינטריגע, וואָס האָט דעם ציל צו דערשטיקן די ייִדי־שע אײַנוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אַזוי, אַז די הענט פון די בריטיש־אַראַבישע שותפים זאָלן בלייבן ריין פון ייִדיש בלוט.

אמת, די ייִדעלעך פון דער אַזוי גערופענער פ.ק.פּ. זענען געווען „רעוואָ־לוציאָנערער״ פון די אַראַבישע מנהיגים און האָבן געהעצט און גערופן די אַראַבישע מאַסן „אַראָפּצוטרייבן מיט גוואַלט״ די ייִדן פון דעם באָדן, וואָס זיי האָבן „אָוועקגערויבט״ ביי די אַראַבער. דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער: באַפאַלן די ייִדישע קאָלאָניעס און אַרבעטער־קבוצות און ס׳זאָל קומען צו אַ קעגנזייטיקער בלוט־פאַרגיסונג. אָבער די אַראַבישע מאַסע, ווייזט אויס, פאָלגט נישט די ייִדישע בחורים, וואָס זיצן אין תל־אביב און שרייבן ליגנס קיין מאָסקווע, אַז זיי פירן אָן מיט די אַראַבישע דעמאָנסטראַציעס אין יפו און אין שכם.

אָבער איצט — נאָכדעם ווי די ענגלענדער האָבן „צוריקגעשטעלט די רו און אָרדענונג״ אין לאַנד — האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם אויף ייִדן. עס איז אַ דויערנדיקער פּאָגראָם, אין וועלכן עס באַטייליקט זיך דער גאַנצער רעגירונגס־אַפּאַראַט, אָנגעהויבן פון הויך־קאָמיסאַר און געענדיקט מיטן נידעריקסטן געהיים־אַגענט פון זיין מאַיעסטעט.

איבער דעם נאָך נישט פאַרטרוקנטן בלוט, איבער די טויטע קערפּערס

פון די פאַרפירטע אַראַבישע פאָלקס־מענטשן, האָבן די אַראַבישע פירער און די בריטישע הערשער זיך דערלאַנגט די הענט. די שולד פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט וואַרפן אַרויף די אַראַבישע פירער אויף דעם אָדער יענעם פּאָליציי־אָפיציר, און זיי פאָדערן, אַז די אָפיצירן, וואָס האָבן געהייסן שיסן, זאָלן צוגעצויגן ווערן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, „כדי — ווי עס שרייבט די „איסלאַמיא" — ריינצווואַשן דעם גוטן נאָמען פון דער רעגירונג". און דער נציב זאָגט צו אַן אויספאָרשונג. און עס פאַרט שוין פון לאָנדאָן אַן אויספאָרשער. און מ׳קען זיך ריכטן, אַז די נייע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע וועט, פּונקט ווי די פון 1929, „פאָרשן" אַזוי לאַנג און אַזוי „אָביעקטיוו", ביז זי וועט „פעסטשטעלן", אַז ...אין אַלעמען איז שולדיק די ייִדישע איינוואַנדערונג.

אין דער אַראַבישער פּרעסע חנפעט מען דעם נציב. „מיר זענען רויִק — שרייבט דער „פּאַלאַסטין" — בנוגע זיין באַהאַווּנטקייט אין דער א"י־פּראַגע און מיר גלויבן, אַז ער וועט זי לייזן גערעכטיק", וואָרום ער איז אַ „מענטש מיט אַ לעבעדיקן געוויסן, און ער האָט פאַרשטאַנען דעם אמת אין דער דאָזיקער פּראַגע"...

דער נציב נעמט אויף פאַרשיידענע אַראַבישע דעלעגאַציעס, זענען די געשפּרעכן אַזעלכע פריינטלעכע, גאַרנישט ווי עס וואָלטן זיך באַגעגנט פון איין זייט די, וואָס האָבן אָקאָרשט אַרויסגעפירט מאַסן אין גאַס כלומרשט צום קאַמף קעגן ענגלאַנד, און פון דער צווייטער זייט דער, וואָס זיין פּאָליציי האָט געשאָסן אין די מאַסן און פאַרגאָסן אַראַביש בלוט. מען מאַכט זיך קעגנזייטיק קאָמפּלימענטן און מען שווערט זיך ליבע און טרייהייט.

די טעג זענען ביים נציב געווען די אַראַבישע שטאָט־פּרעזידענטן. האָט דער ירושלימער פּרעזידענט ראגיב נאשאשיבי געזאָגט אין זיין רעדע: „מיר ווילן באַטאָנען, אַז קיינמאָל האָבן מיר נישט געפילט קיין שנאה צו גרויס־בריטאַניע; אדרבה, מיר זענען דורכגעדרונגען מיטן ווילן מיטצואַרבעטן מיט די ענגלענדער... אַלע אַראַבער שעצן דיך, און מיר האָפן, אַז דו וועסט נישט פאַרזוימען די געלעגנהייט און וועסט אויפטון עפּעס אַזוינס, וואָס וועט פאַרייביקן דעם נאָמען וווקאָפּ אין דער היסטאָריע און באַזונדערס אין דער געשיכטע פון דעם לאַנד"...

האָט געענטפערט דער נציב: „איך פאַרזיכער איך, אַז איך וועל טון אַלץ, וואָס איך וועל קענען, כדי די אַראַבער און די ענגלענדער זאָלן בלייבן גוטע פריינט"...

און ער טוט און ער ווייזט, וואָס אַזאַ ענגלישער „דזשענטלמען" קען.

וואָס האָבן געפאָדערט די אַראַבישע טוער? האָבן זיי אפשר געשילדערט פאַרן נציב די נויט פון דעם פעלאַך, וואָס האָרעוועט שווער און ביטער און די פּרוכט פון זיין האָרעוואַניע מוז ער אַוועקגעבן דעם עפענדי, ביי וועלכן ער אַרענדירט דעם באָדן, און דעם פּראָצענטניק, וואָס זויגט אים אויס ווי אַ פּיאַווקע? האַלטן דאָך 250 (מיט ווערטער: צוויי הונדערט פופציק) עפענדישע משפחות אין זייערע הענט איבער פיר מיליאָן דונאַם באָדן, און צענדליקער טויזנטער פעלאַכן מוזן פון זייערטוועגן האָרעווען און לעבן ווי שקלאַפן. האָבן אפשר די „פאָרשטייער פון אַראַבישן פאָלק" געפאָדערט אַן אַגראַר־רעפאָרם,

וואָס זאָל באַפרייען דעם פויער פון פריצישן יאָך? אָ, ניין! נישט די און נישט קיין ענלעכע פאָדערונגען האָבן געשטעלט די אַראַבישע „פּאָלקספאַרזאָרגער".

זיי בעטן אַ „געזעצגעבערישן ראַט", און דער נציב זאָגט צו, אַז די פראַגע וועט ווערן אַקטועל נאָכדעם, ווי עס וועלן ווערן דורכגעפירט די וואַלן צו דער מוניציפּאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן קיין ברעקל רעכט און פרייהייט פאַר די אַראַבישע פאָלקס־מאַסן, באַווייזט טאַקע דער ביישפיל פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. און ווען די זעלבע אַראַבישע שטאָט־פּרעזידענטן זענען מיט אַ צייט צוריק געווען ביים נציב וועגן דעם ענין, איז פאַר זיי געווען צו ליבעראַל דער פּעך־שוואַרצער געזעץ־פּראָיעקט פון דער רעגירונג, — זיי האָבן געפאָדערט נייע צוזאָב־באַגרענעצונגען, וואָס זאָלן נישט דערלאָזן קיין שום קאָנטראָל פון די ברייטע מאַסן איבער די שטאָטפאַרזאָרגער. דאַקעגן זענען זיי מסכים געווען, אַז די גאַנצע דעה איבער זיי זאָל האָבן די ענגלישע רעגירונג.

די הויפּט־פאָדערונג, וואָס זיי האָבן אַרויסגעשטעלט בעת זייער לעצטן באַזוך ביים נציב, איז געווען: באַגרענעצונג פון דער יידישער איינוואַנדערונג. און דער נציב — אָט דער זעלבער נציב, פאַר וועלכן די בירגערלעכע ציוניסטן און זייערע „סאָציאַליסטן" נאָך מער פון זיי, האָבן געזונגען אַזוי פיל באַגייסטערטע לויב־געזאַנגען, — האָט נישט נאָר מיט אַ וואָרט נישט דערמאָנט, אַז יידן האָבן אַ רעכט אַהער איינצוואַנדערן, אַז זייער איינוואַנדערונג באַעוולהט נישט די אַראַבישע באַפעלקערונג, — ער האָט צוגעשטימט צו די טענות פון דער אַראַבישער דעלעגאַציע און ער האָט זיך „אַנטשולדיקט", אַז די „רעגירונג קען נישט מיטאַמאָל באַזייטיקן אַלע פּרעטענזיעס פון די אַראַבער, אָבער ביסלעכוויז וועט זי די פעלערן קענען באַזייטיקן"...

ער האָט פאַרזיכערט, אַז ביים באַשטימען די קוואָטע פאַר דער יידישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג וועט ער זיך רעכענען אויך מיט דער אַרבעטס־לאָזיקייט צווישן די אַראַבער. וואָס באַדייט עס? די יידישע איינוואַנדערונג פאַרגרעסערט נישט די אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די אַראַבער, זי באַשאַפט נייע אַרבעטס־פּלעצער, וואָס זענען פריער נישט געווען און פון וועלכע עס געניסן אויך אַראַבישע אַרבעטער. אָבער דווקא אַ דאַנק דעם, וואָס דורך דער יידישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג ווערט פּאַלעסטינע אַנטוויקלט, בעת, למשל, עבר־הירדן, ווו יידישע איינוואַנדערער טאָרן אַ פוס נישט אַריינשטעלן, בלייבט אָפּגעשטאַנען, — ציען זיך פון דאָרטן אַהער מאַסן, גאָר גרויסע מאַסן אַר־בעטסזוכנדיקע אַראַבער און אַ סך פון זיי געפינען דאָ אַרבעט. זיי דאַרפן נישט קיין סערטיפיקאַטן און וויזעס, זיי קומען אומבאַגרענעצט. קומט אויס, אַז מ'קען פאַרמאַכן די טויערן פון פּאַלעסטינע פאַר יידישע אַרבעטער־איינוואַנדערער, ווייל די יידישע קאָלאָניזאַציע האָט נישט באַוויזן צו באַזאָרגן מיט אַרבעט אַלע אַרבעטסזוכנדיקע אַראַבער נישט נאָר פון א"י, נאָר אויך פון די שכנותדיקע לענדער. אין אַ מאָמענט ווען עס זאָל אין א"י נישט זיין אַפילו קיין איין אַרבעטסלאָזער אַראַבער אויף אַ רפואה, איז גענוג עס זאָלן געבן אַ קום אָן נייע טויזנטער פון עבר־הירדן, און צוליב דעם זאָל מען פאַרמאַכן די טויערן פון לאַנד פאַר יידישע אַרבעטער.

און נאָך עפּעס האָט דער נציב געזאָגט: ער וועט זיך רעכענען נישט בלויז מיט די אַרבעטס־מעגלעכקייטן ביים היינטיקן טאָג, נאָר אויך מיט דער מעגלעכער לאַגע אין דער צוקונפט. דאָס מאַכט שוין גאָר פריי דאָס פעלד פאַר אַ נאָך גרעסערן ווילקיר ווי ביז איצט. וואָרום מה־דאָך בנוגע דער היינטיקער לאַגע אויפן אַרבעטס־מאַרק, וואָס מ׳קען באַווייזן מיט פאַקטן און ציפערן, רעכנט ער זיך נישט מיט די פאַקטן און ציפערן און שניידט אַרום די קוואָטע אויף אַ מערדערישן אופן, טאָ וואָס וועט נאָך זיין אויב אין חשבון וועט גענומען ווערן אַזאַ „פאַקטאָר", ווי נביאות וועגן דער צוקונפט?!

ווייטער האָט דער נציב אויסדריקלעך דערקלערט דער דעלעגאַציע: „די אַראַבער האָבן באַרעכטיקטע תרעומות, הלמאי אַ צאָל טוריסטן איז פאַרבליבן אין לאַנד אומגעזעצלעך". „באַרעכטיקטע תרעומות" — דאָס הייסט, אַז ער גיט זיין אָפיציעלע הסכמה דערצו, אַז דאָס, וואָס די דאָזיקע טוריסטן זענען פאַרבליבן אין לאַנד, איז אַן עוולה לגבי די אַראַבער, — הגם די דאָזיקע „אומ־געזעצלעכע" בעטן נישט קיין אַרבעטסלאָזע־שטיצע פון דער רייכער רעגי־רונגס־קאַסע, וואָס איז רייך געוואָרן אויפן חשבון פון דער ייִדישער איינ־וואַנדערונג, און נישט זיי בעטן הילף ביים הער נאשאשיבי. די דאָזיקע „אומגע־זעצלעכע" האָבן דאָ אַלע געפונען אַרבעט, וואָס איז אַ באַווייז, אַז זיי זענען דאָ נישט קיין „איבעריקע", אַז דאָס לאַנד נייטיקט זיך אין זיי.

„די אומגעזעצלעכע טוריסטן האָבן מיר פאַרשאַפט אַ סך דאגות" — האָט דער נציב דערקלערט דער דעלעגאַציע. און ער האָט דערציילט וועגן די מאָסמיטלען, וואָס ער האָט שוין אָנגענומען. נייע גזירות, וואָס זאָלן נאָך מער ווי ביז איצט באַשווערן ייִדן צו קומען אַהער אַלס טוריסטן; שטראָפן ביז 6 חדשים תפיסה און ביז הונדערט פונט פאַר טוריסטן, וואָס וועלן דאָ אָננעמען אַרבעט און פאַרבלייבן לענגער ווי עס איז גילטיק זייער וויזע.

עס איז נאָך ווייניק, וואָס מ׳האָט געגעבן אַזאַ שווערן קלאַפּ דער ייִדי־שער איינוואַנדערונג דורך באַשטימען אַ חוזק־קוואָטע, בעת דאָס לאַנד קען אויפנעמען און נייטיקט זיך בפירוש אין פיל־פיל מער. עס זענען ווייניק די מיטלען, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן, כדי פרישע ייִדישע איינוואַנדערער זאָלן מחוץ דער קוואָטע מער נישט קענען אַריינקומען. ווייניק די אַכזריותדיקע אַטענטאַטן אויף יענע ייִדישע מאַסן, וואָס ראַנגלען זיך אין די אַלטע היימען מיט דער ביטערסטער נויט און ווילן אַהערקומען. דער נציב האָט פאַרזי־כערט, אַז ער האָט שוין באַשטימט ספּעציעלע באַאַמטע, וואָס זאָלן זיך באַ־שעפטיקן מיט די פון פריער פאַרבליבענע טוריסטן. און עס איז אַוועק אַ גאַנג! עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַקכאַנאַליע!

מחנות פּאָליציי, מונדירטע און געהיימע, זענען געשטעלט געוואָרן אויף די פיס צום קאַמף מיט די „פאַרברעכער", וואָס האָבן „פאַרשאַפט דאגות" דעם סער וואקאָפּ. מען נישטערט און מען זוכט. שפּיצלעס דרייען זיך אַרום און שנאַפּן. מען מאַכט אָבלאַוועס אין האָטעלן און קאַפעען. מען קומט זוכן אין פּריוואַטע שטובן. מען שלעפּט אַרויס מענטשן פון די אַרבעטס־פּלעצער. מען פאַרהאַלט סתם מענטשן אין דער גאַס און מען שלעפּט זיי אין דער פּאָליציי, זיי זאָלן באַווייזן, אַז זיי געפינען זיך דאָ לעגאַל.

מען רויִנירט מענטשן. מען צעברעכט פאַמיליעס. מען שיקט אַרויס מענטשן, וואָס האָבן לויטן געזעץ אַ רעכט דאָ זיך צו באַזעצן. נאָר נישט קענענדיק אין אויסלאַנד זיך דערוואַרטן אויף דער דערליידיקונג פון די פאָרמאַליטעטן, זענען זיי אַהערגעקומען אַלס טוריסטן און דאָ זיך געווענדעט וועגן דערלויבעניש צו פאַרבלייבן אין לאַנד. מען שיקט אַרויס אַלטע לייט, געווען אַ פאַל פון אַרויסשיקן אַפילו 70־יעריקע קראַנקע זקנים, וואָס האָבן דאָ קרובים, וועלכע האַלטן זיי אויס.

טויזנטער מענטשן זענען דערקלערט געוואָרן אַלס „פאַרברעכער" און יעדער פאָליציי־שפּיצל מעג אויף זיי מאַכן אַ יאַגד ווי אויף חיות אין וואַלד. געוויס, דער דראַנג פון די ייִדישע מאַסן קיין פּאַלעסטינע וועט זיכער איבער־לעבן די „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ"־גזירות פון בריטישן גענעראַל וווקאָפּ. אָבער דערווייל וויל מען פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין אַ גיהנום פאַר טויזנטער און טויזנטער אַרבעטס־מענטשן, וואָס האָבן זיך שוין דאָ איינגעוואָרצלט און פאַלן קיינעם נישט צו לאַסט.

דאָס, וואָס עס קומט דאָ איצט פאָר, איז נאָך איין הילכיקער פּאַטש אין פּנים די אַלע, וואָס ווילן פאַרבינדן דעם גורל פון ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם. עס איז אַ פּאַטש אין פּנים די מפּא"יניקעס, וואָס האָבן אַזוי פלייסיק געזונגען מה־יפית פאַר דעם „גוטן" נציב. און וואָס האָבן נאָך ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק געהאַט דעם מוט צו שרייבן, אַז די א"י־דיקע רעגירונג האָט „נישט געטון קיין שום זאַך, וואָס מ'זאָל קענען אויסטייטשן ווי נאָכגיביקייט לגבי די אַראַבער, אָדער ווי אַן אונטערגעבן זיך זייערע פאָדערונגען"!... („דבר" פון 6טן נאָוועמבער 1933).

יאָ, דאָס איז אייגנטלעך ריכטיק, אָבער אין אַן אַנדער זין, ווי דאָס האָבן געמיינט די מפּא"יניקעס: די רעגירונג האָט נישט נאָכגעגעבן די אָרגאַניזאַ־טאָרן פון די דעמאָנסטראַציעס, די לעצטע האָבן בלויז אויסגעפירט די באַ־שטעלונג פון דער רעגירונג, געליפערט איר אַ תירוץ אויף דורכצופירן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט.

עס איז אויך אַ הילכיקער פּאַטש אין פּנים די ייִדעלעך פון דער מישטיינס־געזאָגטער פ.ק.פ. זעט ווי דער בריטישער אימפּעריאַליזם שטיצט און העלפט די שאַפונג פון אַ „ייִדישער נאַציאָנאַלער היים" אין א"י! זעט, ווי די ייִדישע איינוואַנדערונג איז אין זיינע אינטערעסן!

מוזן די ייִדישע אַרבעטער אין א"י און די ייִדישע מאַסן אין גאָר דער וועלט, וועלכע האָבן אויפגענומען דעם פּאַלעסטיניזם ווי אַ געבאָט פון דער ייִדישער ווירקלעכקייט, נאָר זיי זענען נאָך פּאָליטיש נאָכגעגאַנגען נאָך דעם בירגערלעכן ציוניזם און נאָך זיינע „סאָציאַליסטן", זיי מוזן לערנען דערפון, וואָס דאָ קומט פאָר — לערנען, אַז זייער גאַנצע ביז איצטיקע אָריענטאַציע איז געווען אַ פאַלשע און זי מוז ראַדיקאַל געענדערט ווערן.

בריוו פון ארץ־ישראל, „אַרבעטער־צייטונג", וואַר־שע, 3טער נאָוועמבער און 8טער דעצעמבער 1933.

# אין צייכן פֿוןווירטשאַפֿטלעכן אויפֿשוווּנג

די יאָרן 1933—1935 שטייען אין צייכן פֿון ווירטשאַפֿטלעכן אויפֿשוווּנג פֿון ארץ־ישׂראל. פֿון יוני 1933 ביז יוני 1935 זענען אַריין אין לאַנד קרוב הונדערט טויזנט יידן. אין פֿאַרלויף פֿון די צוויי יאָר איז דער ישוב געוואַקסן אויף 45% און האָט דערגרייכט די צאָל פֿון קרוב 335 טויזנט נפֿשות, וואָס האָט אויסגעמאַכט אַ פֿערטל פֿון דער גאַנצער לאַנד־באַפֿעלקערונג. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסע בוי־באַוועגונג, ס׳איז געוואַקסן די אינדוסטריע, ס׳האָט זיך אויסגעברייטערט די לאַנדווירטשאַפֿט.

די בריטישע מאַנדאַט־מאַכט האָט נישט געקאַרגט קיין באַמיונגען, כּדי אָפּצושטעלן דעם כּסדר וואַקסנדיקן שטראָם פֿון דער יידישער איינוואַנדערונג. די סערטיפֿיקאַטן־סיסטעם האָט כּסדר אַרומגעשניטן די אַרבעטער־עליה, נישט געקוקט דערויף, וואָס איז לאַנד האָט זיך געפֿילט אַ מאַנגל אין אַרבעטס־הענט. ווען צוליב דעם אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד פֿונעם ישוב איז דורכגעפֿאַלן די יאַגד אויף די „אומלעגאַלע״ עולים־טוריסטן, האָט די רעגירונג אָנגעהויבן יעדן האַלבן יאָר אַראָפּנעמען פֿון דער צאָל סערטיפֿיקאַטן פֿאַר עולים די צאָל טוריסטן, וועלכע האָבן נישט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד אין דעם געהעריקן טערמין.

דער אויפֿשוווּנג פֿון דער ווירטשאַפֿט האָט געהאַט, ווי דער שטייגער איז אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אויך נישט ווייניק שאָטן־זייטן. אין די שטעט און אין דעם געביט פֿון די ציטרוס־פּלאַנטאַציעס האָבן די שפּעקולאַנטן אויפֿגעשרויפֿט די באָדן־פּרייזן. אין קעגנזאַץ צו דער באָדן־שפּעקולאַציע מוז מען פֿאַרצייכענען אַלס פּאָזיטיווע דערגרייכונג, דעם קויף פֿון דער קאָנצעסיע אויף אויסטריקענען דעם חולה־געביט, אַ שטח פֿון 57 טויזנט דונאַם, דורך דער געזעלשאַפֿט „הכשרת הישוב״. די „זאָרג״ פֿון דער מאַנדאַט־אַדמיניסטראַציע פֿאַר דער לייזונג פֿון דעם באָדן־פּראָבלעם אין ארץ־ישׂראל גייט אין איין און איינציקער ריכטונג: באַשווערן די יידן איינצוקויפֿן באָדן.

אין 1933 האָט די רעגירונג פֿאַרעפֿנטלעכט דאָס געזעץ וועגן די מוניציפּאַליטעטן. בלויז תּל־אָביב האָט באַקומען אַלס אויסנאַם אַ מער ווייניק דעמאָקראַטישע וואַל־אָרדינאַציע: וואַל־רעכט אויך פֿאַר פֿרויען און אויסלענדישע בירגער (עס פֿלעגט דויערן עטלעכע יאָר, איידער די עולים פֿלעגן זיך נאַטוראַליזירן אין ארץ־ישׂראל), פּראָפּאָרציאָנעלע וואַל־רעכט לויט קאַנדידאַטן־ליסטעס. אין די איבעריקע שטעט האָבן פֿרויען און אויסלענדישע בירגער נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט. אין אַלע שטעט אָן אויסנאַם איז דאָס אַקטיווע און פּאַסיווע וואַל־רעכט געווען אָפּהענגיק פֿון אַ שטייער־צענז.

אין יאָר 1934 האָט די רעגירונג ווידער אויפגעהויבן די פראַגע וועגן אויפ־שטעלן אַ געזעצגעבערישן ראַט אין ארץ־ישראל. זי איז אויסן געווען איבערצוגעבן געוויסע מאַכט־פּאָזיציעס אין לאַנד דער אַראַבישער רעאַקציע און פאַרמשפּטן דעם ישוב צו דער לאַגע פון אַן אייביקער מינדערהייט.

אין דעצעמבער 1935 האָט דער הויך־קאָמיסאַר וואָקאָפּ פאַרעפנטלעכט דעם פּראָיעקט פונעם געזעצגעבערישן ראַט. די דאָזיקע קאַריקאַטור פון אַ פאַרלאַמענט האָט געזאָלט באַשטיין פון 28 דעפּוטאַטן: 5 בריטישע רעגירונגס־באַאַמטע, 11 נאָמי־נירטע דעפּוטאַטן פון צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג (צווישן זיי 4 יידן) און 12 געוויילטע דעפּוטאַטן (צווישן זיי 3 יידן). די וואַלן דאַרפן פאָרקומען לויט דריי רעליגיעזע קוריעס: מוסולמענער, יידן און קריסטן. וואַל־רעכט באַקומען פּערזאָנען פון 25 יאָר אָן. יעדע עדה באַקומט דאָס רעכט אַליין צו אַנטשיידן, צי זאָלן די פרויען אויך געניסן פון וואַל־רעכט. אַלס פאָרזיצער פון דעם דאָזיקן חוזק־פּאַרלאַ־מענט וועט ווערן נאָמינירט אַ פּערזאָן פון ענגלאַנד. די יידישע אַגענץ האָט פאַר־עפנטלעכט אַ דערקלערונג, אַז די יידן וועלן באָיקאָטירן דעם געזעצגעברישן ראַט.

אין אָנהייב 1936 האָט די רעגירונג צוגעגרייט אַ פּראָיעקט פון אַ געזעץ, לויט וועלכן עס וועט זיין פאַרבאָטן צו קויפן באָדן, אויב צוליב דעם קויף וועט פאַר־קלענערט די באָדן־איינהייט, וועלכע ווערט ביי די פאַראַנענע פאַרהעלטענישן באַ־טראַכט אַלס עקזיסטענץ־מינימום פאַר אַ פעלאַכישער משפחה. אָנשטאָט אַ גרינט־לעכער אַגראַר־רעפאָרעם, אָנשטאָט הייבן טעכניש און עקאָנאָמיש די אָפּגעשטאַנענע און פרימיטיווע אַראַבישע לאַנדווירטשאַפט, האָט די מאַנדאַט־רעגירונג געוואָלט יוצא זיין מיטן פאַרבאָט פון באָדן־קויף פאַר יידן.

# די פּראָבלעמען פון דער ארץ־ישׂראלדיקער ווירקלעכקייט

פון די באַשלוסן פון דער 9־טער וועלט־קאָנפערענץ פונעם וועלט־פאַרבאַנד פּועלי־ציון, אָפּגעהאַלטן אין תל־אביב, אָקטאָבער 1934.

## אויפן וועג פון פאַרווירקלעכונג

דער שנעלער טעמפּ אין דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פון ארץ־ישׂראל, וואָס קומט אַ דאַנק דער ייִדישער אײַנוואַנדערונג און איר ווירקונג, האָט איבערגעאַנדערשט דאָס לאַנד אויף אַלע געביטן: אין ווירטשאַפטלעכן ווי אין סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן.

טיפע, ווײַט־גייענדיקע ענדערונגען האָבן זיך אַנטפּלעקט אין די כוחות־פאַרהעלטענישן, וואָס ווירקן און קעמפן אין לאַנד. די ייִדישע אײַנוואַנדערונג ברעכט דורך מיט קראַפט און מיט אַלע וועגן די מניעות און שטערונגען אויף איר וועג; דער ייִדישער ישוב רוקט אַרויס אַלץ בולטער און שאַרפער זײַן גרונט־אייגנשאַפט — די קלאַסן־קעגזאַצן; אין גאַנג פונעם סאָציאַלן קאַמף פּלאַצן הן די אילוזיעס וועגן „אײַנהייטלעכן נאַציאָנאַלן געוויסן“, הן די רעפאָרמיסטישע פאָדערונגען צו „זעלבסט־באַהערשן“ זיך, און דער פּראָלעטאַריאַט ווערט אַוועקגעשטעלט פּנים־אל־פּנים מיטן שטײַגנדיקן פאַשיזם; די אימפּעריאַליסטישע מאַכט נעמט זיך צו רעאַליזירן אירע פּאָליטיש־מיליטערישע כוונות און מלחמה־צוגרייטונגען און גייט איבער צום אָפענעם אָנגריף לענג אויס דעם גאַנצן פראָנט: אויף דער ייִדישער אײַנוואַנדערונג בכלל און אויף דער אַרבעטער־אײַנוואַנדערונג בפרט, אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג און אירע פּאָזיציעס; די אַראַבישע גאַס ווערט אַלץ מער קלאַסן־דיפערענצירט, ברענגט אויף ביי זיך אַן אַרבעטער־באַוועגונג און אַנטקעגן איר — דעם פאַשיזם, געצייכנט דורכן ברודיקן שאָוויניזם.

אָט די ווירקלעכקייט דערהייבט די אַלוועלטלעכע ייִדישע אַרבעטערשאַפט און איר פּאָרקעמפער — די פּועלי־ציון־באַוועגונג, אויף אַ נײַעם שטאַפּל, ווי אַ באַוועגונג וואָס איז באַרופן צו דערפילן נײַע אויפגאַבעס — טעריטאָריאַלע אויפגאַבעס.

דער אויפקומענדיקער ייִדישער טעריטאָריאַלער צענטער אין ארץ־ישראל גילט שוין נישט בלויז ווי אַ צוציִונגס־קראַפט פאַר די ייִדישע מאַסן פון גאַר דער וועלט; אין וועג פון זיין אויפקום ווערט ער אַ רעוואָלוציאָנערע שטויס־קראַפט, וואָס שטעלט דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין גאַר דער וועלט, און בפרט אין פּאַלעסטינע, פאַר נייע פּאָליטישע קאַמפּס־פּערספּעקטיוון, וועגן וועלכע מען האָט ביז אַהער נישט געוואַגט אַפילו צו טראַכטן. דער קאַמף מיטן פעאָדאַליזם, אימפּעריאַליזם און פאַשיזם, די אַגראַר־פראַגע און די נאַציאָנאַלע פראַגע, די ייִדיש־אַראַבישע באַציִונגען, — דאָס זענען אַלץ ברענענדיקע פּראָבלעמען, וואָס באַשטימען די גורל־וועגן פון דער ייִדישער מאַסן־איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל, די אַנטוויקלונג און פאַרנעם פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין לאַנד, די פאַרוואָרצלונג און באַפעסטיקונג פון דער ייִדישער אַרבעט און פון די פּראָלעטאַרישע פּאָזיציעס. דער קאַמף פונעם ייִדישן אַרבעטער פאַר רעאַליזירן זייך טעריטאָריאַלן צענטער אין ארץ־ישראל איז אומצערייסבאַר איבערגעפלאָכטן מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַרישן באַפרייונגס־קאַמף.

## אין קאַמף פאַר פרייער ייִדישער איינוואַנדערונג

גלייכצייטיק מיט דעם ווײ־געשריי פון די ייִדישע צעזייטע און שוידערלעך געדריקטע מאַסן, אין די צענטערס פון ייִדישן דלות, פאַר פרייע איינוואַנדערונגס־רעכט קיין ארץ־ישראל, קלינגט הויך אָפּ אין פּאַלעסטינע גופא דער רוף און פאָדערונג פאַר עפענען פריי די טויערן, ווייל איר אַנטוויקלונג און פאַרויסמאַרש איז נישט מעגלעך אָן אַ ברייטן פאַרנעם פון ייִדישער איינוואַנדערונג. יעדע באַגרענעצונג פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג טרעפט שווער אין פאַלט מיט איר גאַנצער לאַסט אויפן אַרבעטער־ישוב אין לאַנד, נישט בלויז אויפן ייִדישן, נאָר אויך אויפן אַראַבישן, אין שטאָט און אין דאָרף. דאָס באַשרענקען די איינוואַנדערונג און די כלערליי צוימען, די שיקאַנעס לגבי דער מכלומרשט „אומגעזעצלעכער" איינוואַנדערונג, דאָס כאַפּן איינוואַנדערער אין די פאָרטן און ביי די גרענעצן, פאַרקריפּלט און שרימפּט־איין די פינאַנדערוויקלונג פון די פּראָדוציר־כוחות אין לאַנד און איז אויסן איבערצושניידן מיט גוואַלט איר ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג. יעדער אָנגריף אויף דער ייִדישער איינוואַנדערונג שטעלט אין געפאַר ייִדישע אַרבעטס־פּאָזיציעס אין האַלט אָפּ די אויסברייטערונג הן פון דעם אינערלעכן אַרבעטס־מאַרק, אַזוי גוט פאַר ייִדן, ווי פאַר אַראַבער, הן דעם אָפּזאַץ־מאַרק פאַר דער אַראַביש־ייִדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע. די אַראַבישע אַרבעטער־באַוועגונג אין די אינטענסיפיקאַציע פון דער פעלאַכישער ווירטשאַפט זענען אין אַן אַנטשיידענער מאָס אַ רעזולטאַט פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג אין פון איר ווירטשאַפטלעכער און סאָציאַלער השפעה.

אָט די היסטאָרישע אידענטישקייט פון די ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער־אינטערעסן אין לאַנד, — זי איז אויך דער פונדאַמענט פאַר קלאָר מאַכן זייער סאָציאַלן און קלאַסן־באַוווסטזיין קעגן די אַלע, וואָס באַמיִען זיך אים

צו פאַרטושן און פאַרמיסטיקן מיט שאָוויניסטישן שמוץ און קעגנזייטיקער נאַציאָנאַלער שנאה.

די וועלט־קאָנפערענץ באַטראַכט דעריבער דעם קאַמף פאַר פרייער ייִדי־שער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל אַלס די צענטראַלע אויפגאַבע פון דער באַוועגונג, אַלס אַן אויפגאַבע, וואָס לייגט זיך אויף די פלייצעס פון די ייִדישע מאַסן אין גאָר דער וועלט און פון די ייִדיש־אַראַבישע מאַסן אין ארץ־ישראל.

די וועלט־קאָנפערענץ באַפולמעכטיקט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ אַוועקצו־שטעלן דאָס פּראָבלעם פון פרייער ייִדישער איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטארישער געזעלשאַפטלעכקייט אַלס איי־נע פון אירע הויפּט־אויפגאַבעס אין איר באַפרייונגס־קאַמף בכלל און פאַר דער לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע בפרט.

## קעגן די שטערער און פאַלסיפיצירער פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג

די וועלט־קאָנפערענץ זעט אין דער אימפּעריאַליסטישער מאַכט דעם עיקרדיקן פאַראַליזיר־כוח לגבי דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג. מיט יעדן טריט פון דער איינוואַנדערונג, וואָס פאַרטיפט דעם קלאַסן־קאַמף אין לאַנד און ציט אַריין אין אים די אַראַבישן מאַסן, ווערט אַלץ ברייטער דער ריס צווישן די אינטערעסן פון דער איינוואַנדערונג און די אינטערעסן פונעם אימפּעריאַליזם.

דער קאַמף פאַר דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג איז דעריבער אין זיין תוך און אויסווירקונג אַן אַנטי־אימפּעריאַליסטישער קאַמף.

דער פעאָדאַליזם און אַראַבישע רעאַקציע באַטראַכטן מיט רעכט די ייִדישע איינוואַנדערונג און איר ווירקונג ווי אַ צעשטערנדיקן כוח, וואָס גראָבט אונטער זייערע סאָציאַלע פּאָזיציעס און פּאָליטישע מאַכט. פון דאַנען נעמט זיך זייער פאַרצווייפלטער קאַמף קעגן איר. אָט דאָ איז דער וויכטיק־סטער צוזאַמענשלוס־פּונקט, ווו עס טרעפן זיך צונויף דער פעאָדאַליזם און דער אימפּעריאַליזם.

דער קאַמף פאַר פרייער, ייִדישער איינוואַנדערונג איז דעריבער אַ קאַמף קעגן דער צעבושעוועטער אַראַבישער רעאַקציע.

די וועלט־קאָנפערענץ שטעמפּלט אַלס פאַלש און אויסגעטראַכט די איינ־רעדעניש, אַז ס׳איז דאָ איין געמיינזאַמער נאַציאָנאַלער אינטערעס אין קאַמף פאַר אַ פרייער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג. דער ייִדישער פּלאַנטאַ־טאָרן־שיכט, וואָס איז נישט איינגעשטעלט גראָד אויף דעם אינערלעכן מאַרק און וואָס זוכט אַלץ ביליקערע און נישט־אָרגאַניזירטע אַרבעטס־קראַפט, איז שוין לאַנג געוואָרן אַ שטערונגס־כוח לגבי דער ייִדישער אַרבעטער־איינוואַנ־דערונג, צו וועלכער ער באַציט זיך פיינטלעך־גלייכגילטיק.

דער ייִדישער שטאָטישער אונטערנעמער, דער אינדוסטריעלער, וואָס איז יאָ פאַראינטערעסירט אין דער אויסברייטערונג פונעם אינערלעכן מאַרק,

זוכט אַ געקליבענע איינוואַנדערונג, אַ געריינִיקטע און אַ פרייע פון קלאַסן־געפאַר און רעוואָלט. וואָס שטאַרקער עס לאָזן זיך הערן די קלאַסן־פאָדערונגען אויך אין די שורות פון „החלוץ", הגם ער איז דורכגעזיפּט אין זיפּ פונעם רעפאָרמיזם, דעם שטעלפאַרטרעטער פון דער יידישער אַגענץ, אַלץ קענטיקער ווערט די נטיה ביים יידישן אונטערנעמער צו מאַכן פרייער דעם וועג פאַרן אַריינמאַרש פון פאַשיסטן אין לאַנד און פאַר ביליקער, קאָנטראַקטירטער יידישער אַרבעטס־קראַפט.

דער קאַמף פאַר אַ פרייער יידישער מאַסן־איינוואַנדערונג, מחוץ דער בירגערלעכער אפּוטרופּסות, פאַלט אויסשליסלעך אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג און איר פעריפעריע.

די קאָנפערענץ זעט דעריבער אַלע רעפאָרמיסטישע עקספּערימענטן, וואָס צילן צו שאַפן אַ בשותפותן, נאַציאָנאַלן פראָנט אין דער פראַגע פון יידישער איינוואַנדערונג און אַרבעט, ווי אַ פערמאַנענטן דורכפאַל, וואָס פענטעט בלויז די אַרבעטער־באַוועגונג אין איר טאַקטיק, און מאַכט זי אָפּהענגיק און אונטערגעוואָרפן דער בורזשואַזיע און די אימפּעריאַליסטישע מאַנעוורעס.

די וועלט־קאָנפערענץ פאָדערט אויף די וועלט־באַוועגונג קלאָר צו מאַכן די לאַגע, אַזוי ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט, און אויפנעמען אַ קאַמף קעגן די אַלע, וואָס ברעכן און פאַרקריפּלען די יידישע איינוואַנדערונג. דער יסוד דערצו איז — דאָס אויפשטעלן אַ זעלבסטשטענדיקן, אומאָפּהענגיקן קאַמפס־פראָנט פון אַלע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אין אינטערנאַציאָנאַלן מאָסשטאַב.

## וועגן לעגיסלאַטיוון ראַט („מועצה מחוקקת")

די וועלט־קאָנפערענץ זעט אין דעם פרווו פון דער רעגירונג אויפצושטעלן דעם „לעגיסלאַטיוון ראַט" אַ בלויז אימפּעריאַליסטישן מאַנעוור, וואָס איז אויסן אַריינצובאַקומען אין האַנט אַ נייעם קראַפט־אינסטרומענט פאַר זיך דורך אַ פאַרקריפּלטער און צעקרימטער מכלומרשטער פּאַרלאַמענטאַרישקייט. דער לעגיסלאַטיווער ראַט וועט בשום אופן נישט דינען אַלס „רונדער טיש" פאַר קלאָרער מאַכן די יידיש־אַראַבישע באַציִונגען, נייערט ער וועט ווערן אַ שטרויכל־שטיין פאַר אַ פערמאַנענטער מחלוקת צווישן די „מיוחסים" פון בײדע פעלקער, אונטער דער רעזשי פון דער רעגירונג; נאָך מער צוליב דעם, וואָס ער ווערט נישט געקליבן אויפן יסוד פון אַלגעמיינע וואַלן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין לאַנד, נאָר אויפן יסוד פון קנוניה־אָפּמאַך צווישן די הערשנדיקע גרופּעס. ער פאַרמאָגט נישט אַזוי אַרום אַפילו די מינדסטע מעגלעכקייט, מען זאָל אים קענען אויסנוצן ווי אַ טריבונע פאַרן פּראָלעטאַרישן קאַמף.

די וועלט־קאָנפערענץ וואַרפט אָפּ יעדע באַטייליקונג פון דער פּאַרטיי אין אָט דעם דורכזיכטיקן רעגירונגס־מאַנעוור, וואָס צילט מפייס צו זיין די זינקנדיקע אַראַבישע פעאָדאַלע רעאַקציע.

# צו דער אַגראַר־פּראַגע אין לאַנד

די וועלט־קאָנפערענץ שטעלט פעסט די גרויסע באַדייטונג פון דער אַגראַר־פּראַגע פאַרן גורל פון פּאַלעסטינע. וואָס מער דאָס לאַנד אַנטוויקלט זיך, אַלץ ברייטער צעוואַקסט זיך דער קעגנזאַץ צווישן דער יידישער קאָלאָניזאַציע, וואָס איז געבונדן מיט דער פּראַגע פונעם אַראַבישן פעלאַך, און צווישן דעם באָדן־מאָנאָפּאָל פונעם עפענדי, דעם גוטבאַזיצער.

הן דער יידישער האַרעפּאַשניק, הן דער אַראַבישער פעלאַך, שטרעבן ביידע צום באָדן, פאַרייניקט דורך איין פאַרלאַנג: „באָדן — פאַרן אַרבעטס־מענטש!"

אָט דער געמיינזאַמער היסטאָרישער אינטערעס, וואָס איז, בעיקר, גע־ווענדעט קעגן דעם פּריצישן באָדן־אייגנטימער און זיין אַרויסהעלפער — די מאַכט אין לאַנד, שטויסט זיך אָן אויף אַ גוואַלדיקער קעגנערשאַפט פון די הערשנדיקע כוחות, וועלכע באַמיען זיך אָפּרייסן זיי, איינעם פון צווייטן, און אַוועקשטעלן ביידן, דעם אַראַבישן פעלאַך און יידישן קאָלאָניזיר־עלעמענט, איינעם קעגן דעם צווייטן, ווי שונאים און נאַציאָנאַלע פיינט.

עס ווערט געשאַפן אַן אַטמאָספער אָנגעזאַפּט מיט נאַציאָנאַלער העצע, מען וועבט אַ לעגענדע וועגן „יידן וואָס טרייבן אַראָפּ פעלאַכן פון באָדן", און עס צעבליט זיך גלייכצייטיק אַ באָדן־שפּעקולאַציע, אַ יקרות אויף יעדן שפּאַן ערד, וואָס ווערט איינגעשאַפּט פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע. ס׳ווערן אויסגעפּאַרטיקט לכתחילה צוגעגרייטע באָדן־קאָנפליקטן צווישן דעם יידישן קאָלאָניזיר־עלעמענט און אַראַבישן פעלאַך — דעם באָדן־אַרענדאַר און סוב־אַרענדאַר, ווי אויך מיטן בעדויִנער, וואָס קומט מיט תביעות אויף חזקה־רעכט.

די וועלט־קאָנפערענץ שטעלט פעסט, אַז נישט געקוקט אויף אַלע שטע־רונגען, פּראָוואָקאַציעס און דערקלערונגען פון די רעגירונג־ספּעציאַליסטן, איז פולשטענדיק צערונען געוואָרן די לעגענדע וועגן דער „יידישער עקספּראָ־פּריאַציע" אין שייך פון דעם אומצווייפלהאַפטן פאַקט, אַז די יידישע קאָלאָני־זאַציע, וואָס איז מערסטנס דורכגעפירט געוואָרן אויף זומפּיקן און פעלדזיקן באָדן, האָט באַוויזן נאָר אַ מינימאַלע צאָל אַראַבער צו פאַרלאָזן דעם באָדן (דורכשניטלעך 50 משפחות אַ יאָר, ד״ה, 0,06 פון דער צאָל פעלאַכישע משפחות אין לאַנד) און אויך דאָס, נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען קאָמפּענ־סאַציע אָדער אַנדערע באָדן־חלקים.

ביי אָט דער סיטואַציע שטעלט פעסט די וועלט־קאָנפערענץ, ווי פּאָליטיש פאַרקריפּלט איז דער וועג פון די יידישע קאָלאָניזיר־אינסטאַנצן, וואָס לאָזן אַריינשלעפּן די יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַ צוגעגרייטער נעץ פון באָדן־קאָנ־פליקטן און העלפן דערמיט צו דער אַראַבישער רעאַקציע, און איר פּראָק־ציאָנערישן (יעווסעקישן) צוזאָב, וועלכע זענען ביידע גלייך פאַראינטערעסירט דערין.

די לאָזונג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע דאַרף זיין — נישט קיין געלט־קאָמפּענסאַציע, ווי היפּש די קאָמפּענסאַציע זאָל נישט זיין, אויך נישט קיין משא־ומתן מיט דער רעגירונגס־הילף אויף אַראָפּצונעמען פון באָדן אָדער

איבערטראַנספּאָרטירן די, וואָס האָבן די קאָמפּענסאַציע באַקומען. דער וועג איז — אינטענסיווירן זייער ווירטשאַפט אויף אַ טייל פון זייער באָדן און אַזוי אַרום אויך שטום־מאַכן די „פּאָליטישע" שפּעקולאַנטן פון דער „נאַציאָ־נאַלער" אַראַבישער באַוועגונג.

די וועלט־קאָנפערענץ שטרייכט אונטער, אַז כל־זמן עס וועט זיך האַלטן דער באָדן־מאָנאָפּאָל פון די גוטבאַזיצער און דאָס פּאַראַליזירנדיקע אייגנטום־רעכט פון דער רעגירונג איבער די גרויסע פּאַרוואָרלאָזטע באָדן־שטחים, וועט די לאַגע אינעם אַראַבישן דאָרף ווערן אַלץ ערנסטער, די ייִדישע קאָלאָניזיר־אַרבעט אַלץ שווערער און די קלאַסן־דיפערענציאַציע אין דער אַראַבישער לאַנד־ווירטשאַפט גופא אַלץ האַסטיקער. דער קאַמף קעגן דעם פּריץ־עפענדי און פּראָצענטניק, קעגן דער פּיסקאַלער רעגירונגס־שיטה אין דאָרף, פאַר קאָנ־פיסקאַציע פון באָדן, פלעכט זיך אַלץ מער דורך מיטן קלאַסן־קאַמף אין דאָרף גופא, צווישן די בעלי־גופים און פאַרמעגלעכע פון איין זייט, און באָדנלאָזע און באַטראָקעס פון דער צווייטער זייט.

בלויז דורך דעם פּראָלעטאַרישן באַפרייונגס־קאַמף, אונטער דער אָנפירונג פונעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ בונד מיטן דאָרפישן האָרעפּאַשניק, וועט זיך דער פּעלאַך דערשלאָגן צום באָדן און די ייִדישע קאָלאָניזאַציע צו איר ברייט־סטער פונאַנדערוויקלונג.

דניאל לייבל

# די אימפּעריאַליסטישע מאַכעריקע

(וועגן געזעצגעבערישן ראַט)

די לאַנג שוין אָנגעזאָגטע, יאָרנלאַנג אויסגעטרומייטערטע געשעעניש איז געקומען: דער ענגלישער הויך־קאָמיסאַר אין ארץ־ישראל האָט פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון אַ געזעצגעבערישן ראַט אין לאַנד. די ארץ־ישראלדיקע באַפעלקערונג זאָל באַקומען דאָס רעכט מיטצוזאָגן אַ דעה איבער אירע אייגענע ענינים, דאָס לאַנד זאָל דערנענטערט ווערן צו זעלבסטפאַרוואַלטונג!

און דאָך זעט מען גאָרנישט איבערן לאַנד, אויסער דער אויסגעשפּראָכענער קעגנערשאַפט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, עפּעס אַזאַ מין באַגייסטערונג, ווי די וואָס פלעגט אַרומכאַפּן מאַסן, ווען דאָס פאָלק פלעגט זיך אויסקעמפן פרייהייטן פון אונטערדריקערס האַנט.

ביי דער גאַנצער העצע, וואָס די אַראַבישע רעאַקציאָנערע פּני פירן צווישן די אַראַבישע מאַסן קעגן די ייִדן, — און ווייסנדיק קלאָר, אַז דער געזעצגעבערישער ראַט איז געווענדעט קעגן דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן ישוב אין לאַנד — קענען זיי זיך פאָרט נישט באַגייסטערן פאַר אַ פּלאַן, וואָס איז אין תוך אַן אימפּעריאַליסטישער פּלאַן, געווענדעט קעגן זייערע אייגענע אינטערעסן. די אַראַבישע מאַסן שפּירן, אַז דאָ פאַרבינדן זיך אין איין קנויל די מאַכט־אינטערעסן פונעם פרעמדן באַהערשער מיטן הערשאַפטס־און עקספּלאָטאַציע־ווילן פון די אייגענע היימישע מאַכטהאָבער, און דערפאַר בלייבן זיי נאָך אַלץ קאַלט, און דאָס צווינגט די אייגענע עפענדישע בענקל־כאַפּערס צו שפּילן די צבועקישע שפּיל, אַז כלומרשט קענען זיי זיך נישט אַנטשליסן, נאָר דער „נאַציאָנאַלער אינטערעס" פאָדערט עס און זיי וועלן זיך מן הסתם מוזן אונטערגעבן.

אין דער אמתן איז דער פּלאַן אַזוי אַלט ווי די ענגלישע הערשאַפט אין א"י, און שטייט קאָנקרעט שוין זינט דעם יאָר 1928, זינט טשעמבערלענס צייטן, אויסער דעם ערשטן נישט געלונגענעם פּרווו פונעם „ערשטן ייִדישן נציב" — הערבערט סעמיועל. עס איז אַ דורכויס אימפּעריאַליסטישער פּלאַן,

צו פאַרבינדן די בריטישע הערשאַפט אין לאַנד מיט די אינטערעסן פון פעאָדאַלן שיכט, ווי אין אַלע לענדער פון בריטישן קאָלאָניאַל־רעזשים, און דאָס באַטייט, אין די ראַמען פון אַ ברייטן אימפעריאַליסטישן פּלאַן, פאַרן נאָענטן מזרח גלייכצייטיק אַ פּלאַן צו דערשטיקן מיטן כוח פון דער כלומר־שטער היימישער „פּאָלקספּאַרטרעטונג” די מאָדערנע אַנטוויקלונג פון לאַנד און איר טרעגער, די יידישע מאַסן־איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע.

אַוודאי איז דער דאָזיקער לעצטער מאָמענט אַ וויכטיקער אַטוט אין דער האַנט פונעם עפענדי צו געווינען די הסכמה פון די פאַרהעצטע אַראַבישע מאַסן פאַר דעם אימפעריאַליסטיש־פעאָדאַלן פּלאַן — איז עס אָבער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, און באַזונדערס פאַר דער אַרבעטנדיקער באַ־פעלקערונג, נאָך אַ גרונט, און טאַקע דער אַנטשיידנדיקער גרונט, אַרויסצו־טרעטן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט קעגן דער אימפעריאַליסטישער מאַכע־רייקע, וואָס וויל פאַרדעקן מיט כלומרשט־דעמאָקראַטישע פעדערן דעם ווילן צו ליקווידירן דאָס אויפבוי־ווערק פונעם יידישן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער.

די יידישע מאַסן אין דער וועלט געפינען זיך נישט אין אַזאַ לאַגע, זיי זאָלן קענען מוותר זיין אויף דער איינציקער מעגלעכקייט פון אויפבויען זייער טעריטאָריאַלן צענטער, צו לאָזן דעגענערירן דאָס, וואָס איז אין ארץ־ישראל געשאַפן געוואָרן — צו דער מדרגה פון אַ ליליפּוטן־ישוב מיט דער אויפשריפט „נאַציאָנאַלע היים”!

און דאָס אַנטשיידנדיקע שטעקט נישט דערין, וואָס די אַראַבישע באַ־פעלקערונג וועט אין דעם געזעצגעבערישן ראַט זיין פאַרטראָטן שטאַרקער איידער די יידישע, ווי עס טענהן שטענדיק אויך אונדזערע מפא״י־פירער. אַנטשיידנדיק איז דאָס, וואָס דער „געזעצגעבערישער ראַט” איז אויסן, לויט זיין פּלאַן און מהות, אויפצושטעלן אויפן לעגאַלן אופן אַן אינסטרומענט פון אַראַבישן דרוק קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע, אַ דרוק, וועלכן די מאַנדאַט־מאַכט זוכט צו אָרגאַניזירן, כדי זיך אים ווי ווייט מעגלעך אונטערצוגעבן. אַ „געזעצגעבערישער ראַט” מיט נאַציאָנאַלן פּאַריטעט (גלייכע פּאַרטרעטערשאַפט), מיט די ענגלישע נאָמינירטע באַאַמטע אָדער מיטן הויך־קאָמיסאַר אַלס צינגל, ווי עס ווילן די ציוניסטישע פירער, וואָלט געגעבן דעם אייגענעם רעזולטאַט.

און פאַלש איז אויך, ווען די ציוניסטישע פירערשאַפט שטעלט אַרויס דעם רעטונגס־לאָזונג, אַז די פראַגעס פון איינוואַנדערונג און באָדן זאָלן אַרויסגענומען ווערן פון דער קאָמפּעטענץ פונעם ראַט. צי איז דען נישט מעגלעך צו פירן אויפן פּאַפּיר אַ ליבעראַלע פּאָליטיק לגבי איינוואַנדערונג און באָדן און גלייכצייטיק דורך דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק אין לאַנד דער־שטיקן די מעגלעכקייט פון אַנטוויקלונג און פון איינוואַנדערונג?

ניין! נישט אין דער קאָמפּעטענץ און נישט אינעם נאַציאָנאַלן צוזאַמענ־שטעל פון געזעצגעבערישן ראַט שטעקט די סכנה — נאָר דערין, וואָס דער גאַנצער פּלאַן איז אויסגערעכנט צו שאַפן אַ געמיינזאַמען פראָנט פון אימ־פּעריאַליזם, סיי קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג, סיי קעגן דער מאָדערנער

אַנטוויקלונג פון לאַנד, און פאַר דער באַפעסטיקונג פון אימפּעריאַליסטישן רעזשים און אויפריכטונג פון פעאָדאַלער סיסטעם אין ארץ־ישראל און אין די אַרומיקע אַראַבישע לענדער.

דאָ קומט זיך צונויף דער גרויסער היסטאָרישער אינטערעס פוןביידע פעלקער, פון יידישן און אַראַבישן, פאַר אַ בעסערער, מענטשלעכער און פרייערער צוקונפט, וועלכע קען דערגרייכט ווערן נאָר אין געמיינזאַמען קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישער קנעכטשאַפט, און אין געמיינזאַמען אויפבוי אויף די יסודות פון אַרבעט און סאָלידאַריטעט. דאָ קומט זיך צונויף שוין ביים היינטיקן טאָג דער לעבנס־אינטערעס און לעבנס־קאַמף פון די אַראַבישע און יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן קעגן עקספּלאָטאַציע און אונטערדריקונג, פאַרן סאָציאַליזם.

דער „געזעצגעבערישער ראַט“ איז לכתחילה געמיינט ווי אַ שטרויכל־שטיין אויפן קאַמפּס־וועג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן בכלל; ווי אַ טריבונע איז ער לכתחילה צוגעשניטן נישט פאַר נאַציאָנאַלן שלום, נאָר פאַר נאַציאָ־נאַליסטישן קאַמף. איז ער דאָך לכתחילה אָוועקגעשטעלט אויף נאַציאָנאַלע קוריעס, קוריע קעגן קוריע, און די וואַל־אָרדענונג מאַכט אומעגלעך לכתחילה דאָס אויפטרעטן פון אַ געאייניקטן סאָציאַלן אינטערנאַציאָנאַלן כוח, קעגן די צעבושעוועטע נאַציאָנאַליסטישע כוחות פון ביידע זייטן.

שוין נישט צו רעדן וועגן דער אַז־אַך־און־וויי „דעמאָקראַטיע“ וואָס ווערט דאָ דערלאַנגט די מאַסן ווי אַ לעקעכל! אַ „פאָלקס־פאַרטרעטונג“, וועמענס באַשלוסן קענען מיט איין פעדער־שטריך מבוטל ווערן דורך דעם שליח פון דער מאַנדאַט־מאַכט! אַ „פאָלקס־פאַרטרעטונג“ וואָס מען קען אַרויסגעבן געזעצן אַפילו נישט פרעגנדיק ביי איר קיין דעה! אַ „דעמאָקראַטיע“, וואָס ווערט „דערגענצט“, לויטן איינזען פון דער מאַכט, מיט שליחים, וואָס געפינען חן אין אירע אויגן, און מיט באַאַמטע, וואָס זאָלן קענען יעדער רגע מיט זייערע שטימען איבערוועגן דאָרט, ווו די רעגירונג וועט הייסן.

עס איז חוזק פון דעמאָקראַטיע, עס איז בלויז אַ ליאַלקע, און אַ מיאוסע ליאַלקע פון פאָלקס־פאַרטרעטונג, נאָך מער ווי די שענדלעכע מוניציפּאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די שטעט און דערפער, וואָס שמאַכטן אונטערן יאָך פון די באַזיצנדיקע קלאַסן און כלי־קודש. צי קען דען געמאָלט זיין אימפּעריאַליסטישע קאָלאָניאַל־הערשאַפט מיט דעמאָקראַטישער פאָלקס־פאַר־טרעטונג?

אַווירקלעכע פאָלקס־פאַרטרעטונג קענען די מאַסן אין ארץ־ישראל דערגרייכן נאָר צוזאַמען מיט זייער באַפרייונג פון אימפּעריאַליסטישן און פעאָדאַל־קאַפּיטאַליסטישן יאָך. דאָס וועט אָבער זיין אַ באַפרייונג מיט אינ־טערנאַציאָנאַלע כוחות פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטנדיקע קלאַסן.

נאָר צונויפשליסן די דאָזיקע כוחות אין ווירקלעכער סאָלידאַריטעט קעגן די געמיינזאַמע שונאים, פאַר געמיינזאַמע צילן — דאָס הייסט אַרויסרייסן דעם באָדן פון אונטער די פיס ביי דעם אימפּעריאַליסטישן פאַרלאַמענטאַרישן שפּיל. דאָ גילט נישט קיין לאָזונג, דאָ פאָדערט זיך ערלעכע אויפריכטיקע טאַט. עס איז פשוט לעכערלעך און היסטאָרישער אומזין, צו באַקעמפן דעם

געזעצגעבערישן ראַט און גלייכצייטיק שטופּן און אויסליפערן דעם אַראַבישן אַרבעטס־מענטשן אין די אָרעמס פון דער אַראַבישער רעאַקציע, וואָס איז דער יסוד פונעם „געזעצגעבערישן ראַט". עס איז אומזין צו זיין קעגן דער „מועצה מחוקקת" און גלייכצייטיק שטיצן זיך אויפן אימפּעריאַליזם, פּרעדיקן קאָאָפּע־ראַציע און אויסדינען זיך אים ביי יעדער געלעגנהייט, ווי עס פּרעדיקן די פירער פון מפא"י.

דער קאַמף קעגן געזעצגעבערישן ראַט, צוליב די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן — מוז פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם און ער דאַרף זיך שטעלן דעם גרויסן ציל פון אַ סאָציאַליסטיש ארץ־ישראל, געבויט אויף נאַציאָנאַלער פרייהייט און גלייכהייט. דער באָיקאָט פון „געזעצגעבערישן ראַט" טאָר נישט ווערן קיין באָיקאָט אויף די אַראַבישע מאַסן, נאָר פאַרקערט, ער מוז ווערן אַ שטויסקראַפט פאַר אַ וואָס ענגערער פאַרבינדונג מיט זיי און זייערע אינטערעסן.

קיין שום הסכמה צום פאַרפעלשטן אימפּעריאַליסטישן פּאַרלאַמענטאַריזם!

קעגן דער אימפּעריאַליסטיש־פעאָדאַלער אינטריגע — קאַמף פאַר אינ־טערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט!

„נייזועלט", תל־אביב, 3טער יאַנואַר 1936.

# דער אויסברוך פון די געשעענישן און זייער פאַרלויף

דער איטאַליעניש־אַביסיניִשער קריג אין יאָר 1935 האָט געגעבן דעם סיגנאַל צום אָנהייב פון אַ ווירטשאַפטלעכן קריזיס אין ארץ־ישראל. אין גאַנצן מיטעלן מזרח האָט זיך דעמאָלט געלאָזט שפּירן אַ ווירטשאַפטלעכע צערודערונג צוליב דער מורא פאַר דער אויסברייטערונג פון קריג אויך מחוץ די גרענעצן פון אַביסיניע. אין ארץ־ישראל האָבן די בענק באַדייטנדיק איינגעשרומפּן די קרעדיטן. צום ערשטן מאָל זינט 1932 האָט זיך באַוויזן אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער אין לאַנד. די רעגירונג האָט גלייך אויסגענוצט די דאָזיקע אומשטענדן, כדי צו פאַרקלענערן די אַרבעטער־עליה. דאָס רעקאָרד־יאָר פון דער יידישער עליה — 61.584 עולים אין יאָר 1935 — האָט געוואָרפן אַ שרעק אויף דער מאַנדאַט־רעגירונג, כאָטש די יידישע איינוואַנדערונג האָט אומגעהויער באַרייכערט דאָס לאַנד און אויך די רעגי־רונגס־קאַסע. ביז מערץ 1936 האָט זיך אין דער רעגירונגס־קאַסע אָנגעזאַמלט אַן עודף פון 6 מיליאָן פונט. מאַסן אַראַבער פון די אַרומיקע לענדער האָבן זיך געצויגן קיין ארץ־ישראל, ווו זיי האָבן באַקומען אַרבעט, אויך ביי רעגירונגס־אַרבעטן, און אַן אַ פאַרגלייך בעסערע אַרבעט־ און לוין־באַדינגונגען, ווי זיי האָבן געקענט חלומען אין זייערע היימען. אַזוי האָט, למשל, די רעגירונג אַליין מודה געווען, אַז פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר זענען אַריינגעקומען אין לאַנד פון 10 ביז 15 טויזנט חוראַנער (אַ געגנט אין צפון פון עבר־הירדן און דרום פון סיריע). אַ חוץ דעם זענען אָנגע־קומען אַ סך טויזנטער פון אַנדערע געביטן פון עבר־הירדן און פון מצרים, דער עיקר פון האַלב־אינדזל סיני.

די אַראַבישע רעאַקציע האָט אָבער אָן אויפהער געהעצט קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג און האָט גערופן צו נייע אַנטי־יידישע אומרוען און האָט זיי אָפן, פאַר די אויגן פון דער רעגירונג, צוגעגרייט.

אין נאָוועמבער 1935 האָט אָנגעהויבן אין צפון פון לאַנד איר טעראָר־טעטיקייט אַן אַראַבישע כנופיה אונטער דער אָנפירונג פון אַ פאַנאַטישן מוסולמענישן שייך עז א־דין אל־קאסם. אין פאַרלויף פון די ערשטע חדשים פון 1936 האָט די אַראַבישע רעאַקציע אָרגאַניזירט און באַוואָפנט טעראָר־גרופּעס. די רעגירונג האָט, פונקט ווי אַלע אין לאַנד, וועגן דעם גאַנץ גוט געוווּסט, אָבער נישט אָנגענומען קיין שום מיטלען.

זונטיק, דעם 19טן אַפּריל 1936, האָט מען אָנגעהויבן פּלוצלינג באַפאַלן יידן אין יפו. 16 יידן זענען געוואָרן דערהרגעט אָדער שטערבלעך פאַרוווּנדעט. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון די בלוטיקע אַנטי־יידישע אומרוען, וועלכע האָבן געדויערט העכער דריי יאָר, ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג אין יאָר 1939, מיט אַ קורצער הפסקה בעתן באַזוך פון דער קעניגלעכער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע.

נאָכן יפוער פּאָגראָם האָבן די אַראַבישע פירער פּראָקלאָמירט אַ גענעראַל־שטרייק, וואָס האָט געדויערט אַ האַלב יאָר. דער ציל פון שטרייק איז געווען צו פּאַראַליזירן דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן אין לאַנד, אויסצוהונגערן דעם יידישן ישוב, צווינגען די רעגירונג אויסצוליפערן די מאַכט אין לאַנד דער אַראַבישער פעאָדאַל־קלעריקאַלער רעאַקציע.

די פּאָליטישע לאָזונגען פונעם שטרייק זענען געווען: אָפּשטעלן פולשטענדיק די יידישע איינוואַנדערונג, פאַרבאָטן יידן צו קויפן באָדן, אויפשטעלן אַן אַראַבישע נאַציאָנאַלע רעגירונג.

די בריטישע רעגירונג האָט געהאַנדלט מילד לגבי די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם גענעראַל־שטרייק און פון בלוטיקן טעראָר, באַווייזנדיק אַזוי אַרום, אַז זי איז כלל נישט פאַראינטערעסירט אין דער ליקווידאַציע פון די בלוטיקע געשעענישן און פון די סאַבאָטאַזש־אַקטן. דער מופטי האָט פראַנק און פריי געפירט זיין אַגיטאַציע און אָנגעווענדעט בלוטיקן טעראָר קעגן יעדן אַראַבער, וואָס האָט געפּרוווט אַרויסווייזן אַ קעגנערשאַפט צו דער בלוטיקער העצע. די רעגירונג האָט אויסגענוצט די אומרוען, כדי ווידער שטאַרק צו באַגרענעצן די יידישע איינוואַנדערונג. די יידישע אַגענץ האָט געבעטן אויפן האַלבן יאָר אַפּריל־אָקטאָבער 1937 11.250 סערטיפיקאַטן, די רעגירונג האָט באַוויליקט צו געבן גאַנצע 620 איינוואַנדערונג־דערלויבענישן.

דער יידישער ישוב האָט אַרויסגעוויזן אין דער צייט פון בלוטיקן נסיון פיל ווידערשטאַנדספעיקייט און זעלטענע צופּאַסונג צו די נייע ווירטשאַפט־באַדינגונגען אין דער תקופה פון אַראַבישן טעראָר און באָיקאָט. פון אַפּריל 1936 ביז מערץ 1937 זענען געפאַלן 93 יידן, מערסטנס קרבנות פון אָנפאַלן פון הינטערוויילעכץ־מאָרד און באַהאַלטענע מינעס אויף די וועגן, און העכער 400 יידן זענען געוואָרן פאַרוווּנדעט. עס איז פאַרניכטעט געוואָרן אַ סך האָב און גוטס, פעלדער און פּלאַנטאַציעס זענען אונטערגעצינדן געוואָרן. דער יידישער ישוב האָט זיך העלדיש פאַרטיידיקט, אָבער גלייכצייטיק איז ער שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן דער נקמה־היסטעריע, וועלכע עס האָבן סיסטעמאַטיש געפּריידיקט די רעוויזיאָניסטן. דער ישוב האָט נישט געענטפערט אויף די אַראַבישע מאָרדן מיט טעראָר־אַקטן קעגן דער פרידלעכער אַראַבישער באַפעלקערונג און האָט באַקעמפט די נקמה־אַקטן פון די יידישע כנופיות. די יידן האָבן נישט פאַרלאָזט קיין איין און איינציקן לאַנדווירטשאַפטלעכן ישוב אַפילו דעם ווייטסטן, אין האָבן, פאַרקערט, אינמיטן די בלוטיקע געשעענישן אויפגעשטעלט אַ סך נייע ישובים.

דער אַראַבישער שטרייק האָט געשטאַרקט די ווירטשאַפטלעכע זעלבסטשטענדיקייט און אומאָפּהענגיקייט פון יידישן ישוב. אויפן שליסן דעם יפוער פּאָרט האָבן די יידן געענטפערט מיט עפענען דעם פּאָרט אין תל־אביב. דאָס אָרט פון די אַראַבישע אַרבעטער אין די יידישע פּרדסים (ציטרוס־פּלאַנטאַציעס) האָבן פאַרנומען יידישע אַרבעטער. די יידישע לאַנדווירטשאַפט האָט אויסגעברייטערט איר פּראָדוקציע, כדי נישט צו דערלאָזן אויסהונגערן דעם ישוב. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען די יידישע שטיין־פּראָדוקציע, כדי נישט אָפּצושטעלן דעם הייזער־בוי צוליב מאַנגל פון בוי־מאַטעריאַלן.

# אויף דער וואַך פון אונדזער צוקונפט

(אויפרוף)

**צו דעם ייִדישן ישוב אין לאַנד!**

די מאָרדטאַטן איבער ייִדן אין יפו און אויף די גרענעצן פון דער שטאָט זענען אויסגעפירט געוואָרן אין מיטן העלן טאָג און אומגעשטערט.

פינצטערע כנופיות, אויפגעהעצטע און אָנגעפירטע דורכן אַראַבישן פאַשיזם, האָבן געכאַפּט ווי אין אַ פאַסטקע און אַכזריותדיק דערמאָרדעט איינצלנע ייִדן, אומשולדיקע דורכגייער. די בלוטהינט האָבן דערגרייכט זייער ציל, צו וועלכן זיי האָבן געשטרעבט זינט לאַנגע חדשים. זייער העצע האָבן זיי געפירט עפנטלעך, פאַר די אויגן פון דער מאַכט. די רעגירונג האָט געוווּסט און זיך נישט אַריינגעמישט. אַדרבה, איר צוזאָג אויפצושטעלן דעם געזעצגעבערישן ראַט האָט זיי נאָך צוגעגעבן מוט.

די רעגירונגס־אָרגאַנען זענען געווען גרייט און מאָביליזירט. אָבער ווען דער אומגליק איז געקומען, האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַ קאַלטבלוטיקייט, פון וועלכער דאָס בלוט קען פאַרגליווערט ווערן אין די אָדערן. זייערע אויערן זענען געווען טויב פאַר דעם געשריי פון די פאַרפאָלגטע און געמאָרדעטע אין יפו. זעכצן ייִדן זענען געהרגעט אָדער שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן אין די יפוער גאַסן פאַר אַלעמענס אויגן, און קיין איינציקער פון די מערדער איז צומאָל נישט אַרעסטירט געוואָרן.

אָט די מילדע רעגירונגס־האַנט, אין אַזאַ האַרבער שעה פאַרן ייִדישן ישוב און פאַרן לאַנד, דראָט, אַז די ברודיקע כוואַליע זאָל פאַרפלייצן נייע שטחים, וועלכע זענען נאָך דערווייל, צום גליק, נישט באַרירט געוואָרן, אָבער דער פּאָגראָם־פאַשיזם שטורעמט צו דעראָבערן זיי.

**זאָל זשע דערהערט ווערן אונדזער הילכיקער פּראָטעסט,** דער געשריי פון די פּאָלקסמאַסן, וואָס פאַרטיידיקן זייער עקזיסטענץ און צוקונפט, דער צאָרנדיקער פּראָטעסט פון דער אַרבעטערשאַפט אין לאַנד און אין דער וועלט — קעגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, וואָס וועגט אונדזער בלוט אויף די וואָגשאָלן פון פּאָליטישן „גלייכגעוויכט", מישטיינס געזאָגט, פאַר זיינע אינטערעסן און פאַר זיין נוצן.

עס זענען נאָך נישט געבראַכט געוואָרן צו קבורה די לעצטע קרבנות, און אָט הערט זיך שוין קעגן אונדז דער באַקאַנטער ליגנערישער קוויטש פון דעם „קאָזאַק הנגזל“, פון די חשובע פּאָגראָמשטשיקעס, — די באַקאַנטע טענה, אַז מיר, וואָס פּאַרטיידיקן זיך קעגן זיי, מיר זענען עס גאָר די אָנפאַלער. און זיי פאָדערן שוין, עס זאָל אינגאַנצן אָפּגעשטעלט ווערן די יידישע עליה און עס זאָל לחלוטין פאַרבאָטן ווערן יידן צו קויפן באָדן, כדי מיט אונדז אַ סוף צו מאַכן אין לאַנד.

ניין, ניין! קיין שום רציחות, קיין שום רעגירונגס־גזירות וועלן נישט אימשטאַנד זיין אונדז צו רירן פון דער פּאָזיציע, וואָס מיר האָבן דעראָבערט מיט אונדזער שוויס, אַלס פּאָזיציע פאַר באַנייען אונדזער לעבן, פאַרן קאַמף פאַר דער צוקונפט פון דעם יידישן אַרבעטנדיקן פאָלק, פאַר דער סאָציאַליס־טישער צוקונפט פון לאַנד.

זאָל וויסן די אַראַבישע רעאַקציע און זאָל וויסן זיין די רעגירונג, אַז מיר וועלן שטיין ווי אַ פעסטע מויער און זיך פאַרטיידיקן און מיר וועלן נישט אויפהערן צו קעמפן פאַר אונדזער רעכט אויף עליה און אויף איינ־וואָרצלען זיך אין לאַנד. מיר וועלן באַקעמפן די פינצטערע כוחות, אָבער גלייכצייטיק, אַפילו אין דער דאָזיקער האַרבער שעה, שטרעקן מיר אויס אַ ברידערלעכע האַנט צו די אַרבעטנדיקע אַראַבישע פאָלקסמאַסן — צו אַרבע־טער־פאַרברידערונג, צום געמיינזאַמען קאַמפס־בונד קעגן די אינערלעכע און אייסערלעכע שונאים פון לאַנד. לאָמיר ראַטעווען די אַראַבישע פאָלקסמאַסן פון זייערע פאַרשקלאַפער און אונדזערע מערדער.

צום יידישן אַרבעטער, וואָס שטייט איצט אויף דער וואַך, איז געווענדעט אונדזער רוף: אין דער פאַרגיפטער אַטמאָספער, ווען אַרום בושעווען שאָווי־ניסטישע צעשטערונגס־אינסטינקטן, דאַרפסטו, אַרבעטער, דער טרעגער פון דער צוקונפט, זיך אַנטקעגנשטעלן דער העצע און די אומזיניקע נקמה־אַקטן פון די רעוויזיאָניסטישע פאַשיסטישע כנופיות, פון דער אויפגעהעצטער און אומוויסנדיקער יוגנט, דער עיקר פון די אָפּגעשטאַנענע עדות. די פאַר־ברעכערישע מעשים, מער ווי זיי טרעפן דעם שונא, טרעפן זיי אונדז גופא. אונדזער פאַרטיידיקונג טאָר נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין הפקרות!

ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער־פּאַרטיי
„פ ו ע ל י ־ צ י ו ן“
צענטראַל־קאָמיטעט

תל־אביב, 22טער אַפּריל 1936.

# „אַנטיפאַ“

סוף 1934 איז לויט דער איניציאַטיוו פון דער ארץ־ישראלדיקער פועלי־ציון־פּאַרטיי געוואָרן געגרינדעט אין ארץ־ישראל די ליגע צום קאַמף קעגן פאַשיזם, „אנטיפא“. זי איז געוואָרן די לאַנד־סעקציע פון דעם וועלט־קאָמיטעט צום קאַמף קעגן פאַשיזם, וואָס זיין זיץ־אָרט איז געווען אין פּאַריז.

די פּרינציפּן פון „אנטיפא“ זענען געווען: 1) „אנטיפא“ איז אָפן פאַר יעדן אַרבעטער און בירגער, אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, וואָס אָנערקענט די נויטווענדיקייט צו פירן דעם קאַמף קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם, און וואָס זעט איין די סאָלידאַריטעט פון די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון אַלע אַרבעטנדיקע אָן אונטערשייד פון נאַציע און רעליגיע; 2) אין „אנטיפא“ איז נישטאָ קיין אָרט פאַר די, וואָס זייען שנאה צום יידישן אַרבעטער, צו זיין איינוואַנדערונג און קאָלאָניזירונג אין לאַנד, ווי אויך פאַר די, וואָס זייען שנאה צום אַראַבישן אַרבעטער און צו זיין אויפריכטונג; 3) דער ציל פון „אנטיפא“ איז קאַמף קעגן דער סכנה פון פאַשיזם און שאָוויניזם אויף דער יידישער און אַראַבישער גאַס, לייסטן הילף פאַר די קרבנות פון פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם; 4) „אנטיפא“ פאַרבינדט די אַרבעטער־שאַפט אין לאַנד מיטן אַנטיפאַשיסטישן קאַמף אין דער וועלט.

„אנטיפא“ האָט געפירט איר טעטיקייט קעגן דעם רעוויזיאָניזם אויף דער יידישער גאַס און קעגן דער אַראַבישער רעאַקציע, פאַר יידיש־אַראַבישער פאַרשטענדיקונג. אין די רייען פון „אנטיפא“ זענען געווען אָרגאַניזירט אויך אַ געוויסע צאָל באַוווסטזיניקע אַראַבישע אַרבעטער. אין די יאָרן פון דעם שפּאַנישן בירגער־קריג האָט „אנטיפא“ דורכגעפירט עטלעכע געלט־זאַמלונגען צוהילף די רעפּובליקאַנער קעמפער. אין סעפּטעמבער 1936 האָט זיך די דעלעגאַציע פון „אנטיפא“ באַטייליקט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן שלום־קאָנגרעס אין בריסל און אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ צום קאַמף קעגן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם אין פּאַריז. אין דעם זעלבן יאָר האָט „אנטיפא“ אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן די געשעענישן אין ארץ־ישראל

אין העברעיש, יידיש און פראַנצויזיש. די יידישע אויסגאַבע פון דעם בוך — אונטערן נאָמען: „רויטבוך", מעמאָראַנדום פון „אנטיפא" אין ארץ־ישראל וועגן די געשעענישן פון יאָר 1936 — איז דערשינען אין לאָדזש אין פאַרלאַג „האַמער". מיר ברענגען דאָ פון דעם בוך צוויי קאַפּיטלען — וועגן דער פּאָליטיק פון דער בריטישער רעגי־רונג און וועגן דער האַלטונג פון פּ.ק.פּ.

# די ענגלישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל און די בלוטיקע געשעענישן

די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע דויערן שוין חדשים־לאַנג, און עס איז שווער פאָרויסצוזאָגן ווי לאַנג איז אויסן דער פּאָליטישער רעזשים פון אָט דעם בלוט־באָד אויפצוהאַלטן די דאָזיקע לאַגע. אויסער דער פאַר־טיפונג פון דער נאַציאָנאַלער העצע אין לאַנד, האָבן די געשעענישן שוין געבראַכט צו אַ פאַרשטאַרקונג פון דער מיליטערישער ענגלישער אָקופּאַציע אין לאַנד, אַ זאַך וואָס עס ליגט גראָד אויף דער ליניע פון די בריטישע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן, באַזונדערס אין אָנבליק פונעם הסכם מיט עגיפּטן און מיט דער פאַרקלענערונג פון דאָרטיקן בריטישן גאַרניזאָן.

כדי צו פאַרשטיין די באַציִונג פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג צו די געשעענישן אין לאַנד, איז דורכויס נייטיק צו באַקענען זיך מיט דער ליניע פון דער ענגלישער פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט נישט אין פייערלעכע דעקלאַראַציעס נאָר אין איר טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק. דער פאַקט, וואָס ענגלאַנד האָט זיך באַמיט צו באַקומען פונעם פעלקער־בונד אַ מאַנדאַט אויף ארץ־ישראל (מיט דער פאַרזיכערונג צו שאַפן דאָרט אַ „ייִדי־שע נאַציאָנאַלע היים“, נישט אָנרירנדיק די בירגערלעכע און רעליגיעזע רעכט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג), ווערט אָפּטמאָל, מיט גרויס פּשטות און צוטרוי צו דער אימפּעריאַליסטישער אָפנהאַרציקייט, דערקלערט אַזוי, ווי דער ענגלישער אימפּעריאַליזם וואָלט באמת געווען פאַרינטערעסירט אין דער שאַפונג פון אַ ייִדישער נאַציאָנאַלער היים אין א״י. פאַר אַ טייל נישט אָריענ־טירטע מענטשן איז שוין קלאָר פון דעם אַליין, אַז די ייִדישע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע איז אַן ענגלישער אויפטו, צוליב ענגלישע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן, און במילא מוזן זיי באַקעמפט ווערן פון יעדן אַנטי־אימפּעריאַליסט. אַזאַ מין אויפפאַסונג ווייזט אַרויס זייער ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר די ראַפינירטע וועגן פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָ־ליטיק, און זי שטייט אין סתירה צו די פאַקטן, ווי זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין פאַרלויף פון 18 יאָר ענגלישער הערשאַפט אין לאַנד, שוין נישט צו רעדן פון דעם, אַז די נייערע ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע האָט הינטער־

זיך אַ געשיכטע פון איבער 60 יאָר, באַלד אַ האַלבן יאָרהונדערט מער ווי די באַלפור־דעקלאַראַציע.

דער אמת איז, אַז פאַרן ענגלישן אימפעריאַליזם איז די באַלפור־דעקלאַראַציע און די פאָרמולע וועגן דער שאַפונג פון דער „יידישער נאַציאָנאַלער היים" אין פאַלעסטינע, פונקט ווי די מאַק־מאהאָן בריוו וועגן אַן אַראַבישער אימפעריע, געווען נישט מער ווי אַ דיפּלאָמאַטישער טריק: פון איין זייט, כדי צו באַאיינפלוסן די שטימונג פון די יידן אין אַמעריקע און זיי געווינען פאַרן אַריינטריט אין דער מלחמה, און דער עיקר צו שאַפן אַ מאָראַלישע באַזע פאַרן בריטישן מאַנדאַט אין פאַלעסטינע לגבי אַלע אַנדערע קאָנקורענטן. דער ענגלישער אימפעריאַליזם האָט זיך אַזוי אַרום אויפגעשפּילט פאַר דער וועלט אַלס שוץ־מאַכט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פאַלעסטינע, אויסנוצנדיק איר עקזיסטענץ און די עקזיסטענץ פון דער בירגערלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווי אַ שפּרינג־ברעט פאַר זיינע אייגענע אימפעריאַליסטישע אינטערעסן.

די באַלפור־דעקלאַראַציע איז געווען אַ מלחמה־מאַנעוור פון דער בריטישער דיפּלאָמאַטיע, אויסגערעכנט אויפן מאָמענט און פאַר דער צייט פון די שלום־אונטערהאַנדלונגען. זי האָט אָבער שוין פון דער ערשטער מינוט אָן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד מצד די העכסטע מיליטערישע קרייזן, וועלכע האָבן אין איר געזען אַן אומגעוווּנשענע באַלאַסטונג פון דער ענגלישער פּאָליטיק. און באַזונדערס שאַרף האָבן זיך איר אַנטקעגנגעשטעלט די פאָרשטייער פון בריטישן אימפעריאַליזם אין אינדיע, וועלכע האָבן אויסגערעכנט אויף געווינען די דאָרטיקע מוסולמענער, כדי זיי צו האַלטן אין שפּאַן קעגן דער אינדישער נאַציאָנאַלער באַפרייונגס־באַוועגונג.

און נאָך איידער ענגלאַנד האָט באַקומען דעם מאַנדאַט פון פעלקער־בונד, נאָך דעמאָלט, ווען אין א״י האָט רעגירט די אָקופּאַציע־אַרמיי, האָט זיך אָנגעהויבן די סיסטעמאַטישע אונטערגראָבונג פון דער „יידישער נאַציאָנאַלער היים" טאַקע דורך די קרייזן פון גענעראַל־שטאַב (באָלס, סטאָרס). ענגלישע אַגענטן (מאדאם ניוטאן א״אַ) זענען עס געווען, וואָס האָבן צוגעגעבן פייער די אַראַבישע אָנפירער צום ערשטן פּאָגראָם אויף יידן אין 1920. און די האַלטונג פון דער אָקופּאַציע־מאַכט איז געווען בפירוש אַ שטיצע דער אַראַבישער רעאַקציע קעגן „יידישן געשפּענסט". שוין דער דאָזיקער פּאָגראָם, וואָס האָט נישט געקענט אָפּערירן מיט קיין שום באַשולדיקונגען פון עקאָנאָמישן כאַראַקטער קעגן די יידן, האָט באַוויזן די אָנפירער פון דער אַראַבישער פּאָליטיק אין פאַלעסטינע, אַז אין קאַמף קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג שטייען זיי נישט איינזאַמען אַליין.

די אַנטי־יידישע קאַמפּאַניע פון דער ענגלישער באַאַמטנשאַפט צווישן דער אַראַבישער באַפעלקערונג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויך נאָכן דערגרייכן דעם מאַנדאַט און אַפילו נישט נאָך דעם, ווי עס איז געשיקט געוואָרן קיין פאַלעסטינע אַלס הויך־קאָמיסאַר דער ייד הערבערט סעמיועל און די רעגירונג איז אַריבער פון דער מיליטערישער מאַכט צו אַ ציווילן פאַרוואַלטונגס־אַפּאַראַט. אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע מאַכינאַציעס און געהיימע

אינסטרוקציעס איז אין יאָר 1921 געקומען צום צווייטן פּאָגראָם, בעת וועלכן די אימפּעריאַליסטישע מאַכט האָט געשפּילט די זעלבע צווייטייטיקע ראָל, וואָס פריִער. די ביז איצט פרייע ייִדישע איינוואַנדערונג, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין זייער באַשיידענע ראַמען פון 3—4 טויזנט איינוואַנדערער אַ יאָר, ביי אַ שוואַכן צופלוס פון פּריוואַטן קאַפּיטאַל, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און פון דעמאָלט אָן איז איינגעפירט געוואָרן אַ רעגלאַמענטירונגס־סיסטעם, וואָס איז כמעט יעדעס יאָר אַלץ מער פאַרשאַרפט געוואָרן. און ווען עס וואָלט געווען אָפּהענגיק בלויז פון די כוונות פון דער ענגלישער מאַכט, וואָלט די איינוואַנדערונג שוין לאַנג געווען דערשטיקט. אָבער די וויכטיקסטע דערגרייכונגען פון דעם אינסצעניזירטן מאַנדאַט פון 1921 יאָר האָט זיך אַנטפּלעקט אויף גאָר אַן אַנדער געביט: די ענגלישע רעגירונג האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, כדי אָפּצושאַפן לגבי איין טייל פון דעם מאַנדאַט־לאַנד — טראַנסיאָרדאַניע (עבר־הירדן) די גילטיקייט פון יענע פּאַראַגראַפן פונעם מאַנדאַט, וועלכע רעדן וועגן דער שאַפונג פון דער „ייִדישער נאַציאָנאַלער היים".

די ליניע פון דער בריטישער פּאָליטיק איז געוואָרן אַלץ קלאָרער געווענדעט קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע. אָנשטאָט פאַרלייכטערונג פון דער איינוואַנדערונג איז געקומען אַ רעגלאַמענטירונג און כסדרדיקע באַשווערונג, באַזונדער פון דער אַרבעטער־איינוואַנדערונג. אָנשטאָט צו געבן פרייען מלוכהשן באָדן פאַר ייִדישער קאָלאָניזאַציע, ווי דער מאַנדאַט האָט פאָרגעשריבן, איז דער פרייער באָדן פאַרטיילט געוואָרן אויף לאַטיפונדיעס צווישן פאַרשיידענע שטאָטישע רייכע באָדן־באַזיצער און עפענדיס. די שולן און מעדיצינישע אַנשטאַלטן פון די ייִדן זענען געבליבן באַוואולהט לגבי דער מלוכהשער שטיצע. די צאָל־פּאָליטיק האָט געהאַט כמעט דורכויס דעם צוועק נישט צו לאָזן זיך אַנטוויקלען דער אָרטיקער אינדוסטריע, וואָס איז אַ הויפּט־שטיצפּונקט פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג. אין די עפנטלעכע אַרבעטן האָבן די ייִדישע אַרבעטער פאַרנומען דעם מינימאַלן פּלאַץ, אַפילו לויט דער פּראָפּאָרץ פון דער באַפעלקערונג.

די אַלע באַגרענעצונגען און באַשווערונגען האָבן נישט דערגרייכט דעם ציל. די ייִדישע איינוואַנדערונג איז געוואַקסן, נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, נישט ווייל זיי זענען געווען אַזוי קליין, נאָר ווייל דערוויל איז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן די סיטואַציע פון די ייִדישע מאַסן אין דער וועלט אונטערן דרוק פון אויסגעוואַקסענעם נאַציאָנאַליזם אין אייראָפּע. דער קריזיס אין די יאָרן 1926—1928 האָט איבערגעריסן די איינוואַנדערונגס־קאָניונקטור און דעריבער האָט זיך אויסגעוויזן סיי די ענגלישע פּאָליטיקער, סיי די אַראַבישע פעאָדאַלן, אַז דער קאַמף קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע האָט פאַרלוירן זיין אַקטואַליטעט. ווי באַלד אָבער דער קריזיס האָט זיך גענומען אָפּשטעלן און ס'האָבן זיך באַוויזן אויף דאָסניי סימנים פון אַ נייעם אויפשטייג, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער געמיינזאַמער קאַמף פון דער פּאַלעסטינער אַדמיניסטראַציע צוזאַמען מיט די הערשנדיקע שיכטן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע. אַזוי אַרום איז געקומען אין יאָר 1929 — נאָך חדשים

לאַנגער רעליגיעזער העצע, צו וועלכער די רעגירונג האָט זיך רויִק און פּאַסיוו צוגעקוקט, צו אַ נייעם פּאָגראָם, ווי די פּאַלעסטינער ענגלישע פאַר־וואַלטונג האָט ווידער אַמאָל געשפּילט די צווייטדייטיקע ראָל פון כלומרשטן באַשיצער פון יידן און פאַקטישן העלפער פאַר די פּאָגראָם־אָרגאַניזאַטאָרן. די בריטישע אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס, וואָס זענען נאָכדעם געקומען, האָבן זיך אַלע געשטעלט קעגן דער קאָלאָניזאַציע, און דערביי איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער איינציקער סאָציאַליסט אינעם צוזאַמענשטעל פון די דאָזיקע קאָמיסיעס (סנעל) האָט נישט מיטגעמאַכט די דאָזיקע פּאָליטיק און אַרויסגעטרעטן מיט זיין וואָטום־סעפּעראַטום. דאָס ענגלישע קאָלאָניאַל־אַמט — הגם אונטער דער אָנפירונג פונעם סאָציאַליסט לאָרד פּאַספילד — האָט ווייטער געשפּינט די טראַדיציע פון דער ענגלישער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק און אָנגענומען אַ ריי באַשלוסן, וואָס זענען געווען אויסן, אויב נישט אָפּשטעלן אינגאַנצן די איינ־וואַנדערונג, איז דאָך ווי ווייט מעגלעך זי צו שטיקן און באַגרענעצן. די זעלבע באַציִונג האָט זיך איינגעשטעלט אויך לגבי דער דאָרפישער און שטאָטישער קאָלאָניזאַציע און ערשט אַ דאַנק דעם דרוק פון דער לייבאָר־פּאַרטיי אויף איר אייגענעם קאַבינעט, האָט זיך איינגעגעבן טיילווייז צונישט צו מאַכן די דאָזיקע באַשלוסן. די קאָלאָניאַלע פאַרוואַלטונג האָט אָבער נישט אָפּגע־לאָזט פון אירע אַנטי־יידישע באַמיִונגען, זי האָט אַפילו אָפן איגנאָרירט די פאָרמעלע באַשלוסן פון דער אימפּעריאַלער רעגירונג, וויסנדיק, אַז זי אַרבעט דערמיט אויף דער פאַקטישער ליניע פון דער בריטישער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק.

די פּאָליטיק פון ענגלישן אימפּעריאַליזם האָט ווייטער, ווי פון אָנהייב אָן, סטימולירט די אַראַבישע אַנטי־יידישע באַוועגונג, אָנגעפירט דורך די קרייזן פון די גרויסע גרונטבאַזיצער. נישט איינמאָל האָט זי זיך באַמיט אויפשטעלן די איינִיקייט פון דער נאַציאָנאַל־אַראַבישער באַוועגונג, ווען די אינטערעסן פון די פאַרשיידענע משפחות זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איר ליניע איז געווען צו שאַפן אַן איינהייטלעכע באַוועגונג קעגן די יידן, כדי מיט איר הילף צו קענען דורכפירן די אַלע באַגרענעצונגען, וואָס זי האָט נישט באַ־וויזן צו דערגרייכן אין יאָר 1929, אויסנוצנדיק דעם אומשטאַנד, וואָס דער־ווייל איז אין ענגלאַנד געקומען צו דער מאַכט די „נאַציאָנאַלע" קאָנסערוואַ־טיווע רעגירונג. אין יאָר 1933 האָט אָבער די באַוועגונג אָנגענומען אַ טאַק־טיק, וועלכע איז פאַרן בריטישן אימפּעריאַליזם געווען נישט איבעריק גע־ווּנטשן. זייענדיק אינגאַנצן געווענדעט קעגן די יידן, האָט זי איר אַקציע איינגעשטעלט אויף דעם אַדרעס פון דער רעגירונג, כדי זי צו סטימולירן דורכצופירן זייער געמיינזאַמע פּאָליטיק. אין אָקטאָבער 1933 זענען אויסגע־בראָכן אומרוען. זיי זענען נישט געווען באַגלייט מיט קיין שום פיזישע אָנגריפן קעגן יידן. און דאָ האָט די רעגירונג ענערגיש און בלוטיק ליקווידירט די געשעענישן אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג — דאָס איינציקע מאָל אין דער געשיכטע פון דער ענגלישער אָקופּאַציע, גאָר אין קעגנזאַץ צו אירע וואַקלע־נישן בעת די פיזישע אָנגריפן אויף יידן. פון איצט אָן איז די ענגלישע פּאָלי־טיק געווען געווענדעט צו שטויסן די נאַציאָנאַל־אַראַבישע באַוועגונג וואָס

מער און אָפֿענער דירעקט קעגן די ייִדן, באַמיִענדיק זיך אונטערצושטרייכן איר פֿריינטלעכקייט צו די פֿאָדערונגען פֿון די אַראַבישע פּאָליטיקער.

אָט די באַמיִונגען האָבן זיך איינגעגעבן אונטער דער השפּעה פֿונעם פֿאַשיזם אין אויסלאַנד. אין דייטשלאַנד און אין איטאַליע, ווּ עס שטודירן אַ טייל קינדער פֿון די פּאַלעסטינער פֿעאָדאַלן, האָט זיך געגומען שאַפֿן אַ נייע פֿאָרמאַציע פֿון נאַציאָנאַליסטישע טוער, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַלס פֿאַר־בילד דעם איראָפּעיִשן פֿאַשיזם און זיין ווילדן ייִדנהאַס. עס האָבן זיך אָרגאַ־ניזירט באַנדעס, וועמענס צוועק עס איז געווען צו מאָרדן ייִדן הינטערוויילעכץ און צוגרייטן אַזוי אַרום אַן אַקציע פֿון מאַסן־פּאָגראָמען. די ענגלישע פֿאַר־וואַלטונג האָט נישט געמאַכט די מינדסטע אָנשטרענגונג אויפֿצודעקן די צאָל־רייכע **מאָרד־פֿאַלן פֿון ייִדן דורך אָרגאַניזירטע באַנדעס**, כּדי נישט צו שטערן אירע פֿריינטשאַפֿטלעכע באַציִונגען מיט דער נאַציאָנאַל־אַראַבישער באַוועג־גונג. (אַזוי זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער באַנדע: אַ ייִדיש מיידל ביי כּרכור, אַ ייִדישער פּויער אין כּפר חסידים, 2 ייִדישע אַרבעטער און אַן אַרבעטערין אין יאַדזשור, אַ ייִדישער פּויער מיט זיין 7־יעריקן זון אין נהלל). און ווען צופֿעליק איז איינמאָל אויפֿגעדעקט געוואָרן די מאָרד־נעסט, און אַ טייל פֿון אַ באַנדע איז צוגעצויגן געוואָרן צו אַ משפּט, האָט דער צווייטער טייל פֿון דער באַנדע, וועמענס אָנפֿירער (שייך אַל־קאַסם) איז באַקאַנט געווען דער מאַכט דורך דער געריכטלעכער פֿאַרהאַנדלונג, געקענט ווייטער אומגעשטערט פֿירן זיין פּאַרטיזאַנישע מאָרד־אַקציע. ערשט ווען די באַנדע האָט געשאָסן אַ פּאָליציאַנט (הגם אַ ייִדישן) איז אונטערגענומען געוואָרן אַ שנעלע אַקציע און די באַנדע איז געכאַפּט געוואָרן.

די שטעלונג פֿון דער רעגירונג האָט אויך אין די רויִקסטע צייטן אַריינ־געטראָגן אומזיכערקייט אין לעבן פֿון די ייִדישע מאַסן אין פּאַלעסטינע. באַזונדער האָט זי געשטאַרקט דעם באַוווסטזיין אין די רעאַקציאָנער אַראַבישע קרייזן, אַז מען מעג מאָרדן ייִדן, אָן מורא פֿאַר אַ צו שטרענגער אויספֿאָרשונג. די רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן זיך פּאַסיוו צוגעקוקט צו דער אָפֿענער פּאָגראָם־אַגיטאַציע, וואָס איז אָנגעגאַנגען אַ לענגערע צייט און נישט אונטערגענומען קיין מיטלען קעגן איר. ווען די ווילדע העצע און דער טעראָר קעגן די ייִדן האָבן דאָך נישט באַוויזן מיטצורייסן די אַראַבישע פֿאָלקס־מאַסע, האָט די פּרעסע אָנגעהויבן אַ העץ־קאַמפּאַניע אויפֿן רעליגיעזן באָדן, ווי אין יאָר 1929, ביז עס איז געקומען צו אַ בלוט־בלבול ערב פּסח 1936 אין חיפה, ווען די בלוטהעצער האָבן פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ייִדן האָבן געשאָכטן אַראַבער אויף מצה. די שולדיקע אין בלוט־בלבול האָט מען אָבער גאָרנישט געמזן, חוץ אַ יוגנטלעכן, וועלכן מען האָט פֿאַרמשפּט צו 6 שמיץ. די פּרעסע האָט פֿאַרהערלעכט דעם באַנדיטיזם, זי האָט דערקלערט די מיטגלידער פֿון די באַנדעס אַלס הייליקע, און די רעגירונג האָט עס נישט געשטערט. היטלער'ס „מיין קאַמף" איז געווען פֿראַנק און פֿריי אין בוכהאַנדל, און איז פֿריי פֿאַר־שפּרייט געוואָרן צוזאַמען מיט די „פּראָטאָקאָלן פֿון די זקני־ציון". דערפֿאַר אָבער האָט די רעגירונג באַוויזן איר פֿעסטע האַנט, און קאָנפֿיסקירט די

העברעישע איבערזעצונג פון אַנטי־פּאַשיסטישן „ברוין־בוך" און אַנדערע ענ־לעכע אויסגאַבעס.

אַ באַזונדער קאַפּיטל האָט געבילדעט די הֶעצע אַרום דער כלומרשטער יידישער באַוואָפענונג. נאָכדעם ווי עס איז אַנטדעקט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט געווער וואָס איז געווען באַשטימט לויט דעם אַדרעס קיין תל־אביב, אָבער די אַדרעסאַטן זענען נישט אויפגעדעקט געוואָרן. די דאָזיקע אַנטדעקונג האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן טומל און אַ ווילדע העצע קעגן די יידן. אָבער אויך די דאָזיקע העצע האָט די רעגירונג פולשטענדיק טאָלערירט. ערשט די גע־שעענישן האָבן באַוויזן דעם פּאַקטישן זין פון די דאָזיקע געשרייען: די איני־ציאַטאָרן פון דער העצע האָבן שוין דעמאָלט געהאַט פולע פּאַרבאָרגענע אַרסענאַלן מיטן בעסטן געווער „מייד אין ענגלאַנד" און „מייד אין דזשער־מאַני". די זעלבע אַגיטאַציע, וואָס אין דער פּרעסע, איז אָנגעגאַנגען מינדלעך נאָך שאַרפער אין די מעטשעטן און אין אַלע דערפער, און די רעגירונג האָט נישט אַנטקעגנגעווירקט. דער פּאָגראָם איז געהאָנגען אין דער לופטן ווי אַ קאָשמאַר שוין חדשים פריער, איידער ער איז אָפן אויסגעבראָכן. אַלע האָבן געוווּסט, וואָס עס גרייט זיך — און דאָך ווען דער אָנגריף האָט זיך אָנגע־הויבן, איז די רעגירונג געווען כלומרשט נישט צוגעגרייט.

דעם 19טן אַפּריל 1930 בעת אין יפו איז געקומען צו דער ווילדער שחיטה, ווו ס'זענען אין 24 שעה דערהרגעט געוואָרן 16 יידן — האָט די פּאָליציי אַרומגערינגלט די גרענעצן פון יפו און געהיטן פאַר קעגנזייטיקע „צוזאַמענשטויסן", בעת אין יפו גופא איז אומגעשטערט פאָרגעקומען די שחיטה אויף יידן אונטער דער נאָז פון דער רעגירונג.

די רעגירונג האָט דערקלערט, אַז זי באַהערשט די לאַגע, אַזוי לאַנג ביז די געשעענישן האָבן אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. אונטער דער צביעות־דיקער מאַסקע פון כלומרשטן הומאַניזם האָט די רעגירונג אָנגעווענדט ווייַ־טער איר אַלטע פּאָליטיק פון נישט איינרייסן איבעריק מיט די פּאָגראָם־העלדן, ביז זי איז דורך דער אַנטוויקלונג פון די געשעענישן געצוווּנגען גע־וואָרן צו וואָס אַמאָל שאַרפערע מיטלען, וועלכע האָבן שוין געקאָסט הונדער־טער אַראַבישע און איבער 60 יידישע לעבנס. די רעגירונג ווייסט אויסגע־צייכנט, ווער עס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מאָרדן, שריפות און טעראָר־אַקטן. זי ווייסט, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכע זיצן אין „אויבערשטן אַראַבישן קאָמיטעט", זי האָט אָבער נישט געפּרוּווט אפילו זיי אָנצורירן. פאַרקערט, זי פאַרטיידיקט דעם קאָמיטעט פאַר דער עפנטלעכקייט. דעם שטרייק, וואָס זיי האָבן דערקלערט, און וועלכער ווערט אויפגעהאַלטן דורך טעראָר און גוואַלט־מיטלען, האָט די רעגירונג דערקלערט אַלס געזעצלעכן, נישט גע־קוקט דערויף, וואָס ער טראָגט רויִן פאַרן גאַנצן לאַנד און איז די סיבה פאַר דער אומאויפהערלעכער מאָרד־אַקציע. זי האָט נישט געטון דאָס מינדסטע צו שיצן די אַראַבישע מאַסן, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט באַטייליקן אין שטרייק, אַזוי אַז זייער שוצלאָזיקייט האָט זיי געצוווּנגען זיך אונטערצוגעבן דעם טעראָר.

אַ לאַנגע צייט האָט דאָס מיליטער געהאט אַ בפירושן באפעל נישט צו שיסן אַפילו אין פאַל פון פאַרטיידיקונג, ביז די באַנדעס האָבן גענומען באַשיסן באַנען, אונטערצינדן בריקן און שיסן אויפן מיליטער גופא. פאַר דער דאָזיקער האַלטונג לגבי די געשעענישן, וואָס שטייט אין אַ שטאַרקן קעגנזאַץ צו די מעטאָדן פון בריטישן אימפּעריאַליזם ערגעץ אַנדערש, איז דאָ נאָר איין דערקלערונג — די געשעענישן ליגן אויף דער ליניע פון דער בריטישער פּאָליטיק און די אָנפירער פון דער אַראַבישער רעאַקציע ווערן פון איר באַטראַכט אַלס פאַרבינדעטע, וועלכע זי וויל געווינען און האַלטן.

געוויס איז פאַר דער בריטישער פּאָליטיק נישט קיין גרינגע זאַך אָפּ־צוזאָגן זיך אָפּן פון די מאַנדאַט־פּונקטן בנוגע דער יידישער אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע. באַזונדערס איז דאָס שווער אין דער איצטיקער צייט, ווען דער גורל פון די דייטשע יידן האָט אַזוי ברייט אויפגעריסן די אייטערדיקע וווּנד פון דער יידישער לאַגע אין אַלע לענדער פון אייראָפּעיִשן יידישן מאַסן־ישוב, און דער שטראָם פון יידישער מאַסן־אימיגראַציע באַלעכטיקט די אַנ־דערע לענדער, וואָס שטייען נישט אונטער פאַשיסטישער הערשאַפט.

פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט איז איצט אַוועקגעשטעלט געוואָרן די יידן־פראַגע אין איר גאַנצער שוידערלעכקייט, און אַן אָפיציעלער אָפּזאָג פון די מאַנדאַט־פאַרפליכטונגען וואָלט געגעבן די אַנדערע אימפּעריאַליס־טישע פאַקטאָרן אַ צוגאָב־שאַנס אין זייערע חשבונות מיט ענגלאַנד. אָט פאַר־וואָס דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האָט זיך אויסגעקליבן אַנדערע וועגן צו צוימען די יידישע אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע. זיין פּלאַן איז געווען קודם־כל צו שאַפן אין לאַנד אַ כלומרשטן געזעצגעבערישן ראַט, וואָס זאָל שאַפן די אָפיציעלע רעפּרעזענטאַנץ פאַר דעם אַראַבישן אָנגריף קעגן די יידן און אויפשטעלן דעם איינהייטלעכן אימפּעריאַליסטיש־פעאָדאלן בלאָק פאַר זייער געמיינזאַמער באַהערשונג פונעם לאַנד. דערביי איז אָפן געזאָגט געוואָרן, אַז דער ראַט וועט קענען באַטראַכטן די פראַגעס פון אימיגראַציע און באָדן, הגם די אַנטשיידונג וועט נישט ליגן אין זיינע הענט — ווי אי־בעריקנס פּראַקטיש אויך אין אַלע אַנדערע פראַגעס, וואָרום איבער אַלע באַ־שלוסן האָט אַ וועטאָ־רעכט דער הויך־קאָמיסאַר. די יידישע באַפעלקערונג האָט מיט רעכט געזען אין פּלאַן פון לעגיסלאַטיוון ראַט נישט אַ פּרוּוו איינצושטעלן אין לאַנד אַ דעמאָקראַטישע פאַרטרעטונג, נאָר אַ חוזק איבער אַלעם וואָס הייסט דעמאָקראַטיע — אַ פּלאַן צו דערשטיקן אויף אַ לעגאַלן אופן, דורך אימפּעריאַליסטיש־פעאָדאַלער צוזאַמענאַרבעט, די יידישע אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע, וואָס זענען די טרעגער פון נייע ווירטשאַפטס־ און לעבנס־פאָרמען אין לאַנד, און זענען דערפאַר פאַרהאַסט ביי ביידע פאַרבינדעטע צדדים.

דאָ זאָל נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז בעת מען רעדט וועגן אָפּשטעלן די יידישע אימיגראַציע, מיינט מען בלויז די אָפּשטעלונג פון דער יידישער אַרבעטער־אימיגראַציע.

די שטעלונג פון דער רעגירונג בעת די געשעענישן, און איר כמעט אָפענע צוזאָגן אָפּצושטעלן די יידישע אימיגראַציע נאָך פאַר דעם באַשלוס

פון דער פראָקלאַמירטער קעניגלעכער קאָמיסיע — ווייזן נאָך קלאָרער צו וואָס עס האָט געצילט דער בריטישער אימפּעריאַליזם דורך דעם לעגיסלאַ־טיוון ראַט, און זיי באַרעכטיקן פולשטענדיק די נעגאַטיווע שטעלונג לגבי אים מצד די יידישע מאַסן.

עס איז נישט שווער צו דערגיין די סיבות פון דער נעגאַטיווער בריטי־שער פּאָליטיק לגבי דער יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע: פּאַ־לעסטינע איז פאַר דער ענגלישער אימפּעריע קודם־כל אַ בריק צו אירע קאָלאָניעס אין מזרח, דער וואַך־פונקט איבערן סועץ־קאַנאַל אין עגיפּטן, דער אויסגאַנגס־פונקט פאַר די נאַפט־רערן פון מאָסול, און איצט אויך די וויכטיקסטע באַזע אויפן מיטללענדישן ים. דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער פאַרשריט אין פּאַלעסטינע, די עקזיסטענץ פון אַ מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט, מיט מאָדערנע פּאָליטישע באַוועגונגען, וועלכע קומען אויף מיט דער דאָזי־קער אַנטוויקלונג, אין רעזולטאַט פון דער יידישער איינוואַנדערונג, באַשווערן די ענגלישע פּאָזיציע. עס ווערן געשאַפן די אָביעקטיווע פאָרבאַדינגונגען פאַר אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרגאַניזירונג און געמיינזאַמען אַנטי־אימפּעריאַליסטישן קאַמף פון די פּאַלעסטינער אַרבעטנדיקע מאַסן אָן אונטער־שייד פון נאַציע. דערצו צעשטערט די יידישע איינוואַנדערונג די איינגע־שטעלטע פאָרמען פון אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט אין ענגסטן בונד מיט די פעאָדאַלן און אָנפירער פון די שבטים. ווען מען נעמט נאָך אין באַטראַכט די באַמיִונגען פון ענגלישן אימפּעריאַליזם צו שאַפן זיך פאַרבינדעטע אין די אַרומיקע אַראַבישע לענדער, אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּערספּעקטיוון פון נאָענטן קריג, און זיין ווילן אַרויסצונעמען פּאַלעסטינע פון אונטער דעם קאָנ־טראָל פון פעלקער־בונד, כדי זי צו באַהערשן אַליין מיט דער הילף פון די אָרטיקע מאַכטהאָבער — ווערט קלאָר די גאַנצע פּאָליטישע ליניע.

די יידישע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע איז נישט בלויז נישט אידענטיש מיט דער ליניע פון דער בריטישער פּאָליטיק, נאָר פאַרקערט, די פּאָליטיק פון בריטישן אימפּעריאַליזם באַקעמפט זי פון אָנהייב אָן און באַמיט זיך זי צו דערשטיקן. אויף יעדן פאַל איז קלאָר, אַז דאָס וואָס די יידישע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע האָבן דערגרייכט, איז שוין ווייט איבערגעשטיגן דאָס, וואָס דער בריטישער אימפּעריאַליזם האָט געהאַלטן פאַר דערלאָזבאַר אָדער נוצלעך אין זיינע אייגענע איטערעסן. אויב עס האָבן געקאָנט זיין רייד וועגן אַ נוצן פון דער יידישער איינוואַנדערונג פאַר דער אימפּעריאַליסטישער מאַכט, איז זי באַשטאַנען בלויז דערין, וואָס עס ווערט געשאַפן אין פּאַלעסטינע אַ מינדערהייט, וועלכע זאָל ביי אַ געהע־ריקער העצע זיין אָנגעוויזן אויף דער שוץ פון ענגלישן געווער.

ווי ווייט דער אימפּעריאַליזם איז פאַרינטערעסירט אין דעם נאַציאָנאַלן קאַמף אין פּאַלעסטינע, ווייזן צום בעסטן די ווייטערדיקע צוויי פאַקטן:

1) אין יאָר 1922, נאָכן פּאָגראָם פון 1921, האָט דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן, באַנייט זיינע פאַרבינדונגען מיט פאַרשיידענע אַראַבישע אָנפירער, כדי צו קומען צו אַ הסכם מיט דער אַראַבישער באַוועגונג. צו דעם צוועק איז ער אַרויסגעפאָרן

קיין קאַיראָ, ווו עס איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון אַראַבישע נאַטאַבלען, כדי צו פירן דאָרט אונטערהאַנדלונגען. די באַמיִונגען זענען איבערגעריסן געוואָרן אין דער מיט דורך אַ דרינגלעכער טעלעגראַמע פון קאָלאָניע־מי־ניסטעריום, וועלכעס האָט אויפגעפאָדערט ווייצמאַנען אָפּצושטעלן דעם נישט געווונטשענעם ענין.

2) אין 1931 זענען ווידער געמאַכט געוואָרן פּרוּוון מצד ליבעראַלע ייִדיש־בירגערלעכע קרייזן זיך צונויפצורעדן מיט אַראַבער. אונטער דעם דרוק האָט ד״ר ווייצמאַן זיך געזאָלט באַגעגענען מיט דעם עמיר עבדאַלאַ און אַנ־דערע אַראַבישע פּאָליטיקער אין עבר־הירדן. און ווידער האָט די רעגירונג צונישט געמאַכט אַפילו אַזאַ פּרווו פון אַזעלכע צוויי לאָיאַלע מענטשן, ווי ד״ר ווייצמאַן מיט עמיר עבדאַלאַ.

אַ דאָקומענט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „דאר היום״ פון 22טן אַפּריל 1931 באַלייכט דעם פאַקט. די רעגירונג האָט געשריבן צו ד״ר ווייצמאַן:

„טייערער ד״ר ווייצמאַן!

נאָר וואָס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דו ווילסט פאָרן קיין רבת־עמון, כדי זיך זען מיטן עמיר אַבדאַלאַ. מעלדן מיר דיר, אַז די צייט איז דערצו נישט קיין פּאַסיקע, חוץ דעם מעלדן מיר דיר, אַז די רעגירונג קען איצט נישט נעמען קיין שום אַחריות פאַר דיין לעבן, בעת דיין וויזיט אין עבר־הירדן.

מיר ווילן דיר אויפמערקזאַם מאַכן, אַז די מיינונג פון דער רעגירונג איז, אַז אויך להבא קענען מיר נישט נעמען קיין שום אַחריות פאַר דיין לעבן אין עבר הירדן״.

די צוויי פאַקטן רעדן פאַר זיך. זיי באַווייזן אָפן, אַז דער בריטישער אימ־פּעריאַליזם איז פאַרינטערעסירט אין אַזאַ צושטאַנד, אין וועלכן מען זאָל שטענדיק מוזן אָנקומען צו זיין הילף, אוןביידע פעלקער אין לאַנד זאָלן צווישן זיך קאָנקורירן וועגן זיין חסד. די פאַרשטאַרקטע ייִדישע איינוואנדע־רונג און אירע געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע אויסווירקונגען דראָען דעם דאָזיקן מצב צו צעברעכן. מוזן זיי דעריבער שוין צוליב דעם אַליין באַ־קעמפט ווערן.

אָבער נישט בלויז אין דער הויכער פּאָליטיק, אויך אין טאָג־טעגלעכן לעבן גיט די רעגירונג שטאַרק אַכטונג, כדי נישט צו דערלאָזן צו קיין דער־נענטערונג צווישן די מאַסן פון ביידע פעלקער: אַזוי איז אין יאָר 1930 פאַר־באָטן געוואָרן די געזעלשאַפט „אחוות הפועלים״ (אַרבעטער־ברודערשאַפט), וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו דערנענטערן און אָרגאַניזירן געמיינזאַם ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער. אַפילו באַזוכן פון ייִדישע אַרבעטער אין אַראַבישע דערפער ביי זייערע חברים־אַרבעטער פון דער זעלבער בוי־אונ־טערנעמונג זענען פּאָליציייאיש אָפּגעשטעלט געוואָרן. איצט אָבער, ווען די ייִדן בילדן שוין אַ דריטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין לאַנד, און ביי דער אויפנאַמס־פעיִקייט פון דער ווירטשאַפט קען די ייִדישע באַפעלקערונג אין קורצן שטאַרק אויסוואַקסן, ווען עס וואַקסן אויס די אַרבעטער־כוחות אין

לאַנד און די פעאָדאַלע עקאָנאָמיק ווערט אַזוי גרינטלעך דערשיטערט, ווערט אַלץ שווערער אָנצוווענדן די ביז איצטיקע אימפּעריאַליסטיש־פעאָדאַלע הער־שאַפטס־מעטאָדן, און דער אימפּעריאַליזם גייט אַנטשלאָסענער צו זיין ציל — דערשטיקן די געפאַר איידער זי וואַקסט אויס. הגם ער איז נאָך נישט גרייט דורכצופירן עס מיט דער גאַנצער אָפנקייט.

די שוועריקייט אין דעם פּרט איז נישט בלויז אַנטקעגן דרויסן. אויך אין ענגלאַנד גופא זענען נישט אַלע גרייט דערצו. מיר האָבן שוין דערמאָנט די ווירקונג פון די ייִדן־פאַרפאָלגונגען אויף דער עפנטלעכער מיינונג פון דער וועלט. נישט ווייניקער גרויס איז זייער ווירקונג אין ענגלאַנד. אויף דער אַרבעטערשאַפט און בכלל אויף דער עפנטלעכער מיינונג. אפילו די יעניקע, וואָס ווילן א פּאָליטיק פון שלום מיטן היטלעריזם — קענען זיך נישט פאַר־שליסן פאַרן געשריי פון דער ייִדישער טראַגעדיע, און שטרעבן איבערצולאָזן פאַר דער ייִדישער וואַנדערונג וועלכע עס איז אָפענע טיר זאָל כאָטש זיין אין פּאַלעסטינע. אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען פאַר און אין אָנהייב פון די געשעענישן אַ קוריאָז בילד, אַז דער פּאַרלאַמענט האָט זיך איינדייטיק, הגם פאַר־זיכטיק, אַרויסגעזאָגט קעגן דער רעגירונג אין פּאַלעסטינע. אונטערן דרוק פון דער דאָזיקער אָפּאָזיציע אין פּאַרלאַמענט, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן באַזונדער שאַרף דורך דער לייבאָר־פּאַרטיי, האָט די רעגירונג זיך גענומען מיט באַנייטע דעקלאַראַציעס פּאַרווישן די שפּורן פון דער אייגענער ליניע, אָבער גלייכ־צייטיק האָבן די קרייזן פון קאָלאָניע־אַמט אָנגעהויבן צו גרייטן די פּרעסע און די עפנטלעכע מיינונג צו אַן ענדערונג אין דער ריכטונג פון דער טראַ־דיציאָנעלער פיינטלעכער שטעלונג לגבי דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע און איינ־וואַנדערונג אין פּאַלעסטינע. באַלד איז זיך צונויפגעקומען „דער אָריענטאַלי־שער קאָמיטעט" פון דער קאָנסערוואַטיווער רעגירונגס־פּאַרטיי, וועלכער האָט ערשטנס באַשטעטיקט די פּאָליטיק פון הויך־קאָמיסאַר אין פּאַלעסטינע סער אַרטור וואָקאָפּ, און דאַן אָנגענומען באַשלוסן, וועלכע זענען נישט פאַרעפנט־לעכט געוואָרן, אָבער זיי זענען געלייגט געוואָרן אין יסוד פון דער ווייטער־דיקער אַרבעט. מיט אַמאָל האָט די ענגלישע בירגערלעכע פּרעסע גענומען רעדן גאָר אַנדערע דיבורים, און אַלע זענען שוין מסכים צו דער „קעניגלעכער קאָמיסיע", וועלכע זאָל ווידער אויספאָרשן דאָס אויסגעפאָרשטע און אפשר שוין אויך האָבן די מעגלעכקייט דורכצופירן דעם פּלאַן פונעם קאָלאָניע־אַמט...

# די פּאַלעסטינער קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די געשעענישן

אַ באַזונדערס טרויעריק קאַפּיטל שטעלט מיט זיך פאָר די האַלטונג פון דער פּאַלעסטינער קאָמפּאַרטיי (פּ.ק.פּ.) בעת די איצטיקע בלוטיקע געשעענישן. ווען מ׳הערט דעם נאָמען: „קאָמוניסטישע פּאַרטיי״, קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז די פּאַרטיי, וואָס טרעט אַרויס אונטער דעם דאָזיקן נאָמען — ווי זי זאָל זיך נישט באַציִען צום עצם פּראָבלעם פון ייִדישער איינוואַנדערונג און איינוואָרצלונג אין דעם לאַנד — וועט אָבער אַלנפאַלס אַרויסטרעטן קעגן דעם שאָוויניזם פון אַלע זייטן, וועט טאַדלען די בלוטיקע טעראָריסטישע אָנפאַלן אויף אומשולדיקע מענטשן, אויף פרויען און קינדער, וועט פאַרורטיילן דאָס ברענען פעלדער און פאַרניכטן די פּראָצע פון אַרבעטנדיקע מענטשן, וועט אַרויסשטעלן די לאָזונג פון קלאַסן־קאַמף אָנשטאָט נאַציאָנאַלן קאַמף. אַזוי איז עס אָבער נישט!

שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, ווי די פּ. ק. פּ. שליסט זיך אָן אָן די שאָוויניסטישע העצעס פון די סאַמע רעאַקציאָנערע אַראַבישע קרייזן און שטיצט זיי מיטן פולן דאַמף. גענוג צו דערמאָנען איין פאַל פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. בעת מיט אַ צייט צוריק האָט מען אין יפוער פּאָרט אַנטדעקט געווער, וואָס איז אריינגעשמוגלט געוואָרן אין פעסלעך צעמענט, הגם מ׳האָט נישט געקענט פעסטשטעלן, ווער און פאַר וועמען מ׳האָט עס געשמוגלט, און די אַראַבישע העצער האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי, אַז דאָס האָבן ייִדן אַריינגעבראַכט דאָס געווער, כדי נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר אויסצוהרגענען די אַראַבער, איז באַלד נאָך זיי אויך אַרויס די פּ. ק. פּ. מיט אַן אויפרוף, אין וועלכן זי האָט זיך באַמיט נאָך איבערצוזיאָגן די העצע מצד די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן און פאַשיסטן קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג. אין דעם אויפרוף האָט זי זיך געווענדט צום „אַראַבישן פאָלק״ אין אַן אויסגעשפּראָכן נאַציאָנאַליסטישער שפּראַך, אַפּעלירנדיק אין נאָמען פון „די עלטערן און אורעלטערן, וואָס האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט פאַרן פאָטערלאַנד״ און האָט געטריבן אַן אמתע גרויל־פּראָפּאַגאַנדע, אַז דאָס געשמוגלטע געווער „האָט נישט קיין אַנדער ציל, ווי די הערצער פון די אַראַבער, זיי ענדגילטיק צו פאַרניכטן״. הגם די פּ. ק. פּ. ווייסט דאָך זיכער גאַנץ גוט, אַז די ייִדישע באַפעלקערונג האָט נישט געמאכט און האָט זיך נישט געקליבן צו מאַכן קיין

שחיטות אויף אַראַבער. און, אגב, דער פאַרלויף פון די איצטיקע געשעענישן באַווייזן דאָך שוין אוודאי קלאָר, ווער עס באַזיצט אומגעהייערע מענגעס אַריינגעשמוגלט געווער און באַנוצט זיך מיט אים אויף צו באפאלן אומשולדיקע דורכפאָרער אויף די וועגן און אַרבעטס־מענטשן פון פאַרוואָרפענע דערפער. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז ווען דער דערמאָנטער אויפרוף איז באַקאַנט געוואָרן אין דער ברייטער וועלט און אַרויסגערופן אַן אומגעהייערע אויפרעגונג צווישן די ייִדישע מאסן, האָבן ייִדישע קאָמוניסטישע צייטונגען אין אויסלאַנד („מאָרגן־פרייהייט" אין ניו־יאָרק און „נייע פרעסע" אין פּאַריז), דערקלערט, אַז דער אויפרוף איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר „אַ פּראָוואָקאַציע"... אַזוי אומגלויבלעך איז אויך פאַר זיי אויסגעקומען דער געדאַנק, אַז קאָמוניסטן זאָלן אַרויסלאָזן אַזאַ שאָוויניסטישן אויפרוף צו העצן פאָלק קעגן פאָלק. דאָ אין לאַנד האָט די פּ. ק. פּ. נישט געלייקנט די אויטענטישקייט פונעם אויפרוף און האָט זיך נישט אָפּגעגרענעצט פון קיין איין שורה פון דעם העצערישן דאָקומענט, וועלכן זייערע אייגענע חברים אין אויסלאַנד האָבן באַטראַכט פאַר אַ פּראָוואָקאַציע.

ווען דער פריידיקער פון חיפהער מעטשעט אל־קאַסם האָט אָרגאַניזירט אַ טעראָריסטישע באַנדע, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף די וועגן מיטן ציל צו מאָרדן פון באַהעלטענישן אַרויס שוצלאָזע ייִדישע דורכפאָרער, האָט פּ.ק.פּ. נישט בלויז נישט געפּרוווט אויפקלערן די אַראַבישע מאַסן, אַז נישט דאָס איז דער וועג, וואָס וועט פירן צו זייער פרייהייט, — פאַרקערט, די פּ.ק.פּ. האָט צוזאַמען מיטן גאַנצן מוסולמענישן קלער און מיט דער פאַשיזירטער נאַציאָנאַליסטישער יוגנט געלויבט דעם שייך אַל־קאַסם אַלס מוסטער פון אַ „פרייהייט־קעמפער" און אים אַרויסגעשטעלט אַלס ביישפּיל פאַר דער יוגנט. יעדער מאָרד־אָנפאַל אויף ייִדן, פון וועמען ער זאָל נישט קומען און אונטער וועלכע לאָזונגען ער זאָל נישט אויסגעפירט ווערן, ווערט שטענדיק דורך פּ.ק.פּ. געלויבט און פאַרהערלעכט. אַזוי טוט זי אויך בעת די איצטיקע געשעענישן.

אין קיין איינציקן פון די פילצאָליקע אויפרופן, וואָס פּ.ק.פּ. האָט אין משך פון די בלוטיקע וואָכן אַרויסגעגעבן, ווערן מיט קיין איין וואָרט נישט פאַרורטיילט די אכזריותדיקע מערדערייען איבער אומשולדיקע שוצלאָזע מענטשן. אַפילו אַזעלכע ברוטאַלע גרוילטאַטן, ווי וואַרפן אַ באָמבע אויף אַ מושב־זקנים אין ירושלים, אונטערלייגן אַ באָמבע אין אַ קינדערהיים אין נס־ציונה, אַריינוואַרפן אַ באָמבע אין אַ באַן־וואַגאָן און שווער פאַרוונדן פרויען און אַ צוויי־יאָריק קינד — אַפילו פאַר אַזעלכע גרוילטאַטן פאַרמאָגט נישט די פּ.ק.פּ. אין אירע אויפרופן קיין איין וואָרט פון טאַדלונג! פאַרקערט, דאָס אַלץ ווערט דערהויבן צו דער מדרגה פון „העראָישע טאַטן".

אין אַלע אירע אויפרופן באַמיט זיך די פּ.ק.פּ. ריינצוואַשן די אַראַבישע רעאַקציע פון יעטוועדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די געשעענישן. די איינציקע שולדיקע זענען גראָד די ייִדן. זי פאַרשפּרייט אַלערליי בלבולים און רכילות אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג, כדי צו פאַרגרעסערן די שנאה צו די ייִדישע מאַסן.

נאָך דעם ווי עס איז געוואָרפן געוואָרן אַ באָמבע אויף אַ ייִדישער שול אין תל־אביב אויף דער גרענעץ פון יפו און עס זענען, צום גליק, „בלויז״ פאַרוווּנדעט געוואָרן ניין קינדער, פון 6 ביז 11 יאָר, האָט די אַראַבישע פּרעסע, כדי ריינצוואַשן די באַנדיטן, דערקלערט, אַז די באָמבע האָבן גע־וואָרפן קאָמוניסטן, און ווען עס איז אַרעסטירט געוואָרן אַ פאַרדעכטיקער אַראַבער — האָבן זיי פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער איז אַ קאָמוניסט. ווען דער פאַרדעכטיקער איז באַפרייט געוואָרן — האָט די אַראַביש־פאַשיסטישע פּרעסע ווייטער געפירט איר העצע קעגן די קאָמוניסטן. זי האָט בלויז צוגע־געבן, אַז דאָס האָבן געטון ייִדישע קאָמוניסטן. דערויף האָט פ.ק.פ. אַרויס־געגעבן אַן אויפרוף, ווו זי וואַרפט די שולד פון וואַרפן די באָמבע אויף די ייִדן גופא, אַז דאָס האָבן זיי געוואָרפן די באָמבע אויף זייערע אייגענע קינ־דער, כדי אויפצוהעצן די ייִדישע אַרבעטער קעגן די אַראַבער און קעגן פ.ק.פ.... צי דערמאָנט דאָס נישט די אַלטע צאַרישע אַנטיסעמיטן, וועלכע פלעגן דערקלערן, אַז ייִדן מאַכן פּאָגראָמען אויף זיך אַליין, כדי אַרויסצורופן אַן עמפּערונג קעגן רוסישן פאָלק?

פ.ק.פ. זאָגט נישט אין קיין איינעם פון אירע אויפרופן קיין איין וואָרט וועגן דעם, אַז די אַראַבישע רעאַקציאָנערע קרייזן זענען פאַרינטערעסירט אָנצורייצן די אַראַבישע מאַסן אויף ייִדן, כדי אָפּצוווענדן פון זיך דעם צאָרן פון די, וועלכע זיי עקספּלאָאַטירן, האַלטן אין פינצטערניש און פאַרשקלאַפונג.

פ.ק.פ. פאַרמאָגט נישט בוכשטעבלעך קיין איין וואָרט פון קריטיק פאַר די איצטיקע רעאַקציאָנערע, פעאָדאַלע און קלעריקאַלע אַראַבישע פירער. זי פאַרטיידיקט זיי און שטיצט זייי ריקזיכטלאָז און אָן באַדינגונגען.

פ.ק.פ. וואַרפט אָפּ יעדן חשד, אַז די איצטיקע פירער פון דער אַראַבישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג האָבן וועלכע עס איז פאַשיסטישע טענדענצן, אָדער וועלכע עס איז פאַרבינדונג מיט אויסלענדישע פאַשיסטישע פאַקטאָרן, — הגם אַלע פאַקטן ווייזן דערויף אָן.

פ.ק.פ. האָט די גאַנצע צייט פון די געשעענישן נישט אַרויסגעשטעלט קיין איין איינציקע אייגענע לאָזונג, — זי שלעפּט זיך כסדר נאָך אין עק פון די רעאַקציאָנערע פירער, כאַפּט אויף יעדעס מאָל זייערע לאָזונגען און פאַרטיידיקט זיי אָן דער מינדסטער באַוואָרעניש.

אין אַלע אויפרופן פון פ.ק.פ. איז נישטאָ קיין איין וואָרט קעגן די עפענדיס און „נאַציאָנאַלע״ פּראָצענטניקעס, וואָס שינדן אומדערבאַרעמדיק די הויט פון די פעלאַכן. בכלל איז אין די אויפרופן נישטאָ קיין איין וואָרט וועגן קלאַסן־צעטיילונג און קלאַסן־קעגנזאַצן אין דעם אַראַבישן פאָלק. פאַרקערט, די אויפרופן פון פ.ק.פ. רעדן מיט גרויס פּאַטאָס וועגן דער „נאַציאָנאַלער אַחדות״ פון אַראַבישן פאָלק, פונקט ווי סתם־נאַציאָנאַלע אַחדות וואָלט שוין גאָר געוואָרן דער נייסטער אידעאַל פון קאָמוניסטן, נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס באַדייט אויסליפערן די אַרבעטנדיקע מאַסן צו דער אומבאַגרענעצ־טער השפעה פון עקספּלאָאַטאָרן און פונעם קלער. דאַקעגן, באַמיט זיך פ.ק.פ. דורך אירע אויפרופן צו פאַרטיפן די נאַציאָנאַלע שנאה, אָנווייזנדיק אויף די ייִדן, ווי אויף שונאים פון אַראַבישן פאָלק.

אַפילו דעם אימפעריאַליזם שטעלט פּ.ק.פּ. אַרויס אַלס שונא נאָר ווייל ער העלפט כלומרשט די ייִדן. אָנשטאָט אויפצוקלערן סיי די ייִדישע, סיי די אַראַבישע מאַסן, אַז די אימפּעריאַליסטישע מאַכט איז נישט פּראָ־ציוניסטיש און נישט פּראָ־אַראַביש, נאָר פּראָ־בריטיש, שטעלט פּ.ק.פּ. פאָר די ענגלישע מאַכט ווי אַ פּראָ־ייִדישע. מיר מיינען, אַז ס׳איז נישט נייטיק ערשט צו באַווייזן, אַז אַזאַ אַגיטאַציע איז אַן אָפענער פּאַראַט פונעם אינטערנאַציאָנאַליזם. וואָס קען זיין דער רעזולטאַט פון אַזאַ אַגיטאַציע? זי פאַרפעסטעט די לופט מיט גיפטיקע גאַזן פון שאָוויניזם. זי פאַרטיפט דעם תהום צווישן די מאַסן פוןביידע פעלקער, אָנשטאָט צו העלפן אים פאַרשיטן. זי שטאַרקט די פּאָזיציעס פון די רעאַקציאָנערע פירער, און העלפט ענגער צובינדן די אַראַבישע מאַסן צו די דאָזיקע פירער, וועלכע האָבן אין דער אמתן נישט אין זינען די פרייהייט פון די פאָלקס־מאַסן, נאָר זענען אויסן בלויז צו פאַרשטאַרקן זייער שליטה איבער די מאַסן.

די אַגיטאַציע פאַר „נאַציאָנאַלע אַחדות" העלפט פאַרטושן די קלאַסן־אונטערשיידן ביי די אַראַבישע מאַסן און גיסט גלייכצייטיק וואַסער אויף דער מיל פון די, וואָס פּריידיקן „נאַציאָנאַלע אַחדות" אין ייִדישן פאָלק.

דאָס כסדרדיקע פאַרשטעלן די ענגלישע מאַכט — טראָץ אַלע פאַקטן — אַלס דורכויס פּראָ־ציוניסטישע, קען אין רעזולטאַט נאָר ענגער צובינדן די ייִדישע מאַסע צום ענגלישן אימפּעריאַליזם, אין וועלכן זיי דאַרפן דאָך — לויט די רייד פון פּ.ק.פּ. — זען זייער געטרייען באַשיצער און פאַרטיידיקער. אָבער אויך די אַראַבישע מאַסן קען אַזאַ אַגיטאַציע נישט דערציִען צו אַווירקלעכן אַנטי־אימפּעריאַליסטישן קאַמף, ווייל פּ.ק.פּ. לערנט זיי זען אין דעם אימפּעריאַליזם אַ שונא נאָר דערפאַר, ווייל ער שטיצט כלומרשט די ייִדן. וועט ער אָפּשטעלן די ייִדישע איינוואַנדערונג — און דאָס איז דאָך טאַקע די עיקרדיקע פאָדערונג פון די אַראַבישע אַנטי־אימפּעריאַליסטישע קעמפער", — איז שוין דער אימפּעריאַליזם אוים שונא.

די אַגיטאַציע פון פּ.ק.פּ. געווינט נישט קיין אַראַבישע מאַסן פאַר פּראָלעטאַרישע לאָזונגען, פאַר קלאַסן־קאַמף, פאַר אַנטי־אימפּעריאַליזם, זי העלפט פאַרפעסטיקן איבער די אַראַבישע מאַסן די השפּעה פון די מופטיס, שייכן און פאַשיסטישע בורזשואַזע זינדלעך, וועלכע זענען פאַרן פרייז פון אָפּשטעלן די ייִדישע איינוואַנדערונג גרייט יעדע ווילע שלום צו מאַכן מיטן אימפּעריאַליזם, און אונטער זיין שוץ אומגעשטערט זויגן דאָס בלוט און דעם מאַרך פון די אַראַבישע מאַסן. דערצו קאָמפּראָמיטירט די אַגיטאַציע פון פּ.ק.פּ. אין די אויגן פון די ייִדישע מאַסן דעם געדאַנק פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם און פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם. זי אידענטיפיצירט קאָמוניזם מיט אַנטי־ייִדישער פּאָגראָם־העצע און באַשווערט אומגעהויער דעם וועג צו ייִדיש־אַראַבישער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. זי דינט אַזוי אַרום פאַקטיש גלייכצייטיק סיי דער אַראַבישער, סיי דער ייִדישער רעאַקציע, סיי דעם אימפּעריאַליזם, וועלכע זענען אַלע צוזאַמען פאַראינטערעסירט, אַז דער תהום צווישן די ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער־מאַסן זאָל זיין וואָס טיפער.

# דער באַריכט פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע

אין אויגוסט 1936 האָט דאָס בריטישע קאָלאָניע־מיניסטעריום נאָמינירט די אַזוי גערופענע קעניגלעכע קאָמיסיע (ווייל פאָרמעל האָט זי באַקומען די נאָמינאַציע פון ענגלישן קעניג), וועלכער ס׳איז אָפיציעל געגעבן געוואָרן די אויפגאַבע: 1) אויספאָרשן די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו די אומרוען אין ארץ־ישראל; 2) פעסטשטעלן, צי האָבן די אַראַבער אָדער די יידן באַרעכטיקטע טענות וועגן דעם אופן פון פאַרווירקלעכן דעם בריטישן מאַנדאַט איבערן לאַנד; 3) אויב עס וועט קלאָר ווערן, אַז עס איז פאַראַן אַ גרונט פאַר די דאָזיקע טענות — אויסאַרבעטן פאָרשלאַגן, ווי אַזוי צו ענדערן די לאַגע. אַלס פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן לאָרד פיל. מיט אַ יאָר שפעטער, דעם 7טן יולי 1937, האָט די בריטישע רעגירונג פאַרעפנטלעכט דעם באַריכט פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע. אָט זענען די וויכטיקסטע אויספירן, צו וועלכער עס איז געקומען די קאָמיסיע:

„אונטערן דרוק פון דער וועלט־מלחמה האָט די בריטישע רעגירונג געגעבן הבטחות די יידן און די אַראַבער, כדי צו געווינען זייער אונטערשטיצונג. די דאָזיקע צוזאָגן האָבן אַרויסגערופן געוויסע האָפענונגען ביי ביידע צדדים. די אָנווענדונג פון מאַנדאַט־רעזשים בכלל און פונעם פאַלעסטינער מאַנדאַט בפרט, האָט זיך געשטיצט אויפן גלויבן, אַז מיט דער צייט וועט מען איינגעפינען, אַז די פאַרפליכטונגען לגבי די אַראַבער און די יידן לאָזן זיך אויסגלייכן; די מאַטעריעלע ברכה, וואָס די יידישע איינוואַנדערונג וועט ברענגען דעם לאַנד בכלל, וועט ווירקן באַרויקנדיק אויף די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער. דער דאָזיקער גלויבן איז געווען אומבאַגרינדעט און ס׳איז נישטאָ קיין האָפענונג, אַז ער וועט האָבן אַ גרונט אין דער צוקונפט... אין די ענגע ראַמען פון דעם קליינעם לאַנד איז אויסגעבראָכן אַ סכסוך צווישן צוויי נאַציאָנאַליטעטן — אַ סכסוך וואָס לאָזט זיך נישט אונטערדריקן. זיי האָבן נישט צווישן זיך קיין שום געמיינזאַמעס. זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען לאָזן זיך נישט ברענגען אין איינקלאַנג... נישט די נאַציאָנאַלע אידעאַלן פון די אַראַבער, נישט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון די יידן מאַכן מעגלעך אַ פאַראייניקונג, כדי צו דינען איין מדינה. זינט דעם יאָר 1920 האָט זיך דער דאָזיקער סכסוך פאַרשאַרפט און ווערט אַלץ שאַרפער. דער דאָזיקער פּראָצעס וועט דויערן אויך אין דער צוקונפט...

„עס איז נישטאָ קיין רעזשים, וואָס קען זיכערן גערעכטיקייט סיי די אַראַבער, סיי די יידן... ביי די דאָזיקע אומשטענדן קען מען איינשטעלן רו אין פאַלעסטינע — אויפן יסוד פונעם מאַנדאַט — נאָר סיידן מיט גוואַלט־מיטלען... די אונטערדריקונג וועט אָבער נישט לייזן דאָס פּראָבלעם. זי וועט פאַרשאַרפן דעם קאָנפליקט. זי וועט נישט העלפן אויפריכטן אַן איינהייטלעכע און אַ זעלבסטשטענדיקע פאַלעסטינע...“

„... פאַרזעצן דעם איצטיקן רעזשים הייסט דערווייטערן פּאַמעלעך פון ענגלאַנד צוויי פעלקער, וואָס זענען אירע טראַדיציאָנעלע פריינט. מען קען נישט לייזן די פראַגע דורך נאָכגעבן די אַראַבער אָדער די יידן אַלץ, וואָס זיי פאַרלאַנגען. דער ענטפער אויף דער פראַגע, ווער פון זיי וועט צום סוף הערשן אין פּאַלעסטינע, דאַרף זיין: „נישט דער און נישט יענער"... אָבער אויב עס איז נישט יושרדיק, אַז איינער פון די צוויי פעלקער זאָל הערשן איבער גאַנץ פּאַלעסטינע, וועט עס זיין יושרדיק, אַז יעדער איינער פון זיי וועט הערשן אין אַ טייל פון לאַנד".

אַרויסגייענדיק פון די דאָזיקע הנחות האָט די קעניגלעכע קאָמיסיע פאָרגעלייגט די חלוקה פון ארץ־ישראל לויט פאָלגנדיקע ריכטליניעס:

1) דער בריטישער מאַנדאַט איבער פּאַלעסטינע וועט ווערן פאַרענדיקט. אין משך פון אַ קורצער צייט זאָלן אויפגעריכט ווערן צוויי סוווערענע, אומאָפּהענגיקע מלוכות, אַן אַראַבישע און אַ יידישע. ביידע מדינות וועלן זיך פאַרבינדן מיט גרויס־בריטאַניע מיט אָפּמאַכן לויטן מוסטער פון איראַק. די מדינות וועלן שליסן מיט ענגלאַנד אויך מיליטערישע אָפּמאַכן, וועלכע וועלן דערמעגלעכן דאָס אויפהאַלטן זיך פון ענגלישע גאַרניזאָנען אויף דער טעריטאָריע פון יעדער מדינה און דאָס רעכט פאַרן בריטישן מיליטער צו באַנוצן די אייזנבאַן, די שאָסייען און די האַפנס פון דער מדינה.

2) כדי אָפּצוהיטן די קריסטלעכע הייליקע ערטער, זאָל אויסגעטיילט ווערן אַ שטח, וואָס וועט אַרומנעמען ירושלים און בית־לחם און וועט האָבן אַ צוטריט צום ים, זייענדיק פאַרבונדן דורך אַ קאָרידאָר מיט יפו. דער דאָזיקער קאָרידאָר וועט אויך איינשליסן רמלה און לוד. אויף דעם שטח וועט ענגלאַנד ווייטער האָבן אַ מאַנדאַט, וועלכער וועט קענען אָפּגעשאַפט ווערן נאָר סיידן די פעלקער־ליגע און די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן דאָס פאָדערן. אויף דעם דאָזיקן שטח וועט נישט חל זיין די פּאָליטיק פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ד״ה יידישע עולים וועלן נישט האָבן דאָס רעכט דאָרט זיך צו באַזעצן.

3) דער שטח פון דער יידישער מדינה וועט אַרומנעמען: שרון, שומרון, עמק יזרעאל, עמק הירדן, מערב־גליל, דעם אויבערשטן גליל, די שטעט: תל־אביב, חיפה, עכו, טבריה, נצרת און צפת. דער שטח פון דער אַראַבישער מדינה וועט אַרומנעמען דעם גאַנצן איבעריקן טייל פון מערב־פּאַלעסטינע און וועט ווערן פאַראייניקט מיטן עבר־הירדן אין איין אַראַבישער מדינה. כדי דורכצופירן מיט דערפאָלג די טיילונג, מוז מען אויף אַ געוויסער צייט נאָך איבערלאָזן די פיר שטעט: חיפה, עכו, טבריה און צפת — אונטערן בריטישן מאַנדאַט. יפו וועט געהערן צו דער אַראַבישער מדינה, וועלכע וועט באַקומען אויך אַ פרייען צוטריט צום חיפער האַפן.

4) די יידישע מדינה וועט צאָלן יאָר־יערלעך אַ געלט־אונטערשטיצונג דער אַראַבישער מדינה, ווייל ביז דער טיילונג געניסן די פּאַלעסטינער אַראַבער פון די שטייערן, וועלכע קומען אין אַ פיל גרעסערער פראָפּאָרץ פון דעם יידישן ישוב.

5) די בריטישע רעגירונג וועט אויסצאָלן דער אַראַבישער מדינה אַן איינמאָליקע אונטערשטיצונג אין דער הויך פון צוויי מיליאָן פונט.

6) ביידע מדינות דאַרפן שליסן אַן האַנדלס־אָפּמאַך.

7) די טיילונג פון לאַנד לאָזט איבער אין די גרענעצן פון דער יידישער מדינה 225 טויזנט אַראַבער. אין די גרענעצן פון דער אַראַבישער מדינה בלייבן בלויז 1.250 יידן. אין ירושלים און אין חיפה וועלן זיך געפינען 125 טויזנט יידן און 85 טויזנט אַראַבער. פאַראַן אַ פרעצעדענס פון דעם באַפעלקערונגס־אויסטויש צווישן טערקיי און גריכנלאַנד נאָכן קריג צווישן ביידע מדינות אין יאָר 1922. די דורכ־פירונג פון גרויסע באַוואַסערונג־אַרבעטן אין עבר־הירדן, אין דער געגנט פון באר־

שבע און אין עמק הירדן וועט שאַפן די מעגלעכקייטן פאַר אַ גרויסער קאָלאָניזאַציע פון די אַראַבער, וואָס וועלן בלייבן נאָך דער טיילונג פון לאַנד אין די גרענעצן פון דער יידישער מדינה.

די בריטישע רעגירונג האָט אין איר דעקלאַראַציע דעם 7טן יולי 1937 באַגריסט דעם טיילונגס־פּלאַן אַלס די בעסטע און אויסזיכטרייכסטע לייזונג פון דעם פּאַלעסטינע־פּראָבלעם, און זי האָט זיך פייערלעך פאַרפליכטעט צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן פּלאַן.

דער ציוניסטישער קאָנגרעס אין ציריך (אויגוסט 1937) האָט, נאָך אַליידנ־שאַפטלעכן געראַנגל צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון דער חלוקה, אָנגענומען מיט אַ מערהייט פון 299 שטימען קעגן 160 אַ באַשלוס, וואָס זאָגט אַז דער טיילונגס־פּלאַן, וועלכן עס האָט פאָרגעלייגט די קעניגלעכע קאָמיסיע, איז נישט צום אָננעמען. אָבער גלייכצייטיק האָט דער באַשלוס געזאָגט: „דער קאָנגרעס באַפולמעכטיקט די לייטונג צו פירן אונטערהאַנדלונגען, כדי אויפצוקלערן דעם קאָנקרעטן אינהאַלט פון דעם פאָרשלאַג פון דער בריטישער רעגירונג צו גרינדן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. די לייטונג האָט נישט קיין רעכט בשעת די אונטערהאַנדלונגען זיך צו פאַרפליכטן אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אויב אין רעזולטאַט פון די אונטערהאַנדלונגען וועט פעסטגעשטעלט ווערן אַ באַשטימטער פּלאַן פון גרינדן אַ יידישע מדינה, וועט מען דעם פּלאַן ברענגען צו אַ ניי־געוויילטן קאָנגרעס, ער זאָל באַטראַכטן און דעצידירן".

שכנא זאגאן

# פאַר דער אַנטשיידונג

דער באַריכט פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע איז אונטערגעחתמעט און געפינט זיך שוין אין רשות פון דער ענגלישער רעגירונג. די שליחים פון בריטישן קאָלאָניע־אַמט האָבן זייער אַרבעט בשלימות פאַרענדיקט, צוגרייטנדיק „געהעריקע" פאָרשלאַגן פאַר דער לייזונג פונעם פּאַלעסטינע־פּראָבלעם און איצט קימט די ריי אויף די אַנטשיידונגען פון דער ענגלישער רעגירונג.

נישט דאָס ערשטע מאָל זענען איצט אויסגעפאָרשט געוואָרן די פאַר־העלטענישן אין פּאַלעסטינע דורך אַ קעניגלעך־בריטישער קאָמיסיע און נישט דאָס ערשטע מאָל שטייט די פראַגע וועגן גורל פון ארץ־ישראל פאַר דער ענגלישער אימפעריאַליסטישער מאַכט. במשך פון די 20 יאָר, וואָס ענגלאַנד הערשט איבער ארץ־ישראל האָט זי נישט איינמאָל געביטן איר פּאָליטישן קורס. תמיד האָט זי אָבער, אויסנוצנדיק די קעגנזאַצן צווישן די צוויי נאַציאָ־נאַלע סעקטאָרן אין לאַנד, געפירט אַזאַ פּאָליטיק, וואָס האָט אַנטשפּראָכן אייסשליסלעך די בריטישע אימפעריאַלע אינטערעסן. בדרך כלל זענען די דאָזיקע אינטערעסן געשטאַנען אין אַ שטענדיקער סתירה צו די אַנטוויקלונגס־באַדערפענישן פון יידישן ישוב — האָט זיך טאַקע די ענגלישע פּאָליטישע ליניע כסדר באַוועגט אין דער ריכטונג צו באַגרענעצן און איינצוימען זיינע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, צילנדיק קודם־כל אין זיין יסוד — אין דער יידישער איינוואַנדערונג.

נאָך יעדער סדרה בלוטיקע געשעענישן האָט ענגלאַנד מזכה געווען ארץ־ישראל מיט אַ קעניגלעכער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע. אויסערלעך האָט די ענגלישע אימפעריאַליסטישע מאַכט געשאַפן דעם איינדרוק, אַז די קעניגלעכע קאָמיסיעס זענען באַגלייט־דערשיינונגען פון בלוטיקע געשעענישן; בעצם זענען זיי אָבער געווען נישט קיין רעזולטאַט, נאָר די סיבה פון כסדרדיקע אויפטרייסלונגען, ווייל נאָר טיפערע דערשיטערונגען האָבן געקענט פאָרמעל באַרעכטיקן די ענדערונגען פון דער ענגלישער פּאָליטיק, וואָס זענען על פּי רוב געקומען נאָך יעטוועדער קעניגלעכער קאָמיסיע און וואָס האָבן אומאויפ־הערלעך געבראַכן די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען פון ענגלאַנד לגבי דעם ארץ־ישראלדיקן מאַנדאַט־געביט.

כל־זמן דער ייִדישער ישוב אין ארץ־ישראל איז געווען צאָלמעסיק קליין און ווירטשאַפטלעך שוואַך, האָבן קעניגלעכע קאָמיסיעס אָן איבעריקע אָנ־שטרענגונגען דערפילט זייערע אויפגאַבע. נאָכן ערשטן פּאָגראָם אין 1920, בעת דער ייִדישער ישוב האָט נאָך נישט דערגרייכט צו די ערשטע הונדערט טויזנט, און די ייִדישע ווירטשאַפט האָט נאָך געשפּילט אַ נישטיקע ראָל, איז אַפילו נישט נייטיק געווען צו שיקן קיין ספּעציעלע שליחים פון ענגלישן קאָלאָניע־אַמט, כדי אַריינצוברענגען אַ גרינטלעכן שינוי אין דער ענגלישער פּאַלעס־טינע־פּאָליטיק. דאַן האָט דער ערשטער „ייִדישער" הויך־קאָמיסאַר, הערבערט סעמיועל אין אייגענער רשות ליקווידירט די ליבעראַלע שיטה לגבי דער ייִדישער איינוואַנדערונג, באַשטימענדיק אויף איר אָרט די סיסטעם פון שאַרפער רעגלאַמענטאַציע, לויט דער עלאַסטישער פאָרמול פון „ווירטשאַפט־לעכער אויפנאַם־פעיִקייט". די דאָזיקע ראַדיקאַלע ענדערונג פון דער ענגלי־שער איינוואַנדערונגס־פּאָליטיק האָט נישט אָנגעטראָפן אויף דעם נייטיקן ווידערשטאַנד, ווייל סתּם פּראָטעסטן פון דרויסן האָבן נישט געקענט האָבן קיין באַדייטונג און די אייגענע קראַפט פון ייִדישן ישוב איז נאָך געווען צו שוואַך, כדי צו האָבן אַ גרעסערע ווירקונג. ערשט די שטייגנדיקע קרעפ־טיקונג פון דער ייִדישער ווירטשאַפט, איר וואַקסנדיקע באַדייטונג פאַר דער עקאָנאָמישער און במילא סאָציאַלער אַנטוויקלונג פונעם גאַנצן לאַנד, האָבן געשאַפן פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם יענע שוועריקייטן, וועלכע האָבן אים געצווונגען צו באַרעכטיקן זיין פּאָליטיק דורך כמו־וויסנשאַפטלעכע אויספאָר־שונגען פון קעניגלעכע קאָמיסיעס.

יעטוועדע „אויספאָרשונג" פון בריטישן קאָלאָניע־אַמט האָט אויפן אַנט־שיידנסטן אופן „פעסטגעשטעלט" די אומעגלעכקייט פון אַ ווייטערדיקער אַנט־וויקלונג פון ייִדישן ישוב. מיט אַלע מעגלעך־וויסנשאַפטלעכע ראיות האָבן די קעניגלעכע אויספאָרשער דערוויזן, אַז דאָס באָדן־אָרעמע פּאַלעסטינע איז נישט מסוגל אויפצונעמען אַ וואָסער נישט איז אָנזעעוודיקע ייִדישע איינ־וואַנדערונג. במילא זענען כסדר באַגרענעצט געוואָרן די מעגלעכקייטן פון ייִדישע באָדן־קניות. און אַלץ דראַסטישער איז געוואָרן די רעגלאַמענטאַציע פון דער ייִדישער אימיגראַציע.

ס׳איז איבעריק אונטערצושטרייכן, אַז די מאָסמיטלען, וואָס די ענגלישע מאַכט האָט אָנגעווענדעט, כדי אויפצוהאַלטן די אַנטוויקלונג און אויפשטייג פון ייִדישן ישוב זענען געשטאַנען אין שאַרפער סתירה צו די אַנטוויקלונגס־באַדערפענישן פון לאַנד, אַנטשפּרעכנדיק אויסשליסלעך די בריטישע אימ־פּעריאַליסטישע אינטערעסן. אָבער גראָד דערפאַר האָבן די דאָזיקע מאָס־מיטלען נישט געהאַט קיין פּעולה. ווירטשאַפטלעכע נויטווענדיקייטן ברעכן דורך אַלע קינסטלעכע מניעות. דער דראַנג צום ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג, וואָס איר טרעגער איז אין ארץ־ישראל דער ייִדישער סעקטאָר, האָט אויך דורכגעבראָכן די שטערונגען, מצד דעם בריטישן אימפּעריאַליזם. טראָץ דעם „באַשטעטיקטן" מאַנגל אין פרייען באָדן האָט די ייִדישע קאָלאָניזאַציע זיך אַנטוויקלט, פאַרזאָרגנדיק מיט אַרבעט נישט בלויז ייִדישע אַרבעטער, נאָר אויך גרויסע מאַסן פון אַראַבישע פעלאַכן. טראָץ די קאָלאָסאַלע שטערונגען

אין דער פֿאָרעם פֿון ענגלישער צאָל־פּאָליטיק איז געוואַקסן די ייִדישע אינ־דוסטריע, ווירקנדיק מיט איר וווקס אויך אויף דער אַראַבישער סביבה. לסוף האָט דער כסדרדיקער מאַנגל אין אַרבעטס־העגט אין לאַנד גופא און דער מעכטיק־אויסגעוואַקסענער איינוואַנדערונגס־דראַנג מצד די ייִדישע מאַסן אין חוץ־לארץ צונישט געמאַכט אַלע אויסרעכענונגען פֿון די ענגלישע מאַכט־האָבער, נישט דערלאָזנדיק, אַז די טויערן פֿון לאַנד זאָלן, בהסכם מיט די ענגלישע שטרעבונגען, בכלל אָפּגעשלאָסן ווערן פֿאַרן ייִדישן איינוואַנדערונגס־שטראָם.

ווי אויסגערעכנט ס'איז נישט די ענגלישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל, זענען פֿאָרט אַלע מאָסמיטלען פֿון די ביז איצטיקע קעניגלעכע קאָמיסיעס נישט געווען בכוח אָפּצושטעלן די אַנטוויקלונג פֿון ייִדישן ישוב. אַ יאָר שווי־דערלעכער, דורך דער מאַכט טאָלערירטער אַראַבישער טעראָר האָט אויך נישט באַוויזן אָפּצושוואַכן זיין יסוד. גראָד אין דעם דאָזיקן יאָר איז דער ייִדישער סעקטאָר אינערלעך געקרעפֿטיקט געוואָרן, אַרויסווייזנדיק אַן אויסער־געוויינלעכע ווידערשטאַנדס־קראַפֿט און לעבנס־פֿעיִקייטן.

אָט דאָ ליגט די סיבה, וואָס די לעצטע קעניגלעכע קאָמיסיע קומט מער נישט מיט הוילע פֿאָרשלאַגן מכוח אָפּשטעלן די ייִדישע איינוואַנדערונג, אָדער אומעגלעך מאַכן די אויסברייטערונג פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. ניין, אירע כוונות גייען פֿיל ווייטער: דורך אַ פֿונאַנדערטיילונג פֿונעם לאַנד צילט זי אַריינצוקוועטשן דעם ייִדישן ישוב אין אַ סדום־בעטל, אַרומרינגלען אים פֿון אַלע זייטן מיט אַ פֿיינטלעכער סביבה, כדי אויף דעם וועג לייכטער צו דערשטיקן זיין לעבנסקראַפֿט.

עס זענען נאָך ביז איצט נישט באַקאַנט די פּרטים פֿונעם נייעם בריטישן פּלאַן צו לייזן דאָס פּאַלעסטינע־פּראָבלעם. אָבער אַלע ידיעות באַשטעטיקן, אַז דער ענגלישער אימפּעריאַליזם גרייט זיך אין ארץ־ישראל דורכצופֿירן אַ קייזערשניט. דער פּלאַן פֿון אַ פֿונאַנדערטיילונג פֿונעם לאַנד, וועלכער זעט פֿאָר דעם אָנשלוס פֿון אַ טייל ארץ־ישראל צו עבר־הירדן און דעם אַנדערן טייל פֿאַרוואַנדלען אין אַ ייִדישער מלוכה, איבערלאָזנדיק דעם דריטן טייל מיטן חיפֿהער פּאָרט בראש אונטער דער אויסשליסלעכער הערשאַפֿט פֿון ענגלאַנד, האָט נישט קיין אַנדערע טענדענץ, ווי נאָר דורך דער ענדערונג פֿונעם יורידישן סטאַטוס פֿון פּאַלעסטינע צו זיכערן די קאָנקרעטע אינטערעסן פֿון בריטישן אימפּעריאַליזם און די וויכטיקע סטראַטעגישע פּונקטן אין ארץ־ישראל, אָבער גלייכצייטיק דערמיט פּענטן די אַנטוויקלונגס־קראַפֿט פֿונעם ייִדישן סעקטאָר און איזאָלירן אים פֿון די געביטן, איבער וועלכע עס דראָט זיך אייסצוישפּרייטן זיין ווירקונג, דורך אויפֿשטעלן צווישן זיי אַ ווירטשאַפֿט־לעכע און פּאָליטישע מחיצה.

ס'איז אָבער נאָך אַ גרויסע פֿראַגע, צי דער דאָזיקער אַנטשיידענער שניט וועט דערפֿירן ענגלאַנד צום ציל. געוויס איז דער פֿונאַנדערטיילונגס־פּלאַן פֿון ארץ־ישראל פֿאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע געפֿאַרן פֿאַרן ייִדישן ישוב. ער רייסט פֿונאַנדער אַ געשלאָסענעם ווירטשאַפֿטלעכן אָרגאַניזם און מוז אין סך־הכל גורם זיין אַ פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די אַזוי אויך קאָמפּליצירטע ייִדיש־אַראַבי־

שע באַציִונגען. אָבער ווי גרויס די דאָזיקע געפאַרן זאָלן נישט זיין, איז דער אומשטאַנד, אַז ענגלאַנד איז געצוואונגען צו זוכן אַן אויסוועג אין ארץ־ישראל דורך דער אויסבילדונג פון אַ יידישער מלוכה, אַ באַווייז, ווי פעסט און איינ־געפונדעוועט עס איז דער יידישער סעקטאָר, און ווי שטאַרק עס ווירקט שוין איצט זיין עקזיסטענץ ביי אינטערנאַציאָנאַלע אַנטשיידונגען אויפן נאָענטן מזרח.

די קאָנסטיטויִרונג פון אַ יידישער מלוכה וועט די דאָזיקע קראַפט פון יידישן סעקטאָר געוויס נישט פאַרמינערן. אַדרבה, די נייע מלוכהשע פאָרעם מוז עפענען פאַרן יידישן ארץ־ישראל גאָר נייע פערספעקטיוון. אַוודאי וועט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, טריי זיין ביז איצטיקער ליניע, אַלץ טון, כדי צו פאַרשמעלערן און באַגרענעצן די דאָזיקע פערספעקטיוון, אָבער דער ווירט־שאַפטלעכער און סאָציאַלער כוח פונעם יידישן ישוב, וועלכער האָט ביז איצט אויסגעהאַלטן נישט איין פאַרביסענעם פּרווו אים צו דערשטיקן, וועט דורך דער נייער מלוכהשער פאָרעם געוויס גאָרנישט פאַרלירן פון זיין אָפּווער־קראַפט און פון זיין טענדענץ צום ווייטערדיקן אויפשטייג.

איבערן יידישן סעקטאָר אין ארץ־ישראל האָט אומאויפהערלעך געדריקט די ענגלישע הערשאַפט. אויב דער יידישער ישוב איז כסדר געוואַקסן און זיך געשטאַרקט, איז דאָס נישט אַ רעזולטאַט פון ענגלישן חסד, נאָר אַ דאַנק די פעסטע און געזונטע יסודות, אויף וועלכע עס בויט זיך דאָס יידישע לעבן אין פּאַלעסטינע, טראָץ אַלע שעדיקנדיקע כוונות און מעשים פון בריטישן מאַכטהאָבער. ס'איז נישטאָ קיין סיבה אַז די דאָזיקע אייגנשאַפט פונעם יידישן ישוב זאָל איצט אָפּגעשוואַכט ווערן.

דערביי מוז גענומען ווערן אין אַכט, אַז דער פאַקט פון אַ מלוכהשן יסוד אונטער דעם פּאַלעסטינער יידישן ישוב וואָלט אָן ספק געמוזט נאָך מער פאַרשטאַרקן די שוין איצט מערכטיקע פאַרינטערעסירונג פון די יידישע פּאָלקס־מאַסן אין גאָר דער ארץ־ישראל, אַ פאַרינטערעסירונג, וואָס האָט ביז איצט געבילדעט און וועט ווייטער בילדן איינעם פון זיינע וויכטיק־סטע אָנשפּאַרן. דער נייער ענגליש־אימפּעריאַליסטישער פּלאַן פונאַנדערצו־רייסן ארץ־ישראל וועט דעריבער, פּונקט ווי אַלע ביז איצטיקע מאָסמיטלען פון קעניגלעכע קאָמיסיעס, נישט זיין בכוח צו פאַראַליזירן דעם ווייטערדיקן אויפשטייג פון יידישן ארץ־ישראל. ער וועט אָן ספק ברענגען מיט זיך גרע־סערע און ערנסטערע געפאַרן, אָבער טראָץ די כוונות פון ענגלישן אימפּע־ריאַליזם און קעגן זיין ווילן, וועט די באַשטימונג פון מלוכהשער פאָרעם פאַרן יידישן פּאַלעסטינע אויפהייבן דעם קאַמף פאַרן יידישן טעריטאָריאַלן צענטער אויף אַ העכערער מדרגה, ווו די סכנות וועלן טאַקע זיין גרעסער אָבער אויך — די מעגלעכקייטן.

„אַרבעטער־צייטונג“, וואַרשע, 25טער יוני 1937.

יצחק לעוו

# נאָכן באַריכט פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע

די ידיעות מכוח די קומענדיקע שינויים אין ארץ־ישראל דורך שאַפן אַ ייִדישע מלוכה — האָבן אויף די ברייטסטע ייִדישע מאַסן, אויך אויף די, וועלכע זענען בפירוש ווייט פון ציוניזם און אַפילו קעגנעריש צו אים, געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק. באַוווּסטזיניק, צי נישט — גיט מען זיך אָפּ אַ דין־וחשבון, אַז דאָס צושטאַנדקומען פון אַ ייִדישער מלוכה, אַפילו אין באַגרענעצטע ראַמען, איז עלול צו עפענען אַ ניי בלאַט אין דער ייִדישער געשיכטע.

ס׳איז קלאָר, אַז פאַר די, וועלכע שטייען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַסימילאַציע פון די ייִדישע מאַסן, וועלכע ווילן זען די אויפלייזונג פון דער ייִדישער נאַציע, איז יעדער געדאַנק וועגן אַ ייִדישער מלוכה, פּונקט ווי מכוח נאַציאָנאַלע רעכט פאַר די ייִדישע מאַסן אין זייערע וווין־לענדער — פרעמד און פיינטלעך. אָבער די, וועלכע קעמפן פאַר דער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג פון די ייִדישע מאַסן, וועלכע שטרעבן צו זייער פולער און אומבאַגרענעצטער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, מוזן זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, אַז נאָר מלוכהשע פאָרמען זענען מסוגל צו שאַפן ראַמען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זייערע שטרעבונגען, און אַז אַפילו ביי די ברייטסטע רעכט אין זייערע וווין־לענדער, וועלן די ייִדישן מאַסן, אַלס אַ צעזייטע און צעשפּרייטע נאַציאָנאַלע מינדערהייט, אַלס עקסטעריטאָריאַלע נאַציאָנאַלע גרופּע — זיך שטענדיק געפינען אין אַ ווייניקער גינסטיקער לאַגע לגבי דער נאַציאָנאַלער מערהייט. מעג אַפילו אַזאַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט פאָרמעל באַזיצן די פולע רעכט פאַר איר נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, ווערט דאָס אויספירן און פאַרווירקלעכן פון די דאָזיקע רעכט אָביעקטיוו באַגרענעצט און זי איז נישט אימשטאַנד איינצוניצן אָט די רעכט אַזוי, ווי די נאַציאָנאַלע מערהייט.

אין לאַגער פון די, וועלכע שטייען אויפן יסוד פון דער ייִדישער נאַציע, קענען וועגן דער פראַגע נישט זיין קיין צוויי מיינונגען. און אויב ס׳איז געגאַנגען אַ שווערער און ביטערער קאַמף צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון דער טעריטאָריאַלער ליזונג פון דער ייִדן־פראַגע, האָט זיך דער דאָזיקער קאַמף געפירט אַרום דעם, צי איז דער טעריטאָריאַליזם — אין זיין קאָנקרעטער געשטאַלט — דעם ציוניזם — רעאַליזירבאַר, צי נישט. די קעגנער פון פּאַלעסטיניזם האָבן די דאָזיקע אידייע געהאַלטן פאַר שעדלעך דער עיקר דערפאַר, ווייל זי איז — אַן אוטאָפּיע. די דאָזיקע אוטאָפּיע האָט אָבער, דורך דער אַנטוויקלונג פונעם נייעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל, אָנגעהויבן

צו באַקומען לעבעדיקע קאָנטורן און איצט הייבט אויך אָן דער געדאַנק וועגן דער ייִדישער מלוכה צו באַקומען בלוט און פלייש.

—::—

אָפּגעזען פון די באַשלוסן פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע און פון דער קאָנקרעטער פאָרעם, וועלכע די דאָזיקע באַשלוסן וועלן אָננעמען, זענען איצט קלאָר געוואָרן צוויי אויסערגעוויינלעך וויכטיקע פאַקטן:

1. דער געדאַנק מכוח אַ ייִדישער מלוכה איז לחלוטין נישט קיין אוטאָ־פּיע, וועלכע קען קיינמאָל און אונטער קיין שום אומשטענדן נישט מקויים ווערן, הגם די דאָזיקע פעסטשטעלונג איז געלעגן אין יסוד פון דער אידע־אָלאָגיע פון די בונדישע, ייִדסעקישע און אַנדערע קעגנער פון ציוניזם. אָט אָ דער דאָזיקער „אומדערשיטערלעכער“ יסוד פון דער בונדיש־ייִדסעקיש־פּאָל־קיסטיש־אַגודיסטישער אויפפאַסונג האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש. אומאָפּ־העגניק דערפון, צי די ייִדישע מלוכה וועט שוין איצט פאַרווירקלעכט ווערן, צי נישט, איז קלאָר, אַז דאָס פּראָבלעם פון דער ייִדישער מלוכה איז אַוועקגע־שטעלט געוואָרן איצט, ווי אַ רייף אינטערנאַציאָנאַל פּראָבלעם.

2. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז די רעאַליזירונג פון דעם געדאַנק וועגן אַ ייִדישער מלוכה קען צושטאַנד קומען נאָר אין שייכות מיט די ארץ־ישראל שטרעבונגען פון די ייִדישע מאַסן. קלאָר גערעדט: אַ ייִדישע מלוכה איז געוואָרן דענקבאַר און רעאַל נאָר אין פאַרבינדונג מיט ארץ־ישראל.

די ייִדישע מאַסן האָבן אינעם לאַנגן פעריאָד פון זייער געשיכטע, זינט זיי האָבן פאַרלוירן זייער מלוכהשע זעלבסטשטענדיקייט, קיינמאָל אויף אַ לענגערער צייט נישט שלום געמאַכט מיט זייער לאַגע. די ייִדישע געשיכטע ווייסט צו דערציילן וועגן אַ ריי משיח־באַוועגונגען, וועלכע האָבן שטענדיק צוגעצויגן די ברייטסטע ייִדישע מאַסן, צעזייטע און צעשפּרייטע אין פאַרשיי־דענע לענדער. בדרך כלל זענען זיי באַקעמפט געוואָרן און געלייגט געוואָרן אין חרם דורך די רייכע און געלערנטע פירער. ווי מ'זאָל זיך נישט פאַרקוקן אויף זיי — אומאָפּהענגיק פון זייער פאַרלויף און רעזולטאַטן — זענען די משיח־באַוועגונגען געווען דער אויסדרוק פון דער בענקשאַפט און שטרעבונג פון די ייִדישע מאַסן נאָך נאַציאָנאַלער באַפרייונג און פון דעם אינטויִטיוון געפיל, אַז די פולע באַפרייונג איז פאַרבונדן דווקא מיט ארץ־ישראל.

ערשט אין דער היינטיקער צייט זענען געשאַפן געוואָרן די באַדינגונגען פאַר דער רעאַל־פּאָליטישער לייזונג פון דער שטרעבונג פון די ייִדישע מאַסן צו אייגענער מלוכהשאַפט. ס'איז לחלוטין נישט קיין צופאַל, וואָס אין אַמע־ריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך און אַנדערע לענדער שטעלט זיך די גאַרבע[illegible]ר־שאַפט און די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט אויף דער זייט פון די ייִדישע מאַסן און שטיצט זיי אין זייער קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון פּאַלעסטיניזם. פּונקט ווי ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס אויך די ראַטנפאַרבאַנדישע ווירק־לעכקייט האָט אַרויסגערוקט די פראַגע וועגן מלוכהשער לייזונג פאַר די ייִדישע מאַסן אין די ראַמען פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

אָבער די דאָזיקע פּאָזיטיווע באַציִונג איז מעגלעך געוואָרן און באַקומען אַ רעאַלן אינהאַלט נאָר אין רעזולטאַט פון די אָנשטרענגונגען פון די ייִדישע

מאַסן און פון זייערע דערגרייכונגען אין ארץ־ישראל. דער שטורמיש־אויס־געוואַקסענער, נייער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל, מיט די וויכטיקע עקאָ־נאָמישע פּאָזיציעס, וועלכע ער האָט דעראָבערט, און מיט דער באַדייטונג, וועלכע ער האָט געוווּנען נישט נאָר אין פּאַלעסטינע, נאָר אויפן נאָענטן מזרח בכלל — איז געוואָרן אַן ערשטקלאַסיקער פאַקטאָר, וועלכער מוז געגומען ווערן אין אַכט אין די פּאָליטישע אויסרעכענונגען פון די פאַרשיידענע מלוכות. דער דאָזיקער ניי אַנטשטאַנענער כוח מוז משפיע זיין זייער פּאָליטיק אויפן געביט פונעם מיטללענדישן ים, וועלכער פאַרנעמט איצט איינעם פון די חשובסטע פּלעצער אין דער וועלט־פּאָליטיק. אַ דאַנק דער שטאַרקער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלע־טאַריאַט געוווּנען אַ וויכטיקן שטיץ־פּונקט אין זיין קאַמף אין פאָדער־אַזיע.

וואָלטן נישט געקומען די העראָישע קרבנות פון די יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל, דאַן וואָלט דער געדאַנק מכוח אַ יידישער מלוכה ווייטער געבליבן אין דער ספערע פון שיינע, אָבער נישט רעאַלע חלומות. דער געדאַנק מכוח אַ יידישער מלוכה האָט געקענט אַוועקגעשטעלט ווערן אַלס קאָנקרעט אינ־טערנאַציאָנאַל פּראָבלעם נאָר אין רעזולטאַט פון דער פּראָ־פּאַלעסטינישער אידעאָלאָגיע און די אָנשטרענגונגען, צו וועלכע זי האָט די יידישע מאַסן געוועקט און געשטויסן.

אויב אַפילו די יידישע מלוכה זאָל איצט נישט געשאַפן ווערן, איז איצט די פראַגע אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט אַלס אַן אָנגעוויטיקט און בלוטיק פּראָבלעם, וואָס וועט וועקן און מאָנען, כל־זמן ס׳וועט נישט געלייזט ווערן. דאָס אַליין איז אַ קאָלאָסאַלע פּאָליטישע דערגריי־כונג און דאָס איז דער פאַרדינסט פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

—::—

אויב די שטרעבונג פון די יידישע מאַסן צום אייגענעם מלוכהשן לעבן האָט צו פאַרצייכענען אַ קאָלאָסאַלן פּאָליטישן דערפאָלג, מוז מען אָבער פעסט־שטעלן, אַז די קאָנקרעטע געשטאַלט, וועלכע די ענגלישע מאַכט וויל געבן דער פּראָיעקטירטער יידישער מלוכה, מוז פון אָנהייב אָן אַרויסרופן דעם שאַרפסטן פּראָטעסט און אַנטשיידנסטן קאַמף פון די ברייטסטע יידישע מאַסן. דער ענגלישער אימפּעריאַליזם וויל דורכפירן די צווייטע אָפּעראַציע איבער ארץ־ישראל און נאָכן אָפּטיילן פון איר מיט 15 יאָר צוריק דעם מזרח טייל (עבר־הירדן), וויל ער איצט אָפּשניידן אויך אַ שפּאָרן טייל פון מערב־א״י.

פּונקט, ווי דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האָט זיך ביז איצט געשטעלט אין וועג פונעם וואַנדערונגס־דראַנג קיין ארץ־ישראל דורך די דראַקאָנישע עליה־באַגרענעצונגען, אַזוי זוכט ער איצט אויפצושטעלן אַ קינסטלעכע צוים פאַר אָט דעם וואַנדערונגס־דראַנג פון די יידישע מאַסן און פאַר זייער שטרע־בונג צו אַ נאָרמאַלן לעבן — דורך אָפּרייסן לעבעדיקע שטיקער פון ארץ־ישראל און באַשניידן די גרענעצן פון דער פּראָיעקטירטער יידישער מלוכה.

אמת איז, אַז לויט די רעקאָמענדאַציעס פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע זאָל די יידישע מלוכה באַקומען אַלע טאָלן פון ארץ־ישראל, אַלע די ערטער, וועלכע זענען אַמיינסטן צוגעפּאַסט פאַר אינטענסיווערווירטשאַפט און פאַר

מאַסן־קאָלאָניזאַציע. דער פאַקט, וואָס דער גאַנצער ים־ברעג וועט ליגן אין די גרענעצן פון דער יידישער מלוכה, שטעלט מיט זיך פאָר אַן ערשטקלאַסיקן עקאָנאָמישן פאַקטאָר. געוויס וועט די פּראָיעקטירטע יידישע מלוכה, אַפילו אין די באַגרענעצטע ראַמען, זיין מסוגל אויפצונעמען אין משך פון אַ ריי נאָענטע יאָרן אַ גרויסע מאַסן־איינוואַנדערונג. גלייכצייטיק דערמיט ווערן אָבער צוגענומען באַדייטנדיקע ערד־רעזערוון, וועלכע זענען צוגעפּאַסט פאַר קאָלאָניזאַציע, ביז איצט שוואַך באַווינטע. ס'ווערט אויפגעשטעלט אַ וואַנט פאַר די שפּעטערדיקע איינוואַנדערונגס־מעגלעכקייטן. די עקאָנאָמישע אַנט־וויקלונגס־מעגלעכקייטן אין דער פּראָיעקטירטער מלוכה ווערן פאַרקריפּלט.

קיין שום גרענעצן זענען נישט אייביק און אַוודאי קענען פאַר די יידישע מאַסן נישט זיין פאַרפליכטנדיק די גרענעצן, וועלכע ווערן אָנגעצייכנט דורך אַן אימפּעריאַליסטישער מאַכט און וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ פאַרגוואַל־טיקונג לגבי זייערע אינטערעסן און די אינטערעסן פון די אַראַבישע מאַסן. די קאָנקרעטעווירקלעכקייט וועט זוכן אַריבערצושפּרייזן די קינסטלעך־קאָנסטרויִרטע גרענעצן, און וועט זיי סוף־כל־סוף ברעכן, אָבער די בייזוויי־ליק־אויפגעשטעלטע שטערונגען וועלן נישט נאָר שטערן דעם גאַנג פון דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון די יידישע און אַראַבישע מאַסן, נאָר וועלן אויך שאַפן כסדר קאָנפליקטן. און דאָס וויל טאַקע דער ענגלישער אימפּעריאַליזם.

—:—

דער באַריכט פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע רעכנט אויס די מעלות פונעם צעטיילונגס־פּלאַן סיי פאַר די אַראַבער, סיי פאַר די יידן. ס'קוקט אויס, פונקט ווי די קאָמיסיע וואָלט נישט געהאַט אין זין עפּעס אַנדערש, ווי נאָר די טובה פון די יידן און די אַראַבער. קלאָר אָבער, אַז פאַר דער קאָמיסיע האָט עקזיסטירט בלויז דער אינטערעס פון ענגלישן אימפּעריאַליזם.

כדי תופס צו זיין די לעצטע שריט פון ענגלאַנד, מוז מען זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון וועגן איר לאַגע אין ארץ־ישראל. די לעצטע יאָרן האָבן באַוויזן, אַז די אַלטע הערשאַפט־מעטאָדן, וועלכע די ענגלישע מאַכט האָט אָנגעווענדעט און וועלכע זענען באַשטאַנען אין אויפרייצןביידע טיילן פון דער באַפעלקערונג קעגן זיך, כדי לייכטער זיי צו באַהערשן, האָבן באַנקראָטירט. זיי האָבן אויפ־גערייצט קעגן ענגלאַנד סיי די יידן און סיי די אַראַבער. דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין אַ מצב פון שטענדיקן אומרו. אין אָנבליק פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער פאַרוויקלטער סיטואַציע, פון די איטאַליעניש־דייטשע אינטרי־געס אין ארץ־ישראל און פון דער גרויסער סטראַטעגישער באַדייטונג פון פּאַלעסטינע פאַר דער בריטישער אימפּעריע — האָט די סיטואַציע אין לאַנד געמוזט געענדערט ווערן. נייע מעטאָדן האָבן געמוזט ווערן אָנגעווענדעט. אָבער ביים באַשטימען די נייע מעטאָדן האָט געמוזט גענומען ווערן אין אַכט, אַז דער יידישער ישוב איז געוואָרן אַ צו באַדייטנדיקער כוח.

דערפון נעמט זיך, וואָס די באַשלוסן פון דער איצטיקער ענגלישער קאָ־מיסיע אונטערשיידן זיך באַדייטנדיק פון די אויספירן פון די פריערדיקע ענגלישע קאָמיסיעס. די פּיל־קאָמיסיע האָט נישט געקענט זיך נישט רעכענען מיטן פאַקט, וואָס זינט דער שאָו־קאָמיסיע איז די יידישע באַפעלקערונג אויס־

געוואַקסן דרייפאַך און איז געוואָרן דער דעצידירנדיקער עקאָנאָמישער פאַק־טאָר אין לאַנד.

אָבער פּאָרט ליגט אין יסוד פון די באַשלוסן פון דער איצטיקער קעניג־לעכער קאָמיסיע די זעלבע פּאָליטיק, וועלכע ס׳פירט דער ענגלישער אימפּע־ריאַליזם אין ארץ־ישראל זינט יאָרן. די מעטאָדן האָבן זיך נאָר געביטן, גע־וואָרן מער ראַפינירט, צוגעפּאַסט צו די געענדערטע פאַרהעלטענישן, ווייל — די אַנטשיידונג שאַפט אָן אַ שיעור רייבונגס־פּונקטן צווישן דער ניי־פּראָיעק־טירטער יידישער און אַראַבישער מלוכה און זאַמלט אַ שטענדיקן ברען־שטאָף צווישןביידע פעלקער. ס׳דאַרף נאָר קומען דער דריטער, וועלכער זאָל וואַרפן אַ פונק, און ווער זאָל עס זיין, אויב נישט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם?

דער איצטיקער פּלאַן שטעלט מיט זיך פאָר אָן שום ספק אַ וויכטיקע קאָנצעסיע לגבי די יידישע מאַסן. גלייכצייטיק אָבער טרעט ענגלאַנד אויף אַ האָר נישט אָפּ פון איר וויכטיקסטער אויפגאַבע אין פּאַלעסטינע — פון דער מיליטערישער באַהערשונג פון דעם דאָזיקן לאַנד. אַזוי אַרום שטעלט מיט זיך פאָר דער איצטיקער צעטיילונגס־פּלאַן דעם המשך פון דער ביז איצטיקער בריטישער פּאָליטיק בנוגע פּאַלעסטינע — סטראַטעגיש באַהערשן דאָס לאַנד, איינהאַלטן די שנאה צווישן די יידן און אַראַבער, כדי דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם צו פאַרלייכטערן זיינע פּלענער בנוגע ביידע פעלקער.

און דערפאַר ווערט פאַר די יידישע מאַסן, דורך שאַפן די יידישע מלוכה, נישט ליקווידירט דאָס גרויסע פּראָבלעם, וואָס שטייט אויך ביז איצט פאַר זיי — די פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבישע מאַסן. פּונקט, ווי פריער, וועט ווייטער שטיין די פראַגע וועגן געמיינזאַמען קאַמף קעגן ענגלישן אימפּע־ריאַליזם — דעם אומגעבעטענעם אַפּוטראָפּוס. דורכן שאַפן פון דער יידישער מלוכה קען אָבער געשאַפן ווערן אַ באַזע פאַר אַן ענגערער פּאָליטישער און עקאָ־נאָמישער פאַרשטענדיקונג צווישן די יידישע מאַסן און די אַראַבישע לענדער.

פּונקט ווי ביז איצט וועט דער קאַמף פאַר דער פאַרשטענדיקונג פון די יידישע אין אַראַבישע מאַסן מוזן זיין די אויפגאַבע פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט. אָן שום ספק וועט זיך פינאַנדערגיסן אַ כוואַליע פון שאָוויניזם. דאָס יידישע בירגערטום וועט פּאָליטיש זיך אָנשפּאַרן דווקא אויף ענגלאַנד. די אויפגאַבע וועט זיין אַ שווערע. אָבער די יידישע מאַסן וועלן זי אויספירן.

געוויס וועט די פאַרווירקלעכונג פון דער יידישער מלוכה נאָך אָנטרעפן געניג שטיינער אויפן וועג. מיר וועלן זיכער נאָך איבערלעבן נישט איין ביטערע אַנטוישונג. מעגלעך, אַז דאָס וועט דויערן לענגער, ווי מיר שטעלן זיך עס פאָר. אָבער איינס איז קלאָר — עס עקזיסטירן די כוחות, וועלכע שטויסן צו שאַפן די יידישע מלוכה, די פראַגע איז רייף געוואָרן שוין איצט.

עס עפענען זיך פאַר די יידישע מאַסן ברייטע פּערספּעקטיוון, ווייטע האָריזאָנטן. אָבער דאָס שטעלט אונדז אויך פאַר נייע אויפגאַבעס, פאַר דער נייטיקייט פון פאַרשטאַרקטער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט פאַרן פּועלי־ציוניזם אין די באַדינגונגען פון דער נייער, איצטיקער יידישער ווירקלעכקייט.

„אַרבעטער־צייטונג״, וואַרשע, 9טער יולי 1937.

ג. גרשוני

# דער „פּלאַן" טאָר נישט ווערן ווירקלעכקייט!

דער באַריכט פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט איצט אויפגעהערט צו זיין אַן ענין נאָר פון „באַרופענע" דיפּלאָמאַטן, האָט אין זיך כאָטש די „מעלה", וואָס ער דעקרעטירט נישט, נאָר ער פּרוווט באַווייזן, איבערצייגן, אַרגומענ־טירן. ער באַווייזט נישט נאָר דעם „ליטעראַרישן געשמאַק" פון די מחברים, נאָר דער עיקר טאַקע דעם איינציקן גורם, וואָס האָט זיי געבראַכט צו דעם, אַז יעדן אַטענטאַט אויף אַ לעבעדיקן גוף, אויף מענטשן און זייער פּראַצע זאָל מען איינוויקלען אין כלערליי ציוויליזאַטאָרישער וואַטע, דאָס איז דער ריין־פּאָליטישער גורם.

אין באַריכט ווערט קיין איין מאָל נישט דערמאָנט דער ריין בריטישער אינטערעס, דערפאַר שווימט דאָרט מיט פאַרפּליכטונגען, פּרינציפּן און געפילן פון טראַדיציאָנעלער געטריישאַפט. אַ מערקווירדיקער דאָקומענט, און דאָך גיט ער אַ סך צו פאַרשטיין, קודם־כל — און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע — שטעלט ער אַרויס דעם פּרינציפּ פון צעטיילונג אויף דער באַזע פון דער ביז איצטיקער פאַרטיילונג אין שטח. די קאָמיסיע רופט עס אַליין אָן „די לעבנס־פראַגע פון גאַנצן ענין". זי ווייסט אַליין, אַז אינעם באַשטימען די גרענעצן ליגט דער טשוואָק פון דער גאַנצער זאַך. די קאָמיסיע רעדט אַפילו וועגן געבן די מעגלעכקייטן אין די ראַמען פון דער יידישער מדינה פאַר דער „פאַרגרעסערונג פון דער באַפעלקערונג און פאַר קאָלאָניזאַציע". דאַכט זיך — אַ קלאָרע איינשטעלונג.

אָבער באַלד אין דעם זעלבן זאַץ, נאָר מיט אַ שורה פריִער, דערקלערט די קאָמיסיע, אַז דער „נאַטירלעכער גרונט צו דער חלוקה פון לאַנד באַשטייט אין אָפּטיילן די ראַיאָנען, ווו יידן האָבן דערוואָרבן באָדן און זיך באַזעצט אויף זיי, פון די ראַיאָנען, וועלכע זענען אינגאַנצן אָדער אין דער מערהייט באַזעצט דורך אַראַבער".

צוויי פעסטשטעלונגען אין איין זאַץ, וועלכע זענען סותר איינע די אַנ־דערע! פון גאַנצן ארץ־ישראל־שטח (27.000 קוואַדראַט קילאָמעטער) ווערט דער יידישער „מדינה" צוגעטיילט ווערן 18%. די פּראָיעקטירטע מלוכה פון

ייִדן דאַרף פּאַרמאָגן אַרום 5 מיליאָן דונאַם. אָבער העכער אַ דריטל פון דעם באָדן געהערט שוין ביים היינטיקן טאָג די ייִדן, און די רעשט — צוויי דריטל — איז ווייט נישט קיין אומבאַזעצט לאַנד. אויב די מדינה באַשטייט פון דריי קאָמפּלעקסן באָדן: דער גליל, דער עמק יזרעאל און דעם שמאָלן פּאַס אויפן ברעג פון ים — איז קלאָר, אַז די דאָזיקע געגנטן גיבן נישט קיין שום מעגלעכקייט פאַר אַ ברייטערער קאָלאָניזאַציע. דער ברעג פון ים איז געדיכט באַזעצט און איז באַדעקט מיט פּרדסים סיי פון ייִדן און סיי פון אַראַבער. ס׳איז קוים צו גלויבן, אַז דווקא אין דער געגנט, וועלכע איז היינט די רייכסטע און אַמבעסטן אַנטוויקלטע אין לאַנד, זאָל זיין אַ האָפענונג, אַז די אַראַבער זאָלן זי פאַרלאָזן.

אָבער אויך דער עמק האָט כמעט נישט קיין גרויסע שטחים פאַר נייער קאָלאָניזאַציע. אין דעם טייל גליל פון צפת ביז עכו, וועלכער איז צוגעוואָרפן געוואָרן אַלס טרייסט־געלט פאַר דעם פאַרלוסט פון נגב — געפינט זיך איינער פון די בעסטע לאַנדווירטשאַפטלעכע ראַיאָנען פון אַראַבישן סעקטאָר, דווקא אין דעם טייל גליל געפינען מיר איינגעפונדעוועטע אַראַבישע דערפער און אַ העכערן ווילשטאַנד ביי די פעלאַכן.

דער איינציקער ליכט־שטראַל איז די קאָנצעסיע פון חולה, וועלכע איז געגעבן געוואָרן אויך אָן דער מלוכה, ווו ס׳קענען זיך באַזעצן, נאָך גרויסע און מיט אומגעהויערע הוצאות פאַרבונדענע אויסטריקענונגס־אַרבעטן — ביז 3.000 משפּחות אויף אינטענסיווער לאַנדווירטשאַפט.

איז צו וואָס דאַן דער גאַנצער אָנשטעל מיט „שטחים פאַר קאָלאָניזאַציע״ און „פאַרגרעסערונג פון דער באַפעלקערונג״, בעת דאָס לאַנד, וואָס דאַרף בילדן די ייִדישע „מלוכה״ איז באַזעצט און דווקא גוט באַזעצט? איבער 100 איינוווינער אויף איין קוואַדראַט קילאָמעטער וווינען שוין היינט אויף דעם געביט, וועלכער האָט אין זיך אויך די בערגיקע געגנט פון גליל, ווו ס׳זענען פאַראַן ביז גאָר מינימאַלע אויסזיכטן אויף אינטענסיווער קאָלאָניזאַציע. ווו זענען, אויב אַזוי, די מעגלעכקייטן, אויב נישט דער ווייטערדיקער אומגעזונטער אויסבוי פון גרויסע שטעט?

אויב מען רעדט שוין יאָ פון פרייער קאָלאָניזאַציע פאַר ייִדן, זאָל עס פאַרצייכנט ווערן, כדי דער שקר פון דער גאַנצער צעטיילונג זאָל נישט זיין פאַרדעקט, אַז דער עיקר אויסזיכט איז געווען אין נגב. דאָס איז אַ וויסטער שטיק ערד, וואָס פאַרנעמט איבער 12 טויזנט קוו. קילאָמעטער, ד״ה אַ העלפט פון גאַנץ ארץ־ישראל. דער דאָזיקער גרויסער שטח איז באַזעצט מיט גאַנצע 60.000 נפשות, דער עיקר וואַנדערנדיקע בעדויִנער. די געגנט איז פּאַקטיש אַ מדבר מיט גאָר קליינע אָאַזיסן.

קיין שום איניציאַטיוו פון אַראַבישע מלוכות וועט נישט קענען ווען עס איז צופּאַסן דעם דאָזיקן באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע. דאָס פאָדערט אויסערגעוויינלעכע קאַפּיטאַלן, טעכנישע פולקאָמקייט און אויסדויער.

אין די באַדינגונגען פון ארץ־ישראל האָט עס געלונגען נאָר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. דאָס צונעמען דעם נגב מיט זיינע ריזיקע אויפנעם־פעיִקייטן פון מענטשן אין דער צוקונפט, איז דערפאַר דער גרעסטער קלאַפּ. ער רויבט

אַוועק די איינציקע מעגלעכקייט, וועלכע איז נאָך באַשטאַנען אין ארץ־יש־ראל — דורך עקשנותדיקער אַרבעט, דורך אַ גוואַלדיקער אָנשטרענגונג, אַרויסצורייסן פון די נעגל פון דער טויטער נאַטור — אַ גרויסן שטח באָדן, וועלכער זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר אַ באַפעלקערונג פון הונדערטער טויזנטער.

דאָס איז דער גרעסטער פאַרלוסט, וואָס דאַרף ווערן אַמיינסטן באַקאַנט אין דער וועלט, ווייל אין אים ליגט דער שליסל פון איצטיקן וווקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד און דווקא אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפט.

דאָס איז דער גרעסטער פאַרלוסט, הגם שווערער, פון אַנדערע שטאַנד־פונקטן, איז דאָס אָפּרייסן אַ ריי פונקטן פון דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע, ווי דגניה, אפיקים, גשר.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָר אויף דער פראַגע פון שטח. מיר לאָזן דערווייל די פראַגע פון דער קאָנטריבוציע, פון אויסטויש פון באַפעלקערונג און אַנדערע פראַגעס. מיר רעדן נאָך היינט ווי פון אַ טייוולאָנישן פּלאַן, וואָס מ'גייט אונדז אָנוואַרפן. מאָרגן קען עס ווערן אַ שטיק ווירקלעכקייט.

דערפאַר, נאָך אידער וואָס, מוז קומען דער גרויסער אויסגעשריי אין דער וועלט צו דער אַרבעטערשאַפט, צו אַלע פּראָגרעסיווע קרייזן, צו די יידישע פאָלקס־מאַסן:

זאָל אייך נישט פאַרבלענדן דער „גלאַנץ" פון אַן אייגענער „מדינה"; די חלוקה באַדייט אַ שווערן קלאַפּ פאַר אַלץ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער קאָנצענטרירונג פון יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל.

„ניוועלט", תל־אביב, 16טער יולי 1937.

ז ר ב ב ל

# די „יידישע מלוכה" – קעגן אינטערעס פון די יידישע מאַסן

אַלע פייגנבלעטער זענען אַראָפּגעפאַלן און איצט זענען אַנטפּלעקט אין זייער פולער נאַקעטקייט די פּלענער פון גרויסבריטאַניע לגבי ארץ־ישראל. דער גרעסטער פאַרדינסט פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע שטעקט אפשר דערין, וואָס אין איר באַריכט ווערן נישט איבערגעחזרט די כל־ערליי „הומאַ־ניטאַרע" אַרגומענטן, וואָס האָבן געפירט כלומרשט זיינערצייט צו דער באַל־פור־דעקלאַראַציע.

פאַר די קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר זינט דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז פאָרגעקומען אַ גרינטלעכע ענדערונג נישט נאָר אין די כוחות־פאַרהעלטע־נישן פון דער וועלט בכלל, נאָר אויך אין ארץ־ישראל גופא. עס איז דאָ אויפן אָרט אויפגעקומען אַ נייער באַדייטנדיקער פאַקטאָר — דער ייִדישער ישוב. עס איז אויך צוגעקומען אַ פאַקטאָר אין אַראַבישן סעקטאָר פון לאַנד — די אַראַבישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וועלכע מען קען נישט און מען טאָר נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט.

סיי ייִדן און סיי אַראַבער אין ארץ־ישראל זענען איצט כוחות, וועלכע מען מוז נעמען אין אַכט בעת מען באַשטימט די פּאָליטיק פון אימפּעריאַליזם אין נאָענטן מזרח. איז געקומען די צייט צו רעווידירן אָט די פּאָליטיק אויפן פאָן פון דער געענדערטער סיטואַציע. דער ציל פון דער ענגלישער פּאָלי־טיק בלייבט נאַטירלעך אויך ווייטער דער זעלבער, וואָס פריִער — פאַר־פעסטיקן די מאַכט־פּאָזיציע פון בריטישן אימפּעריאַליזם אויפן נאָענטן מזרח; עס ווערן אָבער געמאַכט ענדערונגען אין דער פּאָליטיק, וואָס דאַרף רעאַלי־זירן אָט דעם אומפאַרענדערלעכן ציל.

בעת מ'האָט פּראָקלאַמירט די באַלפור־דעקלאַראַציע האָבן ייִדן נאָך זייער ווינציק פאַרמאָגט אין לאַנד סיי אין שטח און סיי איןווירטשאַפטלעכער באַ־דייטונג. איצט האָבן ייִדן צו באַוויזן אייגענע אויפטוען און דערגרייכונגען אויף אַלע געביטן פון שטאָטישער און לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע, אויפן געביט פון סאָציאַלער שאַפונג און געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזירונג.

פונדעסטוועגן רעדט איצט דער באַריכט אין זיינע ביידע עווענטואַלי־טעטן וועגן דער איינשרומפּונג פון די ייִדישע אַספּיראַציעס. וועגן פאַרשמע־לערן ביזן מיניִמום די מעגלעכקייט פאַר זייער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. אויב דער מאַנדאַט זאָל בלייבן ווי ביז איצט גילטיק, דאַרפן איינגעפירט ווערן שווידערלעכע גזירות קעגן דער ייִדישער איינוואַנדערונג און באָדן־קויף. דער־ביי ווערט אומפאַרשעמט אונטערגעשטראָכן, אַז דאָ דאַרף דאָמינירן נישט דער ווירטשאַפטלעכער, נאָר פּאָליטישער מאָמענט, וואָס זאָל צוימען דעם וווקס פון ייִדישן ישוב, אַ קנאַפּע איינוואַנדערונג, אָן דעם רעכט צו קויפן באָדן — וואָס פאַראַ אויסזיכטן האָט אַזאַ ישוב פאַר זיך אַליין און וואָס פאַר אַ ווערט האָט ער פאַר יענע מיליאָנען ייִדישע מאַסן, וועלכע האָבן שוין מיט לעבעדיקע פאַקטן דערוויזן זייער טיפע אָרגאַנישע צוגעבונדנקייט צום לאַנד?

דער באַריכט רוקט אַרויס אַ צווייטן פּלאַן: אָפּשאַפן דעם איצטיקן מאַנ־דאַט און אונטערטראָגן די ייִדן עכטע „פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט", אַן אייגענע „ייִדישע מדינה". אויך די מתנה זאָגט צו טויט, נאָר ס'איז „הומאַ־ניטאַרע" שחיטה, אַ מין מיתת־נשיקה. ס'ווערן אַרומגעשניטן גאַנצע טיילן פון דעם, וואָס ייִדן האָבן שוין אויפגעשטעלט אין לאַנד, אַזעלכע פּלעצער, ווי דגניה, בן שמן און חולדה, וואָס האָבן אין זיך איינגעזאַפּט נישט בלויז חלו־מות, נאָר שוויס און בלוט, העראָיִזם און מסירת נפש פון אַ גאַנצן דור, און דערמיט געוואָרן פעיִק צו שפּייזן דורות גאַנצע אויף שפּעטער, — זיי ווערן אומברחמנותדיק אויסגעשניטן פון ייִדישן ארץ־ישראלדיקן קערפּער, אָפּגערעדט שוין וועגן ירושלים, וועלכע איז צום לעבן אויפגעקומען נאָר אַ דאַנק דער ייִדישער איינוואַנדערונג, און אין צוזאַמענהאַנג מיט די אויסזיכטן פון ייִדישן ישוב צו ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. ירושלים מיט איר מערהייט ייִדישער באַפעלקערונג פון איבער 80 טויזנט ווערט אָפּגעהאַקט ברוטאַל פון ישוב! אַבי מען קען זיך רייצן מיט דער נייער „דערגרייכונג" — אַ ייִדישע מדינה! אַ מדינה, וואָס האָט נישט קיין אָרט, ווו אויסצושטרעקן אַ האַנט אָדער אַ פוס; אַ מדינה, וואָס זאָל זיך כסדר רייבן מיט אַ צווייטער אַראַבישער מדינה, וואָס דער באַריכט אַליין איז זיכער, אַז יענע וועט נישט זיין אימשטאַנד אַליין זיך צו שטעלן אויף די פיס און דעריבער וועט זי מוזן אָנקומען צו קצבה פון דער בריטישער מאַכט און צו קאָנטריבוציע פון דער ייִדישער מדינה; אַ ייִדישע מדינה אָן אויסזיכטן און מעגלעכקייטן פון אַנטוויקלונג און פון קענען נאָכקומען די באַדערפענישן פון די ייִדישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט, דערפאַר אָבער מיט פאַרפליכטונגען לגבי דער שכנותדיקער אַראַבישער מדינה, וועלכע וועט האַלטן אין קנעכטשאַפט ווי ביז איצט די ברייטע אַראַבישע מאַסן — דאָס מיינט, נישט לייזן און אַפילו נישט פאַרמינערן די קאָנפליקטן צווישן ייִדן און אַראַבער, נאָר זיי פאַרשאַרפן און פאַרטיפן און צוברענגען צו אייביקע קאַמפן, דאַן שוין מיט אייגענעם מיליטער און דיפּלאָ־מאַטישע פאַרשטייער און סוף כל סוף מיט דער אַריינמישונג פון לעצטן פוסק — דער בריטישער אימפּעריע.

דורך אָט דער ייִדישער מדינה וויל דער באַריכט מאַכן אַ סוף צו דער עקזיסטענץ פון ייִדישן פאָלק אַלס „מינדערהייט" און אָנהייבן אַ זעלבסטשטענ־

דיק ייִדיש לעבן פון אַ מלוכהשן פאָלק, ווענס בירגער האָבן די זעלבע רעכט, ווי די בירגער פון יעדער אַנדער מלוכה. פאַקטיש אָבער מאַכט די מדינה אַ סוף צו די אַלע שטרעבונגען פון די ייִדישע מאַסן צו פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט אין די ראַמען פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט.

קיינמאָל האָבן די ייִדישע מאַסן זיך נישט געיאָגט נאָכן פּייערווערק פון אַן אייגענער מלוכה. עס האָט זיי נישט געלאָקט דער אויסערלעכער גלאַנץ פון סתם מדינה פאַר־זיך. די שטרעבונג פון די ייִדישע מאַסן איז געווען אַ פּיל טיפערע: צו ווערן זעלבסטשטענדיק אויפן באָדן פון אייגענער ווירטשאַפטלע־כער טעטיקייט און שאַפונג; דאָס איז געווען דער דראַנג אומצושיכטן זיך און אַריינדרינגען אין אַלע צווייגן פון ווירטשאַפטלעכן לעבן; דאָס איז געווען דער אידעאַל צו פּראָדוקטיוויזירן דאָס ייִדישע לעבן און איבערבויען אים אויף דער באַזע פון אייגענער אַרבעט אין נייע סאָציאַלע פאָרמען, און אין ראַמען פון נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. ארץ־ישראל האָט געזאָלט זיין דער העכסטער אויסדרוק פון אָט די איבערשיכטונג־ און איבערבוי־פּראָצעסן, ווייל דאָ איז פאָרויסגעזען געווען די מעגלעכקייט, אַז די פּראָצעסן זאָלן זיך רעאַליזירן אין דער פאָרעם פון טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע. דער ייִדי־שער טעריטאָריאַלער אַרבעטס־צענטער אין ארץ־ישראל איז געוואָרן די פּאָליטישע לאָזונג און ווייטסטער אידעאַל פאַר די ייִדישע מאַסן, וועלכע האָבן געזוכט אומעטום צו איבעראָנדערשן זייער לעבן אויף נייע יסודות.

די לאָזונג פון טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער אין ארץ־ישראל איז אויפגעקומען פון דער ייִדישער מאַסן־נויט און פון דעם דראַנג צו לייזן ראַדיקאַל און גרינטלעך די אייגנאַרטיקע ייִדנפראַגע, די עקסטעריטאָריאַלי־טעט פון ייִדישן פאָלק.

נישט סתם אַ ייִדישע מדינה איז דער אידעאַל פון די, וואָס האָבן פאַר דער נייער אויפפאַסונג פון ייִדישן פּראָבלעם און פאַר זיין ראַדיקאַלער לייזונג געקעמפט העכער אַ דור אין דער ייִדישער און דער אינטערנאַציאָנאַלער אַר־בעטער־וועלט. פאַר דער צייט איז די נויט פון ייִדישן מאַסן־לעבן געשטיגן און אָנגענומען טראַגישע פאָרמען. די היטלער־משוגעת האָט אָנגעשטעקט אויך אַנדערע מלוכות. הונדערטער טויזנטער פון די ייִדישע מאַסן רייסן זיך צו אויסוואַנדערונג, מיליאָנען קעמפן און זענען גרייט צו קעמפן פאַר יעדן שפּאַן עקזיסטענץ און בינטל רעכט זייערע ווייטער אויף די ערטער. אָבער סיי פאַר ייִדן און סיי פאַר נישט־ייִדן דערשיינט איצט מיט אַלץ מער שאַרפקייט די וויכטיקייט און ריכטיקייט פון אַ טעריטאָריאַלער לייזונג פון דעם ייִדנפּראָבלעם.

דאָס האָט זיך באַשטעטיקט אַפילו אין לאַנד פון פּראָלעטאַרישער הער־שאַפט. קאַלינין איז אַרויס אין נאָמען פון דער אַרבעטער־מלוכה וועגן דער נייטיקייט צו „פאַרווירקלעכן דעם הייסן ווונטש פון ייִדישן פאָלק צו שאַפן אַן אייגן פאָטערלאַנד, צו בויען זיין אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור“, און דער־פאַר די פּראָקלאַמירונג פון בירא־בידזשאַן אַלס אויטאָנאָמער ייִדישער איינס. איצט איז געקומען ענגלאַנד און אויך זי פּראָקלאַמירט די וויכטיקייט פון אַ ייִדישער מדינה, אויך זי רעדט וועגן ייִדישער מלוכהשאַפט.

ביי די יידישע מאַסן איז נישטאָ דער מינדסטער אינטערעס צו באַהערשן עמעצן און אויסצובויען דעם אייגענעם אויפקום אויפן חשבון פון אַ צווייטן; פונקט אַזוי וועלן זיי זיך מיט אַלע כוחות אַנטקעגנשטעלן יעדן איינעם, וואָס וועט זיך וועלן אויפבויען אויף זייער חשבון. די פּלאַנירטע טל־ומטרדיקע „יידישע מדינה״ איז א״י האָט נישט אין זינען די אינטערעסן און נויטן פון די יידישן מאַסן, נאָר אויסשליסלעך די אינטערעסן פון ענגלישן אימפּע־ריאַליזם. זי וועט נישט זיין אימשטאַנד אין דער מינדסטער מאָס צו ענטפערן אויף דער רעאַלער און היסטאָרישער נויט פון די יידישע מאַסן און דערמיט גיט זי דעם שטאַרקסטן קלאַפּ דעם ווערק, וואָס האָט שוין דאָ געהאַט אַזאַ פעסטן ממשותדיקן אָנהייב. די איצט פּלאַנירטע „יידישע מדינה״ דערלאַנגט מיטן מעסער אין האַרצן די אָנשטרענגונגען פון די יידישע מאַסן און איז ווי אַ חוזק פון די אַלע קרבנות, וואָס זענען דאָ געבראַכט געוואָרן.

ס׳איז איבעריק צוצוגעבן, אַז אויך די אַראַבישע מדינה איז נישט אויסן די אינטערעסן פון די אַראַבישע מאַסן; זי וועט זיי ווייטער פאַרשקלאַפן צו זייערע פעאָדאַלע הערשער און איבערענטפערן אין רשות פון זייערע אויס־נוצער, זי וועט זיי אָפּרייסן פון דער געזונטער באַפרוכפּערנדיקער השפעה פון יידישן ישוב אין אַלע הינזיכטן פון פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג.

די פאַרעפנטלעכטע פּלענער פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע האָבן פעסט־געשטעלט דעם באַנקראָט פון דער ביז איצטיקער פּאָליטיק פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע און איר פירנדיקער פּאַרטיי — מפא״י. איצט קומען די אַגענץ און אויך מפא״י צו פּראָטעסטירן קעגן די פּלענער פון דער ענגלישער רעגירונג בנוגע די וויכטיקסטע לעבנס־נויטן פון די יידישע מאַסן פון היגן ישוב. איצט דערקלערן זיי, אַז די רעגירונג האָט קיינמאָל נישט געמאַכט אַפילו קיין ערנסטן פּרווו צו אַרבעטן אין גייסט פון מאַנדאַט און רעאַליזירן די באַלפור־דעקלאַראַציע. אַזאַ באַהויפּטונג פאַר זיך איז נישט גענוג. מען מוז מאַכן דעם געהעריקן פּאָליטישן אויספיר, נעמלעך, אַז די מאַנדאַט־פּאָליטיק האָט לכתחילה נישט געהאַט אין זינען די אינטערעסן פון די יידישע מאַסן און באַדייט נישט מער ווי אַ טריק, ווי אַ פּאָליטישן מאַנעוור, וועלכער איז נייטיק געווען דאַן, כדי אויסצונוצן פאַר זיך זייערע אַספּיראַציעס. פּונקט אַזוי איז איצט נישט מער ווי אַ מאַנעוור דער נייער פּלאַן, כדי אין עיקר אויסנוצן די רייף־געוואָרענע אַספּיראַציעס פון דער אַראַבישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג מיטן ציל צו פאַרפעסטיקן די אייגענע פּאָזיציעס אין אָנבליק פון דער קומענדיקער מלחמה.

היינט איז פאַר אַלעמען קלאָר דער באַנקראָט פון דער מפא״ישער פּאָ־ליטישער אָריענטיר־ליניע, וועלכע האָט געזוכט איינצורעדן דעם עולם, אַז מ׳קען און מ׳וועט מיט דער ברכה און הילף פון אימפּעריאַליזם אויפריכטן אַ סאָציאַליסטישע ארץ־ישראל; טאַקע דערפאַר האָט מען נישט געפּרווט ערנסט און אויפריכטיק פירן אַ רעאַלע פּאָליטיק פון פאַרשטענדיקונג און צוזאַמענאַרבעט מיט די אַראַבישע מאַסן.

עס מוז געמאַכט ווערן אַ סוף צו דער פאַלשער פּאָליטיק. אַוודאי זענען דאָ געשאַפן געוואָרן גרויסע אויפטוען אויפן עקאָנאָמישן געביט. אָבער פּונקט

ווי ס'האָט קיין זין נישט קיין פּאָליטישער קאַמף, אויב ער איז נישט געשטיצט אויף ווירטשאַפטלעכע דעראָבערונגען און פאַקטן, — פּונקט אַזוי פאַרלירט יעדע ווירטשאַפטלעכע דעראָבערונג איר ווערט און באַדייטונג, אויב זי ווערט נישט באַגלייט און פאַרבונדן מיט פּאָליטישן קאַמף. רוטענבערגס עלעקטריפיקאַציע־אונטערנעמונגען און נאָוואָמייסקיס אויפטו ביים ים־המלח ווערן מיט איין פעדער־שטריך אויסגעשטראָכן פון יידישן נאַציאָנאַלן באַזיץ דאָ צוליב פרעמדע פּאָליטישע אויסרעכענונגען.

דאַרף אויפגעהויבן ווערן אַ מאַסן־באַוועגונג אין יידישן פאָלק און דורך דעם אויך אין דער נישט־יידישער וועלט, פאַר די רעכט און מעגלעכקייטן פון די יידישע מאַסן אויפצוריכטן זייער אַרבעטס־לעבן אויף געזונטע סאָציאַלע יסודות אין זייערע נאַציאָנאַלע ראַמען, דאָ אין ארץ־ישראל — אין זייערע נאַציאָנאַל־טעריטאָריאַלע ראַמען. דאָס איז בשום אופן נישט אין סתירה צו די אינטערעסן פון די אַראַבישע מאַסן, וועלכע וועלן קענען בויען אויף אייגענער אַרבעט אויך נאָר אין אַ נישט־געטיילטן פרייען לאַנד.

דאָס מיינט נישט פּאַסיוו צוקוקן און אָפּוואַרטן. דאָס מיינט: פאָרזעצן די אַרבעט מיט אַלע כוחות; דאָס מיינט: קעמפן פאַר יעדן שפּאַן ערד און רעכט. דאָס מיינט אָבער גלייכצייטיק: זיך פאַרבינדן אין רעאַלן לעבן מיט די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן, מאַכן אַ סוף צו דער פאַלשער פאַרברעכערישער פּאָליטיק פון אָפּזונדערונג און שאָוויניסטישער איזאָלאַציע; דאָס מיינט: געווינען די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטערשאַפט פאַר דעם אמת פון אונדזער ווערק.

„נייוועלט", תל־אביב, 16טער יולי 1937.

נתן בוקסבוים

# דער „בונד״ און די יידישע מלוכה

„דאָס ייִדישע פאָלק דאַרף האָבן אַ טעריטאָריע — אָט דער פּשוטער און קלאָרער געדאַנק האָט פאַר דער לעצטער צייט זיך אָנגעהויבן ברייט פאַרשפּרייטן אין דער ייִדישער געזעלשאַפט״, — אַזוי האָט געשריבן אין „אונדזער פלאַטפאָרם״ מיט העכער דריי צענדליק יאָר צוריק בער באָראָכאָוו.

יאָ, דער „פּשוטער און קלאָרער געדאַנק״ וועגן דער נויטווענדיקייט פון טעריטאָריאַלער לייזונג פון דער ייִדנפראַגע, האָט שוין זינט צענדליקער יאָרן אָנגענומען די פאָרעם פון אַ באַוווסטזיניקער פּראָפּאַלעסטינישער באַוועגונג, וועלכע האָט אַרומגענומען וואָס ווייטער אַלץ ברייטערע מאַסן.

אָבער עס האָט זיך געפונען אויף דער ייִדישער גאַס אַ פּאַרטיי, וועלכע איז ביז דער לעצטער מינוט, ביזן איצטיקן מאָמענט, פרעמד און פיינטלעך געווען דער לאָזונג פון אַ ייִדישער טעריטאָריע. די דאָזיקע פּאַרטיי, פאַר וועלכער דער געדאַנק פון אַ ייִדישער טעריטאָריע איז גאָר נישט געווען „פּשוט און קלאָר״, וועלכע האָט פיר צענדליק יאָר פאַרלוירן אויף צו באַקעמפן אָט דעם געדאַנק — איז: דער „בונד״.

צוויי הויפּט־אַרגומענטן פלעגט דער „בונד״ אַרויסרוקן אין קאַמף קעגן טעריטאָריאַליזם, קעגן פּאַלעסטיניזם:

ערשטנס: דער קאַמף דאָ לאָזט זיך נישט פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַר אַ טעריטאָריע, פאַר פּאַלעסטינע. דער קאַמף פאַר דאָרט שטערט און שוואַכט אָפּ דעם קאַמף דאָ.

צווייטנס: דער געדאַנק וועגן אַ ייִדישע טעריטאָריע, וועגן ייִדישער מלוכהשקייט, איז אַן אוטאָפּיע.

ביידע אַרגומענטן האָט דאָס לעבן דעמאַסקירט אַלס פאַלשע. אין ליכט פון דער ייִדישערווירקלעכקייט האָבן די ביידע וויכטיקסטע טענות פון „בונד״ קעגן דעם טעריטאָריאַליזם, קעגן פּאַלעסטיניזם שענדלעך באַקראַטירט!

אין דער זעלבער „אונדזער פּלאַטפאָרם״ האָט באָראָכאָוו געשריבן:

„די ייִדישע פּראָלעטאַריער לעבן דאָ און קעמפן דאָ פאַר זייערע טאָג־טעגלעכע נויטן. צווישן די דאָזיקע פאַרשיידענע נויטן דאָ געפינט זיך אויך די

טאָג־טעגלעכע פאַרינטערעסירטקייט אין דער פרייהייט פון איינוואַנדערונג, אין דעם אומגעשטערטן אַריינפאָר דאָרט (אין פּאַלעסטינע) און אין דער לעבנס־מעגלעכקייט דאָרט... לויט די געזעצן פון דעם סטיכישן פּראָצעס איז אַלץ לייכטער צו באַקומען פרייהייט דאָרט, וואָס פרייער און פולבאַרעכ־טיקטער עס איז דאָס לעבן דאָ און וואָס מער פרייהייט דאָרט, אַלץ מער רעאַלע גאַראַנטיעס באַקומען אונדזערע רעכט דאָ".

צי דאַרף מען היינט, 33 יאָר נאָך דעם, ווי באָראָכאָוו האָט די ווערטער געשריבן, דערווייזן, אַז נאָר די דאָזיקע שטעלונג און נישט די שטעלונג פון „בונד" איז געבליבן גערעכט אין דעם שטרייט, צי עס איז דאָ אַ סתירה צווישן דעם קאַמף דאָ און דעם קאַמף פאַר און אין פּאַלעסטינע?! לאַנגע יאָרן האָט זיך דער „בונד" געוועֶרט מיט הענט און פיס קעגן אָנערקענען די טאַטזאַך, אַז אין דעם קאַמף דאָ שפּילט אַ זייער גרויסע ראָל די פראַגע פון באַפרידיקן די באַזונדערע באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן אין אַ ברייטער עמיגראַציע. לאַנגע יאָרן האָט ער אַרויסגערוקט קעגן יעדן, וואָס האָט די פראַגע געשטעלט, די טענה, אַז דורך דעם ווערט אָפּגעווענדעט די אויפ־מערקזאַמקייט פונעם קאַמף דאָ, אין די ביז איצטיקע לענדער פון יידישע מאַסן־ישובים. אָבער דאָס לעבן האָט געבראָכן בהדרגה דעם ווידערשטאַנד פון „בונד". עס ווערט דורך דעם בונדישן פּראָפּ. אַפּאַראַט געשאַפן אַן עמי־גראַציע־ביוראָ, וואָס דאַרף די יידישע אַרבעטער דערווייזן, אַז דער „בונד" האָט כלומרשט פאַרשטענדעניש פאַר דער גרויסער עמיגראַציע־נויט פון דער יידישער מאַסע. קיין גרויסן ווערט האָט נישט די אַרבעט פון דעם בונדישן „עמיגראַציע־ביוראָ", ווייל עס פעלט אים סיי דער ריכטיקער צוגאַנג צו זיינע אויפגאַבעס, סיי וועלכע נישט איז פּערספּעקטיוון. זיין שאַפונג באַדייט אָבער אַן ערנסטן שריט צו דער קאַפּיטולאַציע פון „בונד" אויף איינער פון יענע פּאָזיציעס, וועלכע ער האָט במשך פון אַזוי פיל יאָר עקשנותדיק און פאַרביסן פאַרטיידיקט. דאָס לעבן האָט אין גיכן געצוואונגען דעם „בונד" ווייטער נאָכציגעבן. אין יאָר 1935 (דעם 17טן מאַי) האָט איינער פון די אָנגעזע־ענסטע בונדישע פירער, הענריק ערליך, געשריבן אין דער „פאָלקסצייטונג": „דאָ זענען פאַראַן צענדליקער טויזנטער... וואָס זענען גרייט צו לויפן, ווו די אויגן קוקן, כדי זיך צו ראַטעווען". „אַפילו אַ באַגרענעצטע עמיגראַציע־מעגלעכקייט איז ביי היינטיקער פאַרצווייפלטער לאַגע פון די יידישע מאַסן אַ זאַך, וואָס מוז באַגריסט ווערן".

אָט אַזוי האָט דער „בונד" נאָך קנאַפּע 4 צענדליק יאָר אָנגעהויבן צו פאַרשטיין באָראָכאָווס ווערטער, אַז „צווישן די... פאַרשידענע נויטן דאָ געפינט זיך אויך די טאָג־טעגלעכע פאַרינטערעסיטקייט אין דער פרייהייט פון איינוואַנדערונג". אָט אַזוי האָט עס די פירער פון „בונד" אָנגעהויבן אַריינצילייכטן אין קאָפּ, אַז דאָס באַשעפטיקן זיך מיט דער פראַגע פון עמיגראַציע ציט נישט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פונעם קאַמף דאָ, נאָר פאַר־קערט עס איז אַ מוז אינעם אינטערעס פון דעם יידישן אַרבעטער־קאַמף דאָ!

די ברייטע יידישע מאַסן האָבן דאָס שוין אַ סך פריער פאַרשטאַנען, איידער דער „בונד" (און די „יעווסעקציע"). עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, וואָס

מערער די מאַסן האָבן זיך אונטער דער ווירקונג פון פּאַלעסטיניזם אַריינגעצ־
טראָכט אין די מיטלען צו לייזן די נאַציאָנאַלע יידישע פּראָגע, אַלץ מערער
איז געוואַקסן זייער עקשנות אין קאַמף פאַר די רעכט דאָ אין לאַנד! שטרעבנ־
דיק צו לייזן אין וואָרצל זייערע נויטן און פּראָבלעמען דורך דערגרייכן
די טעריטאָריאַלע קאָנצענטראַציע אין פּאַלעסטינע, האָבן די יידישע מאַסן
פאַרשטאַנען, אַז אין אַ גאָר גרויסער מאָס איז דער דערפאָלג פון דער דאָזי־
קער שטרעבונג אָפּהענגיק פון זייער וואַכזאַמקייט, קאַמפּספּעיקייט און מאַכט־
פּאָזיציעס דאָ.

עס איז צוגעקומען אויך די דערפאַרונג פונעם ראַטנפאַרבאַנד. עס האָט
זיך דאָרט באַשטעטיקט, אַז די גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידישע מאַסן און
זייער פּראָדוקטיוויזירונג אויפן אָרט לייזט נישט ראַדיקאַל די יידנפראַגע,
אויב זי ווערט נישט געבונדן מיט דער איבערוואַנדערונג אין אַן אָרט, ווו עס
קען אויסגעבילדעט ווערן אַ טעריטאָריאַלער צענטער, די זיכערונג פון
מלוכהשער עקזיסטענץ־פאָרם פונעם יידישן פאָלק.

נישט קיין בעסערן גורל האָבן געהאַט די טענות פון „בונד" וועגן דער
„אויטאָפּישקייט" פונעם טעריטאָריאַליזם. אַ שווערן קלאַפּ האָט דער אַרגומענט
געליטן שוין אין יאָר 1928, ווען מען איז אין ראַטנפאַרבאַנד צוגעטרעטן
שאַפן אין בירא־בידזשאַן אַן אויטאָנאָמען איינס פאַר די יידישע מאַסן פונעם
ראַטנפאַרבאַנד. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די פולע לייזונג פון דער
יידנפראַגע איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען מען גיט די יידישע מאַסן די מעג־
לעכקייט צו קאָנצענטרירן זיך אויף אַ טעריטאָריאַלן אופן און אויסצוגלייכן
זיך מיט אַלע אַנדערע פעלקער דורך דער אויסבילדונג פון אַ טעריטאָריאַל־
אויטאָנאָמער באַזע פאַר זייער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ.

בירא־בידזשאַן האָט אונטערגעגראָבן דעם יסוד סיי פונעם יעווסעקישן
און סיי פונעם בונדישן אַנטי־טעריטאָריאַליזם. איז דאָך בירא־בידזשאַן טויזנ־
טער קילאָמעטער ווייט פון די יידישע ישובים אין ראַטנפאַרבאַנד און עס
קען אויפשטיין נאָר דורך דער אויסוואַנדערונג (איבערוואַנדערונג) פון די
יידישע מאַסן פון זייערע וווין־געגנטן. פון דער אַנדערער זייט איז געווען
גענוג צו פאַרגלייכן די אומגעהויער פּאַמעלעכע אַנטוויקלונג פון בירא־בי־
דזשאַן (וועלכע האָט כסדר געקרייצט די פעסטגעשטעלטע פּלענער) מיט דעם
שטורמישן טעמפּ פונעם אויפשטייג פונעם נייעם יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע
און דער עמיגראַציע אַהין, כדי זיך צו איבערצייגן, אַז אין פּאַלעסטינע ווערט
דורכן אַריינדרינגען פון די יידישע מאַסן אַהין אַלץ מערער אויסגעפורעמט
דער באָדן פאַר אַ יידישן טעריטאָריאַלן צענטער.

אָבער אַ טויטקלאַפּ האָט געליטן דער בונדישער אַנטיפּאַלעסטיניזם
איצט, ווען ס'איז פאַרן פאָרום פון דער וועלט־פּאָליטיק אַרויסגערוקט געוואָרן
דער פאָרשלאַג פון אַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע.

מיר וועלן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין באַלויכטן די מאָטיוון און כוונות
פון ענגלאַנד ביים פּראָקלאַמירן דעם געדאַנק פון אַ יידישער מלוכה אין
פּאַלעסטינע. עס איז גענוג אונטערצושטרייכן די שנאה, מיט וועלכער ענגלאַנד
האָט זיך כסדר באַצויגן צו דער יידישער איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע,

כדי צו פאַרשטיין, אַז דער געדאַנק פון דער ייִדישער מלוכה אין ארץ־ישראל איז ענגלאַנד אָנגעוואָרפן געוואָרן. זי איז צו אים געצווונגען געוואָרן דורך דער גרויסן וווקס און שטאַרקן כוח פונעם נייעם ייִדישן ישוב אין פּאַלעסטינע און דעם מעכטיקן דרוק פון דער פּראָפּאַלעסטינישער באַוועגונג ביי די ייִדישע מאַסן, וועלכע איז אויסגעוואַקסן צו אַ רעאַלן פאַקטאָר אין דער וועלט־פּאָליטיק, געווינענדיק שטאַרקע סימפּאַטיע אויך אין דער נישט־ייִדישער פּראָגרעסיוו־פּראָלעטאַרישער וועלט.

מעג ענגלאַנד שטרעבן דעם דראַנג פון די ייִדישע מאַסן צום טעריטאָ־ריאַלן ייִדישן צענטער, צו ייִדישער מלוכהשקייט אין פּאַלעסטינע, צו פּאַר־קריפּלען, דער געדאַנק גופא וועט שוין מער פון דער וועלט־פּאָליטישער אַרענע נישט אַראָפּגיין. די ייִדישע טעריטאָריע אין פּאַלעסטינע — במשך פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן אַ פּאָליטישע לאָזונג און שטרעבונג פון די מאַסן — האָט אָנגע־נומען קאָנקרעטע רעאַלע פאָרמען!

עס האָט זיך געענדיקט די דיסקוסיע, צי איז מעגלעך דער טעריטאָריאַ־לער ייִדישער צענטער אין פּאַלעסטינע. עס האָט אַ סוף גענומען צו דער בונדישע לעגענדע וועגן דער „אוטאָפּישקייט" פונעם פּאַלעסטיניזם! די לעצטע אַנטיפּאַלעסטינישע פּאָזיציע פון „בונד" איז געבראָכן! די לאַנגיאָריקע מלחמה צווישן „בונד" און פּאַלעסטיניזם האָט זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקער מפּלה פון „בונד".

די פירער פון „בונד" פילן עס, אָבער זיי פעלט אויס מוט און חשק זיך מודה צו זיין אין דעם. כאַפּן זיי זיך אָן אין יעדן שטרויעלע, וואָס קומט זיי אונטער די הענט, כדי זיך ווייטער צו קענען האַלטן אויף דער אויבערפלאַך פונעם באַנקראָטירטן אַנטי־פּאַלעסטיניזם. שרייבט הענריק ערליך אין דער „פאָלקסצייטונג" פונעם 9 ה. ח.: „רעכענען אויף אַ ממשותדיקער אויסלענדי־שער עמיגראַציע איז אַבסאָלוט אומעגלעך".

די אויפנאַמספּעיִקייט פון דער ייִדישער מלוכה אין די גרענעצן וועלכע ענגלאַנד צייכנט איצט אָן, איז נישט אַזאַ קליינע, ווי הענריק ערליך וויל איינרעדן זיינע לייענער און אָנהענגער. אַפילו אין די דאָזיקע גרענעצן איז דאָ אָן אָרט פאַר הונדערטער טויזנטער ייִדישע איינוואַנדערער בפרט, ווען דאָס לאַנד וועט זיך אַ דאַנק דער ייִדישער אַרבעט און איינוואַנדערונג ווייטער אַזוי אַנטוויקלען, ווי ביז אַצינד. וואָלט ה. ע. געוועזן פעיִק צו באַפרייען זיך פון זיין פיינטשאַפט צום פּאַלעסטיניזם, וואָלט ער דערמאָנט זיינע ווערטער: „אַפילו אַ באַגרענעצטע עמיגראַציע־מעגלעכקייט איז... אַ זאַך, וואָס מוז באַגריסט ווערן"...

און ווער האָט עס געזאָגט, אַז אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג וועט בלייבן די איצטיקע בייזוויליקע דעציזיע פון ענגלאַנד מכוח צעטיילן פּאַ־לעסטינע?! צי האָט נישט דער דרוק פון די ייִדישע מאַסן שוין ביז אַצינד געבראָכן פיל גזירות מצד ענגלאַנד אין פּאַלעסטינע?! צי מיינט ערליך, אַז די בורזשואַזע ענגלישע רעגירונג וועט אייביק רעגירן, און אַז דער ייִדישער אַרבעטער וועט נישט געפינען אַ וועג צו פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבישע מאַסן און פּאַראַליזירן די אימפּעריאַליסטישע אינטריגעס פון ענגלאַנד און

אויסמעקן די גרענעצן, וועלכע ענגלאַנד באַשטימט אַצינד? צי האָט טאַקע ערליך אויך אַצינד נישט באַוויזן צו פאַרשטייך, ווי גרויס און שטאַרק עס איז דער כוח פון דער פראָפּאַלעסטינישער באַוועגונג?!

שנאה מאַכט בלינד — זאָגט אַן אַלט ווערטל. עס איז די העכסטע צייט, אַז די פירער פון „בונד" זאָלן זיך באַפרייען פון „שנאת־ציון" און ווערן זעעוודיק...

ווען נישט די אַנטיפּאַלעסטינישע פאַרבלענדונג ביים „בונד", וואָלט ער מן הסתם געקענט משיג זיין, אַז די שאַפונג פון אַ יידישער מלוכה אין פּאַ־לעסטינע מוז הייבן דעם אָנזען פון די יידישע מאַסן אין דער גאַנצער וועלט, צוגעבן זיי, טראָץ אַלע כוונות מצד ענגלאַנד, מוט, אויסדויער און עקשנות אין זייער קאַמף פאַר די רעכט אין אַלע איבעריקע לענדער. אַ פאָלק, וואָס פאַרמאָגט, ווי אַלע פעלקער, אַ טעריטאָריע, מוז האָבן גרעסערע שאַנסן אין קאַמף פאַר זייך עקזיסטענץ און זיינע רעכט אין אַנדערע לענדער. אָט דאָס איז דער פּאָזיטיווער זין פונעם פּאַלעסטיניזם!

„אַרבעטער־צייטונג", נומ' 29, וואַרשע, 16טער יולי 1937.

יוסף ראָזען

# מיטן גלויבן אין אַנדזערע כוחות

ערשט סך־הכּל מיט אַ יאָר צוריק איז בן־גוריון געשטאַנען אויף דער טריבינע פון דער מיועצת ההסתדרות און דערקלערט בוכשטעבלעך אַזוי:

„ווען מ׳וואָלט אונדז פאָרגעלייגט אַ יידישע מדינה פון ביידע זייטן ירדן מיטן תנאי, עס זאָלן נישט איינוואַנדערן אין לאַנד מער ווי אָנדערטהאַלבן מיליאָן יידן — און אָנדערטהאַלבן מיליאָן יידן זענען דאָך געווען אויף צו ווערן אַ מערהייט אויף ביידע זייטן ירדן און דורכדעם צו בילדן אַ יידישע מדינה — וואָלט אונדזער פליכט געווען אָפּצוואַרפן אַזאַ פאָרשלאַג. אויב מיר זענען געטריי דעם יידישן פאָלק און זיינע דערלייזונגס־באַדערפענישן...“

ווייל, האָט ער געזאָגט, „אַ יידישע מדינה פון אָנדערטהאַלבן מיליאָן יידן, וואָס טאָר נישט אָדער וויל נישט אַריינברענגען מער יידן אין לאַנד — איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ פאַרקריפּלונג פון ציוניזם“.

היינט שטייט דער זעלבער בן־גוריון אויף דער טריבונע פון ציוניס־טישן קאָנגרעס אין ציריך און קעמפט מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט און פּאַטאָס, וואָס ער פאַרמאָגט, פאַר אַ יידישער מדינה אין אַ קליינעם בריכטייל פון ארץ־ישראל; פאַר אַ יידישער מדינה, וואָס נישט זי וועט נישט טאָרן אָדער נישט וועלן, נאָר זי וועט נישט קענען אַריינגעמען מער ווי אָנדערטהאַלבן מיליאָן יידן. האָט ער דען אויפגעהערט צו זיין געטריי דעם יידישן פאָלק און זיינע דערלייזונגס־באַדערפענישן? חס וחלילה! ער האָט אָבער פאַרלוירן פון אונטער די פיס דעם באָדן, אויף וועלכן ער האָט געשטיט — די אַריענטאַציע אויף ענגלאַנד אַלס זיכערן שותף — מוז ער היינט קעמפן פאַר דעם, וואָס ער אַליין האָט נעכטן דערקלערט פאַר אַ פאַרקריפּלונג פון ציוניזם.

איז איצט אין זייער אייפער פאַר דער יידישער מדינה נישטאָ קיין באַגייסטערונג, נאָר רעזיגנאַציע פון לית־ברירה, און מיט זייער רעזיגנאַ־ציע־שטימונג ווילן זיי אָנשטעקן דאָס פאָלק. זיי ווילן אים געווינען פאַר דער הלוקה נישט אַזוי ווייט מיטן גלאַנץ פון דער יידישער מדינה, ווי מיט דער דראָונג, אַז אויב נישט — וועט אַלץ צוגרונט גיין. זיי אַפּעלירן

צו אים אין נאָמען פון שוואַכקייט. זיי ווילן אים איבערצייגן אין זיין אָנמעכטיקייט. און דאָס איז זייער גרעסטער פאַרברעכן.

איז טאַקע לית־ברירה? מיר לייקענען דאָס אָפּ! כאָטש מיר גיבן זיך גאַנץ גוט אָפּ אַ דין־וחשבון, ווי שווער עס וועט זיין דער געראַנגל. שוואַכע, ווי מיר זענען, האָבן מיר וווּנדער באַוויזן, און ס׳אַ ליגן, אַז וואָס מיר האָבן אויפגעטון אין דעם לאַנד פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר, האָבן מיר עס אויפגעטון אַ דאַנק ענגלאַנד, — מיר האָבן אַלץ געשאַפן טראָץ דער ענגלישער מאַכט, וואָס האָט געשטערט, שיקאַנירט, אינטריגירט, געשטיקט. געטראָגן אויף די כוואַליעס פון יידישער מאַסן־נויט און באַפליגלט מיטן גלויבן אין אונדזער צוקונפט, זענען מיר געשטיגן, געוואַקסן און זיך פאַרוואָרצלט אין לאַנד. און מען וועט אונדז שוין נישט דערשטיקן! באַפרייטע פון דעם פאַרפירערישן גלויבן אין די גוטע כוונות פון די אימפעריאַליסטישע הערשער, קענען מיר אויפהערן צו זיין אַן אָביעקט אין דעם שפּיל צווישן אימפעריאַליזם און אַראַביש־פעאָדאַלער רעאַקציע. מיר קענען ווערן אַ ווירקנדיקער פּאָליטישער פאַקטאָר, וואָס זאָל ברענגען אויך צו אַן איבערגרופּירונג פון די כוחות אין דעם דרייעק: יידן — אַראַבער — ענגלענדער.

**
*

היינט רעדט מען אין ציריך גאָר אַ סך וועגן יידיש־אַראַבישער פאַרשטענדיקונג. פריער, אַז מיר האָבן כסדר געוואָרנט, געפאָדערט, געמאָנט, האָט מען אונדז פּראָסט־פּשוט אויסגעלאַכט, ווי מענטשן, וואָס האָבן זיך אַריינגענומען אַן אידייע־פיקס אין קאָפּ. נאָך אויפן ראַט פון דער הסתדרות פאַרן סאַמע אויסברוך פון די געשעענישן, ווען מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אין דער גאַנצער שאַרפקייט די פראַגע פון די יידיש־אַראַבישע באַציִונגען, האָט אַ פירער פון מפא״י געענטפערט: מיר האָבן דרינגנדיקערע דאגות...

איצט פּועלט ביי זיך איינער פון זיי אין ציריך אַזוי גלאַטיק אַ זאָג צו טון: אַלע וועגן האָבן צו גאָרנישט געפירט, נישט „ארגון משותף״ און נישט אַלע אַנדערע מיטלען — בלייבט נאָר די חלוקה. האָט מען דען געפּרוּווט דעם „ארגון משותף״ און ס׳איז נישט געלונגען? מ׳האָט דאָך נישט געוואָלט דערפון הערן! אַנשטאָט דעם האָט מען גערעדט וועגן „תוצרת עברית״ (נישט קויפן הלילה ביי אַן אַראַבישן פעלאַך אַ ביסל גרינס) און „הונדערט פּראָצענט יידישע אַרבעט״. צוליב אַ צווייפלהאַפטן נוצן אויף אַ ווייל, האָט מען פאַרסמט די אַטמאָספער אויף מייל. יאָ, מ׳איז געפאָרן קיין זשענעווע פירן אונטערהאַנדלונגען מיט... שאקיב ארסלאן. דער ריכטיקער אַדרעס! אָבער דעם אַראַבישן אַרבעטער, דעם פעלאַך, האָט מען נישט בלויז נישט דערנענטערט — אָפּגעשטויסן האָט מען זיי בידים. און געווען דאָך אַ צייט, ווען אַפילו פון ריין־אַראַבישע שטעט, ווי מעדזשדאל, אָדער נצרת, צי שכם, זענען אַראַבישע אַרבעטער געקומען צו דער הסתדרות און זיך געבעטן: העלפט אונדז אָרגאַניזירן זיך! האָט מען מורא געהאַט אַז אויב „ארגון משותף״, וועט מען דאַרפן זיך טיילן מיט אַרבעט (וועלכע ס׳האָט אין דער אמתן גאָר

פאַרטיילט דער פרדסן לויט זיין איינזען) — נו, דאַרף מען איצט טיילן דאָס לאַנד. מ׳האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט מען צוליב פאַרשטענדיקונג מיט אַראַבישע אַרבעטער און פעלאַכן דאַרפן מקריב זיין אַן אַרבעטס־פלאַץ אין אַ פרדס — איצט איז מען גרייט מקריב צו זיין נישט בלויז „עד חצי המלכות״, נאָר אָפזאָגן זיך פון פיר פינפטל פון ארץ־ישראל. אלה תולדות „רעאַל־פּאָליטיק״.

**
*

נישט ווייל מיר זענען שוואַך לייגט מען אונדז פאָר דעם פּראָיעקט פון דער ייִדישער מדינה, נאָר ווייל מען ווייסט ווי שטאַרק מיר זענען שוין אויס־געוואַקסן און וויפל פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פון וווקס מיר פאַרמאָגן.

דעריבער קומט דער „הבה נתחכמה״; דעריבער וויל מען אונדז אַריינ־שפּאַרן אין אַ סדום־בעטל.

די אַלטערנאַטיוו איז נישט: חלוקה אָדער די „פּאַליאַטיוון״ פון דער קע־ניגלעכער קאָמיסיע. די אַלטערנאַטיוו איז: רעזיגנאַציע אָדער קאַמף פאַר אונדזער פרייהייט, פאַר די ברייטסטע אויסלייזונגס־מעגלעכקייטן. מיר ווייסן ווי שווער ס׳וועט זיין דער געראַנגל. מיר ווייסן, אין וואָס פאַראַ פינצטערער צייט עס קומט אונדז אויס דעם קאַמף אויפצונעמען: אין אַ צייט ווען די שענסטע שטרעבונגען פון דער מענטשהייט ווערן געטרעטן פון ברוטאַלע פיס. אָבער לגבי דעם צווייטויזנטיעריקן מאַרטירערטום פון אַ פאָלק איז עס נישט מער ווי אַ צייטווייליקע קאָניוקטור. און צוליב אַ שלעכטער צייטווייליקער קאָניוקטור רעזיגנירט נישט אַ פאָלק פון זיינע פרייהייטס־שטרעבונגען.

מיר גלויבן אין דעם כוח פון אַרבעטנדיקן ייִדישן ישוב אין לאַנד, וואָס קען שוין היינט צו טאָג אויסשטיין אַ פייער־פּראָבע. מיר גלויבן, נאָך אַלעמען און טראָץ אַלעמען, אין דער מעגלעכקייט פון פאַרשטענדיקונג צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן פוןביידע פעלקער אין לאַנד. מיר גלויבן אין די כוחות פון די מיליאָנען ייִדישע מאַסן אין דער וועלט, וואָס קענען מיט דער קראַפט פון זייער נויט און האָפענונג דורכברעכן צוימען און צונישט מאַכן גזירות... מיר גלויבן אין די באַפרייונגס־כוחות פון דער מענטשהייט, וואָס זיי וועלן סוף כל סוף האָבן צו דעצידירן וועגן גורל פון פעלקער און לענדער. דאָס באַדייט נישט וואַרטן אויף „והיה באחרית הימים״, נאָר טאָג־איין טאָג־אויס קעמפן, כדי דעם „באחרית הימים״ צו דערנענטערן.

געשטיצט אויף דעם גלויבן, רופן מיר צום קאַמף פאַר אונדזערע פולע רעכט און נישט רעזיגנירן, נישט לאָזן זיך באַהערשן פון די דעפעטיסטישע שטימונגען.

„ניוועלט״, תל־אביב, 13טער אויגוסט 1937.

# דערקלערונג

## פונעם 8טן צוזאַמענפאָר פון פועלי־ציון אין ארץ־ישראל וועגן חלוקה־פּלאַן

**דער שווערער פּאָליטישער קריזיס, וועלכן ארץ־ישראל** לעבט איבער זינט צוויי יאָר, אַ דאַנק דער דירעקטער שולד פון דער אימפּעריאַליסטישער מאַנדאַט־מאַכט אין איר פּרווו אויסצונוצן די נאַציאָנאַלע קעגנזאַצן אויף צו פאַרפעסטיקן איר מאַכט און השפעה אין נאָענטן מזרח, קעגן די פּרוּוון פון איטאַליענישן פאַשיזם צו ווערן דער צענטער פון אַראַבישע פּאָליטישע סימ־פּאַטיעס — ווערט אַלץ מער פאַרצויגן. דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האַלט זיך פעסט ביי זיין נאַטירלעכן פאַרבינדעטן — די עפענדישע רעאַקציע — און לאָזט איר איבער, ווי ווייט מעגלעך פרייע הענט צו באַהערשן דורך גוואַלט און טעראָר די אַראַבישע עפנטלעכקייט, אויסרעכענענדיק, אַז דער דאָזיקער פאַרבינדעטער וועט אין געגעבענעם מאָמענט העלפן דורך זיין דרוק צו פאַר־ווירקלעכן די פּאָליטישע פּלענער פון ענגלאַנד אין פאַל פון אַ וועלט־מלחמה. דער כוח פון דעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל, דער דרוק פון דער ייִדישער מאַסן־נויט אין דער וועלט, און די פאַרשאַרפונג פון דער ייִדנפראַגע אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס האָט די דאָזיקע פראַגע פאַרוואַנדלט אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָבלעם, דערלויבט אָבער נישט צו ליקווידירן פול־שטענדיק דעם אָנהייב פון ייִדישער טעריטאָריאַלער קאָנצענטרירונג, און ענגלאַנד מוז אָנקומען צו פּשרות, אָבער אַזעלכע, וואָס זאָלן פאַקטיש נאָר פאַרשטאַרקן איר מאַכט. אַזוי אַרום איז געבוירן געוואָרן דער פּלאַן פון דער טיילונג, וואָס זאָל צעשניידן דאָס לאַנד אין דריי חלקים: אַ ייִדישער, אַן אַראַ־בישער און אַ מאַנדאַט־לאַנד, אין וועלכע דער פאַקטישער הערשער זאָל ווייטער בלייבן ענגלאַנד, און דערביי זאָל די ייִדישע איינוואַנדערונג באַגרע־נעצט ווערן דורך די אויפנעם־ און אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פון דעם קליי־נעם פּאַס, וואָס ווערט באַשטימט אַלס ייִדישער טייל. צוערשט איז דער דאָזי־קער פּלאַן אויפגעטראָטן אונטער דער מאַסקע פון באַפרידיקן די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פון די ייִדן און אַראַבער דורך דער שאַפונג פון אַ ייִדישער מלוכה און פון אַן אַראַבישער מלוכה צוזאַמען מיט עבר־הירדן. אָבער נאָכדעם ווי דער צוואַנציקסטער ציוניסטן־קאָנגרעס האָט פּרינציפּיעל מסכים געווען צו אונטערהאַנדלען אויפן יסוד פון דער חלוקה, איז די פראַגע פון באַלדיקן שאַפן די ביידע נאַציאָנאַלע מלוכות ביסלעכווייז געשטעלט געוואָרן אין שאָטן, און ס׳רעדט זיך איצט וועגן דער דרייפאַכער טיילונג פון לאַנד, בלויז מיטן צוזאָג אין אַ שפּעטערער אומבאַשטימטער צייט צו געבן דעם ייִדישן און אַראַבישן טייל די מלוכהשע זעלבסטשטענדיקייט.

די קאָנפערענץ דערקלערט דעם שאַרפסטן קאַמף דעם פּלאַן פון טיילונג אין אַלע זיינע פאָרמען. די קאָנפערענץ זעט אינעם צוזאָג פון דער ייִדישער מלוכה אַ פּשוטן טריק פון ענגלישן אימפּעריאַליזם צו פאַרדעקן זיין פּאַקטישע כוונה, צו מאַכן אַ סוף צו דער דויערנדיקער ייִדישער מאַסן־איינוואַנדערונג, און צו דער פאַרווירקלעכונג פון ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער אין א״י.

די קאָנפערענץ וואַרפט אָפּ אַנטשיידן דעם געדאַנק, אַז דער וויטערדיקער וווּקס פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע מוז ברענגען צו דער פאַרקנעכטונג פון די אַראַבישע מאַסן אין ארץ־ישראל.

דער דאָזיקער געדאַנק איז בלויז אויסן צו באַרעכטיקן די טיילונג, וועלכע וועט צוריקשטויסן די אַראַבישע מאַסן אונטער דער אַבסאָלוטער באַנייטער הערשאַפט פון די עפענדיס; זי ברענגט זיי נישט פרייהייט, נאָר קנעכטשאַפט, זי פירט זיי צוריק צו דער אַלטער פעאָדאַלער אָפּגעשטאַנענקייט.

די קאָנפערענץ זעט אין אַ נישט־געטיילטן א״י, אויפן יסוד פון פרייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, מיט גאַראַנטירטע רעכט פון ייִדישער איינוואַנדערונג, דעם וועג צו פולער נאַציאָנאַלער פרייהייט, פון די ייִדישע און אַראַבישע מאַסן, דעם וועג צו אַ סאָציאַליסטיש א״י פון אַרבעטער און פּויערים.

די קאָנפערענץ זעט אינעם קאַמף קעגן דעם חלוקה־פּלאַן דעם סאַמע וויכטיקסטן קאַמף קעגן דער פאַרפעסטיקונג פונעם אימפּעריאַליזם אין לאַנד אין זיינע מלחמה־פּלענער אין איצטיקן מאָמענט און אויך איינעם פון די וויכטיקסטע און אַנטשיידנסטע מאָמענטן אינעם קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער. אַזוי אַרום ווערן די ייִדישע מאַסן פון ארץ־ישראל קעמפנדיק פאַר די אינטערעסן פון לאַנד און פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן, אַריינגעצויגן אין אַנטי־אימפּעריאַליסטישן קאַמף בכלל.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט שטייט ווי אַ דרינגענדיק פּראָבלעם דער קאַמף פון די ייִדישע און אַראַבישע מאַסן קעגן דער מלחמה־סכנה, וועלכע דראָט אַריינצוציִען דאָס לאַנד אין אַ בלוטיקן שפּיל פון פרעמדע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן, וועלכע נוצן אויס איין פאָלק קעגן אַנדערן, און דאָס גאַנצע לאַנד קעגן די אַרבעטנדיקע פון אַנדערע לענדער.

אַ באַזונדערער פּלאַץ אין דער טאָג־טעגלעכער אויפקלערונגס־אַרבעט פון דער פּאַרטיי מוז פאַרנעמען, ווי ביז איצט, דער קאַמף קעגן דער נאַציאָנאַליסטישער אַגיטאַציע פאַר בלוט־נקמה, וועלכע גראָבט אויס אַ טיפן תהום צווישן די מאַסן פוןביידע פעלקער, און אינטערעס פון אַראַבישן און ייִדישן פאַשיזם, און אינטערעס פון אימפּעריאַליזם און קעגן דעם געמיינזאַמען אינטערעס פון די מאַסן אין קאַמף פאַר אַ באַפרייט סאָציאַליסטיש ארץ־ישראל.

דער קאַמף פאַר שלום צווישן ביידע פעלקער, קעגן דער טיילונג פון לאַנד, פאַר דער פאַראייניקונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פון ביידע פעלקער, קעגן נאַציאָנאַלער העצע, פון וועלכער זייט זי זאָל נישט קומען, פאַר אַן אַרבעטער־ און פּויערים־רעגירונג, פאַרן ייִדישן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער — דאָס איז דער וועג, וואָס די אַכטע פּאַרטיי־קאָנפערענץ צייכנט אָן פאַרן קאַמף פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין דער איצטיקער צייט.

„ניַיזועלט“, תל־אביב, 15טער אָקטאָבער 1937.

# באַראַטונג פון פּועלי־ציון אין פּוילן וועגן חלוקה־פּלאַן

אין נאָוועמבער 1937 איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי אין פּוילן. ס'האָבן זיך באַטייליקט 11 מיטגלידער פון צ. ק., 13 מיטגלידער פון הויפּט־ראַט, 2 פאָרשטייער פון צ. ק. „יוגנט" און 49 דעלע־גאַטן, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט 44 גרעסערע אָרגאַניזאַציעס.

די באַראַטונג האָט באַטראַכט די פּראַגעס, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט דעם פּלאַן צו פּראָקלאַמירן אַ יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע.

ביידע רעפּעראַטן, וועלכע זענען געהאַלטן געוואָרן וועגן דער צעטיילונג פון ארץ־ישראל, זענען איינשטימיק געווען אין דער מיינונג, אַז די צעטיילונג פון פּאַלעסטינע דאַרף אַנטשיידן באַקעמפט ווערן. ביידע רעפּעראַטן האָבן פעסטגעשטעלט, אַז פאָרלייגנדיק דעם צעטיילונגס־פּלאַן האָט ענגלאַנד געהאַט אין זינען נישט די טובה פון די יידישע און אַראַבישע מאַסן, נאָר אירע אימ־פּעריאַליסטישע און סטראַטעגישע אינטערעסן; ביידע האָבן אָנגעוויזן, אַז נאָר פון אויבן אויף קען מען מיינען, אַז די ברייטע אַראַבישע טעראָר־כוואַליע שטייט אין דינסט פונעם אַראַבישן נאַציאָנאַלן באַפרייונגס־קאַמף, אין דער אמתן איז זי אָבער אינספּירירט און דינט די אינטערעסן פון דער אַראַבישער פעאָדאַלער רעאַקציע, וועלכע פאַרבינדט זיך אַלץ מערער מיט איטאַליע און דייטשלאַנד. די פאַשיסטישע האַנט, וועלכע רופט אַרויס די בלוטיקע צוזאַמענ־שטויסן אין פּאַלעסטינע, לאָזט זיך מער נישט פאַרדעקן. די פאַשיסטיש־היטלע־ריסטישע אינטריגעס אין דער מאַכמעדאַנישער וועלט, בפרט אין פּאַלעסטינע, זענען אַ פאָרזעצונג פון דער פאַשיסטיש־היטלעריסטישער אָפענסיווע אויפן מיטללענדישן ים און אינטערווענץ אין שפּאַניע. די אויפגאַבע פון דער יידי־שער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל און איר פּועלי־ציון־פּאַרטיי באַשטייט דעריבער אין דעמאַסקירן די דאָזיקע פּאָליטיק פונעם איטאַליענישן און דייטשן פאַשיזם, און אָפּרייסן די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דער בורזשואַזער און פעאָדאַלער ווירקונג און קאָנסאָלידירן דעם סאָלידאַרישן פראָנט פון די יידישע און אַראַבישע פאָלקס־מאַסן צום געמיינזאַמען קאַמף קעגן דער פעאָ־דאַל־בורזשואַזער רעאַקציע פון ביידע פעלקער און סיי קעגן די פּרווון פון

איטאַליע און דייטשלאַנד צו כאַפּן פיש אין מוטנעם וואַסער פון דער בלוטי־קער נאַציאָנאַליסטישער טעראָר־כוואַליע. קעגן די טעראָריסטישע אָנפאַלן אויף די אָנגעהעריקע פונעם צווייטן פאָלק מוז געוואָרפן ווערן די לאָזונג פון אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערונג צום קאַמף פאַר אַ פרייער פּאַלעסטינע, וועלכע דאַרף זיין אַ אמתע היים פאַר ביידע פעלקער. מיט דער אויפגאַבע בינדט זיך אָרגאַניש די פליכט צו קעמפן קעגן צעטיילן פּאַלעסטינע אין די אינטערעסן פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם.

ביז אַט די אויספירן זענען זיך ביידע רעפעראַטן אין תוך צונויפגעקו־מען. זיי זענען זיך אָבער ווייט פונאַנדערגעגאַנגען אין אָפּשאַצן די באַדייטונג און די אַנטוויקלונגס־פּערספּעקטיוון פון אַ יידישער מלוכה, ווען זי זאָל דאָך געשאַפן ווערן אויף אַ טייל פונעם איצטיקן שטח פון ארץ־ישראל.

דער רעפערענט, וועלכער האָט פאַרטראָטן די מיינונג פון דער מערהייט פונעם צ. ק. האָט מיט אַ גענויער שילדערונג פון דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע און ווירטשאַפטלעכע מעגלעכקייטן פון דעם טייל פּאַלעסטינע, אויף וועלכן עס זאָל געשאַפן ווערן די יידישע מלוכה, דערוויזן, אַז אַפילו אין די ענגערע גרענעצן האָט די יידישע מלוכה די מעגלעכקייט סיי אַריינצונעמען במשך פון אַ ריי יאָרן אַ גאַנץ ברייטע יידישע מאַסן־איינוואַנדערונג, סיי זיך ווירטשאַפט־לעך צו אַנטוויקלען און שטאַרקן. מיר האָבן קיינמאָל נישט געבויט אונדזערע פּערספּעקטיוון אין פּאַלעסטינע אויף דער הילף פונעם ענגלישן אימפּעריאַ־ליזם. אין דער ענגלישער אָקופּאַציע אין א״י האָבן מיר געזען נישט אַ הילף, נאָר אַ זייער ערנסטן שטער פאַר דער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע און זיין יידישן ישוב. מיר האָבן געשטרעבט אויסצובילדן די יידיש־אַראַבישע סאָלי־דאַריטעט און אינעם זיג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן און אין דעם אויסקעמפן פון אַ פרייער פּאַלעסטינע האָבן מיר געזען די בעסטע גאַראַנטיע פאַר דער רעאַליזירונג פונעם טעריטאָריאַלן יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע. אויך איצט ווייסן מיר, אַז די גרענעצן, וועלכע ענגלאַנד שטעלט איצט אויף אין פּאַ־לעסטינע, זענען נישט קיין אייביקע. דער זיג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן וועט די גרענעצן בטל מאַכן און צוריק דאָס לאַנד פאַראייניקן, שאַפנדיק אַ ברייטן באָדן פאַר דער פאַרברידערונג פון ביידע פעלקער און דער רעאַליזירונג פון אונדזער היסטאָרישן ציל.

באַקעמפנדיק די צעטיילונג פון פּאַלעסטינע האָבן מיר קיין שום גרונט נישט אַריינצופאַלן אין יאוש, ווען די צעטיילונג זאָל דאָך דורכגעפירט ווערן. פאַרקערט, מיר דאַרפן אונטערשטרייכן סיי דעם קאָלאָסאַלן פּאָליטישן דער־פאָלג, וועלכן עס דערגרייכט — הגם אין די שמאָלע ראַמען — די שטרעבונג פון די יידישע מאַסן צו טעריטאָריאַל־ מלוכהשער עקזיסטענץ, וועלכע עס גיט די יידישע מאַסן די טעריטאָריאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונג אַפילו בלויז אין אַ טייל פון פּאַלעסטינע. זאָל די יידישע מלוכה געשאַפן ווערן, וועט זיין די פליכט פון אונדזער א״י־דיקער פאַרטיי צו קעמפן פאַר דער אמתער און פולער גלייכ־באַרעכטיקונג פון די אַראַבישע מאַסן אין דער יידישער מלוכה און פאַר אַ וואָס ענגערן פּאָליטישן און ווירטשאַפטלעכן צוזאַמענבונד צווישן די יידי־שע און אַראַבישע מלוכות.

קעגן דער פּאָזיטיווער אָפּשאַצונג פון די מעגלעכקייטן און פּערספּעק־טיוון פון דער ייִדישער מלוכה אַפילו ביי אַ צייטווייליק־צעטיילטער פּאַלעס־טינע איז אַנטשיידן אַרויסגעטרעטן דער רעפערענט פון דער מינדערהייט פון צ. ק. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז יעטווועדע פּאָזיטיווע באַציִונג צום בריטישן צעטיילונגס־פּלאַן שטרייכט איבער דעם עיקר־יסוד פון פּועלי־ציוני־ניזם, וועלכער בויט זייך פּערספּעקטיוו אויסצובויען אין ארץ־ישראל אַ פּיל־מיליאָניקן ייִדישן אַרבעטער־צענטער אויף דער באַזע פון געמיינזאַמע אינ־טערעסן פון די ייִדישע און אַראַבישע פּאָלקסמאַסן. די אויסבילדונג פון אַ ייִדי־שער מלוכה אויפן יסוד פון אַ פונאַנדערגעטיילט ארץ־ישראל וועט אומפאַר־מיידלעך פּאַרטיפן די, אַזוי אויך אויסערגעוויינלעך פאַרשאַרפטע, ייִדיש־אַראַבישע באַציִונגען. נישט די ייִדישע און נישט די אַראַבישע מלוכה וועלן זיך פּעיִק צו אַ זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ: בײדע וועלן דעריבער מוזן זיך פאַרוואַנדלען אין געהאָרכזאַמע ווערקצייג פון ענגלישן אימפּעריאַליזם. פּאָזיטיווע אָפּשאַצונגען פון די פּערספּעקטיוון פון אַזאַ ייִדישער מלוכה פירן אַראָפּ פון וועג און שוואַכן אָפּ דעם קאַמף קעגן דער צעטיילונג פון פּאַלעס־טינע, וועלכע מוז אַנטשיידן און מיט אַלע כוחות אָפּגעוואָרפן ווערן. אמת, די צעטיילונג פון פּאַלעסטינע איז נישט קיין קאַטאַסטראָפע פאַרן פּאַלעסטיניזם, וועלכער וועט דורכשטרייכן די בריטישע אויסרעכענונגען. זי איז אָבער אַן אומגעהויער שווערער קלאַפּ פאַרן פּאַלעסטיניזם און פאַר דער ייִדישער טע־ריטאָריאַליזירונג אין פּאַלעסטינע. עס מוזן דעריבער כסדר און ביי יעדער געלעגנהייט אונטערגעשטראָכן ווערן אָט די אויסשליסלעך נעגאַטיווע רעזול־טאַטן פון דער צעטיילונג פון ארץ־ישראל. מיר דאַרפן אומבאַדינגט געטריי בלייבן אונדזער ציל, אַזוי ווי מיר האָבן אים שטענדיק געשטעלט, נישט צושניידנדיק אים לויט צייטווייליקע קאָניונקטורן. צוזאַמען מיט די אַראַבישע מאַסן מוזן מיר אַרויסרוקן די איינציקע אין איצטיקן מאָמענט ריכטיקע לאָזונג פון אַן איינהייטלעך נישט געטיילט פּאַלעסטינע, וועלכע דאַרף דורך דעם גע־מיינזאַמען קאַמף פון די ייִדישע און אַראַבישע פּאָלקסמאַסן, איבערגעבויט ווערן אין אַ פרייער, אומאָפּהענגיקער ייִדיש־אַראַבישער פּאָלקס־רעפּובליק.

ביי דער אָפּשטימונג איז מיט אַ גאָר באַדייטנדיקער מערהייט שטימען באַשלאָסן געוואָרן:

פּראָטעסטירנדיק קעגן דעם פּלאַן צו צעטיילן פּאַלעסטינע און קעמפנ־דיק קעגן אים, אָנערקענען די קאָלאָסאַלע פּאָליטישע באַדייטונג, וועלכע עס האָט די פּראָקלאַמירונג פון דער ייִדישער מלוכה אַפילו בלויז אויף אַ טייל פונעם שטח פון פּאַלעסטינע, און פעסטשטעלן די פּאָזיטיווע און באַדייטנדיקע מעגלעכקייטן, וועלכע עפענען זיך דורך דעם פאַר דעם וווּקס פון דער ייִדי־שער איינוואַנדערונג און דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע.

פאַר דעם שטאַנדפּונקט פון דער מינדערהייט האָבן געשטימט 18 דע־לעגאַטן.

לויטן באַריכט אין „אַרבעטער־צייטונג“
וואַרשע, 19טער נאָוועמבער 1937.

# די צעטיילונג פון ארץ־ישראל און די אויפריכטונג פון אַ יידישער מדינה

(באַשלוס פון דער 10טער וועלט־קאָנפערענץ פון פועלי־ציון, אָפּגעהאַלטן אין תל־אביב, דעצעמבער 1937)

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ פון אַלוועלטלעכן ייִדישן אַרבעטער־פּאַר־באַנד פּועלי־ציון שטעלט פעסט, אַז דער פּלאַן וועגן צעטיילן ארץ־ישראל שטייט אין פולן קעגנזאַץ צו די אַנטוויקלונגס־באַדערפענישן פון גאַנצן לאַנד, סיי פון דער שוין פאַראַנענער באַפעלקערונג, ייִדן און אַראַבער צוגלייך, סיי בפרט פון די מיליאָנען ייִדישע מאַסן אין דער גרעסערער וועלט, פאַר וועמען ארץ־ישראל איז דאָס איינציקע אָרט, ווו ס'איז דאָ די אויסזיכט און די מעגלעכקייט אויפצושטעלן זייער קאָמפּאַקטן טעריטאָריאַלן צענטער.

די גאַנצע צייט פון דער ענגלישער מאַנדאַט־הערשאַפט איבער ארץ־ישראל איז קלאָר געוועזן די סתירה צווישן די אינטערעסן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם און די איינוואַנדערונגס־ און קאָלאָניזאַציע־אינטערעסן פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין דעם דאָזיקן לאַנד.

די שטענדיקע באַמיִונגען פונעם אימפּעריאַליזם צו פּענטען די פּראָגרע־סיווע אַנטוויקלונג פונעם לאַנד זענען צונישט געוואָרן דורכן מעכטיקן דראַנג פון די ייִדישע מאַסן און זייערע גראַנדיעזע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע אויפטוען און דערגרייכונגען.

דער טיילונגס־פּלאַן איז אויסן אויפצושטעלן אַ דאַמבע קעגן דעם ווייטערדיקן אומאויפהערלעכן אויפשטייג פון ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער, כדי אַזוי אַרום צו זיכערן די דויערנדיקע און אומגעשטערטע הערשאַפט פון דער בריטישער אימפּעריע אין איינעם פון די וויכטיקסטע שטיצפּונקטן פון איר וועלט־מאַכט.

די טיילונג פון ארץ־ישראל איז אויסן נישט די באַפרידיקונג פון די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פון ביידע פעלקער, כדי צו־שאַפן צווישן זיי אַ דויערנדיקן שלום, נאָר פאַרקערט — זי וויל נאָך טיפער אויסגראָבן דעם תהום צווישן זיי, כדי דער בריטישער אימפּעריאַליזם זאָל קענען ביידן אויסנוצן איינע קעגן די אַנדערע פאַר זיינע צילן און באַדערפענישן.

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ שטרייכט אונטער די היסטאָרישע באַדיי־טונג פונעם עצם פאַקט, וואָס דער בריטישער אימפעריאַליזם איז געצוווּנגען געווען איינצוהאַלטן דעם טיילונגס־פּלאַן אין אַ דעקמאַנטל פון זעלבסטשטענ־דיקער ייִדישער מלוכהשאַפט.

אין דער פּראָקלאַמירונג פון אַ ייִדישער מדינה אין ארץ־ישראל קומט צום אויסדרוק די אויפגעשטיגענע קראַפט און ווירקונג פון דעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל, די שוידערלעכע איסוואַנדערונגס־נויט פון ריזיקע ייִדישע מאַסן אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און די פאַרשאַרפונג פון דער ייִדנפראַגע אין אינטערנאַציאָנאַלן מאָסשטאַב, וואָס פאָדערט אומבאַדינגט איר טעריטאָריאַלע מלוכהשע לייזונג.

די פּראָקלאַמירטע ייִדישע מלוכהשאַפט אין די ראַמען פונעם אימפעריאַ־ליסטישן טיילונגס־פּלאַן, וועלכע קומט נישט אין רעזולטאַט פון אַ נאַטיר־לעכער אַנטוויקלונג, נאָר אַלס פועל־יוצא פון אימפעריאַליסטישע אויסרעכע־נונגען און קאָמבינאַציעס, אַנטשפּרעכט נישט די רעאַלע איינוואַנדערונגס־און קאָלאָניזאַציע־נויטן פון די ייִדישע מאַסן אין ארץ־ישראל און לייגט זיך ווי אַ שטיין אין וועג פאַרן ווייטערדיקן אויפשטייג פונעם ייִדישן טעריטאָ־ריאַלן צענטער.

דער דאָזיקער טיילונגס־פּלאַן דעמאָנסטרירט צוגלייך אויף אַ בולטן אופן דעם פולשטענדיקן דורכפאַל פון דער אָפיציעלער ציוניסטישער ליניע, וועלכע האָט אַלע אירע האָפענונגען און אויסרעכענונגען געשטיצט אויף דער אויסשליסלעכער אָריענטאַציע אויפן ענגלישן אימפעריאַליזם און האָט אין צוזאַמענהאַנג דערמיט געפירט אַזאַ פּאָליטיק, וואָס האָט געשטערט די פאַר־שטענדיקונג פון ייִדישע און אַראַבישע מאַסן אויפן באָדן פון זייערע טאָג־טעגלעכע און היסטאָרישע געמיינזאַמע לעבנס־אינטערעסן.

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ וואַרפט אָפּ אַנטשיידן דעם געדאַנק, אַז דער ווייטערדיקער וווּקס פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע מוז ברענגען צו דער פאַרשקלאַפונג פון די אַראַבישע מאַסן אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער געדאַנק איז בלויז אויסן צו באַרעכטיקן די טיילונג, וועלכע וועט צוריקשטויסן די אַראַבישע מאַסן אונטער דער באַנייטער אומגעצוימטער הערשאַפט פון די עפענדים. זי ברענגט זיי נישט פרייהייט, נאָר קנעכטשאַפט, זי פירט זיי צוריק צו דער אַלטער פעאָדאַלער אָפּגעשטאַנענקייט.

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ דערקלערט, אַז דער טיילונגס־פּלאַן איז גע־צילט קעגן די לעבנס־אינטערעסן און אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פוןביידע פעלקער און זי רופט זיי זיך צו מאָביליזירן צום קאַמף קעגן דעם אימפעריאַליסטישן טיילונגס־פּלאַן.

די וועלט־קאָנפערענץ רופט אַלע לאַנד־פּאַרטייען און חברים, צו דיסקאָנ־טירן פּאָליטיש דעם פאַקט פון פּראָקלאַמירטער ייִדישער מלוכה־זעלבסט־שטענדיקייט פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום, און אויסנוצן אים אַלס סטימול צו דער אָרגאַניזירונג פון די ברייטסטע ייִדישע פאָלקס־מאַסן פאַר דער טערי־טאָריאַלער לייזונג פון דער ייִדנפראַגע, און קודם־כל צום קאַמף פאַר אָפענע טויערן אין ארץ־ישראל פאַר דער ברייטער ייִדישער מאַסן איינוואַנדערונג.

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ רופט אַלע פּאַרטייען פון וועלט־פּאַרבאַנד, צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר ייִדיש־אַראַבישער פאַרשטענדיקונג אויפן יסוד פון געמיינזאַמען אויפטריט קעגן די אימפּעריאַליסטישע פּלענער, פאַר אַ נישט־געטיילט פּאַלעסטינע פון אַרבעטער און פויערים, ווו עס וועלן געשאַפן ווערן פולע רעכט און מעגלעכקייטן פאַר פרייער אַנטוויקלונג פון די אַראַבישע מאַסן און פון אומגעשטערטן וווקס און אויפשטייג פונעם טעריטאָריאַלן ייִדישן אַרבעטער־צענטער.

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ ווענדט זיך צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער אויסערסט שווערער צייט פאַר די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, אַרויסצווייזן די געהעריקע פאַרשטענדעניש פאַרן גורל־קאַמף פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט און מאַ־ניפעסטירן מיט מעשים די ברידערלעכע סאָלידאַריטעט און הילף דעם באַ־פרייונגס־געדאַנק און אויפטוען פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, פאַר נאַציאָנאַלע פּאָליטישע רעכט אין אַלע לענדער און פאַר טעריטאָריאַליזירונג אין ארץ־ישראל.

# די טײלונגס־קאָמיסיע

עס איז אַריבער אַ האַלב יאָר, ווי די בריטישע רעגירונג האָט זיך פאַרפליכטעט פייערלעך דורכצופירן אין לעבן דעם טײלונגס־פּלאַן פון דער פּיל־קאָמיסיע, און שוין האָט זי באַשלאָסן צוגרייטן דעם באָדן, כדי מבטל מאַכן דעם גאַנצן פּלאַן. זי האָט נאָמינירט אַ נייע כלומרשט טעכנישע קאָמיסיע, וואָס איז באַקאַנט, לויטן נאָמען פון איר פאָרזיצער, אַלס די וודהעד־קאָמיסיע. איר אויפגאַבע איז געווען, אויסצואַרבעטן אַזאַ מין טײלונגס־פּלאַן, לויט וועלכן די יידישע מדינה זאָל אַנט־האַלטן אַ וואָס קלענערע אַראַבישע מינדערהייט און פאַרקערט — די אַראַבישע מדינה — אַ וואָס קלענערע צאָל יידן.

אין נאָוועמבער 1938 האָט די טײלונג־קאָמיסיע פאַרעפנטלעכט איר באַריכט. קודם־כל האָט זי געפסלט דעם טײלונגס־פּלאַן פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע מיטן מאָטיוו, אַז ער לאָזט זיך נישט דורכפירן אין לעבן. לויטן פאָרשלאַג פון דער וודהעד־קאָמיסיע האָט די יידישע מדינה געדאַרפט זיך איינשרומפן צו אַ שמאָלן פאַס לענג־אויס דעם ים־ברעג פון טנטורה ביז תל־אביב און די קאָלאָניעס פון יהודה, איר שטח האָט געזאָלט פאַרנעמען קוים פינף פּראָצענט פון מערב־ארץ־ישראל. דער גאַנצער צפון, אַרײַנגערעכנט חיפה און גליל, און דער גאַנצער נגב האָבן געזאָלט בלייבן מאַנדאַט־טעריטאָריעס און דאָרט זאָלן יידן נישט טאָרן קויפן קיין באָדן. ירושלים האָט געזאָלט בלייבן אַ מאַנדאַט־געביט. די אַראַבישע מדינה האָט געזאָלט אַרומנעמען דעם איבעריקן שטח פון מערב־ארץ־ישראל און עבר־הירדן. עס זאָל געשאַפן ווערן אַ צאָל־פאַרבאַנד פון גאַנצן שטח פון ארץ־ישראל, כדי די דעפיציט־געביטן — די אַראַבישע מדינה און די בריטישע מאַנדאַט־געביטן — זאָלן געניסן פון די הכנסות פונעם צאָל אויף די סחורות, וואָס וועלן אימפּאָרטירט ווערן אין דער יידישער מדינה.

באַקומענדיק אַזאַ מין באַריכט, ווי זי האָט פאַקטיש פון פריער באַשטעלט, האָט די בריטישע רעגירונג דעם 9טן נאָוועמבער 1938 אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז די טײלונג פון ארץ־ישראל לאָזט זיך נישט דורכפירן אין לעבן און זי האָט דעריבער בדעה צונויפרופן בקרוב אין לאָנדאָן אַ קאָנפערענץ פון אַראַבישע און יידישע פאָרשטייער, כדי צו באַהאַנדלען דאָס גאַנצע ארץ־ישראל־פּראָבלעם פונדאָסניי.

# וועגן דער נייער בריטישער קאָמיסיע

(פון די באַשלוסן פון דער 10טער וועלט־קאָנפערענץ פון פועלי־ציון, תל־אביב, דעצעמבער 1937)

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ פון אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־פאַרבאַנד פועלי־ציון האָט אויפגענומען מיט דער גרעסטער פאַרביטערונג די נייע דערקלערונגען פון דער בריטישער רעגירונג אין פאַרבינדונג מיט דער באַשטימונג פון אַ נייער קאָמיסיע פאַר ארץ־ישראל.

קנאַפּע צוויי יאָר, אַז דאָס לאַנד איז אַריינגעשלידערט געוואָרן אין תהום פון בלוטיקער טעראָר־הפקרות און עקאָנאָמישן ווירוואַר; די רעגירונג האָט נישט אונטערגענומען קיין ערנסטע מיטלען און קיין שום אַנטשיידנדיקע שריט, כדי אַרויסצורופן דאָס לאַנד פון אָט דעם תהו־ובהו־צושטאַנד. נאָך יעדן אַגרעסיוון אַקט פון דער אַראַבישער פאָגראָם־רעאַקציע קומט תמיד אַ נייער קער אין דער זיגזאַג־ליניע פון דער בריטישער פּאָליטיק און תמיד פאַרשפּיצט קעגן דעם יידישן ישוב. די יידישע איינוואַנדערונג ווערט ברוטאַל געשניטן; די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג פאַרטיפט און פאַרשאַרפט דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס אין לאַנד. דער דאָזיקער קורס דערמונטערט און גיט צו פרישן מוט די ווילדסטע אויסוווקסן פונעם אַראַבישן שאָוויניזם, וואָס ווערן דערצו נאָך געשפּייזט פונעם פאַרסמטן פאַשיסטישן אינטערנאַציאָנאַלן קוואַל.

די נאָרוואָס פאַרעפנטלעכטע דערקלערונג וועגן דער ראָל און קאָמפּעטענץ פון דער נייער בריטישער קאָמיסיע איז אויסן ווייטער איינצוהאַלטן דאָס לאַנד אין אַ צושטאַנד פון פּאָליטישער אומזיכערקייט און געזעלשאַפטלעך־פּסיכישער צערודערונג.

דער פּראָיעקט פון דער פּיל־קאָמיסיע וועגן אויסבילדן אַ יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל איז איצט ענדגילטיק דעמאַסקירט, ווי אַן אימפּעריאַליסטישער טריק, וואָס האָט געצילט אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די יידישע מאַסן אין גאָר דער וועלט און פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל פון זייער עיקרדיקסטער פאָדערונג — פרייע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל.

די קאָמפּעטענץ פון דער נייער בריטישער קאָמיסיע רייסט אַראָפּ אַלע אילוזיעס: דער ענגלישער אימפּעריאַליזם טרייסלט זיך אָפּ פון יעטוועדער פאַרפליכטונג און רעכנט זיך אויסשליסלעך מיטן דרוק פון דער פאַשיסטישער פעאָדאַלער רעאַקציע און אירע פּרעטענזיעס. דער פּראָוואָקאַטיווער טראַנספער־פאָרשלאַג, וואָס האָט כלומרשט געזאָלט זיין אַ קאָמפּענסאַציע פאַר די שמאָלע גרענעצן פון דער צוגעזאָגטער ייִדישער מלוכה און אַ סטימול פאַר די עקסטרעם־נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן ביי ייִדן, איז פּלוצים אומגעוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטער פאַרן עצם פאַרווירקלעכונג פון דער ייִדישער מדינה; אַן אָנדייטונג, אַז די גרענעצן פון דעם ייִדישן טייל, אָדער קאַנטאָן וועלן נאָך מער געשניטן ווערן.

די קאָנפערענץ שטעמפּלט דעם ציניזם פון דעם חוזק־שפּיל איבער די אייגענע אימפּעריאַליסטישע פּראָיעקטן און איבער די בכיוון אויפגעוועקטע האָפענונגען פון די ייִדישע מאַסן, און דעם בפירושן ווילן צו לאָזן ארץ־ישראל, די ייִדישע און אַראַבישע באַפעלקערונג, אין אַ געשפּאַנטער אַטמאָספער פון קעגנזייטיקער אַרומרייסעניש, פון פּאָליטישער אומקלאָרקייט און עקאָנאָמישער הילפלאָזיקייט.

די וועלט־קאָנפערענץ רופט די ייִדישע מאַסן פון גאָר דער וועלט, צו ענדיקן איינמאָל פאַר אַלעמאָל מיט די אומזיסטע האָפענונגען אויפן חסד פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם און איינזען, אַז דער וועג צו זיכערן אַ פרייען ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער אין ארץ־ישראל פירט דורך זעלבסטשטענדיקער פּאָליטיק, געבויט אויף די נויטן פון די ייִדישע מאַסן אין גאָר דער וועלט, אויפן מאַקסימאַלן קאַמף פאַר אַ פרייער, ייִדישער איינוואַנדערונג און אויף די בשותפותדיקע אינטערעסן פון דער ייִדישער און אַראַבישער באַפעלקערונג אין לאַנד.

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ פון דעם ייִדישן אַלוועלטלעכן אַרבעטער־פאַרבאַנד פּועלי־ציון דערקלערט פייערלעך: אונטער קיין שום דרוק, הן פונעם אימפּעריאַליזם, הן פון דער אַראַבישער רעאַקציע, וועלן די ייִדישע מאַסן נישט מסכים זיין צו אַ באַגרענעצונג פון זייער רעכט אויף פרייער אַנטוויקלונג, ווּקס און אויפשטייג אין ארץ־ישראל — דעם אויפגייענדיקן ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער.

די פּועלי־ציון־באַוועגונג איז טיף איבערצייגט, אַז די נאַציאָנאַלע באַפרייונג פון די אַראַבישע מאַסן אין ארץ־ישראל און אין די אַרומיקע לענדער וועט ענדגילטיק פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דורך דעם געמיינזאַמען קאַמף פון די ייִדישע און אַראַבישע מאַסן קעגן פרעמדע און היימישע באַהערשער, פאַר אַ פרייער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, וואָס שאַפט די באַדינגונגען פאַר אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן פון נאַציעס.

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ רופט די ייִדישע מאַסן פון גאָר דער וועלט צו קעמפן פאַר דעם דאָזיקן, אמת נאָך וייטן, אָבער גרויסן און איינציק ריכטיקן און רעאַלן ציל. דער היסטאָרישער וועג צו אים פירט נישט דורך נאָכגעבן דעם דרוק פונעם אימפּעריאַליזם און אַראַבישן פאַשיזם, נאָר דורך

פאַרשטאַרקטן קאַמף פאַר די רעכט פון די ייִדישע מאַסן, פריי אַריינצוקומען און פאַרוואָרצלען זיך אין לאַנד.

די ייִדישע איינוואַנדערונג און איר נאַטירלעכער רעזולטאַט — דער אויפשטייג פון די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן, ווי דער אויפשטייג פונעם לאַנד בכלל — איז דער עיקר־יסוד פון דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע אין די אינטערעסן פון איר גאַנצער באַפעלקערונג.

דער קאַמף פאַר אַ ברייטער ייִדישער איינוואַנדערונג, וואָס האָט אַרויסגעהויבן דאָס גאַנצע לאַנד פון איר דורות־לאַנגער פאַרגליווערונג — דאָס איז די תשובה, וואָס די ייִדישע מאַסן אין ארץ־ישראל און אין גאָר דער וועלט וועלן געבן דעם נייעם דערשטיקונגס־מאַנעוור פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם.

דניאל לייבל

# „בונד אָדער קאָאָפּעראַציע"?

אין דער צייטשריפט „השומר הצעיר" פון 15טן אויגוסט 1938 הייבט אויף ה' מרדכי אורן צום טויזנטסטן מאָל „דעם אַלטן וויכוח וועגן דעם מהות פון דער ענגליש־ייִדישער קאָאָפּעראַציע". איז כדאי, מיר זאָלן אויך די זאַך אַ ביסל באַטראַכטן.

לאָמיר דאָ ציטירן, דאָס, וואָס איז, ווי אונדז דאַכט זיך, דער עיקר פון זיינע רייד:

„עס איז נישטאָ קיין שותפות פון היסטאָרישע אינטערעסן צווישן דעם בריטישן אימפּעריאַליזם און דער באַפרייונגס־באַוועגונג פון ייִדישן פאָלק. ארץ־ישראל פון דער בריטישער אימפּעריע... איז נישט דאָס ארץ־ישראל פון ייִדישן פאָלק... היסטאָרישע אומשטענדן האָבן פאַרבונדן דעם גורל פון דעם דאָזיקן לאַנד מיט דער בריטישער אימפּעריע און מיט איר פּאָליטיק... און די היסטאָרישע אומשטענדן און די נאַציאָנאַלע אינטערעסן האָבן דיקטירט דעם ייִדישן פאָלק צו קאָאָפּערירן מיטן בריטישן פאַקטאָר אויף איין און איינ־ציקן געביט: אויפריכטן די נאַציאָנאַלע היים אין גייסט פון מאַנדאַט. דער עיקרדיקער געראַנגל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג מיטן בריטישן פאַק־טאָר... איז געווען, בלויז דער געראַנגל פאַר אַן אָנשטענדיקער קאָאָפּעראַציע, פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פון ציוניסטישן ווערק און קעגן זיין פאַרשקלאַ־פונג צו פרעמדע טענדענצן און אינטערעסן אויפן נאָענטן מזרח. דער באַריכט פון דער קעניגלעכער קאָמיסיע האָט געבראַכט צו אַ שאַרפער ווענדונג אין דער אויסערן־פּאָליטיק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג: די ענגליש־ייִדישע קאָאָפּעראַציע אויפן געביט פון בויען די נאַציאָנאַלע היים וועט אָפּטרעטן איר אָרט פאַר אַ פּאָליטישן און מיליטערישן בונד... אמת, מיר נייטיקן זיך אין ענגלאַנד, טראָץ דעם וואָס זי איז אימפּעריאַליסטיש. די געשיכטע האָט נישט גוזר געווען, אַז די בריטישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל מוז זיין אַנטיציוניס־טיש. מיר זענען פאַר אַן אָנשטענדיקער קאָאָפּעראַציע מיטן בריטישן פאַק־טאָר, ווי ער זאָל נישט אויסזען".

„די וועלט־דעמאָקראַטיע און דער וועלט־סאָציאַליזם זענען אונדזערע

פאַרבינדעטע. עס וועט קומען אַ טאָג, ווען די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דעם שכנותדיקן פאָלק וועלן אויך שליסן מיט אונדז אַ ברודער־בונד. אויך די בעסטע זין פון ענגלישן פאָלק זענען אונדזערע פאַרבינדעטע".

„טשעמבערליין איז נישט ענגלאַנד. פאַראַן אויך אַן אַנדער ענגלאַנד... אָנשטענדיקע קאָאָפּעראַציע, אָפּהיטנדיק דעם כבוד און די זעלבסטשטענדי־קייט, און נישט קיין בונד דורך צופּאַסונג און פאַרשקלאַפונג, — דאָס איז דער וועג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין גוטע ווי אין שלעכטע צייטן".

דער עיקר פון דעם אַרטיקל באַשטייט אין דעם סובטעלן אונטערשייד צווישן בונד און קאָאָפּעראַציע. האָט מען אויסגעפונען דעם דאָזיקן אונטער־שייד, ווערט שוין אַלצדינג קלאָר. די אָנהענגער פון דעם חלוקה־פּלאַן זענען פאַר אַ בונד מיטן אימפּעריאַליסטישן ענגלאַנד. „השומר הצעיר" האַלט אָבער אַנדערש. ער איז קעגן דעם חלוקה־פּלאַן, ער האַלט פון מאַנדאַט. דאָס איז די אידעאָלאָגיע פון קאָאָפּעראַציע.

דער ווערבאַלער כאַראַקטער פון דעם פּאָליטישן געדאַנק פון „השומר הצעיר" ווערט דאָ בולט ביז גאָר. וואָרום, אויב מיר וועלן זיך צוקוקן פון דער נאָענט צו דער קאָאָפּעראַציע, וועגן וועלכער עס רעדט מ. א., וועלן מיר באַלד דערזען איינס פון די ביידע: אָדער די דאָזיקע קאָאָפּעראַציע איז אומעגלעך, אָדער, אויב זי איז יאָ מעגלעך, איז נישטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן איר און אַ בונד. „השומר הצעיר" האַלט פון „קאָאָפּעראַציע מיטן בריטישן פאַקטאָר אויף איין און איינציקן געביט: ביים אויפריכטן די נאַציאָנאַלע היים אין גייסט פון מאַנדאַט". לויט זיין מיינונג איז „דער עיקרדיקער געראַנגל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג מיטן בריטישן פאַקטאָר באַשטאַנען (און מן־הסתם דאַרף אויך באַשטיין — ד. ל.) אין געראַנגל פאַר אַן אָנשטענדיקער קאָאָפּעראַציע, פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פון ציוניסטישן ווערק, קעגן זיין פאַרשקלאַפונג צו די פרעמדע טענדענצן און אינטערעסן אויפן נאָענטן מזרח".

איך וועל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף דער נישט־ריכטיקער שילדערונג פון דעם דאָזיקן געראַנגל. אָבער דוכט זיך, אַז דער זאַץ באַדייט: דער ציוניזם טאָר נישט דינען די בריטישע אינטערעסן אויפן נאָענטן מזרח אַפילו פאַרן פרייז פון אונטערשטיצונג, וואָס עס וועט געגעבן ווערן (אויב עס וועט געגעבן ווערן) דעם ציוניסטישן ווערק. און דאָס זאָל הייסן קאָאָפּעראַציע?

אין איין אָרט פון זיין אַרטיקל כאַראַקטעריזירט מ. א. די איצטיקע ענגלי־שע אויפפאַסונג פון דעם ציוניסטישן ענין ווי אַ „האָטענטאָטישע אויפפאַסונג פון קאָאָפּעראַציע". ווי אַזוי זשע האָט ער נישט געפילט, אַז ער אַליין ווענדעט אָן די זעלבע „האָטענטאָטישע" קאָנצעפּציע? ענגלאַנד וויל, אַז יידן זאָלן קאָאָפּערירן מיט איר, אָבער נישט זי מיט זיי. „השומר הצעיר" וויל, אַז ענגלאַנד זאָל קאָאָפּערירן מיט די יידן, אָבער די יידן זאָלן נישט קאָאָפּערירן מיט ענגלאַנד. איז דען דאָס נישט אַ האָטענטאָטישע קאָאָפּעראַציע פון ביידע זייטן? מ. א. איז נישט מסכים צו אַ האָטענטאָטישער קאָאָפּעראַציע מצד די ענגלענדער, וועט דען ענגלאַנד איינגיין אויף אַזאַ קאָאָפּעראַציע מצד די יידן? קלאָר, אַז נישט. כדי דאָס אימפּעריאַליסטישע ענגלאַנד זאָל איינגיין אויף אַן

„אָנשטענדיקער קאָאָפּעראַציע״, מוז זי איינזען, אַז זי האָט אין דעם אַן אינ־טערעס, זי זעט אָבער נישט דעם דאָזיקן אינטערעס. דאָס איז אַ פאַקט. און אינטערעסן, וועלכע זענען נישט בנמצא, זענען נישט קיין פּאָליטישער פאַקטאָר.

דאָס אַנדערע ענגלאַנד, וועגן וועלכן עס רעדט מ. א., וועט עס זיכער איינזען. דאָס איז אַ פּאָליטישער שאַנס אויף דער צוקונפט. אפשר דאַרף מען דערויף אויסרעכענען, אָבער אויף אַן אָנשטענדיקער קאָאָפּעראַציע מיטן בריטישן אימפּעריאַליזם איז נישטאָ קיין אויסזיכטן, פּונקט אַזוי ווי עס איז נישטאָ קיין אויסזיכט ער זאָל העלפן דער שפּאַנישער רעפּובליק.

לאָמיר אָבער אָננעמען, אַז מ. א. וועט געלינגען דורך וועלכע עס איז טעאָרעטישע אָדער פּראַקטישע באַווייזן צו געווינען דעם בריטישן אימפּע־ריאַליזם לטובת אַן אָנשטענדיקער קאָאָפּעראַציע מיטן יידישן פאָלק אַרום ארץ־ישראל. ענגלאַנד וועט מיטן פולן האַרצן העלפן דעם יידישן ווערק און זי וועט נישט פאָדערן פון יידישן פאָלק, אַלס באַלוינונג פאַר דער דאָזיקער הילף, קיין שום „פאַרשקלאַפונג צו פרעמדע טענדענצן און אינטערעסן אויפן נאָענטן מזרח״. ווי דאַרף מען עס דעמאָלט אָנרופן? קאָאָפּעראַציע אָדער בונד? דאָס וועט זיין אַן אויסטערלישע קאָאָפּעראַציע אָדער בונד, אָבער דער סוב־טעלער אונטערשייד צווישן דיביידע האָט נישט קיין ממשות. קאָאָפּעראַציע אין איר פאַרווירקלעכונג באַדייט אַ בונד. און דער אונטערשייד אין ווערטער איז אויסן בלויז צו לייגן אַ לאַטע אויף דער באַקאַנטער „טראַגישער סתירה״, וואָס „השומר הצעיר״ דערמאָנט זי שוין נישט מער, אָבער זי פרעסט אים פון אינעווייניק און נייטיקט זיך אין קאַלטע פּריפּאָרקעס פון ווערטער.

דער בריטישער אימפּעריאַליזם באַטראַכט שוין לאַנג דאָס יידישע ווערק אין ארץ־ישראל ווי אַ צרה, וואָס מ׳דאַרף זי איינשרימפּן, אויסנוצנדיק דערביי ווי ווייט מעגלעך איר עקזיסטענץ, כדי פּטור צו ווערן פון איר. די פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט די חברים פון „השומר הצעיר״, האָבן דאָס אַ לאַנגע צייט נישט געזען, הגם די דאָזיקע אַנטי־ציוניס־טישע אַנטוויקלונג דויערט פון אָנהייב אָן. און ווען אין די פינצטערע טעג האָבן זיי עס שוין אָנגעהויבן זען, זענען זיי נאָך אָבער אַלץ געבליבן געפּענטעט פון דער פריערדיקער פּאָליטישער שיטה. זיי זעען נישט קיין אַנדערע פאַר־בינדעטע: נישט די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן, נישט די דעמאָקראַטיע און דעם סאָציאַליזם אין דער וועלט. זיי ווילן מיט כוח דעראָבערן דעם פאַרעטע־רישן פאַרבינדעטן, קלאַמערנדיק זיך אין אים אַזוי שטאַרק ביז עס פעלט זיי אויס אָטעם. זיי וועלן איינגיין אויף אַ בונד, זיי וועלן מסכים זיין צו קאָאָפּע־ראַציע, אַבי זאָל זיך אַ צוזאַמענאַרבעט. און „השומר הצעיר״? וואַרפט מ. א. אַליין אַריין אַ ווערטעלע, אַז ער איז קעגן „אַ בונד אָן חשבונות״ מיט ענג־לאַנד. נו, און „אַ בונד מיט חשבונות״ איז שוין רעכט? דער שד איז אַלזאָ נישט אַזוי שרעקלעך. דער גאַנצער סובטעלער אונטערשייד האָט אַ באַדייט ווי שטויב, וואָס ווערט אַוועקגעבלאָזן.

דאָס פּראָבלעם באַשטייט כלל נישט אין „בונד אָדער קאָאָפּעראַציע״. אַזאַ דילעמע עקזיסטירט בלויז אין ווערטער. דאָס ווירקלעכע פּראָבלעם איז אין גערעַנגל. דאָס אימפּעריאַליסטישע ענגלאַנד איז רעאַליסטיש. זי וויל

איינשרימפּן, ווי ווייט מעגלעך, דאָס ייִדישע ווערק, אָבער זי ווייסט, אַז דאָס איז נישט אַזוי לייכט. איז זי גרייט צו אַ צייטווייליקער פּשרה; און פון פּשרה צו פּשרה, ווי ביז איצט, וויל זי דערגרייכן איר ציל. דער פאָרשלאָג פון חלוקה און ייִדישער מדינה איז געווען אַזאַ שריט פון אַ רעאַליסטישער פּשרה, רעכענענדיק זיך מיט דער קראַפט פון ייִדישן ווערק און פון די פּאָליטישע פּאַקטאָרן, וואָס העלפן אים. שפּעטער האָבן זיך געשטאַרקט די פאַקטאָרן, וואָס שטערן (די פּאָליטישע לאַגע אין דער וועלט), אויך דער אינערלעכער פאַק־טאָר, וואָס הייסט „די ענגלישע אָריענטאַציע" און די אָפּהענטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. האָט שוין ענגלאַנד געקענט שטעלן אונטער אַ ספק אויך דעם פּלאַן פון חלוקה און מדינה. אין אַזאַ מצב געפינען מיר זיך איצט. אויף דער וואָגשאָל. פאָרמעל קען בלייבן דער מאַנדאַט, פּראַקטיש־פּאָליטיש איז עס אַ פּאַפּירענער פּגר. ענגלאַנד האָט שוין צוגענומען פון מאַנדאַט די נשמה. לאַנגע יאָרן האָט ענגלאַנד זיך באַמיט אָפּטויטן דעם מאַנדאַט בנשיקה און ס'איז איר נישט געלונגען, ביז זי האָט עס אָפּן פּראָקלאַמירט. איצט גייט עס שוין נישט צו ענדערן, מען מוז אָנערקענען דעם פאַקט. נאַטירלעך, דאָס מאַכט שווערער אונדזער אַרגומענטאַציע פאַרן פאָרום פון פעלקער־בונד, אָבער אויך מיט אונדזער אַרגומענטאַציע טוט סיי ווי די פעלקער־ליגע, וואָס עס פאַרלאַנגט פון איר ענגלאַנד. און די לעצטע סעסיע פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע, אויף וועלכער עס פאַרופט זיך מ. א., דווקא זי באַווייזט עס. מיר זענען געקומען צו אַ לאַגע, ווען דער מאַנדאַט וועט שוין נישט נוצן, ווייל דער מאַנדאַטאָר האָט אים אַוועקגעהרגעט. מיטן מאַנדאַט אָדער אָן אים זענען מיר מחויב זיך צו ראַנגלען פאַר אונדזער עקזיסטענץ און וווקס, עס וועלן אַנטשיידן בלויז די כוחות, און נישט די פאַרפּליכטונגען. און ס'איז משונהדיק, וויפל דער „השומר הצעיר" בויט אין דעם דאָזיקן געראַנגל אויפן „פעלקער־בונד". געווינלעך הערן מיר פון „השומר הצעיר" זייער שאַרפע רייד קעגן ראַטנפאַרבאַנד, פאַרוואָס ער איז אַרייך אין „פעלקער־בונד" און דערמיט פאַ־ראַטן די רעוואָלוציע, ווייל דער „פעלקער־בונד" איז די סטרא־אחרא אַליין. נאָר ווען עס האַנדלט זיך וועגן ארץ־ישראל, פאַרוואַנדלט זיך דער „פעלקער־בונד" אין דעם וויכטיקסטן יסוד. פון וואַנען די טאָפּלטקייט? לגבי מאַדריד קומט נישט די פעלקער־ליגע אין באַטראַכט, לגבי חניתא ווערט זי גאָר אַ זיכערע פעסטונג?

מען דאַרף זען די לאַגע אַזוי ווי זי איז: דער ווערסאילער בנין צעפאַלט זיך. נאָך אַ ביסל און פון אים וועלן בלייבן בלויז רעשטלעך. לאָמיר אָננעמען, אַז ארץ־ישראל וועט זיין פון די דאָזיקע רעשטלעך. אָבער צי פאַרלאַנגט דען נישט די לאַגע פון אַ רעשטל מ'זאָל זוכן אַ נייעם, אַ פעסטערן יסוד? אַוודאי, דערווייל איז נאָך נישט פאַראַן אַזאַ פעסטער יסוד. אָבער אָן אים קענען מיר נישט עקזיסטירן לאַנגע צייטן און מיר מוזן אים געפינען. אַלץ, וואָס וועט קומען נאָכן איצטיקן קריזיס, וועט פאָדערן אַ נייעם יסוד, און דאָס קלאַמערן זיך אין דעם אַלטן, וואָס צעפאַלט זיך, וועט בלויז זיין אַ שטערונג.

די אָנהענגער פון דער מדינה זוכן דעם נייעם יסוד, ווי עס זאָגט מ. א., אין אַ פּאָליטישן און מיליטערישן בונד. עס איז מעגלעך, אַז הינטער די קוליסן

האָבן זיי שוין צוגעגרייט דעם פאָרשלאַג פון אַ דאָמיניע, ווענן וואָס עס שווייגט דערוויַיל דער אָפיציעלער ציוניזם, פונקט ווי אַ פּאָליטיש־מיליטערישער בונד אָדער אַפילו אַ סטאַטוס פון דאָמיניע, וואָלט אימשטאַנד געווען אויסצובריי־טערן די שמאָלע גרענעצן פאַר אַ גרויסער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע. אָבער אויב אין דעם איז פאַראַן אַ מעלה, אַז דאָס וועט אָפּשאַפן די גזירה פון איינשרומפּונג, איז דאָך געגנוג צו קומען צו דער בריטישער רעגירונג און זאָגן איר פשוט: ברייטער אויס אונדזערע גרענעצן, דאָס וועט זיין פון דיין טובה ווענן, צום נוצן פון דיין אימפּעריאַליסטישער גרויסקייט. די זאַכן זענען אָבער נישט אַזוי איינפאַך און אַפילו פאַרן פּריַיז פון אַ דאָמיניע קען מען נישט איינהאַנדלען ענגלאַנד לטובת דעם ציוניזם. אויך דער דאָזיקער יסוד, וואָס איז אָן אַ פאַרגלייך שטאַרקער פון פעלקער־בונד, האָט שוין אויפגעהערט צו זיין, אָדער ריכטיקער, ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין פונדאַמענט פאַרן ציוניזם.

אומזיסט שטרייכט אונטער מ. א. „מיר נייטיקן זיך אין ענגלאַנד, טראָץ דעם, וואָס עס איז אימפּעריאַליסטיש“. זיכער נייטיקן מיר זיך. מיר נייטיקן זיך אין דער גאַנצער וועלט, הגם זי איז קעגן אונדז. אָבער דאָס הייסט נישט, אַז ענגלאַנד נייטיקט זיך היינט אין אונדז. אַדרבה, זי נייטיקט זיך נישט אין אונדז, ווי ביים אָנהייב פון איר הערשאַפט אין ארץ־ישראל, דעריבער פאַר־טראָגט זי אַזוי שווער די דאָזיקע צרה.

דער אויבנגעבראַכטער זאַץ זאָגט גאָרנישט. אָבער ווען מ. א. שטעלט פעסט, אַז „די געשיכטע האָט נישט גוזר געווען, אַז די בריטישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל מוז זיין אַנטי־ציוניסטיש“, — זאָל מיר דערלויבט זיין אים צו זאָגן, אַז דערמיט ליקנט ער אָפּ זיין באַהויפּטונג אין אָנהייב פון זיין אַרטיקל וועגן „אונדזער מאַרקסיסטישער געדאַנקען־שיטה“. אין קעגנזאַץ צו די פירער פון מפא״י, ווייסט שוין „השומר הצעיר“, אַז „עס איז נישטאָ קיין שותפות פון היסטאָרישע אינטערעסן צווישן בריטישן אימפּעריאַליזם און דער באַפרייונגס־באַוועגונג פון יידישן פאָלק“, אָבער ער וויל נאָך אַלץ נישט גלויבן, אַז עס עקזיסטירט אַ קעגנזאַץ צווישן זיי. איך בין פטור זיך ווידער אַריינ־צולאָזן דאָ אין אַ טעאָרעטישער אונטערזוכונג. דיווירקלעכע „היסטאָריע“, און נישט די היפּאָטעטישע, האָט שוין באַוויזן, אַז דער דאָזיקער קעגנזאַץ עקזיסטירט. נאַטירלעך, אויב מען איז אויסן דאָס אימפּעריאַליסטישע ענגלאַנד. זינט צוואַנציק יאָר באַווייזט אונדז עס די ווירקלעכקייט טאָג־טעגלעך.

מיט 18 יאָר צוריק האָב איך פאַרעפנטלעכט אין וואַרשעווער „אַרבע־טער־צייטונג“ אַן אַרטיקל וועגן מאַנדאַט, גלייך ווי עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיין פּראָיעקט. דעמאָלט האָט מיך געפרעגט ש. קאַפּלאַנסקי, אין דער צייטונג פון די רעכטע פועלי־ציון: „ווער האָט עס גוזר געווען, אַז ענגלאַנד מוז אונדז אָפּנאַרן“? די געשיכטע האָט באַוויזן, ווער איז געווען גערעכט. אַזוי איז די זאַך: די געשיכטע האָט גוזר געווען, אַז דער בריטישער אימפּע־ריאַליזם זאָל נאָך אַ קורצער תקופה פון קווענקלעניש זיין אַנטי־ציוניסטיש. די „אָנשטענדיקע קאָאָפּעראַציע“, וועגן וועלכער עס חלומט „השומר הצעיר“, איז נישט בנמצא. די דאָזיקע מאַרקסיסטישע אָרגאַניזאַציע וואָלט געדאַרפט

באַשטימען איר וועג, רעכענענדיק זיך מיט דעם, וואָס איז פאַראַן, און נישט דערמיט, וואָס וואָלט גוט געווען, ווען עס זאָל זיין. נישט בונד, נישט קאָאָפּעראַציע, נישט מאַנדאַט, נישט מדינה דורך חלוקה פון לאַנד דאַרפן בילדן דעם יסוד פון אונדזער פּאָליטיק, נאָר געראַנגל, מאָביליזאַציע פון הילפס־כוחות, ממשותדיקע זעלבסטשטענדיקייט פון אונדזער ווערק אין לאַנד ביים באַשטימען אונדזער וועג און ביים געווינען נאַטירלעכע פאַרבינדעטע אין דער וועלט און אין לאַנד.

און וואָס עס זאָל נישט זיין די צייטווייליקע לייזונג — מדינה, קאַנטאָנען, אדער וועלכער ס׳איז מאַנדאַט, איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע, — די עיקר־דיקע פּאָליטישע אויפגאַבע בלייבט שטענדיק די זעלבע: געפינען אין דער טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק דעם וועג צו אַ בונד מיט אונדזערע נאַטירלעכע פאַרבינדעטע — דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט, די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן אין לאַנד.

אמת, דער דאָזיקער וועג קען נישט זיין און וועט נישט זיין דער וועג פון גאַנצן יידישן פאָלק, פון דער גאַנצער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז קודם־כל די פּאָליטיק פון דעם אַרבעטער־קלאַס. אַרום אים וועלן זיך מאָביליזירן זיכער אויך אַנדערע טיילן פון פאָלק. אָבער אַ רעצעפּט פון אַ פּאָליטיק פאַרן כלל ישראל, ווי עס וויל „השומר הצעיר“, איז נאָך נישט דערפונדן געוואָרן. אויב מען זאָל דעם רעצעפּט דערפינדן, וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ער טויג נישט פאַרן אַרבעטער־קלאַס. אָט דאַכט זיך, מפא״י האָט געפונען אַזאַ וועג, אָבער אַפילו „השומר הצעיר“ קען נישט מיטגיין מיט איר. די זעלבסטשטענדיקייט, וועלכע איז נייטיק, דאָס איז קודם־כל די זעלבסטשטענדיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל. די שטעלונג פון „השומר הצעיר“ זאָגט נישט עדות וועגן אַזאַ מין זעלבסטשטענדיקייט.

„דרך הפועל“ (אַרבעטער־וועג), תל־אביב,
26טער אויגוסט 1938.

# ארץ־ישראל אַ קרבן פון פאַשיסטיש־קאַפּיטאַליסטישן בלאָק

(באַשלוס פון פּאַרטיי־ראַט פון פּועלי־ציון אין ארץ־ישראל, 10—11 אָקטאָבער 1938)

אין רעזולטאַט פון דער איצטיקער פּאָליטישער וועלט־סיטואַציע ווערט נאָך מער פאַרשאַרפט דער פעאָדאַל־פאַשיסטיש־אימפעריאַליסטישער אָנגריף אויף די פּאָזיציעס פון ייִדישן ישוב אין לאַנד, וועלכער טראָגט אַריין דורך זיין עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג די יסודות פון פּראָגרעס און סאָציאַלן אויפבלויז אין דער אָפּגעשטאַנענער פעאָדאַלער סביבה.

דער ענגלישער אימפעריאַליזם, וועלכער האָט זיך אַוועקגעשטעלט בראש פון דעם נייעם פאַשיסטיש־קאַפּיטאַליסטישן בלאָק אין דער גאַנצער וועלט, טרעט צו מיט אַ שטאַרקער האַנט צו ליקווידירן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער און דערשטיקן דאָס לעבנספּולע ווערק, וואָס איז שוין אויפגעשטעלט געוואָרן. דער טיילונגס־פּלאַן פון לאַנד, וואָס האָט שוין אינעם פאָרשלאַג פון דער פּיל־קאָמיסיע באַצוועקט צו באַגרענעצן וואָס מער די מעגלעכקייטן פון ווייטערדיקער אויסשפּרייטונג פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל און אַוועקשטעלן די ייִדישע איינוואַנדערונג אויף אַ מינימאַלן שטח מיט די קלענסטע אויפנעם־מעגלעכקייטן, איז אין די נייע באַדינגונגען פון דער פאַשיסטיש־דעמאָקראַטישער דערנעענטערונג אַלץ מער איבעריק געוואָרן — און ער ווערט שוין אינגאַנצן אַראָפּגענומען פון סדר־היום. זיין פּלאַץ זאָל פאַרנעמען נאָך אַ שטאַרקערע שטיקונג פון די איינוואַנדערונגס־ און קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן אין גאַנצן לאַנד, איידער עס האָבן פּראָוויסגעזען די פּיל־פּאָליאַטיוון. דאָס, וואָס האָט פריִער געזאָלט זיין בלויז אַ פּאָליאַטיוו — ווערט איצט איינגעשטעלט אַלס דער עצם פּלאַן פון בריטישן אימפעריאַליזם. און דער פּאָליטישער רעזשים, וואָס דאַרף איינגעפירט ווערן, זאָל דורך דער אימפעריאַליסטיש־פעאָדאַל־פאַשיסטישער צוזאַמענאַרבעט, אויפן יסוד פון אַן אייביקער ייִדישער מינדערהייט, ענדגילטיק צונישט מאַכן די מלוכהש־פּאָליטישע אויסזיכטן פון ציוניזם און די געזעל־

שאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון לאַנד צוריקשטופּן צו דער מדרגה פון אַראַבישן פעאָדאַליזם, אויסליפערן די מאַסן פוןביידע פעלקער דער הערשאַפט און דער עקספּלאָטאַציע פון פעאָדאַלע גרויס־גרונט־באַזיצער און פון מוסולמענישן קלער און איינשפּאַנען ביידע צוזאַמען אין רייטוואָגן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, אַלס קאַנאָנען־פלייש פאַר זיינע מלחמות.

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, וואָס האָט באַוויזן, צוליבן שלום מיטן פאַשיזם און צוליב דער איזאָלירונג פון ראַטנפאַרבאַנד, אויסצוליפערן טשע־כאָסלאָוואַקיע, און דערמיט גאַנץ מיטלאייראָפּע, אין די הענט פון נאַצישער דיקטאַטור, איז געגנוג אומפאַרשעמט, אין די דאָזיקע ביטערע צייטן פאַר די יידישע געפּייניקטע און געיאָגטע פאָלקסמאַסן צו שטעלן זיך דורך זיין פירונג אין ארץ־ישראל אין איין פראָנט מיט דער ברוטאַלער דערשטיקונגס און אויסראָטונגס־ פּאָליטיק פון פאַשיזם, אַבי צו געווינען אויף זיין זייט דעם אַראַבישן פאַשיזם און אויסצוגלייכן זיך ווי ווייט מעגלעך מיטן פראָנט רוים־בערלין.

אַנטקעגן דעם פאַראייניקטן כוח פון פאַשיזם און קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט באַצוווּנגען טשעכאָסלאָוואַקיע, זענען איצט אָנמעכטיק די יידישע מאַסן אין גאָר דער וועלט, נישט געפינענדיק אין די איצטיקע באַדינגונגען קיין שום ממשותדיקע שטיצע אין די צעבראָקלטע כוחות פון דער אַרבעטערשאַפט און פון די דעמאָקראַטישע פאָלקסמאַסן.

דער ציוניזם שטייט פאַרן שווערסטן קריזיס במשך פון אַלע זיינע יאָרן. פונקט אַזוי ווי די ירידה פון קאַפּיטאַליזם און דער אויפשטייג פון די פּראָלע־טאַרישע כוחות האָבן דערפירט צו דער אַנטשטייונג פון פאַשיזם און צולעצט צום פאַשיסטיש־קאַפּיטאַליסטישן בלאָק — אַזוי האָט אויך דער אויפשטייג פון דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, וואָס איז געגאַנגען מיטן פולן טעמפּ צו דער ענדגילטיקער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם אויף די חורבות פון דער פעאָדאַלער אָרדענונג אין לאַנד — זיך אָנגעשטויסן אויף דער פאַרשטאַרקטער קעגנערשאַפט פון די רעאַקציאָנערע כוחות אויפן אָרט און אין דער וועלט און אין דער ענגסטער פאַרבינדונג מיטן אויפשטייג פונעם פאַשיזם.

אָבער אַקוראַט אַזוי ווי דער נצחון פון פאַשיזם שטעלט מיט זיך פאַר בלויז איין פאַזע אינעם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, און דער פּראָלעטאַריאַט וועט סוף כל סוף קומען צו זיין ענדגילטיקן נצחון, אַזוי וועט אויך דער ציוניזם ביי געביטענע פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין דער וועלט, האַנט ביי האַנט מיטן קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט קעגן אַלע זיינע שונאים, אויפשטייגן צו זיין לעצטער היסטאָריש־נויטווענדיקער פאַרווירקלעכונג, וועלכע דער אימ־פּעריאַליזם מיט דער הילף פון פאַשיזם קען אויפהאַלטן אָבער נישט אומעג־לעך מאַכן, וואָרום דורך זיין פּאָליטיק פאַרשאַרפט ער נאָך מער די וואַנדע־רונגס־נויטן פון די עקספּראָפּרירטע און פּראָלעטאַריזירטע יידישע מאַסן און די נויטווענדיקייט פון טעריטאָריאַלער לייזונג פון דער יידישער פראַגע.

דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל, דער קערן פון דעם יידישן אַרבע־טער־צענטער, איז אַ ווירקלעכקייט, אַ כוח, וועלכער וועט זיך נישט לאָזן אָפּווישן אויך אין די שווערסטע צייטן. די כוחות, וואָס ער האָט אַרויסגע־

בראַכט אין משך פון דריטהאַלבן יאָר, די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון דער ווירטשאַפט אין די צייטן פון בלוטיקסטן טעראָר, זאָגן געגוג עדות וועגן דעם. די יידישע פאָלקסמאַסן אין דער וועלט קענען נישט און וועלן נישט מוותר זיין אויף דער גרויסער היסטאָרישער אויסזיכט, וואָס ארץ־ישראל עפנט פאַר זיי; זיי וועלן זי נישט אָפּלאָזן אויך אונטערן דרוק פון דער שווערסטער רעאַקציע. פונקט אַזוי ווי זיי וועלן קעמפן פאַר זייערע רעכט און עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן אומעטום, אַזוי וועלן זיי אויך היטן דעם ישוב אין ארץ־ישראל, וואָס האָט מיט זיינע ביז איצטיקע אויפטוען געוויזן דער גאַנצער וועלט, וואָס ארץ־ישראל קען ווערן פאַר די יידישע מאַסן — נישט בלויז אַ היים פאַר גערודפטע און געיאָגטע יידן, נאָר דער טעריטאָריאַלער צענטער פון אַן אַרבעטנדיקן פאָלק, די סטראַטעגישע באַזע פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, דאָס לאַנד פון דער קומענדיקער יידישער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אָבער גראָד איצט איז געקומען די צייט פאַר די יידישע מאַסן אומעטום איינצוזען, אַז נישט בלויז אויסערלעכע פאַקטאָרן האָבן גורם געווען צום איצטיקן מצב.

די אָריענטאַציע אויפן ענגלישן אימפּעריאַליזם, ביי אַ פולשטענדיקער איגנאָרירונג פונעם אַראַבישן פאַקטאָר — האָט דערפירט צום איצטיקן מצב פון פאַרפרעמדונג צווישן יידן און אַראַבער, נישט געקוקט אויף די גוואַלדיקע נוצן, וואָס די יידישע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע האָבן געבראַכט למעשה דער אַראַבישער באַפעלקערונג. דער יידישער ישוב איז אויסגעליפערט געוואָרן פולשטענדיק דעם ווילקיר פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק. די פּאָליטיק פון מפא״י און חיים ווייצמאַן האָבן דערפירט דעם ציוניזם צו זיין איצטיקן שווערסטן פּאָליטישן קריזיס, און די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער לאַנגיעריקער פּאָליטיק לאָזן זיך נישט פאַריכטן מיטאַמאָל.

צוואַנציק יאָר צייט איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע בלינד נאָכגעגאַנגען דעם ווילן פון דער ענגלישער פּאָליטיק, גרינגשעצנדיק אַלץ, אויסער אים — ביז זי האָט באַקומען דעם „דאַנק־אָפּצאָל״ פון ענגלאַנד — אַקוראַט ווי טשעכאָסלאָוואַקיע אין איר פאַרהאָפן אויף דער הילף פון אירע פאַרביגדעטע מערב־מלוכות.

די בירגערלעך־מפא״ישע ציוניסטישע פּאָליטיק איז באַנקראָט! די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און אירע פירער האָבן געטריי אויסגעפירט דעם ווילן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם צו האַלטן אָפּגעזונדערט און פאַרפרעמדט די יידישע מאַסן פון די אַראַבישע. און גאָר צולעצט האָט די ציוניסטישע אָנפירונג בלינד אויפגענומען די צוגעוואָרפענע אימפּעריאַליסטישע פאַסטקע פון אַ „יידישער מדינה״, וועלכע איז בלויז אויסן געווען צו דעזאָריענטירן די יידישע עפנטלעכקייט — און אַרויסגעשטעלט גרויסע יידישע מאַסן מאַכטלאָז פאַר דער האַרבסטער אַנטוישונג.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג מוז דעריבער אויף זיך נעמען די איניציאַטיוו פון אַ נייער פּאָליטיק אין די שווערסטע באַדינגונגען, אַ פּאָליטיק פון שלום, צוזאַמענאַרבעט און פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבישע אַרבעטנדי־

קע מאַסן. און דאָס מוז געשען וואָס געשווינדער, נישט צולאָזן די גראַנדיעזע באַוועגונג אַרום ארץ־ישראל ווייטער דעזאָריענטירט און צעפּרעסן ווערן פון אַנטוישונג און הילפלאָזיקייט. אין יסוד פון דער נייער יידישער פאָלקס־פּאָליטיק מוז נאַטירלעך ווייטער ליגן דער מוטיקער קאַמף פאַר פרייער יידישער איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל, וואָס גאַראַנטירט די אַנטוויקלונג פון לאַנד פאַר אַלע זיינע איינוווינער.

די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אין דער אַראַבישער סביבה, די הערשאַפט פון די עפענדים און צעבושעוועטן טעראָריסטישן פאַשיזם, מאַכן איצט כמעט פולשטענדיק אויסזיכטלאָז אַ דירעקטע פאַרשטענדיקונג מיט די היינטיקע פאָרשטייער פון דער אַראַבישער געזעלשאַפט. דער יידיש־אַראַבישער הסכם מוז אויסגעקעמפט און אויסגעאַרבעט ווערן אין לעבן דורך ווירטשאַפטלעכער צוזאַמענאַרבעט און קעגנזייטיקייט פון די מאַסן פון ביידע פעלקער.

אין אַלע באַדינגונגען, וואָס וועלן אָנגעוואָרפן ווערן דורך קומענדיקע פּאָליטישע אַנטשיידונגען, וועט דאָס זיין די הויפּט־אויפגאַבע פון דער יידי־שער פאָלקס־פּאָליטיק, און דער יידישער אַרבעטער־קלאַס וועט מוזן זיין דער פּיאָנער און קעמפער פאַר דעם דאָזיקן וועג, וועלכן פועלי־ציון האָבן אָנגעצייכנט נאָך מיט צוואַציק יאָר צוריק.

די נייע פּאָליטיק פון די יידישע מאַסן, אין די קאַטאַסטראָפאַלע באַדינ־גונגען פון רעאַקציע און פאַשיסטישן פאַרויסמאַרש, וועט מוזן איינזען דעם ענגן נאַטירלעכן צוזאַמענהאַנג צווישן אַנטיפאַשיסטישן וועלט־קאַמף און קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון יידישן טעריטאָריאַלן צענטער.

„ניזוועלט“, תל־אביב, 14טער אָקטאָבער 1938.

דניאל לייבל

# שענדלעך און לעכערלעך!

(דער באַריכט פון דער ווודהעד־קאָמיסיע)

די ווודהעד־טיילונגס־קאָמיסיע האָט מיט מזל שוין אַרויסגעגעבן איר באַריכט, וועלכער איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט מיט אַ באַגלייט־דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג גופא.

דער קורצער זין פון ביידע דאָקומענטן צוזאַמען איז איינער: דער טיילונגס־פּלאַן פון ארץ־ישראל ווערט אַראָפּגענומען פון סדר־היום און ס׳הייבט זיך אָן אַ נייע פּרשה „אונטערהאַנדלונגען".

אומזיסט האָט מען געדרייט דעם קאָפּ די יידישע מאַסן מיט דער יידישער מלוכה, וואָס ענגלאַנד באַוויליקט צו געבן מניה־וביה. אומזיסט האָט מען אָפּגעוועדעט די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער און נישט יידישער וועלט פונעם קאַמף פאַר אומגעשטערטער יידישער איינוואַנדערונג און איינוואָרצלונג אין ארץ־ישראל. דער חלוקה־פּלאַן איז געווען נישט מער ווי אַ צוגעגרייטער שפּרינגברעט פאַר וויטערדיקע אַקראָבאַטישע שטיק פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק, אַ בלענדווערק צו פאַרשטעלן די אמתע כוונות אירע.

די קאָמיסיע איז געווען פאַרפליכטעט צו אַרבעטן לויט די אָנווייזונגען פון דער בריטישער רעגירונג, און זי האָט איר אַרבעט אויסגעפירט בשלימות.

עס איז דער שענדלעכסטער און דערביי דער לעכערלעכסטער דאָקומענט, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן. די פּיל־קאָמיסיע האָט פאַרעכנט אין דער יידישער מלוכה אייך פינפטל טייל פון ארץ־ישראל אויף דער זייט ירדן. די ווודהעד־קאָמיסיע לייגט פאָר איין צוואַנציקסטל טייל! די פּיל־קאָמיסיע האָט צוגעטיילט דעם גליל (אויסער עטלעכע טיילן) צו דער יידישער מלוכה, אַלס רעזערוו פאַר דער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע. די ווודהעד־קאָמיסיע שניידט אַרויס נישט בלויז דעם גאַנצן גליל מיט טבריה און די יידישע ישובים פון דער חולה ביז עמק הירדן, נאָר אַפילו דעם גאַנצן עמק יזרעאל מיט זיינע אַלע ישובים, די קרוין פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל, מיט

חיפה און דעם עמק זבולון, אויסער אַנדערע שניידערייען מיט דער ברייטער האַנט.

שענדלעך און לעכערלעך צוגלייך! וואָרום די, וואָס האָבן דעם באַריכט געשריבן האָבן, אמת, געוווּסט, אַז דאָס, וואָס זיי גייען פאָרלייגן, האָט נישט וועלכע ס׳איז שאַנסן אָנגענומען צו ווערן, אָבער טאַקע דאָס זענען זיי אויסן געווען: אַז קיינער זאָל עס נישט קענען אָננעמען, און דערמיט זאָל דעם עצם געדאַנק פון „אומאָפּהענגיקייט" באַצייטנס אָפּגעשניטן ווערן דער קאָפּ. עס האָט געמוזט באַוויזן ווערן, אַז אַן אַראַבישע מלוכה אין ארץ־ישראל קען נישט זיין פונקט ווי אַ יידישע מלוכה טאָר נישט זיין; אַז קיין חלוקה קען נישט זיין, און ממילא בלייבט ווייטער די ענגלישע „פאַראַנטוואָרטלעכקייט", און די נייע איינאָרדענונג וועט מוזן קומען אויף אַן אַנדער דרך, מיט נייע שלעפענישן און קאָמבינאַציעס.

ווי זאָל מען אָנרופן אַ באַריכט, וועלכער שטעלט פעסט, אַז די אַראַבישע פאַרמערונג אין לאַנד איז געשאַפן געוואָרן טאַקע דורך דער יידישער איינוואַנדערונג און פון דעם דאָזיקן פּאָזיטיוון פאַקט פרוווט ער אַרויסדרייען אַ טעאָריע, אַז דערפאַר דאַרף די יידישע איינוואַנדערונג אין לאַנד באַגרענעצט ווערן?

דער סימן פון דער צייט — גראָבע ברוטאַליטעט — ליגט אויסגעשפּרייט אויפן באַריכט. מ׳דערקענט עס באַלד: היטלער און מוסאָליני זענען געשטאַנען קוואַטער ביים געבורט, און טשעמבערליין איז געווען די הייבאַם.

די רעגירונג האָט באַלד אונטערגעכאַפּט דאָס, אויף וואָס זי האָט געוואַרט. אין איר דעקלאַראַציע נעמט זי אויף מיט ביידע הענט, וואָס די קאָמיסיע וואַרפט אָפּ איינשטימיק דעם פּיל־פּראָיעקט, און גלייכצייטיק וואַרפט זי אויך אָפּ דעם פּלאַן פון דער טיילונגס־קאָמיסיע אַלס אַזעלכן, וואָס לאָזט זיך באַשיינפּערלעך נישט פאַרווירקלעכן.

העכער אַנדערטהאַלבן יאָר צייט, ביז מיט צוויי וואָכן צוריק, האָט די רעגירונג נאָכאַנאַנד דערקלערט, אַז זי האַלט די טיילונג פון לאַנד פאַר דער בעסטער און איינציקער רייכסטער לייזונג פון דעם פּאַלעסטינער פּראָבלעם, ביז דער אמת האָט אַרויסגעפּלאַצט! די אימפּעריאַליסטישע מעטאָדן זענען אַנטפּלעקט געוואָרן אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט. די חלוקה לוינט זיך מער נישט, זי האָט זיך נישט געלוינט שוין בעת די קאָמיסיע איז נאָמינירט געוואָרן.

איצט הייבט זיך אָן אַ נייַ קאַפּיטל: „אונטערהאַנדלונגען". די רעגירונג וועט רופן פאָרשטייער פון די אַראַבער און פון די אַראַבישע לענדער, באַגלייך מיט די פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ, כדי צו „שאַפן פאַרשטענדיקונג" צווישן יידן און אַראַבער.

פריער האָט די רעגירונג אָפּגעוואָרפן אַזאַ פּרווו אַלס נישט אין דער צייט, איצט, נאָך דעם ווי זי אָנערקענט די אַראַבישע מלוכות אַלס צד — איצט, אויף דער באַזע פון זייער אָרגאַניזירטער קעגנערשאַפט צו יידישער איינוואַנדערונג און וווקס, האַלט גראָד די רעגירונג פאַר נייטיק, אָנצוהייבן איר „פאַרשטענדיקונגס־אַרבעט"...

אין דער גאַנצער דערקלערונג וועגן דער רעגירונגס־פּאָליטיק איז מיט קיין איינציק וואָרט נישט דערמאָנט דער צעבושעוועטער טעראָר אין לאַנד און די אַנטשלאָסנקייט פון דער רעגירונג צו ליקווידירן אים פאַר יעדן פּרייז.

אין דער דערקלערונג ווערט נישט דערמאָנט אַפילו מיט אַ רמז די שווערע לאַגע פון די ייִדישע מאַסן אין דער וועלט. דער „שלום־מאַכער" טשעמבערליין, און זיין „שלום־נאָכמאַכער" מאַלקאָלם מאַקדאָנאַלד, וועלן זיך דאָך נישט קאָמ־פּראָמיטירן מיט אַזעלכע סענטימענטן.

איז נישט גענוג די טובה, ווען אַלס לעקעכל פאַר די ייִדישע מאַסן קומט דער צוזאָג פון דער רעגירונג, אַז „בשעת זי וועט באַטראַכטן און פעסטשטעלן איר פּאָליטיק, וועט זי האָבן פאַר די אויגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַק־טער פונעם מאַנדאַט, וואָס איז איר אָנגעטרויט געוואָרן, און אירע התחייבותן אין דער באַציִונג"? אָבער וואָס זענען די דערמאָנטע פאַרפליכטונגען? צי אפשר מיינט דאָס די באַלפור־דעקלאַראַציע? צי אפשר די ייִדישע איינוואַנ־דערונג לויט די עקאָנאָמישע אויפנעם־מעגלעכקייטן — קעגן וואָס די רעגי־רונג קעמפט איצט אַזוי פאַרביטערט אין פעלקער־בונד? עס זענען נאָר ווער־טער; אָפּגענוצטע ווערטער אָן אַ באַטייט, הינטער וועלכע עס באַהאַלט זיך די באַקאַנטע פּאָליטיק, וואָס גייט אָן מיט בלוט אין ארץ־ישראל שוין העכער דריטהאַלבן יאָר און ס'איז נאָך אַלץ נישט געקומען די צייט צו מאַכן אַ סוף צו איר.

די שווער געפּרוווטע ייִדישע מאַסן, אין דער שרעקלעכסטער צייט פון אונדזער געשיכטע, האָבן ווידער באַקומען אַ לעקציע פון אימפּעריאַליסטישן יושר, פון אויסהוזקן הבטחות, רעכט און אויפטוען. דער אימפּעריאַליזם האָט פאַרשטאַנען אָנצוואַרפן אונדז דעם קאַמף פאַר אונדזער לעבן און צוקונפט אין די ערגסטע באַדינגונגען פאַר אונדז. איצט גייט ער ווידער שאַפן דעם „שלום" ביי די ערגסטע באַדינגונגען פון די ייִדישע מאַסן. די ייִדישע מאַסן דאַרפן וויסן, וואָס דער דאָזיקער „שלום" איז אויסן — אויספּירן מיט אונטער־האַנדלונגען דאָס, וואָס דריטהאַלבן יאָר מלחמה האָבן ביי אונדז נישט גע־פּועלט, אַרויסבאַקומען פון אונדז אַ פריייוויליקן אָפּזאָג פון די גרויסע היס־טאָרישע פּערספּעקטיוון, וואָס ארץ־ישראל עפנט פאַר די ייִדישע מאַסן פאַר זייער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג.

אַזאַ שלום וועלן די ייִדישע מאַסן נישט אָננעמען!

„ניַיוועלט", תל־אביב, 11טער נאָוועמבער 1938.

שכנא זאגאן

# די בריטישע אַנטשיידונג

ענדלעך, נאָך אַ 10־חדשימדיקער אויספאָרשונג, האָט די „פּאַלעסטינער־טיילונגס־קאָמיסיע" פאַרענדיקט איר אַרבעט. דער באַריכט פון דער קאָמיסיע איז באַגלייט פון אַן אָפיציעלער רעגירונגס־דעקלאַראַציע, וואָס וואַרפט אין סך־הכל אָפּ אַלע אירע פאָרשלאָגן, אָנזאָגנדיק, אַז די בריטישע רעגירונג וועט אונטערנעמען נייע שריט, כדי צו רעגולירן דעם פּאַלעסטינער פּראָבלעם.

דאָס סאַמע עיקרדיקסטע אינעם באַריכט פון דער „טיילונגס־קאָמיסיע" איז, אַז זי וואַרפט אָפּ דעם פּראָיעקט פון דער ערשטער קעניגלעכער קאָמיסיע, וועלכער האָט פאָרויסגעזען די פונאַנדערטיילונג פון ארץ־ישראל אויף צוויי מלוכות — אַ ייִדישער און אַראַבישער, איבערלאָזנדיק דעם נגב, ירושלים און אַ שמאָלן קאָרידאָר צום ים אונטער בריטישער מאַנדאַט־הערשאַפט. אויפן אָרט פון אָט דעם טיילונגס־פּלאַן, וועלכן די נייע קאָמיסיע האַלט פאַר נישט אויספירבאַר, ווערט פאָרגעשלאָגן די שאַפונג פון אַ ייִדישער און אַראַבישער מלוכה אויף אַ פיל קלענערן שטח, בעת אונטער דער בריטישער מאַנדאַט־מאַכט דאַרף בלייבן דער נגב, גליל, אַ טייל עמק יזרעאל, ירושלים און חיפה. מיט אַנדערע ווערטער — דער פּראָיעקט פון דער „טיילונגס־קאָמיסיע" זעט פאָרויס דאָס איינהאַלטן דעם בריטישן מאַנדאַט איבער כמעט גאַנץ ארץ־ישראל מיטן אויסנאַם פון אַ שמאָלן פּאַס ביים ים־ברעג, וווּ עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ ייִדישע מלוכה, און פעלדזיקע באַרג־געביטן, וווּ עס דאַרף אויפגעריכט ווערן די אַראַבישע מלוכה...

דעם דאָזיקן פּראָיעקט האָט די ענגלישע רעגירונג אָפּגעוואָרפן. אין איר דעקלאַראַציע דערקלערט זי, אַז דער מאַנדאַט בלייבט ווייטער אין קראַפט איבערן גאַנצן שטח פון ארץ־ישראל און אַז די נייע לייזונג פונעם פּאַלעסטינע־פּראָבלעם וועט זי זוכן אין דירעקטע אונטערהאַנדלונגען מיט פאָרשטייער פון דער ייִדישער אַגענץ און פאַרטרעטער פון די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער ווי אויך שכנותדיקע אַראַבישע לענדער.

אויב די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען זאָלן נישט דערפירן צו אַ פּאָזיטיוון רעזולטאַט, דאַן וועט די ענגלישע רעגירונג אַליין באַשטימען דעם גורל פון ארץ־ישראל.

***

צוויי און אַ האַלב יאָר ווילדעוועט אין ארץ־ישראל דער אַראַבישער טע־ראָר, צוויי און האַלב יאָר טאָלערירט די ענגלישע מאַנדאַט־מאַכט די גוואַלט־אַקטן פון אַ פאַשיסטישער כנופיה, וועלכע פירט אויס אין ארץ־ישראל די ראָל פון אַ פאָרפּאָסטן פון איטאַליעניש־דייטשן אימפּעריאַליזם.

די ענגלישע רעגירונג האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי דערשאַצט נישט אָט דעם כאַראַקטער פון דער אַראַבישער טעראָר־אַקציע, פונקט ווי זי האָט כלומרשט נישט דערזען דעם אַגרעסיוו־אימפּעריאַליסטישן פּאַן פון דער פאַשיסטישער אינטערווענץ אין שפּאַניע, אָדער דעם ציל פון דער דייטש־פאַשיסטישער „זעלבסטבאַשטימונג“ אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי.

איבערפירנדיק די אַראַבישע טעראָר־אַקציע אויף רעלסן פון אַ ייִדיש־אַראַבישן קאַמף, צוגעבנדיק אָט דעם קאַמף אויסשליסלעך דעם כאַראַקטער פון אַן אינערלעכן נאַציאָנאַלן שטרייט, האָט די בריטישע רעגירונג גע־שטרעבט צו באַזייטיקן פון זיך גופא די געפאַרן, וואָס באַדראָען פון דרויסן איר הערשאַפט אין ארץ־ישראל. געטריי דעם אַלטן מעטאָד פון אימפּעריאַ־ליזם בכלל, האָט זי דורך צעטיילן און אויפהעצן די אָרטיקע באַפעלקערונג געזוכט באַפעסטיקן איר אייגענע מאַכט. די אויסרעכענונג איז געווען: דער נאַציאָנאַלער קאַמף קעגן ייִדן וועט אָפּטעמפּן די פּאָליטישע גראַוויטאַציע פון די הערשנדיקע אַראַבישע שיכטן צום איטאַליענישן פאַשיזם.

דעריבער האָט די בריטישע אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל נישט אונטערגענומען קיין שום ווירקזאַמע שריט, כדי צו דערשטיקן דעם אַראַבישן טעראָר אין דעם מאָמענט, ווען דאָס איז נאָך מעגלעך געווען צו דערגרייכן מיט בערך קליינע מיטלען. דעריבער האָט זי אויך געלאָזן אויף הפקר דעם ייִדישן ישוב, באַגרענעצט ביז גאָר די ייִדישע איינוואַנדערונג, האָפנדיק, אַז פאַר אָט דעם פּרייז וועט זיך איר איינגעבן מפייס צו זיין די אַראַבישע פעאָדאַל־פּאָליטישע רעאַקציע און אַרויסרייסן זי פון אונטער דער איטאַליע־ניש־דייטשער השפּעה.

כדי אָפּצושוואַכן די געפאַר פון דרויסנדיקער פאַשיסטישער פענעטראַ־ציע, האָט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם זיך געגייטיקט אין אַ כסדרדיקער אינערלעכער שפּאַנונג אין ארץ־ישראל גופא. דעם דאָזיקן ציל האָט געדינט דער צביעותדיקער שפּיל מיט קעניגלעכע קאָמיסיעס. ארץ־ישראל איז פון סטראַטעגישן שטאַנדפּונקט צו וויכטיק פאַר די בריטישע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן, אַז די ענגלישע רעגירונג זאָל פרייוויליק איינגיין אויף אַ באַגרע־נעצונג פון איר מאַכט איבערן לאַנד. די צעטייל־פּלענער זענען געווען נישט מער ווי אַ צינד־שטאָף, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן דאָס פייער אין ארץ־ישראל — קיינמאָל האָט זיי דער ענגלישער אימפּעריאַליזם נישט גענומען ערנסט: די איינציקע און וויכטיקסטע אויפגאַבע פון די בריטישע קאָמיסיעס איז געווען נישט צו לייזן דעם פּאַלעסטינער פּראָבלעם, נאָר אים נאָך מער קאָמפּליצירן און פאַרשאַרפן.

**
*

דער פּיל־באַריכט איז מער נישט אַקטועל, דער צעטייל־פּלאַן פון ארץ־ישראל און דער פּראָיעקט צו שאַפן אַ ייִדישע מלוכה איז פאַרוואָרפן — נאָך

צוויי און אַ האַלב יאָר בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל האָט די בריטי־שע אימפּעריאַליסטישע מאַכט נישט נאָר זיך אומגעקערט צום אָנהייב, נאָר געמאַכט אַ באַדייטנדיקן שריט — אויף צוריק.

ווער עס האָט געהאָפט, אַז די בריטישע רעגירונג וועט זיך ביים לייזן דעם פּאַלעסטינע־פּראָבלעם רעכענען מיט די אינטערעסן פון ייִדן און אַראַבער, דער מוז איצט ביטער זיין אַנטוישט. ביים לייזן אירע אימפּעריאַלע פּראָבלע־מען רעכנט זיך ענגלאַנד אויסשליסלעך מיט אירע אייגענע אינטערעסן. און ארץ־ישראל איז פאַר ענגלאַנד נישט סתם אַ מאַנדאַט־געביט, נאָר אַ וויכ־טיקער שטיצפּונקט פון איר וועלט־מאַכט. בפרט איז דאָס ריכטיק איצט, ווען קעגן דעם קליינעם לאַנד ריכט זיך מיטן גאַנצן אימפּעט די איטאַליעניש־דייטשע אַגרעסיע, וועלכע זוכט גראָד דאָ צו טרעפן אין איינעם פון די פיל־באַרסטע פּונקטן פון דער בריטישער אימפּעריאַליסטישער סיסטעם.

נישט בלויז אין ארץ־ישראל איז אָנגעגריפן דורך דער פאַשיסטישער אַקס די בריטישע וועלט־מאַכט. אָבער אומעטום, ווו דער דאָזיקער אָנגריף גייט אָן, ווענדעט אָן דער בריטישער אימפּעריאַליזם איינעם און דעם זעלבן מעטאָד: שיצנדיק די אייגענע באַדראָטע פּאָזיציע, ברענגט ער פאַר אַ קרבן דעם גורל פון אַנדערע פעלקער און לענדער.

דער צביעותדיקער שפּיל אין קעניגלעכע קאָמיסיעס און צעטייל־־פּראָ־יעקטן האָט געזאָלט שאַפן דעם שיין, אַז די ענגלישע מאַכט איז באמת באַאומרויִקט וועגן גורל פון ארץ־ישראל. אונטער דעם דאָזיקן אָנשטעל איז געווען באַהאַלטן די איינציקע כוונה — אויסגראָבן טיפער דעם תהום צווישן ייִדן אין אַראַבער אין דעם דאָזיקן ציל האָט איצט דער ענגלישער אימפּע־ריאַליזם גלענצנד דערגרייכט!

אין ארץ־ישראל ווילדעוועט דער אַראַבישער טעראָר ווי נאָך קיינמאָל נישט. די הפקרדיקע באַציִונג פון דער בריטישער אַדמיניסטראַציע האָט דערפירט דערצו, אַז אין לאַנד הערשט ווילקיר און כאַאָס. קיין שום אויס־זיכטן אויף אַ גיכער באַרויִקונג און סטאַביליזירונג פון די פאַרהעלטעני־שן זענען נישט פאַראַן. אין דעם מאָמענט קומט די בריטישע אַנטשיידונג, וועל־כע וואַרפט אָפּ נישט בלויז אַ ראַדיקאַלע לייזונג פונעם פּאַלעסטינע־פּראָבלעם, נאָר אַפילו פּאַליאַטיוו־פּראָיעקטן. די נייע בריטישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל ווערט איינגעשטעלט אויף אָפּשלעפּן און אָפּציִען — דאָס דיקטירט דעם בריטישן אימפּעריאַליזם די וועלט־פּאָליטישע לאַגע: צוליב זיין אייגענער זיכערקייט, ברענגט ער פאַר אַ קרבן ייִדישע שטרעבונגען און אַראַבישע אינטערעסן, באַפעסטיקנדיק איבער גאַנץ ארץ־ישראל זיין אייגענע מאַכט — די מאַכט פון בריטישן מאַנדאַט.

***

די „טיילונגס־קאָמיסיע" האָט אָפּגעוואָרפן דעם פּיל־פּראָיעקט וועגן דער אייסבילדונג פון אַ ייִדישער און אַראַבישער מלוכה, די ענגלישע רעגירונג האָט אָפּגעוואָרפן די פּאַליאַטיוו־פּראָיעקטן פון דער „טיילונגס־קאָמיסיע". העכער צוויי יאָר האָט דער דאָזיקער שפּיל געדויערט. און איצט כדי פּאָרט

צו שאַפן דעם שיין, אַז ס׳ווערן געזוכט נייע אויסוועגן, זאָגט אָן די ענגלישע רעגירונג אונטערהאַנדלונג מיט ייִדן און אַראַבער, כדי צו געפינען די לייזונג פונעם פּאַלעסטינע־פּראָבלעם אויפן וועג פון אַ דירעקטער פאַרשטענדיקונג.

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם שיט דאָ זאַמד אין די אויגן. זיין צבי־עותדיקע פּאָליטיק האָט פאַרוואַנדלט ארץ־ישראל אין אַן אַרענע פון פאַר־שאַרפטן נאַציאָנאַליסטישן שטרייט, זיין אויסגערעכנטער שפּיל האָט אויפ־געשטעלט אַ דיקע מחיצה צווישן ייִדישן און אַראַבישן סעקטאָר. אויב ענג־לאַנד זאָגט אָן שריט, כדי צו דערפירן צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן ייִדן און אַראַבער, קומט דאָ אונטער דער פאַרגלייך מיטן באָק, וואָס שטעלט זיך אַוועק ווי אַ שומר פון גאָרטן...

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם איז נישט מסוגל צו דערפירן צו אַזאַ פאַרשטענדיקונג, ווייל יעטוועדער הסכם צווישן ייִדן און אַראַבער מוז אין אונטערשטן סך־הכל זיין געריכטעט קעגן דער ענגלישער הערשאַפט גופא. די איצטיקע בריטישע אַנטשיידונג, וועלכע שטעלט צוריק איין דעם צושטאַנד פון פאַר 2 און 3 יאָר צוריק, מאַכט אָבער איצט אַ ייִדיש־אַראַבישע פאַר־שטענדיקונג דרינגנדיקער, ווי ווען עס איז. נאָך די טראַגישע יאָרן פון טעראָר און שאָוויניסטישער העצע מוזן ענדלעך אונטערגענומען ווערן ערנסטע פּרווון איבערצוּוואַרפן אַ בריק צווישן ייִדישן און אַראַבישן סעקטאָר, ווייל נאָר אויף דעם וועג קען געפינען ווערן די לייזונג פון פּאַלעסטינע־פּראָבלעם אין די אינטערעסן הן פון די ייִדישע, הן פון די אַראַבישע פאָלקסמאַסן.

די דאָזיקע אויפגאַבע פאַלט מיט דער גאַנצער געשיכטלעכער אַחריות אויף דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל. זי האָט זיך נישט געלאָזט אַריינציִען אין בלוטיקן טעראָר־קאַראַהאַד. שיצנדיק העראָיִש די אייגענע מיט שווייס אויסגעבויטע פּאָזיציעס, האָט זי זיך אָפּגעטרייסלט פון נקמה־ און בלוט־העצע — זי איז דעריבער באַרופן צו געפינען די לייזונג פון קאָמפּלי־צירטן פּאַלעסטינע־פּראָבלעם אויף אַ ברייטן יסוד פון געמיינזאַמע אינטע־רעסן פון דער ייִדישער און אַראַבישער אַרבעטדיקער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל.

„אַרבעטער־צייטונג“, וואַרשע, 11טער נאָוועמבער 1938.

יוסף ראָזען

# מאַלקאָלם מאַקדאָנאַלד האָט גערעדט

די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו פּובליקירן אין דעם פאָרעם פון אַ קאָמוניקאַט דעם געַנויעם טעקסט פון דער רעדע, וואָס דער קאָלאָניע־מיניסטער מאַלקאָלם מאַקדאָנאַלד האָט געהאַלטן אין פּאַר־לאַמענט.

מיר זענען אַ פאָלק, וואָס איז אין משך פון דורות נישט געבאַלעוועט געוואָרן פון קיינעם, אין ערגעץ נישט. מיר זענען געוואוינט צו רשעות, צו גיפטיקער העצע, צו ברוטאַלע גזירות, צו חיהשער אַכזריות; מיר זענען געוואוינט צו זען פאַר אונדזערע אויגן דעם תלין מיט אַן אויפגעהויבענער האַק, מיט אַ צעיושעטן פּרצוף אויסגעקרימט פון ווילדער שנאה. איז דאָס נאָך ווייניק, איז אונדז באַשערט איבערצולעבן די אינקוויזיציע אין אַ גאָר נייער אויפפירונג, אַ „דזשענטעלמענישער": דער אינקוויזיטאָר דערשיינט אין דער געשטאַלט פון אונדזער האַרציקן פריינט, ער באַוויינט אונדזער ביטערן גורל, דריקט אונדז אויס מיטלייד און מיטגעפיל אין אונדזערע אומגליקן, ער לייקנט אָפּ די בלבולים, וואָס מען מאַכט אויף אונדז, פון זיינע ליפּן טריפן די שענ־סטע קאָמפּלימענטן פאַר אונדז, ער זינגט אונדז לויבגעזאַנגען און — ערשט נאָך דעם קומט דער אַלטבאַקאַנטער רעפריין: „דער ייד מוז פאַרברענט ווערן".

אָ, דער בריטישער קאָלאָניע - מיניסטער מאַקדאָנאַלד ווייסט, אַז „נאָך קיינמאָל איז די טראַגעדיע פון אַ פאָלק נישט געווען אַזוי גרויס ווי איצט" — די טראַגעדיע פון יידישן פאָלק. גלייכצייטיק ווייסט ער פון דעם וווּנדער, וואָס יידן האָבן באַוויזן אין ארץ־ישראל: „בערג זאַמד האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין פּרדסים. זיי זענען געגאַנגען אין וויסטעַנישן און אויפגעשטעלט דאָרט זייערע ישובים. אויף אַ וויסטן ברעג ים האָבן זיי אויסגעבויט אַ שטאָט, וואָס האָט איצט אַ באַפעלקערונג פון 140 טויזנט מענטשן". האָבן מיר אפשר אַרויסגעשטויסן די אַראַבישע באַפעלקערונג? דער מיניסטער ווייסט און דער־קלערט, אַז „די אַראַבער קענען נישט זאָגן, אַז די יידן טרייבן זיי אַרויס פון לאַנד". גראָד פאַרקערט: ער ווייזט אָן, אַז פון 1922 ביז איצט איז די צאָל

אַראַבער אויסגעוואַקסן פון 600 אויף 990 טויזנט און דער דאָזיקער וווקס איז גראַד אַ רעזולטאַט פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג. „ווען נאָך 1918 — זאָגט ער — וואָלט קיין איין ייִד נישט אַריינגעקומען, וואָלט די צאָל אַראַבער נאָך היינט נישט אויסגעמאַכט מער ווי 600 טויזנט, וואָס איז געווען אַ סטאַבילע ציפער אין די טערקישע צייטן". וואָרום „די ייִדן האָבן געבראַכט מיט׳ זיך געלט און אַנטוויקלונגס־ווערק, נייע קוואַלן פון פרנסה, אַ מאָדערנעם געזונט־הייטס־וועזן, וואָס האָט געדינט נישט בלויז די ייִדן, נאָר אויך די אַראַבער".

דער מיניסטער שטרייכט אונטער, אַז אַ דאַנק דער ייִדישער איינוואַנדערונג איז כסדר געשטיגן דער לעבנס־סטאַנדאַרד פון דער אַראַבישער באַפעלקע־רונג און ער ׳דערמאָנט, אַז די בריטישע רעגירונג האָט אָפּגעוואָרפן דעם טיילונגס־פּלאַן שוין צוליב דעם אַליין, ווייל לויט דער פעסטשטעלונג פון דער ווודהעד־קאָמיסיע (און פאַר איר אויך פון דער פּיל־קאָמיסיע) וואָלט די אַראַבישע מלוכה אָן דעם ייִדישן ישוב און אָן ייִדישער איינוואַנדערונג נישט געקענט דעקן איר בודזשעט און וואָלט באַין אופן נישט געקענט געבן דער אַראַבישער באַפעלקערונג דאָס, וואָס זי באַקומט איצט אַ דאַנק די ייִדישע שטייער־צאָלער.

אָבער נאָך אַלעמען ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך פון מיטלייד און סימפּאַ־טיע און אָנערקענונג און ליבגעזאַנגען קען מען — פלעכטן אַ שטריק פאַר אונדזער האַלדז.

דער הויכגעשעצטער הער מיניסטער פאַרמאָגט רירנדיקע ווערטער פאַר דער טראַגעדיע פון ייִדישן פאָלק, וואָס האָט נישט אירס גלייכן אין דער געשיכטע. אָבער: „ווען מיר האָבן צוגעזאָגט צו פאַרלייכטערן די גרינדונג פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל, האָבן מיר נישט פאָרויס־געזען די דאָזיקע אַכזריותדיקע רדיפות אין אייראָפּע"... איז וואָס דערפון געדרונגען? קען מען מיינען, אַז דווקא, ווייל די רדיפות האָבן באַקומען אַזאַ שוידערלעכן פאַרנעם, איז די פאָדערונג פון די ייִדישע מאַסן, מ׳זאָל זיי לאָזן בויען זייער היים אין ארץ־ישראל נאָך מער באַרעכטיקט, איז דאָס נאָך אַ מער דרינגנדיקע נויטווענדיקייט ווי דאַן, ווען מ׳האָט אַזעלכע רדיפות נישט פאָרויס־געזען. אַנדערש איז אָבער די לאָגיק און דער יושר פון אַן אימפּעריאַליס־טישן מיניסטער. אויב די נויט איז יאָ אַזוי גרויס און שרעקלעך — קען ארץ־ישראל נישט דינען אַלס לייזונג... פאַרוואָס? עס איז אַ קליין לאַנד, זאָגט ער. האָט דאָך אָבער די פּיל־קאָמיסיע פעסטגעשטעלט, אַז אַ ייִדישע מדינה אַפילו אין אַ טייל פון ארץ־ישראל וועט קענען אויפנעמען אַ מיליאָניקע באַ־פעלקערונג. ווערט דען דער דאָזיקער שטח איינגעשרומפּן, ווען דאָס לאַנד ווערט נישט צעטיילט? ווו איז דען בכלל די אָביעקטיווע מאָס צו מעסטן, צי דאָס לאַנד איז קליין אָדער גרויס? האָט דען נישט אין די אויגן פון אַ סך, גאָר אַ סך, אויסגעזען ווי אַן אוטאָפּיע אַן איינוואַנדערונג פון 40 און 60 טויזנט אַ יאָר? און מיר האָבן געזען, אַז דאָס איז נישט קיין אוטאָפּיע. האָט דאָך די ייִדישע איינוואַנדערונג גופא כסדר אויסגעברייטערט דאָס לאַנד. האָבן דאָך מסירות־נפש און התלהבות פון ייִדישע אַרבעטס־מענטשן, געשפּייזט פון פּייך און לעבנס־ווילן, באַשאַפן אין דעם לאַנד פּלאַץ פאַר מענטשן דאָרט, ווו כלערליי

מומחים און אויספֿאָרשער האָבן געהאַלטן, אַז אייביק וועלן דאָרט בלויז שאַקאַלן וואָיען.

און איז דען די צאָל איינוואַנדערער, וואָס ארץ־ישראל קען לכל הדעות אויפֿנעמען שוין איצט — ווען נישט דער ברוטאַלער פֿאַרבאָט — איז דען דאָס, אָפּגעזען פֿון ווייטערע היסטאָרישע פּערספּעקטיוון, אַ קלייניקייט אין פֿאַרגלייך מיט די „ריזיקע ציפֿערן“, וואָס די בריטישע רעגירונג אין איר ברייטהאַרציקייט לייגט אונדז פֿאָר — און דאָס אויך נישט באַלד, נאָר ערשט נאָך צוקונפֿטיקע אויספֿאָרשונגען — ערגעץ אין גוואַיאַנאַ אָדער טאַנגאַניִיקאַ? קומט אָבער צו ארץ־ישראל, שטעלט זיך דער מיניסטער אַוועק אין אַ פּאָזע פֿון אַ פֿאַרזאָרגער פֿון אַלע, אַלע גערודפֿטע ייִדן אין גאָר דער וועלט, און אויב ארץ־ישראל וועט נישט קענען זיי אַריינגעמען אַלע ביז צום לעצטן, קומט זי נישט אין באַטראַכט ביים לייזן דאָס פּראָבלעם פֿון די ייִדישע פּליטים און — מען דערלויבט נישט אַ ייִדן פֿון ארץ־ישראל אַראָפּברענגען אויסער דער ווילקירלעכער קוואָטע, אַ מאַמען, אַ שוועסטער, אַ ברודער, וואָס שיקן פֿאַרצווייפֿלטע הילפֿס־רופֿן פֿון נאַצישן גיהנום!

דער מיניסטער האָט געזונגען תהילות ותשבחות פֿאַר אונדזערע אויפֿ־טוען אין לאַנד. ווייזט זיך אָבער באַלד אַרויס, אַז גראָד דאָס פּאָזיטיווע, וואָס מיר האָבן אויפֿגעטון, ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ געווער קעגן אונדז. די ייִדי־שע איינוואַנדערונג האָט געשאַפֿן די באַדינגונגען פֿאַרן וווּקס און אויפֿשטייג פֿון דער אַראַבישער באַפֿעלקערונג. דאַרף מען דעריבער... באַגרענעצן די ייִדישע איינוואַנדערונג. וואָרום דער מיניסטער מוז האָבן אין זינען אויך יענע אַראַבער, וואָס וועלן — אַ דאַנק די גינסטיקע באַדינגונגען, וואָס ייִדן האָבן דאָ געשאַפֿן — צוקומען אין די קינפֿטיקע יאָרצענדליקער... הונדערטער טויזנטער ייִדן זענען הפקר, זייער האָב און גוטס ווערט צעראַבירט, זיי ווערן פֿאַרוואַנדלט אין בעטלער, וואָס האָבן שוין אַפֿילו נישט ביי וועמען צו בעטלען, זייער כבוד ווערט געטרעטן מיט די פֿיס, זיי ווערן אונטערגעוואָרפֿן די שענד־לעכסטע דערנידערונגען, טויזנטער ווערן געמאָרדעט אָדער געטריבן צו זעלבסטמאָרד, די איבעריקע — לעבעדיקערהייט געפּייניקט אין אַ גיהנום, וואָס נאָר די ערגסטע סאַדיסטן האָבן געקענט אויסטראַכטן. צענדליקער טויזנ־טער אומגליקלעכע מענטשן, יונגע און אַלטע, וואַלגערן זיך אין קעלט און נעץ, אין שניי און בלאָטע, אויף שמאָלע גרענעץ־פּאַסן צווישן לענדער, געשליי־דערט אין כף־הקלע. קינדער — קליינטשיקע קינדערלעך! — ווערן אַוועק־געריסן פֿון טאַטע־מאַמע און פֿאַרשמאַכטע געטריבן דורך וועלדער אָן אַ וווּהין. דאָס געשעט איצט, היינט, יעדן טאָג, יעדער שעה! דער בריטישער מיניסטער פֿאַרמאָגט פֿאַר זיי „מיטלייד“, אָבער — נישט קיין פּלאַץ, זיי האָבן נישט קיין רעכט צו געניסן אין דער פֿולער מאָס פֿון די אויפֿנאַמס־מעגלעכ־קייטן, וואָס די ייִדן האָבן אין דעם לאַנד באַשאַפֿן! דעם פּלאַץ, ווו די געפּלאָגטע אין פֿאַרצווייפֿלטע נע־ונדניקעס וואָלטן געקענט פֿאַר זיך אַן עקזיסטענץ גע־פֿינען, האַלט דער מיניסטער פֿאַר זיין פֿליכט צו רעזערווירן פֿאַר יענע אַראַבער, וואָס זענען נאָך אויף דער וועלט נישטאָ, נאָר וועלן ערשט געבוירן ווערן אין די קומענדיקע יאָרצענדליקער!

און טאָמער זועט אים עמעצער אָנווייזן אויף דער ביז איצטיקער דערפאַ־רונג, וואָס לערנט, אַז אַ דאַנק דער ייִדישער איינוואַנדערונג וואַקסט די אויפ־נעמפעיִקייט פון לאַנד און ס׳וועט אויך שפּעטער זיין פּלאַץ פאַרן נאַטירלעכן צוּוואוקס פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג, בעת אָן דער ייִדישער איינוואַנ־דערונג וועט קומען אויך פאַר די אַראַבער סטאַגנאַציע; אָדער ס׳וועט זיך גאָר געפינען עמעצער, וואָס וועט אָנווייזן אויף די ריזיקע שטחים, וואָס פוסטעווען אין די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער און קענען אפשר אין אַ געוויסער מאָס פאַרקלענערן די שווערע דאגה פון הער מיניסטער פאַר די קומענדיקע אַראַ־בישע דורות — האָט ער, דער מיניסטער גרייט דעם לעצטן האַרמאַט, דעם פּאָליטישן: דעם פחד פון די אַראַבער, טאָמער וועלן די ייִדן ווערן אַ מערהייט אין לאַנד. און דער מיניסטער, וואָס האָט אין אָנהייב פון זיין רעדע געוואָרנט די דעפּוטאַטן, זיי זאָלן חלילה אין דער דיסקוסיע נישט אַרויסכאַפּן זיך מיט אַ וואָרט, וואָס קען פאַרשווערן די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ ייִדיש־אַראַבישן הסכם — זעט גאָרנישט קיין בייז אין דעם, וואָס ער אַליין, דער „פאַרמיטלער" און קינפטיקער אַרביטער, באַרעכטיקט, באַגרינדעט, סאַנקציאָנירט פון פאָ־רויס די מורא פון די אַראַבער פאַר אַ ייִדישער מערהייט, דערקלערנדיק, אַז ווען ער וואָלט געווען אַן אַראַבער, וואָלט ער אויך געווען פול מיט שרעק, און ער לערנט מיט די אַראַבער אַ פּרק אידעאַליזם, אַז דער גאַנצער נוצן, וואָס זיי האָבן פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג איז גאָרנישט אַקעגן דער געפאַר פון „פאַרלירן די פרייהייט".

הגם עס דראָט נישט דער אַראַבישער באַפעלקערונג קיין פאַרערגערונג פון אירע לעבנס־באַדינגונגען, נאָר פאַרקערט — עס איז איר געזיכערט אַ ווייטערדיקער אויפשטייג; הגם עס קענען זיין גענוג גאַראַנטיעס, אַז ביידע פעלקער זאָל געניסן פון פולע גלייכע רעכט אויך ווען די ייִדן זאָלן ווערן אַ מערהייט אין לאַנד, — איז אָבער גענוג די „געפאַר", אַז אַ קליינער ברוכ־טייל פון דעם פילמיליאָניקן אַראַבישן פאָלק, וואָס פאַרמאָגט ריזיקע שטחים און אייגענע מלוכות, זאָלן אין איין ווינקל זיין אַ מינדערהייט און נישט קענען איינער אַליין הערשן, — דאָס איז גענוג, אַז צענדליקער טויזנטער ייִדן זאָלן פאַרורטיילט ווערן צו טרינקען זיך און זיי זאָלן נישט טאָרן אַרויפשטעלן זייער פוס אויפן ברעג פון דעם לאַנד, ווו זיי קענען אַ רעטונג געפינען.

מיינט איר, אַז דאָס איז דיקטירט פון וועלכע ס׳איז אינטערעסן פון ברי־טישן אימפּעריאַליזם, וואָס וויל פאַרן פּרייז פון די ייִדישע האָפענונגען קויפן די טריישאַפט פון דער אַראַבישער רעאַקציע? ניין, דאָס איז נאָר דיקטירט פון זאָרג „פאַרן שלום אין הייליקן לאַנד" און פאַר דעם „זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט" פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג. פּונקט ווי אין נאָמען פון שלום און „זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט" האָט טשעמבערליין, דער שעף פון דער רעגי־רונג, צו וועלכער מאַקדאָנאַלד געהערט, אונטערגעטראָגן אין מינכען דעם נאַצישן קאַניבאַל נייע הונדערטער טויזנטער קרבנות.

יאָ, עס איז די שטים פון מינכען, וואָס האָט זיך איצט דערטראָגן צו אונדז פון לאָנדאָן. און דער „שלום", וואָס טשעמבערליינס רעגירונג גרייט

**אונדז צו, זאָל זיין אַ נייער „מינכענער שלום". אָבער ניין, אַזאַ שלום װעלן מיר נישט אָננעמען! מיט דער טיפער איבערצייגונג אין אונדזער רעכט און אין דער גערעכטיקייט פון אונדזער זאַך, מיטן טיפן גלויבן — טראָץ אַלע־מען! — אין אַן אַנדערער, ערלעכער וועלט, וועלן מיר זיך ראַנגלען פאַר אונדזער צוקונפט און מיר וועלן איבערלעבן סיי אונדזערע פיינט אין דער געשטאַלט פון משוגענע הינט, סיי אונדזערע „פריינט" מיטן זיסן שמייכעלע אויף די צביעותדיקע ליפּן!**

„ניַיוועלט", תל־אביב, 9טער דעצעמבער 1938.

# XV. די לאנדאנער קאנפערענץ
# און דער נייער „ווייסבוך“

# די לאָנדאָנער קאָנפערענץ

די קאָנפערענץ אין לאָנדאָן האָט זיך געעפנט דעם 7טן פעברואַר 1939. די אַראַבישע דעלעגאַציע האָט פאַרטרעטן די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער און די שכנותדיקע אַראַבישע מדינות. די יידישע דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ, דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, פון אגודת ישראל און פון די יידישע ישובים אין ענגלאַנד, פאַריייניקטע שטאַטן, פוילן, פראַנקרייך, בעלגיע און דרום־אַפריקע. אין דער דעלעגאַציע זענען געווען באַטייליקט אויך נישט־ציוניסטן. די פאָרשטייער פון דער בריטישער רעגירונג האָבן געפירט די אונטערהאַנדלונגען באַזונדער מיט די אַראַבער און באַזונדער מיט די יידן. זיי האָבן געמאַכטביידע צדדים פאָלגנדיקע פאָרשלאַגן:

1) בקרוב זאָל אַנטשטיין אַן אומאָפּהענגיקע ארץ־ישראלדיקע מדינה, וואָס זאָל זיך פאַרבינדן מיט ענגלאַנד דורך אַן אָפּמאַך; 2) אַ קאָנפערענץ אַרום אַ רונדן טיש זאָל אויסאַרבעטן פאָרשלאַגן פאַר דער איבערגאַנגס־תקופה און די יסודות פון דער קאָנסטיטוציע פאַר דער נייער מדינה; 3) אינצווישן וועט אויפגעשטעלט ווערן אַ בייראַט פון נאָמינירטע יידישע און אַראַבישע ראַטגעבער ביים בריטישן הויך־קאָמיסאַר אין ארץ־ישראל.

אין איר ענטפער האָט די יידישע דעלעגאַציע אָנגעוויזן: די בריטישע פאָרשלאַגן איגנאָרירן די באַלפור־דעקלאַראַציע און דעם מאַנדאַט; זיי דערמאָנען נישט די יידישע נאַציאָנאַלע היים; זיי אַנטהאַלטן נישט קיין שום גאַראַנטיעס פאַר דער פאָרזעצונג פון דער עליה; די יידישע אַגענץ ווערט כלל נישט דערמאָנט; אין דער צוקונפטיקער מדינה ווערן די יידן פאַקטיש פון פאָרויס פאַרורטיילט צו בלייבן אַן אייביקע מינדערהייט; אין דער צייט, ווען הונדערטער טויזנטער יידן אין אייראָפּע לעכצן נאָך עליה, וועט די יידישע דעלעגאַציע נישט באַטראַכטן קיין שום פאָרשלאַג, וואָס פאַרורטיילט די יידן צו בלייבן אַן אייביקע מינדערהייט אין ארץ־ישראל.

מיט צוויי וואָכן שפעטער האָט די יידישע דעלעגאַציע געבראַכט אירע אַלטערנאַטיווע פאָרשלאַגן: 1) יעדער נייער פלאַן פון אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל מוז באַוואָרענען די פאָרזעצונג פון דער יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע; 2) דער מאַנדאַט איבערן לאַנד וועט פאַרענדיקט ווערן בלויז ביי אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זיכערן דעם ווייטערדיקן וווקס פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים; 3) אַן איינהייטלעכע אומאָפּהענגיקע מדינה אין ארץ־ישראל וועט ווערן אויפגעריכט בלויז מיט דער הסכמה סיי פון די יידן, סיי פון די אַראַבער.

אויב די בריטישע רעגירונג און די אַראַבער וועלן אָננעמען די דאָזיקע גרונט־הנחות, וועט די יידישע דעלעגאַציע פאָרלייגן פאָלגנדיקע פאָרשלאַגן: 1) כל־זמן

עס דויערט דער בריטישער מאַנדאַט, וועלן די זעלבסטפאַרוואַלטונג־אָרגאַנען ווערן געבויט אויפן יסוד פון פאַריטעט צווישן יידן און אַראַבער, כדי איין פאָלק זאָל נישט באַהערשן דאָס צווייטע; 2) די יידישע אַגענץ איז גרייט מיטצואַרבעטן מיט דער בריטישער אַדמיניסטראַציע ביי דער דורכפירונג פון אַזאַ אַנטוויקלונג־פּלאַן פון לאַנד, וואָס זאָל אויסנוצן די נאַטור־אוצרות לטובת די יידן און אַראַבער; 3) אויב אָבער די רעגירונג וועט אויסקלייבן אַלס לייזונג די טיילונג פון לאַנד, לייגט פאָר די יידישע אַגענץ איינס פון דיביידע: א) גרינדונג פון אַ זעלבסטשטענדיקער יידי־שער מדינה אין אַ טייל פון ארץ־ישראל אויף אַ שטח, וואָס זאָל גענוג זיין פאַר אַ וויטערדיקער באַדייטנדיקער יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע; ב) אויפ־ריכטונג פון אַ פעדעראַלער מדינה, געבויט אויף אַ פאַריטעט צווישן ביידע פעלקער, מיט אַ געזיכערטער מעגלעכקייט פאַרן ווייטערדיקן וווקס פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער היים.

נאָך קנאַפּע צוויי חדשים פּרוכטלאָזע אונטערהאַנדלונגען האָט די בריטישע רעגי־רונג געבראַכט אירע ענדגילטיקע פאָרשלאָגן: 1) די אומאָפּהענגיקע פּאַלעסטינישע מדינה וועט נישט זיין נישט קיין אַראַבישע און נישט קיין יידישע! 2) איר קאָנסטי־טוציע וועט אויסגעאַרבעט ווערן דורך אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג, וואָס וועט באַשטיין פון געוויילטע אָדער נאָמינירטע דעפּוטאַטן; 3) די איבערגאַנג־תקופה ביז צו דער אויפריכטונג פון דער מדינה וועט דויערן אַן ערך צען יאָר, אָבער אַלץ וועט זיין אָפּהענגיק דערפון, צי די קאָנסטיטוציאָנעלע ענדערונגען וועלן געלינגען און צי די באַפעלקערונג פון לאַנד וועט קאָאָפּערירן מיט דער מאַנדאַט־רעגירונג; 4) די ברי־טישע רעגירונג וועט פאַרלאָזן ארץ־ישראל בלויז אין דעם פאַל, ווען זי וועט זיין זיכער, אַז עס איז דערגרייכט געוואָרן אַ קעגנזייטיקער הסכם צווישן ביידע פעלקער פון לאַנד; 5) במשך פון די נאָענטסטע פינף יאָר וועט ווערן דערלויבט די עליה פון 75 טויזנט יידן, ביז דער יידישער ישוב וועט אויסמאַכן אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד; שפּעטער קען די עליה ווערן פאַרגעזעצט בלויז מיט דער הסכמה פון די אַראַבער; 6) דער הויך־קאָמיסאַר וועט באַקומען דאָס רעכט צו פאַר־ווערן באָדן־טראַנזאַקציעס אין באַשטימטע טיילן פון לאַנד.

די יידישע דעלעגאַציע האָט אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע פאָרשלאָגן פון דער בריטי־שער רעגירונג און האָט באַשלאָסן זיך אויפצולייזן.

# דער גוואַלט־אַקט פון בריטישן אימפּעריאַליזם

(דעקלאַראַציע פון פועלי־ציון אין ארץ־ישראל)

אין שייכות מיט די לאָנדאָנער געשפּרעכן האָבן די פועלי־ציון פאַר־עפנטלעכט אַ דעקלאַראַציע און אַ רוף צו די ייִדישע מאַסן:

1) די פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען אין לאָנדאָן האָבן אויפגעדעקט ציניש־קלאָר די וועגן, כוונות און צילן פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם בנוגע ארץ־ישראל. די פיינטלעכע איינשטעלונג זיינע לגבי דעם ציוניזם און די כסדרדיקע באַמיִונגען פון דער מאַכט צו שעדיקן אים, ווי ווייט מעגלעך, דורך די אימ־פּעריאַליסטישע הויך־קאָמיסאַרן, וואָס האָבן די גאַנצע יאָרן זיך פעסט גע־האַלטן ביי דער ליניע פון שיקאַנירן די ייִדישע איינוואַנדערונג און די ייִדישע קאָלאָניזאַציע און באַרויבן די עלעמענטאַרע רעכט און תביעות פון דעם ייִדישן ישוב אין לאַנד — אָט די איינשטעלונג פונעם אימפּעריאַליזם האָט זיך איצטער אַנטפּלעקט בולט־נאַקעט אין דער רעזשי פון די לאָנדאָ־נער פאַרהאַנדלונגען.

די בריטישע רעגירונג האָט אָן שום וואַקלעניש אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַפילו דעם פייערלעך־דעקלאַראַטיוון באַלאַסט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און מאַנדאַט־פאַרפּליכטונגען פון דער פעלקער־ליגע, וואָס זי האָט בשעת דער מלחמה גענומען אויף זיך ווי אַ „הומאַניטאַר־ציוויליזאַטאָרישן" דעק־מאַנטל פאַר אירע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן.

2) דער פעסטער בונד צווישן דער בריטישער מאַכט און אַראַבישער רעאַקציע, וואָס מען האָט אַזוי פלייסיק און זאָרגעוודיק געשמידט אַלע יאָרן, איז איצטער געוואָרן נאָך ענגער, נאָך קרעפטיקער און פעסטגעשטעלט ווי די אָפיציעלע גענעראַל־ליניע פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם. די סאָציאַלע סימפּאַטיעס צו דער פעאָדאַלער רעאַקציע, די מיליטעריש־סטראַטעגישע חשבונות און דער קאָנקורענץ־געיעג מיט דער אַקס רוים־בערלין, וואָס פאַר־מעסט זיך אויפן נאָענטן מזרח — אָט וואָס ס'האָט אויסגעפורעמט די ברי־טישע אימפּעריאַליסטישע ליניע.

דער גוואַלט־אַקט איבערן ציוניזם און דאָס מפקיר זיין דעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל איז אַ וויטערדיקע רינג אין דער פּאָליטישער קייט פונעם

אימפּעריאַליזם, וואָס האָט אויסגעליפערט שפּאַניע צום פאַשיזם פון גענע־ראַל פראַנקאָ, נאָך דעם ווי ער האָט אונטערגעטראָגן דעם נאַצישן פאַשיזם עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע.

3) גראָד אין היינטיקע גרויל־צייטן, ווען הונדערטער טויזנטער ייִדן, אויסגעריסענע מיטן וואָרצל, ראַנגלען זיך מיטן טויט און ווערן אומברחמנות־דיק געטריבן פון זייערע ווין־לענדער, באַרויבטע, אויסגעשטעלטע אויף הונגער און ביטערער נויט און קענען זיך אין ערגעץ קיין פּלאַץ נישט געפינען, גראָד אין די טעג האָט דער בריטישער אימפּעריאַליזם געשלאָסן פאַר זיי די טויערן פון ארץ־ישראל, וועלכע גאַרט נאָך עליה און זאָגט צו די ייִדישע מאַסן רעטונג און מענטשלעכע עקזיסטענץ צווישן ברידער, וואָס בויען אין ארץ־ישראל אַ באַנייט נאַציאָנאַל לעבן.

די ייִדישע איינוואַנדערונג, וואָס האָט פאַרוואָרצלט אין לאַנד אַ ישוב פון 450 טויזנט נפשות, אין שטאָט און אין דאָרף, אין לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע, נישט אַרויסשטויסנדיק דערביי דעם אַראַבישן ישוב, נאָר, אַדרבה, פאַרפעסטיקט אויך אים און דערהויבן אים צו אַ מדרגה פון אַנט־וויקלונג און נאַטירלעכן צוּוווּקס, וואָס האָט נישט זיין ביישפּיל אין די אַרומיקע אַראַבישע לענדער — אָט די איינוואַנדערונג ווערט איצטער גע־בראַכט אַלס קרבן צו די מאַכט־ און נצחון־אַפּעטיטן פון די אַראַבישע „נאַ־טאַבלען“ — אַ הייפל עקספּלאָטאַטאָרן און אונטערדריקער.

4) די דאָזיקע אַכזריות, וואָס האָט ווייניק איר גלייכן אין דער געשיכ־טע, ווערט נאָך דערגענצט מיט אַ צווייטער שאַנד־טאַט, וואָס איז אויסן צו פאַראַליזירן די ייִדישע קאָלאָניזאַציע דורך פאַרבאָטן ייִדן צו קויפן באָדנס. אַ שאַנד־טאַט, וואָס עפנט גלייכצייטיק אַ וועג צו געשטייגערטער באָדן־ספּעקולאַציע און צילט צו פאַרשקלאַפן נאָך מער דעם אַראַבישן פעלאַך, באַרויבן אים פון יעדער מעגלעכקייט צו אינטענסיפיצירן זייןווירטשאַפט און פטור ווערן פון זיין חובות־יאָך און פון די פּראָצענטניקעס, בלוט־זויגער.

5) איז עס נאָך ווייניק — פּלעכט דער אימפּעריאַליזם אַריין אין זיין פּאָליטישן געוועב אַ נייעם פּלאַן — אַרויפצווינגען אויפן ייִדישן ישוב דעם סטאַטוס פון אַן אייביקער מינדערהייט, אונטערגעוואָרפן דער אויבער־הער־שאַפט פון דער אַראַבישער רעאַקציע, וואָס באַקומט פונעם אימפּעריאַליזם „פּאָליטישע סוווערעניטעט“ אַלס פּרייז פאַר איר בלוטיקער טעראָר־אַרבעט און גרייטקייט צו היטן די שוועל פונעם אימפּעריאַליזם אויפן נאָענטן מזרח.

6) די פּועלי־ציון־באַוועגונג דערקלערט: דער אימפּעריאַליסטישער פּלאַן, וואָס צילט צו ליקווידירן דעם אויפקום פונעם ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער אין ארץ־ישראל, וועט קיין תקומה נישט האָבן! מיר וועלן נישט קאַפּיטולירן פאַר די גזירות פון לאָנדאָן! דער בונד צווישן ארץ־ישראל און דער ברייטער ייִדישער וועלט וועט נישט איבערגעריסן און נישט אָפּגע־שוואַכט ווערן! די עליה וועט נישט אָפּגעשטעלט ווערן און קיין שום פאַר־שווערונג קעגן אונדז וועט נישט האָבן קיין אַריכת ימים! עס וועט נישט פאַראַליזירט ווערן די ייִדישע קאָלאָניזאַציע, וואָס באַפרוכפּערט די וויסטע־נישן אין לאַנד, פאַרוואָרצלט ייִדישע מאַסן אויף באָדן און עפנט גלייכצייטיק

אַ וועג פאַרן אויפשטייג פונעם פאַרשקלאַפטן פעלאַך און פאַר זיין באַפרייונג.

7) אין היינטיקע ביטער־ערנסטע טעג שטעלט די פועלי־ציון־באַוועגונג צום שאַנד־סלופּ די ווילדע הפקרות פונעם יידישן פאַשיזם, וואָס זוכט אַ נייע געלעגנהייט צו אַטאַקירן דעם ישוב און באַהערשן אים. אונטער דער מאַסקע פון קאַמף קעגן די לאַנדאַנער פלענער האָבן פאַשיסטישע כוליגאַנעס באַנייט די טעראָר־אַקטן קעגן אומשולדיקע אַראַבער; אַ רעוויזיאָניסטישע כוואַליע פון בלוט און שמוץ רייסט מיט יענע טיילן פונעם ישוב, וואָס ווערן פאַרכאַפּט פון היסטעריע, אַנטוישונג און פּאַניק.

8) די פועלי־ציון־באַוועגונג אַפּעלירט צו מפא״י, דער מערהייט־פּאַרטיי אין הסתדרות: לאָזט זיך נישט פירן פון דעם בירגערלעכן ישוב, וואָס פאָדערט צו מאַכן שלום מיט די רעוויזיאָניסטן. גיט נישט צו חוצפּה און תקיפות דעם יידישן פאַשיזם! וואָס דראָענדיקער עס ווערט די סכנה פון פאַשיסטישן אויפמאַרש, אַלץ דרינגענדיקער ווערט די אויפגאַבע צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן רעוויזיאָניזם און נאַציאָנאַליסטישן שאָוויניזם, וואָס שפּייזט אים.

9) די פאַרהאַנדלונגען אין לאָנדאָן פאַרענדיקן אַ לאַנגע היסטאָרישע תקופה פון 21 יאָר אין דער פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון דעם אָפיציעלן ציוניזם.

די בריטישע מאַכט, וואָס איז אַפּישירט געוואָרן אויף דער אָפיציעלער שפּראַך פון דער ציוניסטישער פירונג, ווי „אונדזער פאַרבינדעטער“, האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ צעבראָכענער אָנשפּאַר: דער „בריטישער מעקלער“ אין לאָנדאָן האָט געמאַוט אַ תל פון דעם רעשטל אילוזיעס מכוח דעם אימ־פּעריאַליזם, ווי וועגן אַ „שותף פונעם ציוניזם“. עס האָט זיך פולשטענדיק באַשטעטיקט דער גרויסער אמת אונדזערער, אַז אַלץ, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין לאַנד, איז נישט אַ דאַנק דעם אימפּעריאַליזם דערגרייכט גע־וואָרן, נאָר קעגן אים, אין שווערן קאַמף מיט אים, אין קעגנזאַץ צו זיינע אַספּיראַציעס, דורך קריזיסן און אויפשטייגן פון אונדזער אַרבעט, וואָס האָט נישט איינמאָל געצווונגען אויך דעם אימפּעריאַליזם אָפּצוטרעטן, נאָכצו־געבן, שלום מאַכן בלית־ברירה מיט אונדזערע דערגרייכונגען. עס האָט זיך אָן אונדז ביטער נוקם געווען די פאַרברעכערישע פאַרנאַכלעסיקונג, וואָס האָט פאַרשטעלט אונדז דעם וועג צו זוכן פאַרשטענדיקונג און בשותפותדיקע אַרבעט מיט די אַראַבישע מאַסן. מיר האָבן באַצאָלט אַ טייערן פּרייז פאַר דער אָפיציעלער ציוניסטישער ליניע, וואָס האָט גאָרנישט געטון, כדי צו שאַפן ערנסטע, אויפריכטיקע פאַרבינדונגען, פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע, סאָציאַלע און קולטורעלע מיטן אַראַבישן ישוב.

עס איז דער חוב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און קודם־כל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג דורכצופירן איבער זיך אַ שטרענגע און ערנסטע זעלבסט־קריטיק, לערנען פון נעכטן אויפן היינט. עס איז נייטיק אַ טיפער און שנעלער קער אין דער ציוניסטישער פּאָליטיק, אָן פאַלשע חשבונות פון פּרעסטיזש און אַמביציע; עס איז נייטיק אַ נייע אָריענטאַציע בנוגע דעם וועג צו פאַרווירק־לעכן דעם ציוניזם.

דאָס געבאָט פון דער שעה איז — אויסאַרבעטן אַ פּראַקטישע, קלאָרע פּראָגראַם, וואָס זאָל אַרויספירן אונדז אויפן ברייטן שליאַך פון ייִדיש־אַראַבישער געמיינשאַפטלעכער אַרבעט אויף אַלע געביטן; עס מוז אָפּגערייניקט ווערן די אַטמאָספער פון שנאה און אומצוטרוי, וואָס מאַכט בלויז שטאַרקער די העצער פון אַלע זייטן.

10) אין היינטיקער תקופה, וואָס איז אַזוי פול־אָנגעזאָפּט מיט סכנות און וואָס האָט נאָך איר גלייכן נישט געהאַט אין דער ייִדישער געשיכטע, ווענדט זיך די פּועלי־ציון־באַוועגונג מיט אַ הייסן רוף צו די ייִדישע מאַסן פון גאָר דער וועלט: דערלאַנגט די האַנט צו די, וואָס געפינען זיך אויפן פייער־פראָנט! שטייט פעסט צוזאַמען מיט אונדז! העלפט דער אַרבעטערשאַפט און דעם ישוב, וואָס ראַנגלען זיך מיט די גרעסטע געפאַרן! פאַרשטאַרקט און פאַרצענפאַכט אייער הילף צו אונדזער פּאָליטישן קאַמף!

פעסטיקט צוזאַמען מיט אונדז, מאַטעריעל און גייסטיק, די שוץ־מויער אין לאַנד!

11) אין היינטיקער תקופה, ווען דער פאַשיזם האָט איינגעשלונגען עסטרייך, אויפגעפרעסן טשעכאָסלאָוואַקיע און פאַרפלייצט שפּאַניע מיט בלוט פון אירע בעסטע זין, נאָך דעם ווי זי איז פאַראַטן געוואָרן פון פראַנקרייך און ענגלאַנד, דערקלערט די פּועלי־ציון־באַוועגונג איר פאַרשטאַרקטע טריישאַפט צום סאָציאַליזם, צו דער איינציקער באַפרייונגס־באַוועגונג פון דער מענטשהייט און דער אַרבעטערשאַפט.

נאָר דורך צעברעכן דעם קאַפּיטאַליזם און פאַשיזם וועט קומען די גאולה פאַרן ייִדישן פאָלק, ווי פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט. אונדזער צוקונפט איז די צוקונפט פון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהייט, וועלכע קעמפט פאַר פרייהייט און סאָציאַליסטישער אויסלייזונג.

חברים, אַן אימפּעריאַליסטיש־פאַשיסטישער בונד פאַרמעסט זיך אונדז צו פאַרטיליקן — גיט אונדז אייער האַנט און מאָביליזירט אייך אַלע אויף דער זייט פון ייִדישן פאָלק, וואָס קעמפט פאַר קיום און צוקונפט.

„נייוועלט", תל־אביב, 17טער מערץ 1939

זרבבל

# דער סך־הכּל פון דריי יאָר טעראָר אין ארץ־ישראל

דריי יאָר זענען אַדורך זינט יענעם אומגליקלעכן טאָג פון 19טן אַפּריל 1936, ווען אין יפו זענען געפאַלן די ערשטע יידישע קרבנות און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער טראַגיש־ערנסטער קאַפּיטל אינעם לעבן פון ארץ־ישראל, וואָס טראָגט דעם משונהדיקן נאָמען: געשעענישן.

אין ציפערן איז דער סך־הכּל אַ פּשוטער און אויבנאויפיקער: פאַר די דריי יאָר זענען 430 יידן דערמאָרדעט געוואָרן און ביי 2 טויזנט פאַרוואונדעט, 140 ענגלענדער געהרגעטע און 476 פאַרוואונדעטע, 2,287 אַראַבער געהרגעטע און 1,477 פאַרוואונדעטע.

מיר האָבן נישט אונטער דער האַנט די ציפער, וויפל געניי אַראַבער זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך דעם אַראַבישן טעראָר גופא. ווער עס האָט אָבער נאָכגעפאָלגט די צייטונגס־כראָניק, דער ווייסט, אַז די דאָזיקע צאָל שטייגט אַריבער באַדייטנדיק די צאָל יידישע קרבנות פון אַראַבישן טעראָר. די איבעריקע אַראַבישע קרבנות דאַרפן פאַרעכנט ווערן אויפן חשבון פון דער אַקציע פון ענגלישן מיליטער אין קאַמף קעגן די באַנדעס, און אַ געוויסע צאָל — אויפן געוויסן פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט אויפגעהעצט די צערודערטע יידישע יוגנט צו געמיינע רציחות פון אומשולדיקע אַראַבער.

אַ סך וויכטיקער ווי די טרוקענע ציפער פון די דירעקטע קרבנות בעת די דריי יאָר טעראָר איז דער ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער באַלאַנס. לאָמיר זיך זאָגן אָפן: די איבער 400 יידישע געפאַלענע זענען אָן ספק אַ שווערער פאַרלוסט, בפרט אַז ס'רוב זענען עס געווען יונגע אַרבעטס־מענטשן אָדער גאָר פרויען און קינדער. אָבער מיר האָבן זיך פאַר די לעצטע פאַר יאָר אַזוי פאַר־האַרטעוועט און אונדזער האַרץ איז פאַרשטיינערט געוואָרן, צוזעענדיק דעם גרויל, וואָס שפּאַנט אין די פוסטריט פונעם פאַשיזם, אַז מיר גייען איבער דעם אַריבער צום סדר־היום. דער עיקר איז אָבער מאַכן דעם גרינטלעכן חשבון, וואָס נאָר אויף זיין יסוד קען מען פעסטשטעלן דעם וועג אויף ווייטער.

די עפּענדישע פירער פון די טעראָריסטן האָבן דאָס מאָל געהאַט אַ קלאָר אויסגעדריקטע כוונה: אויסהונגערן דעם ישוב, אָפּשטעלן אינגאַנצן די ייִדישע איינוואַנדערונג, איבערהאַקן דעם וווקס און פּאַרטאָרמאָזירן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן ישוב, אָפּטויטן דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן אין לאַנד און דערמיט צווינגען די רעגירונג אָנערקענען די פּאָסטולאַטן פון דעם העכסטן אַראַבישן קאָמיטעט, וואָס האָבן אומקאָמפּראָמיסלעך געצילט אומצוברענגען דאָס ווערק פונעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און אויפריכטן די פולע אומ־באַגרענעצטע הערשאַפט פונעם מופטי און זיינע מקורבים איבער פּאַלעסטינע.

זיכער האָט קיינער פון דער ציוניסטישער אָנפירונג זיך נישט פאָרגע־שטעלט, אַז דאָס מאָל וועלן די געשעענישן האָבן אַן אַנדערן פאַרלויף און גורם זיין ווייטגייענדיקע פּאָליטישע קאָנסעקווענצן. מ'האָט זיך לכתחילה איינגערעדט, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט איינעם פון יענע פּאָגראָם־אויס־ברוכן מצד די אַראַבער, וואָס האָבן זיך שוין פעסט איינגעבירגערט אין ארץ־ישראל און זענען אויפגענומען געוואָרן ווי אַ געוויינלעכע דערשיינונג פון אונדזער ספּעציפישן ארץ־ישראלדיקן לעבנס־שטייגער. געוועזן שוין אַזעלכעס און מיר זענען אַפילו אַרויס געשטאַרקט נאָך יעדן פּאָגראָם. אַזוי האָט מען זיך באַרויִקט און אַ צייט לאַנג נישט געוואָלט איינזען די נייע כוחות, וואָס ווערן אויסגענוצט אין די איצטיקע געשעענישן; נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז די שליחים פון אינטערנאַציאָנאַלן פאַשיזם טרעפן דאָ אויף אַ גינסטיקן באָדן אין זייער העצע קעגן ייִדן, אַ באָדן, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך אייגענער פאַרברעכערישער פּאָליטיק לגבי די אַראַבישע שכנים, און איז נאָך גוט באַמיסטיקט געוואָרן דורכן פּיפּיקן לאַוורירן פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט בדעה צו לאָזן די פרייע אומגעשטערטע אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן ישוב, ווייל דאָס וואָלט באַדייט די אויפוואַכונג פון די אָרטיקע פּראָדוקטיווע כוחות אַלס טרעגער פון קומענדיקן באַרעכטיקטן פּרעטענדענט אויף מאַכט און הערשאַפט אין דאָ־זיקן לאַנד.

די בריטישע מאַכט האָט נישט געוואָלט שנעלער ליקווידירן די טעראָר־אַקטן אין לאַנד און דערמיט דערמוטיקט דעם מופטי און געהויבן זיין אָנזען אין די אויגן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג, וועלכער האָט זיך אַלץ מער „איבערצייגט" אין דער „שוואַכקייט" פון דער בריטישער אימפּעריע און אין דעם אומבאַזיגלעכן כוח פון דעם כאדזש אמין אל־הוסייני.

די טעראָריסטישע באַוועגונג אין ארץ־ישראל איז אַ געוויסע צייט אויפ־געגומען געוואָרן אין דער וועלט ווי אַ פאָלקס־אויפשטאַנד פון די אַראַבער פאַר זייער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, ווייל פאַר דער וועלט האָבן גע־גאָלטן די פּאָליטישע לאָזונגען פון די טעראָריסטן און ווייל ענגלאַנד האָט געוואָלט, אַז די וועלט זאָל האָבן דעם איינדרוק פון אַזאַ אויפגעשטיגענער מאַסן־באַוועגונג, מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען פון שטאַנדפּונקט פון אָנגענומענעם דעמאָקראַטישן יושר... דאָס איז נייטיק געווען, כדי צו באַ־רעכטיקן מיט דער צייט די אָנגעמערקטע ענדערונגען אין דעם קורס פון דער ענגלישער פּאָליטיק לגבי אירע טרייע פאַרבינדעטע פונעם ביבל־פאָלק,

וואָס האָבן איר אַזוי געטרויט און זיך געשטיצט אויף די פּייערלעכע צוזאָ־גענישן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

ס׳האָבן געמוזט קומען די שוידערלעכקייטן און בעסטיאַליטעטן פון די טעראָריסטישע באַנדעס און זייערע גוואַלט־אַקטן איבער קינדער און פרויען, זייער פאַרניכטונגס־וואַקכאַנאַליע איבער שוועדער, פּיינפולער מענטשלעכער פּראַצע, די פּראָגרעסיווע וועלט זאָל זיך דערשרעקן פאַר אָט דער פּאַלסיפּי־קאַציע פון אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועלכע וויל בויען כלומרשט דעם ווילטאָג פון אייגענעם פאָלק אויף מערדערישער אוממענטשלעכער פאַרניכטונג פון אַ צווייט אַרבעטס־פאָלק. ס׳האָבן געמוזט אויסגעטייטשט ווערן די לאָזונגען פון דעם מופטי אויפן פאָן פון נאַציסטישן פערמאַנענטן פּאָגראָם אין אַ גאַנצער ריי לענדער, כדי צו באַגרייפן דעם גאַנצן רעאַקציאָ־נערן באַרבאַרישן תוך פון די עפענדיש־פאַשיסטישע גלוסטונגען און כוונות לגבי די יידישע מאַסן, וואָס האָבן גראָד אין ארץ־ישראל געוויזן אַ מערק־ווירדיקן מוסטער, ווי אַזוי עס ווערט איבערגעבויט אַ פאָלק אויף יסודות פון אַרבעט און פרייהייט.

אָבער היינטיקע צייטן רעכנט מען זיך גאַנץ קנאַפּ מיט דעם איינדרוק אין דער וועלט סתם, און אַפילו די פירנדיקע גייסטער פון דער פּראָגרע־סיווער מענטשהייט איילן זיך נישט צו פאַרטיידיקן ממשותדיק פּרינציפּן, וואָס ווערן פאַרשוועכט און פאַראומרייניקט דורכן טריומפירנדיקן כאַם. היינ־טיקע צייטן דעצידירן פאַקטן, רעאַלע אויפטוען, און דערגרייכונגען, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק די פאַראַנענע קראַפט און די פעיִקייט אויפ־צוברענגען לעבן טראָץ שטערונגען און אָנגריפן מצדן שונא.

אין דעם פּרט וועט דער סך־הכל פון די דריי יאָר געשעענישן אויספאַלן כלל נישט אַזוי שלעכט פאַרן יידישן ישוב. דאָס מוז געזאָגט ווערן גאַנץ אויסדריקלעך שאַרף, אָן שום באַוואָרענישן. די דריי יאָר האָבן אַנטפּלעקט דעם אומגעהויערן שאַפנדיקן כוח פונעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. מען באַרעכנט אַצינד דעם מאַטעריעלן שאָדן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רעזולטאַט פונעם טעראָר אויף אַ האַלבן מיליאָן פונט. ס׳איז אָבער נישט אַן ערך גרעסער און באַדייטנדיקער דער מאַטעריעלער געווינס אירער אין דירעקטן צוזאַמענהאַנג מיט די אַקטן פון מאָרד און פאַרניכטונג. אַוודאי איז נישט צום באַצאָלן די יאָרן אַרבעט און פלעגן, פון נאָכאַנאַנדיקן בליִען און וואַקסן פון ביימער און פעלדער, פון פּירות און תבואות, וועלכע זענען דורך אויפגעהעצטע ווילדע באַנדעס פאַרשניטן געוואָרן, און ס׳וועלן מוזן דורכגיין פרישע יאָרן און יאָרן ביז די נייע פלאַנצונגען און זייונגען זאָלן רייף ווערן.

פון שטאַנדפּונקט פון דער דינאַמישער קראַפט, וואָס שטעקט אינעם ישוב איז אָבער דעצידירנדיק דער פאַקט, וואָס די ווירטשאַפטלעכע אַנט־וויקלונג זיינע איז נישט איבערגעריסן געוואָרן אויף איין טאָג, און ער האָט באַוויזן נאָך איינפירן נייע צווייגן און אויסברייטערן די טעטיקייט אויף נייע געביטן, וואָס דורך דעם ווערט ער מער פעיִק צו זעלבסט־אויסהאַלטונג.

צו באַפרידיקן אַליין זיינע באַדערפעענישן און ווערן אַלץ ווינציקער אָנגעוויזן אויף פרעמדער פראָדוקציע.

געגנוג צו דערמאָנען דעם פאַרט אין תל־אביב, וואָס באַשעפטיקט שוין איצט 1.100 ייִדישע אַרבעטער, און איז איינע פון די אַנטשיידנדיקע שליסל־פּאָזיציעס פאַרן לאַנד. געגנוג צו פאַרצייכענען די צענדליקער טויזנטער ייִדישע אַרבעטער, וואָס זענען אַריינגעדרונגען אין דער פּלאַנטאַציע־ווירט־שאַפט אין אַ גרויסער מאָס, ווייל דער אינערלעכער אַראַבישער טעראָר האָט אַרויסגעיאָגט די אַראַבישע אַרבעט פון ייִדישע פּרדסים. געגנוג צו דערמאָנען דעם געענדערטן כאַראַקטער פון דער ייִדישער לאַנדווירטשאַפט און אינ־דוסטריע מיטן אויסבליק אויף דעם אייגענעם געברויך און אינערלעכער פעסטיקונג, כדי צו באַנעמען דעם גאַנג פאָרויס פון דעם ישוב אויפן ווירט־שאַפטלעכן שטח.

ס׳איז געשטיגן, אויב נישט ערשט אינגאַנצן אויפגעקומען, אַ נייער פּאָליטיש־סטראַטעגישער פאַרמעסט פונעם ישוב: גראָד אין משך פון די דריי יאָר טעראָר זענען צוגעקומען זעקס און דרייסיק נייע אַרבעטס־פונקטן מיט חניתה בראש, דווקא אין די געפערלעכסטע און כסדר באַדראָטע געביטן. דורך דעם זענען דערגרייכט געוואָרן צוויי זאַכן מיטאַמאָל: 36 אַר־בעטס־פונקטן, וואָס די ווייט־גרעסטע צאָל זייערע וועט טאַקע דינען אַלס פונקטן פאַר באַזעצן זיך פאַר קאָלאָניזאַציע — איז אַ גרויסער געווינס. אָבער אין די איצטיקע צייטן זענען עס פאָזיציעס פון פאַרטיידיקונג און אַלע צוזאַמען בילדן זיי מיט זיך אַ פאַרשטאַרקונג פון אונדזער קאַמפס־פראָנט נישט נאָר טעכניש, נאָר פּאָליטיש. און דאָס איז שוין זיכער אַ נייעס אַפילו פאַר די ייִדישע מאַסן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן און צוליב זיי האָט זיך אָנגע־הויבן פאָרמירן אַ באַוואָפנטע ייִדישע קראַפט. אָפגעזען פון די אַלע נאַ־טירלעכע באַוואָרענישן לגבי דעם כאַראַקטער פון דער דערציִונג און אויס־נוצונג פון די טויזנטער באַוואָפנטע ייִדישע פּאָליציאַנטן און גפירים, מוז באַטאָנט ווערן דער וויכטיקער פאַקט, וואָס ייִדישע אַרבעטער האָבן געקראָגן די מעגלעכקייט און געלעגנהייט מיט געווער אין האַנט פאַרטיידיקן און אָפּהיטן דעם לעבנס־אויפטו און קעמפן פאַר זייער אידעאַל אין אַ וועלט, וואָס וויל נישט וויסן בכלל פון קיין אַנדערן אַרגומענט ווי פון באַוואָפנטער מאַכט.

און לסוף — די אַנטפּלעקטע גבורה און העלדישקייט פון דעם ישוב, ספּעציעל פון זיין אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, דער גרויסער מאָראַלישער כוח פון נישט לאָזן זיך פראָוואָצירן דורך שאָוויניסטישער שנאה און ראַ־סיסטישער העצע; פון אומבאַגרענעצטער טריישאַפט צו אַ דערהויבנדיקן פּאָלקס־באַפרייענדיקן אידעאַל און אָרגאַנישער באַהעפטונג מיט דער גאַנצער פאַר פרייהייט קעמפנדיקער מענטשהייט, פון יחידישער מסירת־נפש פאַרן כלל און פון קאָלעקטיווער אַחריות פאַרן אויפגייענדיקן פרייהייטן־ווערק — דאָס זענען אומאָפּשאַצבאַרע דערגרייכונגען פונעם ישוב אין רעזולטאַט פון די דריי יאָר געשעענישן.

אָבער נישט פון קלענערער באַדייטונג איז פאַר דער ייִדישער אַרבע־טערשאַפט דער פּאָליטיש־דערציִערישער ווערט פון דער פאַרגאַנגענער תקופה. מיר זענען אויסן די פּאָליטישע אויסניכטערונג סיי לגבי דער מאַנ־דאַט־מאַכט און סיי לגבי די אַראַבישע מאַסן.

היינט איז מער נישטאָ קיין שום מענטש אין דער אַרבעטערשאַפט, וואָס זאָל נישט אָנערקענען די ווירקטיקייט, נייִן, טאַקע די גורל־באַדייטונג פון נאָרמאַליזירטע ברידערלעכע באַציִונגען מיט די אַראַבישע אַרבעטס־ און פאָלקס־מענטשן פאַרן ייִדישן ישוב. ס׳איז אויבן־אויף, אַז היינט איז שווערער ווי ווען עס איז פריִער איינצושטעלן אַזעלכע חברשע באַציִונגען מיט יענע, וואָס זענען אָפּגעטיילט פון אונדז מיט טייכן בלוט. און דאָך ווייסט מען איצט צו שאַצן די נויטווענדיקייט און היסטאָרישע אומפאַרמיידלעכקייט פון אַזאַ ייִדיש־אַראַבישער פאַרשטענדיקונג, פאַרברידערונג און צוזאַמענאַרבעט.

און נאָך לאָנדאָן האָט שוין אויך ווייצמאַן, דער טרעגער פון דער ביז־איצטיקער ציוניסטישער פּאָליטיק, געוואָגט צו דערקלערן ווידערשפעניקייט צו דעם מאַנדאַטאָר. היינט האָט זיך פאַר אַלעמען אַרויסגעוויזן דער באַנ־קראָט פון דער ווייצמאַן־בן־גוריונישער אָריענטאַציע, וואָס האָט באַרעכטיקט דאָס שטיין מיטן רוקן צו דער אַראַבישער באַפעלקערונג און נישט וועלן אַפילו זוכן קיין וועג צו דערנענטערונג און צוזאַמענגייִן.

די פּאָליטיק פון ענגלאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן, די לעקעכלעך צו די טעראָריסטן, די גזירות לגבי דער ייִדישער באַפעלקערונג, די בייזוויליקע דערווערגונג פון דער ייִדישער איינוואַנדערונג, די פּענטעס אויף דער ווייטערער אַנטוויקלונג, די אינסצעניזירונג פון דער לאָנדאָנער קאָמעדיע און די גרייטקייט איבערצוהאַקן דעם גאַנג פונעם ייִדישן אַרבעטס־פאָלק צו דער אויפריכטונג פון טעריטאָריאַלן אַרבעטס־צענטער — די דאָ־זיקע דערפאַרונג וועט עפענען די אויגן אַ סך פאַרנאַרטע און פאַרפירטע. און ביי היינטיקע צייטן זענען נישט אומזיסט די קרבנות, אַבי ס׳זאָל אין זייער זכות קומען די פּאָליטישע אויסניכטערונג און די דערוואַכונג פון די מאַסן צו אַ נאָך מער פאַרשטאַרקטער אָבער באַוווסטזיניקער קראַפט־אָנשפּאַ־נונג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פונעם אייגענעם היסטאָרישן באַפרייונגס־אידעאַל.

„ניוועלט״, תל־אביב, 5טער מאַי 1939.

# דאָס ווייסבוך פון מאַי 1939

נאָכן דורכפאַל פון דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ האָט די בריטישע רעגירונג באַשלאָסן דורכפירן אין לעבן אויף איר אייגענער אַחריות די פאָרשלאַגן, וועלכע עס האָבן אין לאָנדאָן אָפּגעוואָרפן סיי די יידישע, סיי די אַראַבישע דעלעגאַציעס. דעם 18טן מאַי 1939 האָט די רעגירונג פאַרעפנטלעכט אַ ניי „ווייסבוך", וואָס האָט געזאָלט ענדגילטיק באַשטימען דעם פּאָליטישן גורל פון ארץ־ישראל.

די רעגירונג האָט אין דעם „ווייסבוך" דערקלערט, אַז דאָס פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין אַ יידישער מדינה איז קעגנזעצלעך צו די בריטישע פאַרפליכטונגען לויטן מאַנדאַט און צו די הבטחות, וואָס ענגלאַנד האָט געגעבן די אַראַבער. פון דער צווייטער זייט אָבער איז נישטאָ קיין גענוגנדיקער יסוד פאַר דער אַראַבישער פאָדערונג, אַז דאָס לאַנד זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַראַבישער מדינה. די איינוווינער פון ארץ־ישראל קומט דאָס רעכט פון זעלבסטפאַרוואַלטונג לויטן בייש־פּיל פון די שכנותדיקע לענדער. כדי אויפצושטעלן אין ארץ־ישראל אַן אומאָפּהענ־גיקע מדינה, זענען נייטיק אַזעלכע באַציונגען צווישן יידן און אַראַבער, וואָס זאָלן עס דערמעגלעכן. די אַנטוויקלונג פון די אָרגאַנען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג מוז פאָרקומען אויף אַן עוואָלוציאָנערן וועג. עס איז נייטיק אַן איבערגאַנג־תקופה ביז דאָס לאַנד וועט ווערן זעלבסטשטענדיק. אינצווישן וועט די בריטישע רעגירונג טראָגן די אַחריות פאַר דער מאַכט אין לאַנד.

די רעגירונג שטרעבט אויפצושטעלן די ארץ־ישראלדיקע מדינה אין פאַרלויף פון צען יאָר. די מדינה זאָל ווערן פאַרבונדן מיט גרויס־בריטאַניע מיט אַן אָפּמאַך, וואָס זאָל זיכערן די סטראַטעגישע און האַנדלס־אינטערעסן פון ביידע לענדער. אינצווישן וועט די רעגירונג אַוועקשטעלן בירגער פון לאַנד בראש פון די דעפּאַר־טאַמענטן פון דער לאַנד־פאַרוואַלטונג, זיי וועלן אויך זיין מיטגלידער פון דעם בייראַט ביים הויך־קאָמיסאַר. מיט דער צייט וועט דער בייראַט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מיניסטאָרן־ראַט.

דערווייל מאַכט נישט די רעגירונג קיין פאָרשלאַגן וועגן אויפשטעלן אַ פאַר־לאַמענט. פינף יאָר נאָך דעם, ווי עס וועלן צוריקגעשטעלט ווערן אין לאַנד רו און אָרדענונג, וועט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע באַטראַכטן די קאָנסטיטוציע פון דער מדינה. ביים אויסאַרבעטן די קאָנסטיטוציע און דעם אָפּמאַך מיט גרויס־בריטאַניע וועלן ווערן באַוואָרנט די זיכערקייט פון די הייליקע ערטער און דער פרייער צוטריט צו זיי; די פאַרטיידיקונג פון אַלע עדות אין לאַנד און דער באַזונדערער סטאַטוט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים; די נייטיקע סטראַטעגישע מאָסמיטלען לויטן איינזען פון דער בריטישער רעגירונג.

אויב נאָך צען יאָר וועט זיך דאָך אַרויסווייזן, אַז די אומשטענדן דערלויבן נישט אויפצושטעלן די אומאָפּהענגיקע מדינה, וועט זיך די בריטישע רעגירונג באַראָטן מיטן פעלקער־בונד און מיט די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער.

ביים רעגולירן די איינוואַנדערונג פון לאַנד קען די רעגירונג זיך נישט רעכע־נען בלויז מיט דער ווירטשאַפטלעכער אויפנאַם־פעיקייט פון לאַנד. זי מוז זיך רעכע־נען אויך מיט דער השפעה, וואָס די עליה האָט אויף דער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד. די אומרועו פון די לעצטע דריי יאָר זענען דער אויסדרוק פונעם פחד פון די אַראַבער, אַז די יידן וועלן זיי באַהערשן. איז דעריבער געקומען די צייט, אַז די ווייטערדיקע איינוואַנדערונג זאָל פאָרקומען בלויז מיט דער הסכמה פון די אַראַבער.

אין די נאָענטסטע פינף יאָר וועלן אַריינקומען אין לאַנד נאָך 75 טויזנט יידן, ביז דער ישוב וועט אויסמאַכן אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד. 25 טויזנט פליטים וועלן קענען קומען אין לאַנד, גלייך ווי עס וועט ווערן געזיכערט די דערנערונג פאַר זיי; אַחוץ דעם, וועלן יעדעס יאָר קענען איינוואַנדערן 10 טויזנט יידן. נאָך פינף יאָר וועט די עליה ווערן דערלויבט נאָר אויב די אַראַבער וועלן געבן דערצו זייער הסכמה.

דער נאַטירלעכער צוווקס פון אַראַבישער באַפעלקערונג און דער פאַר־קויף פון באָדן צו די יידן שאַפט די סכנה, אַז בקרוב וועט אויפקומען אַ גרויסע צאָל באָדנלאָזע אַראַבער. צוליב דעם וועט דער הויך־קאָמיסאַר באַקומען דאָס רעכט צו פאַרווערן און צו רעגולירן דעם פאַרקויף פון באָדן. די רעגירונג וועט שטרעבן צו אַנטוויקלען דעם באָדן און צו פאַרבעסערן די באַאַרבעטונגס־סיסטעמען.

אָט דאָס איז געווען בקיצור, דער אינהאַלט פונעם „ווייסבוך" פון יאָר 1939, וואָס האָט געזאָלט פאַרפעסטיקן דעם בונד צווישן ענגלישן אימפּעריאַליזם און דער אַראַבישער רעאַקציע פאַרן פּרייז פון אָפּשטעלן דעם וווּקס פון דער יידישער נאַ־ציאָנאַלער היים.

# קעגן בריטיש־אימפּעריאַליסטישער צביעות

(אויפרוף פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פועלי־ציון אין פוילן)

צו די יידישע אַרבעטער־ און פאָלקס־מאַסן אין פוילן!

די ענגלישע רעגירונג האָט פאַרעפנטלעכט איר „ווייסבוך" וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע. דער יידישער מאַסע, וואָס איר לעבן איז אין די לעצטע יאָרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ים פון פּיין און ליידן, איז דערלאַנגט געוואָרן אַ נייער, שרעקלעכער קלאַפּ! די שטרעבונג פון די יידישע מאַסן אויפצובויען אַ געזונטן, טעריטאָריאַלן יידישן צענטער אין פּאַלעסטינע זאָל מיט איין פעדערשטריך פון דער רעגירונג פון הער טשעמבערליין, דעם שולדיקן אין מינכען, צונישט געמאַכט ווערן! עס זאָל פאַרניכטעט ווערן אַ מעכטיקע באַוועגונג פון די יידישע מאַסן, וואָס איז געבוירן פון זייער טיפסטער פּיין, פון זייערע דרינגענדיקסטע נויטן! די טשעמבערליין־רעגירונג, די רעגירונג פון דער ענגלישער קאָנסערוואַטיווער רעאַקציע, פאַרשרייבט אַ צווייטן „מינכענער" קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון ענגלאַנדס פּאָליטיק לגבי אונטערגעדריקטע און באַדראָעטע פעלקער!

נישט בלויז אָפּשטעלן דעם וועג פון די יידישע מאַסן צו אַ געזונטער נאַציאָנאַלער צוקונפט אין פּאַלעסטינע איז אויסן דער שוואַרצער דאָקומענט, וואָס טראָגט, ווי צום חוזק דעם נאָמען: „דאָס ווייסע בוך". די רעאַקציאָנערע, פאָלקס־פיינטלעכע כוונות פון דער ענגלישער קאָנסערוואַטיווער רעגירונג גרייכן פיל ווייטער! קעגן דער יידישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל, קעגן איר עלעמענטאַרן מענטשלעכן רעכט פריי און אומגעצוימט זיך צו אַנטוויקלען ווערן איינגעשטעלט באַגרענעצונגען און „פּראָצענט־נאָרמעס". די יידישע באַפעלקערונג טאָר נישט איבערשטייגן אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל! אַזוי וויל מיסטער טשעמבערליין און זיין רעגירונג! די יידישע באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל וועט נישט קענען פריי קויפן באָדן און זיך פריי אויף נייע באָדן־שטחים באַזעצן! אַזוי באַשטימט די זעלבע רעגירונג, וועלכע וועט אַריין אין דער געשיכטע פון ענגלאַנד און אייראָפּע, ווי יענע, וועלכע איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מינכען, וועלכע איז שולדיק אין דער טראַגעדיע פונעם טשעכישן פאָלק!

אויסנאַם־באַשטימונגען קעגן ייִדן, באַגרענעצונגען און פּראָצענט־נאָרמעס לגבי דער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס זענען ביז איצט געווען אַ מאָנאָפּאָל פונעם צאַראַט און פאַשיסטישע אָדער האַלב־פאַשיסטישע מלוכות, זאָלן איצט אין אַ מאַסקירטער, דעליקאַטערער פאָרעם איינגעפירט ווערן דורך אַ רע־גירונג פון אַ מלוכה, וועלכע רופט זיך דעמאָקראַטיש!

קיינמאָל האָבן מיר, די באַוווסטזיניקע ייִדישע אַרבעטער, נישט געשטיצט אונדזער רעכט אויף אַרבעט און פרייער צוקונפט אין ארץ־ישראל אויף דער באַלפור־דעקלאַראַציע. מיר האָבן אַלעמאָל געוואָרנט קעגן שעדלעכע אילוזיעס, אַז דער ענגלישער מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל ליגט אין די אינטערעסן פון די ייִדישע מאַסן און פון ארץ־ישראל. מיר האָבן גערופן צום קאַמף קעגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם און קעגן דער אָקופּאַנטישער מאַנדאַטאָר־מאַכט, שטרעבנדיק דעם דאָזיקן קאַמף צו דערהייבן צו דער געמיינזאַמער זאַך פון דער גאַנצער, ייִדישער און אַראַבישער באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע.

אָבער עס מוז מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פעסטגעשטעלט ווערן:

ענגלאַנד ברעכט איצט — לויטן מוסטער פון מינכען, אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען! וועלכע קיינער האָט איר נישט אָנגעוואָרפן, וועלכע זי אַליין האָט פרייוויליק און לויט איר איניציאַטיוו איבערגענומען.

דער שענדלעכער ברוך פון די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען לגבי די ייִדישע מאַסן און זייער שטרעבונג צו אַ טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעס־טינע קומט פאָר אין אַ צייט ווען פאַשיסטישע דיקטאַטאָרן צערייסן פאַרפליכ־טונגען, ווי ווערטלאָזע שטיקער פּאַפּיר און ווען דורך ברעכן רעכטלעכע פאַר־פליכטונגען ווערט געשטאַרקט די פּאָזיציע פון דער פאַשיסטישער אַקס!

ענגלאַנד ברעכט אירע פאַרפליכטונגען לגבי דעם ייִדישן פאָלק כלומרשט צוליב די אינטערעסן פונעם אַראַבישן פאָלק און דער געזונטער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע. דאָס איז די זעלבע צביעות, מיט וועלכע עס איז „באַרעכטיקט" געוואָרן דער מינכענער פאַראַט לגבי טשעכאָסלאָוואַקיי. פּאַלעסטינע האָט זיך מעכטיק און וווּנדערבאַר אַנטוויקלט אַ דאַנק דער ייִדישער איינוואַנדערונג און שעפערישער אַרבעט. עס איז געענוג אָן אויבנאויפיקער קוק אויף די באַשטי־מונגען פון „ווייסן בוך", כדי צו זען, אַז ענגלאַנד האָט גאָרנישט בדעה פּאַלעס־טינע און די אַראַבער פריי און אומאָפּהענגיק צו מאַכן. די איינציקע כוונה פון ענגלאַנד איז צו דערגרייכן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די פאַשיסטישע, עפענדישע קרייזן פון די אַראַבער אויפן חשבון פון די רעאַלע אינטערעסן פון די אַראַבישע מאַסן און פאַרן פרייז פון פאַרניכטן די פרייהייטס־שטרעבונגען פון די ייִדי־שע מאַסן!

דער גייסט פון מינכען, דער גייסט פון פאַראַט לגבי לעבעדיקע פעלקער און פון ברעכן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען, דער גייסט פון קאַפּיטולאַ־ציע פאַרן פאַשיזם און צעבושעוועטן נאַציאָנאַליזם שוועבט איבער טשעמבער־ליינס און מאַקדאָנאַלדס „ווייסן בוך"!

אין דעם דאָזיקן מאָמענט, ווען עס ווערט אויסגעפירט אַ נייער, אומ־דערהערטער אַטענטאַט אויף די רעכט פון די ייִדישע מאַסן, דערקלערן מיר, די פּאַרטיי פון דער באַוווסטזיניקער ייִדישער אַרבעטערשאַפט:

די ייִדישע מאַסן וועלן פאַר דעם „ווייסן בוך“ נישט קאַפּיטולירן און זיי וועלן אים באַקעמפן אויפן אַנטשיידנסטן אופן און מיט אַלע כוחות!

די ייִדישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט וועלן מיט אַלע מיטלען און מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט שטיין אויף־דער זייט פונעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל, וועלכער הייבט זיך אויף צום קאַמף פאַר זיינע רעכט און פאַר די רעכט פון די ייִדישע מאַסן פריי אַריינצוקומען און פריי זיך צו אַנטוויקלען אין ארץ־ישראל!

עס וועט גיין קיין ארץ־ישראל אַ ייִדישע מאַסן־עמיגראַציע קעגן אַלע פאַרבאָטן און קעגן אַלע צוימען פון דער ענגלישער רעגירונג און אירע אָקו־פאַנטישע אָרגאַנען אין פאַלעסטינע!

די ייִדישע אַרבעטער און די ייִדישע יוגנט וועלן נייע שטיקער ערד פרוכטבאַר און בלײַענדיק מאַכן צו זייער וווּיל, צום וווּיל פון דער ייִדישער אַלוועלטלעכער מאַסע און צום וווּיל פון גאַנץ פאַלעסטינע! זיי וועלן גיין צו ערד־אַרבעט, צום טריקענען זומפּן, באַפרוכפּערן מדבריות, אַפילו ווען דער ענגלישער אָקופּאַנט זאָל זיי דעם וועג מיט גוואַלט פרווון פאַרשטעלן!

קעגן דעם ווילן פון דער ענגלישער מאַכט אין ארץ־ישראל, קעגן דעם ווילן פון דער אַראַבישער פאַשיסטישער רעאַקציע און אין אַקטיוון קאַמף קעגן ייִדישן פאַשיזם און נאַציאָנאַליזם! קעגן דעם רעוויזיאָניזם וועלן ייִדישע מאַסן געפינען אַ וועג צו פאַרשטענדיקונג און צוזאַמענאַרבעט מיט די אַראַבישע מאַסן אין און מחוץ ארץ־ישראל! דער אויפשטייג פונעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל איז געווען און וועט זיין פאַרבונדן מיטן אויפשטייג פון גאַנץ פאַלעסטינע און זיין גאַנצער באַפעלקערונג! פריִער אָדער שפּעטער וועלן די אַראַבישע מאַסן זיך איבערצייגן (פּונקט, ווי עס זענען דאָס איצט יענע, וועלכע האָבן געגלויבט אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע און געטרויט דעם ענגלישן מאַנדאַט), וויפל עס זענען ווערט די פאַרפליכטונגען און צוזאָגן פון קאַפּיטאַ־ליסטישע, אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען. פריִער אָדער שפּעטער וועט דאָס אַראַבישע פאָלק דערקענען אין זיין האַרטערווירקלעכקייט דעם שווינדל פונעם „ווייסן בוך“ און פון דער פּערספּעקטיוו פון אַן „אומאָפּהענגיקער פאַלעסטינע“ אונטער ענגלאַנדס פּראָטעקטאָראַט, און דאַן וועט זיך ברייט עפענען דער וועג צו אַ ברידערלעכן צוזאַמענבונד פון ביידע פעלקער, וועלכער וועט נישט זיין געבויט אויף דער פּיין פון די ייִדישע מאַסן און אויף דער באַגרענעצונג פון זייערע עלעמענטאַרע רעכט!

ייִדישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן!

דאָס „ווייסבוך“ קומט אין אַ צייט, ווען ביי די ברעגעס פון פאַלעסטינע און אויף די ימים איבער דער וועלט וואַלגערן זיך טויזנטער און טויזנטער גע־טריבענע, געררודפטע און געפּלאָגטע ייִדן!

דאָס „ווייסבוך“ קומט אין אַ צייט, ווען עס איז אין דער סאַמע שוידער־לעכער פאָרעם אַנטפּלעקט געוואָרן די טראַגעדיע פון דעם פאָלק, וואָס האָט דאָס איינציקע אין דער וועלט נישט קיין טעריטאָריאַלע באַזע; וואָס זיין צעזייט־קייט און צעשפּרייטקייט, היימלאָזיקייט און אויסגעוואָרצלטקייט פון באָדן איז געוואָרן פאַר אים דער קוואַל פון דערשיטערנדיקער גיהנום־פּיין!

וועט איר, ייִדישע אַרבעטס־מאַסן, גלייכגילטיק אויפנעמען דעם דאָזיקן נייעם שענדלעכן אַטענטאַט אויף אונדזערע רעכט צו בויען אַ פרייע צוקונפט פאַר די ייִדישע מאַסן?!

ניין! איר וועט עס נישט אויפנעמען גלייכגילטיק! איר וועט צושטיין צו אונדז אין קאַמף! איר ווערט זיך שטעלן אין דער ריי פון יענע, וועלכע, קעמפנדיק אומבויגזאַם פאַר אונדזערע פולע רעכט דאָ, ווילן בויען אַ געזונטן טעריטאָריאַלן ייִדישן צענטער אין ארץ־ישראל!

נידער מיטן „ווייסן בוך"!

נידער מיט די באַגרענעצונגען לגבי די ייִדישע מאַסן אין ארץ־ישראל!

זאָל לעבן די פרייע אײַנוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל!

זאָל לעבן די אויפבוי־אַרבעט פון די ייִדישע מאַסן אין ארץ־ישראל!

זאָל לעבן דער געמיינזאַמער קאַמף פון די ייִדישע און אַראַבישע פאָלקס־מאַסן פאַר אַ פריי און אומאָפּהענגיק פאַלעסטינע!

זאָל לעבן דער טעריטאָריאַלער ייִדישער אַרבעטער־צענטער אין פאַ־לעסטינע!

זאָל לעבן דער קאַמף פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע!

זאָל לעבן דער סאָציאַליזם!

צענטראַל־קאָמיטעט
**פון דער ייד. אַרב.־פּאַרטיי „פועלי־ציון"**
אין פוילן

וואַרשע, 18טער מאַי 1939.

„אַרבעטער־צייטונג", וואַרשע, 19טער מאַי 1939

נתן בוקסבוים

# מעג דער וועג זיין פול מיט שטיינער...

די ייִדישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט און בפרט דער נייער ייִדישער ישוב אין ארץ־ישראל שטייען ווידער ערב אַ טראַגישן פּעריאָד פון זייער געשיכטע. אין אַ צייט, ווען די גיהנום־פּיין פון די ייִדישע מאַסן אין די פאַשיסטישע און האַלב־פאַשיסטישע לענדער האָט ביזן טיפסטן וואָרצל אויפגעדעקט דעם מהות פון דער ייִדנפראַגע און געוויזן, ווי אומגעהויער נייטיק עס איז צו פאַרבינדן דעם קאַמף פאַר די רעכט אויפן אָרט מיטן קאַמף פאַר איר טעריטאָריאַלער לייזונג; אין אַ צייט, ווען ס'איז תחית־המתים אויפגעשטאַנען דער גירוש פון גאַנצע ייִדישע קיבוצים, און שיפן מיט טויזנטער געפּייניקטע ייִדישע פאָלקס־מענטשן, אַרויסגעטריבענע פון זייערע וווין־לענדער, וואַלגערן זיך האָפענונגסלאָז איבער ימים — גראָד אין אַזאַ צייט וויל מען פאַר דער ייִדישער מאַסע פאַרשפּאַרן דעם וועג צו יענעם לאַנד, וווּ זיי האָבן אָנגעהויבן בויען אַ נייַ לעבן פאַר זיך, ברענגענדיק אַזוי אַרום דעם לאַנד און זיין גאַנצער באַפעלקערונג אויפשטייג און אויפבלי!

אונטערן נאָמען פון „ווייסבוך“ ווערט צוגעגרייט אַ נייַ שוואַרץ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער פאָלקסמאַסע. דער זעלבער פּאָליטיקער פון מינכען, וועלכער האָט געהאָלפן אַרויסטראָגן דעם טויט־אורטייל איבער דער אומאָפּהענגיקייט און סוווערעניטעט פונעם טשעכישן פאָלק, וויל איצט דעם פּסק־דין פון פאַרניכטונג און אונטערגאַנג פאַרקינדיקן איבער דער שטרעבונג פון די ייִדישע מאַסן צו אַ פרייַ, געזונט און שעפעריש לעבן אויף אַ טעריטאָריאַלער באַזע אין ארץ־ישראל. מעגן זיך די שיפן מיט טויזנטער געיאָגטע און גערודפטע מענטשן וואַלגערן איבער ימים, נישט אַריינגעלאָזטע אין קיין שום פּאָרט־שטעט פון דער וועלט — ה' טשעמבערליין, דער קאָנסערוואַטיווער ענגלישער פּרעמיער, דער שותף פון בערכטעסגאַדן און מינכען, האָט באַשטימט, אַז פאַר זיי וועט מער קיין פּלאַץ אין ארץ־ישראל נישט זיין. מעגן צענדליקער און צענדליקער טויזנטער אַרבעט־זוכנדיקע מענטשן ווענדן זייערע אויגן קיין ארץ־ישראל, וווּ זיי האָבן געהאָפּט דורך זייער אַרבעט צו שמידן אַ גליקלעכע צוקונפט פאַר זייער פאָלק —

די ענגלישע רעאַקציאָנערע רעגירונגס־לייט האָבן באַשטימט, אַז פּאַר זיי איז פיל וויכטיקער דער בונד מיטן פאַשיסטישן נאַציאָנאַליזם פון די אַראַבער איידער די פאַרווירקלעכונג פון די פרייהייטס־שטרעבונגען פון די געפּלאָגטע ייִדישע מאַסן! נאָכן שנעדלעכן און מיאוסן באַנקראָט פון די מינכענער מעטאָדן אויפן באָדן פון דער וועלט־פּאָליטיק ווערט איצט געמאַכט דער פּרווו די דאָזיקע מעטאָדן אָנצווווענדן לגבי די ייִדישע מאַסן און לגבי ארץ־ישראל!

מען טאָר נישט. אונטערשאַצן די געפאַר, וועלכע דראָעט סיי די פּאַ־לעסטינע־שטרעבונגען פון די ייִדישע מאַסן, סיי דעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל. דער גורל פון טשעכאָסלאָוואַקיע מוז איצט וואָרענען, וואָס עס קען זיין דער רעזולטאַט פון דער מינכענער פּאָליטיק לגבי די ייִדישע מאַסן אויפן באָדן פון פּאַלעסטינע! יעדער סימן פון פאַרלוירנקייט און אָפּהענטיקייט, פון צעמישונג און פאַרצווייפלונג קען דורך דער רעאַקציע און דורכן פאַשיזם אויסגענוצט ווערן, כדי צו ליקווידירן דעם מעכטיקן דראַנג פון די ייִדישע פּאָלקסמאַסן צום אויפבוי פון טעריטאָריאַלן ייִדישן צענטער אין פּאַלעסטינע און קען וואַרפן דעם שאָטן פון ירידה און טויט־סכנה איבער דעם האַלבמיליאָניקן ישוב אין ארץ־ישראל!

די געפאַר, וועלכע דראָט אונדז, דער ייִדישער אַרבעטער־ און פּאָלקס־מאַסע, איז אומגעהויער גרויס! נאָר דאָס קלאָרע באַוווסטזיין וועגן די צילן און מעטאָדן פון אונדזער קאַמף קעגן דער פּאָליטיק פונעם „ווייסבוך” און דער האַרטער ווילן די דאָזיקע קאַמף־צילן בשלימות און אונטער אַלע באַ־דינגונגען צו רעאַליזירן, קען צונישט מאַכן די שענדלעכע, רעאַקציאָנערע און פּראָפאַשיסטישע כוונות פון די פּאָליטיקער פונעם „ווייסבוך”! אַ צאָן נאָך אַ צאָן, עקשנותדיק און פאַרביסן, מוז ביי דער שלאַנג פון מינכען אַרויס־געריסן ווערן, ביז דער גאַנצער געקינצלטער דיפּלאָמאַטישער בנין, דער באַשאַף פון אַ מאָמענטאַלער פּאָליטישער קאָניונקטור, וועט זיך צעפאַלן, ווי אַ קאָרטן־הויז!

מיר זענען אין אונדזער קאַמף נישט איינזאַם. אויף אונדזער זייט וועלן זיין די סימפּאַטיעס פון דער גאַנצער וועלט־דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט זיך גראָד אין די לעצטע יאָרן געקענט איבערצייגן, וואָס פאַר אַ גוואַלדיקע פּאָזיטיווע און שעפערישע ראָל ארץ־ישראל שפּילט ביים לינדערן די פּיין פון די ייִדישע מאַסן און לייזן זייער עיקר־פּראָבלעם, דאָס פּראָבלעם פון אויסגעוואָרצלטקייט און אָפּגעריסנקייט פון באָדן. אויף אונדזער זייט וועלן זיך פריִער אָדער שפּעטער, אויב אונדזער פּאָליטיק וועט זיין אַ ריכטיקע, שטעלן אַלע יענע כוחות אין ארץ־ישראל, וועלכע זענען בלוטיק פאַריִנטע־רעסירט אינעם פרייען אויפשטייג פון דעם דאָזיקן לאַנד!

דאָס „ווייסבוך” קומט צו די אַראַבישע מאַסן מיט דער פאַרפירערי־שער פּערספּעקטיוו פון אַ כלומרשט פרייער „פּאַלעסטינער מלוכה”. אָבער עס וועט זיין גענוג אַ קורצע צייט, כדי די אַראַבישע פּאָלקסמאַסן אין און מחוץ ארץ־ישראל זאָלן זיך איבערצייגן, וואָס פאַראַ שווינדל עס איז די דאָזיקע „אומאָפּהענגיקייט”. זיי וועלן זיך איבערצייגן, אַז אונטערן דעקמאַנטל פון דער כלומרשטער אומאָפּהענגיקייט זאָלן די אַראַבישע עפּענדישע, רע־

אַקציאָנערע און פאַשיסטישע קרייזן באַקומען די מעגלעכקייט נאָך מערער צו פאַרשקלאַפן און עקספּלאָטירן דעם אַראַבישן פעלאַך און אַרבעטער און אָפּהאַלטן דעם אויפשטייג און פּראָגרעס פון פּאַלעסטינע. אויס דאַנקבאַרקייט פאַר דער פּריווילעגיע זאָלן זיך די עפענדיס און מופטיס, וועלכע שטייען היינט אין דינסט פון היטלערן און מוסאָלינין, איינשפּאַנען אינעם רייטוואָגן פון די בריטישע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן.

געוויס, כדי צו פאַרגיכערן דעם פּראָצעס פונעם פּאָליטישן רייף־ווערן פון די אַראַבישע מאַסן, אין וואָס עס זענען ביז גאָר פאַרינטערעסירט די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, מוז ראַדיקאַל געביטן ווערן די ביז איצט גילטיקע, אָפיציעלע ציוניסטישע פּאָליטיק. די יידישע אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל און אַלע יענע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס מחוץ ארץ־ישראל, וועלכע זענען מיטן יידישן אַרבעטער־ישוב אין פּאַלעסטינע פאַרבונדן, מוזן פאַרשטיין, ווי פאַרברעכעריש, ווי פּאָלקספיינטלעך ס'איז געווען די ציוניסטישע און מפא״ישע פּאָליטיק, וועלכע האָט דורך „משמרות“, „עבודה עברית“, „תוצרת עברית“ אד״גל געהאָלפן דעם ענגלישן אימפּעריאַליסט, דעם אַראַבישן נאַציאָנאַליסט און דעם יידישן בעל־גוף און רעוויזיאָניסט אויסצוגראָבן אַ תהום צווישן די יידן און אַראַבער. נאָר אַזאַ פּאָליטיק, וועלכע ציט צו דעם אַראַבישן אַרבעטס־מענטשן צום טאָג־טעגלעכן געמיינזאַמען קאַמף פאַר אַ בעסערן לעבן און פּאָליטישער פרייהייט צוזאַמען מיטן יידישן אַרבעטער; וועלכע ציט צו באַוווסטזיניק דעם אַראַבישן פעלאַך און אַרבעטס־מענטשן צום געניסן צוזאַמען מיט דעם יידישן אַרבעטס־מענטשן פון יענעם ווירטשאַפטלעכן אויפבלי פונעם לאַנד, וועלכער קומט אַ דאַנק דער איינוואַנדערונג און אויפבוי־אַרבעט פון דער יידישער מאַסע, — קען די אַראַבישע מאַסן פאַרוואַנדלען אין שונאים פון די עפענדיס און רעאַקציאָנערן און אין נאַטירלעכע פאַרבינדעטע פונעם יידישן אַרבעטער־ישוב!

מען רופט אונדז צום קאַמף קעגן די פּלענער און קעגן דער פּאָליטיק פון דער מאַנדאַטאָר־מאַכט. עס איז אָבער שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז דער ציוניסטיש־מפא״ישער לאַגער, וועלכער האָט ביז אַצינד אַזוי געטריי און הכנעהדיק געדינט דער מאַנדאַטאָר־מאַכט אַפילו אין איר רעאַקציאָנערער געשטאַלט, זאָל פּלוצלינג פעיִק ווערן צו פירן קעגן איר אַ קאַמף אָן פּשרות און אָן וואַקלענישן. פאַרקערט, עס איז גיכער אָנצונעמען, אַז די ציוניסטיש־מפא״ישע פּאָליטיקער וועלן נאָך יעדן שריט פאָרויס — פון שרעק פאַר זייער פּלוצלינגדיקער „דרייסטקייט“ — מאַכן צוויי שריט צוריק, און דאָס דראָעט מיט דער געפאַר, אַז שטאַרקן זיך פון דעם זאָל די נאַציאָנאַליסטישע העץ־דעמאַגאָגיע פונעם רעוויזיאָניסטישן פאַשיזם אָדער די קליינקעפּלדיקייט און באַגרענעצטקייט פון דעם אַנטי־פּאַלעסטינישן (בונדיש־יעווסעקישן) לאַגער, וועלכער גלויבט מן־הסתם, אַז ס'איז געקומען פאַר אים די שעת־הכושר.

מיר מוזן דעריבער פאָדערן, אַז די לאָזונג פון קאַמף קעגן „ווייסבוך“ צו וועלכן ס'רופן איצט (מיט רעכט!) יענע, וועלכע טראָגן די גאַנצע אַחריות פאַרן נישט געראָטענעם קורס פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק, זאָל געטרוי

דעשיפרירט ווערן. עס מוזן געניוי אַנגעצייכנט ווערן די ליניעס פון אַזאַ פּאָליטיק, וועלכע זאָל מסוגל זיין אונטערצוגראָבן די כוונות פונעם „ווייס־בוך" און צו שטאַרקן די פּאָליטישע פּאָזיציע פונעם פּאַלעסטיניזם סיי אין ארץ־ישראל גופא, סיי אין דער וועלט. עס מוז אָנגעצייכנט ווערן דער וועג, ווי צו געווינען די צוזאַמענאַרבעט און קאָאָפּעראַציע פון די אַראַבישע מאַסן, אָן וואָס דער קאַמף קעגן „ווייסבוך" און ענלעכע פּאָליטישע שריט איז פאַרורטיילט אויף אַ דורכפאַל! נאָר דאַן, ווען עס וועלן זיין פולשטענדיק קלאָר דער וועג און די קאָנקרעטע אויפגאַבעס אינעם קאַמף קעגן „ווייסבוך" און עס וועט קיין ספק נישט זיין, אַז דאָס איז אַ וועג, וועלכער קען פירן צום ציל און אַז דאָס זענען אויפגאַבעס, פאַר וועלכע עס לוינען זיך אַפילו די גרעסטע קרבנות, וועט זיין מעגלעך צו מאָביליזירן די כוחות פון דער יידישער מאַסע אין וועלט־מאַסשטאַב און פון דער וועלט־דעמאָקראַטיע אין דינסט פון אונדזערע פּאַלעסטינישע שטרעבונגען.

עס וועלן זיך זיכער געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן טענהן, אַז מען טאָר מיט דער ענגלישער רעגירונג נישט „צופּיל" איינרייסן, „זענען מיר דאָך נעבעך אַזעלכע אומגליקלעכע און פאַריתומטע". עס וועלן זיין אַזעלכע, וועלכע וועלן אָנווייזן, אַז טשעמבערליין פירט איצט אַן אַנטיהיטלעריסטישע פּאָליטיק און מען טאָר אים דעריבער אין ערגעץ נישט שטערן, אָבער די אַלע פאַלשע, צביעותדיקע טענות טאָרן אויף אַ האָר נישט מילדערן די שאַרפקייט פון אונדזער קאַמף! מיר זענען נישט „נעבעכדיק" און „פאַר־יתומט". מיט אונדז איז דער דראַנג פון די יידישע מאַסן צו אַ ניי לעבן און צו פולער נאַציאָנאַלער באַפרייונג. מיט אונדז זענען די אמת־דעמאָקראַטישע און פרייהייטלעכע כוחות אין דער גאַנצער וועלט! מיט אונדז קען און וועט זיין — ביי אַ ריכטיקער פּאָליטיק — די אַראַבישע פעלאַכישע און אַרבעטער־מאַסע. מיט אונדזער קאַמף שטערן מיר נישט די אמתע קאָנסאָלידאַציע פון די שלום־שיצנדיקע און אַנטיהיטלעריסטישע כוחות, פאַרקערט, מיר שטאַרקן זיי און העלפן זיי פעסטיקן, ווייל מיר קעמפן קעגן דעם רעציד־יוו פון דער מינכענער פּאָליטיק אויף איינעם פון די סאַמע וויכטיקע אָפּ־שניטן פונעם גרויסן פּאָליטישן פראָנט. און דער קאַמף איז אַ גערעכטער און אַ פּראָגרעסיווער און מיר דאַרפן און מוזן אים פירן מיט דער גרעסטער עקשנות און שאַרפקייט!

און נאָך איינס: אין דער גורל־שעה פאַר די יידישע מאַסן און פאַר ארץ־ישראל מוז מען פאָדערן קלאָרע רייד פונעם אַנטיפּאַלעסטינישן לאַגער און אין דער ערשטער ריי פונעם „בונד". מען מוז זיי צווינגען צו רעדן אָפּענע און אומצווידייטיקע דיבורים: צי זענען זיי גרייט צו קעמפן מיט אונדז צוזאַמען קעגן דער שענדלעכער אַנטייידישער גזירה, קעגן „ווייס־בוך", קעגן פאַרמשפּטן טויזנטער און טויזנטער יידישע עמיגראַנטן צו קלאַפּן האָפּע־נונגסלאָז אין די טויערן פון ארץ־ישראל, קעגן צורויבן ביי די יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל דאָס רעכט אויף אַרבעט און אויפשטייג — אָדער צי זענען זיי צופרידן מיטן „ווייסבוך" און מיט דער פּאָליטיק פון דער טשעמבער־ליין־מופטי־קאָמפּאַניע לגבי די יידישע מאַסן?! צי זענען זיי, די בונדאָווצעס,

פעיִק צו פאַרשטיין דעם געבאָט פון דער היסטאָרישער שעה, אָדער צי ווילן זיי גאָר טאַנצן אַ פריילעכן ריקודל, ווייל די נייע שאַנד־גזירה קעגן די יידישע מאַסן לאָזט זיך אויסנוצן צום העסלעכן, פאַרבלענדטן קאַמף קעגן פאַלעסטיניזם און צו כאַפּן נאָך אַ צייטווייליקן ־שאַנס ביי די שטאָט־ראַט־ אָדער קהילה־וואַלן!

עס איז די צייט פון „נירנבערגער" געזעצן און יידן־גירושים, אין וועל־ כער עס ווערן געבוירן אַזעלכע פּירות, ווי דאָס „ווייסבוך". ווער עס פאַר־ שטייט זייער געמיינזאַמען אָפּשטאַם און דעם סם, וועלכע זיי טראָגן אין זיך, דער וועט זיך אויפהייבן צום שטאַנדהאַפטיקן אָנפשרותדיקן קאַמף קעגן דעם „ווייסבוך", פאַרן רעכט פון די יידישע מאַסן אויף פרייער איינוואַנדערונג און שעפערישער, פרוכטבאַרער אַרבעט אין ארץ־ישראל! ווער עס וועט צו דעם קאַמף נישט צושטיין, דער איז אַ פאַרעטער פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן!

שווער וועט זיין אונדזער וועג, פול מיט שטיינער. אָבער „מעג דער וועג זיין פול מיט שטיינער", מיר וועלן זיך פאַר אים נישט אָפּשרעקן און מיר וועלן צו אונדזער ציל, צו דער פולער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַ־ פרייונג פון די יידישע מאַסן, זיכער דערגריין!

„אַרבעטער־צייטונג, וואַרשע, 19טער מאַי 1939".

יוסף ראָזען

# אין דער צייט פון גרויסן נסיון

.1

די מחברים פון דעם שוואַרצן דאָקומענט, וואָס טראָגט מעשה־חוזק דעם נאָמען „ווייסבוך", האָבן אונדז כאָטש פאַרשפּאָרט די טרחה אויפצודעקן די פאַלשקייט, בייזוויליקייט און נידערטרעכטיקייט פון זייער שעדעוור, — עס שפּאַרט אַליין אַרויס פון יעדן זאַץ, פון יעדער שורה.

די אַלע צביעותדיקע רייד און סאָפיסטישע פּשטלעך, מיט וועלכער דער הער מאַלקאָלם מאַקדאָנאַלד און זיינע קאַבינעט־קאָלעגן ווילן מאַכן פון שוואַרץ ווייס און איינרעדן דער וועלט, אַז דער ברוטאַלער אַטענטאַט אויף די האָפענונגען פון סאַמע געפּייניקטן פאָלק איז נאָר כלומרשט אַ ווערק פון „אָביעקטיווער גערעכטיקייט", וואָס זוכט „די מיטל־ליניע צווישן די יידישע און אַראַבישע פאָדערונגען", — וועלן קיינעם נישט איבערצייגן און קיינעם נישט אָפּנאַרן. פּונקט ווי עס וועלן קיינעם נישט איבערצייגן און קיינעם נישט אָפּנאַרן זייערע רייד וועגן זייער כלומרשטער זאָרג פאַר יידיש־אַראַבישן שלום. נישט נאָר מיר — אַ וועלט ווייסט, אַז צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד האָבן די פאָרשטייער פון בריטישן אימפּעריאַליזם געטון אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, כדי צו קיין דערנענטערונג און שלום צווישן יידן און אַראַבער זאָל נישט קומען.

עס וועלן קיינעם נישט „באַרויקן" זייערע רייד וועגן „גאַראַנטיעס" פאַר דער „יידישער נאַציאָנאַלער היים". יעדער וועט פאַרשטיין, אַז עס איז נישט קיין היים, אויב מען איז נישט פריי צו עפענען די טיר און אַריינצונעמען צו זיך אַ ברודער, וואָס ווערט אומעטום געטריבן און זוכט אַ מקום־מקלט. אַפילו זייערע „גאַראַנטיעס" פאַרן שוין פאַראַנענעם יידישן ישוב וועט קיינער נישט אויפנעמען אַנדערש ווי מיט שפּאָט נאָך דעם, ווי זיי האָבן אַזוי ציניש באַוויזן, וואָס עס זענען ווערט זייערע פייערלעכע דעקלאַראַציעס און צוזאָגענישן.

זייערע קאָמפּלימענטן פאַר אונדזער אויפטו אין דעם לאַנד, ווי זייערע סימפּאַטיע־דערקלערונגען פאַר די גערודפטע יידישע מאַסן פון די פאַשיס־

טישע לענדער, מאַכן בלויז נאָך בולטער די געמיינקייט פון זייערע מעשים. אַדרבה, ווייל קיין שנאה איז דערביי נישטאָ, איז עס טאַקע נאָך מער שענד־לעך. אַזוי הענגט אָדער קעפּט דער תליון, — אָן שנאה צום קרבן, אַמאָל גאָר אפשר מיט אַ ברעקעלע מענטשלעך מיטלייד צו אים. עס איז „ביזנעס". זאָגן מיר נישט: אַנטיסעמיטן. ניין, ס'איז נישט דאָס. זיי זענען „בלויז" מענטשן־הענדלער. מענער און פרויען, זקנים און יונגע קינדער, געדרודפטע, פאַרמוטשעטע, געטריבענע איבער ימים — אַ סחורה איז דאָס פאַר זיי, פאַר די „ביזנעס"־לייט, אַ פּרייז אויף צו ליציטירן זיך מיט היטלערן און מוסאָ־לינין און אויסדינגען ביי זיי די סימפּאַטיעס פון כאדזש־אַמין. אַ פאָלק, וואָס בלוטיקט און ראַנגלט זיך, אַ גאַנץ פאָלק מיט זיין שוידערלעכער טראַגעדיע און דורותדיקע האָפענונגען, ווערט קאַלטבלוטיק פאַרקויפט, כדי פאַר זיין פרייז איינצוהאַנדלען אַ טראַנספּאָרט אַראַבישע לעבעדיקע סחורות, וואָס עפענדיס דראָען צו ליפערן היטלערן, אויב גרויס־בריטאַניע וועט זיך נישט מקדים זיין און באַצאָלן זיי דעם געפאָדערטן פּרייז.

אין מינכען האָבן זיי אין הורט פאַרקויפט דאָס טשעכאָסלאָוואַקישע פאָלק צום גרעסטן און ברוטאַלסטן שקלאַפן־האַלטער, וואָס די מענטשהייט האָט ווען געזען. איצט מיינען זיי אונדז צו פאַרקויפן צום מופטי מיט זיין קליקע. דאָס „ווייסבוך" איז דער שטר־מכירה.

### .2

נאָר נישט טרייסטן זיך אַליין מיט פאַלשער טרייסט. נאָר נישט דער פזמון: געווען שוין „ווייסביכער" און זיי זענען געבליבן שטיקער פּאַפּיר. איז נאָך איין „ווייסבוך", — מה רעש?

אַוודאי, אויך מיר גלויבן, אַז דאָס „ווייסבוך" וועט קיין קיום נישט האָבן. אָבער נישט על־פּי אַנאַלאָגיע מיט די פריִערדיקע „ווייסביכער". אַזאַ אַנאַלאָגיע איז עלול צו ברענגען צום געדאַנק, אַז אויך די אָנשטרענגונגען, די מיטלען, די קאַמפּס־מעטאָדן קענען זיין די זעלבע, וואָס אין די פריִערדיקע פאַלן. און דאָס קען האָבן די פאַטאַלסטע פאָלגן. ווייל מען בייקומען דאָס איצטיקע „ווייסבוך", דאַרף מען זען די גאַנצע געפאַר, וואָס ס'טראָגט מיט זיך. נאָר דאַן וועט מען קענען אַרויסברענגען די ענערגיע, די כוחות — פיזישע, גייסטיקע, פּאָליטישע, מאָראַלישע — און די מאַטעריעלע מיטלען, וואָס זענען נייטיק אויף בייצוקומען די גרויסע געפאַר — די גרעסטע פון אַלע געפאַרן, וואָס אונדזער ווערק האָט ווען עס איז געהאַט אויסצושטיין.

לאָמיר וויסן: נישטאָ קיין פאַרגלייך צווישן דעם איצטיקן „ווייסבוך" און די פריִערדיקע. יענע זענען געווען וועגדונגען אויפן זיגזאַג־וועג פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק, וואָס האָט נאָך אַלץ געפּרוּווט לאַווירן צווישן יידן און אַראַבער. איצט האָבן מיר פאַר זיך אַן אָפענעם בונד פון ענגלישן אימפּעריאַליזם מיט דער אַראַבישער רעאַקציע קעגן אונדז. יענע „ווייסביכער" זענען געווען אויסדרוקן פון דער טענדענץ פון דער ענגלישער מאַכט צו באַגרענעצן, צו פאַרשמעלערן אונדזער ווערק. דער איצטיקער איז

אַן אָפענער פאַרמעסט צו פאַרניכטן, צו פאַרטיליקן אים. יענע „ווייסביכער״ זענען געווען קיין פאַר אונדז, דער איצטיקער — אַ גילאָטינע.

אָבער — פון דער צווייטער זייט — דאָס היינטיקע „ווייסבוך״ טרעפט אונדז אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען ווי די פריִערדיקע. אמת, אינטערנאַציאָנאַלע באַדינגונגען — ערגערע ווי אַמאָל. און דאָס יִידישע פאָלק אין דער וועלט — אָפּגעשוואַכט, היפּש בלוט פאַרלוירן אונטערן מעסער פון פאַשיזם. דערויף בויען טאַקע די טשעמבערליינס און מאַקדאָנאַלדס. זיי מיינען, אַז אין דער איצטיקער לאַגע וועלן מיר מוזן בייגן דעם קאָפּ און אָננעמען דעם גזר־דין. אָבער אין אין הינזיכט — אַן אַנטשיידנדיקער! — זענען מיר היינט פאָרט אין אָן אַ שיעור אַ בעסערער לאַגע ווי בעת די פריִערדיקע „ווייסביכער״: דער יִדישער ישוב אין ארץ־ישראל איז היינט נישט דאָס וואָס אַמאָל!

סיי לויט זיין אַבסאָלוטער צאָל, סיי לויט זיין פּראָצענט־פאַרהעלטעניש צו דער גאַנצער באַפעלקערונג פון לאַנד, סיי לויט זיין סאָציאַלן באַשטאַנד, סיי לויט זיינע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און ראָל אין דערווירטשאַפט פון לאַנד, איז ער שוין היינט אַזאַ כוח, אַז מ׳קען נישט מיט אים מאַכן, וואָס מען וויל. דריי יאָר צייט געפינט זיך שוין דער ישוב אין דער שווערסטער פייער־פּראָבע. און לאָמיר זיך אַליין אָפּגעבן אַ דין־וחשבון: ווען עמעצער וואָלט אונדז ביים אָנהייב פון די געשעענישן פאָרויסגעזאָגט, וואָס מיר וועלן האָבן אויסצושטייך דריי יאָר נאָכאַנאַנד, טאָג נאָך טאָג, — אַ סך פון די גרעסטע אָפּטימיסטן צווישן אונדז וואָלטן זיך אפשר נישט פאָרגעשטעלט, אַז דער ישוב וועט דאָס אויסהאַלטן, און ער האָט אויסגעהאַלטן, און נאָך ווי אַזוי אויסגעהאַלטן! נישט נאָר האָבן אים די שווערע קלעפּ נישט צעבראָכן — זיי האָבן אים נאָך מער פאַרהאַרטעוועט, געשטאָלט. ער האָט געוווּנען נאָך מער גלויבן אין זיך, נאָך מער זעלבסטזיכערקייט. ער האָט אויפגענומען נייע טויזנטער איינוואַנדערער, ער האָט געשאַפן נייע ווערטן, נייע פּאָזיציעס פון אומגעהויערן באַדייט. ער האָט אַרויסגעוויזן זיין לעבנס־פעיִקייט, זיין ווידער־שטאַנדס־קראַפט, זיין אומדערשיטערלעכן כוח, זיין פעיִקייט צו באַשיצן זיך מיט וואָפן אין דער האַנט און גלייכצייטיק פונאַנדערצוּוויקלען שעפערישע ענערגיע פון פאָרט תל־אביב ביז די בערג פון גליל.

דערמיט זענען אויך געוואַקסן די שאַנסן צו מאָביליזירן כוחות און מיט־לען פון די יִדישע מאַסן אין דער וועלט, וועלכע זעען באַשיינפּערלעך, אַז די אָנשטרענגונגען גייען נישט אין ניוועץ, אַז די קרבנות זענען נישט אומזיסט, אַז ס׳איז דאָ פאַרוואָס צו קעמפן און אַז ס׳איז מעגלעך צו קעמפן, אַז אין דעם דראַמאַטישן געראַנגל איז פאַראַן נישט עפּעס בלויז ראָמאַנטישע העלדישקייט, נאָר טאַקע תכלית, אַז דאָ גייט נישט וועגן אַ שיינעם טויט, נאָר ס׳איז דאָ די אויסזיכט אויף אַ פריי לעבן!

פון פאַרשיידענע פאַקטאָרן איז אָפּהענגיק אונדזער צוקונפט. אויסער־לעכע פאַקטאָרן קענען גינסטיקער מאַכן די באַדינגונגען פון אונדזער געראַנגל, פאַרלייכטערן אונדזער זיג. בויען בויען מיר אָבער מיט אונדזערע אייגענע כוחות און קודם־כל אויף אונדזערע אייגענע כוחות — די כוחות

פון יידישן ישוב אין לאַנד און פון די יידישע מאַסן אין דער וועלט. און וועלן די יידישע מאַסן אין גאָרער וועלט — וועלכע זענען אַזוי טיף דער־שיטערט געוואָרן פון דעם „ווייסבוך“, פון אָט אָ דעם שענדלעכן אַטענטאַט אויף זייערע רעכט, אויף זייערע היסטאָרישע שטרעבונגען און האָפענונ־גען, — וועלן זיי אויסדריקן זייער דערשיטערונג און פאַרביטערונג נישט נאָר אין פלאַמיקע פּראָטעסטן און פייערלעכע דעקלאַראַציעס, נאָר אין ממשות־דיקע מעשים! אין מאָביליזירן — און וואָס שנעלער — די נייטיקע כוחות און מיטלען, און זיי וועלן דערביי אַרויסווייזן כאָטש אַ טייל פון דער קרבנות־גרייטקייט און עקשנותדיקן קאַמפּס־ווילן, וואָס ס׳האָט ביז איצט אַרויסגע־וויזן דער אַנטשיידנדיקער טייל פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל — קענען מיר אַריינגיין אין דער נייער סטאַדיע פונעם קאַמף פאַר אונדזער צוקונפט, אָן מורא פאַרן אויסגאַנג פון דעם קאַמף, ווי שווער עס זאָל נישט זיין און ווי לאַנג ער זאָל נישט דאַרפן דויערן.

נאַטירלעך דאַרפן די כוחות אויסגענוצט ווערן צוועקמעסיק, נישט אויף אַוואַנטורעס, ווי „עפעקטפול“ זיי זאָלן אין פלוג נישט אויסזען. און אַוודאי און אַוודאי מוזן אָנגענומען ווערן שריט צו ליקווידירן אויף אַלע שטחים די איבערבלייבעכצן פון דער אַלטער פאַלשער פּאָליטיק — די אַלע באַגלייט־דערשיינונגען פון דער „ענגלישער קרענק“, אויף וועלכער ס׳האָט געליטן די ציוניסטישע באַוועגונג צוואַנציק יאָר צייט.

„נייוועלט, תל־אביב, 2טער יוני 1939.

# דער אָנטייל פון פּועלי־ציון אין ציוניסטישן קאָנגרעס

**אין יאָר 1909 האָט די רוסלענדישע פּועלי־ציון־פּאַרטיי אויף איר קאָנפערענץ — וועלכע איז, צוליב די צאַרישע רדיפות, פאָרגעקומען אין אויסלאַנד, אין ווין — באַשלאָסן זיך נישט צו באַטייליקן אין ציוניסטישן קאָנגרעס און ממילא אין אַלע אינסטיטוציעס פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. ערשט די צענטע וועלט־קאָנפערענץ פון יידישן אַלוועלטלעכן אַרבעטער־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון״, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1937 אין תל־אביב, האָט באַשלאָסן ענדערן די שטעלונג לגבי דער ציוניטסישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און זיך באַטייליקן אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן.**

**מיר ברענגען דאָ די רעזאָלוציע פון דער 10טער וועלט־קאָנפערענץ וועגן דער דאָזיקע פראַגע:**

מיט 28 יאָר צוריק האָט די רוסלענדישע פּועלי־ציון־פּאַרטיי, לויט דער איניציאַטיוו פון בער באָראָכאָוו, באַשלאָסן אַרויסטרעטן פון ציוניסטן־קאָנגרעס. מיט דער צייט איז די דאָזיקע שטעלונג אָנגענומען געוואָרן ווי אַ טאַקטישע גרונטליניע דורך די מאַרקסיסטישע פּועלי־ציון פון גאָר דער וועלט. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט מיט זיך צו יענער צייט פאָרגעשטעלט דער עיקר אַן אידעאָלאָגישע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע באַוועגונג, אין וועלכער די קלאַסן־דיפערענצירונג איז געווען ערשט אין די וויקעלעך און די באַזונדערע איינשטעלונגען פון פאַרשיידענע קלאַסן ביי דער רעאַליזירונג פון ציוניזם, הגם זיי זענען שוין אויך דאַן געווען אַן אויסדרוק פון די פאַרשיידענע פּאָטענציעלע קלאַסן־אינטערעסן, האָבן זיי אָבער נאָך מער געהאַט צו טון מער מיט פּלענער און שטרעבונגען, איידער מיט טאָג־טעגלעכע רעאַלע אינטערעסן פון גרויסע מאַסן. די נעגאַטיווע באַציִונג צום אָנטייל אין ציוניטסישן קאָנגרעס איז דעריבער אין יענע באַדינגונגען געווען פאַר דער באַוועגונג אַ נויטווענדיקייט, כדי נישט צו לאָזן זי פאַרוואַסערט ווערן

אין שטראָם פון ראָמאַנטישע כלל־ישראל־אידעאָלאָגיעס און געבן איר די מעגלעכקייט צו געווינען און אָרגאַניזירן ברייטע מאַסן פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין אַ זעלבסטשטענדיקער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, וואָס שטייט פעסט אויפן באָדן פון קלאַסן־קאַמף און שטעלט זיך פאַר אַ ציל, צוגלייך מיט דער טעריטאָריאַלער לייזונג פון דער ייִדנפראַגע אין ארץ־ישראל, אויך דעם אָנפשרותדיקן קאַמף פאַר דער סאָציאַלער באַפרייונג פון די ייִדישע מאַסן אין גאָר דער וועלט, האַנט ביי האַנט מיט דעם אינטער־נאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

שטרעבנדיק פון אירע ערשטע טריט צו זעלבסטשטענדיקער פּראָלע־טאַרישער אַרבעט אויפן פּאַלעסטינע־געביט, האָט די אַלוועלטלעכע פּועלי־ציון־באַוועגונג פאַרלייגט דורך דעם פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאָנד די ערשטע ווירטשאַפטלעכע און פינאַנציעלע יסודות פונעם איצטיקן גרויסן אַרבעטער־אויפטו אין ארץ־ישראל אין קאַמף קעגן דער כלל־ישראל־אידעאָלאָגיע פון „הפּועל־הצעיר", וואָס האָט זיך מיט אַלע מיטלען אַנטקעגנגע־שטעלט דער זעלבסטשטענדיקער קלאַסן־אַקטיוויטעט פון דער ייִדישער אַר־בעטערשאַפט אויפן פּאַלעסטינע־געביט.

די 5טע וועלט־קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון־פאַרבאַנד אין יאָר 1920, וואָס האָט פונאַנדערגעטיילט די אַמאָליקע אָרגאַניזאַציאָנעל־איינהייטלעכע פּועלי־ציון־באַוועגונג אין צוויי לאַגערן, אַ רעפאָרמיסטישן און אַ רעוואָלוציאָנערן, האָט באַשטעטיקט די נעגאַטיווע באַציִונג צום אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנ־גרעס ביי אַ היסטאָרישער סיטואַציע, ווען דער דירעקטער קאַמף פאַר דער אַרבעטער־מאַכט האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַלס אַקטועלע טאָג־אויפגאַבע און געעפנט נייע אומיטלבאַרע פּערספּעקטיוון אויך פאַר דער רעאַליזירונג פון ייִדישן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער אין ארץ־ישראל דורכן זיג פון אַרבעטער־קלאַס.

די ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל האָט אין דער פולער מאָס באַשטעטיקט די גרונט־הנחה פון באָראָכאָוויסטישן פּועלי־ציוניזם וועגן דער גרויסער היסטאָרישער טרייבקראַפט פון קלאַסן־קאַמף אין דער פאַרווירקלעכונג פון ייִדישן טעריטאָריאַלן צענטער אין ארץ־ישראל. ארץ־ישראל איז אין די לעצטע צען יאָר אויסגעוואַקסן צו אַ דעצידירנדיקן פאַקטאָר אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, און וואָס מער ס'איז געוואַקסן די באַדייטונג פון ארץ־ישראל אַלס לאַנד פון ייִדישער מאַסן־איינוואַנדערונג, אַלץ אָפענער און בולטער זענען געוואָרן די שטרעבונגען פון אַלע קלאַסן און שיכטן פון ייִדישן פאָלק, צו באַהערשן וואָס מער השפּעה־פּאָזיציעס אין און אויף ארץ־ישראל. די דאָזיקע אַנטוויקלונג האָט פאַרוואַנדלט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס גופא אין אַן אַרענע פון קאַמף פאַר מאַכט אין און אַרום ארץ־ישראל — אַ קאַמף, וואָס טראָגט אַן אויסגעשפּראָכענעם קלאַסן־כאַראַקטער, אין קעגנזאַץ צו דער הערשנדיקער כלל־ישראל־אידעאָלאָגיע.

אין איין צייט מיט דער דאָזיקער אַנטוויקלונג אין און אַרום ארץ־ישראל זענען פאָרגעקומען וויכטיקע ענדערונגען אין דער וועלט־פּאָליטישער סיטו־אַציע. דער רעוואָלוציאָנערער פאַרמאַרש פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אָנגע־שטויסן אויפן קאָנצענטרירטן אָנגריף פון אינטערנאַציאָנאַלן פאַשיזם, און די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג איז געצווונגען געוואָרן צו בייטן טאַק־טישע איינשטעלונגען, וואָס זענען געלעגן אין יסוד פון איר קאַמף אין משך פון פיל יאָרן. די געביטענע פּערספּעקטיוון פון אַרבעטער־קאַמף אין גאַר דער וועלט האָבן געמוזט קומען צום אויסדרוק אויך אויפן שטח פון ארץ־ישראל און פון ציוניזם. אויך דאָ, ווי אומעטום, איז גרעסער געוואָרן די וואָג פון טאָג־טעגלעכן אינטערעסן־קאַמף. און גראָד אין דעם פּרט איז דער ציוניס־טישער קאָנגרעס און זיינע פּאָנדן געוואָרן אין משך פון די לעצטע יאָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר, אין וועמענס הענט עס ליגט אין אַ גרויסער מאָס דער גורל פון דער מאַסן־איינוואַנדערונג און פון דער פּיאָנערן־קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל, און דורך דעם פאַרמאָגט ער ממילא אַ גרויסע השפּעה אויף די סאָציאַלע כוחות־פאַרהעלטענישן און אויפן גאַנג פון די קלאַסן־קאַמפן אין לאַנד.

מער ווי וועלכער ס׳איז אַנדערער קלאַס איז דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס פאַראינטערעסירט אין דעראָבערן אַרבעטס־ און קאַמף־פּאָזיציעס אין ארץ־ישראל. האַנט ביי האַנט מיטן האַסטיקן ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג פון ייִדישן ישוב אין לאַנד, אין שטענדיקן געראַנגל צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, איז אויפגעקומען אַ שטאַרקער קערן פון אַ ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין ארץ־ישראל, אַ פאַרוואָרצלטער אין אַרבעט און בוי, אין שטאָט און דאָרף, אין אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט, אין לוין־אַרבעט און אין זעלבסטשטענדיקער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט, אַ קלאַס — אַ פּיאָנער, וואָס לייגט אַרויף זיין בולטן שטעמפּל אויפן גאַנצן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן אין לאַנד. אָט די אויסגעוואַקסענע סאָציאַלע קראַפט פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, וואָס שאַפט און בויט און קעמפט אויס פּאָזיציעס און רעכט, שטייט אָבער פאַר שווערע סכנות, וואָס באַדראָען איר ווייטערדיקן אַנטוויקלונגס־וועג: די גרויסע אַחריות פונעם קלאַס, וואָס בויט אַ סטראַטעגישע טעריטאָריאַלע באַזע פאַר זיין סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג, ווערט אָפט אויסגעביטן דורך דעם ארץ־ישראלדיקן אָפּאָרטוניזם אין אַ פאַלש פאַרשטאַנענער אַחריות פאַר אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק אויפן חשבון פון די וויכטיקסטע אַר־בעטער־אינטערעסן און צילן, וואָס עס קומט צום בולטסטן אויסדרוק אין דער שטרעבונג צו דערהאַלטן פאַר יעדן פּרייז דעם שלום־בית אינעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל און אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין דער דאָזיקער פולשטענדיק געענדערטער היסטאָרישער סיטואַציע, — ווען די באַדייטונג פון ארץ־ישראל אין לעבן פון די ברייטסטע ייִדישע מאַסן איז אומגעהויער אויסגעוואַקסן; ווען דער קאַמף אַרום אַלץ, וואָס געשעט אין און אַרום ארץ־ישראל רירט אָן ממשותדיקע, עיקרדיקע אינטערעסן פון ברייטע ייִדישע מאַסן; ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז דורך דער קאָלאָסאַלער

אַנטוויקלונג און באַדייטונג פון ארץ־ישראל און צוליב די אינטערנאַציאָנאַל־אָנערקענטע פּרעראָגאַטיוון, וואָס זי פאַרמאָגט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גע־זעלשאַפטלעכן מאַכט־פאַקטאָר, וואָס ווערט אויסגענוצט דורך דער בירגערלע־כער אינטערעסן־פּאָליטיק אויף צו פּענטען דעם קאַמף פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין ארץ־ישראל, — האָט זיך פאַר דער פּועלי־ציון־באַוועגונג געשטעלט די אויפגאַבע אַריינצוטרעטן אין קאַמף פאַר אַן אויסגעשפּראָכענער קלאַסן־ליניע אין שוץ פון די אַרבעטער־אינטערעסן אויך אויפן פאָרום פון ציוניסטישן קאָנגרעס און זיינע אינסטיטוציעס.

אַ באַפעסטיקטע אין איר סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע און אין אירע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען און קאַמפס־מעטאָדן, באַזירט אויף דער ווירקלעכקייט פון קלאַסן־קאַמף אין גאַר דער וועלט און אין ארץ־ישראל, קען די פּועלי־ציון־באַוועגונג, אין אָנבליק פון די געענדערטע באַדינגונגען, אויפנעמען די אויפגאַבע צו באַווירקן פון אינעווייניק די אַנטוויקלונג פון קלאַסן־קאַמף אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווי איינעם פון די וויכטיק־סטע מאַכט־פאַקטאָרן אין לעבן פון ארץ־ישראל.

באַזונדערס אַקטועל איז געוואָרן פאַר דער פּועלי־ציון־באַוועגונג די נויט־ווענדיקייט צו ענדערן איר טאַקטיק בנוגע דעם ציוניסטישן קאָנגרעס אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פּלאַן וועגן צעטיילן דאָס לאַנד און אויפריכטן אַ ייִדי־שע מדינה, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דעם ציוניסטישן קאָנגרעס ווי די איינ־ציקע אינטערנאַציאָנאַל־אָנערקענטע פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנץ פון ייִדישן פאָלק, וואָס נאָר ער האָט אין אַזאַ גורל־פראַגע פאַר דער ווייטערער אַנטוויק־לונג פון ייִדישן פאָלקס־לעבן די אינטערנאַציאָנאַל־אָנערקענטע קאָמפּעטענץ צו באַהאַנדלען און באַשליסן וועגן דעם דאָזיקן פּלאַן, אָפּצוואַרפן אָדער אָק־צעפּטירן אים און עווענטועל ביים רעאַליזירן אים — דערשיינען אַלס איינציקער קאָנטראַהענט אין נאָמען פון אַלע טיילן און שיכטן פון ייִדישן פאָלק.

די 10טע וועלט־קאָנפערענץ האַלט פאַר אומגעהויער וויכטיק, אַז דורך דער וואַל־קאַמפּאַניע אַרום דעם קאָנגרעס און פון דער קאָנגרעס־טריבונע, זאָל געהערט ווערן דאָס וואָרט פון די פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע און קלאַסן־באַוווסטזיניקע ייִדישע אַרבעטער און פאָלקס־שיכטן סיי וועגן דער אימפּע־ריאַליסטישער פּאָליטיק פון דער מאַנדאַט־מאַכט, און סיי וועגן דער שעדלע־כער און פאַרפירערישער פּאָליטיק פון ציוניסטישן בירגערטום און רעפאָרמיזם.

די דערפאַרונג פון די לעצטע יאָרן אין דער אַנטשיידונגס־תקופה אין ייִדישן לעבן האָט דערוויזן, אַז מיטן ציוניסטישן קאָנגרעס זענען פאַרבונדן געוואָרן רעאַלע לעבנס־אינטערעסן פון צענדליקער טויזנטער ייִדישע האָרע־פּאַשניקעס אין לאַנד און די היסטאָרישע פּערספּעקטיוון פון די מיליאָנען ייִדי־שע מאַסן מחוץ ארץ־ישראל. דער פּלאַן וועגן חלוקה און אויפריכטונג פון אַ ייִדישער מדינה האָט מאָביליזירט און קאָנצענטרירט דעם פּאָליטישן אינטערעס פון ייִדישע און נישט־ייִדישע געזעלשאַפטלעכע כוחות אַרום און אין דעם ציו־ניסטישן קאָנגרעס.

אין הסכם מיט די פֿאָדערונגען פֿון רעאַלן קאַמף פֿאַר די אינטערעסן פֿון די ייִדישע אַרבעטער און פֿאָלקס־מאַסן, טריי צו די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן־אויפֿגאַבעס פֿון פּועלי־ציון אין פּראָצעס פֿון רעאַליזירן דעם אידעאַל פֿון טעריטאָריאַלן ייִדישן אַרבעטער־צענטער אין ארץ־ישראל, נעמט אויף די וועלט־קאָנפֿערענץ דעם געבאָט, וואָס ווערט דיקטירט דורך די אויסגעוואַקסענע און רייפֿע נויטן פֿון די ייִדישע אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס אין ארץ־ישראל און אין דער וועלט, און באַשליסט אָנטייל צו נעמען אין קומענדיקן ציוניסטישן קאָנגרעס, כדי אויך אויף דעם פֿאָרום פֿאָרצוזעצן דעם קלאַסן־קאַמף פֿון קלאַסן־באַוווסטזיניקן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

אויפֿן 21טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין זשענעווו, איז אויגוסט 1939, האָט די פּועלי־ציון־פֿראַקציע געציילט 13 דעלעגאַטן, פֿאָרשטייער פֿון די פּאַרטייען אין ארץ־ישראל, פּוילן, פֿאַרייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, פֿראַנקרייך, בעלגיע און אַרגענטינע. צווישן די פּועלי־ציון־דעלעגאַטן פֿון פּוילן זענען געווען: נתן בוקסבוים און ד״ר עמנואל רינגעלבלום, וועלכע זענען שפּעטער אומגעקומען פֿון די נאַצישע הענט.

# אונדזער וועג צו נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג

(פון דער פּלאַטפאָרם פון פועלי־ציון צום 21טן ציוניסטישן קאָנגרעס)

דער 21טער ציוניסטישער קאָנגרעס קומט זיך צונויף אין פייער פון קאַמף קעגן די שענדלעכע פּלענער פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, וועלכע באַצוועקן אָפּצושטעלן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פונעם יידישן אויפבוי אין ארץ־ישראל און צו פאַרוואַנדלען דעם יידישן ישוב אין אַ פאַרשלאָסענעם געטאָ, מיט באַגרע־נעצטע רעכט און מעגלעכקייטן, אויסגעליפערט די מאַכט־אַספּיראַציעס פון דער פינצטערער אַראַבישער רעאַקציע, די בוזעם־פריינט פון אינטערנאַציאָנאַלן פאַ־שיזם, אין אָפּגעצאַמט פאַר די הונדערטער־טויזנטער גערודפטע און געטריבענע יידישע פאָלקס־מענטשן, וועמענס גאַנץ לעבן איז איין געשריי נאָך אָפענע טויערן אין ארץ־ישראל.

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, וואָס האָט פּריצייטיק דערקענט דעם פּראָ־גרעסיוון און באַפרייענדיקן כאַראַקטער פון דער יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין לאַנד, און אַלע יאָרן געלייגט שטיינער אויפן וועג, כדי צו פאַרלאַנגזאַמען זייער טעמפּ און אַנטוויקלונג, — נוצט אויס די געלעגנהייט פון דער פאַשיסטישער אַטאַקע אין דער וועלט און אויף די יידישע מאַסן, כדי צו ליקווידירן די יסודות, וואָס זענען פאַרלייגט געוואָרן און צו פאַרבינדן זיך מיט דער אַראַבישער פעאָדאַלער רעאַקציע צו געמיינזאַמער באַהערשונג און עקספּלאָטאַציע פון די מאַסן.

פועלי־ציון וועלן אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס פאָדערן צו ברעכן מיט אַלע מיטלען די באַגרענעצונגען און גזירות פונעם „ווייסבוך" אויף דער יידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע־אַרבעט, פאַרשטאַרקן די איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע מיט אַלע וועגן און אומוועגן, אַפילו פאַרן פּרייז פון די שווערסטע קרבנות. פועלי־ציון וועלן פאָדערן די מאַקסימאַלסטע אָנשטרענגונגען, כדי צו זיכערן די אייגענע שוץ פונעם ישוב, באַקעמפנדיק דערביי אויפן שאַרפסטן אופן אַלע אַוואַנטוריסטישע און שאָוויניסטיש־פאַשיסטישע מעשים, וואָס פאַר־טיפן דעם תהום צווישן יידן און אַראַבער אין לאַנד, וועגדן אָפּ דעם קאַמף

פון דער אימפעריאַליסטישער פּאָליטיק און פאַרקירעווען זי צו פאַרברעכע־רישע און אומזיניקע פּראָוואָקאַציעס.

גלייכצייטיק וועלן פּועלי־ציון אויפן קאָנגרעס אויפדעקן דעם פולן דורכפאַל פון דער ביז איצטיקער ציוניסטישער פּאָליטישער ליניע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף דער אילוזיע פון בריטישער פריינטשאַפט צום ציוניזם און איגנאָרירונג פון אַראַבישן צד אין ארץ־ישראל. מיט שטאָלץ קען די פּועלי־ציון־באַוועגונג אָנווייזן, אַז אין משך פון אַלע יאָרן האָט זי זיך נישט געשראָקן צו שטיין איינע אַליין אין קאַמף קעגן דער דאָזיקער אָריענטאַציע, טאָג־איין טאָג־אויס געוואָרנט פאַר די ביטערע רעזולטאַטן פון דעם דאָזיקן וועג, און נישט אָפּגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט מיט אייגענע כוחות צו פלאַסטערן דעם וועג פאַר יידיש־אַראַבישער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט, אַלס יסוד פאַרן פרידלעכן צוזאַמענלעבן און צוזאַמענאַרבעט פוןביידע פעלקער — בעת די הערשנדיקע מערהייט אין הסתדרות, מפא״י, האָט נישט אַרויסגעוויזן דערפאַר די מינדסטע פאַרשטענ־דעניש און מיט איר סאַבאָטאַזש, שאָוויניסטישער איינשטעלונג אין איינפאַכער גרינגשעצונג געלייגט שטיינער אין וועג און פּאַקטיש צוגעלייגט אַ האַנט צום פאַרפעסטיקן דעם אומגליקלעכן תהום צווישן ביידע טיילן פון דער באַפעל־קערונג אין ארץ־ישראל.

פּועלי־ציון וועלן פאַרן ציוניסטישן קאָנגרעס אַוועקשטעלן די פאָדערונג איבערצורייסן ענדגילטיק די בלינדע פּאָליטיק פון גרינגשעצן דעם אַראַבישן פאַקטאָר און איזאָלירן דעם יידישן ישוב פונעם אַראַבישן. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מוז אומצווידייטיק און אויפריכטיק ברענגען צו דער ברייטסטער אַראַבישער און וועלט־עפנטלעכקייט איר ווילן און גרייטקייט נישט נאָר מיט רעזאָלוציעס און דעקלאַראַציעס, נאָר דורך מעשים צו פאַרלייגן דעם פונ־דאַמענט פון אַ יידיש־אַראַבישן הסכם, וואָס זאָל זיין געבויט אויף בשותפות־דיקע אינטערעסן, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע. אַ הסכם, וואָס זאָל באַפרידיקן די רעכט פון יידישער פרייער אײנוואַנדערונג אָן פּראָצענט־נאָרמעס און אָן באַגרענעצונגען אויף קאָלאָניזאַציע, און גלייכצייטיק געבן פולע הילף און אונטערשטיצונג דעם ווירטשאַפטלעכן און סאָציאַלן אויפשטייג פון די אַראַ־בישע מאַסן. דער יסוד פון הסכם פאַר ביידע פעלקער מוז זיין: נישט באַהערשן און אויך נישט באַהערשט ווערן!

אין ענגסטער פאַרבינדונג מיט די פראַגעס פון אונדזערע באַציִונגען צו דער מאַנדאַט־מאַכט און צו די אַראַבישע מאַסן אין לאַנד, וועלן מיר אַוועק־שטעלן די פראַגע פון אינעווייניקסטע באַציִונגען אין דעם יידישן ישוב גופא.

אויפן שאַרפסטן אופן און מיט דער טיפסטער איבערצייגונג, אַז דאָס איז די גורל־פראַגע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע, און פונעם ישוב אין דער איצטיקער צייט — וועלן פּועלי־ציון אויפן קאָנגרעס, ווי אין לעבן, באַקעמפן און שטערן יעדן פרווו פון אַ הסכם מיט דעם רעוויזיאָניזם, דעם פאַשיסטישן ווילד־פלייש, וואָס וואַקסט אויף יידישע צרות און פּאָליטישער דעזאָריענטאַציע, וואָס שטעלט אין סכנה יעדע בויונגס־אַרבעט און די מעג־לעכקייט פון יעדער פּאָליטישער לייזונג און שטרעבט קודם־כל צו דערשטיקן די פּאָזיציעס פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל.

די רעוויזיאָניסטישע העצע און טעראָריסטישע אַקציע, וועלכע צילן אַריינצו־וואַרפן דעם ישוב נאָך טיפער אין תהום פון פעלקער־שנאה און בירגער־קאַמף, וועלן פון אונדז אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אומברחמנותדיק דעמאַס־קירט ווערן. פועלי־ציון פאָדערן דעם אַנטשיידנסטן קאַמף קעגן דער דאָזיקער געפאַר, וועלכע דינט דער ייִדישער רעאַקציאָנערער בורזשואַזיע אויף צו באַ־הערשן דעם ישוב, און ווערט אויסגענוצט דורך דעם אַראַבישן פאַשיזם און דער ענגלישער פּאָליטיק אין זייער דערדריקונגס־קאַמף קעגן די ייִדישע מאַסן.

פועלי־ציון וועלן פאָדערן פון קאָנגרעס צו פאַראַליזירן איינמאָל פאַר אַלעמאָל די שטענדיקע שאַנטאַזש־ און אונטערגראָבונגס־פּאָליטיק פון יענע בורזשואַזע גרופּעס, וואָס זיצן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ווי אַגענ־טורן און עקספּאָזיטורן פון רעוויזיאָניזם, האַמעווען פון אינעוויייניק איר קאָנ־סטרוקטיווע אַרבעט און זוכן תמיד צו פאַרקריפּלען אירע דעמאָקראַטישע פאָרמען. — — —

מיר גייען צום ציוניסטישן קאָנגרעס מיט דער טיפסטער איבערצייגונג, אַז דער העראָישער אָפּוועהר־קאַמף פון ישוב אין ארץ־ישראל קעגן טעראָר פון דער אַראַבישער רעאַקציע, פאַלט צונויף פולשטענדיק מיט דעם גרויסן קאַמף־פראָנט פון די ייִדישע מאַסן אין דער וועלט קעגן פאַשיסטישער אויס־ראָטונג און מיטן קאַמף פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער און פּראָגרעסיווער וועלט קעגן דער „מינכענער“ פּאָליטישער סיסטעם.

מיר שטייען בשום אופן נישט איזאָלירט אין דעם קאַמף. אונדזער היסטאָ־רישער אויפטו אין ארץ־ישראל איז געוואָרן אַ צילברעט פאַר אַלע רעאַקציאָ־נערע כוחות אויפן פאָן פון די שווערע מפּלות פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און דעמאָקראַטיע אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן שטח. אונדזער אויפקום איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון דער גאַנצער געפּייניקטער און אין בלוט צעטראָ־טענער וועלט. ארץ־ישראל איז איין אָפּשניט פון דעם וועלט־געראַנגל צווישן פאַשיזם און אַנטיפאַשיזם. פאַר די מאַסן פון ייִדישן פאָלק איז עס דער גורל־פראָנט פון נאַציאָנאַלן קיום, און די ציוניסטישע באַוועגונג מוז אויפנעמען דעם גרויסן היסטאָרישן לעבנס־געבאָט: צונויפבינדן דעם באַפרייונגס־קאַמף פון ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל און ייִדישן פאָלק אומעטום — מיט דעם וועלט־קאַמף קעגן פאַשיזם און רעאַקציע. דער באַפרייונגס־קאַמף פון אַן אונטערדריקטן פאָלק מוז זיין געבונדן מיטן באַפרייונגס־קאַמף פונעם אונטער־דריקטן קלאַס. — — —

די לאַגע פון די ייִדישע מאַסן אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע, אין לענדער פון ברוטאַלן פאַשיסטישן גוואַלט און אין לענדער פון סיסטעמאַטישער אַרויסשטויסונג און רעכטלאָזיקייט, ווערט דראָענדיקער פון טאָג צו טאָג. פאַר ריזיקע ייִדישע מאַסן שטייט די שרעקלעכע געפאַר פון פיזישער פאַר־ניכטונג, פון נויט און יסורים אין די גרויסע קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון דער ברוינער דיקטאַטור. און דאָרט, ווו עס דראָעט נישט דער פיזישער אונ־טערגאַנג קומט פאַר אַ סיסטעמאַטישער פּראָצעס פון אַרויסשטויסונג פון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, פון באַרויבונג פון די עלעמענטאַרסטע רעכט אויף

אַרבעט און ברויט. וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער שטעלט זיך די פראַגע פון יידישער וואַנדערונג און איבערשיכטונג.

נאָך קיינמאָל איז נישט געווען אַזוי בולט די נויטווענדיקייט און די באַ־דייטונג פון ארץ־ישראל פאַר די ברייטסטע יידישע מאַסן ווי איצט. און טאַקע דערפאַר האָט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם זיך גענומען מיט אַזאַ שטאַרקער האַנט, מיט אַזאַ גרויסן אַפּאַראַט פון אינטריגעס און געזעצן, פון כלערליי דערשטיקונגס־ און דערדריקונגס־מיטלען, צווינגען דעם ישוב אין ארץ־ישראל, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין קאַמף פאַר פרייער איינוואַנדערונג און קאָלאָני־זאַציע. אָבער אומזיסט. די לעבעדיקע קראַפט פון יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל וועט גובר זיין די שטערונגען; דער שענדלעכער דאָקומענט — דאָס „ווייסבוך", וועט צעריסן ווערן דורך בוי און קאַמף, צוזאַמען מיט דער גאַנצער סיסטעם פון „מינכען", פון וועלכער און מיט וועלכער עס איז געבוירן געוואָרן.

אין אונדזער אַרבעט און קאַמף פאַרן אויפבוי פון אַ נאָרמאַל פריי יידיש לעבן, און אין דער אָרגאַנישער פאַרבינדונג פון אונדזער גורל מיטן גורל פון דער וועלט, ליגט די היסטאָרישע גאַראַנטיע פאַרן נצחון פון יידישן אַרבעטער־קלאַס און פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם! — — —

„ניזועלט", תל־אביב, 30טער יוני 1939.

# מיר מוזן זיין אַ טייל פון דעם פּריוויִטס־פראָנט אין דער וועלט!

(פון דער רעדע פון ח׳ זרבבל אויפן 21טן ציוניסטישן קאָנגרעס)

אַלס לינקע פּועלי־ציון טרעטן מיר אויף דאָס ערשטע מאָל אויף דער טריבונע פון ציוניסטישן קאָנגרעס, הגם אין משך פון די צענדליקער יאָרן זענען מיר אויף דעם אינטימסטן און אָרגאַנישסטן אופן געווען אויסגעבונדן מיט די ליידן, אַרבעט און קאַמף פון דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. איר וועט מודה זיין, אַז מיר קומען צו דעם קאָנגרעס אין אַ צייט, וועלכע קען בשום אופן נישט באַטראַכט ווערן אַלס אַ „פּראָספּעריטי״־צייט פאַר דעם ציוניזם. ד״ר ווייצמאַן האָט היינט געזאָגט, אַז עס איז לייכט צו זיין אַ ציוניסט אין גוטע צייטן, עס איז שווער צו זיך אַ ציוניסט אין שווערע צייטן. איך מיין, אַז איר וועט צוגעבן, אַז אַ באַוועגונג, וועלכע האָט ביי זיך געהאַט כוח און אויסגעהאַלטנקייט פון פּאָליטישער איבערצייגונג, אין משך פון 28 יאָר נישט צו גיין צום ציוניסטישן קאָנגרעס, ווייזט אַרויס גענוג מאָראַלישע גבורה און פּאָליטישן מוט צו קומען צום קאָנגרעס דווקא אין דער איצטיקער צייט.

איר וועט מוזן מודה זיין, אַז ביי אונדז האָבן דאָ נישט געקענט שפּילן קיין שום ראָל וועלכע עס איז פּראַקטישע, געשעפטלעכע ביזנעס־אויסרעכענונגען און פּאַרטיי־פּאָליטישע קאָמבינאַציעס. מיר זענען זיכער, אַז קעגנער און שונאים וועלן דאָס אויך מוזן צוגעבן, אַז ביי אונדז האָט געווירקט דאָס געפיל פון אַחריות לגבי דער שרעקלעכער טראַגעדיע פון דעם יידישן פאָלק, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק אין דער איצטיקער צייט, אַגב, נישט בלויז אַלס די טראַגעדיע פון יידישן פאָלק, נאָר גלייכצייטיק אויך אַלס דער שענדלעכסטער סימבאָל פון יענעם תהום פון דעמאָראַליזאַציע און שפלות, אין וועלכן עס זינקט די גאַנצע מענטשהייט אין דער איצטיקער תקופה. — — —

קיינמאָל נאָך, ווי אין דער איצטיקער תקופה, איז נישט געווען אַזוי קלאָר, אַז דאָס פּראָבלעם ארץ־ישראל איז אויסגעבונדן מיט דער אַלוועלטלעכער יידנפראַגע. קיינמאָל נאָך איז נישט געווען אַזוי קלאָר ווי איצט, אַז ארץ־ישראל איז אַן אינטערנאַציאָנאַל פּראָבלעם, פּונקט ווי די אַלוועלטלעכע יידנפראַגע איז אַן אינטערנאַציאָנאַל פּראָבלעם, און אַז דעריבער פאָדערט זיך פון אונדז קודם־כל, מיר זאָלן האַנדלען ווי עס דאַרף האַנדלען אַ פּאָליטישע באַוועגונג. אַלס אַזאַ באַטראַכטן מיר די ציוניסטישע באַוועגונג און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, און נאָר צו אַזאַ טריבונע און צו אַזאַ אָרגאַניזציע זענען מיר געקומען.

עס איז נייטיק אונטערצושטרייכן מיט דער גאַנצער דייטלעכקייט, אַז מיר זענען נישט איזאָלירט אין דער וועלט, סיי אין אונדזערע ליידן, סיי אין אונדזערע האָפענונגען און סיי אין אונדזערע פּערספּעקטיוון. איך האָב דאָ געהערט טענער פון דעפעטיזם. מען האָט גערעדט וועגן דעם, אַז דער ציוניזם און די ציוניסטישע באַוועגונג זענען געקומען צו אַ קאַטאַסטראָפע. וואָלט איך געוואָלט, אַז אויך אין דעם זאָל מען אַריינברענגען אַ קאָנקרעטן פּאָליטישן אינהאַלט. אויב דאָ איז געשטעלט געוואָרן די שולד־פראַגע און עס איז אונ־טערשטראָכן געוואָרן, אַז עס גייט נישט אין פּאַרטייִישער אַמביציע, איז נישט גענוג צו פאַרצייכענען, אַז די און די פאַקטאָרן האָבן געבראַכט צו דער איצטי־קער לאַגע. מ׳מוז זיך קלאָר מאַכן די סיטואַציע אין דער וועלט, און דאָרט אויס־געפינען די כוחות און פאַקטאָרן, מיט וועלכע עס איז אויסגעבונדן אונדזער גורל.

אינעם היינטיקן עקספּאָזע פון ד״ר וויצמאַן איז געווען אַ שטעל, וועל־כע האָט מיך שטאַרק גערירט: איך האָב געפילט דעם אויפריכטיקן טאָן פון אַ גרויסער פּערזענלעכקייט אין ייִדישן לעבן, וועלכע דערקלערט: איך האָב פריִער געגלייבט דער מאַנדאַט־מאַכט און נאָך דעם האָב איך אויפגעהערט צו גלייבן. איז די פראַגע ביי מיר איצטער, נישט פאַרוואָס האָט מען פאַר־האַנדלט, נאָר פאַרוואָס האָט מען געטרויט? ווי האָט מען לכתחילה געקענט האָבן צוטרוי צו דעם פאַקטאָר, מיט וועלכן מען האָט זיך פאַרבונדן? עס קלינגט שטאָלץ, ווען מען דערמאָנט אין דעם מאָמענט די נביאים ישעיהו און עמוס, אין וועמען ייִדישע סאָציאַליסטן געפינען קרובהשאַפט סיי אין גייסט, סיי אין איינשטעלונג, סיי אין קראַפט פון וואַרפן דעם אמת אין פּנים אַריין אַפילו די תקיפים און די הערשער פון דער וועלט, סיי אין דרויסן און סיי אויך ביי זיך אין דער היים. אָבער אויב מען זוכט אַן אינהאַלט ביי ייִדישע נביאים און זייערע נבואות פון סאָציאַלן כאַראַקטער — ווי קען מען פאַרבינדן דאָס פרייהייטס־ווערק פון ייִדישן פאָלק מיט דעם אימפּעריאַליסטישן כוח, וועלכער מוז, לויט זיין מהות, לויט זיין טבע, אונטערדריקן פעלקער און דער־שטיקן יעטוועדע פרייהייטס־באַוועגונג אין זיינע לענדער?! האָט דאָך ד״ר וויצמאַן אַליין געזאָגט: מיר האָבן די צרות און מיר ווערן גערודפט און מיר ווערן אָנגעגריפט, ווייל מיר זענען דער אַוואַנגאַרד פון אַ געוויסער מאָראַל און אַ געוויסער עטיק. טאָ, ווי אַזוי האָבן מיר לכתחילה געקענט פאַרבינדן די מאָראַל און די עטיק פון אונדזער פרייהייטס־ווערק מיט פּאָליטישע כוחות, וואָס זייער שליחות, זייער אויפגאַבע אין לעבן איז דורכויס אַ פאַרקערטע? איז נייטיק איצטער גלייך אונטערצושטרייכן, אַז די שולד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט געוואָלט זיין טרעגער פון דער פרייהייטס־אידייע פון דעם ייִדישן פאָלק, דער אַוואַנגאַרד פון דער ייִדישער פרייהייטס־באַוועגונג, און זיך לכתחילה אָריענטירט אויף כוחות, וועלכע מוזן אָפּהיטן די אָרדענונג און די געזעלשאַפט פון אונטערדריקונג, פון שקר, פון צביעות, פון פאַרניכטן יעדן אויסדרוק פון פרייהייט ביי אַלע פעלקער אין דער גאָרער וועלט.

איך וויל זיך איצטער נישט אַריינלאָזן אין דעם גאַנצן וויכוח וועגן דער פריִערדיקער באַציִונג צום מאַנדאַט און צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע. פאַר מיר איז גענוג דאָ בלויז צו דערמאָנען אונדזער איינשטעלונג אין ארץ־ישראל

און אין דעם ייִדישן אַרבעטער־לעבן די גאַנצע צייט, אַז די אָריענטאַציע אויף דער ענגלישער מאַנדאַט־מאַכט מוז פריִער אָדער שפּעטער באַנקראָטירן. עס מוז קומען דער באַנקראָט פון דער אילוזיע אויך ביי יענע, וועלכע האָבן אויף איר געבויט. פאַרוואָס האָבן מיר געהאַלטן, אַז עס מוז קומען דער דאָזיקער באַנקראָט פון דער אילוזיע? ווייל עס גייט נישט אין דעם אָדער יענעם פון די חסידי אומות העולם, וועגן דער אָדער יענער פערזענלעכקייט. עס האַנדלט זיך נישט וועגן פערזאָנען, עס האַנדלט זיך וועגן שיטות. און אין דער היינטי־קער צייט, וועלכע ווערט באַצייכנט אַלס די סיסטעם פון אַלגעמיינעם מינכען, קען נישט זיין קיין אַנדער ענטפער לגבי דעם ייִדישן לעבן, ווי נאָר דאָס „ווייסבוך" — דאָס ייִדישע מינכען. ד"ר ווייצמאַן זעט בלויזן צווישן דער פריִ־ערדיקער פּאָליטיק און דער פּאָליטיק פון „ווייסבוך". איך מיין, אַז דאָ איז נישט פאַראַן קיין מיסטיק. עס איז בשום אופן נישט קיין בלויזער צופאַל אָט די פּאָליטיק, וועלכע איז פּלוצלינג געענדערט געוואָרן לגבי ארץ־ישראל. עס איז געענדערט געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק לגבי טשעכאָסלאָוואַ־קיע און שפּאַניע, עס איז געווען אַ פּאָליטיק לגבי אַביסיניע, כינע, אַלבאַניע. ווי האָט מען געקענט לכתחילה צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ביי אַן אַלגעמיינעם פאַשיזירונגס־גאַנג אין דער וועלט, בשעת פאַשיזם און נאַציזם זענען געפּאָרט און שפּאַנען פון לאַנד צו לאַנד, וועלן ייִדן האָבן אַן אַנדער מזל? ווי אַזוי האָט איר געקענט אַפילו בעת מיר פאַרזאַמלען זיך אין פרייען גענף פאַרגעסן די וועלט־ראַמען? קען דען זיין אַן אַנדער באַציִונג פון ענגלאַנד צו אונדז?

עס איז זיכער פאַראַן אַן עפנטלעכע מיינונג אין ענגלאַנד, עס זענען פאַראַן אַרבעטער־כוחות און פּראָגרעסיווע כוחות, אָבער די זעלבע אַרבעטער־כוחות, די זעלבע פּראָגרעסיווע און דעמאָקראַטישע כוחות, האָבן נישט אָראָפּגעזעצט די טשעמבערליין־רעגירונג נאָך דעם קרבן פון טשעכאָסלאָוואַקיע. נאָך דעם וואָס מען האָט אומגעבראַכט טשעכאָסלאָוואַקיע, נאָך דעם וואָס מען האָט אומ־געבראַכט אַלבאַניע, נאָך דעם וואָס מען האָט בפירוש מיט דער שולד פון דער זעלבער טשעמבערליין־רעגירונג אומגעבראַכט שפּאַניע — האָט איר געוואָלט, אַז די דאָזיקע עפנטלעכע מיינונג און דער דאָזיקער ענגלישער פּאַרלאַמענט זאָלן איצטער אַנדערש שטימען און זיך אַנדערש באַציִען צו דער רעגי־רונג צוליבן „ווייסבוך", צוליבן אַטענטאַט אויף די רעכט פונעם ייִדישן לעבן אין ארץ־ישראל? דאָס וואָלט באמת געווען פּאָליטישע נאַיִוויטעט.

איך ווייס, ווי שווער עס איז דאָ צו רעדן וועגן אַלגעמיינער רעאַקציע און פאַשיזם. עס האָט מיך שטאַרק געקרענקט, ווען אַ באַוועגונג, וועלכע באַ־טראַכט זיך אַלס אַוואַנגאַרד פון אַ פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זיין פרייהייט, האָט נישט געפונען די אינערלעכע באַדערפעניש און די אינערלעכע נויטווענדיקייט אין דעם מאָמענט לכל הפחות צו באַערן דורך אויפשטיין דעם אָנדענק פון יענע טויזנטער קרבנות פון דעם אַלגעמיינעם פאַשיזם אין אַלע לענדער, וועלכע איך האָב אויסגערעכנט. זענען מיר דען נישט קיין קרבנות פון דער זעלבער שיטה און פון דער זעלבער פּאָליטיק?

האַנדלט זיך דעריבער, קודם־כל, וועגן פעסטשטעלן אַ וועלט־ראַם, אין וועלכער אונדז קומט אויס צו ווירקן. וועלן מיר קענען די פּאָליטישע ראַם, וועט

זיך מעגלעך אויך אָנצייכענען דעם וועג פון קאַמף בנוגע דעם „ווייסבוך" און בנוגע אַנדערע עלעמענטן פון אונדזער איצטיקער פּאָליטיק.

די אויפמערקזאַמקייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג קאָנצענטרירט זיך היינט צו טאָג, און מיט רעכט, אַרום דעם „ווייסבוך", און מיר האָבן גערעכנט באמת, אַז עס וועט זיך אָנהייבן אַ נייער גאַנג, אַ נייער נוסח אין דער ציוניס־טישער פּאָליטיק פון דעם מאָמענט, ווען עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דאָס „ווייסבוך". געווען מאָמענטן, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען גייט ווירקלעך אַרויף אויף אַ נייעם וועג. די לאָזונג „לא נכנע" — מיר וועלן זיך נישט אונטערגעבן, — ווי דאָס האָט פּראָקלאַמירט דער ייִדישער ישוב אין ארץ־ישראל, האָט געהאַט איין זין: מיר וועלן טון אַלץ, כדי פון ענגלאַנדס אַטענטאַט זאָל גאָרנישט אַרויסקומען. אָבער כדי אונדזער לאָזונג זאָל נישט זיין קיין פּוסטע מליצה, דאַרפן מיר טראַכטן נישט נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי שיין צו שטאַרבן, בלייבנדיק טריי דער אַרבעט אויף אונדזערע פּאָזיציעס, אויף וועלכע מיר געפינען זיך. דער יסוד, פון וועלכן מיר אַלע האַלטן, איז די אייגענע קראַפט, די אייגענע כוחות. עס איז אָבער וויכטיק צו רעדן נישט נאָר וועגן דער אייגענער טעטיקייט, וועגן אייגענע כוחות אין קאַמף, מיר מוזן רעדן אויך וועגן שותפים אין דער אַרומיקער וועלט, וועגן דרויסנדיקע פאַקטאָרן, אויף וועלכע מיר אָריענטירן זיך. — — —

איך האָב דעם גרעסטן דרך־ארץ פאַר דער מסירת־נפש פון אונדזערע עלטערן, וועלכע זענען געגאַנגען אויף קידוש השם פאַר זייער רעליגיעזן אידעאַל. אין אונדזער בלוט שטראָמט די ירושה פון אונדזערע אבות. דער ייִדי־שער אַרבעטער־קלאַס האָט געוויזן כוח און גבורה זיך מוסר־נפש צו זיין היינט צו טאָג פאַר זיינע היינטיקע קאָנקרעטע לעבנס־אידעאַלן און ער שעמט זיך בשום אופן נישט מיט יענע גרויסע געשטאַלטן אין אונדזער פאָלקס־עבר, וועלכע האָבן זיך באמת מוסר־נפש געווען פאַר אַ גרויסן אידעאַל. אָבער מיר ווילן אונטערשטרייכן — און אין דעם פּרט איז מיר געווען אַנגענעם צו הערן אויך פון ד"ר ווייצמאַן, אַז דער וויכטיקסטער, דעציזירנדיקער כוח איז די רעאַליטעט פון דעם ארץ־ישראלדיקן ישוב. איך וואָלט וועלן איר זאָלט דאָס אָננעמען אַלס אויסגאַנגס־פּונקט אין דעם ווייטערדיקן קאַמף. דאָס זענען די אַרבעטס־פּאָזיציעס, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן און וועלכע ווערן איצ־טער מיט געוועהר אָפּגעהיט.

דערביי דאַרפט איר פונדעסטוועגן געדענקען, אַז אויך די פּאָזיציעס וועלן אונדז נישט העלפן, אויב די גאַנצע אַרבעט אונדזערע וועט נישט זיין דורכ־געדרונגען מיט אַ באַשטימטן גייסט און געפירט ווערן אין אַ באַשטימטער ריכטונג, דורך וואָס מיר זאָלן אַריינפלעכטן אונדזער ווערק און פרייהייטס־באַוועגונג ווי אַ רינג אין דער קייט פון דער אַלגעמיינער מענטשלעכער פריי־הייטס־באַוועגונג ביי דעם היינטיקן טאָג.

ווען מיר רעדן וועגן דעם אידעאַל, וועלכער האָט געבראַכט ייִדישע אַר־בעטער קיין ארץ־ישראל און געמאַכט זיי פעיִק צו זייערע קרבנות — מיינען מיר זייער טיפסטע איבערצייגונג, אַז די נאַציאָנאַלע פרייהייט־באַוועגונג פון דעם ייִדישן פאָלק איז טיף פאַרבונדן און אָרגאַניש באַהאָפטן מיט דער רעאַ־

ליזירונג פון דעם גרויסן מענטשלעכן נאַציאָנאַלן אידעאַל, דעם סאָציאַליזם.

דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז ביים היינטיקן טאָג נישט אין די פעדערן, פונקט אַזוי ווי דער ציוניזם איז היינט נישט אין די פעדערן, אָבער מיר ווייסן גאַנץ גוט, וואָס הייסט ביים היינטיקן טאָג האָבן אַ היסטאָרישע פערספעקטיוו. זאָלן די, וועלכע שטייען אין פראָנט פון אַרבעט און קאַמף אין ארץ־ישראל, פאַרשטיין, וואָס עס מיינט היינט אויסער די ראַמען פון ארץ־ישראל פאַרן יידישן לעבן אין דער גרעסערער וועלט און פאַר דער מענטשהייט אין דער גרעסערער וועלט, די סאָציאַליסטישע פערספעקטיוו.

און נאָך עפּעס: עס האָט מיך היינט זייער שאָקירט, ווען מען האָט גע־רעדט וועגן די קרבנות אין חוץ־לארץ, וועגן די יידישע קרבנות, אַז דאָס זענען אַלץ קרבנות פון גסיסה, קרבנות פון אונטערגאַנג און אַז נאָר אין ארץ־ישראל האָבן מיר קרבנות, וועלכע האָבן געהאַט אַ זין אין זייער לעבן און טויט.

איך מיין, אַז גראָד פון דער טריבונע פון ציוניסטישן קאָנגרעס דאַרף מען געפינען פאַרשטענדעניש און זין פאַר יענעם ביטערן, שווערן און היסטאָרישן געראַנגל פון די יידישע מאַסן אין פאַרשיידענע לענדער פון אָפענעם און פאַרמאַסקירטן פאַשיזם. דאָרט זענען עס בשום אופן נישט סתם קרבנות, ווען עס איז באַשערט געהרגעט צו ווערן, ווייל מען שטייט סיי ווי סיי אויף דער שוועל פון אונטערגאַנג. שלעכט און ביטער וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן געטראַכט, אַז אין דעם גאַנצן יידישן לעבן איז דאָ נאָר איין איינציקער ליכט־פונקט — ארץ־ישראל. דעם כוח און מוט צו ארץ־ישראל האָבן אונדז אַלעמען געגעבן נישט נאָר די שוועריקייטן אין דעם „גלות" און די צרות אין „גלות", נאָר יענער גרויסער דינאַמישער כוח, וועלכער איז פאַרבאָרגן אין די יידישע מאַסן. מען טאָר היינט, אין יאָר 1939, נישט רעדן ווייטער וועגן דעם יידישן גלות בלויז, ווי וועגן אַ „רעזערוו פאַר ארץ־ישראל". מיליאָנען יידישע מאַסן ראַנגלען זיך פאַר זייער רעכט אויפן אָרט, אין וואָס מיר זענען גריילעך פאַרינ־טערעסירט. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעצייכנט אויף איר פאָן נישט בלויז בנין־הארץ, נאָר די אויפלעבונג פון גאַנצן פאָלק, — זענען מיר פאַרינ־טערעסירט מיטצוהעלפן, אָרגאַניזירן, פאָרויסשטויסן און רעגולירן דעם קאַמף פון מיליאָנען יידישע מאַסן אין אַלע לענדער פאַר זייער רעכט, אויף וויפל זיי וועלן בלייבן, אויף וויפל זיי מוזן בלייבן דאָרט, ווי פרייע בירגער פון נייע פרייע לענדער און פרייע רעזשימען. דאָס, וואָס ביי אונדז איז פאַראַן אָט די פערספעקטיוו פון די יידישע מאַסן אין די פאַרשיידענע לענדער, גיט אונדז כוח און זיכערקייט, אַז מיר וועלן נישט בלייבן קיין קליינער יידישער ישוב.

מיר האָבן, אַגב, די לעצטע יאָרן געזען אין ארץ־ישראל אַן אינטערעסאַנ־טע דערשיינונג, ווי עס זענען געקומען פליטים און ווי מען נעמט זיי אויף. דאָ איז גערעדט געוואָרן אַ סך וועגן אַחדות, גלייכהייט און אמת. איז אַדרבה, לאָמיר זען, ווי אַזוי אָט די פרינציפּן גילטן אויפן פאָן פונעם טראַגישן פראָב־לעם פון אונדזער לעבן, דאָס פּראָבלעם פון די פליטים. די אַרבעטערשאַפט נעמט אויף די פליטים; יעדער קיבוץ, יעדע קבוצה, יעדער אַרבעטער־דאָרף נעמט אויף. הלוואי וואָלטן נאָר געקומען אַזוי פיל פליטים, מיט וויפל די אַרבעטערשאַפט איז גרייט זיך צו טיילן דעם לעצטן ביסן ברויט און דעם לעצטן

שטיקל פלאַץ, ווי אַוועקצולייגן דעם קאָפּ. און פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר אַ גרויסן טייל פונעם ישוב, וועלכער רעדט וועגן אַחדות און גלייכהייט, נוצט אָבער אויס די בידע, בכדי צו שאַנטאַזשירן דעם גאַנצן ענין פון פליטים און אויסשפעקולירן אים דורך העכערן פרייזן אויף דירות און אויף פאַרשיידענע אַרטיקלען. יענער טייל האָט געמאַכט דאָס יידישע אומגליק פאַר אַ קוואַל פון פאַרדינסטן. לאָמיר געדענקען אונדזער פליכט אין ארץ־ישראל לגבי די יידישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט, און נישט נאָר דאָס, וואָס זיי קענען אונדז געבן פאַר ארץ־ישראל.

קומען מיר צו צו אַ צווייטן פונקט: אויב איך האָב אונטערגעשטראָכן, אַז בנוגע דעם פּאָליטישן קאַמף מוז קומען אַ נייע ליניע, אַן איבעראָריענטירונג אויף נייע כוחות, שווימט אויף די פראַגע: ווו איז דער וועג צו אָט דער איבעראָריענטירונג? וועלכער וועג פירט צו נייע כוחות? מיר זענען געווינט געוועזן, נאָך זייענדיק פון דרויסן פון קאָנגרעס, צו הערן דעקלאַמאַציעס וועגן יידישאַראַבישע באַציִונגען, וועגן דעם שלום, וועלכן מיר ווינטשן צו האָבן מיט אונדזערע שכנים אַראַבער. היינט בין איך געקומען, נאָך די דריי און אַ האַלב יאָר טעראָר, בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל, נאָך די לאָנדאָנער אונטערהאַנדלונגען, נאָך דעם „ווייסבוך", און איך האָב דערוואַרט פונעם פרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַ קלאָרע פּאָליטישע ליניע, ווי אַזוי וועלן מיר זיך אויף ווייטער צונויפרעדן מיט די אַראַבישע מאַסן. ליידער האָט מען אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט אַלס נאַיווע די פּראָיעקטן וועגן דערנענטערן זיך מיט די אַראַבער. אָבער זענען דען פאַראַן דאָ, אין דעם דאָזיקן זאַל, אַ סך מענטשן, וועלכע פילן נישט ביי זיך, אַז בנוגע אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט אין ארץ־ישראל איז די פראַגע, ווי אַזוי ווערן רעגולירט די יידישאַראַבישע באַציִונגען, די גורל־פראַגע? מיר וועלן מער נישט קענען אָפּקומען מיט דעקלאַראַציעס און סתם פראָקלאַמירונגען. מיר ווייסן אַלע צו רעדן וועגן דעם מופטי, וועגן די כנופיות. אָבער מיר דאַרפן געדענקען, אַז דער מופטי און די כנופיות נוצן אויס באַדערפענישן און אינטערעסן, וועלכע וואַקסן אָן און ווערן רייף ביי די אַראַבישע מאַסן. מיר פירן אַ קאַמף מיט דעם מופטי, מיר פירן אַ קאַמף מיט די כנופיות, מיט די פעאָדאַלן און מיט אַלע די, וועלכע הערשן איבער די אַראַבישע מאַסן. אָבער מיר מוזן געדענקען אַז די אַראַבישע מאַסן זענען אין ארץ־ישראל און וועלן דאָרט בלייבן. ריכטיק האָט געזאָגט היינט ד"ר ווייצמאַן, זיי וועלן זיך אויף אונדזער ביישפיל לערנען אָפּשאַצן ווי געהעריק דאָס „ווייסבוך". געוויס, ביי אונדז האָט געדויערט 21 יאָר ביז מיר האָבן זיך אויסגעניכטערט פון דער אילוזיע וועגן מאַנדאַט, און ווייסן שוין, אַז ער באַדייט נאָך נישט אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים. כ'בין זיכער, אַז ביי די אַראַבער וועט עס דויערן ווייניקער, ביז זיי וועלן זיך אויסניכטערן און פאַרשטיין, אַז ענגלאַנד האָט כלל נישט בדעה צו בויען אַן אַראַבישן שטאַט. וואָס גיכער עס וועט קומען צו דער דאָזיקער אויסניכטערונג, אַלץ מעגלעכער וועט ווערן פאַר אונדז צו געפינען אַ וועג צו פאַרשטענדיקן זיך מיט די נישט מיט דעם מופטי, נאָר מיט אויפגייענדיקע כוחות וועלכע זענען פאַראַן אין די אַראַבישע מאַסן. ס'וואָלט געווען שלעכט, ווען מיר זאָלן היינט, אין

דער נאַציסטישער וועלט, נישט זיין איבערצייגט, אַז ביי יעדן פאָלק זענען דאָ כוחות, וואָס היסטאָריש, צוליב זייערע אינטערעסן, נישט צוליב אַבסטראַקטן סאָציאַלן יושר, נישט צוליב פוסטער רחמנות אויפן געטרודפטן ייִדן, זענען זיי פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז מיר זאָלן זיין גלייכבאַרעכטיקט מיט זיי און געפינען אַ וועג צוזאַמען צו לעבן. דאָס איז שייך די פאַרשיידנסטע לענדער פון דער וועלט און דאָס איז נוגע אויך ארץ־ישראל. עס איז אונדזער פעסטע איבערצייגונג, אַז עס זענען פאַראַן טיפע רעאַלע אינטערעסן ביי די אַראַבישע מאַסן, וואָס מוזן זיי ברענגען צו פאַרשטענדיקונג און דערנענטערונג מיט די ייִדישע מאַסן. יאָ, יענע אַראַבישע מאַסן, וואָס פאַרשטייען איצטער נישט זייערע אייגענע אינטערעסן, פונקט ווי עס זענען פאַראַן מיליאָנען ייִדן, וואָס פאַרשטייען נישט זייער אינטערעס בנוגע אונדזער פרייהייטס־באַוועגונג. ווייצמאַן וויסט צו זאָגן בנוגע ייִדן: מען דאַרף דערציִען אַ פאָלק, מען דאַרף דערציִען אַ מאַסע. אָבער ביי די אַראַבישע אָפּגעשטאַנענע מאַסן דאַרף אויפקומען פלוצלינג די דאָזיקע באַוועגונג, וועלכע זאָל פאַרשטיין איר אינטערעס, איר געמיינזאַמען אינטערעס מיט אונדז? מיר דאַרפן טון באַשטימטע אַרבעטן, וועלכע זאָלן אויף אַ לעבעדיקן ביישפּיל באַווייזן נישט נאָר די מעגלעכקייט, נאָר אויך די אומפאַרמיידלעכקייט פון דער דאָזיקער געמיינזאַמער ייִדיש־אַראַבישער אַרבעט.

אָבער אויף דעם דאָזיקן וועג טרעפן מיר זיך מיט דעם אינערלעכן שונא אונדזערן. היינט האָט מען גערעדט וועגן דעם אויסערלעכן שונא און אַז מיר דאַרפן דורכפירן ביי זיך גופא אַ „שביתת נשק פנימית". דער דאָזיקער בורגפרידן קען נישט זיין און וועט נישט זיין! הערט זיך איין אין די טענער פון רעכטס. עס רייסן זיך דורך זייערע ווערטער די טענער פון דרויסן, פון די וועלכע זענען מחוץ למחנה, מחוץ למחנה אין דער ייִדישער וועלט.

וואָס שייך דעם רעוויזיאָניזם, וועלן מיר באַקעמפן די פּאָליטיק, וועלכע האַלט כסדר אָן אויסגעשטרעקטע האַנט צו אים מיט שלום־פאָרשלאָגן. היינט איז מען דאָ אַרויסגעטרעטן קעגן „הבלגה". גראָד פון אָט דער טריבונע זאָל אויפן שאַרפסטן אופן פאַרורטיילט ווערן יענע פּאָליטיק, וואָס זוכט אויפצוהעצן איין פאָלק קעגן צווייטן. אין היטלער־דייטשלאַנד ווערן באַגאַנגען לגבי אונדז די שענדלעכסטע גרוילטאַטן, וואָס האָבן נישט זייער גלייכן אין דער געשיכטע, און דאָך נעמען מיר עס נישט אויף, ווי אַ מלחמה צווישן דייטשן פאָלק קעגן ייִדישן, נאָר ווי אַ קאַמף פונעם רעגירנדיקן דייטשלאַנד קעגן אונדז.

מיר וועלן זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן צו אַ קריג מיט די אַראַבער. מיר טרעטן נישט אויף קעגן אַראַבישן פאָלק, אָבער מיר האָבן באַקעמפט און וועלן ווייטער באַקעמפן דעם מופתי און זיינע כנופיות. פונקט אַזוי וועלן מיר — און אין דעם פּרט בין איך זיכער, אַז איך רעד נישט נאָר אין נאָמען פון מיין פראַקציע, נאָר אין נאָמען פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל — אויפן שאַרפסטן אופן באַקעמפן אויך די ייִדישע כנופיות.

„ניַיוועלט", תל־אביב, 25טער אויגוסט 1939.

(סוף פונעם ערשטן באַנד)

# זוכצעטל פון נעמען

# מקורים:


**אונדזער אַרבעטער צייטונג,**

וואַרשע, 28 .V .1920;

**אונדזער וואָרט,**

בוענאָס־איירעס, 31 .V .1954;

**אונדזער פּלאַטפאָרם,**

פון בער באָראָכאָוו;

**אַרבעטער־צייטונג,**

וואַרשע, 3. I. 1919; 16. I. 1919; 4. VII. 1919; 15. VII. 1919; 4. XI. 1919; 9. III. 1928; 28. III. 1928; 16. VIII. 1929; 30. VIII. 1929; 9. V. 1930; 23. V. 1930; 24. X. 1930; 3. XI. 1933; 8. XI. 1933; 25. VI. 1937; 9. VII. 1937; 16. VII. 1937; 19. XI. 1937; 11. XI. 1938; 19. V. 1939.

**אַרכיוו פון ייִדישן סאָציאַליסט,**

רעד. ל. כאַזאַנאָוויטש, בערלין, 1921;

**די ארץ־ישראל אַרבעט,**

דין וחשבון פון דער א״י־אַרבעטער־קאָמיסיע, פונעם אַלוועלטלעכן ייד. סאָצ. אַרב.־פאַרבאַנד „פועלי־ציון״, תל־אביב־יפו, תר״פ;

**פון באַלפור ביז סעמיועל,**

בראָשור, פאַרלאַג „אַרבעטער־היים״, וואַרשע, 1921;

**„בונד״, „רויטע״, און די „פּאַלעסטינער געשעענישן״,**

בראָשור, פאַרלאַג „נייע קולטור״ וואַרשע, סעפּטעמבער 1929;

**די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע,**

בראָשור, פאַרלאַג אַרבעטער־צייטונג״, וואַרשע, 1933.

**די בלוטיקע לערע פון די פּאַלעסטינער געשעענישן,**

בראָשור, פאַרלאַג „נייע קולטור״ וואַרשע, סעפּטעמבער 1929;

**בשעה זו** (אין דער דאָזיקער שעה),

זאַמלהעפט, תל־אביב, יולי 1930;

**די געשעענישן פון אָקטאָבער 1933,**

אויסגאַבע פון צ. ק. פועלי־ציון, תל־אביב, 1933;

**דרך הפועל,**

תל־אביב, 26. VIII. 1938.

**ייִדישע אַרבעטער־כראָניק** (רוסיש),

אָרגאַן פון פועלי־ציון, פּאָלטאַווע, 23. VI. 1906.

**יידישע אַרבעטער־כראָניק,**

אָרגאַן פון דער י.ס.ד.אַ.פּ. „פּועלי־ציון״ אין רוסלאַנד, פּעטראָגראַד, 25. XI. 1917, 27. II. 1918;

**יידישע שטימע**

קאָוונע, 27. XI. 1923.

**מסלוללנו** (אונדזער וועג),

אויסגאַבע פון פּועלי־ציון אין א״י תל־אביב, 26. IX. 1928.

**נייוועלט,**

תל־אביב, 3. I. 1936; 16. VII. 1937; 13. VIII. 1937; 15. X. 1937; 14. X. 1938; 9. X. 1938; 17. III. 1939; 5. V. 1939; 2. VI. 1939; 30. VI. 1939; 25. VIII 1939; 14. V. 1954;

**נייע אַרבעטער־וועלט,**

וואַרשע, 28. V. 1925.

**נייע וועלט,**

וואַרשע, 25. II. 1921.

**נייע צייטונג,**

וואַרשע, 4. III. 1921.

**על המשמר** (אויף דער וואַך),

תל־אביב, 10. IX. 1929.

**עניני־הפועל** (אַרבעטער־ענינים),

אויסגאַבע פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין א״י, אדר א׳ — תרפ״ד — 1924.

**פרייטיק,**

וואַרשע, 4. VIII. 1922.

**פרייע יוגנט,**

וואַרשע, נאָוועמבער 1930.

**אין קאַמף,**

תל־אביב, 9. X. 1929.

**דער קאַמף,**

פּאַריז, אויגוסט־סעפּטעמבער, 1929.

**רויטבוך,**

מעמאָראַנדום פון „אַנטיפּאַ״ אין א״י, פּאַרלאַג „האַמער״, לאָדזש, 1936.

